# א. ש. זאַקס: קעמפּער פאַר פאָלקס־אויפלעבונג

פון

## דר. הערמאַן פראַנק

(מיט 15 בילדער)



פאַרוואַלטונג פון א. ש. זאַקס געזעלשאַפט און מחבר פון בוך (מאַי, 1945)

אויבערשטע ריי (פון רעכטס צו לינקס): ב. סטאַדאָלסקי, ח. נאָוויק, י. אַלמאַן, ש. שטילער, ל. ראַבינס, ש. האָפמאַן, ע. נקדימון, ב. מארקוס;
אונטערשטע ריי: ר. בערנשטייך, פרוי סודאַרסקי, דר. ה. פראַנק, דר. וו. קיסין זאַקס, דר. מ. סודאַרסקי, דר. מ. טשעיסין.

דר. הערמאַן פראַנק

# אַ. ש. זאַקס:
# קעמפער פאַר פאָלקס-אויפלעבונג



א. ש. זאַקס געזעלשאַפט

ניו־יאָרק

1945

# אינהאַלט

# פון מחבר

דער הויפט־אידעאַל, אַרום וועלכן עס האָט זיך געדרייט די גייסטיקע וועלט פון א. ש. זאַקס, איז געווען דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און גייס־טיקער רענעסאַנס פון יידישן פאָלק. און דער ריכטיקער וועג צו אַזאַ ציל איז אין זיינע אויגן, ניט פאַרטיי־פּאָליטישע קאָמבינאַציעס און מאַכינאַציעס, נאָר וויסנשאַפטלעכע אויפקלערונג, סיסטעמאַטישע בילדונג פאַר די פאָלקס־מאַסן. גוטע דריי צענדליק יאָר כסדר איז ער געווען אַ פלייסיקער לעקטאָר, געשולט סיי אין נאַטור־וויסנשאַפט (אַגראָנאָמיע), סיי אין סאָציאַלער וויסנ־שאַפט, אַ באַגאַבטער שריפטשטעלער, זשורנאַליסט און לערער — מיט איין וואָרט: קולטור־טרעגער אין ברייטסטן זין פון דעם וואָרט. ער האָט גערעדט און געשריבן פאַר מענטשן וואָס יידיש איז ביי זיי דער איינציק־צוגענגלעכער מיטל פון אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג און גייסטיקער פאַר־פולקאָמונג. במילא האָט ער צוגעטראָגן אַ וויכטיקן צושטייער צום נייעסטן צווייג פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור — די וויסנשאַפטלעכע שאַפונג אין דער יידישער שפּראַך.

אין אַ געוויסן זינען, איז ער געווען אַ מאָדערנער גלגול פון טראַדיציאָ־נעלן יידישן בן־תורה. ער האָט דעם אַלט־אידישן, אַלט־היימישן גייסט פון תורה, פון לערנען זיך און לערנען אַנדערע, אָנגעטאָן אין אַ מאָדערנעם לבוש, וועלכן ער האָט אָנגערופן „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם". אפילו די וואָס קענען ניט טיילן זיינע אידייען מכוח די אייביק־אומפאַרענדערלעכע יסודות פון מאַרקסיזם, פון פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם, וועלן אָבער ניט אויפ־הערן צו באַוואונדערן זיין יראת־הכבוד לגבי דעם מאַרקסיסטישן וועלט־און לעבנס־באַנעם. די דאָזיקע אידעאָלאָגיע ווערט אויסגעדריקט אין אומ־צייליקע לעקציעס און אַרטיקלען און אין אַ צאָל ביכער זיינע, וואָס ווערן אין אָט דער ביאָגראַפיע אויספירלעך באַהאַנדלט. און לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז דווקא די דאָזיקע געדאַנקען־וועלט, פאַרקערפּערט אין „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם", האָט באַהערשט גרויסע טיילן פון דער אינטעליגענציע אין דעם נאָענטן עבר, אין אייראָפּע און אַמעריקע, און פאַרדינט נאָך עד־היום אַ מער ווי בלויז היסטאָרישן אינטערעס.

דאָס בוך האָט אין פּראָצעס פון זיין צוגרייטונג ווייט איבערגעכאַפּט די אָריגינעל־געפּלאַנטע צאָל זייטן. צו מאַכן אים נאָך לענגער דורך אַ פולער

ביבליאָגראַפישער רשימה אָדער הוספה מכוח די געדרוקטע ווערק, אַרטיקלען און ביכער פון א. ש. זאַקס איז לידער גענוען אוממעגלעך. אָבער אין דעם בוך „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון זיינע תלמידים און פאַרערער, אין שייכות מיט זיין 50־יאָריקן יובילײ, און איז דערשינען מיט אַ קנאַפּן יאָר פאַר זיין פלוצלונגן טויט, איז אָפּגע־דרוקט אַ פולע רשימה פון זאַקסעס שריפטן, צונויפגעשטעלט פון משה שטאַרקמאַן.

אַ צאָל טיפּאָגראַפיש־טעכנישע שוועריקייטן האָבן צום באַדויערן גורם געווען קלײנע אָפּווייכונגען פון די גאַנגבאַרע פאָרמען אין די מאָדערנע וויסנשאַפטלעכע פובליקאַציעס. אַזוי, צום ביישפּיל, זיינען די נעמען פון די מערסטע פּרעמדשפּראַכיקע ווערק, אויף וועלכע עס קומט אויס זיך צו פאַררופן, אויסגעלייגט אין אַ יידישער טראַנסקריפּציע. ווידער, האָבן אַ פּאָר בריוו צו א. ש. זאַקס, געשריבן אין רוסיש, געמוזט געדרוקט ווערן אין אַ יידישער איבערזעצונג. אויך איז ניט שטענדיק אָפּגעהיט געוואָרן דער אָריגינעלער יידישער אויסלייג ביים איבערדרוקן בריוו, ציטונגס־אַרטיקלען, ביכער־ציטאַטן א. אַז. וו. מיט זייער אַלטן און אומאייגהייטלעכן אויסלייג. מיר האָבן זיך באַמיט דורכצופירן אין בוך אַן איינהייטלעכע אָרטאָגראַפיע, אין איינקלאַנג מיט אַ מער אָדער ווייניקער מאָדערניזירטן אויסלייג, ווי ער איז שוין אָנגענומען געוואָרן אין כמעט אַלע פּראָגרעסיווע קולטור־קרייזן פון דער יידישער אַמעריקע.

אַ היפּשער טייל פון וויכטיקן אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל מכח דער צייט און סביבה פון א. ש. זאַקס איז אַריינגעאַרבעט געוואָרן אין די הערות צו די מערסטע קאַפּיטלען. און פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון לייענער זיינען די הערות ניט געדרוקט העט־ווייט צום שלוס פון גאַנצן בוך, נאָר גלייך נאָך יעדן קאַפּיטל צו וועלכן זיי געהערן.

ה. פּ.

ניו־יאָרק, יוני, 1945

# אַ וואָרט פון דער א. ש. זאַקס געזעלשאַפט

דאָס איז שוין דאָס דריטע בוך וואָס מיר גיבן אַרויס. דערמיט האָבן מיר דערגרייכט אונדזער ציל און דערפילט דעם וואונטש פון אלע איבער־געבליבענע תלמידים און פריינט פון א. ש. זאַקסן, אז די געשיכטע פון זיין לעבן און קאַמף פאַר אַ בעסערער עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק און פאַר אַ שענערער וועלט זאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

אין דער איצטיקער צייט, ווען דאָס יידיש לעבן אין אייראָפּע איז חרוב ביזן גרונט און די נייע סאָציאַלע אָרדענונג דאַרף ערשט געבויט ווערן, איז וויכטיק צו געדענקען די אינהאַלטרייכע געדאַנקען וועלכע א. ש. זאַקס האָט אונדז געלערנט.

אין זיינע לעקציעס און ארטיקלען האָט ער ביי יעדער געלעגנהייט באַטאָנט, אז אויך יידן דאַרפן לעבן אלס א פאָלק ווי אלע פעלקער — א פאָלק מיט אַן אייגענער קולטור, זעלבסט־פאַרוואַלטונג און זיכערן אָרט אויף דער ערד. און אָט די געדאַנקען־וועלט איז איצט נאָך אקטועלער ווי פריער.

ער האָט געגלויבט אין דעם אָנקומען פון בעסערע צייטן און אז די גערעכטע פאָדערונגען פון די פאָלקסמאַסן וועלן סוף־כל־סוף אויסגעקעמפט ווערן. און מיט זיין גלויבן האָט ער שטאַרק באַאיינפלוסט זיינע צוהערער און לייענער, זיי דערמוטיקנדיק צום קאַמף פאַר א גערעכטער וועלט.

אָט דאָס בוך גיט א בילד פון יידישן לעבן און קאַמף אין זיין צייט; אַ קאַמף וואָס ווערט נאָך איצט פאָרטגעזעצט. עס שטאַרקט אין אונדז דעם גלויבן אין זיין לערע און זיינע אידעאַלן. עס העלפט אונדז זיך פאַנאַנדער־צוקלייבן אין די סאָציאַלע פּראָבלעמען וואָס מוזן נאָך פאַרענטפערט ווערן. זאָל די אויספירלעכע לעבנס־געשיכטע פון אונדזער באַליבטן לערער און וועגווייזער אונדז דינען ווי דאָס לעבעדיק וואָרט זיינס, וואָס האָט אונדז שטענדיק געוואַרימט און דערהויבן.

אַ גרויסער דאנק פאַר דער אָנשטרענגונג אַרויסצוגעבן דאָס בוך קומט ד״ר. ווערא ס. קיסין זאַקס, א. ש. זאַקסעס אלמנה. זי האָט מיט אלע אירע מעגלעכקייטן און קרעפטן געזאָרגט און געווירקט, אז דאָס בוך זאָל זיין וואָס בעסער און שענער. מיט דער אינערלעכסטער פריינדשאַפט ווערט דאָס בוך איר געווידמעט.

די א. ש. זאַקס געזעלשאַפט דריקט אויס איר דאַנק ד"ר. הערמאַן פראַנק, דעם מחבר פון בוך, וואָס האָט אַריינגעלייגט אַן א שיעור אַרבעט אין דעם ווערק, כדי די א. ש. זאַקס ביאָגראַפיע זאָל זיין אין יעדן פּרט פול, גרינדלעך און פּינקטלעך.

מיר באַדאַנקען אויך ב. צ. גאָלדבערגן פאַר זיין פריינדלעכער באַציאונג צו אונדזערע אונטערנעמונגען און פאַר זיין פאַכמענישער הילף אַלס זשורנאַליסט און קאָלעגע פון א. ש. זאַקס. ער איז פאַרבונדן מיט אונדזער געזעלשאַפט זייט איר גרינדונג און האָט אַלעמאָל אונדז געהאָלפן ביים אַרויסגעבן די א. ש. זאַקס ביכער. מיר זיינען אים זייער דאַנקבאַר דערפאַר. אויך דאַנקען מיר יואל ענטינען, דעם לאַנגיאָריקן פריינד פון א. ש. זאַקס, פאַר זיין מיטהילף ביים אַרויסגעבן דעם דאָזיקן בוך.

**א. ש. זאַקס געזעלשאַפט**

ב. מאַרקוס, פאָרזיצער

**ניו יאָרק, מאַי, 1945.**

# פאָרוואָרט

איך האָב א. ש. זאַקסן געקענט אַ צאָל יאָרן. אונדז איז אויסגעקומען צו אַרבעטן נאָענט צוזאַמען, און אין איין ליניע, אין אַ היפּש ביסל קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע קאָמיטעטן. אונדז האָט אויך פאַרבונדן אַן אידייאישע קרובהשאַפט: אַ פּראָגרעסיווער צוגאַנג צו וועלט־פּראָגן און אַ פאָלקסטימלעך־נאַציאָנאַליסטישע שטעלונג צו יידישע ענינים. באַזונדערס, האָט אונדז פאַרפאָלגט איין גורל — דער גורל פון שטיין אַליין, אָן אַ פּאַרטיי אָדער באַוועגונג הינטער זיך, דער גורל פון דינען דעם פאָלק, גיין מיטן פאָלק, אָבער שטיין אַליין ווען די קוילן פאַלן...

אין יאָר 1929, קורץ נאָך דעם ווי זאַקס איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר, איז פאָרגעקומען אָט אַזאַ שווערער מאָמענט פון שטיין אַליין אין זאַקסעס לעבן.

ער האָט זיך דעמאָלט אויסגעלעבט אין צוויי וועלטן: אין צייטונג „דער טאָג" און אין יידישן לערער־סעמינאַר. אין „טאָג" איז ער צוריק אַריינגעקומען אין 1927 — ער איז דאָרט געווען אַ מיטאַרבעטער די ערשטע פינף יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דער צייטונג — נאָך מיינעם אַ לאַנגן „כלאַפּאָטשען" ביי די אַרויסגעבער. יאָרן נאָכאַנאַנד פריער האָט ער ניט געהאַט וואו צו שרייבן, כאָטש ער איז געווען דער פאָרזיצער פון י. ל. פּרץ פאַראיין. אין יידישן לערער־סעמינאַר איז ער געווען פון די סאַמע ערשטע לערער. אָבער ביי דער ערשטער אויסברייטונג פון יידישן לערער־סעמינאַר, ווען פּנחס גינגאָלד איז געוואָרן סעקרעטאַר און איך — דער דירעקטאָר, איז זאַקסעס ראָלע באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט געוואָרן. און הגם זאַקס איז געווען ניט מער ווי איין לערער צווישן אַנדערע, האָבן זיך אַ סך פון די סטודענטן געטוליעט דווקא צו אים, געוואָרן פערזענלעך אינטימער מיט אים ווי מיט וועמען עס איז אַנדערש פון די לערער און פירער פון סעמינאַר.

אויס ליבשאַפט און איבערגעבנקייט צו זייער לערער זאַקס האָבן די תלמידים באַשלאָסן צו פייערן זיין פאַרשפּעטיקטן פופציק־יאָריקן געבורטסטאָג מיט אַן אָוונט, אַ באַנקעט אין סעמינאַר. און אָט דער

אונטן איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער וואַרעמקייט, אויפריכטיקייט און האַרציקייט. דערצו איז אין יענער צייט פאָרגעקומען אַ זייער פיינלעכע און באַלײדיקנדיקע פּאַסירונג פאַר א. ש. זאַקסן אין שייכות מיט זיין זשורנאַליסטישער טעטיקייט, פון איין זייט, און מיט זיין אַרבעט אין לערער־סעמינאַר, פון דער צווייטער זייט; אַ פּאַסירונג וואָס ווערט באַשריבן אין קאַפּיטל 15 פון אַט דער ביאָגראַפיע, און וואָס האָט א. ש. זאַקסן זייער ווי געטאָן. און אַט די זעלטן־וואַרעמע באַציאונג מצד די טיף דאַנקבאַרע און געטרייע תלמידים און די חברים זיינע צווישן די לערער אין סעמינאַר האָט זאַקסן זייער דערמוטיקט און זיין שטימונג אויפגעהויבן. אויפן אָוונט איז אויך געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ וויסנשאַפטלעכן זאַמלבוך לכבוד זיין יובילײ. אַזאַ זאַמלבוך, אונטערן נאָמען „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט" איז דערשינען אונטער מיין רעדאַקציע אין יאָר 1930.

די פיירונג פון יובילײ און די אויסגאַבע פון בוך זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון אַ גרופּע תלמידים פון א. ש. זאַקס, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן, „א. ש. זאַקס יובילײ קאָמיטעט". דאָ האָט זיך צום ערשטן מאָל אַרויסגעוויזן בפועל ממש די איבערגעגעבנקייט פון זאַקסעס תלמידים צו זייער לערער. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אַז תלמידים אין אַ יידישן קולטור־אַנשטאַלט זאָלן דורכפירן אַ יובילײ פאַר זייער לערער און אויך דאָס ערשטע מאָל וואָס אַ שרייבערס יובילײ זאָל געפייערט ווערן מיט אַ זאַמלונג פון וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

אין זוויניקער ווי אַ יאָר אַרום איז א. ש. זאַקס פּלוצים געשטאָרבן. ער איז געווען אַליין. זיין פרוי, אַ דענטיסטין, איז גראָד דעמאָלט געווען אין אייראָפּע אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן דענטיסטישן קאָנגרעס. האָבן זיך דער סעמינאַר און די זעלבע תלמידים (פון וועלכע עס זיינען אינצווישן געוואָרן גוטע לערער אין די יידישע פאָלקס־שולן) מתעסק געווען ביי דער לוויה, און קורץ נאָכדעם האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין דער „א. ש. זאַקס געזעלשאַפט". די דאָזיקע געזעלשאַפט איז צוערשט באַשטאַנען פון וואָסערע 20־30 מענטשן. זיי האָבן אָבער פאַרברייטערט זייער קרייז און אַ צייט שפּעטער האָבן זיי אַרום זיך געהאַט אַן עולם פון אַ דריי הונדערט מענטשן, ווינציקסטנס אויפן צעטל.

די „א. ש. זאַקס געזעלשאַפט" האָט דורכגעפירט אַ צאָל א. ש. זאַקס יאָרצייט אָוונטן. זי האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון זאַקסעס אַרטיקלען אונטערן נאָמען „אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט". און לעצטנס האָט זי געפּלאַנעוועט און געשאַפן די מיטלען אַרויסצוגעבן די דאָזיקע ביאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס.

ווי איינער וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו אָט די גוטע, וואוילע מענטשן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן זייער געטריישאַפט צו זייער לערער די גאַנצע דרייצן יאָר זייט זיין טויט — און וואָסערע יאָרן די דאָזיקע זיינען געווען! — וואָס ווייס ווי שווער עס איז אָנגעקומען דורכצופירן די זאַכן וואָס זיי האָבן דורכגעפירט, וויל איך זיי דאָ באַדאַנקען אין נאָמען פון מיין טויטן גוטן פריינד, וואָס וואָלט געווען זייער גליקלעך פון אָט דער ליבשאַפט און אָנער־קענונג וואָס ער וואָלט פון דעם געקענט וויסן. עס קומט זיי אויך אַ דאַנק פון דער יידישער קולטור־וועלט פאַר דעם גרויסן קולטורעלן ביטראָג, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט די אויפטוען זייערע.

און גאָר אַ באַזונדערע אָנערקענונג דאַרף איך דאָ אויסדריקן צו דער אלמנה פון א. ש. זאַקס, דר. ווערא קיסין זאַקס, וואָס איז אַליין איינע פון די זעלטענע פערזענלעכקייטן אויף אונדזער יידישער גאַס. קומענדיק פון אַן אַסימילירט יידיש הויז אין אַריאַל, ווייט פון דער יידישער געגנט און אַליין קענענדיק וויניק יידיש, האָט זי פאָרט זיך גייסטיק אַזוי איינגעלעבט אין דער וועלט פון איר מאַן, אַז זיי זיינען געווען איינס ביים לעבן און געבליבן איינס נאָך זיין אַוועקגיין. זי האָט די אַלע יאָרן געטאָן אַלץ וואָס זי האָט געקענט צו העלפן אין די טעטיקייטן פון דער „א. ש. זאַקס געזעל־שאַפט".

דער פּלאַן פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע איז אויסגעאַרבעט געוואָרן צוזאַמען פון דר. הערמאַן פראַנק, דר. ווערא קיסין זאַקס און מיר. די גאַנצע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון מחבר, דר. הערמאַן פראַנק, און הגם איך האָב געזאָלט פונקציאָנירן אַלס רעדאַקטאָר פון דעם בוך, האָב איך זיך אָבער ניט אַריינגעמישט ניט אין דער זאַמלונג פון מאַטעריאַל, ניט אין דער אויסטייטשונג צוליב דער דאָזיקער אורזאַך:

די פאַרשטענדיקונג צווישן דר. פראַנק און מיר איז געווען, אַז די ביאָגראַפיע זאָל זיין ניט אַ פּערזענלעכע נאָר אַ סאָציאַלע; דאָס הייסט, אַז די לעבנס־געשיכטע פון א. ש. זאַקסן דאַרף אַריינגעשטעלט ווערן אין ראַם פון דער סאָציאַלער סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט און געווירקט, און אַז דורך דעם וועט דאָס דאָזיקע ווערק זיין ניט נאָר אַ ביאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס, נאָר אויך אַ באַדייטנדיק שטיק קולטור־געשיכטע פון דער יידישער אַמעריקע. אין אַזאַ ווערק דאַרף מען אַזאַ שריפטשטעלער און סאָציאָלאָג ווי דר. הערמאַן פראַנק נאַטירלעך געבן פולע פרייהייט און פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ווי איינער וואָס האָט געלעבט און געאַרבעט מיט א. ש. זאַקסן צוזאַמען אין איין צייט און ריכטונג, האָב איך דורכגעליינט דעם פאַרטיקן מאַנוס־קריפּט צו זען, צי דער מחבר האָט עפּעס וויכטיקעס פאַרזען, אויסגעלאָזט

אָדער איז אַריינגעפאַלן אין אַ טעות, בויענדיק אויף די דאָקומענטן און גערייד מיט מענטשן. איך קאָן זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק גיט נישט נאָר אַ פולשטענדיקן בילד פון א. ש. זאַקסעס אינערלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר אויך אַ היפּשע באַלויכטונג פון דער סביבה און אומשטענדן אונטער וועלכע ער האָט געלעבט און געווירקט. ווייניק מענטשן אויף אונדזער יידישער גאַס האָבן געהאַט די זכיה צו אַזאַ ביאָגראַפיע נאָך זייער טויט. און דאָס אַליין איז אַ מאָס פון דעם מענטשן א. ש. זאַקס. איך זאָג „מענטשן" און רעכן נישט אויס די אַנדערע עפּיטעטן, ווייל דאָ איז געלעגן זיין זעלטענע גרויסקייט, דאָ זיין כוח צו האָבן תלמידים, וואָס זאָלן אים אַזוי לאַנג געדענקען און אַכטן.

ב. צ. גאָלדבערג

ניו־יאָרק, דעצעמבער, 1944.

# I

# קינדהייט און יוגנט אין זאמוט

## א

אין די זומפּיקע און וואַלדיקע געגנטן אַרום דעם מזרח־דרומדיקן ברעג פון באַלטישן ים, האָט זינט די אורצייטן געלעבט אַ זייער אַלטער און קריג־ערישער פאָלק — די ליטווינער. לויט זייער אָפּשטאַם און שפּראַך נאָך זיינען זיי אַ צווייג פון דער גרויסער אינדאָ־איראָפּעאישער פעלקער־פאַמיליע. דעם דאָזיקן אַלטן יחוס היטן די ליטווינער אייפריק אָפּ ביז איצט. צווישן די אינדאָ־איראָפּעאישע שפּראַכן, וואָס האָבן אַלע, ווי באַ־וואוסט, א ווייטע קרובהשאַפט מיטן אינדישן סאַנסקריט לשון, האָט דווקא ליטוויש אַמשטאַרקסטן אָפּגעהיט די שפּורן פון דעם ווייטן אורשפּרונג, סיי אין די קלאַנג־פאָרמען, סיי אין דעם ווערטער־בוי.

שוין אין די אורצייטן האָבן זיך די ליטווינער איינגעטיילט אין צוויי שבטים. איינער האָט פאַרנומען די נידעריקערע געגנטן פון גרויסן האַלב־ווייסטן קאנט. זיי האָבן זיך גערופן „זיעמאַיטוס״ און זייער לאַנד „זיעמאַי־טיאַ״ (וואָס באַדייט אין ליטוויש „נידעריק לאַנד״) אין קעגנזאַץ צום שבט וואָס האָט פאַרנומען דעם „אוקשטאַטיאַ״, דאָס הייסט דעם העכערן טייל פון לאַנד. דער טייך, ניעוויאַזש, וואָס ציט זיך פון צפון צום דרום און פאַלט אריין אין ניעמאַן אונטער קאָוונע, איז געוואָרן דער גרענעץ צווישן אָט די צוויי גרויסע שבטים. אויף זיין לינקן נידעריקערן ברעג האָבן זיך באַזעצט די „זיעמאַיטיס״, אָדער (אין דער דייטש־פּוילישער אויסשפּראַך־פאָרם) די „זשמוטער״, און אויף דעם רעכטן ברעג, אויפן שטח וואָס ציט זיך צו מזרח ביז ווילנע און צו דרום ביז קאָוונע — די ליטווינער גופא. די גאַנצע געגנט וואו דער ערשטער פון די דאָזיקע שבטים האָט יאָר־הונדערטן־לאַנג געלעבט האָט באַקומען דעם נאָמען זשאמוט (זאַמוט) אָדער (אין רוסיש) „זשמוד״.

דער דאָזיקער שבט פון ליטווישן פאָלק אונטערשיידט זיך פון דעם ליטווישן הויפּט־שטאַם סאַי אין זיין שפּראַך־דיאַלעקט סאַי אין די מנהגים און פאָלקס־פירונגען. די זשאַמוטער, געפינענדיק זיך געאָגראַפיש ווייטער פון די שכנותדיקע פרעמדע פעלקער, האָבן דעם קריסטלעכן גלויבן און

די מערב־אייראָפּעאישע ציווילזאַציע אנגענומען שפּעטער ווי די אַנדערע פאָלקס־ברידער זייערע. זיי האָבן זיך לענגער געראַנגלט קעגן דעם פרעמדן איינפלוס און האָבן אָפּגעהיט די אייגענע שפּראַך און דעם פאָלקס־כאַראַקטער אין אַ ריינערער פאָרם ווי אַלע אַנדערע טיילן פון ליטווישן פאָלק. די אַנדערע שבטים פון אָט דער אַלטער פעלקער־גרופּע האָבן געהאַט שטענדיקע באַרירונגען מיט די אַרומיקע גרעסערע פעלקער, ווי די רוסן, פּאָליאַקן און דייטשן. פון זיי האָבן אָט די ליטווישע שבטים איבערגענומען פילע פרעמדע עלעמענטן אין דער שפּראַך און אין די מנהגים.[1]

אַנדערש איז אָבער געווען די לאַגע פון די זשאַמוטער. אָפּגעשלאָסן, אָפּגעצאַמט און כמעט פאַרבאַהאַלטן אין זייערע אוראַלטע וועלדער און אין צעוואָרפענע ישובים אַרום די גרויסע אָזיערעס און ביי די ברעגעס פון אומצייליקע טייכן און טייכלעך, האָבן די זשאַמוטער הונדערטער יאָר כסדר געלעבט כמעט ווי אַ מין זעלבסטשטענדיק פאָלק אין אַן אייגענעם לאַנד, מיט אַ פירשט און מיליטער פאַר זיך. לאַנג נאָך דעם, ווי אַרום זיי האָט זיך שוין געשפּירט דער איינפלוס פון קריסטנטום און פון דער רוימישער ציוויליזאַציע, האָבן זיי, די זשאַמוטער, נאָך אַלץ זיך האַרטנעקיק געהאַלטן ביים היידנטום, ד. ה. ביי דער נאַטור־רעליגיע פון זייערע פּרימיטיווע עלטער־עלטערזיידעס. ערשט אין 16טן י״ה האָט די רוימיש־קאַטוילישע קירך, מיט דער הילף פון די יעזואיטן, זיך ענדלעך איינגעוואָרצלט אויך צווישן דעם דאָזיקן עקשנות׳דיק־קאָנסערוואַטיוון און גע־היימניספול־אייגנאַרטיקן ליטווישן שטאַם — די זשאַמוטער.

הונדערטער יאָר אָן אויפהער האָט אָבער דער דאָזיקער מערקווירדיקער שטאַם געפירט בלוטיקע מלחמות — מיט די אייגענע ברידער, די ליטווינער, און נאָך מער מיט די טויטאָנישע אָנגרייפער וואָס האָבן זיך לאַנג געריסן פון די דייטשע לענדער צו קאָלאָניזירן אַלע לענדער אַרום באַלטישן ים. דאָס זיינען געווען די קרייצציגלער און ריטער פון דעם ליוואָנישן אָרדן, וואָס האָבן שליסלעך פאַרכאַפּט פון די סלאַווישע און באַלטישע שבטים און באַזעצט מזרח־פּריסן. זייער פּאַטעטיש און טרעפלעך האָט אָט דעם לאַנגן און בלוטיקן היסטאָרישן סכסוך איבערגעגעבן אין פיר פּאַעטישע שורות אברהם ליעסין אין זיין שטימונג־ליד „צווישן די שנייען״ אָט אַזוי:[1]

> פאַקט זיין שפּיז, זיין טייטשישן, גזלנישן,
> דער מאָנאַך פון אָרדן פון ליוואָנישן.
>
> פאַקט זיין בולאַווע דער פויער ליטוויש־ביטער
> קעגן קרייץ פון קנעכטשאַפט און די קלויסטער־ריטער.

שפּעטער, אין 16טן יאָרהונדערט, האָבן די ליטווישע גרויס־פירשטן איינגעשלונגען זשאַמוט, און נאָך דער פּאָליטישער פאַראייניקונג פון ליטע מיט פּוילן (אין 1569) איז זשאַמוט געוואָרן איינע פון די נאָרדלעכסטע און אָפּגעלעגנסטע פּראָווינצן פון דער גרויס־פּוילישער מלוכה, וואו די רייכע פּריצים און די קירך האָבן רויבעריש און דעספּאָטיש געהערשט איבער די אונטערדריקטע פינסטערע פּויערים־מאַסן.[*]

די שטאָט שאַוול איז דער געאָגראַפישער צענטער פון זשאַמוט — פון אַמאָל דער טשיקאַווער, אייגנאַרטיקער פּראָווינץ פון פּאַרצייטיקן ליטוויש־פּוילישן שטאַט. זשאַמוט האָט זיך געצויגן, אויף אַ שטח פון הונדערטער קוואַדראַט־מייל אין די גרעניצן פון דריי קרייזן (אויעזדן) פון דער שפּע־טערדיקער קאָוונער גובערניע (שאַוול, טעלש און ראַסייני). אין די לעצטע 600 יאָר איז דער שאַוולער קרייז געווען די אַרענע פון אַ סך בלוטיקע פעלקער־צוזאַמענשטויסן און מלחמה־צעשטערונגען. 200־300 יאָר נאָכאַנאַנד פלעגן זיך דאָרט שלאָגן די לאָקאַלע איינוואוינער, די ליטווינער און פּאָ־ליאַקן, מיט די דייטשע אכזריותדיקע ריטער־אָרדענס, וואָס האָבן לייכט איינגענומען די שכנותדיקע פּראָווינצן, קורלאַנד און ליפלאַנד. די דייטשן פלעגן לייזן מפּלות אין די שלאַכטן מיט די ליטווינער. שפּעטער, אין 17טן און 18טן י״הן, איז זשאַמוט ווידער געוואָרן אַ קריגס־טעאַטער אין די מלחמות, וואָס פּוילן פלעגט פירן מיט די רוסן און שוועדן. אין אָנפאַנג 19טן ה״י האָט נאַפּאָלעאָנס אַרמעי אַריינגעמאַרשירט אין זשאַמוט אויפן וועג קיין צענטראַל־רוסלאַנד, און אין 1831 און 1863 האָבן זיך דאָרט צעפלאַ־קערט די פּוילישע אויפשטאַנדן קעגן צאַריזם. ענדלעך, בעת דער וועלט־מלחמה פון 1914־1918, האָט גאַנץ ליטע געמוזט אויסשטיין אַ פיר־יאָריקע מיליטערישע אָקופּאַציע פון די דייטשן. דערפאַר האָט אָבער דער וועלט־קריג די ליטווינער געבראַכט די נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט און די פּאָלי־טישע זעלבסטשטענדיקייט. ערשט דער צווייטער וועלט־קריג פון 20טן יאָרהונדערט, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין סעפּטעמבער, 1939, האָט ווידער געפירט צו אַ פּאָליטישער איבערקערעניש אין יענעם שוין פיל אויסגע־שטאַנענעם ווינקל פון מזרח־אייראָפּע.

אַט אַזוי איז יענער שטילער, אָפּגעלעגענער טייל פון ליטע, אַ פּראָ־ווינץ וואָס איז איינגעהילט אין ראָמאַנטיש־געהיימניספולע אַלטע טראַדיציעס, לעגענדעס און פאָלקס־מנהגים, אין גרונט, שוין אפשר גאָרניט אַזוי איזאָלירט און אָפּגעריסן געווען פון דער אַרומיקער וועלט. די דאָזיקע פּראָווינץ האָט אין אַלע פּעריאָדן פון דער אייראָפּעאישער געשיכטע אין די לעצטע 700 יאָר דורכגעמאַכט שטורעמדיקע געשעהענישן; איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון אַ סך רעליגיעס, שפּראַכן, ציוויליזאַציעס און רעגירונגען. ניט

אומזיסט געפינט מען ביי די אויסגראָבונגען פון אלטע „קורגאנען”, די קברים־בערגלעך, ארום שאוול שפורן פון א סך היסטאָרישע עפּאָכעס, רעשטלעך און סימנים פון דעם לעבנשטייגער מיט הונדערטער יאָר צוריק.[3] אָבער נאָך טיפער האָבן מסתמא געווירקט אויף דער פסיכיק פון די איינוואוינער די עפּאָכע־מאכנדיקע פאסירונגען וואָס יענע געגנט, זשאמוט, האָט איבערגעלעבט אין משך פון דורות. די באפעלקערונג פון זשאמוט איז פיל מער ווי די איינוואוינער פון א סך אנדערע, מער אָנזעעוודיקע און רייכערע, פראָווינצן פון ליטע און פוילן, דערפאַרן און באהאוונט און אויך פאראינטערעסירט אין די פּאָליטישע און גייסטיקע וועלט־ענינים. א היפּשער טייל פון פאָלק האָט, אזוי צו זאָגן, אין זיך אנטוויקלט א חוש פאַר געשיכטע, און במילא געלעבט מיט גייסטיקע אינטערעסן און ניט בלויז מיט די טאָגטעגלעכע דאגות און וואָכעדיקע עסקים. באזונדערס שטארק האָט זיך אָט דער פסיכאָלאָגישער מצב געלאָזט באמערקן ביי די יידן פון זשאמוט, גאָר באזונדערס אין דער שאוולער געגנט, אין לויף פון דעם 19טן י״ה.

אין דער געשיכטע פון פויליש־ליטווישן יידנטום האָט די פראָווינץ זשאמוט (באקאנט אין יידישע געשיכטס־קוואל ווי „מדינת זאַמוט”) שטענדיק געשפּילט אן אייגנארטיקע ראָלע. זי האָט געהאַט א יידישן ישוב נאָך מיט איבער 400 יאָר צוריק. דאָרט האָבן זיך געקאָלאָניזירט יידן פון אנדערע ליטווישע פראָווינצן ווי בריסק און טראָקי. די הויפּט־פרנסות פון די רייכערע יידישע משפחות, ווי דער שטייגער אין יענער צייט, איז געווען צו נעמען אין פּאכט די מלוכה־שטייערן. אָבער מחמת דער געאָגראפישער לאגע פון זשאמוט, וואָס גרענעצט זיך מיט פּרייסן, האָבן די דאָרטיקע יידן באלד אָנגעפאנגען זיך צו פארנעמען אויך מיט אנדערע צווייגן פון מסחר, ווי צ. ב. דער עקספּאָרט פון געהילץ, תבואה און אנדערע רויע מאטעריאַלן קיין דייטשלאַנד. און פון דייטשלאנד פלעגן די זשאמוטער סוחרים ארייַנפירן קיין ליטע און פוילן גאָלדענע און זילבערנע זאכן, מאנופאקטור סחורות, ווײַנען א. אז. וו. שוין ארום 1650 זיינען אויפגעקומען די ערשטע זשאמוטער יידישע קהלות, ווי קיידאן און בירזשי. די גרעסטע יידישע קהלה איז געווען קיידאַן, דעמאָלט — א פאמיליע־גוט פון די גרויסע פּוילישע מאגנאטן, ראדזיוווילס. די רייכע פּוילישע פּריצים האָבן פון דאָרטיקן יידישן קבוץ געצויגן אן אומגעהייער גרויסן נוצן, און האָבן דעריבער געשטרעבט ארייַנציען קיין זשאמוט וואָס מער יידישע איינוואוינער. ארום 1750 קומען אויף א סך נייע יידישע קהלות, ווי פּאָלאנגען, וויזון, גאָרזד און א. ז. וו. אין די קומענדיקע 50־80 יאָר איז נאָך שנעלער ווי ווען פריער געגאנגען דער וואוקס פון דעם זשאמוטער יידישן קבוץ, און אין סוף 18טן י״ה געפינט מען שוין א סך פרישע קהלות, ווי פלונגיאַן, פּומפּיאַן, יאַנושקי, קעלם, פּאַזוואָל, זשאגער און אנדערע. איבער 15 טויזנט יידישע נפשות האָט מען געציילט

אין 1766 אין גאַנץ זשאַמוט. פאַר יענער צייט איז דאָס געווען ניט קיין גאַנץ קליינער ישוב.⁴

ווי אין גאַנץ ליטע האָבן אויך די זשאַמוטער יידן זיך שטענדיק באַצויגן מיט דער גרעסטער חשיבות צו תלמודישער לומדות, און גאַר גרויסע לומדים פלעגן פאַרנעמען די כסאי־הרבנות אין די עלטסטע און גרעסטע זשאַמוטער קהלות ווי קיידאַן, טעלש און אַנדערע. די טראַדיציאָנעלע יידישקייט איז דאָרט געווען טיף פאַרוואָרצלט דורות־לאַנג. פּאָליטישע און גייסטיקע דערשיטערונגען האָבן אָבער אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה אויפגעטרייסלט די רו און זיכערקייט פון דעם הונדערטיעריקן יידישן ישוב אין זשאַמוט. אַ טייל פון אָט דעם אַלטן קבוץ איז אָפּגעריסן געוואָרן פון דער פּויליש־ליטווישער מלוכה דורך רוסלאַנד אין יאָר 1772. די איבעריקע טיילן פון ליטע און זשאַמוט זיינען אריינגעפאַלן אונטער דער דעספּאָטישער רוסישער הערשאַפט ביי די צוויי ווייטערדיקע צעטיילונגען און ליקווידאַציע פון פּוילן, אין 1793 און 1795.

ב

די פּאָליטישע און גייסטיקע יסודות פון דעם קהלישן און יחידישן לעבן, וואָס זיינען געבליבן אומפאַרענדערט פילע דורות, זיינען דעמאָלט אין סוף 18טן י״ה איבערנאַכט צעשטערט געוואָרן. אַ פרעמדע, מעכטיקע און אומרחמנותדיק שטרענגע מאַכט, רוסלאַנד, האָט צו זיך אין די הענט אריינבאַקומען טויזנטער שוצלאָזע און רעכטלאָזע יידישע אונטערטאַנען, די ליטווישע יידן, וואָס זיינען אַזוי פעסט פאַרוואָרצלט געווען אין דעם אַלט־יידישן לעבנס־שטייגער און וועלט־באַנעם.

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. אין דער זעלבער צייט, אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה, האָבן צוויי נייע גייסטיקע באַוועגונגען אויפגעגראָבן דעם באָדן, אויף וועלכן דער ליטוויש־יידישער קיבוץ איז לאַנגע דורות געשטאַנען. איינע פון זיי איז געווען אַ שטורעמדיקע און האָט פאַרכאַפּט גרויסע טיילן פון יידישן פאָלק. זיי האָט אָבער אויפן שפּעטערדיקן גייסטיקן לעבן פון ליטווישן יידנטום כמעט קיין שום איינפלוס ניט געהאַט, און אירע שפּורן זיינען שנעל אויסגעלאָשן געוואָרן. דאָס איז געווען די חסידות־באַוועגונג. די צווייטע גייסטיקע באַוועגונג איז געווען אַ פיל רואיקערע, און האָט אין אָנפאַנג באַרירט דאָ און דאָרט בלויז קליינע הייפלעך פון געלערנטע יחידים. אָט די נייע באַוועגונג, און דווקא אין ליטע, האָט אָבער געהאַט פאַר זיך אַ גאַר גרויסע, אַ פרוכטבאַרע צוקונפט. דאָס איז געווען די השכלה, דאָס מיינט די בילדונג און אויפקלערונג באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס.

תורה, דאָס תלמודישע לערנען, פאַרשן און וויסן, האָט אין משך פון דורות איינגעשלונגען אין זיך די גאַנצע גייסטיקע ענערגיע פון דעם ליט־ווישן יידנטום, דערהויפט פון זיין יוגנט. אַפילו דער חסידיזם, וואָס האָט איבעראַל געטראָגן א דעמאָקראַטישן פאָלקסמיטלעכן כאַראַקטער ווי אַן עמאָציאָנעל־מיסטישע פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן דעם איינזייטיקן, טרוקענעם און נשמה׳לאָזן תלמודישן לערנען, קעגן דעם טרוקן־פאָרמאַליסטישן ריטואַל, אָט דער חסידות איז אויך ניט געווען אין ליטע דער זעלבער ווי אין די מקומות, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן — אין פּאָדאָליע, אוקראַינע און גאַליציע. דאָ, אין דער ליטע, האָט ער באַקומען א מין לערנערישן, האַלב־ראַציאָנאַליסטישן קאָליר. דאָס איז געווען דער חסידיזם פון די בעלי־מוחות, די אינטעלעקטועלע ריזן, נאָך דער שיטה נאָך פון ר׳שניאור זלמן פון ליאַדי (1747־1812). און דאָך האָט אין רעכטן גייסטיקן און עקאָנאָמישן צענטער פון דער יידישער ליטע, אין ווילנע, האָט דער חסידיזם אַרויס־גערופן אַן אומגעהייערע אָפּאָזיציע צו זיך און א ביטערן קאַמף, אָנגעפירט פון דעם גרעסטן תלמודישן גאון פון יענער צייט, ר׳ אליהו פון ווילנע, באַקאַנט אין גאַנצן יידישן פאָלק אַלס דער ווילנער גאון (1720־1797). ער האָט זיך באַנוצט אין תלמוד־שטודיום מיט נייע מעטאָדן און האָט מיט זיינע דערקלערונגען געבראַכט ליכט און קלאַרקייט אין די פלעצער וואָס זיינען לאַנג געווען אומקלאָר און טונקל. אומעטום האָט ער אַנטוויקלט א מין פרייעם כמעט פאָרשערישן און זעלבסטשטענדיקן גייסט, וואָס האָט אבסאָלוט זיך ניט געלאָזט איינצאַמען אָדער קירעווען פון פאָרמאַלאַסטישן וואָרט־אויטאָריטעט, פון דער דיקטאַטור פון טויטן אות, פון דער טיראַניי פון א טעאָלאָגישער דאָגמע. אויפן זעלבן וועג זיינען אויך געגאַנגען זיינע שילער און פאַרערער, באַזונדערס ר׳חיים וואָלאָזשינער (1749־1821), דער גרינדער פון דער באַרימטער ישיבה, וואו מען האָט ווייטער געשפּונען דעם פאָדים פון דעם ווילנער גאונ׳ס מעטאָדע אין לערנען און פאַרשטיין דעם תלמוד.

אָט אַזעלכע גייסטיקע פירער האָט אין יענער צייט מיט 120־150 יאָר צוריק, געהאַט דאָס פרום־טראַדיציאָנעלע ליטווישע יידנטום. די קריטישע מעטאָדע פון די גרויסע תלמודיסטן האָט געמוזט באַאיינפלוסן די גאַנצע גייסטיקע אַטמאָספער, באַשאַפנדיק, אַזוי צו זאָגן, א ספּעציפישן אינטעלעקטועלן קלימאַט פאַר די יידן אין ליטע. די פּרוכטלאָזע קאַזו־איסטיק, דער נוצלאָזער פּלפּול, וואָס זיינען דורות־לאַנג געווען אַזעלכע פאַרשפּרייטע מעטאָדן פון דעם ווייניק־סיסטעמאַטיזירטן תלמוד לערנען אין פּוילן און גאַליציע, האָבן קיין ליטע פריער אויך ניט געקענט אַריינדרינגען. זיי זיינען אָבער אויף שטענדיק געבליבן פרעמד די ליטווישע יידן זינט דעם ווילנער גאונס צייט. אין אלע ליטווישע חדרים און ישיבות האָט מען געלערנט גמרא נאָך דעם גאונס מעטאָדן, ד. ה. אויף א מער סיסטעמאַ־

טישן, פלאַנמעסיקן אופן. די יוגנט איז אויף די וועגן פון תלמוד געפירט געוואָרן רעגלמעסיק, שריט נאָך שריט כדי אַלץ איד קלאָר און גרינדלעך צו געבן פאַרשטיין.[7] איז טאָקע קיין וואונדער ניט, אַז אינגיכן זיינען פון די רייען פון די פרום-גלויביקע ליטווישע בני־תורה ארויסגעגאַנגען וויסנ־דורשטיקע און שאַרפקעפּיקע לומדים, וואָס האָבן אַליין פאַרשטאַנען אָפּצו־טיילן דאָס ווייץ פון די שפריי, אָפּצוואַרפן, מיינט עס, אין דער טראַדי־ציאָנעלער לערע גופא דאָס אומקלאָרע און אומוועזנטלעכע, און ארויסשטעלן אויבן־אָן דאָס עיקרדיק-וויכטיקע און דאָס אייביקע אין דער תורה, דאָס וואָס באַרייכערט דעם מענטשלעכן גייסט, פאַראיידלט דעם מענטשנס נאַטור און כאַראַקטער. אַזוי האָט, צום ביישפּיל, שוין דער ליטווישער קעמפנ־דיקער תלמודיסט, ר' מנשה איליער (1831־1767) געפונען אין זיך דעם מוט און קראַפט ארויסצוטרעטן אין זיינע שריפטן געגן געוויסע קאָמענטאַרן און באַגריפן פון די גאָר גרויסע מיטלעלטערלעכע תורה־אויטאָריטעטן ווי דער אַלפס, רמב"ם, רש"י און אַנדערע, וואָס זיינען לויט זיין מיינונג נאָך ניט אינגאַנצן געווען פריי פון טעותן.[8] אַנטקעגן אַזאַ דרייסטקייט און אָפנ־האַרציקייט זיינען, פאַרשטייט זיך, גלייך ארויסגעטראָטן די פאַנאַטישע אָנ־הענגער פון די אַלטע פאַרגליווערטע באַגריפן, פון גייסטלאָזן וואָרט און טויטן אות, וואָס האָבן ניט געוואָלט הערן און וויסן פון דעם דערוואַכטן געדאַנק ביי מאַנכע גמרא־קענערס און לערנערס.

אין מזרח־טייל פון ליטע געפינען זיך ווילנע און וואָלאָזשין, די צוויי רעזידענצן פון דער רבנישער און תלמודישער יידישקייט, וואו דער אַלטער קוואַל פון תורה און למדות האָט, זינט די צייטן פון ווילנער גאון, געשלאָגן מיט אַ פרישן כוח. אין מערב־זייט האָבן ליטע און זשאַמוט זיך געגרענעצט מיט פּרייסן, און זייער שכן פון צפון־זייט איז געווען קורלאַנד, וועלכע איז לאַנג אויך געווען אַ שטיק פּרייסן, אַ גייסטיקע פּראָווינץ פון דייטשנטום. אויך פון אָט די מערב און צפון גרענעצן פון קאָוונער קאַנט האָבן זיך אין יענער צייט, מיט 120־150 יאָר צוריק, געטראָגן איבער די יידישע שטעט שטעטלעך נייע דערפרישנדיקע ווינטן. אָט די גייסטיקע שטראָמונגען, געקומענע פון מערב, האָבן אין משך פון צוויי דורות לחלוטין געביטן דעם פנים פון ליטווישן יידנטום. דאָס איז געווען די השכלה, וואָס האָט איבער פּרייסן און קורלאַנד זיך דערטראָגן צו די פאַרוואָרפענע ווינקלען פון ליטע אויך פון דער ווייטער גאַליציע, וואו אירע ערשטע שוואַלבן האָבן אויפגעפלאַטערט. די קערנדלעך פון דער יידישער בילדונג זיינען אין רוסיש־ליטווישן יידנטום געפאַלן אויף אַ פּרוכטבאַרן און גוט צעאַקערטן באָדן. דער באָדן איז דאָרט צוגעגרייט געווען טאָקע דורך די פאַרבעסערונגען אין דעם לערן־שטייגער וואָס דער ווילנער גאָון און זיינע תלמידים האָבן איינגעפירט. וואָס אייגנטלעך האָט די „בערלינער השכלה" אין גרונט געוואָלט? — איד

פאַטער, משה מענדעלסאָן (1786־1729), האָט געשטרעבט צו פאַרבינדן די טראַדיציאָנעלע ייִדישקייט, אונזער טויזנטיעריקע תורה, עטיק און חכמה, מיט די מאָדערנע וויסנשאַפטן און שפּראַך־קענטעניש. אונטער זײַן אײַנ־פלוס האָט זיך צווישן די פּרייסישע ייִדן פאַרשפּרייט דער אינטערעס, און אַפילו א פלאַמיקע ליבע, צו דער ביבלישער שפּראַך, און אויך א שטרעבונג צו פאַרנעמען זיך מיט די פילאָזאָפישע און עטישע פּראָבלעמען פון ייִדנטום, און בכלל א חשק צו דערווערבן א מאָדערנעם וויסן איבער מענטש און וועלט אין איינקלאַנג מיט די הערשנדיקע אויפקלערונג־אידייען פון דער דײַטשער אידעאַליסטישער ליטעראַטור (לעסינג, שילער און אנדערע) פון יענער צײַט. אָ זייער וואַרעמע און האַרציק־אויפריכטיקע אויפנאַמע האָט די דאָזיקע נײַע לערע געפונען בײַ די ליטווישע ייִדן.

זיי זײַנען דאָך גײַסטיק שוין געווען צוגעגרייט, ווי מיר האָבן געזען, צום קריטישן, כמעט פרײַען דענקען. און, רײַך געאָגראַפיש, זײַנען זיי נאָך דערצו געווען אזעלכע נאָענטע שכנים פון פּרייסן, באזונדערס פון דער גרויסער אוניווערזיטעט און האַנדל־שטאָט קעניגסבערג. קורלאַנד, זשאַמוט און מזרח־ליטע האָבן שוין אין ערשטן פערטל פון 19טן י"ה, א יאָר 20־30 נאָך דעם ווילנער גאונס טויט, געהאַט ייִדן לומדים וואָס זײַנען געווען אויך מומחים, קענערס, אין פאַרשידענע עקזאַקטע וויסנשאַפטן, ווי אסטראָנאָמיע, מאַטעמאַטיק און געאָגראַפיע. אמת, דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן גע־שריבן בלויז אויף העברעאיש און האָבן זיך קיין נאָמען ניט געמאַכט דורך געדרוקטע ווערק. מיט גרויס פלײַס און ליבשאַפט איז אָבער צווישן זיי די העברעאישע שפּראַך ליטעראַריש באַנוצט און אנטוויקלט געוואָרן. פײַנע ווערק און פּאָעזיע און פּראָזע האָבן אָנגעהויבן צו דערשײַנען פון דער פעדער פון די זשאַמוטער און ליטווישע מחברים. איינער פון די ערשטע און גרעסטע צווישן זיי איז געווען מרדכי אהרן גינצבורג (1846־1795), אַ געבאָרענער פון סאַלאַנט, טעלזער קרײַז. אָט דער זשאַמוטער תלמיד־חכם און משכיל האָט אין 1823 אָפּגעדרוקט א גרעסערן העברעאישן בוך וועגן דער אַנטדעקונג פון אמעריקע. דערצו איז ער נאָך געווען א באַגאַבטער פּאָעט. אויך זײַן פאָטער, יהודה אשר (1823־1765), איז געווען פון די סאַמע ערשטע משכילים אין רוסלאַנד. ער האָט נאָך זיך געלאָזן אין כתב־יד העברעאישע ווערק וועגן דקדוק (גראַמאַטיק) און אלגעברע. צו פיר יאָר האָט מען מרדכי אהרון גינצבורגן אָפּגעגעבן אין חדר, און צו זיבן יאָר האָט ער שוין אָנגע־הויבן צו לערנען גמרא. זײַן פאָטער האָט מיט אים פלײַסיק געלערנט העברעאיש און תנ"ך. אַלטע היסטאָרישע ביכער, ווי דער „צמח דוד" און „שארית ישראל", האָבן בײַם יונגן גינצבורג אַרויסגערופן א טיפן אינטערעס צו געשיכטע און ער אליין האָט אָנגעפאַנגען צו שרײַבן, אָבער אין א פאַר־פּוצטן, מליצה'דיקן סטיל. דער פאָטער האָט שאַרף קריטיקירט דעם יונגן

מחברס שלעכטן געשמאַק, און האָט אים געהייסן אָפּצוהיטן איינפאַכקייט און נאַטירלעכקייט אין זיין שרייבן. צו 15 יאָר האָט מען מרדכי־אהרונען חתונה געמאַכט. ער האָט זיך באַזעצט ביים שווער אין שאַוול, וואו ער האָט זיך באַפריינדעט מיט אן אלטען דייטשן דאָקטאָר וואָס האָט אים טיף באאיינ־פלוסט אין זין פון בילדונג און אויפקלערונג. אזוי איז אויסגעוואקסן איינער פון די הויפּט־טרעגער פון דער השכלה אין ליטע.[7]

דאָס איז א גוטער ביישפּיל פון דער פיינער קולטורעלער טראַדיציע פון תורה און חכמה, וואָס האָט פאַרבונדן א פּרומען פאָטער מיט זיין מער אויפגעקלערטן און געבילדעטן זון אין יענעם טייל פון דער יידישער ליטע, אין זשאַמוט, מיט כמעט הונדערט און פופציק יאָר צוריק. א צווייטן ביישפּיל גיט אונז די לעבנסגעשיכטע פון אן אנדער גרויסן זשאַמוטער משכיל, שניאור זאקס (1816־1892). זאקס איז געווען אן איירָאָפּעאיש־באַרימטער העברעאישער געלערנטער און פאָרשער. זיין פאָטער, הרב ר' צמח זאקס (זק"ש), איז געווען רב אין זשאגער. ער האָט מיט זיין זון געלערנט ניט בלויז תלמוד, נאָר אויך העברעאיש. א גרויסן איינפלוס האָט אויפן יונגן שניאור זאקס געהאט א זשאגערער משכיל יהושע קליין, וואָס פלעגט דעם יונגן, וויסנדורשטיקן בחורל געבן צום לייענען די סאטירישע ווערק פון דעם באַרימטן גאַליציאנער השכלה־קעמפער, יצחק ערטער, און נאָך אנדערע השכלה ביכער.[8]

אין די 1830ער יאָרן האָט שוין די פּיאָנערן־ארבעט פון די ערשטע ליטווישע משכילים אָנגעהויבן צו טראָגן פּרוכט. ביי א טייל פון דער יידישער מאסע איז רייף געוואָרן דער געדאנק מכוח דעם גרויסן נוצן פון אויפקלערונג און וועלטלעכער בילדונג אין צוגאָב צו דער טראַדיציאָנעלער לומדות און פרומקייט. מ'האָט דאָ און דאָרט, באַזונדערס אין די גרעסערע שטעט, געזוכט צו געבן די קינדער א שטיקל עלעמענטאַרע אלגעמיינע ביל־דונג. דערצו איז נאָך געקומען א מעכטיקער אימפּולס פון דרויסן — אַ שאַרפע נייע ווענדונג אין דער בילדונגס־פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגי־רונג אין באַצוג צו יידן. פריער, ביז 1830־1840, איז דער צאַריזם לחלוטין גלייכגילטיק געווען צו די גייסטיקע אינטערעסן פון די רעכטלאָזע יידישע אונטערטאַנען. אין 1840 נעמט אָבער די פּעטערבורגער מאַכט אָן אַ באַשלוס צו עפענען אין יידישן תחום צוואַנג־שולן, וואו מ'זאָל די קינדער, חוץ די יידישע לימודים, לערנען אויך געוויסע אַלגעמיינע בילדונגס־קעגנ־שטאַנדן. גאַנץ מעגלעך, אז הינטער דעם דאָזיקן פּלאַן האָבן געשטעקט מיאוסע מיסיאָנערישע כוונות; ווי ס'זאָל ניט זיין, נאָר די פאַנאַטיקער פון די אָרטאָדאָקסישע יידישע קרייזן האָבן תיכּף דערזען אין דעם דאָזיקן פּראָ־יעקט אַן אָפענע סכנה פאַר דער אויפהאַלטונג פון יידישקייט. מיט אַ פייערדיקן כעס האָבן זיי דעם גאַנצן פּלאַן פון די נייע רעגירונגס־שולן

באַקעמפט. די באַוועגונג צו ליכט און בילדונג האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט, הגם פון רעגירונגס־פּראָיעקט איז קיין זאַך ניט אַרויסגעקומען. אין דער ייִדישער געזעלשאַפט האָט כמעט פון זיך אַליין זיך באַשאַפן אַ נייער מין קינדער־שולן, אין קעגנזאַץ צום אַלטן חדר. רייַן ייִדישע ווי אויך וועלטלעכע לימודים האָט מען אין אָט די נייַע שולן געלערנט מיט די קינדער. אַזוי איז די פּראָגרעסיווערע ייִדישע געזעלשאַפט אַנטקעגנגעקומען דער נייער פאָדערונג פון בירגערלעכן פאָרשריט אין די שווערע באַדינגונגען פון דעמאָלטיקן אָרימען און געמאַטערטן רוסיש־ייִדישן לעבן. איינע פון די ערשטע פון אָט דעם נייַעם מין ייִדישע פּריוואַט־שולן איז, אין 1841, געעפנט געוואָרן אין ווילנע. דאָרט האָט מען חוץ תלמוד אויך געלערנט העברעאיש, רעכענען, קאַליגראַפיע און דריי שפּראַכן — רוסיש, דייַטש און פּויליש.

ג.

דער בייַשפּיל פון ווילנע האָט גלייַך געפונען אַ ריי נאָכמאַכונגען אין דער פּראָווינץ. פון די ערשטע שטעט זיך אָפּצורופן און נאָכטאָן ווילנע איז געווען בייַ־זשאַגער (אַ מין פאָרשטאָט פון דער אַלטער שטאָט זשאַגער אין זשאַמוט). אין יענער שטעטל, ווי אין אַנדערע טיילן פון קאָוונער גובערניע וואָס האָבן זיך געגרעניצט מיט קורלאַנד (דורך וועלכער ס'איז געגאַנגען דער דייַטשער השכלה גייסט), האָט זיך שוין זייער פריצייטיק באַוויזן די שטרעבונג פון רוסישע ייִדן צו אַן אַלגעמיינער בילדונג און מאָדערנערם אויפקלערונג. אין 1841 האָט אַ געוויסער זשאַגערער יונגער רב, וואָס האָט געהאַלטן פון דער נוצלעכקייט פון אַלגעמיינער בילדונג, איינמאָל זיך אָנגענומען מיט מוט און איז, ביים דאַווענען פון דער בימה אין דעם בית־המדרש אַרויסגעקומען מיט אַ דרשה, רופנדיק דעם עולם צו באַשאַפן אין זייער שטעטל אַ נייַע שול לויטן ווילנער מוסטער, דאָס הייסט מיט אַ ביסל וועלטלעכע לימודים פאַר די יונגע קינדער. דער „רעפאָרמער" האָט נעביך געהאַט אַ מיאוסן אָפּשניט. דער עולם איז מערסטנס באַשטאַנען פון קנאים־פרומאַקעס, וואָס האָבן פון גאַנצן פּלאַן ניט געוואָלט אַפילו הערן. דעם יונגן רב האָט מען גענומען רודפן, און באַלד איז ער געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן זשאַגער אינגאַנצן. דער פייַנער פּראָיעקט פון אַ גאַנץ קליינער הייפל אויפגעקלערטע זשאַגערער ייִדן איז אויף אַ לאַנגער צייַט בטל געוואָרן.[9] אָט אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען האָבן געלעבט און געקעמפט די ערשטע השכלה־פּיאָנערן אין זשאַגער מיט 100 יאָר צוריק.

זשאַגער איז אָבער ניט געווען קיין אויסנאַם־פאַל, ד. ה. ניט דער ערגסטער נעסט פון פינסטערניש און רעאַקציע, גראָד פאַרקערט: דאָרט

איז די אַנטוויקלונג באַלד נאָך דעם טרויעריקן אינצידענט אַוועק אַנדערש און בעסער ווי אין פיל אַנדערע ליטווישע שטעט און שטעטלעך, וואו די ערשטע משכילים האָבן געהאַט אויסצושטיין נאָך גרעסערע פאַרפאָלגונגען און האָבן פאַר זייערע אידייען געמוזט ליידן נאָך לענגער.

אומעטום וואו די השכלה איז, אין די יאָרן צווישן 1840 און 1860, געקומען פלוצלינג, אומדערוואַרט, האָט זי געהאַט אויסצושטיין צרות פון איר שונא — אמונה. צווישן השכלה און אמונה, ד. ה. דעם אַלטן, עקשונות׳־דיק טראַדיציאָנעלן גלויבן, איז לאַנג אָנגעגאַנגען אַ פירכטערלעכע מלחמה. די לאַגע איז געווען אַזאַ: „האָט זיך די השכלה אַריינגעריסן אין די ווענט פון בית־המדרש, פלעגט מען איר אין אָנפאַנג באַגעגענען מיט בעזימער, קאָטשערעס און לאָפּעטעס, מיט וועלכע מען פלעגט מיט גרויס אכזריות אַרויסטרייבן די אַלע וואָס האָבן די טריף־פּסולס אַריינגעבראַכט. און, פון דער צווייטער זייט, אַז די „פאַרכאַפּטע פון דער השכלה״ פלעגן קומען צו זיך האָבן זיי געברענט מיט כעס און זיך ניט וויניקער שאַרף נוקם געווען אָן די „מאמינים״, אָן זייער גאָט און אָן זייער אמונה״ [10].

אַנדערש איז אָבער געווען אין די שטעט, וואו די השכלה איז ניט אָנגעקומען אַזוי מיט־אַמאָל און פלוצלינג, נאָר וואו זי האָט זיך לאַנגזאַם אַנטוויקלט און דער עולם האָט זיך געפונען אונטער איר השפּעה אַ לענגערע צייט. איינע פון אַזעלכע שטעט, מיט 3־4 דורות צוריק, איז טאַקע געווען זשאַגער (אָדער אין רוסיש „זשאַגאַרי״) און זשאַמוט, וואָס איז באַלד געוואָרן אַ מין גייסטיקער צענטער, „אַ שטאָט וואָס איז געווען דער ים, וואוהין אַ סך טייכן פון יענער צייט האָבן זיך אַריינגעגאָסן, און וואָס איז גלייכצייטיק אויך געווען דער קוואַל, פון וועלכן אַ סך נייע שטראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן״. (אַ. ש. זאַקס אין עסיי „פון אמונה צו השכלה״).

זשאַגער, וואָס האָט געהאַט אין די יאָרן אַרום 1860 בלויז עטלעכע טויזנט איינוואוינער, איז באַשטאַנען פון צוויי „שטעט״ — אַלט־זשאַגער און ניי־זשאַגער, צווישן וועלכע עס לויפט אַ וואַסער וואָס טריקנט אויס זומער אין די הייסע טעג. איבערן וואַסער, דעם טייכל שוועטאַ, איז געלעגן אַ הילצערנער בריקעל. ער האָט געפירט גאַנץ אָפט צו הייסע מחלוקות צווישן די אַלט־זשאַגערער און די ניי־זשאַגערער, ווער ס׳דאַרף זיין דער בעל־דעה איבערן בריק — אַלט־זשאַגער אָדער ניי־זשאַגער. און דאָך האָט די קליינע שטאָט געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין גייסטיקן לעבן פון ליטע און זשאַמוט. זשאַגער איז געווען די וויגעלע פון דער השכלה, און דאָרט האָט די השכלה געקראָגן די לעבנס־קראַפט, דורך וועלכער זי האָט אויסגעשפּרייט אירע פליגלען איבער גאַנץ רוסלאַנד.

פונקט אַזוי ווי אין געאָגראַפישן זינען, אַלס אַ גרענעץ־שטאָט צווישן צוויי פּראָווינצן (גובערניעס) און שפּראַך־געביטן, נעמלעך: דעם רוסיש־

ליטווישן קאַנט און דעם דייטש־קורלענדישן (זשאַגער איז בלויז אײניקע שעה רייזע מיטן דעליזשאַנס פון מיטאַווע, די הויפּט־שטאָט פון קורלענדער גובערניע), אַזוי איז אויך אין גייסטיקן זינען די יידישע זשאַגער, אין מיטן פון 19טן י״ה, געלעגן אויף דער גרענעץ־ליניע צווישן צוויי גרויסע קולטור־ספערעס : אמונה און השכלה. פון די „חכמי זשאַגער״, ווי מ׳האָט זיי גערופן אין דער העברעאישער ערנסטער ליטעראַטור, זיינען אַרויסגעקומען פיל גייסטיקע שטרעמונגען אין יידישן פאָלק פאַר די לעצטע 150 יאָר צייט.[11] פון איין זייט — די טרעגער פון תורה און פון דער אַלטער אמונה, ווי רבי צמח זק״ש, ר׳ אליהו (עלינקע) לידער, רבי ישראל סאַלאַנטער (1810־1883) און דער באַרימטער עקסטרעמער אָרטאָדאָקס, דער קעלמער מגיד, וואָס איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין זשאַגער. פון דער צווייטער זייט זיינען פון דער זעלבער שטאָט אַרויסגעקומען די ערשטע פּיאָנערן פון יידישער אויפקלערונג און נאַציאָנאַלער באַנייאונג. אין ניי־זשאַגער האָט אין די 1840ער און 1850ער יאָרן געלעבט אַן אומגעהייער באַגאַבטער תלמיד־חכם און משכיל ר׳ חיים זאַק, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַרן פאָטער פון דער דאָרטיקער השכלה. ער איז געווען דער ערשטער צו פאַרשפּרייטן דאָרט די השכלה־געדאַנקען צווישן קינדער און דערוואַקסענע. חיים זאַק איז דערצו נאָך געווען אַ זעלטענער בעל־מדות און מענטשנפריינד. זיין חבר און פריינט, שניאור זאַקס, האָט אין זיינע בריוו און מאמרים, דעם דאָזיקן ווייניק־באַקאַנטן אין דער גרויסער וועלט משכיל און דערציער ממש פאַרהערלעכט. דער דאָזיקער זשאַגערער תלמיד־חכם זאָל האָבן נאָך זיך געלאָזן אין מאַנוסקריפּט אַכט וויכטיקע העבּרעאישע ווערק.[12] אויך דער פאָלקס־דיכטער מיכל גאָרדאָן (1823־1890), פאַרפאַסער פון באַוואוסטן ליד „שטיי אויף מיין פאָלק״, אַליין אַ ווילנער געבאָרענער, האָט אַן ערך אין יאָר 1848 חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון אַ זייער אָנגעזעענער און מיוחסדיקער פאַמיליע פון ניי־זשאַגער, וואו ער האָט זיך אויך באַזעצט. דאָ האָט ער געשפּילט אַ ראָלע אַלס אָנפירנדיקער משכיל און לערער פאַר די וואָס האָבן געשטרעבט צום נייעם ליכט פון וויסן און פאָרשן. אין זשאַגער האָט ער אָנגעשריבן אַ סך פון זיינע לידער. ער איז געווען אַן איינגייער אין הויז פון די עלטערן פון באַרימטן בעלעטריסט יעקב דינעזאָן (1856 ־ 1919). דער גרויסער געלערנטער און קענער פון דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור, שניאור זאַקס, ר׳ צמח זק״ש זון; יהודה ליב מאַנדעלשטאַם (1819־1889), דער ערשטער יידישער סטודענט אין רוסלאַנד און דער ערשטער צו איבערזעצן דעם תנ״ך אין רוסיש ; זיינע ברידער, די שרייבער און כלל־טוער, בנימין און יחזקאל מאַנדעלשטאַם ; שפּעטער אליעזר אַטלאַס (1851־1904), באַוואוסטער העברעאישער שרייבער, זיי אַלע און אַ סך אַנדערע געלערנטע און שריפטשטעלער זיינען געווען זשאַגערער געבאָרענע אָדער האָבן געקראָגן

זייער גייסטיקע יניקה אין זשאַגער.[13] אַזוי, צום ביישפּיל, איז דער קאָוונער געבאָרענער באַרימטער קריטיקער ד״ר איסידאָר עליאשעוו (בעל־מחשבות), געווען דער זון פון שלמה־זאַלקינד עליאשעוו, פון אַ שיינער משפּחה אין זשאַגער. שלמה־זאַלקינד עליאשעוו איז געווען אַ שוועסטערקינד פון ר׳ חיים זאַק און די מאַנדעלשטאַמס, וועלכע האָבן אויף אים געהאַט אַ גרויסע השפּעה און האָבן אים געמאַכט פאַר אַ משכיל און פיינעם העברעער, וואָס האָט גע־לייענט אויך דייטשע ביכער (ז. זלמן רייזענס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע״, ב.2., עמ. 744).

א שטעטל ניט ווייט פון פּרייסישן גרענעץ, איבערהויפּט פון קעניגס־בערג, און גאַנץ נאָענט צו די אויפגעקלערטע „מקומות״ אין ליפלאַנד און קורלאַנד, ווי ריגע, ליבאַווע און מיטאַווע, איז זשאַגער געווען דער מיטל־פּונקט, דער האַנדל־צענטער וואוהין מ׳פלעגט אַריינפירן די אויסלענדישע סחורה און פון וואַנען מ׳פלעגט עקספּאָרטירן רויע סחורות (תבואה, מעל, האָלץ און אַנדערע) אין די גרעסערע אויסלענדישע פאַרקויף־פּלעצער. די „לייפּציגער טיכער״, צום ביישפּיל, וואָס זיינען געווען שטאַרק גאַנגבאַר אין מערב־רוסלאַנד (ביז אויך לאָדזש האָט אָנגעהויבן זיי צו מאַכן), איבער־הויפּט ווי א דרשה־געשאַנק פאַר כלות, פלעגן קומען אין גרויסע פּעק אין זשאַגער. דאָ זיינען זיי אויסגעפּאַקט און פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן. אָבער אויך ניט ווייניק האָט מען געבראַכט פון לייפּציג און קעניגסבערג „טריפה״ סחורות, ד. ה. אריינגעשמוגלטע קיין רוסלאַנד, כדי ניט צו צאָלן די „פּאָשלינעס״. די זשאַגערער יונגע ווייבלעך פלעגן גאַנץ אָפט אַליין פאָרן קיין אויסלאַנד נאָך וואַרע. ביי אַזעלכע רייזעס פלעגן די פרויען אָפט מיטנעמען זייערע מענער, יונגע בעלי־הביתלעך, וואָס זיינען, ווי דער שטייגער, געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט, ווער גמרא און ווער השכלה־ביכער. די מערסטע יונגע לייט פלעגן אויך שמוגלען, אָבער זייער קאָנטראַ־באַנד איז באַשטאַנען ניט אין סחורות, נאָר אין די בערלינער השכלה־געדאַנקען און אין דייטשע ביכער.״[14]

אין די זשאַגערער יידישע הייזער האָט מען ניט זעלטן זייער גוט גערעדט דייטש און מען איז געווען באַהאַוונט אין דער דייטשער ליטעראַטור. די ווערק פון געטע, שילער, לעסינג, היינע, בערנע און אַנדערע דייטשע פּאָעטן און שריפטשטעלער פלעגן זיך געפינען אין א סך יידישע הייזער, וואו סאַי די עלטערן, סאַי די קינדער פלעגן זיי לייענען. ניט ווייט פון זשאַגער, אין קאָוונע, האָט געלעבט דער באַרימטער העברעאישער שריי־בער, דער פאָטער פון ראָמאַן אין דער ביבלישער שפּראַך, אברהם מאַפּו (1867־1807), און אין אַן אַנדערער ניט־וויטער שטעטל, פּאָלאַנגען, האָט געווירקט דער פריער דערמאָנטער מרדכי אהרון גינצבורג. אין שאַוול, א פּאָר מייל פון זשאַגער, איז געווען לערער אין דער „קאַזיאָנער יעווריעסקער

אוטשילישטשע” יהודה ליב גאָרדאָן (1892־1830), דער באַרימטער העברע־אישער פּאָעט און השכלה־קעמפער. מיט זשאגער האָט אויך געהאַט א שייכות צבי הירש ראַבינאָוויטש (1889־1832), דער שפּעטערדיקער רעדאַק־טאָר פון פּעטערבורגער זשורנאל „רוסקי יעווריי” און „איינער פון די זעלטנסטע דערשיינונגען, וואָס די העברעאישע השכלה אין רוסלאַנד האָט ארויסגעבראַכט,” ווי אים האָט כאַראַקטעריזירט, נאָך א פּערזענלעכער באַקענטשאַפט, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. „אָן אַ וועלכער ס׳איז סיסטעמאַטי־שער פאָרבילדונג האָט ער זיך אין די גאָר יונגע יאָרן, אין זשאמוט, פאַר־אינטערעסירט מיט די אנאָרגאנישע נאַטור־וויסנשאַפטן און, אויסלערנענדיק זיך די דייטשע שפּראך, האָט ער באַרייכערט די העברעאישע ליטעראַטור מיט ערנסטע ווערק וועגן מעכאניק, פיזיק און כעמיע, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער הויך פון דער דעמאָלטיקער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג.” [15] ער האָט געשטאַמט פון א פאַמיליע פון לויטער רבנים. מען פלעגט דערציילן, אַז 24 דורות כסדר זיינען ראַבינאָוויטשעס זיידעס און עלטער־זיידעס געזעסן על כסא־הרבנות אין לענקעווע, א קליין שטעטל ניט ווייט פון זשאגער. צבי־הירש ראַבינאָוויטשעס ברודער איז געווען דער לעצטער רב פון אָט דער מערקווירדיקער משפחה. ער האָט זיך אָבער לאַנג ניט געהאַלטן אלס רב אין לענקעווע, מען האָט אים חושד געווען אין אפּיקורסות און מ׳האָט בא אים די רבנות צוגענומען. ווען דער אפּיקורסישער „מי שהיה רב” האָט אויף דער עלטער געלעבט אין דינאַבורג (דווינסק) האָט אים אמאָל, בעת זיינע וואַנדערונגען אין דער יוגנט, באַזוכט ש. אַנסקי. ער באַשרייבט אים אַזוי: „אַן עלטערער ייד מיט א שיינער גרויער רבנישער באָרד. גע־קליידט ווי א רב און מיט אלע מאַניערן פון א רב. פלעגט ער גאַנצענע טעג זיצן (אָן א היטל) ביי דער גמרא און לערנען; דעם תלמוד האָט ער געהאַלטן פאַר דאָס גרעסטע ווערק, וואָס די מענטשהייט האָט ארויס־געבראַכט, און פלעגט תמיד אַנטדעקן אין אים אַלץ נייע און נייע וואונדער פון דעם מענטשלעכן גייסט.” ביידע ברידער ראַבינאָוויטש, דער רב און דער געלערנטער, האָבן געהאַט תלמידים אין זשאגער וואָס האָבן פלייסיק פאַרשפּרייט זייערע געדאַנקען. [16]

ד

איינער פון די תלמידים פון דעם אָפּגעזאָגטן לענקעווער רב ראַבינאָ־וויטש איז געווען דער זשאַגערער וואויל־לערנער, ר׳ בן ציון וואָלף זאַקס, וואָס האָט זיך טאַקע גיך דערוואָרבן דעם נאָמען „וואָלפציק חריף” [17] געבאָרן איז ער אַרום 1850 און איז פרי געוואָרן ראש־ישיבה אין ניי־זשאגער. די דאָזיקע ישיבה האָט געגרינדעט דער ניי־זשאגערער רב ר׳ יאַנקעלע

חריף. דאָס איז געווען רבי יעקב יוסף, וואָס איז שפּעטער געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע צו זיין רב הכולל אין ניו יאָרק.

דער באַרימטער גדול, ר׳ יאַנקעלע חריף, האָט אין דעם נייַ־זשאַגערער בית־מדרש, מיט אַ יאָר 80־90 צוריק, געגרינדעט די דאָזיקע ישיבה פאַר די בעסערע קינדער, וואָס קענען אַליין שווימען אין ים התלמוד. צווישן די שפּעטערדיקע ראשי־ישיבה האָבן זיך געפונען די גרעסטע תלמודיסטן, ווי ר׳ קלמן פּילווישקער (דער פּילווישקער עלוי), ר׳ איציק קראַנער און ר׳ וואָלפּציק חריף, דאָס הייסט — בן ציון וואָלף זאַקס, וואָס איז געווען אַן אמת׳ער מוסטער פון אַ זשאַגערער תלמיד חכם: אַ למדן און משכיל אין דערזעלבער צייט. אין זיין הויז פלעגן זיך אויפקלייבן די זשאַגערער בני־תורה, די „איזערנע מוחות״, ווי אין אַן אמת׳ן זאַמל־פּלאַץ פאַר תלמידי חכמים. איינער פון ר׳ וואָלפּציקס אינטימע פריינט איז געווען דער איבן־דערמאַנטער העברעאישער שריפטשטעלער און שפּעטער רעדאַקטאָר פון „הכרם״ אליעזר אַטלאַס. ר׳ וואָלפּציק האָט פאַרמאָגט אַ זייער רייכע ביבליאָטעק, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען אויך אַ היבשע צאָל וויסנשאַפט־לעכע ווערק אין העברעאיש און דייטש. ער האָט יונג חתונה געהאַט מיט אַ זייער פרומער פרוי, חייע גאַפּינאָוויטש, און זיי האָבן געהאַט פינף קינדער. דער יונגסטער פון די דריי זין איז געווען אברהם שמחה, וועלכער איז גע־בוירן געוואָרן דעם 20טן אָקטאָבער 1877. דער עלטסטער זון זייערער, נחמן, האָט פרי, מיט איבער 40 יאָר צוריק, אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע, און דער צווייטער זון, הירש, האָט מיט עטלעכע יאָר נאָך דעם אויעקפאָר פון ברודער אויך עמיגרירט — קיין נאָרד־אַמעריקע. ער האָט זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע.

אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן געפיל פאַר סאָציאַלן יושר, האָט ר׳ בנציון וואָלף זאַקס זיך שטענדיק איינגעשטעלט פאַר געדריקטע און געקריוודעטע. אַזוי למשל נאָכדעם ווי ער האָט געלייענט אין די העברעאישע צייטונגען וועגן דער „היימאַרקעט טראַגעדיע״ אין שיקאַגאָ, וואו פינף אַנאַרכיסטן זיינען אין יאָר 1887 הינגעריכטעט געוואָרן צוליב אַ בלבול, איז ער אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען ממש אַן אַ קאָפּ פון אויפרעגונג און אַנטריסטונג קעגן אָט דעם יוסטיץ־מאָרד.

אָט אונטער דער השגחה פון אַזאַ פאָטער איז דערצויגן געוואָרן זיין ייִנגסטער זון אברהם שמחה.[18] ער האָט געלערנט ש״ס און פּוסקים אין דער היים און אין דער שאַולער ישיבה ביזן עלטער פון 16 יאָר. ער האָט זיך אויך באַקענט מיט דער העברעאישער ליטעראַטור און האָט געלייענט יעדן בוך וואָס איז אים נאָר געקומען אונטער די הענט. ס׳האָט זיך פון אים, מיט איין וואָרט, שנעל אויסגעקריסטאַליזירט אַ למדן, און ניט בלויז אַ למדן, נאָר אויך אַ משכיל. אַזאַ למדן פלעגט לעזן העברעאיש און דייטש

און איז געווען באַקאַנט מיט פאַרשידענע פילאָזאָפישע סיסטעמען. די בעסטע כאַראַקטעריסטיק פון דער יוגנט מיט 70־80 יאָר צוריק האָט אַמאָל א. ש. זאַקס אַליין געגעבן, ווען ער האָט געשריבן זכרונות פון זיין שטעטל און דערהויפּט פון דעם יונגן יידישן דור דאָרט. אָט וואָס ער שרייבט:

„אין דעם מוח פון א זשאַגערער משכיל, אָדער אויפגעקלערטן יונגן מאַן, האָבן געלעבט בשלום, אונטער איין דאַך לומדות און השכלה. פון חסידות איז אין זשאַגער קיין זכר ניט געווען. די זשאַגערער יונגע לייט פלעגן חוזק מאַכן פון די חסידישע רביים פון זייערע חסידים. א חסיד איז געווען דער בעסטער ציל־ברעט פאַר זייערע לצנותדיקע פיילן. זיי האָבן קיינמאָל ניט געטריבן קיין פערזאָנען־קולט. ביי זיי איז דער עיקר געווען שכל און ניט סתם אין דער וועלט אריין גלויבן. אויף יעדער דערשיינונג פלעגט דער זשאַגערער פרעגן: וואָס איז דער שכל דערפון? פאַרוואָס איז דער שכל אזוי מחייב? די אַטמאָספער אין זשאַגער, אפילו אין זשאַגערער „אַלטן" און „נייעם" בית־המדרש, איז געווען דורכגענומען מיט א פרייען גייסט, מיט פרייע געדאַנקען, אפילו מיט „פרייער רעדע". א ייִנגל מיט געזונטע חושים פלעגט אין זשאַגער אריינכאַפּן מער חכמה ווי מוסר, מער השכלה ווי אמונה".[19]

די זשאַגערער יונגע לייט האָבן שטאָלצירט מיטן באַרימטן רב ר' ישראל סאַלאַנטער, אָבער נאָך מער האָבן זיי זיך געגרויסט מיט זיין זון, פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק יום־טוב ליפּמאַן ליפּקין (1845־1875). דאָס וואָס ער איז ארויס „לתרבות רעה" און זיין פאָטער, ר' ישראל, איז נאָך אים געזעסן שבעה, האָט לחלוטין ניט קלענער געמאַכט אין די אויגן פון אויפגעקלערטן זשאַגערער יונגן מאַן די באַדייטונג פון דעם „ייִנגל וואָס האָט אַמאָל געלערנט אויך אין זשאַגערער בית־המדרש און איז שפּעטער געוואָרן פּראָפעסאָר אין קעניגסבערג". און אָט איז נאָך א ביישפּיל. מען פלעגט אין זשאַגער דערציילן א סך זאַכן וועגן דער גוטסקייט און אַנדערע מדות פון דעם זשאַגערער רב, ר' צמח זק"ש, אָבער נאָך מער און מיט א סך א גרעסערער התלהבות פלעגט מען דערציילן חידושים וועגן זיין זון, דעם משכיל און פאַרשער, שניאור זאַקס, וואָס איז זוכה געווען צו א וועלט־נאָמען, באַרימט אין די פילאָזאָפישע קרייזן פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך. פון שניאור זאַקס'ס אַרטיקלען פלעגט מען אין זשאַגער לעקן די פינגער. מען האָט שטאַרק הנאה געהאַט ווען מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז דער באַרימטער דייטשישער פילזאָף שלעגעל האַלט א וועלט פון שניאור זאַקסן.

„די זשאַגערער זיינען געווען שטאָלץ מיט זייערע באַרימטע לאַנדס־לייט, ס'מאַכט ניט אויס צוליב וואָס זיי זיינען געווען באַרימט, צוליב תורה אָדער חכמה. דאָס געדרוקט וואָרט האָט אין זשאַגערער בית־מדרש און אין פּריוואַט־הייזער ארויסגערופן גרויס דרך ארץ. דער קאַמף צווישן די

משכילים און לומדים, צווישן די „פרייע״ און פאַנאַטיקער, האָט אין זשאַגער קיינמאָל ניט אָנגענומען קיין שאַרפן כאַראַקטער. דער מוח פון דעם זשאַגערער למדן איז געווען פאַרנומען דריי־פערטל מיט ש״ס און פוסקים, מיט ראשונים און אחרונים, און איין פערטל מיט ספרים חצונים, מיט וועלטלעכע חכמות. יעדער משכיל, ביי וועמען די כפירה, דער סקעפּטיציזם, איז אפילו געוואָרן אַן איבערצייגונג, פלעגט דאָך גיין דריי מאָל אַ טאָג אין בית־המדרש דאַוונען און שמועסן ביי חזרת הש״ץ אָדער ביי קריאת התורה וועגן קאַנט און פיכטע, וועגן שלייערמאַכער, העגעל און שלעגעל און אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט א. אַ. וו. אין זשאַגער גופא האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ מין סינטעז צווישן אמונה און כפירה...״

ה

אָט אין אַזאַ אינטענסיוו דינאַמישער גייסטיקער אַטמאָספער איז אויסגעוואַקסן אברהם שמחה זאַקס. דער איינפלוס פון דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן אינטעלעקטועלן קלימאַט אין זיין פאָטערס סביבה האָט געלאָזן אין דעם זונ'ס גייסט טיפע שפורן וואָס האָבן געווירקט און באַאיינפלוסט זיין ווירקן און שאַפן אין משך פון זיין גאַנצן לעבן. שוין אַלס יונגער בחור האָט ער דערפילט אַ שטאַרקן וויסנדורשט און האָט געלייענט אָן אַ שיעור, באַזונדערס ביכער מיט אַן עקאָנאָמישן און סאָציאַל־פּאָליטישן אינהאַלט. צום קריטישן, זעלבסטשטענדיקן דענקען האָט דער דאָזיקער פאָלקס־אינטעליגענט זיך צוגעוואוינט גאַנץ פרי.[20]

פון דער באַשרייבונג פון דער סביבה, אין וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן, איז קלאָר, אַז כמעט פון ערשטן טאָג פון זיין באַוואוסטזיניקן לעבן איז שוין ביי אים צייטיק געוואָרן ניט בלויז אַ טאָלעראַנטע און לאָיאַלע באַציאונג צום יידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און צו יידיש אַלס אַן אומגאַנג און קולטור־שפּראַך, נאָר אפילו אויך אַ געפיל פון ליבע און טרייקייט צו די יידיש־פאָלקסמיטלעכע קולטור־אוצרות. אין די 80ער און 90ער יאָרן פון פאָריקן י״ה האָט בדרך הכלל אין דער יידישער אויפגעקלערטער און ראַדיקאַל־געשטימטער יוגנט אין רוסלאַנד געהערשט אַן אסימילאַטאָרישער קוק, וואָס איז געווען אין טעאָריע קאָסמאָפּאָליטיש־אינטערנאַציאָנאַליסטיש און אין דער פּראַקטיק — רוסיפיקאַטאָריש אָדער (אין פּוילן) פּאָלאָניזאַטאָריש. אַנדערש איז אָבער געווען די לאַגע אין זשאַמוט, וואו פאַר דער רוסיפיקאַציע איז כמעט קיין פּלאַץ ניט געווען. די גרויסע מאַיאָריטעט פון פאָלק איז באַשטאַנען פון די ליטווינער, און די גרעסטע נאַציאָנאַלע מינדערהייט גרופּע זיינען געווען די יידן. פון יעדע צען איינוואוינער אין שאַוולער קרייז, צום ביישפּיל, זיינען זיבן געווען ליטווינער, צוויי יידן און איינער אָדער אַ רוס,

אָדער אַ פּאָליאַק אָדער אַ דייטש.[21] דער אויבערשטער סאָציאַלער שיכט פון ליטווישן פאָלק, די פּריצים, איז געווען דורך און דורך פּאָלאָניזירט און האָט זיך געהאַלטן פיינדלעך צו רוסלאַנד. די אינטעליגענץ, ווידער, האָט מערסטנטיילס גערעדט רוסיש און האָט זיך אַפילו געשעמט מיטן לשון פון דעם פּראָסטן פאָלק, מיט ליטוויש, הייסט עס. בלויז די ברייטע קריסטלעכע מאַסע איז געווען אין אַן אָפּאָזיציע סיי צום פרעמדן פּוילישן סיי צום הערשנדיקן רוסישן איינפלוס, און דאָס ליטוויש פאָלק האָט זיך פעסט געהאַלטן ביי זיין אייגענעם לשון און די אַלטע נאַציאָנאַלע מנהגים.[22] די רוסישע שפּראַך איז אין זשאַמוט געווען בלויז די שפּראַך פון דער פּאָליציי און פון אַנדערע שררות. די דייטשישע שפּראַך, ווידער, האָבן גוט באַהערשט בלויז געציילטע גייסטער אין די געבילדעטע ייִדישע קרייזן, אָבער פאַר דער ברייטער ייִדישער מאַסע איז דייטש געווען ווייט און פרעמד. אַפילו אין דער נאָענטער קורלאַנד, וואו די השפּעה פון דייטשלאַנד איז געווען נאָך אַ פיל גרעסערע, האָבן די ייִדן גערעדט אויף זייער אייגענער שפּראַך, אויף אַ מין קורלענדישן דיאַלעקט פון דייטש. אויך טאָר מען ניט פאַרגעסן, אַז צו דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט איז ביי די קליינע און שוואַכע באַלטישע פעלקער, די לעטן, ליטווינער און אַנדערע, שטענדיק געווען אַ פיל טאָלעראַנטערע, פריינדלעכער באַציאונג איידער ביי די רוסישע אָדער פּוילישע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו שטיקן און רודפן די ייִדישע קולטורעלע אייגנאַרטיקייט, כדי די ייִדן מיט געוואַלט צו אַסימילירן און פאַרשלינגען אינעם הערשנדיקן פאָלק. פאַרקערט, די לעטן, און ליטווינער, אַליין אונטערדריקטע און נאָך ווייניק אַנטוויקלטע און מאָדערניזירטע פעלקער האָבן, דורך זייער פּראָגרעסיווער אינטעליגענציע, אַרויסגעוויזן אַ פיל פריינדלעכערע באַציאונג דווקא צו יענע ייִדן וואָס האָבן געזוכט אָפּצוהיטן זייער אייגענעם קולטור פּנים און זיך ניט צענויפמישן מיט די הערשנדיקע, מעכטיקע נאַציעס, ווי די רוסן און דייטשן, וואָס האָבן די קליינע באַלטישע פעלקער באַהערשט. פון שטענדיק איז דעריבער ביי אַ גרויסן טייל פון די סאָציאַל־פּראָגרעסיווע ייִדן פון די באַלטישע לענדער געווען צו באַמערקן אַ פּאָזיטיווע און פרוכטבאַרע באַציאונג צו זייער פאָלקס־שפּראַך און פאָלקס־טימלעכער קולטור. אַט דער אומשטאַנד דערקלערט אונז אויך הלמאַי ווילנע און ליטע בכלל מיט איר דעמאָקראַטישער און ייִדיש־פאָלקסטימלעכער אינטעליגענציע האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אויפלעבונג פון דער שיינער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור אין ייִדיש אין די לעצטע צענדליקער יאָר. פון דער צווייטער זייט, לאָזט זיך שוין דערפון לייכט פאַרשטיין, פאַרוואָס די ניי־אויפגעבויטע באַלטישע מלוכות האָבן ניט בלויז צוגעזאָגט, נאָר אין אָנפאַנג אַפילו געגעבן, זייערע ייִדישע מינדערהייטן כמעט פולע

רעכט אויף א נאציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, ווי צום ביישפּיל דאָס רעכט צו באַנוצן זיך אין שולן מיט דער יידישער שפּראַך א. ז. וו.[23]

באַזונדערס אין זשאַגער, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון אמונה און השכלה, מיט לומדות און חכמה, און וואו די יידן זיינען געווען צוויי־דריטל פון דער באַפעלקערונג, האָט געוויס אויך די יידישע שפּראַך געמוזט קלינגען ניט ווייניקער פריי און נאַטירלעך ווי אין „ירושלים פון ליטע", אין ווילנע גופא.[24] פון אָט אַזאַ באָדן האָט, אַלזאָ, געצויגן איר יניקה די אינטים־נאָענטע, האַרציק־פריינדלעכע באַציאונג פון דעם זשאַגערער אויפגעקלערטן למדן און ראַדיקאַל־געשטימטן יונגן־מאַן, א. ש. זאַקס, צו זיין מאַמע־לשון, צו יידיש. דעריבער איז יידיש פאַר אים צענדליקער יאָר כסדר געווען אַ פיינע כלי אָנצופילן מיט א טייערן אינהאַלט, ווי דאָס זיינען זיינע ריין־וויסנשאַפטלעכע און פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ווערק, אַ דעליקאַטער אינסטרומענט אויף ארויסצוברענגען טיפע געפילן און קינסטלעריש־לעבעדיקע בילדער און געשטאַלטן, ווי ער טוט עס אין זיינע „חרובע וועלטן". אין אָט דעם ווערק האָט זאַקס פאַר־אייביקט די סביבה פון זיין קינדהייט און יוגנט אין זשאַמוט, און האָט פאַר דער געהויבענער ליטוויש־זשאַמוטער וועלט באמת אָוועקגעשטעלט אַ פּרעכ־טיקן ליטעראַרישן מאָנומענט, ווי יענע וועלט האָט עס כשר פאַרדינט.

## הערות צום קאַפּיטל 1

1. אופּניאַרסקי: מאַטעריאַלי דליאַ וואָיענאָי געאָגראַפיי אי וואָייענאָי סטאַטיסטיקי ראָסיי, סאָבראַניע אָפיצעראַמי גענעראַלנאַוואָ שטאַבאַ. וואָיענאָיע אָבאָזרעניע קאָווענסקאָי גובערניי. סט. פּעטערבורג, 1863, ז' 254.

1־א. א. ליעסין (אברהם וואלט): לידער און פּאָעמען, ב' 1, ניו־יאָרק, 1939, ז' 143.

2. זשמוד (אילי זשעמאיטע סאַמאָגיטיא) ענציקלאָפּ. סלאָוואר „בראָקגאוז אי עפראָן" ס.פּ.ב. 1894 ב. 12, ז' 27. — „נאָוויי ענציקלאָפּ. סלאָוואר בראָקגאוז אי עפראָן, ב. 17, ז' 934.

3. שאוולי. ענציקל. סלאָוו, בראָקג.־עפראָן, ס.פּ.ב. 1903 ב' 39, ז' 90.

4. זשמוד, יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ, ב' 7, ז"ז 603־605. אַרטיקל פון פּ. מאָרעק.

5. אַ קורצן אָבער אינהאַלטרייכן איבערבליק איבער דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון ליטווישן יידנטום אין 18טן און אָנפאַנג 19טן י"ה האָט געגעבן דער זשאַמוטער (זשאַ־גערער) געבאָרענער שניאור זאַקס אין זיינע אַרטיקלען וועגן ליטע אין י. מ. יאָסטס „איזראַעליטישע אַנאַלען", 1840, נומ' 4־10. אין זעלבן זשורנאַל האָט שניאור זאַקס פאַרעפנטלעכט אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל: „פערהעלטניסע דער יודען אין רוסלאַנד" (איז־ראַעליט. אַננאַלען, 1840, נומ' 21, 23).

6. וועגן ר' מנשה איליער איז דאָ אַ היפּשע ליטעראַטור, צ.ב.: דער רוסישער אַר־טיקל פון שמואל ראָזענפעלד: „ר' מענאַשע איליער (בען פּאָראָס), אין זאַמלבוך „פּע־רעזשיטאָיע", ב' 4, סט. פּעטערבורג, 1913, ז"ז 65־98.

7. וועגן מרדכי אהרן גינצבורגס לעבנס־געשיכטע: יעווראעיסקאיא ענציקלאָפּעדיאַ, ב׳ 6, ז״ז 537־539.

8. וועגן שניאור זאַקסן זעט: ש״ב. שוואַרצבורג; שניאור זק״ש (תקע״ר־תרנ״ג). אין: „סטאַדיס אין דזשואיש ביבליאָגראַפי ענד רילייטעד סאַבדזשעקטס״ (ז. באַמערק. 10 אונטן). ז״ז מד־קיט, אויך אהרן ניר: שניאור זק״ש, תל־אביב, תרפ״ח, און אין דער יעווראעיסקאיא ענציקלאָפּעדיאַ, ב׳ 7, ז״ז 653־654.

9. דער דאָזיקער פאַל ווערט באַשריבן אין אַן אַנאָנימער קאָרעספּאָנדענץ פון זשאַגער אין י. מ. יאָסטס „איזראַעליטישע אַנאַלען״. ב׳ 3, 1841, ז׳ 366.

10. אַזוי כאַראַקטעריזירט א. ש. זאַקס די גייסטיקע לאַגע אין ליטע און זשאמוט מיט הונדערט יאָר צוריק אין זיין זייער אינטערעסאַנטן מעמואַריסטישן עסעי וועגן א. ש. פריידוס „פון אמונה צו השכלה״ אין דעם ווערק: סטאַדיס אין דזשואיש ביבליאָגראַפי ענד רילייטעד סאַבדזשעקטס אין מעמאָרי אָוו א. ס. פריידוס. ניו־יאָרק, 1929, ז״ז 31־39. (רוימישע נומעראַציע).

11. וואָרשיינלעך שטאַמט דער אויסדרוק „חכמי זאַגער״ פון שניאור זאַקסן, וועלכער האָט אַמאָל אין א נעקראָלאָג־אַרטיקל וועגן א בן־עיר זיינעם, שמעון הורוויטש, זיך אויסגעדריקט וועגן זשאגער: „עיר מלאה חכמים וסופרים״. „הלבנון״, שנה ה׳, עמ. 370.

12. „חיים זאַק ווערט מיט רעכט פאַררעכנט פאַר דעם פאָטער פון דער השכלה באַוועגונג, שרייבט א. ש. זאַקס („פון אמונה צו השכלה״ ז. 33 רוימ. נומ.) געוויסע ידיעות וועגן חיים זאקן געפינט מען אין אויבנדערמאַנטן ביאָגראַפישן ווערק פון אהרן ניר „שניאר זק״ש״ (אויבן, באמערק. 8) זז. 8־9, וואו ס׳ווערן אויך ציטירט געוויסע ביבליאָגראַפישע מקורים חוץ דעם וואָס שניאר זק״ש אליין האָט וועגן חיים ז״ק׳ן געשריבן.

13. זייער אינטערעסאַנט איז דער טאָגבוך פון „ערשטן יידישן סטודענט אין רוסלאַנד״ (י. ל. מאנדעלשטאם) און די קולטור־היסטאָרישע הקדמה פון שאול גינזבורג צו אים, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין רוסישן זאַמלבוך „פּערעזשיטאָיע״ ב׳ 1, פּעטערבורג, 1909, ז״ז 1־50.

14. פון א. ש. זאַקסעס מעמואַריסטישן עסעי „פון אמונה צו השכלה״ (ז. אויבן באַמערק. 10).

15. ד״ר חיים זשיטלאָווסקי: „זכרונות פון מיין לעבן״, ב׳ 3, ניו־יאָרק, 1940, ז׳ 8.

16. א. ש. זאַקס „פון אמונה צו השכלה״ (אויבן באַמערק. 10); ז. חיים זשיטלאָווסקים ערינערונגען וועגן ש. אנסקי אין ד״ר ח. זשיטלאָווסקי: זכרונות פון מיין לעבן, ב. 1, זע 32־33. (דאָרט ווערן געבראַכט נאָך אנדערע פּרטים וועגן געוועזענעם לענקעווער רב).

17. דער פאַמיליע־נאָמען זאַקס אָדער זק״ש קומט אַרויס פון די ראָשי־תיבות (איניציאלן) „זרע קדש שניאר״, פּונקט ווי דער פאַמיליע־נאָמען ז״ק פון „זרע קדש״, דאָס מיינט — פון דעם זאָמען — פון קדושים, אָדער מאַרטירער, וואָס זיינען געשטאָרבן „על קידוש השם״. מאַנכע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן בנ־ציון וואָלף זאַקס אַנטהאַלט א. ש. זאַקס׳ס אָפּט פון אונז דערמאָנטער עסעי „פון אמונה צו השכלה״, באַזונדערס די פוס־נאָטיץ אויף זייט 37 ר. נומ., פון וועלכער מיר קענען זען די פאַרבינדונג צווישן א. ש. זאַקס׳ס פאָטער און דעם „אפיקורסישן רב״, ראַבינאָוויטש, פון לענקעוו.

18. „ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס״, פון משה שטאַרקמאַן אין „שטודיעס אין סאָציאלער וויסנשאַפט״, לכבוד דעם 50סטן געבורטס־טאָג פון א. ש. זאַקס, רעדאַקטירט פון ב. צ. גאָלדבערג, ניו יאָרק, 1930, 202 זייטן.

די דאָזיקע ידיעות וועגן זיין פאָטער האָט משמעות א. ש. זאַקס פּערזענלעך דערציילט משה שטאַרקמאַנען, דעם פאַרפאַסער פון אָט דער ביאָ־ביבליאָגראַפיע.

19. „פון אמונה צו השכלה" (ז. אויבן באַמערק. 10).

20. דער באַוואוסטער אַרבעטער־טוער, איינער פון די גרינדער און כסדרדיקער פּרעזידענט פון דער „אמאלגאמייטעד קלאָדהינג וואורקערס יוניאָן, סידני הילמאַן, איז אויך א זשאגערער (געב. 1887). ער האָט אויך דורכגעמאַכט א וועג פון „אמונה צו השכלה און צום סאָציאליזם", האָט געלערנט אין סלאָבאָדקער ישיבה, האָט אָנטייל גענומען אין די אומלעגאלע קרייזלעך פאר זעלבסט־בילדונג, האָט אָרגאניזירט א סטרייק אין קאָוונע אאַז״וו, זעט הילמאַנס לעבנס־געשיכטע (אין ענגליש): דזשאָרדזש סאָול: סידני הילמאַן — לייבאָר סטייטסמאַן, ניו־יאָרק, 1939, ז״ז 6־8. זעט אויך ווהו׳ז ווהו׳ אין אַמעריקאַן דזשורי, ניו־יאָרק, 1939, ז׳ 440.

21. שאוולי, „ענציקלאָפּעד. סלאָוואַר בראָקג.־עפראָן", ספּ״ב. 1903, ב׳ 39, ז׳ 90. די גאַנצע זשאַמוטער פאָלקס־גרופּע איז אין אָנפאַנג 20טן י״ה געשאַצט געוואָרן אין 448,022 נפשות (ענסיקלאָפּעדיאַ בריטאַניקא, 1911, ב׳ 23, ז׳ 874)„ און אויב מען רעכנט, אַז 15־20 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל זשאַמוטער זיינען געווען יידן, מוז מען דאַן קומען צום אויספיר, אַז מיט 40־50 יאָר צוריק האָבן אין גאַנץ זשאַמוט געלעבט אַרום 80,000 יידן.

22. אופּני־אַרסקי, אויבן־דערמאָנטע ווערק (באַמ. 1, אויבן), ז׳ 256.

23. וועגן די יידישע שולן אין ליטע נאָך דער וועלט־מלחמה (1914־1919) זעט אַרטיקל פון ב. ג. אין „שול־אַלמאַנאַך", פילאדעלפיא, 1933, זז. 302־306.

24. וועגן זשאַגער (זאַגער) מיט 50 יאָר צוריק (ד״ה אַרום 1890) אויפן סמך פון פון דער „פּאמיאטנאיא קניזשקאַ קאָוונענסקאַי גובערניי" פאַרן יאָר 1899, זעט אין „ייוואָ בלעטער" ב. 14, נומ. 5, מאַי, 1939, זז. 475־479.

II

# קאמף־יאָרן אין ליטע און פוילן

## א

צו 15־14 יאָר איז זאקס געקומען אין דער קרייז־שטאט שאוול כדי דאָרט צו לערנען גמרא און זיך צו פארפולקאָמען אין זיין וועלטלעכער ביל־דונג. ער האָט זיין יידישע בילדונג אָבער אויך ניט פארלאָזן. בעת ער פלעגט זיך צוגרייטן צו די עקזאמענס אין גימנאזיע, אין די מאָרגן־שעה׳ן ביז ארום ניין אין דער פרי, פלעגט ער רעגלמעסיק לערנען יעדן טאָג א פאָר בלאט גמרא, און אין לויף פון טאָג פלעגט ער זיך סיסטעמאטיש גרייטן צום מאטורא־עקזאמען ביי דער שאוולער גימנאזיע. דעם עקזאמען האָט ער אָפּגעגעבן אין יאָר 1899 און זיין דיפּלאָם האָט אים בארעכטיקט זיך צו פארנעמען מיט דער לערער־פּראָפעסיע.

קורץ נאָך זיין אָנקומען אין שאוול, דאָס הייסט ארום 1894, איז ער צוגעשטאַנען צו די דאָרטיקע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. צו 18 יאָר, אין 1897 איז ער שוין געפאָרן קיין ווילנע מיט דער געהיימער שליחות צו ברענגען פון דאָרט אומלעגאַלע ליטעראַטור. ער האָט מיטגעבראַכט פון ווילנע א גאַנצן פעקל רוסישע ביכער און ביכלעך, וואָס אייניקע פון זיי האָט ער שפּעטער, ווי מיר וועלן זען, אליין איבערגעזעצט אין יידיש.

שאוול, א קרייז־שטאָט אין צפון־מערב פון קאָוונער גובערניע, בלויז א 50־40 קילאָמעטער פון מיטאווע אין קורלאנד, האָט אין סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט געהאַט אַרום 17 טויזנט איינוואוינער. אַ גוטע העלפט פון זיי זיינען געווען יידן.[1] א סך פון זיי זיינען געווען האָרעפּאשנע בעל־מלאכות און אָרימע קרעמערס. וויסן דארף מען, אז אין זשאמוט, נאָך פיל מער ווי אין די איבעריקע טיילן פון צארישן רוסלאַנד, איז דער האנדל קיינמאָל ניט געווען די איינציקע אָדער אפילו די פארשפרייטסטע באשעפ־טיקונג ביי יידן. אויך מלאכה און אַנדערע אַרבעטאָרישע פרנסות האָבן אין זשאמוט געשפּיזט גרויסע טיילן פון דער יידישער מאסע, און אָפט פלעגן דאָרט יידן ארבעטן ביי די שווערסטע און אנשטרענגנדיקסטע פיזישע מלאכות.[2] אין שאַוול זיינען געווען עטלעכע צענדליק פאבריקן און זאוואָדן, ווי א פאָר לעדער־גארבערייען, ביר־ברויערייען, מילן, שנאפּס־ברענערייען,

א טאבאק־פאבריק א. אנד. אין זיי האָבן געארבעט ארום 700 ארבעטער, צווישן זיי א היפשע צאָל יידן. די שטאָט האָט געהאט צוויי גימנאזיעס (פאר יינגלעך און מיידלעך), א יידישע רעגירונג־שול און עטלעכע פאָלק־שולן. פון אָט די בילדונג־אנשטאלטן האָט זיך רעקרוטירט די פאָלקס־אינ־טעליגענציע און פון זייערע רייען זיינען ארויסגעקומען די ערשטע פּראָפּאַ־גאַנדיסטן פון ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע געדאַנקען צווישן דער אָרטיקער אַרבעטערשאַפט. צו זיי איז אויך צוגעשטאַנען א. ש. זאַקס, וואָס האָט נאָך אַלס בחורל געשפּירט אן אויסערגעוואוינלעכן אינטערעס צו סאָציאַלע פּראָ־בלעמען און פּאָליטישע פראגן.

שוין אין אָנפאנג פון די 90ער יאָרן זיינען צווישן די יידן אין ליטע געווען פארשפרייט סאָציאליסטישע קרייזלעך פון ארבעטער און אינטעלי־גענטן. זייער הויפּט־אויפגאבע איז געווען ניט אזוי די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציע פון די ארבעטער און די פירונג פון עקאָנאָמישן קאמף, ווי די צוגרייטונג פון א באוואוסטזיניקער ארבעטער־אינטעליגענץ, וואָס זאָל מיט דער צייט קענען אָנפירן די סאָציאליסטישע ארבעט. אין די קרייזלעך האָט מען זיך דערפאר פארנומען דערהויפּט מיט בילדונג. מען האָט גע־לערנט מיט די יידישע ארבעטער קודם כל די רוסישע שפּראך, כדי זיי צו פארשאפן א צוטריט צו דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראטור און צו בילדונג בכלל, באשר אין יידיש איז נאָך קיין באלערנדיקע ליטעראטור אזוי גוט ווי איינגאנצן ניט געווען. אין די קרייזלעך האָט מען געפירט די ארבעט אויף רוסיש, אָדער ריכטיקער אויף יידיש־רוסיש, אָדער א „רוסיש־יידיש" געמישטער שפּראך. וויטער האָט מען געלערנט מיט די ארבעטער נאטור־וויסנשאַפט און אַנדערע וויסנשאַפטן, און נאָר מיט די מער אַנטוויקלטע האָט מען געלערנט אויך פּאָליטישע עקאָנאָמיע און מאַרקסיזם. דער הויפּט־צענטער און אָט דער אונטערערדישער באוועגונג צווישן די יידישע אר־בעטער איז געווען ווילנע. דאָרט האָט א גרופּע יידישע סאָציאל־דעמאָ־קראטן אָרגאניזירט די סאָציאליסטישע ארבעט אין א ריי שטעט פון יידישן תחום. אין די יאָרן 1892־1895 ווערן געשאפן פארבינדונגען צווישן דעם ווילנער קרייזל מיט סאָציאליסטישע גרופּעס אין קאָוונע און ס'ווערט אויך אָרגאַניזירט דער ליטווישער בערשטער ראיאָן. אומעטום האָט ווילנע די פירונג און די ווילנער גרופּע ווערט באטראכט ווי א גייסטיקער צענטער. די ווילנער צייכענען זיך אויס מיט זייער געניטשאַפט, מיט זייער מאַרקסיס־טישער בילדונג און זייער אָרגאניזיר־טאלאנט. ווילנע באזאָרגט אויך די אַלע שטעט מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אויפן אָרט, אין ווילנע גופא (די ערשטע צייט געשריבן מיט דער האַנט אָדער העקטאָגראַפירט). אויך די מחברים פון דער נייער סאָציאליסטישער לי־טעראטור אויף יידיש געהערן כמעט אַלע אויסשליסלעך צו דער ווילנער

גרופּע, דער איינציקער אויסנאַם איז מינסק, וואו עס האָט זיך געפירט צום טייל א זעלבסטשטענדיקע ליטעראַרישע טעטיקייט.[3]

אין שאַוול האָט זאַקס געהערט צו דער קליינעד צאָל פּראַפּאַגאַנדיסטן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט אַרבעטער בילדונג גרופּעס. ער האָט אָבער אויך געהאָלפן צוגרייטן פּראָקלאַמאַציעס און אָרגאַניזירן סטרייקס, באַזונדערס צווישן די לעדער־אַרבעטער, די שווער עקספּלואַטירטע און אין די געפּער־לעכסטע באַדינגונגען אַרבעטנדיקע גאַרבערס אין די 3־4 לעדער פאַבריקן פון שטאָט. די גאַנצע ליטעראַטור פלעגט קומען פון ווילנע, וואוהין זאַקס איז, ווי מיר ווייסן שוין, געפאָרן ווען ער איז אַלט געווען אַרום 18 יאָר. מיר זעען, אַלזאָ, אַז ער איז געווען איינער פון די וואָס האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן „בונד" אין שאַוול און איר קרייז. אין יאָר 1897, ווען דער „בונד", די ערשטע ריין יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פאַרטיי, איז געגרינדעט געוואָרן, איז שוין אויך שאַוול געווען צווישן די געציילטע יידישע שטעט וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער נייער אָרגאַני־זאַציע גלייך פון איר ערשטן טאָג אָן.[4] זאַקס האָט פון ווילנע געבראַכט דעם פּאָפּולערסטן טעקסט־בוך פון עקאָנאָמישער וויסנשאַפט פאַר די אומ־לעגאַלע קרייזלעך — א. באָגדאַנאָווס לער־בוך פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. ער האָט אָבער די דאָזיקע שריפט געמוזט פריער איבערזעצן אין יידיש, איידער זיין בילדונג־גרופּע אין שאַוול האָט געקענט געניסן פון אָט דעם פּאָפּולערן ווערק. זייער ווייניק יידישע אַרבעטער אין שאַוול האָבן שוין אויף אַזוי פיל באַהערשט רוסיש, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין אַן ערנסטן פּאָפּו־לער־וויסנשאַפטלעכן בוך. שפּעטער, שוין זייענדיק אין וואַרשע, האָט זאַקס זיין יידישע באַאַרבעטונג פון באָגדאַנאָווס שריפטן אַרויסגעלאָזן אין בוך־פאָרם. די עקאָנאָמיש־פילאָזאָפיש לערעס פון אָט דעם רוסישן סאָציאַל־עקאָנאָמיסט, א. באָגדאַנאָוו, האָבן געהאַט, ווי מיר וועלן באַלד זען, אַן אַנט־שיידנדיקע ווירקונג אויף זאַקס'ס וועלט־אַנשויאונג און האָבן אין א באַ־שטימטער מאָס זיינע סאָציאַל־פילאָזאָפישע אָנזיכטן באַאיינפלוסט אויפן גאַנצן לעבן.

אינצווישן האָט זאַקסעס רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין שאַוול אָנגעצ־פאַנגען צו ציען צו זיך א שאַרפע אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי. אין 1899 איז זאַקס'ן פאַרגעשטאַנען אַרעסטירט צו ווערן, ווייל די פּאָליציי איז געפאַלן אויף דעם שפּור פון א פּראָקלאַמאַציע וואָס ער האָט פאַרפאַסט. אין פאַרבינדונג מיט דער אויסשפּרייטונג פון „בונד" איז אָבער די אַרבעט פון אַזאַ איבערגעבענעם און אינטעליגענטן פּראָפּאַגאַנדיסט און לערער, ווי זאַקס, ביי די פאַרטיי־פירער געווען זייער אָנגעלייגט. איבערצולאָזן אַזאַ קראַפט אין אַן אָפּענער, אומבאַשיצטער פּאָזיציע אויפן קאַמף־פראָנט קעגן דער זעלבסטהערשאַפט און דעם קאַפּיטאַליזם, ד. ה. צו האַלטן זאַקסן אין

אַזאַ אומבאַדייטנדיקן רעוואָלוציאָנערן צענטער ווי שאַוול, וואָלט פּשוט גע־הייסן אים מיט די אייגענע הענט אויסצוליפערן צו דער פּאָליציי. זי, וואָלט אים אויף יאָרן איינגעשפּאַרט אין תפיסה, אָדער וואָלט אין בעסטן פאַל אים פאַרשיקט קיין סיביר. האָבן די פּאַרטיי־פירער באַשלאָסן אַריבערצופירן זאַקסן אין אַ פיל גרעסערן און וויכטיקערן יידישן אַרבעטער צענטער — אין וואַרשע, וואוהין זאַקס איז אַוועקגעפאָרן אין סוף פון יאָר 1899.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע איז ווייט געבליבן הינטער אַנדערע שטעט. איינע פון די אורזאַכן פון אָט דער דערשיינונג איז געווען אַזאַ: די ברייטע יידישע אַרבעטער־שיכטן האָבן ניט גערעדט און ניט געלעזן אויף פּויליש. זייער שפּראַך איז געווען יידיש. די פאָרשטייער פון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען זיי וואָלטן שוין געוואָלט, וואָלטן זיי אויך ניט געקענט גאָרנישט טאָן צווישן די יידישע אַרבעטער. די גאַנצע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור פאַר די פּוילישע אַרבעטער איז געווען פאַר די יידישע אַרבעטער אומפאַרשטענדלעך. דעריבער איז די יידישע אַרבעטערשאַפט געשטאַנען גאַנץ אָן אַ זייט פון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. די פאָרשטייער פון פּוילישן סאָציאַליזם האָבן אויף דעם יידישן אַרבעטער קיין איינפלוס ניט געהאַט. די פּוילישע אַרבעטער באַוועגונג איז אַלץ געוואַקסן, האָט זיך אַלץ געשטאַרקט, זי האָט אַרומגענומען אַלץ גרעסערע טיילן פון דער אַרבעטער־מאַסע. דער יידישער פּראָ־לעטאַריאַט איז אָבער געבליבן אין אייביקן שלאָף, ווי פאַרשטיינערט. שוין אין 1896־1897 האָבן די פּוילישע אַרבעטער אין וואַרשע אפילו אין די האַנטווערקער־וואַרשטאַטן זעלטן געאַרבעט מער ווי 12 שעה אין טאָג, די יידישע אַרבעטער האָבן אָבער געאַרבעט 14־16 שעה און 18 שעה אויך. פּוילישע קליידער־און וועש־נייטערקעס האָבן געאַרבעט 10־11 שעה, אָבער די יידישע נייטערקעס האָבן געשקלאַפּט 12־14 שעה אין מעת־לעת. אפילו אין אַ סך פאַבריקן האָבן די קריסטן געאַרבעט ווייניקער פון די יידן.[5]

די יידישע אינטעליגענץ אין פּוילן האָט אָן דעם יידישן אַרבעטער אינגאַנצן פאַרגעסן. די יידישע אינטעליגענטן זיינען געווען פּאָליאַקן מיט לייב און נשמה, די פּוילישע שפּראַך איז געוואָרן זייער שפּראַך, די פּוילישע ליטעראַטור זייער ליטעראַטור. די יידישע אַרבעטער־מאַסע האָט פאַר זיי גאָרניט עקזיסטירט. פאַר דער גאַנצער צייט, דאָס הייסט פון דעם אָנפאַנג פון דער פּוילישער באַוועגונג ביזן יאָר 1897, האָט מען פאַר די יידישע אַרבעטער אַרויסגעגעבן בלויז איין אומלעגאַלן ביכל — „ווער פון וואָס לעבט". די יידישע פּאָלאָניזירטע אינטעליגענטן זיינען געווען זייער נוצלעך פאַר דער פּוילישער אַרבעטער־מאַסע, אָבער זיי זיינען געווען ווייט און פרעמד צו זייערע אייגענע יידישע האָרעפּאַשנע ברידער. זיי, די יידישע אינטעליגענטן, זיינען ניט אַריינגעגאַנגען אין די אינטערעסן פון דער יידי־

שער אַרבעטער־מאַסע. במילא זיינען די יידישע אַרבעטער, אַזש ביז 1900, געבליבן בלינד, אומאַנטוויקלט, פאַריאָגט, נידערגעשלאָגן, אָן פאַרשטאַנד און אָן פאַרלאַנג אפילו צו קעמפן פאַר זייערע לעבנס־אינטערעסן.

ארום דעם אָנפאַנג פון נייעם יאָרהונדערט האָט די לאַגע אָנגעהויבן א ביסל בעסער צו ווערן. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט באַקומען אייגענע טוער און פירער וואָס האָבן פאַרשטאַנען זייער פליכט אנטקעגן דער יידישער אַרבעטער־מאַסע און אַנטקעגן די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער. די נייע טוער האָבן זיך גענומען אָט די אינטערעסן צו באַשיצן. א שווערע אַרבעט איז אָבער אָט דער הייפל יידישע פּראָפּאַגאַנדיסטן אין וואַרשע פאַר־געשטאַנען, נעמלעך: אויפוועקן די יידישע אַרבעטער־מאַסע פון איר שלאָף, באַקעמפן איר גלייכגילטיקייט, געבן איר פאַרשטאַנד, צוגעבן איר מוט, אַנט־וויקלען אין איר דעם וואונטש צו שטרייטן מיטן קאַפּיטאַל און מיט די אַנדערע שונאים פון אַרבעטער־קלאַס.[6]

אין אָט אַזעלכע אומשטענדן איז אויפן גורל פון אַזא געניטן און גע־טרייען פּראָפּאַגאַנדיסט ווי א. ש. זאַקס אויסגעפאַלן אין וואַרשע א זייער וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלע. איז ער דאָך דאָרט געווען איינער פון די ווייניקע וואָס האָבן גערעדט צו דער יידישער אַרבעטער־מאַסע אין זייער אייגענער שפּראַך, האָט גוט פאַרשטאַנען זייערע אינטערעסן און האָט געקענט אַפּעלירן צו זייערע עטישע און קולטורעלע טראַדיציעס, וואָס האָבן זייער יניקה געצויגן פון די טיפעניש פון אונזער טויזנטיעריקער געשיכטע און מאָראַל, פון די גייסטיקע אוצרות פון יידישקייט מיט אירע אוראַלטע באַגריפן פון סאָציאַלן יושר און געזעלשאַפטלעכן אמת. אין אָט די אוצרות האָט זאַקס זיך געגראָבן, לערנדיק תנ"ך, תלמוד און מדרש, כמעט צוויי צענדליק יאָר איידער ער איז געקומען קיין וואַרשע. און דאָרט האָט ער גלייך געפונען א ברייטן פלאַץ פאַר זיין בילדונג־אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער.

## ב

זאַקס איז אין וואַרשע ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער פּאַרטיי־טוער פון „בונד". די פּאַרטיי איז דעמאָלט נאָך געווען צו קליין און אָרים צו האַלטן אַזעלכע „פּראָפעסיאָנאַליסטן". ער איז געווען פּריוואַט־לערער און רעפּעטיטאָר, אָבער גלייכצייטיק האָט ער געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע אין די אַרבעטער־קרייזלעך וועלכע ער האָט געגרינדעט. דער אינטערעס צו פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז דעמאָלט געווען א שטאַרק לעבעדיקער.[7] אַלס לערן־ביכל האָט געניצט זיין אייגענע יידישע איבערזעצונג פון א. באָגדאַ־נאָווס באַרימטן ווערק אונטערן טיטל „קורצער קורס פון עקאָנאָמישער

וויסנשאפט.[8] אָט דאָס ווערק, וואָס איז צוערשט ארויס אין 1896, איז באַלד געוואָרן דער פאַרשפרייטער רוסישער טעקסט־בוך פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין די קאָנספּיראַטיווע, אונטערערדישע קרייזלעך אין צארישן רוסלאנד, וואָס האָבן צוגעגרייט די שטורעמדיקע געשעהענישן פון 1904־1905. זאקס דעם לערער איז דעמאָלט ניט לייכט געווען צו געפינען די ריכטיקע יידישע אויסדריקן און טערמינען פאר די פונדאמענטאלע באגריפן פון דער עקאָנאָמישער וויסנשאפט. אזא באגייסטערטער און באגאבטער לערער ווי ער איז פון אזא שטערונג ניט אריינגעפאלן אין פארצווייפלונג. ער האָט אליין געגומען שאפן נייע יידישע וויסנשאפטלעכע טערמינען. זיינע תלמידים, די ארבעטער, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל פארזוכט דעם טעם פון וועלטלעכער בילדונג און פון בילדונג בכלל, האָבן דעם יונגן לערער זייער רעספּעקטירט. אגב האָט זאקס זיך געהאלטן צו זיינע תלמידים ניט בלויז ווי א לערער, נאָר ווי זייערס גלייכן. אין די אינטערעסן פון שטרענגער קאָנספּיראַציע האָט ער געארבעט אונטערן נאָמען „זלמן", און זיינע אָנהענגער האָט מען דעריבער גערופן „זלמאנאָווצעס". צוליב זיין דעמאָקראַטישן כאראקטער און געגנערשאפט צו קליינלעכע פּשרות מיטן געוויסן אין נאָמען פון פּארטיי־עגאָיזם אָדער פּרעסטיזש, איז זאקסן שוין אין יענער צייט, אין פאָרפרילינג פון זיין קאמף פאר די ארבעטער־אידעאלן, אויסגעקומען צו ליידן פון רייבונגען און סכסוכים מיט די טאָן־געבער פון דער באוועגונג. אָט די רעדל־פירער האָבן געקוקט אויף זייערע נאָכפאָלגער ווי אויף אַ מאַסע, וואָס איר עיקר אויפגאַבע איז צו זיין אַ רויער מאטעריאל אָדער די ציגל פון וועלכע די באוועגונג ווערט געבויט. זאקס, פון דער צווייטער זייט, פלעגט זיך שטענדיק איינשטעלן און קעמפן פאר די רעכט פון דער מאסע גופא, כדי יעדער יחיד זאָל ניט איינזינקען ווי א שטיין אין גרויסן ים פון פּראָלעטאַרישן המון, נאָר זאָל, ווי אַ באַוואוסט־זיניקער מאן אָדער פרוי, אויסלעבן זיך פול און פריי, ווי א מיטגליד פון איין ריזיק־גרויסער פאַמיליע — דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט — וואָס וועט, ניט היינט איז מאָרגן אָדער איבערמאָרגן, ווערן די פאראייניקטע מענטשהייט און וועט אַרומנעמען די גאַנצע וועלט. דעריבער איז זאַקס'ס שיטה אין דער באוועגונג, שוין פון די ערשטע זעלבסטשטענדיקע שריט אָן, געווען אזא: געבן דעם ארבעטער־עולם מער פּראפּאָגאנדע ווי אַגיטאציע; מער זעלבסטשטענדיקן דענקען ווי בלינדע נאכפאָלגערשאפט; מער פאַר־טיפונג ווי פאַרברייטונג.[9]

די פּאָליציי האָט וואכזאם געהיט און נאָכגעשפּירט די ארבעט פון אלע פּראפּאָגאנדיסטן צווישן די יידישע ארבעטער, און האָט באזונדערס געלויערט אויף די יידישע ראדיקאלע פאָלקס־אינטעליגענטן וואָס זיינען אָנגעפאָרן קיין

וואַרשע פון דער ליטע. אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט איז די רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע שאַרפער געוואָרן מיט יעדן מאָנאַט. פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס, אַרבעטער־אומרוען, סטרייקס און בלוטיקע אָנפאַלן אויף פּאָליציי־באַאַמטע האָבן אין יענע יאָרן צוגעגרייט דעם גרויסן אויפברויז פון 1905. איבעראַל צווישן די אַרבעטער און אינטעליגענטן האָט געיערט און געקאָכט מיט דעם יוגנטלעכן צאָרן און האַס צום צאַריזם, און אַרעסטן פלעגן פאָרקומען אויף רעכטס און לינקס. דעם 22טן אַפּריל 1901 איז זאַקס אינמיטן גאַס אַרעסטירט געוואָרן, און כמעט דעם גאַנצן זומער איז ער אָפּגעזעסן אין וואַרשעווער ציטאַדעל, אין אַן איינצל־קאַמער פון דעם טרויעריק־באַרימטן צענטן פּאַוויליאָן, וואו מ׳פלעגט האַלטן איינגעשפּאַרט די „פּאָליטישע פאַרברעכער״. שפּעטער האָט מען אים אַ צווייטן מאָל אַרעסטירט, און דערנאָך ערשט באַפרייט. אַרום און אַרום איז ער אָפּגעזעסן הינטער די אייזערנע גראַטעס, אַן אַ לעבעדיקן נפש מיט זיך אין קאַמער, ניין מאָנאַטן צייט. נאָך דער באַפרייאונג האָט ער פאַרבראַכט אין וואַרשע אַ יאָר צוויי און איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אונטער דער שטרענגסטער פּאָליציייאישער אויפזיכט.

אַן איינזאַמער און עלנטער, אָפּגעריסן פון זיין פאַמיליע, אָן אַ קרוב אָדער אַ גואל, וואָס זאָל אים כאָטש ברענגען די דערמוטיקונג און טרייסט פון רעגלמעסיקע באַזוכן אין געפענגעניש, האָט זאַקס געמוזט אויסשטיין אין משך פון דריי־פערטל יאָר די פיזישע און גייסטיקע יסורים פון פעסטונג־רעזשים. בלויז צוויי ליכטיקע מאָמענטן איז אים באַשערט געווען איבערצולעבן אין יענער ביטערער און פינצטערער צייט. אַ שטראַל ליכט אין חושך פון זיין אַרעסטאַנטן־לעבן האָט אַריינגעטראָגן אויף אַ ווײַלע דער באַזוך פון זיין געליבטן אַלטן פאָטער ר׳ ב ציון וואָלף, וואָס איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון זשאַגער קיין וואַרשע צו זען זיך מיט זיין זון און מיט וואָס נאָר מעגלעך צו פאַרלייכטערן דעם זונס געדריקטן געמיט. גאָר, גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אַלטן זאַקס, פאַר זיין ברייטן קוק, טאָלעראַנץ און פרייהייטלעכע נייגונגען איז אָט דער פאַקט: אַליין אַ מענטש פון דער „אַלטער וועלט״, אַ גרויסער תלמודיסט און אַ ייד וואָס האָט געפירט אַ פרומען שטאַט, האָט ער דאָך מיט קיין איינציקן וואָרט אפילו ניט געטאַדלט און געשטראָפט זיין זון הלמאַי יענער לאָזט זיך אוועק אויף „געפערלעכע וועגן״ פון אַ „מורד במלכות״, אַ רעוואָלוציאָנער. גאָר פאַרקערט; דער אַלטער זאַקס האָט אָפן סימפּאַטיזירט מיט זיין זונס קאַמף־גייסט, וואָס טרייבט אים, ווי טויזנטער אַנדערע ערלעכע יידישע יונגע לייט און פרויען, צום קאַמף קעגן דעם צאַריזם און דעם סאָציאַלן אומיושר. אַ צווייטער ליכטיקער מאָמענט איז געקומען פאַרן אַרעסטירטן זאַקסן ווען ס׳האָט זיך אויף אַ ברידערלעך־וואַרעמען אופן אָפּגערופן זיין עלטסטער ברודער נחמן

פון דער ווייטער דרום־אַפריקע און האָט אים אַריינגעשיקט 100 דאָלער, וואָס איז, לויט די חשגות פון יענער צייט, געווען א זייער היפּשע סומע געלט. דער דאָזיקער טעטיקער אויסדרוק פון סימפּאַטיע און הילף מצד א ווייט־נאָענטן מענטש, זאָל דאָס אפילו זיין א לייבלעכער ברודער, האָט אזוי טיף גערירט דעם שטענדיקן גוטהארציקן זאַקס, אז ער האָט זיין דאנק־געפיל אַרומגעטראָגן אין זיין נשמה כמעט דרייסיק יאָר, ביזן סאמע לעצטן אָטעמצוג. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער דעם חוב גוטגעמאכט אין א געפיל פון טיפסטער אנערקענונג און דאנק צו זיין ברודער, וועלכן ער האָט כמעט פערציק יאָר ניט געזען.

אויך אַ שוועסטער זאַקסעס — טשעסנאַ — האָט מיט דעם וואַרימסטן מיטגעפיל זיך באַצויגן צו די ליידן פון איר ברודער. זי האָט אים געהאָלפן מיט שפּייז־פּאַקעטן און פלעגט כסדר ווירקן אויפן פּאָטער, אַז ער זאָל פאַרן זיך זען מיט זיין זון אין תפיסה. זי האָט בכלל געהאַט אַ זעלטן־טיפע מענטשנליבע צו אַלע אָרעמע און ליידנדיקע. אין שטאָט פלעגט מען זי רופן „טשעסנאַ די הייליקע". זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַ מאַן מיט זעקס קינדער.

קורץ פאַר דעם ארעסט האָט זאַקס איבערגעגעבן דעם מאנוסקריפּט פון זיין באגדאנאָוו איבערזעצונג דעם שריפטשטעלער ח. ד. נאָמבערג, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט צום באקאנטן ווארשעווער פארלאג „פּראָגרעס", וואָס האָט געהערט צו יעקב לידסקי. אין 1902 האָט דער דאָזיקער פארלאג דעם ערשטן טייל פון זאקסעס באארבעטונג פון באגדאנאָווס ווערק ארויס־געגעבן — אַלס אַ ביכל פון 81 זייטן באַטיטלט „די עקאָנאָמישע לערע, באַ־אַרבעט נאָך א. באָגדאַנאָוו". אברהם רייזען, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צום פארלאג „פּראָגרעס" דערציילט אין זיינע „ליטעראַרישע ערינע־רונגען" („עפּיזאָדן פון מיין לעבן"), אז באגדאנאָווס פּאָליטישע עקאָנאָמיע אין א. ש. זאקס'ס באארבעטונג איז געווען דאָס ערשטע פּאָליטיש־עקאָנאָ־מישע ביכל אין יידיש בכלל, און עס איז געווען א שווערע ארבעט מיט דער צענזור. עס איז געווען א ספק צי דער צענזאָר וועט עס דערלויבן . . .[16] אַלס יסוד פון זיין קורס האָט באגדאנאָוו אוועקגעלייגט די אָנזיכט, אז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז די וויסנשאפט וועגן די גרונטזאצן פון דער גע־זעלשאפטלעכער פּראָדוקציע און וועגן זייער היסטאָרישער אנטוויקלונג. דאָ ווערן אין אָנהויב געגעבן „די אלגעמיינע באַגריפן" פון דער דאָזיקער וויסנשאפט, ווי צ. ב. די פּראָדוקציע אָדער דער באַגריף פון געזעלשאפט־לעכער נוצלעכקייט אָדער פון געזעלשאפטלעכן קאָסטן־פּרייז א. ד. גל. דאַן גייט מען איבער צום פּראָצעס פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג גופא. אָבער ביי באגדאנאָוו־זאקסן ווערט אָט דער ענין, דער גאנג פון דער עקאָנאָ־מישער אנטוויקלונג, ניט באהאנדלט טרוקן־אבסטראקט און דאָגמאַטיש, דורך

קורצע פאָרמולעס וואָס אפעלירן ווייניק צום ניט־פאַכמאַן אין דער סאָציאַלער וויסנשאפט, נאָר זיי ווערן באהאנדלט אין א בילדלעך־לעבעדיקער פאָרם וואָס מאכט א שטארקן רושם. עס ווערן, נעמלעך, באשריבן און כאראַק־טעריזירט איינער נאָכן אנדערן, לויט זייער געשיכטלעכן סדר נאָך, די פעריאָדן און עפּאָכעס פון עקאָנאָמישער אנטוויקלונג, ווי א שטייגער דער אלטער, פרימיטיווער קאָמוניזם, וואָס האָט עקזיסטירט ביי אזוי פיל שבטים און קלאַנען. דאַן קומט דער פעריאָד פון דער שקלאַפעריי, פון פעאָדאליזם, פון די צעכן, און ענדלעך דער קאפיטאליסטישער פעריאָד, די הערשנדיקע עקאָנאָמישע סיסטעם אין יענער צייט, מיט איבער 50 יאָר צוריק.

די שריפט, וואָס זאקס האָט פארפערטיקט צום דרוק ביז זיין ארעסט, אין 1901, האָט ארומגענומען בלויז דעם ערשטן טייל פון זיין געפּלאַנטער יידישער אויסגאבע פון באגדאנאָווס פּאָפּולערן אין גאנץ רוסלאנד בוך. חוץ דער „איינפירונג" (וואָס באַשרייבט אַלגעמיינע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע באַגריפן ווי „וואָס איז דאָס אַזוינס עקאָנאָמישע וויסנשאַפט?" פּראָ־דוקציע, געזעלשאפטלעכע נוצלעכקייט און געזעלשאפטלעכער ווערט, און די „עקאָנאָמישע וויסנשאפט און איר סדר") באהאנדלט זאקס'ס אויסגאבע בלויז צוויי עפּאָכעס: די עפּאָכע פון פארצייטיקן אורשפּרינגלעכן פאמיליען־קאָמוניזם, (זז 38־52), ווען באזונדערע שבטים האָבן געפירט זייער ווירט־שאפט אויף א בשותפודיקן, קאָלעקטיוויסטישן שטייגער, און די עפּאָכע פון דער געזעלשאפטלעכער איינאָרדענונג פון די שבטים אונטער א פאטריאר־כאלישער פאמיליען־אָרגאניזאציע (זז. 52־81), ווען ס'איז אויסגעפאלן דער בראשית, די ערשטע שטופּע און פאזע, פון דער געזעלשאַפטלעכער עקאָנאָ־מיק — דער „אָנפאנג פון אַקערבוי און פי־פיטערונג." דעמאָלט איז שוין געלייגט געוואָרן דער פונדאמענט פון דער אזוי גערופענער ציוויליזירטער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, און נייע כוחות און פאקטאָרן טרייבן די אנט־וויקלונג אלץ ווייטער און העכער אויפן לייטער פון די פארוויקלטע געזעל־שאפטלעכע באציאונגען. א באזונדער קאפיטל באהאנדלט „די הויפּט־שטריכן פון דער געזעלשאַפטלעכער פּסיכאָלאָגיע אין פּאַטריאַרכאַלישן פאַמיליען־פעריאָד". דאָס באָגדאַנאָוו־זאַקס'ס ביכל פאַרענדיקט זיך מיט דעם קאַפּיטל „די קראַפט פון ענטוויקלונג און די נייע פאָרמען פונ'ם לעבן אין פאטרי־ארכאלן פאמיליען־פעריאָד". באגדאנאָוו־זאקס ווייזן אונז „ווי אזוי אָט די געזעלשאפטלעכע באציאונגען פליסן ארויס פון איין עיקר־ענין, נעמלעך: פון דער פּראָדוקציע און פארטיילונג פון די מאטעריעלע קעגנשטאנדן און מיטלען, וואָס דינען דעם מענטשן אויפצוהאלטן זיין אייגענע עקזיסטענץ, און דעם קיום פון זיין משפחה, און צו אנטוויקלען אלע זיינע קערפּערלעכע און גייסטיקע מעגלעכקייטן און פעאיקייטן". אזוי האָט אין זיין רעצענזיע איבער באגדאנאָווס בוך געשריבן לעניק.[11]

ווייטער זאָגט לענין אָט וואָס: „דער דאָזיקער צוגאַנג צום שטודיום פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין די ארבעטערקרייזלעך איז א ריכטיקער. יעדער אָנפאנגער קריגט א קלאָרן באגריף וועגן די גרונט־פּרינציפּן פון פארשידענע עקאָנאָמישע סיסטעמען פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט און וועגן די גרונט־שטריכן וואָס צייכענען אויס יעדער סיסטעם באזונדער, ווי דער פּרימיטיווער קאָמוניזם, דער פּאַטריאַרכאַט, די שקלאפעריי, דער פעאָדאליזם און קאַפּיטאַליזם". זאַקס ווי אַ גוטער לערער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין אויפגאבע באשטייט, דעריך, דער תלמיד, וואָס האָט דורכגענומען דעם ערשטן לערן־ביכל פון דער עקאָנאָמישער וויסנשאפט, זאָל האָבן אין האַנט דעם פאָדעם וואָס וויזט די ריכטונג פון ווייטערדיקן זעלבסטשטענדיקן שטודירן און נאָכדענקען. זיין הויפּטציל איז געווען, דער תלמיד זאָל זיך ווירקלעך פאראינטערעסירן מיט אזא שטודיום און זאָל באגרייפן דעם קארדינאלן און לעבנסוויכטיקן אמת, אז כמעט אלע פּראָבלעמען פון מאָדערנעם געזעלשאפטלעכן לעבן זיינען אויפן דירעקטן און נאָענטסטן אופן פארבונדן מיט דער עקאָנאָמישער וויסנשאפט. צו אזא רייפן און ריכטיקן קוק אויף דער ראָלע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע איז זאקס, אלזאָ, געקומען, ווען ער איז נאָך קיין 25 יאָר ניט אלט געווען.

דער צווייטער טייל פון א. באגדאנאָווס לערנבוך פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע פאר רעוואָלוציאָנערע ארבעטער, דער טייל וואָס רופט זיך „די אלטע שקלאפעריי", איז אין דער יידישער איבערזעצונג פון א. ש. זאקס ארויס אין ווארשע אין יאָר 1904. דאָס ביכל האלט 48 זייטן. צו אים האָט זאקס צוגעגעבן אן אייגענע איינלייטונג. שפּעטער האָט מען אָט די פאָררעדע איבערגעזעצט פאר באגדאנאָוון, וועלכער האָט זי שטארק געלויבט. ביידע ביכער האָבן אויסגעהאלטן א סך אויפלאגעס און האָבן א לאנגע צייט געשפּילט א ראָלע אין דער אויסבילדונג פון די יידישע ארבעטער אין צארישן רוסלאנד. סוף כל סוף קען אן ארבעטער ניט דערגרייכן וועלכע ניט איז שטופע פון פּאָליטישן באוואוסטזיין און גייסטיקער אנטוויקלונג ניט באַהערשנדיק ווייניקסטנס דעם א"ב פון דער עקאָנאָמישער וויסנשאפט.

די 6־7 יאָר פון כסדרדיקער גייסטיקער באַרירונג מיטן קלאסישן ווערק פון דעם זעלבן גוטן פּאָפּולאַריזאטאָר און דערציער פון די גרויסע מאסן פון יונגן דור רוסישע מאַרקסיסטן, באָגדאַנאָוו (וואָס איז לויט זיין בילדונג געווען אַ דאָקטאָר מעדיצין), האָבן טיף באַאיינפלוסט זאַקס'ס דענקען און שטרעבן אויפן גאנצן לעבן. פון באגדאנאָוון האָט זאקס איבערגענומען, און האָט אים פאַרטיפט אין זיינע שפּעטערדיקע רייפע ווערק, דעם גרונט־פּרינציפּ, אַז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע טאָר ניט באַהאַנדלען, ווי ס'טוען די בירגערלעכע עקאָנאָמיסטן, בלויז איין איינציקע עקאָנאָמישע סיסטעם, נעמלעך דעם קאַפּיטאַליזם. אויב מ'טוט עס, אויב מ'נעמט נאָר דעם קאַפּיטאַליזם ווי אַ

ביישפּיל פון דער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט־סיסטעם, קען מען דאָך ניט קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם תּלמיד אויף די גרונט־שטריכן אפילו פון אָט דער סיסטעם גופא. פאַרוואָס? — פּשוט ווייל מען קען ניט, אין אָט אזא פאַל, ווייזן קלאָר און דייטלעך אין וואָס עס באַשטייט די היסטאָרישע באַדייטונג אפילו פון קאַפּיטאַליזם גופא; מען קען ניט דערקלערן דעם גאַנג און די באַדינגונגען פון זיין אַנטוויקלונג און מ׳קען אויך ניט אויפדעקן די אינערלעכע טענדענצן פון זיין ווייטערדיקן אַנט־וויקלונגס־גאַנג. פאַרקערט, ווען מען לערנט דעם תּלמיד אויס צו פאַרגלייכן דעם קאַפּיטאַליזם מיט אַלע פריערדיקע ווירטשאַפטלעכע פאָרמען, שאַפט מען ערשט פאַר אים דעם באָדן פאַר א ברייטן, אַלץ אַרום־נעמענדיק בליק אויף די געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע פראַגן און די פּערספּעקטיוון, וואָס אָט די פראַגן עפענען פאַר אונדז.

ביי זאַקסן, דעם יונגן זשאַגערער תּלמיד־חכם און באַגאַבטן לערער פאַר דערוואַקסענע, איז די אויפגאַבע אין יענער צייט, ווען ער האָט געלערנט מיט די אַרבעטער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, געווען א צווייפאַכע. ערשטנס, האָט ער געזוכט צו פאַראינטערעסירן די לערנער מיטן קעגנשטאַנד, און צום דאָזיקן צוועק האָט ער פאַר זיי אויסגעטייטשט די עקאָנאָמישע פּראָ־בלעמען אין א ברייטן זין, דאָס מיינט אַלס פונדאַמענט פון אַלע געזעלשאַפט־לעכע בנינים, ווי די פאַמיליע, די נאַציע, דער שטאַט א. אז. וו. דאָס איז איינס. צווייטנס, האָט ער געשטרעבט צו שאַפן אין די קעפּ פון זיינע תּלמידים וואָס מער קלאָרקייט, כּדי זיי זאָלן פאַרשטיין א געזעלשאַפטלעכן אָדער פּאָליטישן ענין. ווי א סך יונגע דענקנדיקע פירער פון זיין דור, איז אויך זאַקס געווען אונטער דעם איינדרוק פון איין אידייע, נעמלעך, אַז דער לערער וואָס וויל דערקלערן דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, דעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן סדר, וועלכן מען וויל באַקעמפן, טאָר זיך ניט צעוואַרפן אין זיין לערע איבער אַלערליי געזעלשאַפטלעכע „פאַקטאָרן", ווי דער עקאָנאָ־מישער, פּאָליטישער, מאָראַלישער א. ד. גל. מסתּם האָט זאַקס, דער אָנהעגנער פון שׂכל און קלאָרער מעטאָדע, געגלויבט, אַז פון אזא פּלאָנטער קען אין קאָפּ אפילו פון בעסטן פּראָלעטאַרישן תּלמיד, וואָס איז דאָך ניט קיין אַקאַ־דעמישער און געשולטער לערנער, נאָר א געוואוינלעכער, הגם שטרעב־זאַמער און ווייסנדורשטיקער אַרבעטער; מסתּם האָט ער געגלויבט אַז פון אזא פּלאָנטער קען אין קאָפּ פון אָט די שטודירנדיקע אַרבעטער קיין קלאָר־קייט ניט באַשאַפן ווערן. אין זיינע אויגן, אַלזאָ, האָט ערשט די דערקלערונג פון דער געזעלשאַפט און אירע פּראָבלעמען וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן געגעבן, און וואָס זיי האָבן א נאָמען געגעבן „די מאַטעריאַליסטישע געשיכטס־אויפפאַסונג", ערשט אָט די לערע טראָגט אַריין א ליכט און סדר אין דעם כאַאָס און פּלאָנטער פון געדאַנקען מכּוח דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

די דאָזיקע לערע קוקט אויף דער געזעלשאַפטלעכער עקאָנאָמיק, ד. ה. אויף אַלע ענינים וואָס האָבן צו טאָן מיט דער אויסאַרבעטונג און פאַרטיילונג פון די מאַטעריאַלע גיטער, ווי אויף דעם פונדאַמענט אויף וועלכן עס האַלט זיך דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער סדר אין יעדער עפּאָכע פון דער מענטשלעכער היסטאָריע.[12]

פון דעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שעפערישן לעבן און כסדר ווייטער האָט זאַקס, פּונקט ווי זיין וועגווייזער באָגדאַנאָוו, זיך פעסט געהאַלטן ביים דאָזיקן פּרינציפּ פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. ער האָט עס אָבער קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען אין דעם ווולגאַרן, פלאַך־גייסטלאָזן זין פון די האַלב־געבאַקענע פּאָפּולאַריזאַטאָרן פון מאַרקסיזם. ווייט דערפון. דער היסטאָרי־שער מאַטעריאַליזם איז פאַר זאַקסן געווען אַ פילאָזאָפישע אַרבעטס־מעטאָדע, אַזוי צו זאָגן, און אַן אינסטרומענט פון סאָציאַלן אַנאַליז און פּאָליטיש־עקאָ־נאָמישער פאָרשונג. דעריבער פירט זיך טאַקע זאַקס אין זיין וויסנשאַפט־לעכן ערשטלינג־ווערק, אין דער „עקאָנאָמישער לערע נאָך באָגדאַנאָוון“. און באַזונדערס אין זיינע שפּעטערדיקע גרויסע זעלבסשטענדיקע עקאָנאָמישע ווערק, אָט אַזוי: ווען ער כאַראַקטעריזירט אַ געוויסן פּעריאָד פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וואַרפט ער אויך אָן אַ בילד פון דער דע־מאָלטיקער פּאָליטישער אָרדענונג, פון די פאַמיליען־באַציאונגען, פון די הויפּט־ריכטונגען פון דעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק — אַלץ אין פאַרבינדונג מיט די גרונט־שטריכן פון דעם באַטרעפנדיקן עקאָנאָמישן רעזשים און סדר אין יענער עפּאָכע, וועגן וועלכער ער רעדט. אַרויסברענגענדיק אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק דעם אופן ווי אַזוי אַ געוויסער עקאָנאָמישער רעזשים אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט געפירט צו דער צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אויף סאָציאַלע קלאַסן, ווייזט אונז שטענדיק זאַקס ווי אַזוי די דאָזיקע קלאַסן האָבן געווירקט און געשפּילט אַ ראָלע, אין דעם לעבן פון דער מלוכה, פון דער פאַמיליע און אויך אינם גייסטיקן לעבן פון דעם באַטרעפנדיקן היסטאָרישן פּעריאָד. אויך ווייזט ער אונז, ווי אַזוי די אינ־טערעסן פון די סאָציאַלע קלאַסן פלעגן זיך אָפּשפּיגלען אויף דעם כאַראַקטער פון די עקאָנאָמישע שיטות און לערעס אין דער ניט זייער לאַנגער אָבער שטורעמדיקער געשיכטע פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אַלס אַ זעלבסט־שטענדיקער צווייג פון דער מאָדערנער סאָציאַלער וויסנשאַפט.[13]

אויף אַזאַ אופן זעען מיר, ווי אַזוי ס'האָט זיך שוין אין רעכטן אָנפאַנג פון זיין עקאָנאָמישן דענקען און שאַפן אויסגעפאָרמט זיין טעאָרעטישע מעטאָדע, וועלכער ער איז געבליבן געטריי אין משך פון גאַנצן לעבן.

ג

זיצנדיק אין דער וואַרשעווער פעסטונג, האָט זאַקס זיין גאַנצע צייט אָפּגעגעבן דעם לייענען און שטודירן, און זיינע וויסנשאַפטלעכע נייגונגען האָבן זיך ביי אים נאָך שאַרפער אויסגעקריסטאַליזירט. דורך אַזאַ נאָכ־דענקען איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז כדי צו באַהערשן ווי ס'דאַרף צו זיין די סאָציאַלע וויסנשאַפטן איז קודם כל נויטיק צו קריגן גרינדלעכע ידיעות אין דער נאַטור־וויסנשאַפט. דאָ הפנים האָט ווייטער זיך אָפּגערופן אויף זיין אומרואיקן, שטענדיק זוכנדיקן און פאָרשנדיקן גייסט דער איינפלוס פון זיין לערער, א. באָגדאַנאָוו. יענער האָט אין די ווערק וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט 4־5 יאָר נאָך דעם דערשיינען פון זיין באַרימטן „קורצן קורס פון דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט" זיך אונטערגעוואָרפן דעם איינפלוס פון א גרויסן דייטשן נאַטור־פאָרשער און כעמיקער, פּראָ־פעסאָר אָסטוואַלד.[14] דער דאָזיקער געלערנטער איז נאָך אין די 80ער יאָרן ארויסגעקומען מיט א נייער שיטה, וואָס האָט זיך גערופן „ענערגעטיזם". די דאָזיקע טעאָריע האָט געלייקנט די עקזיסטענץ פון וועלכן ס'איז מאַטע־ריעלן יסוד אין וועלטבאַשאַף. „דער דערפאָלג פון דער דאָזיקער פילאָסאָפי־שער שטרעמונג האָט צום גרעסטן טייל געשטאַמט דערפון, וואָס גראָד אַ ספּעציאַליסט, א כעמיקער, וואָס האָט זיין גאַנצן לעבן געהאַט צו טאָן מיט דער „מאַטעריע", מיט אירע פיזיקאַלישע און כעמישע אייגנשאַפטן, האָט אויסגעפונען, אַז אין דער מאַטעריעלער וועלט איז די „מאַטעריע" גאָר אויף דער וועלט ניטאָ."[15]

אָבער אָט די נייע נאַטור־פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס, וואָס האָבן שפּע־טער אַזוי שטאַרק צעטרייסלט די אַלטע פונדאַמענטאַלע באַגריפן וועגן דער טויטער נאַטור און האָבן אפשר צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער שפּעטער־דיקער רעוואָלוציע אין דער פיזיק און כעמיע, האָבן דאָך דעם יונגן זאַקס ווייניקער אינטערעסירט ווי די נייע אַנטדעקונגען און טעאָריעס אין דער לערע וועגן דער לעבעדיקער, אָרגאַנישער נאַטור בכלל, און די נייע לערעס אין דער נאַטור־געשיכטע פון דעם מענטשן באַזונדערס. א פלייסיקער לייענער און באַאָבאַכטער און א מענטש וואָס איז אויסגעוואַקסן אין א צייט ווען אין דער געבילדעטער וועלט האָט געהערשט דער ראַציאָנאַליסטישער קוק אויף מענטש און וועלט, האָט זאַקס מסתם פרי אויסגעאַרבעט ביי זיך א קריטישן בליק אויף די אַלטע באַגריפן מכח דער אַנטשטייאונג פון מין מענטש לויט די לערעס פון די טראַדיציאָנעלע רעליגיעס. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט באַפרידיקן מיט דער פלאַכער, ביליקער פאָרמולע פון די אפיקורסישע משכי־לים און ראַדיקאַלן פון יענער צייט — „דאַרווין קעגן משהן". ווי זיין שטייגער, האָט ער געגראָבן טיפער, און האָט דערביי דערשפּירט אַ שאַרפן

דראנג צו ווערן א גרעסערער מומחה אין דער ביאָלאָגיע. געטראכט האָט ער, ווארשיינלעך, דערביי אזוי: דער מענטש אלס אן אָרגאנישער, לעבעדיקער וועזן, איז אויך דער צענטער און טרעגער פון אלע טעכנישע און גייסטיקע פעאיקייטן און אויפטועז, און דעריבער איז פאר דער וויסנשאפטלעכער דערקלערונג פון דער מענטשלעכער קולטור פונקט אזוי נויטיק א ביאָלאָגישע ווי אַן עקאָנאָמישע געשיכטס־אויפפאַסונג. דער נעקסטער רינגל אין דער קייט פון די אָרגומענטן אין זיין פסיכיק איז מסתמא געווען אזא: אויב קאַרל מאַרקס האָט, מיט זיין לערע פון היסטאָרישן מאטעריאליזם, אוועקגעלייגט דעם פונדאמענט פאר דער עקאָנאָמישער דערקלערונג פון דער געשיכטע, איז דאָך טשארלס דארווין געווען דער פאָטער פון דער ביאָלאָגישער געשיכטס־אויפפאַסונג, אויב מ׳קען אַזאַ אויסדרוק באַנוצן.[10]

זאקס׳ס פאראינטערעסירונג מיטן דארוויניזם איז אלזאָ געווען א דירעקטער רעזולטאט פון זיין טיף־איינגעוואָרצלטער שטרעבונג צו א וויסנשאפטלעכער וועלט־אָנשויאונג אויפן באַזיס פון א ברייטן, אלזייטיקן באנעם פון מענטש און וועלט. מיט אנדערע ווערטער: דורך זיין שטענדיק־זוכנדיקן און אַלץ טיפער און טיפער גראָבנדיקן קריטישן געדאַנק איז ער דערגאַנגען צום דארוויניזם.

ברייט און ווייט אין דער גאנצער געבילדעטער וועלט זיינען אין יענער צייט, אויפן גרענעץ צווישן דעם 19טן און 20טן י״ה, געווען פארשפרייט די פרינציפן פון דארווינס לערע. דער הויפט־געדאנק אירער איז געווען אזא: דאָס לעבן וואָס איז, מיט מיליאָנען יאָר צוריק, אנטשטאנען אויף דער וועלט פון עפּעס אַן אומלעבנדיקן מקור, האָט דורכגעמאכט א לאנגן און קאָמפּליצירטן אנטוויקלונגס־וועג וועלכער האָט דערפירט צו פלאנצן, חיות און דעם מענטש, ווי זיי אלע לעבן אויף דער וועלט איצט. אנשטאָט די טראדיציאָנעלע, פארהייליקטע דערקלערונגען וועגן דער באשאפונג פון מענטש האָט דארווין ארויסגעבראכט די ריכטיקע פארבינדונגען און באַציאונגען צווישן די דערשיינונגען אין דער גאנצער לעבעדיקער נאטור, וואו דער מענטש איז ניט בלויז די קריין, נאָר אויך דאָס לעצט רינגל אין א לאנגער, און נאָך ניט פארענדיקטער, קייט פון די לעבעדיקע באשעפענישן. דאָס אלץ איז געווען באזירט אויף לאנגיעריקע באָבאכטונגען און עקספערימענטן אין באַצוג צו דער אַנטשטייאונג, אַנטוויקלונג, די פאַרענדערונגען און די צופאסונגען פון אלע באשעפענישן און זייער קאמף פאר דעם אינדיווידועלן קיום און פאַר דער עקזיסטענץ פון זייער מין.

ביידע לערעס, דער מארקסיזם און דארוויניזם, וואָס האָבן באהערשט אין יענער צייט די מוחות פון כעמט אַלע קעמפער פאַר אַ בעסערער, שענערער וועלט, האָבן געהאַט בשותפות איין געמיינזאַמען שטריך, נעמלעך: די אנטוויקלונגס־אידייע. אויך מארקס און ענגעלס, פונקט ווי טשארלס

דאַרווין, האָבן אין דעם אַנטוויקלונג געדאַנק דערזען אַ מין העכערן געזעץ, וואָס דיריגירט ניט בלויז מיט דעם אויפקום, און מיט דער בליאונג, ווי אויך מיט דעם אונטערגאַנג און מיטן פאַרגיין, פון אַלע לעבעדיקע באַשעפע־נישן אין דער וועלט פון פלאַנצן און חיות, נאָר אַ געזעץ וואָס דיריגירט אויך מיט דער אַנטשטייאונג און מיט דעם אונטערגאַנג פון די לעבנס־פאָרמען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַציאונגען, ד. ה. די קלאַסן און פּראָצעסן אין דער געזעלשאַפט במשך פון איר טויזנטיאָריקער געשיכטע. או די מערסטע אָנהענגער פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו קוקן אויף זייער טעאָריע ווי אויף אַ ביישפּיל פון אַ געלונגענער אָנווענדונג פון די נאַטור־וויסנשאַפט־לעכע מעטאָדן, מיט וועלכע דאַרווין האָט אָפּערירט, צו דער אַנטוויקלונג געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט גופא. די נאָכפאָלגער און פּאָפּולאַריזאַטאָרס פון דאַרוויניזם האָבן אויך געמאַכט פון זיינע נאַטורוויסנ־שאַפטלעכע טעאָריעס נאָך אַ פיל גרעסערן און העכערן גייסטיקן בנין — אַ גאַנצע וועלט־אַנטשויאונג און אַ נייע לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס זוכט צו פאַרענטפערן, חוץ די, רייך־ביאָלאָגישע פּראָבלעמען פון באָטאַניק, זאָאָלאָגיע און אַנאַטאָמיע, אויך די אַלגעמיין־טעאָרעטישע נאַטור־פילאָזאָפישע פּראָ־בלעמען וועגן מענטש און וועלט. דער דאַרוויניזם, די לערע וועגן עוואָלוציע־געזעץ, איז געוואָרן כמעט אַ נייער גלויבן, אַ מאָדערנע רעליגיע פאַר אַלע פּראָגרעסיווע קרייזן אומעטום. באַזונדערס די יוגנט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם דאָזיקן נייעם צווייג פון דער נאַטור־פילאָזאָפיע, כדי דאָרט צו געפינען די ריכטיקע תשובות אויף די האַרבע פראַגן, וואָס שווימען אַרויס אין די יונגע נשמות און הערצער וואָס מאַטערן זיך צו באַנעמען און צו פאַרשטיין די אייביקע סודות פון לעבן און טויט.

זאַקס האָט אין די קרייזן פון דער וואַרשעווער שטודירנדיקער יוגנט געשמט ניט בלויז פאַר אַן אויסגעצייכנטן פּראָפּאַגאַנדיסט און פאַרשפּרייטער פון בילדונג צווישן די יידישע אַרבעטער, נאָר אויך פאַר אַ קענער פון דאַרוויניזם. מען פלעגט אים פון צייט צו צייט פאַרבעטן צו ווערן אַ לערער אין די יוגנטלעכע שטודיר־גרופּעס וואָס האָבן געהאַט אַ באַזונדער אינטערעס צו דאַרווינס לערע. די יידישע סטודענטן און סטודענטקעס פון דער ליט־ווישער און מערב־רוסישער פּראָווינץ, וואָס פלעגן זיך לערנען אין די וואַרשעווער הויך־שולן, זיינען אין יענע יאָרן געווען גרייט אָפּצורייסן אַ שטיק צייט פון זייערע אַקאַדעמישע לימודים, כדי צו פאַרטיפן זייער וויסן פון די נאַטור־פילאָזאָפישע פראַגן און פון סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָ־בלעמען. איינמאָל, אין אָנפאַנג 1902, האָט מען זאַקסן געררופן אָנצופירן מיט אַזאַ שטודיר־קרייזל, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון אַ גרופּע פון 10 יונגע יידישע סטודענטקעס פון דער וואַרשעווער דענטיסטן־שולע און

וואָס האָט געהאט דעם ציל גרינטלעכער צו באקענען זיך מיטן דאַרוויניזם. אין דעם פעלד פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע אידייען זיינען די צען מיידלעך געווען אבסאָלוט רוי און ניט צוגעגרייט. זיי, ווי אַ סך אַנדערע הונדערטער זין און טעכטער פון בעלי־הביתישע יידישע משפּחות אין דער פּראָווינץ, וואָס דער חשק אָדער די מאָדע צו שטודירן האָט זיי פאַרוואָרפן אין דער גרויסער און קאָכיקער וואַרשע; זיי, די צען יונגע סטודענטקעס, האָט געצויגן צו נעמען כאָטש אַ פּאַסיוון אָבער דאָך אַ באַוואוסטזיניקן, דורכגעטראַכטן אָנטייל אין דעם געזעלשאַפטלעכן אויפברויז וואָס האָט דעמאָלט אָנגעפאַנגען ארומצוכאַפּן גאַנץ רוסלאַנד. צו אָט די בירגערלעך־מעסיקע יוגנט־קרייזן האָט זיך אויך דערטראָגן דער שטורעם וואָס האָט אויפגערודערט די געמיטער פון כמעט אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער אין די גרויסע שטעט און פון אַ גרויסן טייל פון דער פּראָגרעסיווער רוסישער אינטעליגענץ. דער קרייזל האָט דעריבער מיט אַ גרויסער פרייד אויפגענומען די ידיעה, אַז זייער לערער איבער דאַרוויניזם איז אויך אַ קענער, אַ מומחה, אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע און סאָציאָלאָגיע. געוויס, אַזוי האָבן די סטודענט־קעס געטראַכט, וועט ער זיין בארייט אויפצוקלערן זיינע תלמידות מכוח די גרונט־באַגריפן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און פון דעם קאַמף וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ אויפן פּאָליטישן, סאָציאַלן און נאַציאָנאַל־קולטורעלן געביט אין אַזאַ וויכטיקן אין דער פּוילישער און אַלגעמיין־אייראָפּעאישער געשיכטע צענטער ווי וואַרשע.

די פאַרזאַמלונגען פון דער גרופּע פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן איין מאָל אין וואָך, שבת־צו־נאַכט, אין דעם געראַמען צימער פון אַ טיכטיקער חברטע פון דעם קרייז, וויעראַ קיסין. פון אַלע צען חברטעס האָט גראָד זי געהאַט דעם גרעסטן צימער, און דערצו פלעגט נאָך איר צימער שטענדיק זיין גוט און באַקוועם איינגעאָרדנט און פאַרפּוצט מיט בילדער, סטאַטועטקעס, בלו־מען, פיינע ביכער, אַלץ אויסגעשטעלט מיט אַ גוטן געשמאַק און אַ חוש פאַר אָרדענונג, האַרמאָניע און גראַציע. אין ערשטן אָוונט פון זאַקס'ס לעק־ציעס אין דעם דאָזיקן קרייז האָט ער אפשר מער זיך צוגעהערט צו די רייד פון זיינע תלמידות ווי ער אליין האָט גערעדט — ניט אַזוי צוליב באַשיידנקייט ווי, מסתמא, פון אַ ווילן בעסער זיך צו באַקענען מיטן איינ־טעלעקטועלן גראַד פון יעדער איינער פון זיינע תלמידות. וויעראַ קיסין, ווי ס'פּאַסט זיך פאַר אַ גאַסטפריינדלעכער און באַשיידענער ווירטין, האָט יענעם אָוונט גערעדט ווייניקער פון אַלע אירע חברטעס. נאָכן אינטערע־סאַנטן און באַלערנדיקן שמועס האָט דער יונגער עולם עפּעס צוגעביסן און אַלע האָבן אַרויסגעטראָגן פון דער ערשטער „לעקציע" אַ זייער אַנגע־נעמען, דערמוטיקנדיקן איינדרוק. דער לערער, זאַקס, האָט ביי אַלע תלמידות גלייך פון ערשטן טאָג אָן שטאַרק אויסגענומען. ער איז דעמאָלט

געוועזן א הויכער, שלאַנקער יונגער־מאַן, מיט גוטע בלויע אויגן און גע־קרייזלטע בלאָנדע האָר, און אַן אָפנהאַרציקייט, גייסטיקע פרישקייט און אינ־טעלעקטועלע נייגיריקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין צאַרטן און סימ־פּאַטישן פּנים. די לעקציעס פלעגן שטענדיק דורכגיין אינטערעסאַנט, אַנרעגנ־דיק מיט היפש־לעבעדיקע דיסקוסיעס און א פרוכטבארן באַלערנדיקן געדאַנקען־אויסטויש צווישן דעם לערער און די מערסטע תלמידות. זאַקס האָט גערעדט א פליסיקן און גראַמאַטיקאַלישן רוסיש, הגם אין דער אויס־שפּראַך האָט זיך געפילט אַן ליטוויש־אומצווייפלבאַרער יידישער אַקצענט. די באַציאונגען אין קרייזל זיינען געווען חברשע און באַפרידיגנדיקע פאַר אַלע באַטייליקטע. אָבער, אין גרונט גענומען, וואָלט שווער געווען זיך פאָרצו־שטעלן נאָך א גרעסערן קאָנטראַסט ווי דער צווישן דעם באַגאַבטן יונגען לערער און לעקטאָר פון איין זייט און דער גרופּע פון זיינע פריוויליקע תלמידות פון דער צווייטער זייט. די מיידלעך זיינען אַלע געווען יונגע, חנ׳ודיקע, לעבעדיק־מונטערע און מיט א שטאַרקן באַגער צו לערנען זיך, צו באַרייכערן זייער וויסן. ער, פון דער צווייטער זייט, האָט געהאַט אַן אָרימען אויסזען, איז געווען ניט ווייניק אויסגעמאַטערט, שטענדיק פאַרזאָרגט און טיף אריינגעטאָן אין זיינע רעיונות. בעת די לעקציעס פלעגט ער אָבער וועגן זיך ניט ריידן און האָט זיך באַמיט צו בלייבן וואָס נאָענטער צום עיקר ענין פון זייערע פאַרזאַמלונגען. כמעט צוויי יאָר צייט האָט געדויערט אָט דער טשיקאַווער פריוואַטער קורס פאַר די צען סטודענטקעס. דער לערער האָט אָבער אינצווישן אויך גוט אויסגעשטודירט זיינע תלמידות און האָט צום סוף פון זיין קורס לייכט געקענט זיך אָפּגעבן א רעכנשאַפט וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון יעדער איינער. וויעראַ קיסין, וואָס אין איר געמיטלעכן און גראַציעזן צימער איז דער קורס אָפּגעהאַלטן געוואָרן, איז פון ערשטן אָוונט אָן ערנסט און לעבעדיק פאַראינטערעסירט געוואָרן אין דעם שטודיום. זי האָט ארויסגעוויזן צום ניט גאַנץ לייכטן ענין פון דאַרוויניזם מער ווי א דורכשניטלעכע אויפמערקזאַמקייט. אין איר האָט אגב אויך געווירקט א געפיל פון ערפורכט און סימפּאַטיע צום לעבעדיקן טרעגער פון די געדאַנקען און קענטעניש וואָס האָבן זי אַזוי פאַרכאַפּט און צומאָל באַצויבערט דורך דעם זייער ברייטן אויסבליק אויף וועלט און מענטש, אויף נאַטור און גייסט, וואָס די לערעס פון א דאַרווין, א מאַרקס, אין דעם אויסלייג און אינטער־פּרעטאַציע פון זייער לערער זאַקס, האָבן פאַר איר געעפנט. און זאַקס, נאַטירלעך, האָט עס שנעל באַמערקט און אָפּגעשאַצט. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און ער פלעגט אָנפאַנגען צו מאַכן אָוונט באַזוכן ביי וויעראַ׳ן אויך אין מיטן וואָך, ווען זיי פלעגן פאַרברענגען עטלעכע שעה אין שמועסן, ניט אַזוי איבער וויסנשאַפטלעכע אָדער פּאָליטישע טעמעס, ווי אין געשפּרעכן אין דעם גייסט פון הארציקער פריינדשאַפט און קעגנזייטיקער אינטואי־

טיווער אריינפּילונג אין זייערע נשמות. געשען פלעגט עס לייכט און נאַטירלעך פּונקט ווי עפּעס אַן אומהיימלעכע, שארפע איינזאַמקייט און אומ־צופרידנקייט מיטן אַרום, וואָס איז סוף כל סוף געווען אזוי טרוקן, פּאַרמאַל און מאַנאַטאַניש־קאַלט, וואַלט זיי ביידן געטריבן גוט דורכצורעדן זיך, מיט אַלע זייערע געדאנקען און געפילן, צווישן זיך. אויף דעם וועג האָבן זיי געזוכט צו שאַפן דאָס ליכט און די וואַרימקייט וואָס זיי האָט געפעלט אין דער ארומיקער ניט איבעריק זוניקער סביבה. זאַקס האָט ערשט דאָ געהאַט די געלעגנהייט צו דערציילן זיין איבערגעבענער תלמידה וועגן זיין אייגענעם לעבן, וועגן זיינע אָרימע אָבער חשובע עלטערן, וועגן זיין פּריעסטער יוגנט און וועגן דער ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אויך האָט ער איבערגעגעבן די איינצלהייטן פון זיין אַרעסט און פון זיין ביין־מאַנאַטיקן אָפּזיצן אין קאַזעמאַט פון וואַרשאַווער ציטאַדעל. ער האָט לעבעדיק באַשריבן דעם טורמע־רעזשים, די קאַמעראַדן מיט וועלכע ער האָט זיך דאָרט באַ־פריינדעט און ווי אזוי ער האָט אויסגענוצט די ארויפגעצוואונגענע פרייע צייט פאַרן גרינטלעכן שטודיום פון די וויסנשאַפטן וועלכע האָבן אים יאָרנ־לאַנג צו זיך געצויגן ווי א מאַגנעט. און אויך וועגן די שטונדן אלס פּריוואַט־לערער, און נאָך מער וועגן זיינע שטודיר־קרייזלעך מיט די ארבעטער, וועגן זיין ווערק איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס ער האַלט ביים אָפּגעבן צום דרוק, פלעגט זאַקס דערציילן וויעראַ'ן. און פאַר איר האָבן אָט די אַלע רייד געעפנט נייע, גרויסע וועלטן, מכוח וועלכע זי האָט פריער אפילו קיין ברעקל באַגריף ניט געהאַט. זי האָט די ווערטער זיינע געשלונגען מיט יענעם דורשט־געפיל וואָס קומט ווען די טיפע סימפּאַטיע און קעגנזייטיקע פאַרערונג פאַרבינדט אזוי שטאַרק צוויי נשמות, אז פון זיי ווערט מיט דער צייט איין גאַנצקייט.

וויעראַ, וואָס איז געשטאַנען אין איר אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג נידעריקער פון דעם זייער געבילדעטן זאַקס, האָט מיט אַ רעספּעקט וואָס איז כמעט אריבערגעגאַנגען אין ערפורכט, זיך באַצויגן צו איר יונגן באַ־גייסטערטן און אידעאַליסטישן לערער און פריינט. ער האָט, טראָץ די אומגינסטיקע אומשטענדן אין וועלכע ער איז אויפגעצויגן געוואָרן, דאָך, ווי זי האָט געטראַכט, אזוי נאָבל און שיין, בלויז דורך זיין פלייס און פעיִקייטן, דורך זיין ריינעם אידעאַליזם, פאַרט דורכגעבראָכן א וועג פאַר זיך צו א נוצלעכן, אינהאַלטרייכן לעבן; א לעבן וואָס איז אינגאַנצן געווידמעט דעם גליק און וואוילזיין פון די צווישן זיינע מיטמענטשן וואָס זיינען מאַטעריעל און גייסטיק פיל אָרימער פון אים אליין. נו, איז דאָס, האָט זי ניט זעלטן אין הארצן ביי זיך געטראַכט, ניט קיין לעבעדיקערביישפּיל, קיין מוסטער־האַפטע פאַרקערפּערונג פון די שענסטע און בעסטע אייגנשאַפטן פון מענטש־לעכן גייסט? איז אַזא לעבן ניט די פיינסטע פאַרווירקלעכונג פון יענער

העכערער מיסיע צו וועלכער ס׳איז באַרופן דער מענטש וואָס איז באַשאַנקען פון דער נאַטור מיט באַזונדערע טאַלאַנטן, ווי אַ קינסטלער, אַ שרייבער, אַ דענקער, אַ רעדנער? — אַזוי האָט געקלערט די יונגע סטודענטקע, אַ טאָכ־טער פון אַ היפּש־פאַרמעגלעכער פאַמיליע אין אַ שטילער עכט־רוסישער שטאָט, וואָס האָט שוין צו 17 יאָר פאַרלאָזן דאָס הויז פון אירע ליבנדיקע עלטערן און איז געקומען אין דער גרויסער וואַרשע זיך אויסצולערנען אַ פּראָפעסיע וואָס זאָל זי מאַכן פריי און זעלבסטשטענדיק אין איר ווייטער־דיקן לעבן. אומבאַוואוסטזיניק פאַר זיי, ווי דער שטייגער, איז די דאָזיקע צניעותדיקע ריינע פריינטשאַפט שנעל אַריבערגעגאַנגען אין אַ העכערער, גייסטיק־באַהויכטער צוגעבונדקייט און ליבע, וואָס האָט אַזוי די צוויי מענטשן צונויפגעשמאָלצן במשך פון 30 יאָר צייט, אַז ניט קוקנדיק אויף די אינטעלעקטועלע אונטערשיידן צווישן זיי, זיינען זיי דאָך שטענדיק געווען און געבליבן ווי איין גייסט, איין נשמה, אין צוויי קערפּערס. און די ווירקונג און איינפלוס פון דער געטרייער לעבנסבאַגלייטערין האָט אָן אויפהער גע־שפּילט אַן אַנטשיידנדיקע, סטימולירנדיקע ראָלע אין דער לעבנסגעשיכטע פון דעם געלערנטן, שריפטשטעלער און קולטור־בויער א. ש. זאַקס. די ווירקונג האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דעם טאָג אָן ווען וויעראַ קיסין איז מיט דעם יונגן פּראָפּאַגאַנדיסט אויף אַזאַ אומגעריכטן און אינטערעסאַנטן שטיי־גער באַקאַנט געוואָרן און איז ניט קלענער געוואָרן ביז דעם לעצטן אָטעמצוג זיינעם ווען דער שיקזאַל האָט זיי קערפּערלעך אויף שטענדיק צעשיידט.

ד

וויערא קיסין איז געבאָרן געוואָרן און האָט פאַרבראַכט איר יוגנט אין דער צענטראַל־רוסישער שטאָט אָריעל. איר פאָטער, זלמן קיסין, אַ רייכער וואַלד־סוחר האָט געהאַט וואוינרעכט אויסערן יידישן „תחום המושב" אין צאַרישן רוסלאַנד. אַלע זיינע קינדער האָבן דורכגעמאַכט אַ זאָרגלאָזע יוגנט.

די פאַמיליע איז געווען שטאַרק רוסיפיצירט. אין אָריעל האָבן געוואוינט ניט מער ווי אַ פאָר צענדליק יידישע משפחות. וויעראַ, ווי אַלע אירע ברידער און שוועסטער, איז טאַקע אויסגעוואַקסן אין אַ ריין רוסישער סביבה, ווייט פון אַלץ וואָס איז יידיש. איר פאָטער איז אין אַ סך באַציאונגען געווען אַ מערקווירדיקער מענטש, זייער אַ געבילדעטער און אַ גרויסער מענטשן־קענער. ער האָט פאַראויסגעזאָגט פאַר יעדן פון זיינע קינדער זייערע צו־קונפטיקע קאַריערעס, בויענדיק זיין מיינונג אויף דעם קינדס כאַראַקטער און נייגונגען. און די נביאות זיינען טאַקע אַלע מקוים געוואָרן. ניט נאָר

האָט וויערא געלעבט אָן שום זאָרג ביי אירע פאַרמעגלעכע עלטערן, נאָר זי האָט נאָך אין צוגאָב באַקומען אן אויסגעצייכנטע דערציאונג און האָט געהאַט א זייער אינטעליגענטן און פאָרטגעשריטענעם קרייז פון פריינט און באַקאַנטע, וואָס פילע פון זיי האָבן שפּעטער זיך אַרויסגערוקט אויף פאַרשידענע געביטן. מערערע פון אירע נאָענטע פריינט און באַקאַנטע זיינען געווען מענטשן מיט ראַדיקאַלע אַנזיכטן און אידעאַלן.

די דאָזיקע יוגנט־חברים און די שיינע נאַטור פון איר געבורט־שטאָט, וואָס איז פון אַלע זייטן געווען אַרומגערינגלט מיט בערג, טאָלן און גערטנער, האָבן טיף באַאיינפלוסט וויעראַ׳ס געמיט. ס׳איז ביי איר געבליבן אויף שטענדיק די ליבע און צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור, וואָס איז איינגעפלאַנצט געוואָרן אין איר נשמה נאָך אין דער קינדהייט. פון די ערשטע יוגנט־איבערלעבונגען האָט אויך געשטאַמט א חוש ביי איר פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט און א הילף־גרייטשאַפט פאַר די אונטערדריקטע און ליידנדיקע. נאָך אַלס גימנאַזיסטקע האָט זי איר גאַנצע פרייע צייט אָפּגעגעבן צו לערנען, אינדיווידועל און אין גרופּעס, מיט שילער וואָס האָבן קיין שול־בילדונג ניט געקענט קריגן. צו אַזאַ אַרבעט האָט זי דערמוטיקט מער פון אַלע אַנדערע איר אייגענער פאָטער. זי האָט אויך אָפּגעגעבן פיל צייט צו העלפן די אומגליקלעכסטע צווישן די אומגליקלעכע, די געפאַלענע און אַרויסגעשטויסענע פון דער נאָרמאַלער געזעלשאַפט, ד. ה. די אַרעסטאַנטן. די כמורנע געביידע פון דער שטאָטישער טורמע, מיט אירע דיקע געמויערטע ווענט און פאַרזשאַווערטע גראַטעס, איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגן דער פּרויען־גימנאַזיע. במילא האָט די וואַכזאַמע, ערנסטע נאָכדענקנדיקע וויעראַ אָנגעפאַנגען צו טראַכטן וועגן דעם גורל פון די וואָס זיינען לעבעדיקערהייד באַגראָבן, וואָס ווערן ווי חיות געהאַלטן הינטער די אייזערנע גראַטעס פון תפיסה. דורך איר איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן א גרופּע פון יונגע קאַדעטן און גימנאַזיסטקעס מיטן צוועק צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די אַרעסטאַנטן. דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן צו טאָן, א דאַנק דעם געהויבענעם סאָציאַלן מצב פון די עלטערן פון די מיטגלידער אין אָט דעם יונגנטלעכן פּאַטראָנאַט. די גרופּע פלעגט פאַר די אַרעסטאַנטן אויסגעפינען פאַרבינדונגען מיט פאַרלאָרענע קרובים און פריינט, פלעגט צושטעלן די אַרעסטאַנטן בעסערע סאָרטן שפּייז א. אז. וו. פאַרן ענדיקן דעם גימנאַזיע־קורס האָט דער ענטוזיאַסטיש־הומאַניטאַרישער יוגנט־קרייזל זיך צוזאַמענגעקליבן און אַלע האָבן געגעבן א פייערלעכן נדר, א שבועה כמעט, אַז, וואָס ס׳זאָל זיך ניט מאַכן, וועלן זיי שוין קיינמאָל ניט אויפגעבן די הילף־אַרבעט פאַר די אַרעסטאַנטן, כדי אָט דעם „סאָציאַלן אָפּפאַל״, די קרבנות פון אינדיווידועלער און געזעלשאַפטלעכער פאַרבלענדעניש, ווידער אַריינצופירן אין דער ספערע פון נאָרמאַלע מענטשלעכע אינטערעסן. און וויעראַ קיסין איז ווירקלעך אויף

שטענדיק טריי געבליבן אַט דעם הייליקן צוזאָג אין נאָמען פון אַזאַ הויכן געזעלשאַפטלעכן אידעאַל.

נאָכן ענדיקן די אַריאַלער גימנאַזיע האָט וויעראַ, צוזאַמען מיט איר עלטערער שוועסטער, זיך אַוועקגעלאָזן קיין וואַרשע, דאָרט צו שטודירן אויף ציין־דאָקטאָר. אין דער דענטיסטן־שול איז זי געווען די יינגסטע סטודענטקע. אין יענער גרויסער, רוישיקער און רעוואָלוציאָנערער שטאָט האָט זיך איר איינגעגעבן אָנצוקומען אַלס הויז־לערערין אין הויז פון אַ רייכן פאַבריקאַנט, און דאָס האָט איר פאַרשאַפט די מעגלעכקייט זיך אַליין צו דערנערן. איר פאָטער איז שוין דאַן געלעגן אויפן קראַנקנבעט און זיינע געשעפטן האָבן אָנגעפאַנגען צו גיין באַרג־אַראָפּ. חוץ דעם פאַך־שטודיום האָט וויעראַ אין יענער צייט, אין דעם פאַרפרילינג פון דער רעוואָלוציע פון 1903־1905, זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיטן סאָציאַליזם, גענומען ארבעטן פאַר די פּאָליטיש־אַרעסטירטע אין דער טרויעריק־באַ־רימטער וואַרשעווער שטאָטישער תפיסה „פּאַוויאַק״, און איז אויף אַזאַ וועג אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ספערע פון ראַדיקאַלע באַוועגונגען און פאַרטייען, פון וועלכער זי איז פריער געווען זייער ווייט. אין יענער צייט, אין אָנפאַנג 1902, איז אויך פאָרגעקומען איר ערשטע באַגעגעניש מיט זאַקסן, ווען ער איז צוגעטראָטן צו זיינע לערער־פונקציעס אין דעם זעלבסטבילדונג קרייזל פון אַ גרופּע סטודענטקעס, וועלכע וויעראַ האָט געהאָלפן צו אָרגאַניזירן.

שנעל האָבן אָנגעהויבן זיך צו שפּינען די פעדים פון חברשאַפט און פריינטשאַפט צווישן זאַקסן און וויעראַ. דורך די אינטימע געשפּרעכן, וואָס זאַקס האָט געהאַט מיט איר בעת זיינע פריוואַטע באַזוכן, האָט ער זי פאַראינטערעסירט ניט נאָר מיט זיין אייגענעם לעבן און קאַמף, נאָר אויך מיט דעם שווערן, אָרימען לעבן פון זיינע עלטערן ערגעץ ווייט אין אַ ליטווישער שטעטל אַרום קאָוונע אָדער ריגע. אָבער וואָס ווייטער האָט זי אין די געשפּרעכן אַרויסגעוויזן אַ מער ווי געוואוינלעכן אינטערעס: געפרעגט ביי אים אַלערליי שאלות און לעבעדיק רעאַגירט אויף יעדן בליק זיינעם. זיי זיינען געוואָרן באַפריינדעט אַלץ אינטימער און נאָענטער. זיי האָבן אַליין ניט געוואוסט — וויניקסטנס איז דאָס געווען פאַרבאָרגן פאַר איר, — אַז צווישן זיי שפּינען זיך פעדים פון אַ גאַנץ אַנדערן מין איידער חברישע באַקאַנטשאַפט און קעגנזייטיקע פאַרערונג. זיי אַליין האָט אָבער קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז דערפון קען עפּעס אַרויס. פריער האָט זי ניט געהאַט קיין ברעקל אָנונג, אַז אויך אירע געפילן צו אים, אויף וועלכן זי האָט געקוקט פון אונטן אויף אויבן, דאָס הייסט ווי אַ תלמידה צום לערער, זיינען פון דעמזעלביקן העכערן מין וואָס ביי אים. דערנאָך ווען די צוגעבונדנקייט, צוגעוואוינטקייט און סימפּאַטיע צו אים

האָט מיט די זיסע פּיילן שוין געטראָפן אין איר האַרצן, האָבן שוין אָנגע־פאַנגען צו קומען אַלץ טרויעריקערע ידיעות וועגן געזונט פון איר טיף־געליבטן פאָטער. דאָס האָט אַבסאָלוט אַרויסגעשטויסן ביי איר יעדן געדאַנק וועגן איינאָרדנען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן איר פּער־זענלעכן לעבן, שוין גאָרניט צו רעדן וועגן דעם, אַז זי זאָל קלערן פון זיך צונויפגיין מיט וועמען עס איז ווי מאַן און פרוי.

איין אָוונט, ווען זאַקס איז צו וויעראַ געקומען, האָט ער געפונען איר צימער אין אַ צושטאַנד פון אומאָרדנונג, די זאַכן זיינען געווען האַלב פאַרפּאַקט, און אויפן טיש איז געלעגן אַ געעפנטע דעפּעשע. די טעלעגראַמע איז יענעם טאָג אָנגעקומען פון אָריאָל מיט דער בשורה, אַז וויעראַס פאָטער איז געפערלעך קראַנק. אַ צערודערטע, האָט זי זאַקסן געזאָגט, אַז מיט דעם ערשטן צוג, וואָס גייט אָפּ דעם נעקסטן פרימאָרגן, פאָרט זי אַהיים קיין אָריאָל. זאַקס איז פאַרבליבן ביי איר אין צימער, האָט געזוכט זי צו טרייסטן און האָט געוואָלט פון איר דערגיין ווען זי קלערט אָנצוקומען צוריק קיין וואַרשע. פּלוצלונג האָט ער אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע זיין פאָטאָגראַפישן בילד און האָט צו וויעראַ געזאָגט: „ווייזט דאָס אייער פאָטער און זאָגט אים, אַז כ׳וויל מיט אייך חתונה האָבן... אַ צי וועט ער איר צושטימען, ווערט איר דאַן וועלן זיין מיין לעבנס־באַגלייטערין? אַזוי אָדער אַזוי, נאָר כ׳בעט אייך, דערציילט דעם פאָטער אַלץ וואָס איר ווייסט וועגן מיר...״

דעם נעקסטן טאָג, גאַנץ פרי, איז שוין זאַקס געווען ביי דער באַן זיך מיט וויעראַ צו זעגענען. אויפן וועג איז צוג האָט וויעראַ גאָרניט געקענט קלערן וועגן איר פריינטס פאָרשלאַג און וועגן האַרצנס־ענינים בכלל, באשר אַלע אירע געדאַנקען זיינען געווען מיט איר קראַנקן פאָטער און מיט אירע נאָענטסטע און טייערסטע וואָס וואַכן איבער אים טאָג און נאַכט. ס׳איז געווען אָנפאַנג מאַי. ביים אַריינפאָרן אין איר געבורט־שטאָט האָבן די פרישע שפּראָצונגען אויף די ביימער, דאָס גלאַנציק־גרינע גראָז אויף די פעלדער און אין די גערטנער, די ליבלעכע שטראַלן פון דער זון, צעוואָרפן מיט אַזאַ געטלעכער רחבות אויף רעכטס און לינקס, און די געזונטע, וואַרימע לופט — דאָס אַלץ האָט אָנגעפילט די לונגען מיט אַ שמעקעדיקן, הימלישן באַלזאַם. אָבער אין איר שטימונג פון יענעם מאָ־מענט האָט די גאַנצע פּראַכט פון דער נאַטור בלויז געקענט פאַרטיפן די מרה־שחורה אין וועלכער וויעראַ האָט זיך געפונען שוין איבער אַ גאַנצן מעת־לעת. דעם פאָטער האָט זי געפונען אין אַ זייער שווערן, כמעט קריטישן, צושטאַנד, הגם קיינער פון די אַרומיקע האָט ניט געוואוסט, אַז זיינע וואָכן זיינען שוין געציילטע.

דעם גאַנצן זומער האָט וויעראַ ניט אָפּגעטראָטן פון איר פאָטערס געלעגער טאָג ווי נאַכט. ער איז געווען גייסטיק פריש און זיין נשמה האָט די אַלטע רעגזאַמקייט לחלוטין ניט פאַרלאָרן. ער איז אין אַלץ געווען פאַראינטערעסירט, האָט אַלץ געוואָלט וויסן. וויעראַ פלעגט אים דערציילן וועגן דעם סטודענטן־לעבן אין וואַרשע און וועגן אירע דערגרייכונגען אין פראָפעסיאָנעלן שטודיום ווי אויך אין איר גייסטיקער אַנטוויקלונג דורך זעלבסט־בילדונג און לעבנס־דערפאַרונג. ער האָט געהערט פון איר וועגן אַלע אירע באַקאַנטע מיידלעך און יונגע לייט, און איז אין אַלץ און אין יעדן באַזונדער געווען לעבעדיק פאַראינטערעסירט, פונקט ווי ער וואָלט דערביי מיטגעלעבט און מיטגעמאַכט זיין טאָכטערס דערפאַרונגען און פאַסירונגען אין דעם אימפּולסיוון, שטורעמדיק־ברויזנדיקן לעבן פון דער יוגנט, וואָס זוכט כסדר דאָס נייע און ווייטע, וואָס רייסט זיך אַזוי עקשנות'דיק צו פרישע ליכטיקע וועלטן, און טרוימט וועגן אויסלייגן נייע ברייטע וועגן מער פאַר דער גאַנצער מענטשהייט ווי פאַר זיך אַליין...

וויעראַ האָט אַזוי גוט ווי אינגאַנצן פאַרגעסן פון זאַקס'ס הייראַט־פאָרשלאַג. ערשט ס'האָט פאַסירט איינמאָל, אַז איר איז אויסגעקומען צו דערציילן, אין גאַנג פון איר באַריכט וועגן אירע גייסטיקע טעטיקייטן אין וואַרשע, ווי אַזוי זי האָט זיך פאַרטיפט אין דאַרוויניזם בכלל און אין דעם ביאָלאָגישן ענין „קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ" בפרט, און בשעת מעשה האָט די געדאַנקען־אַסאָציאַציע זי אַרויפגעפירט אויף זאַקסן און אויף דעם פאָרשלאַג וואָס ער האָט איר געמאַכט. דאָ איז טאַקע געקומען איר אין קאָפּ דער געדאַנק, אַז זי קומט אים אַן ענטפער אויף דער שיקזאַל־פראַגע, וואָס ער האָט איר אַזוי אָפּנהאַרציק, דירעקט און בראַוו געשטעלט כמעט אין לעצטן מאָמענט פון זייער צוזאַמענזיין אין וואַרשע. זי האָט דעמאָלט אַרויסגענומען זאַקסעס בילד, עס געוויזן דעם קראַנקן פאָטער און אים אַלץ דערציילט וואָס צווישן איר און איר לערער און פריינט איז יענעם טאָג, אין איר לעצטן אָוונט אין וואַרשע, פאָרגעקומען. זי האָט איצט געוואַרט אויפן וואָרט פון איר פאָטער.

ער האָט גענומען דאָס בילד צו זיך און האָט צוגעזאָגט צו געבן אַן ענטפער מיט אַ וואָך שפּעטער. וויעראַס פאָטער האָט בוכשטעבלעך זיין בליק ניט אָפּגעריסן פון דעם בילד די גאַנצע וואָך, פונקט ווי ער וואָלט געזוכט און געפונען אין די שטריכן פון דעם יונגן מאַנס פנים אָנדייטונגען און תשובות אויף איין פראַגע: צי וועט זיין געליבטע טאָכטער זיין גליקלעך אַלס די לעבנס־חברה פון דעם וואָס ער האָט אים אפילו קיינמאָל פּערזענלעך ניט געטראָפן, אָבער פון וועלכן זי, די טאָכטער אַליין, רעדט מיט אַ באַגייס־טערונג וואָס ווייס ניט פון קיין גרענעץ און מיט אַ רעספּעקט וואָס איז שווין פון לאַנג אַריבער אין אַ העכסטער, באמת ריירנדיקער, ערפורכט.

אָבער דורך דער וואָך, ווען דער פּאָטער איז געווען אזוי ארײנגעטאָן אין רעיונות וועגן דעם ענין, האָט וויערא מיט קיין איינציקן וואָרט זיך ניט אַרויסגערעדט וועגן די פּערזענלעכע, אינטימע געפילן וואָס פאַרבינדן זי מיט זאקסן. פון הארצן האָט זי אים אָבער ניט אַרויסגעשטויסן, און האָט אין משך פון יענעם טראַגישן זומער געפירט מיט זאקסן א קאָרעספּאָנדענץ, הגם וועגן דער צייט ווען זי קלערט זיך אומצוקערן קיין ווארשע צו דער־ליידיקן אירע ענינים, ווי די לעצטע עקזאמענס אין דער דענטיסטן־שולע א. ד. גל., האָט זי אים קיין שום באַשטימטעס ניט געקענט שרייבן.

און אָט האָט פּאַסירט — דאָס איז געווען מיט עטלעכע טעג בלויז פאַר זיין טויט — אז דער קראַנקער פּאָטער האָט אין וויערא׳ס קעגנוואַרט ווידער געענומען אין האַנט זאקס׳ס בילד און זיך געווענדעט צו זיין טאָכטער מיט אזעלכע ווערטער: „איך קען דעם יונגן מאַן ניט, אָבער איך גלויב, אז דו וועסט זיין גליקלעך מיט אים. דו מעגסט מיט אים הייראַטן, אויב דו ווילסט, איך גיב אייך מיין הארציקע ברכה״. זי האָט די דאָזיקע סצענע תיכף באַשריבן אין א בריוו צו איר טייערן פריינט אין ווארשע, און אין א פּאָר טעג ארום איז שוין אָנגעקומען פון זאקסן א לאַנגער בריוו צו איר פּאָטער. דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז דער פּאָטער זאָל נאָך פאַרן אויס־הויכן זיין לעצטן אָטעמצוג באַקומען א גרויסן נחת־רוח. נאָכן איבערלייענען דעם בריוו, האָט דער פּאָטער זיך אָפּגערופן צו וויעראַן: „מיר גלויבט זיך, אז ער וועט נאָך אַ מאָל זיין א גרויסער מענטש. יאָ, איך בין דערין זיכער.״ דער פּאָטער איז גאַנץ קורץ נאָך דעם געשטאָרבן. די פּאַמיליע האָט פון דעם קלאַפּ שרעקלעך געליטן. די מוטער האָט אינגיכן פאַרקויפט זייער הויז, און פאַרלירנדיק זייער וואוינרעכט נאָכן טויט פון פּאָטער, דעם „סוחר פון 1טער גילדיע,״ זיינען זיי געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן אָריאָל אינגאַנצן. די פּאַמיליע קיסין האָט זיך אריבערגעקליבן קיין ריגע און זיך דאָרט באַזעצט.

זאקס האָט פון ווייטן די אלע פּאַסירונגען מיטגעלעבט און האָט גע־טיילט וויעראַס שמערץ. קורץ נאָך איר צוריקקער קיין ווארשע האָבן זיי זיך פאַרלאָבט. דעם לעצטן יאָר פון איר זיין אין וואַרשע האָט וויעראַ זיך אָפּגעגעבן מיט דורכמאַכן אירע עקזאַמענס און האָט פאַרדינט אויף איר עקזיסטענץ דורך געבן פּריוואַט־שטונדן. זאקס איז, ווי שטענדיק, מיט לייב און לעבן געווען ארײנגעטאָן אין זיין פּראָפּאַגאַנדיסטישער און ליטע־ראַרישער ארבעט. ער פּלעגט כמעט שטענדיק ארײנכאַפּן זיך דורכצוקוקן די פּרעסע, זיך צו טרעפן מיט קאָלעגן און שרייבער אין קאָטיקס באַוואוסטן קאַפעהויז אויף די נאַלעווקעס, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען א צענטער פאַר די ווארשעווער יידישע ליטעראַטן און פאַר די טוערס פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג. איצט איז וויעראַ ניט זעלטן מיט אים געגאַנגען צו

פאַרברענגען אַ שעה־צוויי אין יענעם באַוואוסטן טרעף־פּלאַץ פון דער יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ. פאַר איר האָט זיך געעפנט אַ גאַר נייע, ביז איצט ניט באַקאַנטע וועלט.[17] עס האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַר איר אַ ניי לעבן פול מיט פרישע לייכטנדיקע קאָלירן פון גייסטיקן פּראַכט און גלאַנץ. זי איז אריינגעצויגן געוואָרן דורך זאַקס'ס באַקאַנטשאַפטן אין אַ גייסטיק הויכער ספערע — צווישן די טאַלאַנטפולע שרייבערס און פּאָעטן, די גרעסטע שטערנס פון יידישן „פּאַרנאַס", סאַי פון דעם עלטערן דור, ווי מ. ספּעקטאָר, י. ל. פּרץ און יעקב דינעזאָן, סאַי צווישן די יינגערע, נייע און פיל־צוזאָגנדיקע כוחות, ווי ה. ד. נאָמבערג, אברהם רייזען און שלום אַש, און אנדערע יונגע שריפטשטעלער און קינסטלער, וואָס זייערע נעמען האָבן אין יענע יאָרן אָנגעהויבן צו באַקומען אַ וואוילבאַקאַנטן קלאַנג אין דער גאַנצער יידישער וועלט, און מיט וועלכע זאַקס איז געווען נאָענט באַ־פריינדעט.[18] די באַרוישונג פון די נייע באַקאַנטשאַפטן, די באַרירונג מיט גייסטרייכע וואָרטקינסטלער, מיט מוטיקע אַרבעטער־טוערס און פּאַרטיי־פירערס — דאָס אַלץ האָט פאַר וויעראַ טיילווייז אָפּגעשוואַכט דעם ווייטאָג וואָס איז געבליבן נאָך דעם מוראדיקן פאַרלוסט אין די לעצטע חדשים. אינצווישן האָט זי אין אָנפאַנג 1903 באַקומען פון דער דענטיסטן־שולע אין וואַרשע איר ציינדאָקטאָר־דיפּלאָם, דאָס מיינט אַ רייזעפּאַס פאַר דעם שווערן וועג פון אַ פרייער, זעלבסטשטענדיקער קאַריערע.

אין זעלבן יאָר 1902־1903, ווען אַזעלכע טיפע איבערלעבונגען האָבן באַרירט די פּערזענלעכע זייטן פון זאַקס'ס און וויעראַ'ס לעבן און זייער געמיינזאַמע צוקונפט, פאַלט אויך אויס דער אָנפאַנג פון זאַקס'ס אָריגינעלער ליטעראַרישער טעטיקייט אויפן פּובליציסטישן פעלד. זיך דרוקן אין דער פּרעסע האָט ער אָנגעפאַנגען אין דער וואָכנשריפט „יודישע פאָלקסצייטונג" (אַ וואָכנבלאַט פאַר אַלע יודישע אינטערעסן), וואָס פלעגט אַרויסגיין אין ווארשעווער פאַרלאַג „תושוה" אונטער דער רעדאַקציע פון מ. ספּעקטאָר (פאַר בעלעטריסטיק און פּראָווינץ־אָפּטיילונג) און ד"ר ה. ד. הורוויץ (פאַר פּובליציסטיק און וויסנשאַפט) און ביי דער מיטאַרבעט פון די בעסטע יידישע שריפטשטעלער. צו דער וואָכנשריפט פלעגט אַרויסגעלאָזן ווערן אַ מאָנאַט־לעכע ביילאַגע אונטערן נאָמען „פרויען וועלט". די צייטשריפט האָט זיך געדרוקט אין קראָקע, ווייל אין רוסלאַנד איז דעמאָלט ניט מעגלעך געווען צו באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר אַ פּעריאָדישער אויסגאַבע אין יידיש. יעדער געדרוקטער נומער פלעגט, פאַרשטייט זיך, דורכגיין די רוסישע צענ־זור נאָך דעם ווי מען האָט די קאָסטנס מיט די זשורנאַלן יעדע וואָך ברענגען פון קראָקע קיין וואַרשע. אין דער „יודישער פאָלקסצייטונג" האָט זאַקס אָפּגעדרוקט זיין ערשטן רייפן זעלבסטשטענדיקן ווערק — אַן אָפּהאַנד־לונג באַטיטלט „אייגנטום (אַ פּרק פון מענטשלעכער קולטור)". דאָרט גיט

א. ש. זאקס א קורצן היסטאָרישן איבערבליק פון אַט דעם עיקרדיקן סאָציאַל־עקאָנאָמישן באגריף. ער שרייבט:

...אין די אורצייטן, ביי די פּרימיטיווע פעלקער איז פּריוואַט־אייגנטום ניט באקאַנט. עס קומט ערשט מיט דער אַנטוויקלונג פון א קאָלעקטיוון קאַמף קעגן דער נאַטור און פאַרן קיום, בעת ס׳שאַפן זיך אָרגאַניזאַטאָרן וואָס גרייטן צו און פירן אָן מיט אזא קאָלעקטיוו־עקאָנאָמישן קאַמף. דער אָרגאַניזאַטאָר נעמט פאַר זיך א גרעסערן חלק פון די פּראָדוקטן, וואָס די גרופּע אַרבעט אויס.

אָט די ניט גלייכע פאַרנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטן צווישן דעם אָרגאַניזאַטאָר און די איבעריקע מיטגלידער פון דער גרופּע איז געווען די התחלה פון דעם אייגנטום, וועלכער האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט און דערגרייכט אזא מדרגה אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אז ער איז געוואָרן דער גאַנצער יסוד פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

. . . . . . . . . . . .

שפּעטער, ווען דער טויש צווישן די שבטים האָט אָנגעפאַנגען צו שפּילן א ראָלע, און דער גאַנצער משא ומתן פלעגט פאָרקומען נאָר צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן, פלעגט ליגן ביי זיי אין די הענט, האָבן זיי אָנגעפאַנגען צו קוקן אויף זיך, ווי אויף די גאַנצע בעלי־בתים פון די פּראָדוקטן.

צוליב דעם אָפטן טויש האָט זיך דער דאָזיקער געדאַנק פון אייגנטום אַלץ מער פאַרשפּרייט און מיט דער צייט איז דאָס געוואָרן פעסט איינגעוואָרצלט אין מוח פון די שבטים־פירער. פון אָרגאַניזאַטאָר האָט זיך דער געדאַנק פאַרשפּרייט אַלץ מער און מער אויך צווישן די איבעריקע מיטגלידער פון שבט.[19]

דער אַרטיקל, געדרוקט אין צוויי נומערן אין אָקטאָבער און נאָוועמבער 1902, האָט געצויגן א שטאַרקן אינטערעס און א ברייטע אויפמערקזאַמקייט, און דער רעדאַקטאָר אַליין, ח. ד. הורוויץ (באַקאַנט אויך אונטערן פּסעוודאָנים „א. סוחר״), האָט די אַרבעט זייער געלויבט. די געהויבענע מיינונג פון ח. ד. הורוויץ, וואָס איז, אַלס געלערנטער עקאָנאָמיסט, געוויס געווען א מומחה אין דעם ענין פּריוואַט־אייגנטום, איז ביי זאקסן געווען זייער אָנגעלייגט. דער וואַרשעווער פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע״ האָט מיט פיר יאָר שפּעטער, אין 1906, איבערגעדרוקט דעם דאָזיקן אַרטיקל אין בראָשור־פאָרם, (א ביכל פון 10 זייטן), אפילו אָן דעם וויסן פון מחבר.[20]

אין אָנפאנג פון יאָר 1903 האָט זאַקס אָפּגעדרוקט אין דער „פאָלקס־צייטונג" צוויי וויכטיקע ארבעטן. „די קלאַסן און נאציאָנען" גיט אַן אלגע־מיינעם באגריף מכוח אָט די פונדאמענטאלע קאַטעגאָריעס פון סאָציאָלאָגישן דענקען, פאַרגעשטעלט, נאַטירלעך, אין ליכט פון זאַקסעס מאַרקסיסטישן וועלט־באנעם.[21] אין דריי נומערן במשך פון פעברואר און מערץ 1903 דרוקט זאַקס א סעריע פון סאָציאל־עקאָנאָמישע ארטיקלען אונטערן אלגעמיינעם טיטל „פריהער און איצטער", וואו ער באהאנדלט די אנטוויקלונג פון דעם עקאָנאָמישן לעבן אין משך פון דער געשיכטע, דערהויפּט זינט דער איינ־פירונג פון די מאשינען און זינט דעם אויפקום פון דער אינדוסטריעלער ציווילִיזאַציע.[22] אין מאַי האָט זאַקס אָפּגעדרוקט אַן ארטיקל וועגן די פאָלקס־אוניווערזיטעטן אין דענמאַרק.[23]

זאַקס האָט אין 1903 צוגעגרייט א רייע ריין־טעאָרעטישע ארבעטן אויף פּאָליטיש־עקאָנאָמישע טעמעס, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין „דער יידישער פאָלקס־צייטונג", כדי צו פּאָפּולאריזירן אָט די וויסנשאפט, וואָס איז אין יענער צייט געוואָרן ממש א מאָדע־זאַך. ער האָט אָפּגעדרוקט א צוויי אר־טיקלען וועגן „סחורות און זייער ווערט",[24] צוויי ארטיקלען וועגן „ריווח"[25] און צוויי ארטיקלען וועגן „געלט".[26] אין זיי ווערט שוין זייער בולט קענטיק דער מארקסיסטישער צוגאנג צו דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועלכן זאַקס איז געבליבן געטריי זיין גאנצן לעבן.

ה

אין פרילינג 1903, נאָכן באַקומען איר ציינדאָקטאָר־דיפּלאָם, איז וויערא מיט זאַקסן אָפּגעפאָרן צו איר פאמיליע קיין ריגע. דאָרט האָט ער געארבעט אלס פּריוואט־לערער און זי האָט אויך געפונען אַן ארבעט־שטעלע אין איר פּראָפעסיע. אויף פּסח איז דאָס פּאָרל איינגעלאַדן געוואָרן צו גאַסט ביי זאַקסעס עלטערן אין זאַמוט. דאָרט האָט וויערא צום ערשטן מאָל זיך אויפגעטראָפן פנים אל פנים מיט אירע צוקונפטיקע שווער און שוויגער. זיי האָבן אויף איר געמאכט דעם בעסטן איינדרוק. דאָס זיינען געווען ערלעכע באַשיידענע מענטשן וואָס האָבן די אָרימע פרנסה געצויגן פון קליינעם האנדל, וועלכן זאַקס'ס זייער פרומע מוטער האָט געפירט אונטערן אָפענעם הימל אויף דעם מארק־פּלאַץ פון שטעטל. זי איז געווען די הויפּט־שפּייזערין פון דער פאמיליע, בעת איר מאַן, ווי דער שטייגער איז געווען אין יענער צייט, האָט זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט לערנען תורה, אין וועלכער פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן, ער איז געווען אזא חריף און בקי. זיי האָבן געלעבט אין א קליי־נער הילצערנער שטיבל, אָרעם אין דער אויסשטאַטונג, אָבער פיין און ציכטיק, אָנציענדיק־זויבער, ווי ס'פּאַסט זיך פאַר א פאמיליע, וואָס האָט

ניט נאָר געפּירט א פּרומען שטאט, נאָר האָט אויך געשעצט די גייסטיקע אוצרות פיל העכער פון די ערדישע גיטער און די ניט־כשר פארדינטע רייכטימער. זאקס׳ס פאָטער, ר׳וואָלפציק חריף, א גרויסער תלמודיסט און דערביי א מענטש מיט א ברייטן קוק, פול מיט פארשטענדעניש און טאָלע־ראנץ אפילו פאר די ניט־גלויביקע וואָס דינען אָבער זייער אייגענעם אידעאַל מיט מסירת־נפש און אמונה, איז פאר ווילנע געוועזן אן אמת׳ע אַנטפּלעקונג, א טיפּ וואָס זיינס גלייכן האָט זי פריער קיינמאָל ניט געזען. אין אירע אויגן איז דאָס כמעט ווי א סימבאָלישע פיגור — א רעפּרעזענטאנט פון אַלטן, אומצעשטערבארן יידישן פאָלק, וואָס פאַרקערפּערט די שענסטע טראַ־דיציעס פון יידישקייט און גלייכצייטיק שטרעקט ער אויס די הענט, בענטשנ־דיק און דערמוטיקנדיק, צו די טרעגער פון דער נייער יידישקייט, פון דעם יונגען יידישן דור פון מארטירער און קעמפער וואָס מיען זיך אויסצושמידן פאר זייערע ברידער און פאר אלע מענטשן א בעסערע צוקונפט. אויף דער יונגער רוסיש־יידישער אינטעליגענטקע, וואָס האָט ביז איצט פון דעם פּאטריארכאלישן יידישן לעבן־שטייגער קיין שום באגריף ניט געהאט, האָט די באַגעגעניש מיטן אַלטן ר׳ בן ציון וואָלף זאַקס איבערגעלאָזן אַן אומפאַר־געסלעכן איינדרוק. און איצט, איבער פערציק יאָר צייט נאָך דער פּאַסירונג, זיינען אין איר נשמה שפּורן פון יענעם איינדרוק נאָך ווייט ניט אָפּגעווישט.

זאַגער, אַ קליינע שטעטל, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט אַ גע־דיכטן וואַלד און מיט ברייטע, צעאַקערטע פעלדער, האָט, פארשטייט זיך, פיל מער ווי וואַרשע אָדער ריגע, דערמאָנט ווילנען אָן איר געבורטשטאָט, אַריאַל, וואו אירע זאָרגלאָזע קינדער־יאָרן זיינען פאַרלאָפן, און וואו דער לעצטנס געטראָפענער אומגליק האָט פון איר אוועקגערויבט דעם פאָטער וואָס איז אויך געוועזן פאר איר דער בעסטער פריינד און וועגווייזער. און ליידנדיק פון דער פרישער וואונד פון יענעם קלאַפּ, האָט ווילנע איצט, בעת דעם באַזוך אין זאַגער, זיך נאָענט באַפריינדעט מיט זאַקסעס משפחה, וואָס איז באשטאנען פון דעם אלטן פּאָרפאָלק און פון זאקס׳ס א יינגערער שוועסטער, טשעסנאַ. אָט די שטילע און הארציקע סביבה, דאָס לעבן כמעט אויפן שויס פון דער נאטור, די לאנגע שפּאצירן און געשפּרעכן מיט זאקסן אין די וועלדער און איבער די ברעגלאָזע פעלדער און לאָנקעס, די פרישע וואלד־לופט און דער אַבסאָלוטער אָפּרו נאָך די שטורעמדיקע דערשיטערונגען פון לעצטן יאָר — דאָס אַלץ האָט ווילנעס צערודערטן געמיט באַרואיקט און האָט געשטאַרקט איר גייסט. צוגלייך האָט אויך זאקס געפילט א זעלטענע גייסטיקע הנאה, א טיפע געגוגטואונג, שוין דורך דעם, וואָס זיין כלה האָט פון דעם קורצן באַזוך אין זאַגער באַקומען אַ היפשן צופלוס פון נייע גייסטיקע און קערפּערלעכע קרעפטן. דאָס האָט נאָך מער צעוואָרימט איר ניי־דערוואָרבענעם גלויבן און מוט צום קאמף פאר דער באפרייאונג פון

פארשקלאפטן רוסלאנד, פאר דער אויסלייזונג פון די שקלאפן לוין־אר־בעטער, און פאר דער פארברידערונג פון אלע פעלקער.

און דאַ אין רעכטן מיטן פון דעם גליקלעכן צוזאמענזיין אינם באשיי־דענעם און שטילן, אָבער דערהויבן־איידעלן און גייסטיק־באהויכטן עלטערן־הויז פון איר חתן, איז פלוצלינג, ווי א דונער פון קלאָרן הימעל, צעשטע־רנדיק די גליקזעליקייט און עונג פון טראַדיציאָנעלן יידישן פרייהייט־יום־טוב, אָנגעקומען די ידיעה פון דעם קישענעווער פּאָגראָם. דאָס בלוט איז פארגליווערט געוואָרן אין די אָדערן פון די באשרייבונגען פון די אכזריות׳ן, פון די פירכטערלעכע רציחות איבער אלטע לייט, פרויען און קינדער, וואָס די מענטשן־חיות האָבן באגאנגען אין דער דרום׳דיקער שחיטה־שטאָט. און זאקס, דער פיינפילנדיקער אידעאליסט, דער טרוימער פון א שענערער און בעסערער וועלט, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאר אן אַפּאָסטאָל פון אַ רעוואָלוציאָנערער לערע וועלכע פּריידיקט גלייכהייט און ברידערלעכ־קייט צווישן אַלע מענטשן־קינדער, ער האָט גאָר באזונדערס טראגיש איבערגעלעבט די שוידערלעכע פּאסירונג און אירע פּסיכאָלאָגישע נאָכ־ווייענישן. און ווער האָט דעמאָלט גאָר געקענט רעכענען, אז די קישענעווער בלוטבאָד וועט אין דער מארטירער געשיכטע פון רוסישע יידן אריינגיין ווי דער אָנזאָגער און ערשטער צייכן פון אַ גאַנצער פּאָגראָם־כוואַליע וואָס וועט אין די קומענדיקע פּאָר יאָר פארפליצן דעם גאנצן יידישן תחום מיט א ים פון בלוט און טרערן!?

וואָס זאקס האָט אין יענער צייט געפילט און געטראַכט איז צום גליק פארקערפּערט געוואָרן און איז פארבליבן אויף שטענדיק אין א פיינעם פּובלי־ציסטישן ארטיקל. די רעדאקציע פון דער וואָכנשריפט „יודישע פאָלקס־צייטונג״, וואו זאקס איז זינט 1902, ווי מיר ווייסן שוין, געווען א מיט־ארבעטער, האָט קורץ נאָך דעם קישענעווער פּאָגראָם ארויסגעלאָזן א זאמל־בוך, באטייטלט „הילף״, לטובת די פּאָגראָם קרבנות. צווישן די באַטייליקטע אין זאמלבוך, וואָס האָט געדארפט אויף א פארשטעלטן (מחמת דער צארישער צענזור), ניט־אָפיציעלן אופן אויסדריקן א מאָראלישן פּראָטעסט קעגן די הויפּט־שולדיקע אין דער שחיטה, און אויך דינען ווי אַ סימן פון סאָלידאַרי־טעט צווישן דער פּאָרגעשריטענער רוסישער געזעלשאַפט און די געדרו־דפטע, רעכטלאָזע יידן, — צווישן די מיטארבעטער אין זאמלבוך האָבן זיך געפונען אויך לעוו טאָלסטאָי און מאקסים גאָרקי. דאָרט האָט זאקס פאַר־עפנטלעכט אן ארטיקל — „נאציאָנאליטעט און שאָוויניזם״, וואָס האָט געצויגן א גרויסע אויפמערקזאמקייט, ספּעציעל אין די יידישע ארבעטער קרייזן. ערשטנס איז שוין דער טאָן פון דעם אַרטיקל געווען א געוואגטער און מוטיקער, אויב מיר נעמען אין באטראַכט די אויסערלעכע פּאָליציי־באַדינ־גונגען פון מאָמענט. אין דעם בוך, וואָס האָט געזאָלט פארשפּרייט ווערן

איבער גאנץ רוסלאַנד, כדי צו שאפן וואָס מער שטיצע פאר די קרבנות פון קישענעוו, האָט מען פארשטייט זיך, ניט געטאָרט אָפן און דירעקט ריידן וועגן די הויכגעשטעלטע פּאָגראָמשטשיקעס, מיטן הויפּט־רשע מיניסטער פּלעווע בראש. כמעט אלע מיטאַרבעטער האָבן זיך אָפּגעהאלטן פון שארפע אויסדרוקן אָדער פון ארויסזאָגן ראדיקאלע פּאָליטישע מיינונגען. אין בעסטן פאַל האָט מען, מחמת דער צענזור, געדארפט ריידן אויפן „וואונק״, ד. ה. דורך אָנצוהערעניש, משלים און אָנדייטונגען, וואָס וועלן קיין צו גרויסן חשד ניט דערוועקן ביי דער מאכט. דאָס שאַרפסטע און אָפנסטע וואָס איז אפשר דאָך געווען אין גאנצן בוך, געפינט מען אין זאקס'ס ארטיקל, אין א פאראגראף, בעמלעך וואו ער האָט אזוי קורץ און טרעפלעך כאראקטעריזירט דעם שאָוויניזם, ד. ה. דעם חיהישן נאַציאָנאַליזם. דאָרט שרייבט זאקס:

> אין נאָמען פון שאָוויניזם דריקט מען אָן רחמנות, אין נאָמען פון שאָוויניזם האָט מען פארגאָסן דאָ ניט לאנג זייער פיל אומשולדיק בלוט אין אפריקע און כינע; אונטערן פאָן פון שאָוויניזם אַגיטירן אַזעלכע מענטשן ווי קרושעוואַן, סואוואָרין און אַנדערע צו מאַכן פּאָ־גראָמען. אין דעם נאָמען פון שאָוויניזם ווערט דער שטילער המון פארוואנדלט אין ווילדע טיגערן; מען ווארפט קליינע קינדער פון דריטן עטאַזש און נאָך אזוינע אכזריותדיקע מעשים. — דאָס אלץ ווערט געטאָן אונטער דער מאסקע פון שאָוויניזם. צוליב דער מיי־נונג, אז נאָר „איך״ און „מיינע״ דארף עקזיסטירן און די איבעריקע זיינען נאָר באשאַפן געוואָרן צוליב מיר. יאָ, גיפטיק איז אזא אידעע; מער ווי צרות קען זי אויף דער וועלט ניט ברענגען.

נאָך הילכיקער ווי דער אָפּרוף פון די יידישע קרייזן אויף אזא אָפענע פאָרם פון אַרויסרוף קעגן די רוסישע שאָוויניסטן, די אָפענע דיבורים קעגן די פּאָגראמשטשיקעס, איז אָבער געווען דער אָפּקלאנג, וואָס דער אינ־האַלט און אויספיר פון יענעם ארטיקל האָט געפונען ביי א גרויסן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ און אַרבעטערשאפט. אין זיין ארטיקל כשר'ט זאקס דעם נאַציאָנאַליזם פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט (הגם, ווידער, מחמת דער צענזור, באנוצט ער זיך ניט דירעקט מיטן פארבאָטענעם וואָרט „סאָציאַליזם״). ער נעמט זיך אָן פאר דעם פּראָגרעסיוון, שעפערישן נאַציאָנאַליזם אין קעגנזיץ צום רעאקציאָנערן חיהשן און צעשטערערישן נאַציאָנאַליזם־שאָוויניזם. ער ווייזט אָן, אז נאציאָנאַליזם און שאָוויניזם זיי־נען צוויי באַזונדערע זאַכן.

אין יענער צייט האָט נאָך אין די מוחות פון די מערסטע יידישע ראַדי־קאלן אלץ געהערשט דער פלאכער קאָסמאָפּאָליטיזם, די צענויפמישונג פון

אלץ און אלעמען אין איין בלאָסער, בלוטלאָזער געמייזעכץ. דאָס איז געווען דער פאַלשער אויסדרוק פון שלעכט פאַרשטאַנענעם סאָציאַליסטישן אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַלער אחדות. דער פּראַקטישער רעזולטאַט פון אַזאַ פאַרבלענדעניש און פאַרזעעניש איז געווען יענע רוסיפיקאַציע און פּאָלאָני־זאַציע פון די פירערם, וואָס האָט א לאַנגע צייט בארויבט די יידישע אר־בעטער־מאַסע, דערהויפּט אין פּוילן, פון גוטע וועגווייזער. און אָט אין אַזאַ צייט האָט זיך ווירקלעך געפּאָדערט פון אַ יידישן ראַדיקאַל אָדער סאָציאַליסט ניט ווייניק געוואַגטקייט און מוט, ווי אויך א ווילן צו זיין „ניט בלויז א פריידענקער, נאָר אויך אַ פרייער דענקער" (ווי ד"ר זשיטלאָווסקי האָט אַמאָל זיך אויסגעדריקט), אַנצושרייבן אַן אַרטיקל וואָס האָט באַטאָנט די פּראָגרעסיווע באַדייטונג פון דער נאַציאָנאַלער אידייע. מיר וועלן נאָך זען, ווי אַזוי זאַקס האָט אין זיינע שפּעטערדיקע אַרטיקלען די נאַציאָנאַלע פראַגע ניט איין מאָל באהאַנדלט פון א פּראָגרעסיוון און סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט.

נאָך דער אומפאַרגעסלעכער פּסח־וואַקאַציע אין זאַגער האָבן זיי ביידע, זאַקס און וויערא, זיך אומגעקערט קיין ווארשע. זייער שטרעבונג איז געווען צו געפינען ארבעט וואָס זאָל, אויסער ברויט, זיי געבן אויך א גייסטיקע באַפרידיקונג. זאַקס האָט אָבער אין יענער צייט דערפילט אין זיך, נאָך שטאַרקער ווי ווען ס'איז פריער, א דראַנג צו פאַרטזעצן זיין נאַטור־וויסנשאַפטלעכע בילדונג אויף א מער סיסטעמאַטישן און מעטאָדישן אופן. ס'האָט אים געצויגן צו א גרינדלעכן און פלאַנמעסיקן שטודיום פון אַגראָ־נאָמיע און נאַטורוויסנשאַפט בכלל. פון דער צווייטער זייט, האָט אים צייטנ־וויַיז שטאַרק געצויגן אַנצוקומען אין בערלינער אוניווערזיטעט, אויפן שטאַטס־וויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט, און שטודירן אויף דאָקטאָר־פילאָזאָף. שטענדיק איז אָבער דער אָפּהאַלט געווען יענער באַקאַנטער, גאַנץ געוואוינ־לעכער און פּראָזאַאישער אומשטאַנד — אויספעל פון געלט. וויערא האָט אָבער געהאַלטן אין איין דערמוטיקן אים און האָט אַפילו געגומען אויף זיך צו באַשאַפן פאַר אים דעם מאַטעריעלן באַזיס פאַר דעם העכערן שטודיום אין דייטשלאַנד. ווי אַזוי, אָבער, וועט זי דאָס קענען טאָן, באַזונדערס איצט ווען זי דאַרף שטיין אינגאַנצן אויף אירע אייגענע פיס? — קיין זאַך האָט זי אָבער ניט אָפּגעשראָקן. מיט איר געוואוינלעכער גייסטיקער באַוועג־לעכקייט און שטענדיקן אָפּטימיזם, מיט איר אומבאַגרענעצטן גלויבן אין זאַקסעס פעאיקייטן און גלענצנדיקע צוקונפט, האָט זי לייכט און שנעל געפונען א ענטפער אויף דער פיינלעכער פראַגע, וואָס וואָלט אַ מענטשן וואָס איז שוואַכער פון איר אין אויסדויער און גייסט מסתמא צעמישט און אַנטמוטיקט. זי האָט באַשלאָסן אָט וואָס: אוועקצופאָרן באַלד קיין ריגע, וואו איר פאַמיליע לעבט, דאָרט צו קריגן ארבעט, זיך צו פּלאַגן און מיען אַן א ברעג כדי צו

קענען אָפּשפּאָרן געלט; און דאָס וועט זי טאָן אַזוי לאַנג ווי ס׳וועט נויטיק זיין, כדי פּאַרט אָנצוקלייבן גענוג געלט־מיטלען פאַר זאַקסן ער זאָל רואיק זיצן אין דייטשלאַנד און לערנען, און דערביי זיך אויך פאַרנעמען מיט זיין וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישער און פּובליציסטישער אַרבעט.

גראָד איז דאָס געווען א צייט ווען ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעך איז זאַקס געווען זייער פּראָדוקטיוו. ער האָט, ווי מיר ווייסן שוין, צוגעשטעלט א רייע וואָגיקע פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען דער „יודישער פאָלקס־צייטונג״, און האָט אין יענער צייט אויך געשליפן זיינע ערשטע וואָפן אלס פּובליציסט און פּאָלעמיסט אין קאַמף פאַר דער אידייע פון יידישן פּראָ־גרעסיוון נאַציאָנאַליזם. מיר האָבן זיך שוין אויבן אָפּגעשטעלט אויף זיין אַרטיקל „נאַציאָנאַליטעט און שאָוויניזם״ אין זאַמלבוך „הילף״. אָבער נאָך שאַרפער און דייטלעכער אין זיין נאַציאָנאַל־פּאָליטישע וועלט־אַנשויאונג אויסגעדריקט געוואָרן אין א פּאָלעמישן אַרטיקל, א תשובה אויף קאַאוטסקיס אַרטיקל (זאַקס פאַררופט זיך דערביי אויפן „וואָסכאָד״, 1903, נומ. 27) וועגן „קישענעווער פּאָגראָם און די יידן־פראַגע״. א. ש. זאַקס האָט זיין גלענצנדיקן אַרטיקל אָנגערופן „אַן אַלטע עצה אויף א נייער פראַגע״ און האָט אים געדרוקט אין צוויי נומערן פון דער „פּאָלקס־צייטונג״.[22] ס׳איז כדאי ברענגען עטלעכע אויסצוגן פון אָט דעם פיינעם פּאָלעמישן אַרטיקל, וואָס איז גע־שריבן מיט פייער פון אַן אויפריכטיקער באַגייסטערונג, מיט אַן עכטן ליטע־ראַרישן טאַלאַנט און פיינעם הומאָר.

מיר ווילן דאָ ציטירן אַ פּאָר שטעלעס:

ווי אַזוי קען באַזייטיקט ווערן די שנאה קעגן יידן? פרעגט קאַאוטסקי. און ער ענטפערט: נאָר דענסמאָל ווען די פּאָלקס־מאַסן וועלן אויפהערן צו זיין צווישן זיך פרעמדע, ווען זיי וועלן זיך צוזאַ־מענגיסן אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונגס־מאַסע. דאָס איז די איינציקע באַשיידונג פון דער יידן־פראַגע.

א גאַנץ ראַדיקאַלע עצה, אָבער א צו אַלטע!

זי געהערט צו דער טעאָריע, אַז אין די אַלע ערשיינונגען, וועלכע מיר זאָלן ניט זען, רעגירן נאָר עקאָנאָמישע פאַקטאָרן. און איצט האָט עס קאַאוטסקי געזאָגט אונטער דער ווירקונג פון זיין ספּעציאַל־עקאָנאָמישער טראַדיציע.

און אין אמת׳ן קוים ענטזאָגן מיר זיך פון דער פריערדיקער טעאָריע וועגן די איינגעפרעסענע שנאה צו יידן. קוים ערקענען מיר,

אז אין דער יידישער אויסנעמלעכער לאגע זיינען שולדיק ניט נאָר עקאָנאָמישע אורזאַכן, נאָר אויך פסיכאָלאָגישע אָדער אַנדערע וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט מיט דער קלאסן־פונאנדערטיילונג — קוים זיינען מיר דאָס מודה — מוזן מיר זיך אויך אָפזאָגן פון אמאָליקע עצות, וועלכע קומען ארויס פון יענע טעאָריעס.

. . . . . . . . . . . .

אסימילאציע איז געגרינדעט אויף דעם יסוד פון אינטערנאציאָנאלע פאראייניקונג, אינטערנאציאָנאלע פאראייניקונג שטיצט זיך אויף דער ספעציעלער עקאָנאָמישער טעאָריע. ביי דער יידישער נאציע שפילן ניט די עקאָנאָמישע סיבות די הויפט־ראָלע, און ממילא קאָן איר פראגע ניט באשיידן ווערן מיט די באשליסע פון דער עקאָנאָמישער טעאָריע.

יידישע אסימילאציע איז שוין אן אָפגעלעבטע זאך, און אויב זי ערשט נאָך אין די מוחות פון מענטשן איז דאָס נאָר א ווידערקול פון דער אלטער, ספעציאל עקאָנאָמישער טעאָריע, וועלכע האָט שוין ניט מער קיין פעסטן באָדן אונטער זיך.

. . . . . . . . . . . .

ניין, ניט אסימילאציאָן איז פאר אונז א מיטל אין דער היינטיקער צייט, ניט קנעכטיש זיך אָפזאָגן פון אונזערע „איך" ברויכן מיר, נאָר אַ קאַמף פירן פאַר אונזערע רעכטע. ניט קנעכטיש אַראָפּגיין פון דער לעבנס־סצענע דארפן מיר נאָר פארקערט, מיר מוזן ארבעטן אזוי לאנג ביז וואנעט מיר וועלן באשאפן א פעסטן באָדן אונטער זיך.

ניט מיט אונזער עניתוות'דיקער אונטערטעניקייט ברויכן מיר צו וויזן אביישפיל דער געשיכטע, נאָר מיט אונזער פעסטן גייסט, מיט אונזער נאָך אומפארמאטערטן כוח ... פול מיט דערנער איז פאר־שפרייט אזא וועג, שווער איז אים אריבערצוטרעטן, אָבער מיט אַלגעמיינע כוחות און מיט אן ערנסטער ארבעט וועלן מיר אלעס דערגרייכן.

דאָס איז געווען דער אויספיר פון א. ש. זאקס'ס גייסטרייכער אָפרעכע־נונג מיט די קאָסמאָפּאָליטיש־איבערפלעכלעכע אסימילאטאָרן און די יידיש־ראדיקאלע קרייזן, וואָס האָבן מסתם געשעפּט נחת פון קארל קאַאוטסקיס

סקאַרבאָווע עצות צו לייזן די יידן־פּראַגע דורך אַ פּשוטער צונויפגיסונג פון די יידן מיט די אַרומיקע, אָפּט פיינדלעכע און אָפּגעשטאַנענע פעלקער. אין אַ יאָר־צוויי, ווי מיר וועלן נאָך זען, האָט זאַקס זיין שטעלונג אין אָט דער פראַגע נאָך מער פאַרטיפט און זיין שטאַנדפּונקט אַרויסגעבראַכט אין צוויי וויכטיקע זשורנאַל־אַרטיקלען.

אין אויגוסט 1903 זיינען זיי ביידע, וויעראַ און זאַקס אָנגעקומען אין ריגע. דאָרט האָט זאַקס זיך געגומען צו ביידע זיינע פּראָפעסיעס — אַלס איבערזעצער און שרייבער און אַלס פּריוואַט־לערער און רעפּעטיטאָר, כדי צו האָבן כאָטש אַ ביסל געלט אין האַנט און וואָס פּריער אַוועקפאָרן קיין בערלין. ס'האָט ווירקלעך לאַנג ניט געגומען און זיין הייסער פאַרלאַנג איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין סוף סעפּטעמבער איז ער שוין געווען אין בערלין און האָט אונטערגענומען די נויטיקע שריט זיך צו פאַרשרייבן אַלס סטודענט אין דער „קעניגלעכער לאַנדווירטשאַפטלעכער הויך־שולע״, צו וועלכער אים האָט אַזוי לאַנג געצויגן. שטאַרק האָט אין אים דעמאָלט געברענט דער וויסנדורשט, דער אייביקער דראַנג נאָך מער וויסן און פאַרשטיין. אָט דער דורשט, וואָס האָט זיך קוים געלאָזן לעשן, האָט אין אים יאָרנלאַנג געווירקט, ווי אַ טרייבקראַפט צו אַ שטענדיקן אינטעלעקטועלן פאָרטשריט, געווירקט פון דעם ערשטן טאָג אָן פון זיין רייפן און באַוואוסטזיניקן לעבן אין דער וועלט פון גייסטיקע אינטערעסן און שטרעבונגען.

## הערות צום קאַפּיטל 2

1. „געאָגראַפיטשעסקאָ־סטאַטיסטיטשעסקי סלאָוואַר ראָסיסקאַי אימפּעריי״, ספּ״ב, 1885, ב׳ 5, ז״ז 748־751.

2. זעט אַרטיקל „זשמודזי״ אין געאָגראַפישן ווערטערבוך פון קיניגרייך פּוילן: „סלאָווניק געאָגראַפיטשני קרולעווסטווא פּאָלסקיעגאָ אי איניך קראַיאָוו סלאָוואַנסקיך״, וואַרשע, 1985, ז״ז 795־807, באַזונדערס — זייט 798, עמוד 2.

3. א. מענעס: די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד פון אָנהייב 70ער ביזן סוף 90ער יאָרן אין „היסטאָרישע שריפטן״, ייוואָ, ווילנע־פּאַריז, 1939 זז. 36־41. וולאַדימיר מעדעם: „פון מיין לעבען״, ניו יאָרק, 1923, 1טער באַנד, זז. 200־201.

4. אין 1897, בעת דער גרינדונג פון „בונד״, זיינען געווען אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג נאָך אַ ריי אַנדערע שטעט פון יידישן תּחום (חוץ ווילנע, וואַרשע און מינסק), ווי לאָדזש, גראָדנע, קאָוונע, קרינעק, וויטעבסק, דווינסק, סלאָנים, שאַוול א. אַנד. („היסטאָרישע שריפטן״, ייוואָ, ווילנע־פּאַריז, 1939, ז. 48).

5. א. מענעס: דאָרטן, ז׳ 41.

6. די דאָזיקע לעבעדיקע, רעאַליסטישע שילדערונג פון דער וואַרשעווער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג גיט אַ קאָרעספּאָנדענט אין „יידישן אַרבעטער״, נומ. 1, דאַטירט פון

15טן סעפטעמבער, 1896, און ציטירט אין א. מענעס נאָר־וואָס דערמאָנטן אַרטיקל אין די „היסטאָרישע שריפטן" פון ייוואָ, ב. 3, ז. 41־42.

7. אָט צום ביישפיל גיט איבער אברהם רייזען, שרייבנדיק וועגן זיין ערשטן באַזוך אין הויז פון י. ל. פרץ אין ווארשע (אין יאָר 1898־1899), אז יענער האָט אים געראטן זיך „צו באַקענען מיט דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, — די וויסנשאפט וואָס איז דעמאָלסט געווען, ניט נאָר נויטיק, נאָר אין מאָדע אויך". (א. רייזען, עפּיזאָדן פון מיין לעבן", 1 ערשטער טייל, ז. 207 (ווילנע, 1929).

8. א. באָגדאנאָוו איז געווען דער פּסעוודאָנים פון באַקאַנטן רוסישן סאָציאַל־עקאָנאָמיסט און סאָציאַל־דעמאָקראַטישן (באָלשעוויסטישן) טוער אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש מאַלינאָווסקי (1879־1928). וועגן אים זעט אין: „באָלשאַיאַ סאָוועטסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", מאָסקווע, 1927, ב' 6, ז"ז 574־582. „ענסייקלאָפּידיאַ אָוו סאָשעל סייענס", ב' 2, ניו־יאָרק, 1930, ז' 617.

9. משה שטאַרקמאַן: ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס (ציטירט אויבן, באַמ. 18 צום 1טן קאַפּיטל) אין זאַמלבוך „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט", ז' 184.

10. אַברהם רייזען דערציילט דערביי אָט וועלכע איינצלהייטן: „א. ש. זאַקס איז דעמאָלט נאָר־וואָס געקומען פון דער פּראָווינץ קיין וואַרשע. אַ בונדיסט, איז ער געווען מער טעאָרעטיקער... געלייענט לעקציעס פאַר אַרבעטער־גרופּעס וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע און ענדלעך זיך פאַרמאָסטן איבערצוזעצן באָגדאַנאָווס. נאָר אַזוי ווי א. ש. זאַקס האָט שוין דעמאָלט געוויזן חריפות — אַ גמרא־קאָפּ — האָט ער באָגדאַנאָווס פּאָליטישע עקאָנאָמיע ניט איבערזעצט, נאָר קאָמפּילירט... און איך — ניט קיין גרויסער למדן אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע בכלל — האָב פונדעסטוועגן דעם מאַנוסקריפּט אַ ביסל אויסגעגלעט און די קאָרעקטור געמאַכט..." („עפּיזאָדן פון מיין לעבן", 2טער טייל, ווילנע, 1929, ז' 45).

דאָס ביכל „די עקאָנאָמישע לערע נאָך א. באָגדאַנאָוו" איז ארויס אלס נומ' 15 פון אַ סעריע נאַטור־וויסנשאַפטלעכע, געזעלשאַפטלעכע, היסטאָרישע, קולטור־היסטאָרישע און בעלעטריסטישע ביכער, — אָריגינעלע און איבערזעצונגען, וואָס דער פאַרלאַג „פּראָגרעס" האָט אין יענע יאָרן (1901־1902) אַרויסגעגעבן. דער פּרייז פון דעם ביכל פון א. ש. זאַקס וואָס האָט געהאַלטן 81 זייטלעך פון א איין־צוועלפטל פאָרמאַט איז געווען 25 קאָפּ.

11. אַ באַלערנדיקע און סטימולירנדיקע רעצענזיע פון א. באָגדאנאָווס „קורצן קורס פון דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט" האָט אָנגעשריבן וו. לעני: „מיר באָזשיי", אַפּריל, 1898, ז' 99.

12. די היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישע טעאָריע באַנוצט זיך מיט דעם וויסנשאַפטלעכן פּרינציפּ פון „קאַוזאַליטעט", ד"ה פון „אורזאַך און ווירקונג" (פון קענען אָנווייזן, מיינט עס, אויף געוויסע דערשיינונגען און פאַקטאָרן ווי אויף די איינציקע דירעקטע און דעפיניטיווע אורזאַכן און טרייב־כוחות פאַר אַנדערע דערשיינונגען און פּראָצעסן), מיט אַ פעסטערער זיכערקייט ווי אַלע אַנדערע סאָציאַל־פילאָזאָפישע שיטות און דערקלערונגען. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אַז דווקא דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם האָט אַ גרעסערע צוציאונג־קראַפט פאַר די וואָס וואַקסן אויס אין אַן אַטמאָספער פון ראַציאָנאַליסטישע געדאַנקען און גלויבן פעסט אין דער וויסנשאַפטלעכער מעטאָדע, ווי דאָס איז געווען כמעט דער אַלגעמיינער כלל ביי דער יונגער אינטעליגענציע אין רוסלאַנד אין די 90ער יאָרן (פאַרגל. די אויטאָביאָגראַפיע פון אנזשעליקא באלאבאנאָווא: „מיי לייף עז ע' רעבעל", ניו־יאָרק, 1938, ז' 14.)

13. צום ביישפּיל אין א. ש. זאַקסעס: פּאָליטישע עקאָנאָמיע: איר אנטשטייאונג און געשיכטע, ניו־יאָרק, 1911, 292 זייטן.

14. א. באָגדאַנאָוו האָט אין 1899 אָפּגעדרוקט אַ ווערק (אין רוסיש) „די גרונט־עלעמענטן פון דער היסטאָרישער אָנזיכט אויף דער נאַטור", און אין 1901 — „דערקענטעניש פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט".

15. אַזוי האָט כאַראַקטעריזירט די ווירקונג פון חילהעלם אָסטוואַלדס געדאַנקען־גאַנג אַן אינטערעסאַנטער בן־דור פון יענער תקופה, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, אין זיינע „זכרונות פון מיין לעבן", ב' 2, ניו־יאָרק, 1940, ז' 223.

16. אָט דער געדאַנק ליגט אין פונדאַמענט פון אַ דייטשיש פּאָפּולער־פילאָזאָפיש ווערק וואָס האָט געהאַט אַ טיפן איינפלוס אויף דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אין אייראָפּע אין יענע יאָרן — דאָס ווערק פון לודוויג וואָלטמאַן: „די דאַרווינשע טעאָריע און דער סאָציאַליזמוס", דיסעלדאָרף, 1899, וואָס איז אין רוסיש דערשינען אין פּעטער־בורג, אין יאָר 1900, אונטערן נאָמען „דאַרוויניזם און סאָציאַליזם". אין 1900 האָט לודוויג וואָלטמאַן אַרויסגעלאָזן אַ בוך „דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזמוס". אין 1898 האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ בוך „סיסטעם דעס מאָראַלישען באַוואוסטזיינס". וואָלטמאַן זאָל האָבן געהאַט אַרויסגעזאָגט רעוויזיאָניסטישע געדאַנקען נאָך פאַר עדואַרד בערנשטיינען. אַרום 1900 האָט ער, פאַרלאָזנדיק די פּאָליטיק אינגאַנצן, זיך אָבער לחלוטין צוריקגעצויגן פון די וויכוחים מכוח דער טעאָריע און פּראַקטיק פון סאָציאַליזם.

17. וועגן דער וואַרשעווער סביבה אין יענער צייט, און באַזונדערס וועגן „קאָטיקס קאַפע", זע א. רייזענס „עפּיזאָדן פון מיין לעבן", ב' 1, ז"ז 211, 212 און ווייטער.

18. א. רייזען שרייבט: „א. ש. זאַקס, האָט זיך שוין דאַן, נאָך גאָר אַ יונגער בחור, געשניטן אויף אַן עקאָנאָמיסט און געלערנטן, האָט אָבער אויך ניט גרינג געשעצט די באַקאַנטשאַפט פון ליטעראַטן און פּאָעטן" (עפּיזאָדן, ב' 2, ז' 99).

19. „די יודישע פאָלקס־צייטונג, ב' 1, נומ' 16־17, 15 אָקטאָבער, 1902, ז' 9; נומ' 20, 12 נאָוועמבער, 1902, ז"ז 8־9.

20. משה שטאַרקמאַן: ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס (אין „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט", רעדאַקטירט פון ב. צ. גאָלדבערג, ניו־יאָרק, 1930), ז"ז 185.

21. „די יודישע פאָלקס־צייטונג", ב' 2, נומ' 1, 1טער יאַנואַר, 1903, ז' 13.

22. דאָרטן, נומ' 6, 7 און 10.

23. דאָרטן, נומ' 19, 6טער מאַי, 1903, ז"ז 14־16.

24. דאָרטן, נומ' 23 און 25, 3 און 17 יוני, 1903.

25. דאָרטן, נומ' 30 און 33, 22 יולי און 12 אויגוסט, 1903.

26. דאָרטן, נומ' 47 און 48, 18 און 25 נאָוועמבער, 1903.

27. דאָרטן, נומ' 42, 15טער אָקטאָבער 1903, ז"ז 13־14; נומ' 43, 21טער אָקטאָבער, 1903, ז' 15.

III

# די לערן-יאָרן אין דייטשלאנד

## א

צוזאמען מיט א שטארקן טעאָרעטישן אינטערעס צו נאטור־וויסנשאַפט האָט דער יונגער זאקס געשפּירט אויך א העפטיקע נייגונג צו א לעבן און צו דער ארבעט נאָענט צו דער נאטור. ס'האָט אים שטענדיק געצויגן צום פעלד, וואַלד און גאָרטן. דעריבער האָט ער אויך קיין שענערן אידעאל אין באצוג צו א קאריערע פאר זיך ווי די פּראָפעסיע פון א טעאָרעטיש־צוגעגרייטן לאַנדווירט אָדער אַגריקולטור עקספּערט, דאָס הייסט א דיפּלאָמירטער אַגראָנאָם, זיך ניט פאָרגעשטעלט. אָט מיט אזא כוונה, דאָס מיינט צו ווערן אן אַגראָנאָם, איז זאקס אין הערבסט 1903 אָנגעקומען אין דער בערלינער לאנדווירטשאפטלעכער הויכשול. גלייכצייטיק מיט זיין שטודיום אין אָט דעם אַגראָנאָמישן אינסטיטוט, וואָס האָט זיך גערעכנט פאר איינעם פון די בעסטע אין אייראָפּע, איז ער אויך געווען פארשריבן אויף דעם שטאַטס־וויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט פון דער בערלינער אוניווערסיטעט. דאָרט האָט ער שטודירט פּאָליטישע עקאָנאָמיע און פילאָזאָפיע. ער האָט געהערט לעקציעס ביי אזעלכע בארימטהייטן ווי די פּראָפעסאָרן גוסטאוו שמאָלער (יוריסט און סאָציאָלאָג), אַדאָלף וואַגנער (עקאָנאָמיסט), געאָרג זימעל (סאָציאָלאָג) און אנדערע. אין דער בערלינער לאַנדווירטשאפטלעכער שולע זיינען לערער געווען די בארימטע כעמיקער בוכנער און עמיל פישער, דער אַגראָנאָם אָרט, דער באָטאַניקער קניע, און דער פיזיאָלאָג צונץ. נאָך צוויי אקאדעמישע יאָר אין דער בערלינער לאנדווירטשאפטלעכער הויכשולע איז זאקס אָנגעקומען אויף פּראַקטישער ארבעט אין דעם גרויסן גוט פון דער י.ק.א. (דזשואיש קאָלאָניזיישאָן אסאָסיאיישאָן), א מין לערן־פארם, אין סלאבאָדקע־לעשנאָ, נעבן קאָלאָמיי אין מזרח־גאליציע, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו עסטרייך. דאָרט האָט ער געאַרבעט עטלעכע חדשים אונטער דער אויפזיכט פון א באקאנטן אַגראָנאָם, ד"ר ס. לאנדאו, וואָס האָט אים ארויסגעגעבן אָט דעם דאָזיקן אטעסטאט.

**DR. S. LANDAU**
**Slobodka-Lesna**

17. Juli 1905

Herr Stud. Agr. Abraham Sachs aus Scagaren in Russland stand auf der von mir verwalteten, der Jewish Colonization Association gehoerigen Domane Slobodka-Lesna vom 1, Mai bis zum lo. Juli als Eleve unter meiner Leitung in Praxis. Waehrend dieser Zeit hat Herr Sachs sich bemueht, mit dem landwirtscaftlichen Betrieb sich auf das genaueste vertraut zu machen und hat in intensiver Weise an allen vorgeckommenen Feld—und Hofarbeiten taetigen Anteil genommen.

(—) DR. S. LANDAU

דאָרט, אין סלאבאָדקא־לעשנאָ, האָט זאקס אָפּגעארבעט דעם גאנצן זומער 1905 און איז ערשט אין סעפּטעמבער צוריקגעקומען קיין בערלין. פון דער פּראקטישער לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט במשך פון 4 חדשים צייט האָט ער מיטגעבראכט אָט אזא צייגעניש.

**GUTSVERWALTUNG**
**Slobodka-Lesna**

1. September 1905

**ZEUGNIS**

Dem Herrn Stud. Agr. Abraham Sachs aus Scagaren (Russland) bestaetigen wir hierdurch, dass er sich vom. I. Mai d.j. bis heute in unserer Gutsverwaltung als Eleve aufgehalten hat. Er hat waehrend dieser Zeit in der Hoffnd Feldwirtschaft, insbesondere beim Fruehlingsanbau, bei der Ernte und zuletzt beim Herbstanbau an allen Arbeiten praktisch teilgenommen.

Seine Auffuehrung seinen Vorgesetzten wie Mitarbeitern gegenuber war recht gut.

Der Director:
(—) AUERBACH

(Stempel der J.C.A.)
(Gutsverwaltung Sl. Lna)

דעם 17טן נאָוועמבער 1905 האָט זאַקס זיך ווידער מאַטריקולירט אויפן ווינטער־סעמעסטער 1905־1906 אין דער קעניגלעכער לאַנדווירט־שאַפטלעכער הויכשולע אין בערלין. אָבער די היסטאָרישע פּאַסירונגען אין זיין ווייט־נאָענטער היימלאַנד, רוסלאַנד, דער רעוואָלוציאָנער שטורעם איבער דער לענג און ברייט פון צאַרן־לאַנד, האָבן פאַרכאַפּט זיין הויפּט־אינטערעס און צוגעשמידט צו זיך זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. ער האָט אָבער זיין ליטעראַרישע אַרבעט ניט פאַרלאָזן. פּונקט ווי פריער, אין דער וואַרשע־ווער עפּאָכע פון זיין לעבן, איז איצט אין דער קולטורעל הויך־דערהויבענער דייטשלאַנד דער קרייז פון זיינע וויסנשאַפטלעכע און פּובליציסטיש־ליטעראַרישע אינטערעסן געוועזן איינגעטיילט צווישן די נאַטור־וויסנשאַפטלעכע פראַגן און סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען און ענינים. דורך דער פלייסיקער מיטאַרבעט אין דער גוט־באַקאַנטער „יודישער פאָלקס־צייטונג” האָט ער זיך שוין געהאַט באַשאַפן אַ גרויסן נאָמען צווישן די רוסיש־יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן. אים איז ניט שווער אָנגעקומען געדרוקט צו ווערן אין די אָנגעזעענסטע פּעריאָדישע אויסגאַבעס פון יענער צייט. די גרויסע יידישע טעגלעכע צייטונג אין פּעטערבורג, „דער פריינד” וואָס איז אין סוף 1902 געגרינדעט געוואָרן פון שאָול גינזבורג און ש. ראַפּאָפּאָרט, האָט מיט גרייטוויליקייט אָנגענומען זיין מיטאַרבעטשאַפט פון בערלין. ער פלעגט זיינע קאָרעספּאָנדענצן פון בערלין אונטערשרייבן מיטן איניציאַל ס.[1]

אין דעם שטורעמדיקן יאָר 1905 האָט זאַקס מעטגעאַרבעט אין דער אויסלענדישער רוסישער צייטונג „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ”, וואו ער האָט געשריבן אַרטיקלען וועגן די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין באַלטישן קאַנט, דאָס מיינט אין זיינע היימישע פּראָווינצן ליטע און לעטלאַנד. די מאַטעריאַלן פאַר אָט די אַרטיקלען פלעגט ער שעפּן פון די ידיעות וואָס זיין כלה, וויעראַ קיסין, פלעגט אים פון ריגע רעגלמעסיק צושיקן קיין בערלין. זי האָט אין ריגע געאַרבעט אין אַ צייך־הייל קאַבינעט און איז גע־שטאַנען נאָענט צו די רעוואָלוציאָנערע און אַרבעטער קרייזן אין יענעם גרויסן און קאָכיקן צענטער פון פרייהייט־קאַמף. די געהיים־פּאָליציי האָט ענדלעך דערגאַנגען, ווער ס׳שיקט פאַקטיש די קאָרעספּאָנדענצן אין דעם בערלינער אומלעגאַלן רוסישן פּרעסע־אָרגאַן, און מען האָט וויעראַן געזוכט צו אַרעסטירן. זי האָט זיך אָבער באַצייטנס דערוואוסט און איז אַנטלאָפן קיין בערלין. אין בערלין איז וויעראַ, צוזאַמען מיט איר יינגערער שוועסטער, אָנגעקומען אין דער באַרימטער ציינהייל שולע פון די פּראָפעסאָרן מאַמלאָק, פריינט און קערביץ. געווען איז דאָס אין אָנפאַנג פון יאָר 1906.

אין בערלין זיינען די צוויי שוועסטערס קיסין אָנגעקומען מיט איין מאַרק אין טאַש. אין דער דענטיסטישער הויך־שולע, וואוהין וויעראַ האָט

געוואָלט אָנקומען, איז דער מאָנאַטלעכער שכר־לימוד געווען 150 מארק. זי איז געווען פארצווייפלט, האָט אָבער באלד געפונען אן אויסוועג פון דער קלעם. זי איז אוועק צום רעקטאָר פון דער ציין־דאָקטאָר שולע, פראָפ. קערביץ, און אים אָפנהארציק דערציילט וועגן איר לאגע, פרעגנדיק אן עצה, וואָס זי זאָל טאָן, כדי צו קענען ווייטער שטודירן אין דער פראָפעסיע וואָס איז איר אזוי ליב און טייער.

— ווייסט איר אָבער, ווער ס'איז ווערטהיים? — האָט דער רעקטאָר פלוצלינג געפרעגט.

זי האָט בעת מעשה נאָך קיין שום ידיעה וועגן אָט דעם בעל־דבר, ווערטהיים, ניט געהאַט און האָט אויך ניט געקענט באַגרייפן, מחמת וואָס דער פראָפעסאָר שטעלט פאר איר אָט אזא פראגע. און אזוי שנעל ווי זי האָט זיך אָפגערופן, אז זי הויבט ניט אָן צו וויסן, האָט דער פראָפעסאָר צו איר געזאָגט:

— נו, אויב אזוי, געשעצטע פרוילײַן, מעגט איר זיך דאָ לערנען ביי אונדז אַ גאַנצן יאָר און אײַער איינציקע מאַרק באַהאַלט פאַר זיך.

ערשט שפּעטער האָט זאַקס וויעראַן דערקלערט, וואָס עס האָט געפירט דעם באַרימטן ציין־פראָפעסאָר קערביץ צו שטעלן דער רוסיש־יידישער מיידל אָט אזא טשיקאַווע פראגע. אַ גרויסער טייל פון די צוקונפטיקע רוסישע ציין־דאָקטאָרשעס וואָס פלעגן אָנקומען אין זיין שולע בלויז כדי צו קריגן דעם אַטעסטאַט פון אַ שולע מיט אזא גרויסן נאָמען פלעגן זיך מיטן שטודיום בכלל גאַנץ ווייניק אָפּגעבן. מער ווי דאָס לערנען האָט זיי אינ־טערעסירט דאָס ארומגיין איבער די ריזיקע בערלינער „וואַרן־הייזער" (דעפּאַרטמענט סטאָרס), ווי ווערטהיים און אַנדערע. דעריבער טאַקע האָט דער אַלטער און שטרענגער וויסנשאַפט־מאַן, קערביץ, באַזונדערס געשעצט יענע „רוסן", וואָס ווייסן ניט און ווילן ניט וויסן פון אַ ווערטהיים. ער האָט, אַלזאָ, אָנגענומען, אז אָט די נייע „רוסישע" סטודענטין, וויעראַ קיסין, איז באמת געקומען אין בערלין מיט דער כוונה זיך צו לערנען מיט אַ גאַר גרויסן אייפער.

גראָד האָבן אין יענער צייט, אין פרילינג 1906, אין דער בערלינער לאַנדווירטשאַפטלעכער שולע אויסגעבראָכן סטודענטישע אומרוען. ס'האָט זיך געררודערט מיט עפּעס אַ סכסוך צווישן אַ גרופּע פון אומצופרידענע סטו־דענטן און דער אַדמיניסטראַציע פון דער שולע. אַ צאָל סטודענטן־אויס־לענדער זיינען אַרעסטירט און גלייך נאָך דעם אויסגעשלאָסן געוואָרן. מ'האָט זיי אפילו אַרויסגעשיקט פון לאַנד. זאַקס האָט צו דער גרופּע וואָס האָט פאַראורזאַכט דעם טומל ניט געהערט. ער האָט אָבער, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע אויסלענדישע סטודענטן, פּראָטעסטירט קעגן דער עוולה וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַנטקעגן זייערע קאָלעגן. אַלס צייכן פון זייער אַנטריסטונג

און פּראָטעסט האָבן זאַקס און אַנדערע פאַרלאָזן אינגאַנצן די בערלינער לאַנדווירטשאַפטלעכע שולע. זאַקס איז אַוועקגעפאָרן ווינטער לערנען אין דער אַלטער און באַרימטער אוניווערזיטעט שטאָט יענאַ אין טירינגען. געצויגן ספּעציעל אַהין האָט אים דערהויפּט דער אומשטאַנד אַז דאָרט, אין יענאַ, וועט ער קענען שטודירן אונטער ניט קיין קלענערן געלערנטן ווי דער וועלט־באַרימטער זאָאָלאָג ערנסט העקעל. ניט גאַנץ לייכט איז פאַר זאַקסן געווען צו פאַרלאָזן בערלין אין הערבסט 1906. אין יענער שטאָט האָט ער זיך שוין איינגעלעבט, האָט געשלאָסן אַ סך אינטערעסאַנטע פריינדשאַפטן מיט רוסישע און דייטשע קרייזן, חוץ דעם — און דאָס איז טאַקע געווען דער וויכטיקסטער פון אַלע אומשטענדן וואָס האָבן אים פאַרבונדן מיט בערלין — דאָרט האָט דאָך אין יענער צייט געלעבט זיין כלה, וויעראַ קיסין. פונדעסטוועגן האָבן די אַלע מאָטיוון ניט אויסגעהאַלטן און איבערגעוואָגן האָבן גאָר צוויי אַנדערע אומשטענדן — ערשטנס, זיין פלאַקערדיקער כעס קעגן די רדיפות פון דער פּרייסישער מאַכט אויף די „פּרעמדע״ סטודענטן, דאָס הייסט רוסישע יידן; און, צווייטנס, דער אומבאַגרענעצטער חשק צו לערנען זיך ביי אַזאַ באַרימטן און פאַר אים, זאַקסן, שטענדיק אָנציענדיקן געלערנטן, ווי ערנסט העקעל. דאָס האָט סוף כל סוף איבערגעצויגן ביי אים די וואָגשאָל צווישן „יאָ״ און „ניין״, בעת ס׳איז געשטאַנען פאַרן יונגען זאַקס די ברירה פון אַן אויסוואַל צווישן פאַרבלייבן אין בערלין און אָפּפאָרן קיין יענאַ. ער איז, אין דער צווייטער העלפט פון 1906, געוואָרן אַ סטודענט פון נאַטור־וויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט פון יענאַער אוניווערזיטעט.

אין דער קליינער און געמיטלעכער אוניווערזיטעט־שטאָט האָבן די פּראָפעסאָרן און סטודענטן געלעבט כמעט קאַמעראַדשאַפטלעך צווישן זיך. יעדער פּראָפעסאָר האָט גוט געקענט זיינע סטודענטן. מיט זיי פלעגט אַ פּראָפעסאָר אַמאָל גיין אויף לאַנגע שפּאַצירגענג, פלעגט זיי פאַררופן צו זיך אין הויז, און פלעגט זיך האַלטן מיט די יונגע סטודענטן, וואָס זיינען אים געווען סימפּאַטיש, זייער פריי און אינטים־צוגעלאָזן. פּראָפעסאָר העקעל האָט שנעל דערקענט אין זאַקסן אַן ערנסטן און פלייסיקן לערנער, און האָט אים אפילו מקרב געווען צו זיך. ער, דער וועלט־באַרימטער וויסנשאַפטלעכער גדול, האָט אפילו אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צו זאַקסעס צוקונפט. אַזוי — ווען ס׳האָט זיך געעפנט אין העקעלס דעפּאַרטמענט אַ וואַקאַנסיע פאַר אַן אַסיסטענט אין ביאָלאָגיע, האָט פּראָפעסאָר העקעל געגעבן זאַקסן צו פאַרשטיין, אַז ער, העקעל, וואָלט העכסט צופרידן געווען, צו זען זאַקסן אויף יענער שטעלע, אָבער די קאָלעגן־פּראָפעסאָרן וועלן בשום אופן ניט דערלאָזן, אַז דער פּאָסטן זאָל אַריינפאַלן צו אַ יידן. נאָך 3־4 סעמעסטערס פון שטודיום אין יענאַ, האָט זאַקס צוגעשטעלט זיין דיסערטאַציע צום

פאקולטעט, האָט דורכגעמאַכט די לעצטע עקזאַמענס און האָט, אין דע־צעמבער 1907, באַקומען א דיפּלאָם ווי אַן אַגראָנאָם.

ווען זאַקס איז געקומען צוריק אין בערלין, אין סוף 1907, האָט ער שוין דאָרט וויעראַן ניט געטראָפן. נאָך דעם פאַרענדיקן די דענטיסטישע פאַך־אויסבילדונג אין בערלין, איז זי צוריק אוועקגעפאָרן קיין ריגע. די פּאָליציי האָט איר שנעל אויסגעפונען און זי, צוזאַמען מיט א גרויסער גרופּע „פּאָליטישע", פאַרשיקט פון ריגע אויף דריי יאָר צייט אין סיביר, קיין טאָמסק. דאָרט האָט זיך איר איינגעגעבן צו קריגן ארבעט אלס אסיס־טענקטע אין דער טאָמסקער דענטיסטישער שולע. דער דעקאַן פון דער שולע האָט, אגב געאַרבעט אין דער טאָמסקער געפענגעניש, און מיט אים האָט אויך מיטגעארבעט וויערא. דאָס האָט איר ווידער, ווי אמאָל אין אַריאַל, געגעבן די מעגלעכקייט נאָענט צוקוקן זיך צום לעבן פון די פּאָלי־טישע און קרימינעלע ארעסטאנטן אין די סיבערער טורמעס, ווי אויך — א מעגלעכקייט פאַרצוזעצן איר הומאניטאריש־פילאנטראָפּישע ארבעט לטובת די לעבעדיקערהייד־באַגראָבענע, ווי זי האָט עס אָנגעפאַנגען צו טאָן נאָך אין איר געבוירן־שטאָט, אַריאָל. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מעדיציני שער אַרבעט איז איר אויך אויסגעקומען פיל אַרומצופאָרן איבער סיביר, און זיך באַגעגענען מיט אַלערליי מענטשן און געגנטן. זי האָט אָבער אויך איר גייסטיקע אַנטוויקלונג ניט פאַרנאַכלעסיקט, און פלעגט אין טאָמסק סיסטע־מאַטיש באַזוכן אוונט־קורסן פאַר פילאָזאָפיע און געשיכטע. דאָרט האָט זי, אונטער דער אויפזיכט פון באַוואוסטן רוסישן היסטאָריקער, פּראָפעסאָר מאַלינאָווסקי, פאַרפערטיקט א דיסערטאַציע אויף דער טעמע „די אַנטשטיי־אונג און אַנטוויקלונג פון דער רוסישער זעלבסט־הערשאַפט". ווען די דריי יאָר פון דער פאַרשיקונג זיינען געקומען צו א סוף, אין 1909, האָט וויעראַ געמוזט פאַרלאָזן טאָמסק אינגאַנצן און זיך אומגעקערט קיין ריגע.

ב

דעם שטאַרקסטן איינפלוס אויף דער אנטוויקלונג פון זאַקס'ס וועלט־אַנשויאונג דורך דער די פיר לעבן־יאָר אין דייטשלאנד האָט געהאַט זיין לעבעדיקע באַרירונג מיטן וועלט־באַרימטן געלערנטן און נאַטור־פילאָזאָף ערנסט־היינריך העקעל (1834־1919). א פּרעכטיקן כאַראַקטער־בילד פון יענעם גרויסן וויסנשאַפטסמאַן האָט געגעבן זיין טאַלאַנטפולער ביאָגראַף און פּאָפּולאַריזאַטאָר, ווילהעלם בעלשע.[2] ער האָט געשריבן: „דער יונגער העקעל, א קינסטלער לויט זיין נאַטור נאָך, דערצויגן אויף געטע, האָט געשטרעבט אַרומצוכאַפּן דורך איין אויסגעהאַלטענער וועלט־אַנשויאונג די גאַנצע וועלט. די ריינע נאַטור־פילאָזאָפיע, געמישט מיט מעטאַפיזיק און

מיסטיק, אַט די נאַטור פילאָזאָפיע פון דער ערשטער העלפט פון 19טן י״ה, האָט אים פונקט אַזוי ווייניק באפרידיקט ווי דער „ניכטערער עמפּיריזם״, די טרוקענע שכל־וויסנשאפט, פון סוף פון 18טן י״ה. געבענקט האָט ער נאָך א נייעם וויסנשאפטלעכן אידעאַל, געזוכט האָט ער א וויסנשאפטלעכע וועלט־אַנשויאונג. אַ שטיקל באַפרידיקונג גיט אים די צויבערלעך־שיינע וועלט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבן זי צו שטודירן, ווען ער איז אלס זאָאָלאָג נאָך אין די ערשטע יאָרן פון זיין וויסנשאפטלעכער קאריערע געפאָרן אין די וואַרימע לענדער ארום מיטללענדישן ים צו פאָרשן די נאַטור. די צויבערלעכע ים־פאַאונע מיט אירע רעטזלהאַפטע און געהיימ־ניספולע באַשעפענישן, די מעדוזעס, ראַדיאָלאַריעס, סיפאַנאָפאָרן א.ד.גל., דאָס אַלץ האָט פארכאַפּט זיין מוח און הארץ. אָבער בעת אַט די וועלט פון די כשופדיקע פאָרמעס האָט באַפרידיקט זיין עסטעטישן חוש, האָט זי אָבער אויך געווירקט ווי א קוואַל פון אומציילקע נייע פראַגעס: פארוואָס? ווי אַזוי? צו־וואָס? אַ תשובה אויף אָט די אַלע פייניקנדיקע שאלות איז פאַר העקעלן, ווי פאַר א סך דענקער פון זיין דור, געקומען ערשט מיט דאַרווינס לערע וועגן דער „אַנטשטייאונג פון די מינים״. פון דאַרוויניזם האָט העקעל געמאַכט א וועלט־אַנשויאונג. ער האָט אַנגעוואָרפן א ברייטן בילד פון דער אַנטוויקלונג פון דער גאנצער אָרגאַנישער וועלט, פון די פּרימיטיווסטע איינצעליקע באַשעפענישן, די אַמעבעס, ביז צו דער קרוין פון גאַנצן באַשאַף — דעם מענטשלעכן מין״.

חוץ דורך זיינע סאָלידע בייטראָגן צו דער זאָאָלאָגיע איז די אומגע־הייערע רעפּוטאַציע העקעלס אויסגעוואַקסן אויך דורך יענע האַלב־פילאָ־זאָפישע ווערק זיינע, ווי די „וועלט־רעטענישן״, וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין צענדליקער שפּראַכן און זיינען פאַנאַנדערגעגאַנגען איבער דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט אין אומציילקע טויזנטער עקזעמפּלאַרן. און אין דער לעצטער פּעריאָדע פון זיין לאַנגן און שעפערישן לעבן, ווען זאַקס איז געקומען אונטער זיין באַצויבערדיקן איינפלוס, איז העקעל געווען דער פאָטער און אָנפירער פון א פרישער פילאָזאָפישער שטרעמונג, א שיטה וואָס איז באַלד געוואָרן כמעט א נייע רעליגיע — דער נאַטור־פילאָזאָפישער מאָ־ניזם. אָט די לערע האָט געזען איר ציל — אין קעגנזאַץ צו אַלע אַלטע קירכ־לעכע רעליגיעס — אין א נאַטור־וויסנשאפטלעכן צוגאַנג און דערקלערונג פון יעדער לעבעדיקער באַשעפעניש און דערשיינונג אין דער נאַטור. דעם דאָזיקן נייעם באַגריף האָט זאַקס אַליין שפּעטער זייער גוט באַשריבן. „דער דאָזיקער מאָניסטישער באַגריף, שרייבט זאַקס, איז ניט מאַטעריאַליסטיש אין ריינעם זין פון וואָרט. ער לייקנט ניט אָפּ גייסט, נשמה. אין קעגנטייל, לויט אָט דער סיסטעם נאָך איז ניטאָ אַזא זאַך ווי טויטע מאַטעריע, מאַטעריע אָן גייסט... עס איז פאַראַן אין קאָסמאָס בלויז איין סובסטאַנץ —

די אוניווערזאַלע סובסטאַנץ. באַטראַכטן מיר ווידער די וועלט־סובסטאַנץ אין אַלע אירע געשטאַלטן און פאָרמען — איז זי גייסטיק און מאַטעריעל צוזאַמען, ווייל עס איז ניטאָ גייסט אָן מאַטעריע און מאַטעריע אָן גייסט, גייסט איז ניט אַ זאַך פאַר זיך, אַזוי ווי מאַטעריע איז אויך ניט אַ זאַך פאַר זיך. זיי ביידע זיינען אַטריבוטן (סמנים, צייכנס) פון איין סובסטאַנץ — פון דער וועלט־סובסטאַנץ״.[8] אַט דאָס איז דער תוך פון העקעלס פילאָזאָפישן מאָניזם, וואָס איז אין יענעם יאָר, 1906־1907, געוואָרן און פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן דער פונדאַמענט פון זאַקסעס וויסנשאַפטלעכער וועלט־אַנשויאונג.

די „סובסטאַנץ״, ווי העקעל, און נאָך אים זאַקס, האָט זיך פאָרגעשטעלט, איז די איינהייט פון „קראַפט און שטאָף (מאַטעריע)״. די „סובסטאַנץ איז די איין־איינציקע רעאַלקייט, די „אוניווערזאַלע וועלט־רעטעניש״. זי איז אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון ענערגיע־דערהאַלטונג און שטאָף־דערהאַלטונג, און די דאָזיקע פיזיקאַלישע גרונט־געזעצן האָט העקעל פאַראייניקט אין איין פרישן פּרינציפּ, היינו אין דעם „אַלגעמיינעם געזעץ פון סובסטאַנץ״. און באַשר ער ברענגט אומעטום אַרויס די מעכאַנישע אורזאַכן פון די דערשיינונגען (וואָס זיינען אויך צוגענגלעך צו אונדזערע חושים), טאָ זאָגט טאַקע העקעל, אַז „דער געזעץ פון סובסטאַנץ האַרמאָנירט מיטן געזעץ פון קאַוזאַליטעט (ד״ה דער כלל, אַז יעדע ווירקונג מוז האָבן פאַר זיך אויך אַן אורזאַך), און במילא ווערן לחלוטין אַרונטערגעריסן די דריי צענטראַלע מעטאַפיזישע פריערדיקע דאָגמעס — גאָט, פרייהייט, און אומשטערבלעכקייט.״ שטאָף און גייסט, האַלט העקעל, זיינען צווישן זיך אומצערייסבאַר פאַרבונדן. די סאַמע לעצטע, פונדאַמענטאַלע עלעמענטן פון עקזיסטענץ, זעט העקעל אין די אַטאָמען מיט זייער כוח צו עמפינדן, אויפצונעמען איינדרוקן. שוין אפילו אין די צעלן (אַט די ציגל פון וועלכע יעדער אָרגאַניזם איז געבויט) געפינט ער אַ נשמה, מעגן אפילו די צעלן קיין באַוואוסטזיין לחלוטין ניט האָבן. ערשט דעמאָלט ווען ס׳קומען אויף אין פּראָצעס פון דער אַנטוויקלונג די אַזוי־גערופענע נשמה־צעלן, איז, לויט העקעלס מאָניסטישער פילאָזאָפיע נאָך, באַוויזט זיך אויך דער באַוואוסטזיין. שטאָף קען אָן גייסט ניט עקזיסטירן, גייסט קען אָן שטאָף ניט געמאָלט זיין. און הגם העקעל וואַרפט אָפּ דעם מעכאַנישן מאַטעריאַליזם, וועלכער פאַרוואַנדלט די לעבעדיקע וועלט אין אַ סומע פון טויטע אַטאָמען, איז ער אָבער פונקט אַזאַ שאַרפער געגנער אויך פון פילאָזאָפישן „ספּיריטואַליזם״ (צו וועלכן ער פאַררעכנט אגב ווילהעלם אָסטוואַלדס „ענערגעטיזם״). העקעל אַליין שטעלט זיך איין פאַר אַ נייעם עיקר־פּרינציפּ, וואָס ער האָט אָנגערופן „הילאָזאָאיזם״ און וואָס פאַרטרעט די אידייע, אַז דער

גאנצער וועלט־באשאף איז באַזעלט, אז קיין שום „טויטע זאך" איז בכלל אויף דער וועלט ניטאָ.[4]

אָט דאָס איז דער עצם־אינהאלט פון העקעלס פילאָזאָפישן מאָניזם (פון גריכישן וואָרט „מאָנאָס", וואָס באדייט „איינציקער"), אין וועלכן ס'קלינגען אָפּ די טיפע טענער פון ברוך ספינאָזעס אָנזיכטן אויף וועלט, גאָט און מענטש. ספינאָזע, ווי באקאנט, האַלט אז שטאָף, גייסט און אלע זייערע פענאָמענען (דערשיינונג־פאָרמען) זיינען בלויז מאַניפעסטאציעס, אָדער מאָדיפיקאַציעס, פון אָן איין־איינציקער סובסטאַנץ. מ'קען דערום אָננעמען, אז זאקסעס וועלט־אָנשויאונג האָט דורך העקעלן געגרייכט אזש ביז ספינאָזען. אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק, באזונדערס אין זיינע שריפטן וועגן וויסנשאפטלעכן סאָציאַליזם, באַגרינדעט זאקס זיין היסטאָרישן מאַטעריאליזם אויף אָט דעם פילאָזאָפישן מאַטעריאליזם, און זיין פילאָזאָפישן מאַטעריאליזם באַגרינדעט ער אויף דער ביאָלאָגיע, ספּעציעל טאָקע אויף ביאָלאָגיע וואָס באזירט זיך אויף העקעלס וויסנשאפטלעכן מאָניזם. און אין דעם דאָזיקן מאָניזם זעט ער א פשרה, אַן אויסגלייך, צווישן צוויי פילאָזאָפישע שיטות — דעם אידעאַליזם, וואָס איז אַלט ווי די גריכיש־איראָפּעאישע גייסטיקע ציוויליזאציע, און דעם מאטעריאליזם פון 18טן י"ה, ווי דאָס האָבן געפּרעדיקט די ניט צו טיפע „פילאָזאָפן" פון דער אויפקלערונג־עפּאָכע אין פראנקרייך. מיט יעדן איינעם פון אָט די באַגריפן באַזונדער איז זאקס לחלוטין ניט מסכים. אָבער הגם זאקס האָט, אינאיינעם מיט העקעלן, געהאלטן, אז אין קאָסמאָס איז דאָ בלויז איין אוניווערזאלע סובסטאנץ און ניט קיין צוויי פּרינציפּן, ווי גייסט און שטאָף, איז אָבער העקעלס שיטה ווייט ווי מערב פון מזרח פון דער פילאָזאָפישער שולע, אָדער פון דער ריכטונג, וואָס רופט זיך אָן אידעאַליזם, און זאקס, למשל, האָט זיך שטענדיק געהאלטן ביים נאָמען מאַטעריאליזם. פאר וואָס? — ווייל, פונקט ווי זיין לערער, העקעל, האַלט זאַקס, אַז כאָטש יעדער אַטאָם פון דער מאטעריע איז טאקע באלעבט, און ס'איז ניטאָ קיין טויטע מאטעריע, איז אָבער אלץ וואָס מיר ווייסן פון דער אוניווערסאַלער סובסטאנץ ניט מער ווי נאָר דאָס וואָס מיר נעמען אויף מיט אונזערע חושים. ווידער מוז מען געדענקען אז סובסטאנץ איז געשטעלט אונטער די אלע פיזישע, כעמישע און מעכאנישע געזעצן, וואָס אויסגעפינען קענען מיר זיי ניט אנדערש ווי דורך וויסנשאפטלעכע עקספּערימענטן. קיין שום אנדערע רעאליטעט איז ניטאָ, עקזיסטירט ניט. די פסיכישע און ביאָלאָגישע דערשיינונגען זיינען אונטערגעוואָרפן צו דיזעלבע מעכאנישע געזעצן, ווי די אזוי גערופענע טויטע מאטעריע. אויך האָט ריכטיק באמערקט א קאָמענטאטאָר פון זאקס'ס וויסנשאפטלעכע ארבעטן, א. ד. פלעשלער, אז „כאָטש פון אויבן־אויף קען זיך אויסדוכטן, אז העקלס מאָניזם איז אין תוך אנדערש ווי דער פילאָזאָ־

פישער מאַטעריאַליזם, זיינען אָבער די וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע קאָנסעקווענצן פוןביידע אָנשויאונגען דיזעלבע״.[5]

ג

לערנענדיק זיך אין בערלין, אין 1904־1905, לאַנדווירטשאַפט און סאָציאַלע וויסנשאַפטן, האָט אָבער זאַקס זיין פובליציסטישע טעטיגקייט אויך ניט פאַרנאַכלעסיקט. אין 1904 האָט דער ציוניסטישער פובליציסט יחזקאל וואָרטסמאַן געגרינדעט אין לאָנדאָן א זשורנאַל „די יודישע צוקונפט", און שוין אין 1טן נומער האָט א. ש. זאַקס אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל „די באַוועגונג פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן", וואו ער באַטאָנט, אַז די מאַטעריעלע באַדערפענישן זיינען פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן און טרייב־קרעפטן פון מענטשלעכן לעבן און פאָרשריט. אין נומער 3 פון זעלבן זשורנאַל (סעפּטעמבער, 1904) איז דאָ זאַקסעס אַן אַרטיקל „עקאָנאָמיע און אידעאָלאָגיע", וואָס איז א קורצע, פּאָפּולערע איינפירונג אין היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. דער דאָזיקער אַרטיקל איז דאַטירט „בערלין־שאַרלאָטענבורג, 14 יולי, 1904". אָבער גלייכצייטיק האָט א. ש. זאַקס אויך געשריבן איבער צייט־פראַגעס און דערביי באַהאַנדלט, ווי מיר וועלן באַלד זען, דווקא די אַנגעווייטאָגסטע ענינים פון מאָמענט. חוץ די קאָרעספּאָנדענצן אין פּעטערבורגער „פריינד", וואָס מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, האָט ער אויך געשריבן „בריוו פון בערלין" פאַר אברהם רייזענס זשורנאַל „דאָס יודישע וואָרט", וואָר פלעגט דערשיינען אין קראָקא אין די ערשטע 4־5 חדשים פון 1905. אין זיין ערשטן בריוו (אונטערגעשריבן א.ז.) האָט ער באהאנדלט דעם אנטיסעמיטיזם צווישן די פּראָפעסאָרן און סטודענטן אין די בערלינער הויך־שולן, וואָס איז, ווי מיר ווייסן שוין, געווען פאַרבונדן מיט זאַקס'ס אייגענע איבערלעבונגען און האָט אים געפירט צו פאַרלאָזן בערלין און זיך צו באַזעצן אין יענאַ.[6] ער ווייזט ווי דער דאָזיקער אנטיסעמיטיזם איז דער עיקר'שט געווענדעט געגן די רוסיש־יידישע סטודענטן. א צווייטער בריוו, וואָס האָט זיך פאַרצויגן איבער צוויי נומערן, באַשרייבט א ברענענדיקע פראַגע אין רוסיש־יידישן לעבן פון יענער צייט — די באהאנדלונג פון די אָרימע עמיגראַנטן, וואָס פאָרן דורך דייטשלאַנד קיין אַמעריקע. די קאָרעספּאָנדענץ איז באַטיטלט „צווישן עמיגראַנטן" און איז שוין אונטערגעשריבן א. ש. זאַקס.[7] זאַקס שילדערט דאָרט די אוממענטשלעכע באַהאַנדלונג פון די יידישע עמיגראַנטן ביי די דייטשע גרענעצן, אין די האַפנס און אפילו אויף די שיפן פון די גרויסע דייטשע שיף־קאָמפּאַניעס. די קאָרעספּאָנדענץ איז געשריבן אין א שאַרפן טאָן און מיט פיל אויסצוגן פון דער בערלינער סאָציאַליסטישער צייטונג „פאָרווערטס" (אָפיציעלער אָרגאַן פון דער דייטשי־

שער סאָצ. דעמאָקראַט. פּאַרטיי). יוליוס קאַליסקי, אַ מיטאַרבעטער פון דער דאָזיקער צייטונג, האָט זיך פאַרקליידט אַליין פאַר אַ יידישן עמיגראַנט און האָט נאָכדעם אין זיין צייטונג לעבעדיק געשילדערט די יסורים, וואָס די יידישע עמיגראַנטן מאַכן דורך אין פּרייסן.[8] אין צווייטן בריוו, באַטיטלט „דער סאָציאַלער קריזיס אין דייטשלאַנד", באַהאַנדלט א. ש. זאַקס דעם גרויסן סטרייק פון די קוילן גרעבער אין מערב־דייטשלאַנד.[9] אין לעצטן נומער פון „דאָס יודישע וואָרט", פון 5טן מאַי, 1905, דרוקט א. ש. זאַקס אָפּ אַ לאַנגע אָפּהאַנדלונג אויף דער טעמע „נאַציאָנען און נאַציאָנאַליזם", און אויף איר אינהאַלט וועלן מיר זיך לענגער אָפּשטעלן ווייטער אונטן.

אין הערבסט 1905 הויבט א. ש. זאַקס אָן מיטצואַרבעטן אין דעם ניו־יאָרקער זשורנאַל „דער צייט־גייסט", וואָס האָט, אַלס וואָכנשריפט פון היגן „פאָרווערטס", אָנגעפאַנגען צו דערשיינען אין סעפּטעמבער פון יענעם יאָר אונטער דער רעדאַקציע פון אב. קאַהאַן. דער ערשטער אַרטיקל אין „צייט־גייסט", וואָס זאַקס האָט געדרוקט, טראָגט דעם נאָמען „דיא געזעצע אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט". דאָס איז אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג (קרוב 4500 ווערטער), וואו ס'ווערט באַהאַנדלט דער ענין פון נאַטור־וויסנשאַפטלעכע געזעצן און פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. זאַקס קומט דערביי צום אויספיר, אַז דער קלאַסן־קאַמף וועט פירן צו דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, וועלכע וועט זיין צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן.[10] די רעדאַקציע און דער לעזער־עולם האָט דעם אַרטיקל אויפגענומען גוט, ווי מען זעט עס פון אָט דעם בריוו, וואָס דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע פון „צייט־גייסט" (און „פאָרווערטס"), ל. גאָטליעב, האָט געשריבן צו זאַקסן נאָך דעם דערשיינען פון זיין ערשטן אַרטיקל איז סוף אָקטאָבער, 1905.

ניו יאָרק, 6 נאָוו. 1905.

ווערטער גענאָסע זאַקס!

גענ. קאַהאַן דער רעדאַקטאָר איז איצט שטאַרק פאַרנומען. ער בעט מיך אַלזאָ איך זאָל אייך שרייבן, אַז ער וואַרט אויף די אַרטיקלען, וועלכע איהר דאַרפט צושיקען אויף די טעמעס, וואָס ער האָט אייך אָנגעוויזן אין זיין לעצטן בריוו צו אייך. מיר שיקן אייך דאָ אַרויס 72 מאַרק פאַר אייער אַרטיקל אין „צייט־גייסט". דעם זשורנאַל האָבן מיר אייך געהייסן שיקן. לאָזט אונז וויסן, אויב איהר ערהאַלט איהם

רעגולער. מיר בעטען אייך נאָך אַמאָל, שיקט ארויס אויפן שטעל מאַטעריאל פאר׳ן „צייט־גייסט״.

מיט גענאָסענשאפטלעכען גרוס

(—) ל. גאָטליעב.

זאקס׳ס נאטור־וויסנשאפטלעכע ארטיקלען אין „צייט־גייסט״ האָבן אָנגעפאנגען זיך דרוקן אין סוף נאָוועמבער, 1905. דער ערשטער ארטיקל באהאנדלט די עלעמענטארע גרונט־באַגריפן, ווי אַטאָמען, מאָלעקולן, צעלן א. ז. וו. וו. אין צווייטן אַרטיקל ווערן באַהאַנדלט פאַרשיידענע מיינונגען וועגן תמצית פון לעבן.[12] די ארטיקלען האָבן, ווייזט אויס, שטארק אויסגענומען ביים עולם, ווי מ׳זעט עס פון אָט דעם בריוו פון רעדאקציע־סעקרעטאַר צו א. ש. זאקסן.

ניו יאָרק, 4 דעצ. 1905.

ווערטער גענאָסע זאַקס!

גענ. קאהאן איז איצט שטארק פערנומען און ער בעט מיך אייך שרייבן פאָלגענדעס: אין אייערע לעצטע צוויי ארטיקלען האָט איהר זיך צוזאמענגעטראָפען מיט אונזער א מיטארבייטער, וועלכער האָט אויך אָנגעפאנגען א סעריע ארטיקלען אויף דער זעלבער טהעמאַ: איבער ביאָלאָגיע. מיר האָבן זיינע אָפּגעלייגט און דרוקען אייערע. ער בעט אייך אלזאָ, אז איהר זאָלט געפעליגסט שרייבען וועגען אן אנדער טעמא(אויך אונטער דעם זעלבען נאָמען „נאטור־וויסנשאפט־לעכע שמועסן״) וואָרום מיר ווילען אויך דרוקען דיעזע סעריע. דער שרייבער איז איינער פון אונזערע שטענדיקע מיטארבייטער, ד״ר ספיוואק. ער שרייבט זעהר פאָפּולער.

---

גענ. קאהאן בעט מיך אייך שרייבען, אז אייערע ארטיקלען גע־פעלען איהם זעהר. נור ער בעט אייך איהר זאָלט זיך סטארען זיי שרייבען מעהר פאָפּולער, אזוי אז א פּראָסטער מענש זאָל זיי לייכט קענען פארשטעהן. ער איז זיכער, אז איהר וועט דאָס ביי אייער גוטען ווילען קענען אויספירען.

מיר האָבען ערהאלטען אייער צווייטען ארטיקעל, וועלכער וועט ערשיינען אין נעקסטען נומער „צייט־גייסט״. מיר ווילען אייך דאן

גלייך ארויסשיקען געלד פאר איהם. שרייבט ווייטער און שיקט אונז געפעליגסט צו רעגעלמעסיג.

גענ. קאהאן גריסט אייך פריינדליסט און גענאָסענשאפטליך.
ער וועט אייך אין קורצען אליין שרייבען.

אכטונגספאָלל

(—) ל. גאָטליעב.

אין פעברואר, 1906, ווערן אין „צייט־גייסט" ווידער געדרוקט צוויי אַרטיקלען פון א. ש. זאַקס פון זיין סעריע „נאַטור־וויסנשאַפטלעכע שמועסן", וואו ער באהאנדלט דעם ענין פארברענונג, קוילן, כלאָראָפיל, ענערגיע א. אז. וו.[13] און אין אפריל ווערט געדרוקט זיין ארטיקל אויף דער טעמע „די פילאָזאָפיע פון פריעדריך ניטשע (נאָך פּראָפעסאָר געאָרג זיממעל)".[14] דער־מיט שעפּט זיך אויס א. ש. זאקס'ס מיטארבעטשאפט אין „צייט־גייסט", אינם ערשטן יאָר פון יענעם זשורנאל'ס עקזיסטענץ, ווען זיין רעדאקטאָר איז געווען אב. קאהאן. זינט סעפּטעמבער 1906 איז די רעדאקציע אריבער צו ד"ר ש. פּעסקין, און דער זשורנאל איז שוין באהאנדלט געוואָרן ווי א שטיף־קינד פון „פאָרווערטס".

אין „צוקונפט" (געגר. אין 1892), וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן כמעט אומאפּהענגיק פון „פאָרווערטס" דורך דער „צוקונפט פּרעס פעדע־ריישאָן", האָט זאקס אָנגעפאנגען מיטצואַרבעטן אין יאנואר, 1906, ווען רעדאקטאָר פון יענעם זשורנאל איז געווען ד"ר ק. פאַרנבערג. אין יענעם נומער פון זשורנאל האָט ער אָפּגעדרוקט אן ארטיקל „וואָס איז אזוינס פּאָליטישע עקאָנאָמיע".[15] אין משך פון יאָר האָט ער דאָרט געדרוקט א סעריע ארטיקלען צו דער געשיכטע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועלכע איז אריבערגעגאנגען טיילווייז אויך אויפן יאָר 1907, ווען רעדאַקטאָר פון „צוקונפט" איז שוין געווען יעקב מילך.[16]

זייער אינטערעסאנט איז די קאָרעספּאָנדענץ וואָס איז אין 1905־1906 אָנגעגאנגען צווישן אב. קאהאן און א. ש. זאקס אין בערלין. ליידער זיינען ניט פארבליבן קיין קאָפּיעס פון א. ש. זאקסעס בריוו צו אב. קאהאן. און ניט מער ווי צוויי אייגנהענדיקע בריוו פון אב. קאהאן זיינען געפונען געוואָרן אין זאקסעס ארכיוו. אב. קאהאן פלעגט אין יענער צייט אויף זיינע בריוו קיין דאטום ניט שטעלן, און מ'קען בלויז משער זיין, אז זיי זיינען געשריבן געוואָרן ערשט אין אָקטאָבער 1906.[17] אָט וואָס ס'שטייט געשריבן אין ערשטן פון אָט די צוויי בריוו.

ליבער גענאָסע!

איך האָב ערהאלטען אייער ארטיקעל און די קאָרעספאָנדענץ פון מאַנהיים און איך דרוק בײדע. אייער אַרט שרייבן און די טהעמאס וואָס איהר רעכענט אויס זיינען גראָד וואָס מיר דאַרפען האָבען. דאָס אײנציגע וואָס איך וואָלט זאָגען, אַז איז צו פּאָפּולער מאכען פאר אידען איז אונמעגליך, אלזאָ איז דאָס בעסטע צו ברויכען נאָך ווייניגער קולטור־אויסדרוקע, נאָך מעהר זעהן אויסצוקומען מיט אידישע; בעסער א פּאָר מעהר שורות אנשטאָדט א וואָרט, איידער עטליכע לעזער זאָלען דארפען פרעגען „וואָס איז דער טייטש?״ אָבער ווי געזאָגט, אַלץ איז גראָד ווי מיר ברויכן פּאַר דעם „צייט־גייסט״, און איהר קענט אונז צושיקען מאטעריאל אזוי, אז מיר זאָלען האָבען עפּעס יעדע וואָך (נאטור־וויסענשאפטליכעס אָדער סאָציאָלאָגישעס). מיר וועלען אייך צאָהלען דעם העכסטן פּרייז וואָס מיר צאָהלען (דעם זעלבען פּרייז צאָהלען מיר דיא בעסטע בעלעטריסטען פון רוסלאנד) און דאָס איז 36 (אָדער נאָהענט צו 37) מארק א זייטעל „צייט־גייסט״. אונזערע שורות זיינען קלענערע וויא אין דעם „פריינד״, און א זייטעל האָט אונגעפעהר 370 שורות. איהר קענט אלזאָ האָבען דורכ־שניטליך א זייטעל יעדע וואָך — א מאָל מעהר, א מאָל ווייניגער. מיר צאָלען נאָך דעם וויא עס ווערט געדרוקט. אלזאָ וועט מען אייך ארויסשיקען געלט אין א טאָג צעהן ארום, וואָרים אייער ערשטער ארטיקעל וועט געדרוקט זיין איבעראכטאָג (דאָס וועט זיין פיעל מעהר ווי א זייטעל). וויא ווייט מעגליך, וואָלט איך אייך בעטען צו זעהן אויסמיידען פאָרטזעצונגען. דאָס בעסטע איז, אז יעדער ארטיקעל ענדיגט זיך אין דעם זעלבען נומער. פיעלע פאָרטזעצונגען טויג פאר אונז אוודאי ניט. אויב עס פאָדערט זיך דוקא, וואָלט איך בעסער פארנומען צוויי זייטלעך מיט א מאָל איידער אריבערצוטראָגען אויף דעם נעכסטען נומער.

אלזאָ שרייבט אונז אויף דיא אלע נאטור־וויסענשאפטליכע טהע־מאס, וועלכע איהר רופט אָן אין אייער בריעף און אויך אויף באזונ־דערע סאָציאָלאָגישע טהעמאס וויא אייער ערשטער ארטיקעל. שיקט צו ווייטערע מאטעריאל וואָס שנעלער. געלד וועט איהר ערהאלטען פּינקטליך. מיר שיקען אייך ארויס אלע נומערען „צייט־גייסט״. שרייבט מיר אייער מיינונג אין אלגעמיין, און וועגען מיין פּאָפּולערע איבערזעצונג (מיט „פשט״) פון „קאַפּיטאַל״ באַזונדערס. איך זאָג „באַ־זונדערס״, ווייל עס איז א שווערע ארבייט, און איך וואָלט זעהר וועלען וויסען וואָס פאר אן איינדרוק דאָס מאכט אויף מבינים. אגב, אפשר

מאַך איך ערגעץ־וואו אַן טעות'ן, גרייזען. איך וועל אייער מיינונג זעהר שעצען. שרייבט מיר גלייך אַן אַנטוואָרט אויף דיזען בריעף.

מיט א ווארימען סאָציאַל־דעמאָקראַטישען גרוס

(—) אב. קאהאן.

אין אָנפאנג פון זיין בריוו שרייבט אב. קאהאן וועגן א קאָרעספּאָנדענץ פון מאַנהיים, וואָס זאקס זאָל האָבן צוגעשיקט פארן „צייט־גייסט". מסתם האָט קאהאן שפּעטער חרטה געהאט און די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ אָפּגע־שיקט זאקסן צוריק (ווי מ'זעט עס, אגב, אויך פון א צופעליקער באמערקונג פון אב. קאהאנס צווייטן בריוו צו זאקסן). אַן אַרטיקל וועגן דעם סאָצ.־דעמאָקראַטישן פאַרטיי־טאָג אין מאַנהיים אין סעפּטעמבער 1906 האָט זאקס אָפּגעדרוקט אין דער ניו יאָרקער „צוקונפט", אָבער וועגן דעם וועט אונז נאָך באַלד אויסקומען צו שרייבן אויספירלעכער.

עס האָט לאַנג ניט גענומען, און זאקס האָט אב. קאהאנען געענטפערט, און קורץ נאָך דעם האָט ער באקומען פון דעם ניו יאָרקער רעדאַקטאָר אָט דעם בריוו:

ליבער גענאָסע זאקס!

שרייבט דיא נאַטור־וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען, נור למע"ה, וויא אונזערע טאַטעס זאָגען, זאָלען דיא אַרטיקלען זיין זעלבסטשטענדיגע און אזוי לייכט געשריבען וויא מעגליך. אויך איז נויטיג אז ביאָלאָגיע זאָלט איהר אויסמיידען, וויל איבער דעם שרייבט דאָך ד"ר ספּיוואַק. איהר שרייבט דאָך איבער אזעלכע געגענשטענדע אין דער „צוקונפט", און א היבשע טייל פון אונזערע לעזער לעזען אויך „דיא צוקונפט". אייער שרייבען אין „צייט־גייסט" איז א גרויסער קוואל פון פאַר־געניגען פאַר פיעלע פון אונז. פאַר אייערע פריינדליכע ווערטער וועגען דיא איבערזעצונג פון „קאַפּיטאַל" — א הערצליכער דאַנק. איך דאַרף אייך ניט דערצעהלען אז דיא אויפגאַבע צו פאַרטייטשען און צו געבען צו פאַרשטעהן דיזען סאָרט סחורה פאַר'ן עולם איז ניט קיין גרינגע. דיא „אסיפה אין מאַנהיים" שיקען מיר אייך. שרייבט! שרייבט! שרייבט!

מיט דעם ווארימסטען סאָציאַל־דעמאָקראַטישען גרוס

(—) אב. קאהאן

(פאַקסימעלע פון אָט דעם בריוו איז אָפּגעדרוקט אויף זייט 87).

Telephone, 400 Orchard
Jewish Daily Forward
175 East Broadway
New York

אין איינציקע זאַך ווערט קלאָר ביים דורכלייענען אָט די צוויי בריוו פון אב. קאַהאַנען צו זאַקסן, נעמלעך: אַז קאַהאַן האָט אין יענע יאָרן שטאַרק געהאַלטן פון זאַקסן אַלס שרייבער און וויסנשאַפט־מאַן, באַזונדערס בנוגע צו ענינים ווי קאַרל מאַרקס'ס „קאַפּיטאַל" און אין שייכות צו די נאַטור־וויסנשאַפטלעכע און סאָציאָלאָגישע פּראָבלעמען, וואָס א. ש. זאַקס פלעגט אין זיינע אַרטיקלען באַהאַנדלען. אָבער אויך צווישן נאָך פיל גרעסערע מומחים אין טעאָרעטישן סאָציאַליזם האָט א. ש. זאַקס דורך יענע יאָרן זיך דערוואָרבן אַ הויכע רעפּוטאַציע און וויסנשאַפטלעכן פּרעסטיזש. דאָס קען מען אויך זען פון דעם פאַקט, אַז אין 1907 האָט דער ווילנער פאַר־לאַג „די וועלט", וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די גייסטיקע פירער פון „בונד", אַרויסגעלאָזן זאַקסעס אַרבעט „דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם", אַ ביכל פון 75 זייטן, וואָס האָט זיך שנעל און גוט פאַרשפּרייט.

ד

אין די יאָרן 1905-1903 האָט ביי זאַקסן זיך אויסגעקריסטאַליזירט זיין נאַציאָנאַל־יידישער אני־מאמין, דאָס „קרעדאָ" אין דער יידישער פראַגע, ווי מיר האָבן דאָס שוין פריער דערמאָנט, ביי דער געלעגנהייט פון זיין שאַרפער פּאָלעמיק אין סוף 1902 קעגן קאַרל קאַוטסקיס „עצות" מכוח

אסימילאציע, ערשט אָבער אין אָנפאנג 1905 האָט זאקס פארעפנטלעכט צוויי ארבעטן, וואו ס'קומען קלאָר און דייטלעך צום אויסדרוק זיינע אָנ־זיכטן און אידעאַלן אין דער דאָזיקער פראגע. אין זשורנאל „די יודישע צוקונפט" האָט זאקס אין פעברואר 1905 אָפגעדרוקט אן ארטיקל „מיכאַי־לאָווסקי און די נאציאָנאלע באוועגונגען."[18] אָנגעשריבן האָט אים זאקס ווארשיינלעך גלייך נאָכן טויט פון דעם בארימטן רוסישן פובליציסט און סאָציאל־פילאָזאָף.

נ. ק. מיכאַילאָווסקי (1842־1904) האָט, אין איינקלאנג מיט זיין סאָציאל־פילאָזאָפישער שיטה, געהאַלטן פון דער פרייער נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַשטימונג אלס מיטל און וועג צו דער פולער אנטוויקלונג פון די ספּע־ציפישע קולטורעלע אייגנשאפטן פון יעדן פאָלק. מיכאַילאָווסקי, ווי באקאנט, איז געווען אן אָפּאָנענט פון מארקסיזם, טאַקע אין נאָמען פון אינדיווידו־אַליטעט־פרינציפּ און דער פרייער פערזענלעכקייט. ער האָט געגלייבט, אז ניט די אַנאָנימע קאָלעקטיוון, ווי נאציעס אָדער קלאַסן, זיינען די טרעגער פון העכערן געזעלשאפטלעכן באוואוסטזיין, נאָר דאָס זיינען טאַקע די מענטשן גופא — יחידים, וואָס בלויז זיי האָבן בכוח זיך אריינוואַרפן אין קאמף פאר געזעלשאפטלעכע אידעאַלן. נאָר דער יחיד, און בלויז דער יחיד, מיט זיינע געדאנקען, געפילן און שטרעבונגען, וואָס פארקערפערן זיין ווילן, און א גרופּע אזעלכע יחידים, קענען זיין באוואוסטזיניק, האָט געהאלטן מיכאַי־לאָווסקי. אלע פאָרמען פון סאָציאלער אָרגאניזירונג, נאָך מיכאַילאָווסקין נאָך, זיינען דער פועל יוצא פון דער קאָאָפּעראציע צווישן יחידים, א רעזולטאַט, מיינט עס, פון דער געזעלשאפטלעכער איינטיילונג פון ארבעט אויפן געביט ניט בלויז פון עקאָנאָמישע אינטערעסן און טעטיקייטן, נאָר אויך אין דעם פעלד פון גייסטיקער טעטיקייט, פון אינטעלעקטועלן פּאָרט־שריט פון דער גאנצער מענטשהייט. במילא איז שוין קלאָר, אז מיכאַי־לאָווסקי האָט ניט געקענט זיין קיין אָנהענגער פון אסימילאציע, קולטורעלער אוניפאָרמירונג און גלייכמאכונג פון די מינדערהייט־פעלקער וואָס לעבן, ווי ס'איז דער פאל מיט יידן, אין א סביבה פון הערשנדיקע, און ניט זעלטן פיינדלעכע, נאציעס.

מעשה איבערצייגטער מארקסיסט, וואָלט זאקס געוויס געהאט געגנוג וואָס אויסצוזעצן קעגן מיכאַילאָווסקיס לערע אויך אין דער נאַציאָנאַלער פראגע, דאָס הייסט מכוח צו נאציאָנאלע באוועגונגען אין דער מאָדערנער צייט. אָבער דער גרונט־קוק פון נ. ק. מיכאַילאָווסקי, זיין רעספּעקט פאר דער פרייער אויסלעבונג פון יעדן פאָלק אויף זיין אייגענעם, אומגעשטערטן שטייגער, איז געוויס געווען זאקסן נאָענט צום הארצן. ער האָט אין זיין ארטיקל פשוט איבערגעגעבן מיכאַילאָווסקיס קוק אויף דער נאציאָנאלער פראגע, אויף דער נאציאָנאליטעטן פּראָבלעם, און האָט בלויז צוגעגעבן, אין

דער פאָרם פון א פוס־נאָטיץ, אזא הערה: „דאָ וויל איך נור באוויזן, ווי אזוי מען דארף באטראכטן דעם נאציאָנאליזם לויט מיכאילאָווסקיס וועלט־אנשויאונג. דאָס הייסט אָבער ניט, אז איך בין מיט אים איינפערשטאַנדען. מיינע אייגענע מיינונגען איבער נאציאָנאליזם וועל איך אין א באזונדערן ארטיקל ארויסזאָגען.״

די דאָזיקע מיינונג זיינע האָט זאקס טאַקע קורץ נאָך דעם ארויסגע־בראַכט פאר דער עפנטלעכקייט אין א לאנגן ארטיקל (קרוב 10.000 ווערטער) אין אברהם רייזענס זשורנאל „דאָס יודישע וואָרט״. דער ארטיקל האָט געהייסן „נאציאָנען און נאציאָנאליזם (אין דער געגענווארט, פארגאנגענהייט און צוקונפט)״.[19] דאָרט באהאנדלט זאקס סיסטעמאטיש דעם גאנצן ענין נאציע פון א היסטאָריש־מאטעריאליסטישן שטאַנדפונקט. ער האָלט, אז גרופן מענטשן מיט פארשידענע פאָרמען פון אידעאָלאָגיע בילדן פארשידענע נאציאָנען, און פארשטייט זיך, די באזונדערע אידעאָלאָגיעס פליסן ארויס פון די פראָדוקציאָנס־באדינגונגען וועלכע ווערן, פון זייער זייט, באשטימט פון די געאָגראפישע, היסטאָרישע און קולטורעלע באדינגונגען און אומ־שטענדן. מיר וועלן ארויסנעמען עטלעכע כאַראַקטעריסטישע שטעלעס פון יענער וואָגיקער אָפּהאנדלונג.

> א נאַציאָן אָן א טעריטאָריע קען אויך ניט האָבן קיין אייגענע פראָדוקציע, אייגענע פראָדוקציאָנס־מיטלען און ממילא קען זי ניט האָפן צו האָבן א באזונדערע אידעאָלאָגישע פאָרמע אין דער צו־קונפט — איר באזונדערע נאציאָנאליטעט געפינט זיך אין ניט זיכערן צושטאַנד. אמת טאַקע די נאציאָנאליטעט, זייענדיק נור א פאָרמע פון אונזער לעבן, האָט ניט פאר אונז א ווערט פאר זיך אליין, מיר זיינען זייער ווייט פון אחד העם און איבעריקע שאָוויניסטן — אתה בחרתנו'־ניקעס, וועלכע באהויפטן, אז דאָס יודנטום מוז עקזיסטירן, אניט קען חס וחלילה די וועלט אונטערגעהן. יודענטום פאר זיך אליין איב־טערעסירט אונז ניט מער ווי א פאראיאָריגער שניי. אונז אינטערע־סירטן דאָך אָבער די יודן ? מיר אליין ווילן דאָך לעבן אזוי ווי אונז געפעלט !

---

אסימילאציע איז קינסטלעך, קאָמיש. די פרעמדע פאָרמען, וואָס מיר יודן נעמען איבער, זיצן אויף אונז אומגעלומפערט !

מיר מוזן קעמפֿן קעגן אַלץ וואָס לאָזט אונז ניט לעבן און אַנט־וויקלען זיך אַזוי ווי מיר ווילן. כל זמן מיר געפֿינען פֿאַר נויטיק דאָס אונזער שפּראַך זאָל עקזיסטירן, קען אונז קיינער די פֿאָדערונג ניט אָפּזאָגן. כל זמן אונזער יודישע פּאָעזיע באַגייסטערט אונז דאַרפֿן מיר זי ניט אויסבייטן אויף אַן אַנדערע. כל זמן אונזערע מנהגים פֿאַלן אונז ניט (אויך ניט אַנדערע) צולאַסט, טאָ לאָזן זיי עקזיסטירן. אַכטונג געבן דערויף, דאָס פֿרעמדע זאָלן זיך ניט אַריינמישן און פֿאַרקירצן אונזער לעבן קענען נור מיר יודן אַליין.

מיר זעען פֿון אָט די פּאָר ציטאַטעס, אַז נאָך אין אַ פּיל שאַרפֿערער שפּראַך ווי אין זיין אַרטיקל אין אָקטאָבער 1903, אַלס תשובה אויף די פּאַר־פֿירערישע עצות פֿון קאַרל קאַוטסקי, טרעט דאָ זאַקס אַרויס קעגן דער אַסימילאַטאָרישער אידעאָלאָגיע און פּראַקטיק. ער שטעלט זיך דאָ איין, אַזוי צו זאָגן, פֿאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלער זעלבסט־באַשטימונג און פֿרייהייט פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן, כל זמן זיי ווילן און קענען נאָך אויסלעבן זיך ווי אַ זעלבסט־שטענדיקע קולטורעלע גרופּע. אָבער דער שלוס פֿון זאַקסעס אַרטיקל, מיט דעם גאַנצן קערנדיקן אָפּטימיזם זיינעם, האָט פֿאָרט ניט גע־קענט אָפּשוואַכן די פּעסימיסטישע איינדרוקן, וואָס עס האָבן געלאָזן יענע טיילן פֿון אַרטיקל, וואו זאַקס וויל „אָביעקטיוו־וויסנשאַפֿטלעך" אָפּפֿרעגן דעם צוקונפֿדיקן רעכט אויף אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן פֿאַרן יידישן פֿאָלק. יידן, האַלט ער, וואָס וועלן אין דער צוקונפֿט ניט האָבן קיין באַזונדערן און זעלבסטשטענדיקן פּראָדוקציע לעבן, וועלן אויך ניט האָבן קיין נאַציאָנאַלן קיום, קיין זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ ווי אַ פֿאָלק. ביים שטאַרק נאַ־ציאָנאַל־געשטימטן (אין יידישיסטישן גייסט) רעדאַקטאָר, אַבֿרהם רייזען, האָט די בלאַסע, לעבלעכע און פֿאַרוואָ נאַציאָנאַלע שטימונג פֿון יונגען מאַרק־סיסט און געלערנטן, א. ש. זאַקס, ניט שטאַרק אויסגענומען, און ער האָט ביים שלוס פֿון אַרטיקל אָפּגעדרוקט אַזאַ רעדאַקציאָנעלע הערה:

מיר דרוקן דיזן אַרטיקל, ניט זייענדיק בכלל איינשטימיג מיט זיינע אויספֿירונגען. דער ווילען פֿון אַ נאַציאָן צו לעבן איז שטאַרקער פֿאַר אַלע לערען און וויסנשאַפֿטען. אַלענפֿאַלס וועט וועגן דיזער פֿראַגע קומען נאָך אַן אַרטיקל.

אין זיינע „עפּיזאָדן פֿון מיין לעבן", טייל 3, דערציילט אַגבֿ אַבֿרהם רייזען אַ פּאָר אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דעם אָפּדרוקן פֿון זאַקסעס אַרטיקל. דערביי פֿאַרלאָזט ער זיך לגמרי אויף זיין זכּרון, ווייזט אויס, און דעריבער גיט ער יענעם עפּיזאָד איבער ניט אינגאַנצן פּינקטלעך.[20]

דורך די דריי־פיר יאָר צייט וואָס זאַקס האָט פאַרבראַכט אין דייטשלאנד, אָפּגעריסן פון דעם יידישן מאסן־לעבן און אָן א דירעקטער פאַרבינדונג מיטן יידישן ארבעטער־קלאַס, האָט זיין פאָרזיכטיקע, כמעט נעגאַטיווע באַציאונג צום יידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, וואָס שפּיגלט זיך שוין אָפּ אין די צוויי ארטיקלען וואָס זיינען נאָר וואָס ציטירט געוואָרן, נאָך שאַרפער זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין זיין באַוואוסטזיין. דאָס זיינען געווען יאָרן, ווען די אידעאָלאָגיע פון „בונד”, אין קעגנזאַץ צום ציוניסטישן געדאַנק אין אַלע זיינע פאָרמען, האָט מסתם באַאיינפלוסט דווקא אַזעלכע מאַרקסיסטן־אינטערנאַציאָנאַליסטן ווי זאַקס, וואָס ביי זיי איז די יידישקייט שטענדיק געווען א נאַטירלעכער פּראָדוקט און האָט זיך ניט געניויטיקט אין די קינסטלעכע סטימולן פון פּאָליטישן ציוניזם, מיט וועלכע מען האָט געזוכט אָפּצומינטערן דעם האַלב־פאַרחלשטן גייסט פון מערב־אייראָפּעאישן יידנטום. זאַקס האָט וואַרשיינלעך געזוכט צו געבן אָט דעם געפיל זיינעם א ליטעראַרישע פאָרם דורך ארטיקלען אין דייטש. מען געפינט אין זיין ארכיוו שפּורן פון א קאָרעספּאָנדענץ וואָס ער האָט געפירט אין 1906־1907 מיט די צוויי פירנדיקע צייטשריפטן פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — „די נייע צייט” (אָרגאַן פון דעם ראַדיקאַלן פליגל, רעדאַקטירט פון קאַרל קאַוטסקי) און „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטע” (אָרגאַן פון די רעוויזיאָניסטן, דאָס הייסט פון רעפאָרמיסטישן לאַגער אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע). באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דער בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון דעם רעדאַקטאָר פון די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטע”, ד״ר יאָזעף בלאָך (1872־1936).[21] דער בריוו איז געווען געשריבן צו א געוויסן דייטשן גענאָסע (ליידער פעלט יעדע מעגלעכקייט פעסטצושטעלן זיין נאָמען) וואָס איז הפּנים געווען א מין פאַרמיטלער צווישן א. ש. זאַקס (וועלכן ד״ר י. בלאָך רופט אָן „רוסישער גענאָסע”) און דעם רעדאַקטאָר גופא. מיר ברענגען דאָ דעם פולן טעקסט פון יענעם בריוו (ווי אויך אַן איבערזעצונג אין יידיש).

**Dr. J. Bloch. Herausgeber der**
**Sozialistischen Monatshefte.**
**Telephon VI, 5392**

Berlin, 10.12.1907
W., Lutzow St. 69

Werter Genosse,

Ich habe den Artikel des russischen Genossen, den Sie mir uebersandt haben, gelesen und mir die Sache reiflich

ueberlegt. Der Artikel enthaelt zweifellos manches Interessante. Ich glaube aber doch, ihn in den Sozialistischen Monatsheften nicht veroeffentlichen zu sollen. Der Author hat meines Erachtens den Stoff zu durchdenken *begonnen,* aber nicht vollendet. Namentlich seine Argumentation gegen die Erhaltung der Juden als Nation scheint mir prinzipiell verfehlt. Was bezeugt denn dass die juedische Nation seit langem in viele Klassen geteilt ist? Das ist *jede* Nation, und deshalb hoert sie noch nicht auf als solche zu existieren. Als Vertreter der Arbeiter haben die Sozialisten natuerlich in erster Linie ein Interesse an dem juedischen Proletariat. Das schliesst aber noch nicht aus, dass sie als Kulturmenshcen ein Interesse an der juedishcen Nation haben, einschliesslich der anderen Klassen; und der Zionismus—fuer den ich durchaus keine Lanze einlegen will scheint mir jedenfalls durch solche eine Art der Beweisführung nicht im mindesten erschuettert. Mir scheint der Autor darin im Gegenteil recht inkonsequent. Das Klassenschema verhindert ihn, die Dinge in ihrem Zusammenhang zu sehen.

Ich sende dahr das Manuscript einliegend behufs anderweitiger Verwendung wieder zurueck. Damit will ich aber nicht gesagt haben, dass mir nicht eventuell andere Beitraege desselben Autoren willkommen sein werden.

Indem ich Ihnen fuer freundliche Bemuehung bestens danke verbleibe

mit soz. Gruss
(—) Bloch

איבערזעצונג פון דייטשישן אָריגינאַל

ווערטער חבר,

איך האָב דעם רוסישן חברס אַרטיקל, וועלכן איר האָט מיר צוגעשיקט, געלייענט און האָב דעם ענין היפש דורכגעטראַכט. דער ארטיקל פאַרדינט, בלי ספק, א געוויסן אינטערעס. איך גלויב אָבער דאָך, אַז ער דאַרף ניט פאַרעפנטלעכט ווערן. דער מחבר, ווי איך מיין, האָט אָנגעהויבן דורכצוטראַכטן דעם מאַטעריאַל, אָבער האָט ניט פאַרענדיקט. באַזונדערס זיינע אַרגומענטן קעגן דעם קיום פון יידן אַלס אַ נאַציע זעען מיר אויס צו זיין פרינציפיעל פאַלש. וואָס מיינט

עס אייגנטלעך, אַז די יידישע נאַציע איז פון לאַנג איינגעטיילט אין אַ סך קלאַסן? יעדע נאַציע איז אַזוי און דאָך הערט זי ניט אויף צו עקזיסטירן ווי אַ נאַציע. אַלס פאַרטרעטער פון אַרבעטער האָבן סאָציאַליסטן קודם־כל אַן אינטערעס לגבי דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. דאָס שליסט אָבער ניט אויס אַז זיי, אַלס קולטור־מענטשן, זאָלן זיין אינטערעסירט אין דער יידישער נאַציע, איינשליסלעך די אַנדערע קלאַסן, און דער ציוניזם — פאַר וועלכן איך, בפירוש, וויל זיך ניט אָננעמען, שיינט מיר יעדנפאַלס דורך אַזאַ מין אַרגומענטאַציע ניט אויף אַ האָר צו זיין אָפּגעפּרעגט. מיר דוכט זיך, אַז דערין — פאַרקערט — איז דער מחבר היפּש אומקאָנסעקווענט. די קלאַסן־דאָגמע שטערט אים צו זען די זאַכן אין זייער צוזאַמענהאַנג.

איך שיק דאָ דעריבער דעם מאַנוסקריפּט ווידער צוריק, כדי ער זאָל אויף אַן אַנדערן אופן קענען באַנוצט ווערן. איך וויל אָבער דערמיט ניט זאָגן, אַז מיר וועלן עווענטועל אַנדערע ביטראָגן פון דעם זעלביקן מחבר ניט זיין ווילקאָמען.

דאַנקנדיק איך בעסטנס פאַר אייער פריינטלעכער באַמיאונג, פאַרבלייב איך

מיט סאָצ. גרוס,

בלאָך

ווי מיר קענען משער זיין, איז זאַקס אין יענעם דייטשישן אַרטיקל, וואָס ד״ר בלאָך האָט געלייענט, נאָך שארפער ווי אין זיין פריער־דערמאָנטן אַרטיקל „נאַציאָנען און נאַציאָנאַליזם״ („דאָס יודישע וואָרט״, נומ׳ 12) אַרויס־געקומען מיט ספקות וועגן דער צוקונפט פון די יידן ווי א פאָלק אָדער נאציע (ווייל זיי וועלן דאָך, משמעות, קיין זעלבסטשטענדיקע פּאָזיציע און באזונדערע ראָלע אין דער וועלט־עקאָנאָמיק ניט שפּילן). דערביי האָט זאקס אויך ניט געשאנעוועט דעם ציוניזם, וואָס וועגן אים האָט ער שוין אין אָנגערופענעם יידישן אַרטיקל געשריבן ווי אַן ענין פון „אוטאָפּישע דער־וואַרטונגען און חלומות״. דערויף ענטפערט אים ד״ר יאָזעף בלאָך, וואָס האָט שטענדיק סימפּאטיזירט מיטן יידישן פּראָגרעסיוו־נאציאָנאלן געדאנק, אָט וואָס: דער פאַקט, אַז יידן טיילן זיך שוין פון לאַנג אין אין קלאַסן איז ניט קיין אַרגומענטאַציע קעגן דער נאציאָנאלער דערהאַלטונג פון יידן. יעטוועדער נאציע איז איינגעטיילט אין פארשידענע קלאסן, און דאָך הערט זי ניט אויף דורך דעם צו עקזיסטירן ווי א נאציע. די סאָציאליסטן, אלס פאַרטרעטער פון די אַרבעטער, זיינען נאַטירלעך פאַראינטערעסירט קודם־כל אין יידישן פּראָלעטאריאט. דאָס שליסט אָבער נאָך ניט אויס, אז מעשה קולטור־מענטשן, זאָלן זיי, די סאָציאליסטן, ניט פאראינטערעסירט זיין אויך אין דער יידישער נאציע, איינשליסנדיק אַלע איבעריקע קלאסן. און דער ציוניזם, האָלט ד״ר י. בלאָך, ווערט פון אזא ארגומענטאציע אפילו אויף א האָר ניט דערשיטערט. פאַרקערט, ער מיינט, אַז דער מחבר (זאַקס) איז

שטאַרק ניט־אויסגעהאַלטן, ניט־קאָנסעקווענט, און אַז די קלאַסן־סכעמע, ד״ה די דאָגמע מכוח דעם קלאַסן־קאַמף ווי דער הויפּט־פאַקטאָר פון דער מענטשלעכער געשיכטע, האָט אים, זאַקסן, געשטערט צו זען דעם ענין אין דעם גאַנצן און פולן צוזאַמענהאַנג.

## ה

אין די יאָרן וואָס זאַקס האָט פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד (1904־1907) האָט דער קאַמף צווישן דעם רעכטן און לינקן פליגל אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דאָס הייסט צווישן די „רעוויזיאָניסטן" און רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן, אָדער דער סכסוך צווישן רעפאָרמיזם און ראַדיקאַליזם, דערגרייכט דעם העכסטן שפּיצפּונקט. נאָך אין סוף 19טן י״ה און אין אָנפאַנג פון 20ט״ן האָט עדואַרד בערנשטיין (1850־1932) מיט זיינע עפּאָכע־מאַכנדיקע שריפטן געשאַפן א פונדאַמענט פאַר א נייער טעאָריע פון סאָציאַליזם.[22] די שיטה האָט באַלד באַקומען דעם נאָמען „רעוויזיאָניזם", ווייל זי האָט געזוכט געוויסע לערעס פון קאַרל מאַרקס, ווי די „פאַראַרימונגס־טעאָריע", די לערע פון קאַפּיטאַל־קאָנצענטראַציע, פון קאַטאַסטראָפאַלן צוזאַמענברוך פון קאַפּיטאַליזם, און אַנדערע, צו רעווידירן און דאָס מיינט זיי קאָרעגירן. פאַקטיש האָט עס באַדייט ניט מער און ניט ווייניקער ווי געבן פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג א נייעם טעאָרעטישן יסוד. עדואַרד בערנשטיין האָט געהאַלטן, למשל, אַז דער סאָציאַליזם קען בכלל קיינמאָל ניט ווערן קיין וויסנשאַפט אין פולן זין פון וואָרט, מחמת זיין אינהאַלט האָט צו טאָן מיט מענטשלעכע געפילן, שטרעבונגען און אידעאַלן מכוח פאַרבעסערונג און פאַרפולקאָמונג פון דעם צושטאַנד פון יחיד און כלל. דער סאָציאַליזם, זאָגט בערנשטיין, באַנוגנט זיך ניט בלויז דערמיט, וואָס, ווי יעדע וויסנשאַפט, זוכט ער צו דערקלערן און צו פאָרשן דעם אמת, נאָר ער דריקט אויס ווינטשונגען און פאָרשלאָגן מכוח דער פאַרענדערונג פון די געזעלשאַפטלעכע אומשטענדן.

דאָס איז דער תמצית פון בערנשטיינס טעאָריע. אָבער נאָך פאַר דער פאַרעפנטלעכונג פון בערנשטיינס ווערק איז שוין די גרויסע דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג פאַקטיש געוואָרן א דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישע רעפאָרם־פאַרטיי. אין דער טעאָריע האָט נאָך געהערשט דער מאַרקס־ענגעלסשער באַגריף מכוח דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט מען זיך פעסט געהאַלטן ביים פּרינציפּ פון „אָרגאַנישער אריינוואַקסונג" פון קאַפּיטאַליזם אין סאָציאַליזם דורך סאָציאַלע רעפאָרמען און פאַרלאַמענטאַריש־פּאָליטישע דערפאָלגן. די פּאַרטיי, די געווערקשאַפטן (טרייד־יוניאָנס), און די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון זיינען באַטראַכט

געוואָרן ווי די ווערקצייג פון אַט דער לאַנגזאַמער און פרידלעכער, דאָס מיינט עוואָלוציאָנערער, אַנטוויקלונג. בלויז די אינטעלעקטועלע עקסטרע־מיסטן, פייערדיקע אידעאַליסטן און עכט־רעוואָלוציאָנערע נאַטורן האָבן זיך געשטעלט קעגן אַט אַזאַ „דעגענעראַציע״, אָדער „פאַרבירגערלעכונג״ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין איר געבוירן־לאַנד. די אָפּאָזיציע, דאָס מיינט דער לינקער פליגל איז אָנגעפירט געוואָרן פון ראָזאַ לוקסעמבורג (1870־1919) און פראַנץ מעהרינג (1846־1919). די דאָזיקע ראַדיקאַלן, מוטיקע קעמפער און ווייטזיכטיקע פּאָליטיקער, האָבן שוין דעמאָלט, אין 1902־1906, קלאָר געזען אַז אויף אייראָפּע רוקט זיך אָן אַ מוראַדיקע כמאַרע, אַ בלוטיקער מבול. זיי האָבן פאַראויסגעזען די רעוואָלוציע וואָס וועט קומען נאָך דער מלחמה־קאַטאַסטראָפע און אין זייערע אויגן האָט די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 געעפנט אַ נייעם גורל־שווערן פּעריאָד אין דער אייראָפּעאישער געשיכטע. דאָס וואָלט געדאַרפט זיין אַ פּעריאָד אין וועלכן דער דייטשער אַרבעטער וועט זיך ניט באַנוגענען מיט דערפּאָלגרייכע וואַל־קאַמפּאַניעס און אַ פּאָר געוואונענע סטרייקס דאָ און דאָרט, נאָר וועט זיך כסדר גרייטן צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף.[23] דערווייל האָט, אין יוני, 1903, די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָפּגעהאַלטן דעם גרעסטן פּאָליטישן זיג אין איר 30־יעריקער געשיכטע ביז יענעם טאָג. ביי די ווילן צום רייכסטאַג זיינען איבער 3 מיליאָן שטימען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קאַנדידאַטן, און די פּאַרטיי האָט געוואונען 81 פּלע־צער אין צענטראַלן דייטשן פּאַרלאַמענט, כמעט אַ פינפטל פון דער גאַנצער צאָל פּאָלקס־פאָרטרעטער. אויפן „פּאַרטיי־טאָג״ אין דרעזדען, אין זעלבן יאָר, איז פאָרגעקומען אַ זייער לעבהאַפטע דיסקוסיע וועגן ענין רעוויזיאָניזם, און דאָרט האָט דער מעסיקער צד (צענטער) פון דער פּאַרטיי, אָנגעפירט פון אויגוסט בעבעל (1840־1913) און קאַרל קאַוטסקי (1854־1938), אָפּגע־האַלטן אַ נצחון איבערן „טעאָרעטישן רעוויזיאָניזם״. אין 1905, נאָך דעם גרויסן קוילנגרעבער־סטרייק אין וועסטפאַלן, ווען 200 טויזנט באַרג־אַרבעטער האָבן געוואָרפן זייער מלאכה, איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקע אויפרודערונג אין די געווערקשאַפטלעכע קרייזן, און די איינצעלנע טרייד יוניאָנס האָבן דערשפּירט אַ דראַנג זיך ענגער צו פאַרבינדן צווישן זיך אין נאָמען פון מיליטאַנטישע אַקציעס און צילן. אויפן יערלעכן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוזאַמענפאָר (פּאַרטיי־טאָג) אין יענאַ, אין 1905, איז דער גענעראַל־סטרייק אָנערקענט געוואָרן ווי אַ מיטל פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אָבער ניט קוקנ־דיק אויפן זיג איבערן „טעאָרעטישן רעוויזיאָניזם״ פון דער פּאַרטיי אין 1903־1905, האָט דאָך אין די רייען פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער גופא געזיגט דער „פּראַקטישער רעוויזיאָניזם״ פון די געווערקשאַפט־פירער. אין אַט די רייען האָט מען אין 1905־1906 שטאַרק באַקעמפט די רעוואָלוציאָנערע

אידייע פון גענעראַל־סטרייק, און אויפן געווערקשאַפטלעכן קאָנגרעס אין קעלן, אין 1906, האָט מען די רעזאָלוציע וואָס האָט גוטגעהייסן דעם פּרינ־ציפּ פון גענעראַל סטרייק נידערגעשטימט. גלייך נאָך דעם איז פאָרגעקומען דער פּאַרטייטאָג אין מאַנהיים און דאָרט האָט מען שוין דורך פּלפּולים און וואָרט־אַקראָבאַטיק געזוכט בטל צו מאַכן דעם גרויסן עפעקט פון דער פאַראַיאָריקער רעזאָלוציע פון יענא, וואָס האָט געזאָגט, אז דער גענעראַל־סטרייק איז דער בעסטער וואָפן פון אַרבעטער־קלאַס אין זיין שווערן באַפריי־אונג־קאַמף.[24] מיט שנעלע טריט איז די גרויסע דייטשישע פּאַרטיי אַרויף אויף אַ וועג וואָס האָט איר שפּעטער געפירט צום אָפּגרונט.

צו קענען ריכטיק פאַרשטיין די קעגנזאַצן אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי בעת דעם ערשטן וועלט־קריג, בעת דער רעוואָ־לוציע און דער קאָנטער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, איז נויטיק טיפער אריינצובליקן אין דעם אינערלעכן לעבן פון דער דייטשער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די צען יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אין יולי, 1914. אַלע שפּעטערדיקע קאַמפן זיינען פאַרזייט, צוגעגרייט און טייל־ווייז אויפגעגאַנגען אין די יאָרן 1904־1913. דער גרונט־סימן אין דער סאָציאַלער געשיכטע פון דער דייטשער באַוועגונג אין יענער צייט איז געווען דער אויפקום פון א טעאָרעטישן און פּראַקטישן רעוויזיאָניזם, אין וועלכן אַלע רעפאָרמיסטישע טענדענצן האָבן זיך אין איין שטאַרקער שטרעמונג צונויפגעגאָסן.[25] אויף יענעם מאַנהיימער פּאַרטייטאָג אין סעפּ־טעמבער, 1906, איז געקומען צום אויסדרוק שטאַרקער ווי ווען ס'איז פריער דער אינעווייניקסטער נשמה־ריס, דער טראַגישער שפּאַלט אין דער אידעאָ־לאָגיע פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט מיט 27 יאָר שפּעטער געפירט צו איר טאָטאַלן אונטערגאַנג...

אויף יענעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין סוף סעפּטעמבער, 1906, אין מאַנהיים איז אויך בייגעווען זאַקס און האָט אונז געלאָזן וויכטיקע ליטע־ראַרישע שפּורן, וואָס זיינען אַן ערשטקלאַסיקער דאָקומענטאַלער מאַטעריאַל פאַרן היסטאָריקער פון דער סאָציאַלער און אַרבעטער באַוועגונג. דאָס זיינען צוויי אַרטיקלען וואָס א. ש. זאַקס האָט אָפּגעדרוקט אין דער ניו יאָרקער „צוקונפט".[26] שוין דער אָנפאַנג פון דעם ערשטן אַרטיקל איז העכסט אינ־טערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען אין יענער צייט, ווען די גאַנצע וועלט האָט באַוואונדערט און גלאָריפיצירט דעם מעכטיקן ריז — די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אָט ווי א. ש. זאַקס פאַנגט אָן:

ניט בלויז יעדער קלאַסן־באַוואוסטזיניקער דייטשער אַרבעטער וואַרט מיט אַן אומגעהייערער גרויסער אומגעדולד אויף די „סעפּ־טעמבער וואָך", די וואָך ווען עס זאַמלען זיך צוזאַמען זיינע אמת'ע

פאָרשטייער אָפּצוגעבן אַ חשבון פאַר די פאַרגאַנגענע אַרבעט און צו שעפּן כוחות פאַר דעם נייעם יאָר. די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער „רויטער וואָך", ווען דער אַר־בעטער־פּאַרלאַמענט האַלט אָפּ זיינע זיצונגען. מיט אַ גרויסער אויפ־מערקזאַמקייט הערט מען זיך צו צו די וויכוחים און בעשלוסע פון די „רויטע", ווייל מען ווייס גאַנץ גוט, אַז דיזע בעשלוסע דריקן אויס דעם וואונטש און פאַרלאַנגען פון דריי מיליאָנען בירגער, וועלכע טראָגן אויף זייערע פּלייצעס די גאַנצע געזעלשאַפט. און צי איז עס אנגענעהם אָדער ניט, מען מוז זיך דערמיט רעכענען. מען ווייס גאַנץ גוט, אז די אַלע וויכוחים זיינען ניט דברים בעלמא, סתם גע־רעדט, נאָר אז זיי זיינען געשטיצט אויף דער מעכטיקער קראַפט פון די פאָלקס־מאסן, וועלכע זיינען צו יעדער צייט אימשטאַנד און פעהיק דאָס דורכצופירן אין לעבן.

עס שפּירט זיך פון אָט די שורות דער געוואלטיקער יראת הכבוד וואָס א. ש. זאַקס, און מיט אים צוזאַמען דער גרעסטער טייל פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָבן דעמאָלט געפילט צו דער „מוסטער־פּאַרטיי" פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע. דער אויסער־לעכער גלאַנץ, ווי ס'פּאַסירט אָפּט, האָט זיי געמאַכט כמעט בלינד צו באַ־מערקן די אינעווייניקסטע שוואַכקייטן און פעלערן פון אָט דער ריזיקער באַוועגונג. אָבער דער דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אויך די מעכטיקע דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי באַרירט. זי האָט פאַרלוירן איר בראַוון מוט און קאַמפּס־ווילן, ווען ס'איז פאַר איר קלאָר געוואָרן ווי שטאַרק און טיראַניש ס'זיינען נאָך די היטער פון דער אַלטער אָרדענונג אפילו אין אַ לאַנד מיט אזא אידעאַליסטישער און העראָאישער אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ווי די רוסישע. אויך דאָס האָט גוט באַמערקט א. ש. זאַקס, און ער שילדערט דאָס אין זיין באריכט אין אָט אזא פאָרם.

פאָריקס יאָר — אין יענע — ווען אַלע זיינען געווען זיכער, דאָס די רוסישע רעוואָלוציאָן וועט אין גיכן פאַרניכטן די אָפּגעלעבטע, פאַרפוילטע זעלבסט־הערשונג, וועלכע דינט פאַר אַ גרויסער קוועלע פאַר דער פּרייסיש־דייטשער רעאַקציאָן, און אז אייראָפּע וועט דורך דעם באַנייט ווערן מיט אַ נייער פרייהייטלעכער עפּאָכע, האָט דער „אַלטער יונגער" (אוגוסט בעבעל) גערעדט אָן אויפהער פיר שעה נאָך אנאַנד מיט אזא היץ און ברען, דאָס די גרעסטע קאַלטע מיושב־דיקע חברים זיינען דורכגענומען געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן גייסט און זיינען געווען גרייט גלייך אַרויסצוטרעטן אין קאַמף.

היינט האָט זיך די דעקאַראַציע געביטן. די ערוואַרטונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן זיינען פאַרלויפיק נאָך ניט ערפילט געוואָרן.

דערביי, אגב, האָט זאקס אָנגעוואָרפן א פּאָר שטריכן פאַר א גייסטיקן פּאָרטרעט פון אויסגוסט בעבעל — איינער פון די בויער און הויפּט־פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ביי יענעם פּאָרטייטאָג אין מאַנ־היים האָט זאקס אָבער געהאַט אויך געלעגנהייט פון נאָענט צו באָאָבאַכטן און אנאַליזירן דעם צווייטן גדול פון דער דייטשער ארבעטער־פּאַרטיי — עדואַרד בערנשטיין, דער וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון אַ גרויסער און שטענדיק וואַקסנדיקער ריכטונג אין דער באַוועגונג און איז געוועזן דער פאָטער פון טעאָרעטישן רעוויזיאָניזם. מיט יאָרן שפּעטער, אין אַן ארטיקל אין „טאָג", צו דער געלעגנהייט פון בערנשטיינס אלט ווערן 80 יאָר (6 יאַנואַר 1930), האָט זאַקס, אויפן גרונט פון זיינע דערינערונגען, ווארשיינלעך, פון מאַנהיימער צוזאַמענפאָר, אָט אזוי כאַראַקטעריזירט דעם באַרימטן סאָציאַליסטישן טוער און פירער, וואָס צו זיין טעאָריע האָט זאקס זיך באַצויגן קאַלט, אויב ניט פיינדלעך, אָבער וואָס זיין גייסטיקן וועזן, זיין נאָבעלן כאַראַקטער, האָט ער שטענדיק געשעצט זייער הויך און האָט זיינע געדאַנקען הויך רעספּעקטירט. מיר ציטירן דאָ עטלעכע שורות פון יענעם ארטיקל:

איך געדענק ווי אויף איינעם פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייטאָגן, האָט מען בערנשטיינען כמעט ווי איגנאָרירט. מענטשן, וועלכע האָבן ניט פארשטאַנען אפילו זיינע שיחת־חולין, וועלכע האָבן ניט דערגרייכט זיינע קנעכלעך, האָבן געחוזקט און געקוקט אויף אים, ווי אויף איינעם, וועלכער איז, רחמנאַ לצלן, נכשל געוואָרן אין „ניט־גוטע" געדאַנקען. אָבער בערנשטיין איז זיך געזעסן איינער אליין און האָט אזוי גוטמוטיק געשמייכלט, ווי ניט אים מיינט מען עס. ער האָט אפשר אין הארצן באַדויערט זייער אומוויסנקייט, האָט אָבער ניט ארויסגעוויזן קיין ברעקל כעס און אפילו ניט פאַראַכטונג.

בערנשטיין איז באַוואוסט אלס אָפּאָרטוניסט. זיין טעאָריע איז באמת אַן אָפּאָרטוניסטישע; אין לעבן אָבער איז ער אַ שטרענגער, אויסגעהאַלטענער אידעאַליסט, וועלכער איז ניט איינגעגאַנגען אויף קיין שום פשרות און קאָמפּראָמיסן.[27]

פראַנץ קורסקי, אַן אָנגעזעענער אַלטער בונדיסטישער טוער, גיט איבער, אין זיינע ערינערונגען וועגן א. ליעסין, שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון דער ניו יאָרקער „צוקונפט", אז א. ש. זאקס האָט זיך באַטייליקט אין

מאַנהיימער צוזאַמענפֿאָר ווי דער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער ווילנער בונדי־שער „פֿאָלקס־צייטונג". ער, קורסקי, האָט זיך אויף יענעם פּאַרטייטאָג באַגעגנט מיט א. ש. זאַקסן און אויך מיט א. ליעסין, וועלכער איז דעמאָלט געווען אויף א רייזע אין אייראָפּע.[28]

געוויס האָט זאַקס מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט און גייסטי־קער שפּאַנונג נאָכגעפֿאָלגט דעם הייסן טעאָרעטישן וויכּוח צווישן דעם רעפֿאָרמיזם און ראַדיקאַליזם. מ'קען אָן ספֿק אָננעמען, אַז פֿון דעם פּאָלע־מישן קאַמף און טעאָרעטישן שטורעם האָט זאַקס אַרויסגעטראָגן אַ קלאָרע נייגונג ניט צום סאָציאַל־רעפֿאָרמיסטישן לאַגער, נאָר דווקא צום ראַדיקאַלן אָדער רעוואָלוציאָנערן פֿליגל. דאָס לאָזט זיך באַמערקן פֿון זיין גאַנצער ווייטערדיקער סאָציאַליסטיש־טעאָרעטישער אַנטוויקלונג און פֿון דער שטע־לונג, וועלכע ער האָט אָנגענומען צו דער סאָציאַלער איבערקערעניש אין רוסלאַנד אין סוף 1917, און פֿון דער פּאָזיציע אין באַצוג צום סאָוועטן־רעזשים במשך פֿון די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע. מיר וועלן דאָ פּראָבירן רעקאָנסטרואירן זיין געדאַנקען־גאַנג אין יענע יאָרן, אין באַצוג צו אָט דער פֿונדאַמענטאַלער פֿראַגע פֿון סאָציאַליסטישן קאַמף, אויף אָט אַזאַ אופֿן. סוף כּל סוף מוז דאָך די אַנטשיידונג מכוח דעם פֿאַרצוג און דעם פֿאָדערגרונד אין דער אידעאָלאָגיע פֿון סאָציאַלן קאַמף אָפּגעבן ווערן אָדער דער אידייע פֿון רעוואָלוציע אָדער דעם רעפֿאָרם באַגריף, הגם ס'איז לחלוטין ניט ריכטיק צו האַלטן, אַז די ביידע אידייען שליסן זיך לגמרי אויס איינע די צווייטע. ס'איז אָבער אויך קלאָר, אַז פֿאַר דער ראַדיקאַלער שטרעמונג איז כאַראַקטעריסטיש צו געבן דעם פֿאַרצוג דווקא דער רעוואָ־לוציע און ניט רעפֿאָרם. די אורזאַך איז אַ פּשוטע. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, אַז אין די רייען פֿון די הערשנדיקע קלאַסן קומען פֿאָר ענדערונגען אויף דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן געביט און די ווירטשאַפֿטלעכע מאַכט גייט אַריבער למשל פֿונם פֿעאָדאַלן קלאַס צום בורזשואַזן (בירגערלעכן), צו די אינדוס־טריעלע און קאָמערציעלע בירגערלעכע שיכטן. די פּאָליטישע מאַכט וועט דאַן במילא אויך אַריבערגיין אין די הענט פֿון דעם נייעם הערשנדיקן קלאַס, צו דער בורזשואַזיע, מיינט עס. די פּאָליטישע רעוואָלוציע וועט אויך דאָ פֿאָרקומען (ווי ס'איז געווען דער פֿאַל אין ענגלאַנד אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 19טן י"ה, נאָכן אויפֿקום פֿון דער שטאָטישער בור־זשואַזיע), אָבער אָט די רעוואָלוציע קען פֿאַרלויפֿן אויף אַ לייכטן, כמעט עוואָלוציאָנערן אופֿן און אויף אַ פֿרידלעכן וועג. אויב אָבער דער איבער־גאַנג פֿון דער מאַכט, סאַי דורך וואַל־נצחונות, סאַי דורך אַ רעוואָלוציאָנערן אַקט פֿון אויסקעמפֿן מיט געוואַלט, קומט פֿאַר צוגונסטן פֿון די פֿריער באַזיצלאָזע קלאַסן, און שוין ניט צוגונסטן פֿון אַ נייער קלאַסן־הערשאַפֿט, וואָס זוכט פֿאַר זיך אַ פּאָליטישן אויסדרוק; מיט איין וואָרט, אויב דער

קאמף גייט אָן אין נאָמען פון דער אָפּשאפונג פון אלע עקאָנאָמישע קלאסן, פון באזייטיקן די פּריווילעגיעס וואָס קומען פון פּריוואטן אייגנטום אויף די מיטלען פון פּראָדוקציע און אויסטויש, איז דעמאָלט מוז דאָך די פּאָלי־טישע רעוואָלוציע ווערן אַן ענין וואָס איז אי אומפארמיידלעך אי דאָס מוז זיין אזא רעוואָלוציע וואָס וועט זיך אָפּשפּילן אין אַ העפטיקער, שטור־רעמדיקער פאָרם. אין אזא פאל איז די רעוואָלוציע דער עיקר־מיטל און אגב אויך דער איינציקער מיטל צו אַ פולשטענדיקער און פולער עקאָנאָמי־שער איבערקערעניש. און אָט די דאָזיקע אידייע באזייטיקט לחלוטין דעם געדאנק מכוח אַן אָרגאנישער אריינוואקסונג פון קאפּיטאליזם און סאָציא־ליזם,, מחמת צווישן דעם אונטערגאנג פון קאפּיטאליזם און דעם אויפקום פון סאָציאליזם שפּרייט זיך דאָך אויס דער טיפער, פינסטערער תהום פון דער רעוואָלוציע אין וועלכן ס'ווערן אריינגעצויגן די מיליאָניקע באזיצלאָזע, אונטערדריקטע און נקמה־דורשטיקע מאסן.

במילא ווערט, אלזאָ, דער מאָמענט פון דער פּאָליטישער מאכט־דעראָ־בערונג, ווי דאָס האָבן ארויסגעשטעלט פאר אַ צוועק אין זייער פּאָליטיש־סאָציאלער פּראָגראם מארקס און ענגעלס, אַ צענטראלער און אנטשיידנ־דיקער פונקט פאר דעם מאַרקסיסטישן סאָציאל־פילאָזאָפישן געדאנקן־בנין אין דער פאָרם ווי ער האָט דורכגעדרונגען די אידייען פון די טעאָרעטיקער פון דער סאָציאל־דעמאָקראטישער באוועגונג פון איר ערשטן טאָג אָן און ביז (איינשליסלעך) די פּראָגראמאַטישע דערקלערונגען און אַנטשיידונגען, וואָס דער הויפּט־טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי, מיט אַ יאָר פערציק צוריק, קארל קאוטסקי, האָט געגעבן. באזונדערס האָט אזא רעוואָלוציאָנערע אויפ־פאַסונג איוסגעפּאָרמירט די גאַנצע געדאַנקען־קייט אין דער אַרגומענטאַציע פון איינער פון די הויפּט־פירער צווישן די רעוואָלוציאָנערע מארקסיסטן פון יענער צייט, ראָזא לוקסעמבורג, וועלכע האָט אזוי פיל און דויערדיק באאיינפלוסט אויך די אידעאָלאָגיע פון לענינען. גראָד דעמאָלט, אין די לעצטע 7־8 יאָר פארן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט לענין אויסגעאַרבעט און פאַרפולקאָמט זיין טעאָריע פון דער פּראָלעטאַרי־שער רעוואָלוציע אונטער די באַזונדערע באַדינגונגען און דערפאַרונגען פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905.

# הערות צום קאַפּיטל 3

1. דאָס איז דער טעקסט פון דער תשובה, וואָס „דער פריינד״ האָט געשיקט זאַקסן אויף זיין אָנבאָט צו שרייבן פאַר יענער צייטונג:

פּעטערבורג, 21טער דעצעמבער, 1903

געערטער הער!

די רעדאַקציע וועט גערן אָננעמען אייערע אַרטיקלען וועגן עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּראָגעס און וועט זיי דרוקן לויט איר מעגלעכקייט. קאָרעספּאָנדענציעס פון בערלין פון דעם אַלגעמיינעם דייטשישן און פון דעם יידישן לעבן אין דייטשלאַנד זיינען אויך אונדז נויטיק.

אַכטונגספול,

(—) י. טעפּליצקי.

2. דאָ ציטירן מיר פון אַ רוסישן אַרטיקל פון ס. טשולאָק: „דאַרוויניזם אי געקקעליזם״, אין „מירבאזשי״, ב׳ 10, נומ׳ 7, יולי, 1901, ז׳ 136.

3. א. ש. זאַקס: די לערע פון סאָציאַליזם, ניו־יאָרק, 1915, ז׳ 54.

4. אַזוי ווערט רעזומירט די לערע אין אַרטיקל „געקעל״, אין באָלשאיא סאָוועטסקאיא ענציקלאָפּעדיאַ״, מאָסקווע, 1929, ב׳ 15, ז׳ 53.

5. א. ד. פלעשלער: די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון א. ש. זאַקס, אין „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט״ (לכבוד דעם 50טן געבורטסטאָג פון א. ש. זאַקס) אונטער דער רעדאַקציע פון ב. צ. גאָלדבערג, ניו־יאָרק, 1930, ז׳ 21.

6. „דאָס יודישע וואָרט״, קראָקאָ, נומ׳ 3, 17 יאַנואַר, 1905, ז״ז 10־11.

7. דאָרטן, נומ׳ 4, 24 יאַנואַר, 1905, ז״ז 6־8; נומ׳ 5, 31 יאַנואַר, 1905, ז״ז 8־9.

8. זע אברהם רייזען: „עפּיזאָדן פון מיין לעבן״, 3טער טייל, ז׳ 46. זאַקסעס אַרטיקל „צווישן עמיגראַנטן״ איז אויך געדרוקט געוואָרן אין זשורנאַל (זאַמלבוך) „דאָס יודישע וואָרט״ פאַר ליטעראַטור, וויסנשאַפט און קריטיק״, וואָס איז דערשינען אין 1904 (אָדער 1905) אונטער א. רייזענס רעדאַקציע, אין וואַרשע, פאַרלאַג „פּראָגרעס״, ז״ז 111־119.

9. „דאָס יודישע וואָרט״, קראָקאָ, נומ׳ 6 און 7, 7 און 14 פעבר., 1905. דער דאָזיקער אַרטיקל איז באַטיטלט „דער סאָציאַלער קריג אין דייטשלאַנד״.

10. „דער צייט־גייסט״, ניו־יאָרק, נומ׳ 9, 27 אָקט., 1905, ז״ז 7־9.

11. דאָרטן, „נאַטור־וויסנשאַפטל. שמועסן״, נומ׳ 13, 24 נאָוו., 1905, ז״ז 13־14.

12. אָט דער אַרטיקל „נאַטור־וויסנשאַפטלעכע שמועסן״ האָט נאָך דעם אונטער־טיטל: „אַ האַרבע קשיא״. „צייט־גייסט״, נומ׳ 15, 8 דעצ., 1905, ז״ז 18־19.

13. „דער צייט־גייסט״, נומ׳ 23 און נומ׳ 24, 2 און 9 פעברואַר, 1906.

14. דאָרטן, נומ׳ 33, 13 אַפּריל, 1906, ז״ז 12־13.

15. צום שלוס פון דאָזיקן אַרטיקל גיט א. ש. זאַקס אָט אַזאַ דעפיניציע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע: „אַ געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפט וואָס פאַרשט אויס די דערשיינונגען וועלכע קומען פאַר אין דער געזעלשאַפטלעכער זייט פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ; די שייכות צווישן מענטשן אין באַשאַפן לעמנסמיטלען, אין פאַנאַנדערטיילן און אין פאַרברויכן די לעבנסמיטלען; דיזע דערשיינונגען ערפאַרשט זי אין זייער פאַרענדערונגספאָרמע״ („די צוקונפט״, ב׳ 11, נומ׳ 1, יאַנואַר, 1906, ז״ז 636־641).

16. די סעריע איז באַשטאַנען פון די דאָזיקע אַרטיקלען: דער אָנפאַנג פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע (מערקאַנטיליזם) — מערץ, 1906; די לערע פון די פיזיאָקראַטן — אַפּריל, 1906; אַדאַם סמיטה און זיין לערע — יוני, 1906; טאָמאַס ראָבערט מאַלטוס

און זיין באַפעלקערונג־טעאָריע — סעפּטעמבער, 1906; דוד ריקאַרדאָ און זיינע טעאָריען — אָקטאָבער, 1906; ריקאַרדאָס אַרבעטס־טעאָריע — נאָוועמבער, 1906; ריקאַרדאָס רענטע־טהעאָריע — דעצעמבער, 1906; פאַרשיידענע נוצן־טהעאָריאן (דערהויפּט א. מענגערס „ווערט־לערע") — אָקטאָבער, 1907; די אוטאָפּיסטן (ר. אָווען און אַנדערע) — נאָוועמבער און דעצעמבער, 1907.

17. מ׳קען משער זיין, אַז דער בריוו איז געשריבן געוואָרן נאָך דעם ווי זאַקס האָט אָנגעשריבן אַ באַריכט וועגן פאַרטיי־טאָג פון דער דייטשישער סאָצ.־דעמאָקראַטישער פאַרטיי אין מאַנהיים אין סוף סעפּטעמבער, 1906. און דאָס מיינט אב. קאַהאַן ווען ער שרייבט, אין אָנפאַנג פון זיין בריוו, מכוח אַ „קאָרעספּאָנדענץ פון מאַנהיים", פון דער צווייטער זייט, לאָזט זיך פון אַ פּאָר שטעלעס פון אב. קאַהאַנס בריוו שליסן, אַז דער דאָזיקער בריוו איז אָנגעשריבן געוואָרן אין סאמע אָנפאַנג פון א. ש. זאַקסעס מיטאַרבעטשאַפט אין „צייט־גייסט", ד״ה אין אָקטאָבער־נאָוועמבער, 1905. מ׳קען חוץ אַ השערה קיין זאַך אויף באַשטימט ניט זאָגן, מחמת די פאַקטישע דאַטע ווען דער בריוו איז געשריבן געוואָרן פעלט לחלוטין. צום תוך פון ענין, אויף וויפל ער שפּיגלט זיך אָפּ אין אָט די צווי בריוו, האָט אָבער אָט דער בלויז, ווי פאַרדריסלעך ער זאָל ניט זיין, קיין שום שייכות ניט.

18. „די יודישע צוקונפט", רעד. פון י. וואָרטסמאַן, לאָנדאָן־פּאַריז, ב׳ 2, נומ׳ 2, פעברואַר, 1905, ז״ז 85־90.

19. „דאָס יודישע וואָרט", רעד. פון א. רייזען, קראָקע, נומ׳ 12, 5 מאַי, 1905, ז״ז 4־12.

20. א. רייזען: „עפּיזאָדן פון מיין לעבן", 3טער טייל, ז״ז 61, 62 און 69. דערביי (ז׳ 61) שרייבט רייזען, אַז אין זאַקסעס אַרטיקל וועגן „נאַציאָנאַליזם און מאַרקסיזם" (?) ווערט דערקלערט, אַז „דער מאַרקסיזם צי דער סאָציאַליזם, איז ניט נאָר ער שליסט ניט אויס דעם נאַציאָנאַליזם, נאָר אדרבא־ואדרבא... אַזאַ מין אַרטיקל, געשריבן אין אַ טעאָרעטיש־אָביעקטיוון טאָן, וואָס דער צענזאָר וואָלט אַוודאי דורכגעלאָזט, איז מיר געווען אַ שאָד, ער זאָל בלייבן ניט פאַרעפנטלעכט..." אין גרונט האָט זאַקס אין יענעם אַרטיקל בלויז באַגרינדעט דעם נאַציאָנאַליזם פון אַ מאַרקסיסטיש־טעאָרעטישן שטאַנדפּונקט. קיין שום ברייטערע און טיפערע באַגרינדונג פון יידישן נאַציאָנאַליזם האָט זאַקס אין זיין אָפּהאַנדלונג ניט געגעבן, ווי אברהם רייזען אַליין האָט אין זיין רעדאַקציאָנעלער הערה צום שלוס פון זיין אַרטיקל, באַטאָנט. אָבער בעת ער האָט געשריבן זיינע „עפּיזאָדן" (ליטעראַרישע דעראינערונגען), האָט ער שוין, ווייזט אויס, געהאַט פאַרגעסן, וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט אַ יאָר 25 פריער.

21. ד״ר יאָזעף בלאָך איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע סאָציאַליסטישע וואָרט־פירער אין דייטשלאַנד. פון דער בילדונג אַ מאַטעמאַטיקער, איז ער אָבער געווען אַ מענטש מיט אַן ענציקלאָפּעדישן וויסן און אוניווערסאַלע אינטערעסן. ער האָט אין 1895 געגרינדעט אַ צייטשריפט „דער סאָציאַליסטישער אַקאַדעמיקער", וואָס איז אין 1897 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטע", וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען כסדר ביז מערץ, 1933. באַרימט זיינען געוואָרן די „רונדשוי"־איבערזיכטן איבער אלע היינטצייטיקע וויסנשאפט־ און קולטור־געביטן, און אָט די פעריאָדיש־רעגלמעסיקע דערשינענע איבערזיכטן האָבן פון ד״ר י. בלאָכס זשורנאַל געמאַכט באמת אַן ענציקלאָפּעדישע וויסנשאַפט־און קולטור־געשיכטע פון 1897 ביז 1933. וועלט־פּאָליטיש האָט ד״ר בלאָכס זשורנאַל געדינט דעם אידעאַל פון „קאָנטינענטאַל־אייראָפּע", דאָס מיינט פון אַ מין פאַראייניקטער, פעדעראַטיווער אייראָפּע אַלס אַ וועלט־מאַכט, זייט ביי זייט מיט די ריזיקע וועלט־אימפעריעס פון גר. בריטאַניע, רוסלאַנד און נאָרד־אַמעריקע. נאָך זיין טויט האָט זיין אלמנה, העלענע בלאָך, ארויסגעגעבן אלס פּריוואַט־דרוק א מאָנומענטאַלן

ווערק (אַ צוואה): „רעוואָלוציאָן דער וועלט־פּאָליטיק", פּראג, 1938, 885 זז., וואו די אַנזיכטן פון ד"ר י. בלאָך איבער וועלט־פּאָליטישע פּראָבלעמען, אין גייסט פון אַ „קאָנ־טינענטאַל אייראָפּע" שטאַנדפּונקט, זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן. ער איז געווען איי־נער פון די שענסטע גייסטיקע פירער, יידן־סאָציאַליסטן, וואָס די דייטשישע באַוועגונג, פון פערדינאַנד לאַסאַל אָן און ביז ראָזאַ לוקסעמבורג און עדואַרד בערנשטיין, האָט פאַר־מאָגט אין אַזאַ גרויסער צאָל.

22. די וויכטיקסטע ווערק פון עדואַרד בערנשטיין זיינען אָט די: „די פאראוסזע־צונגען דעס סאָציאַליזמוס אונד די אופגאַבען דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע", שטוטגאַרט, 1899. „צור געשיכטע אונד טהעאָריע דעס סאָציאַליזמוס", בערלין אונד בערן, 1900. „וויע איזט וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזמוס מעגליך", בערלין, 1901. אַ סיסטעמאַטישע אָפּהאַנדלונג וועגן רעוויזיאָניזם גיט דאָס ווערק: ד"ר עריקא ריקלע: „דער רעוויזיאָניז־מוס. איין רעוויזיאָנספערזוך דער דויטשען מאַרקסיסטישען טהעאָריע" (1890־1914), צי־ריך, 1936.

23. אַ קורצן אָבער קאָמפּאַקט־אינהאַלטרייכן באַריכט מכוח דער אַנטוויקלונג פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געפינט מען אין דייטשישן ווערק פון א. ראָזענבערג, וואָס איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין ענגליש: אַרטור ראָזענבערג: „דהי בוירטה אָוו דהי דזשערמען ריפּאָבליק", ניו־יאָרק, 1931, ז"ז 46־47.

24. אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל וועגן מאַנהיים האָט געשריבן ק. קאוטסקי אין זיין זשורנאַל: „דיע נייע צייט", ב' 25, נומ' 1, 1906־1907, ז"ז 5־10.

25. ד"ר זיעגפריעד מאַרק, "רעפאָרמיזם אונד ראַדיקאַליזם אין דער דויטשען סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע", בערלין, 1927, ז' 7.

26. „דער מאַנהיימער פּאַרטייטאָג", „צוקונפט", ניו־יאָרק, נאָוועמבער, 1906, ז"ז 636־641; דעצעמבער, 1906, ז"ז 709־712.

27. „עדואַרד בערנשטיין", אַן אַרטיקל אין ניו־יאָרקער „טאָג", וואָס איז שפּעטער אויך אַריינגעגאַנגען אין א. ש. זאַקס'עס בוך: אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט, ניו־יאָרק, 1938 (אַרויסגעגעבן פון דער א. ש. זאַקס געזעלשאַפט), ז"ז 44־45.

28. פּ. קורסקי: מיט 40 יאָר צוריק און איצט, „צוקונפט" ליעסין יובליי־נומער, מערץ, 1936, ז' 119.

IV

# די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע

## א

נאָך דער מפּלה פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1907-1906 איז צערונען אין א. ש. זאַקסעס האַרצן יענע האָפענונג, מיט וועלכער ער האָט פארלאָזן זיין געבורט־לאנד סוף זומער 1903, נעמלעך — זיך אומצוקערן אהיים אין א באַנייטן, באפרייטן רוסלאַנד. אין 1907 האָט ער שטאַרק אָנגעהויבן צו קלערן וועגן עמיגראַציע קיין אמעריקע, און האָט וועגן דעם ענין געפירט א קאָרעספּאָנדענץ מיט זיינע פריינט אין ניו יאָרק. אין משך פון 1906 איז ער, ווי מיר ווייסן שוין, געווען אַן אָפּטער מיטארבעטער פון דעם זשורנאַל „די צוקונפט" אין ניו־יאָרק און האָט געפירט א לעב־האַפטע פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ מיט די רעדאקטאָרן פון אָט דעם זשור־נאַל. אין יענער צייט פלעגט „די צוקונפט פרעס פעדעריישאָן" אָפּט בייטן רעדאקטאָרן. נאָך ד"ר ק. פארנבערג (1937-1871) וואָס איז געווען רע־דאקטאָר אין 1906, האָט אין דער ערשטער העלפט פון 1907 די רעדאַקציע געפירט יעקב מילך און פון יוני ביז סוף דעצעמבער 1907 איז שוין מאָריס ווינטשעווסקי (1932-1856) געווען דער רעדאַקטאָר *. ער איז געווען

* אין מ. ווינטשעווסקיס אַרכיוו האָבן זיך אויפגעהאלטן צוויי בריוו פון א. ש. זאקסן אין יענע יאָרן (1908-1907), וועלכע עס האָט אונדז פריינדלעך איבערגעגעבן פריינד קלמן מרמר, דער ביאָגראף פון מאָריס ווינטשעווסקי. איין בריוו — א קאַרטל געשריבן פון יענא אין דער רעדאקציע פון „צוקונפט" איז דאטירט: 14טער יוני, 1907, און האָט אזא אינהאלט:

ווערטער גענאָסע!

איך בין באַרייט שטענדיק מיטצואַרבעטן אין דער „צוקונפט". איך מיין פּאָרצוזעצן די סעריע אַרטיקלען איבער די געשיכטע פון דער פאַל. עקאָנאָמיע, און א פּאָר ארטיקלען איבער דעם אוטאָפּ. סאָציאַליזם און דאַן גיי איך איבער צו די פארשידענע בירגערלעכע ריכטונגען אין דער פאָלקס־ווירטשאפט (די היסטאָריש־עטישע שולע, סאָציאַלע רעפאָרמען א. א. וו.) דאָס איז נאָך אין דער יידישער ליטעראַטור ניט באַהאַנדלט געוואָרן. איך וואָלט וועלן איר זאָלט מיר אין יעדעס העפט א פּלאַץ געבן. דעם ערשטן ארטיקל וועט איר באַקומען ניט פריער אלס אָנפאנג אויגוסט. איך קען אוממעגלעך איצט, אין דיזע וואָכן דערמיט זיך באשעפטיקן. שפּעטער וועל איך אומאונטערבראכן שיקן די ארבעטן. נאָר

רעדאקטאָר אויך אין 1908 און 1909. אין דער צווייטער העלפט פון 1907 האָט מ. ווינטשעווסקי, אין נאָמען פון דער „צוקונפט פרעס פעדערײשאָן" געמאכט זאקסן א פאָרשלאַג צו קומען קיין אמעריקע און ווערן דער וויסנ־שאַפטלעכער רעדאקטאָר פון דער „צוקונפט". זאקס האָט אין פרינציפּ די איינלאדונג אָנגענומען, אָבער ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, ווען אַרויסצופאָרן פון דייטשלאַנד קיין ניו יאָרק. ערשט אין סוף 1907 וואָלט ער געקענט באַקומען זיין דיפּלאָם פון אן אגראנאָם, דאָס וואָלט געפאָדערט צו בלייבן אין דייטשלאנד נאָך אַ האַלב יאָר צייט און לעבן אין ניט קיין גאנץ לייכטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. פונדעסטוועגן האָט זאקס באַשלאָסן ניט צו איילן זיך מיטן אָפּפאָר קיין אמעריקע. אויך זיינע פריינט און באקאנטע אין ניו יאָרק האָבן אים געגעבן אן עצה ער זאָל זיך ניט איילן צו פארלאָזן דייטשלאַנד. אזוי, צום ביישפּיל, האָט אים דעם פאָלגענדיקן בריוו געשריבן, אין סוף סעפּטעמבער, דער הויפּט־פארטרעטער פון „בונד" אין אַמעריקע, דער בונד־טוער מ. גורעוויטש**. מיר דרוקן דאָ אָפּ אָט דעם בריוו אין אַ יידישער איבערזעצונג פון רוסישן אָריגינאַל:

Central Verband
of the
"Bund"
Organization of America
Office, 49 Canal St.

New York, Sept. 27, 1907

געערטער חבר זאַקס!

שוין אַ טאָג זעקס ווי כ'האָב באַקומען אייער בריוו, און אלץ ניט געקענט אייך ענטפערן, און אויך איצט איז קיין צייט ניטאָ אייך גלייך צו ענטפערן אויף אלע פונקטן,

---

איין זאַך זאָל זאָל ווייניקסטנס די נייע רעדאקציע דערפאר זאָרגן דאָס די מיטארבעטער זאָלן ניט באהאנדלט ווערן, ווי כלי קודש אויף א בעלהבתישער חתונה. צו געמיין האָט מען זיך ביז איצט פארהאלטן. 104.60 (מארק) באקומען. שיקט מיר צו א מיטארבעטער־קארטע. איך האָף צו פאָרן קיין שטוטגארט.

ענטפערט.

מיט געגאָסש. גרוס

א. ש. זאַקס

** מאיסיי גורעוויטש (באַקאַנט אויך אונטער די פּארטיי־נעמען „מאיסיי סאַמולאָוויטש", „מישא", „מאטוויי", איז געווען כמעט פון די ערשטע בונדישע פּראַקטישע טוערס אין רוסלאַנד און האָט געאַרבעט אין ווילנע אין 1901־1902. אין 1905 איז ער אָנגעקומען אין אמעריקע צו ארבעטן דאָ אלס אָפיציעלער פארטרעטער פון רוסיש־יידישן „בונד". ער איז געשטאָרבן, צו 70 יאָר, אין ניו יאָרק דעם 9טן נאָוועמבער, 1944. (זעט ארטיקל פון פּ. קורסקי, אין „אונזער צייט" (ניו יאָרק), דעצעמבער, 1944).

מחמת מיר זיינען איצט געוואלדיק פארנומען. נו, זייט איר, בכן, פרינציפיעל מסכים צו קומען אַהער. בלייבט צו ווינטשן, אז אייער זיין דאָ זאָל געבן אייך א פערזענלעכע באַפרידיקונג און איר זאָלט האָבן די מעגלעכקייט צו ארבעטן אין די אינטערעסן פון דער באַוועגונג. איך האָף, אזביידע זאכן וועלן זיך אייך איינגעבן. די הויפטזאַך איז די פראגע מכח אייער נסיעה אין דעצעמבער. געוויס טאָרט איר אפילו ניט קלערן וועגן קומען תיכף. איר האָט אוועקגעגעבן יאָרן, טאָ זעט זשע צו ענדיקן דעם שטודיום און קריגן א דיפּלאָם. עס קען זייער מעגלעך זיין, אז ער וועט אייך דאָ צוניצקומען. זייט מיר מוחל וואָס כ'ענטפער אייך ניט אויף אַלע פראַגעס. כ'ווידערהאָל, — אין דעם איצטיקן מאָמענט בין איך זייער פאַרנומען, און אזוי ווי איר לייגט במילא אָפּ די נסיעה, טאָ וועל איך נאָך באוויַיזן מיט אייך זיך צונויפשרייבן. כ'ווינטש אייך צו פאַר־ענדיקן מיט דערפאָלג אייער שטודיום.

מיט חברשן גרוס

מ. גורעוויטש

235 העגרי סטריט, ניו יאָרק

אין פרילינג 1908 האָט זאַקס שוין געמאַכט ערנסטע הכנות צום אָפּפאָר קיין אַמעריקע, און דעם 12טן מערץ, 1908, האָט ער אַוועקגעשיקט צום רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט", מ. ווינטשעווסקי, דעם וויטערדיקן בריוו. ער האָט שוין דעמאָלט געלעבט אין בערלין (שאַרלאָטנבורג) און איז, ווי מ'זעט, געשטאַנען ערב דער נסיעה קיין אַמעריקע.

שאַלאָטענבורג, 12טער מערץ

איך פאָר, טאַטעניו, איך פאָר מיטן גרעסטן כבוד צו אייך. וועט מען מיר מכבד זיין מיט א שטול נעבן אייך אין דער רעדאקציאָן „צוקונפט" וועט זיין מה טוב, ווען ניט — נו, וואָס קען מען זיך העלפן. ניט צו פאַרזינדיקן. מען מוז זיין א מסתפק במועט.

איך מאַך שוין הכנות צו דער נסיעה. ווען עס וועלן ניט פאַראויסגעזעענע סבות מיר ניט אָפּהאלטן, האָף איך אָנפאנג אפריל ארויספאָרן. איך מוז אייניקע פערזענלעכע זאַכן ערליידיקן. ווען איך וועל ניט פון גענוף געלט באַקומען וועט דאָס אויך זיין אַ גרויסע מניעה. וואָלט די אַדמיניסטראַציאָן מיר געלט געשיקט וואָלט זי געטאָן ווי א חכמה. איך בין לא עליכם א גרויסער קבצן. פון געדאַנק צו פאָרן מיט דער צווייטער קאיוטע האָב איך זיך שוין אָפּגעזאָגט, הלואי רבש"ע זאָל איך אויספירן מיט דער דריטער קלאַס צו פאָרן, וואָלט איך אויך אָפּדאנקען דעם בורא פאר אזא מין חסד.

נו, איך פרעג אייך אַ עצה. ווי מען זאָגט, זיינען די אַמעריקאַנער, זייט מיר מוחל, גרויסע מקפּידים ביין אַריינלאָזן. זיי פאָדערן עפּעס געלט, געזונט און נאָך כהאי־גונא ערבות. אז קיין געלט וועט ביי מיר ניט זיין איז זעלבסטפארשטענדלעך. געזונט אויך ניט קיין גוזמא, נאָר אפשר וועט פאר אמעריקע דערווייל גענוג זיין. אָבער וואָס זאָל איך זאָגן ווען זיי, די באַאַמטע הייסט עס, וועלן אָנפאנגען חוקר ודורש צו זיין איבער דעם צוועק פון מיין נסיעה? איך בין אַ „דיפּלאָמירטער אַגראַנאָם" — נו, זאָל איך זיך בעסער אָנגעבן אלס זשורנאַליסט אָדער אלס אגראָנאָם? אויף דיזע פראגע וואָלט איך נאָך וועלן האָבן אַן ענטפער ביז מיין אָפּפאָרן. אויב מען וועט מיר גלייך ענטפערן, וועל איך נאָך דעם בריוו באַקומען.

איר זייט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַ גרויסער טרוד, אַייער צייט מוז זיין זייער פיל אין אנשפּרוך גענומען. און איך פאַרלאַנג ניט, אַז גראָדע איר זאָלט מיר דערויף ענטפערן,

אפשר וועט זיך „א באקאנטער", „א חבר" מטריח זיין און מיר דערויף זאָפאָרט ענטפערן. אין אמעריקע וועל איך באדאנקען דערפאַר.

נו, זייט געזונט. איך וואָלט שוין אין אמתן זיך וועלן מיט אייך זען און שמועסן אַביסל. אים אלגעמיינען איז דאָ אומעטיק. די דייטשן זיינען עפּעס צו טרוקן און צו ווינקלדיק. אייערע זכרונות האָב איך ליידער, צוליב די אָפּגעלאָזנקייט פון די אדמיניסט־ראַציאָן, שוין פון יולי אָן ניט געלעזן.

איך דריק איבערגעגעבן אייער האנט.

אייער

א. ש. זאַקס

פארן אָפּפאָר פון דייטשלאנד האָט זאקס באקומען פון מאָריס ווינט־שעווסקי אָט דעם בריוו:

**DIE ZUKUNFT**

די צוקונפט

**The Only Jewish Monthly**

179 East Broadway

**New York, March 23, 1908**

מיין ליבער זאקס,

היינט אין דער פריה האָב איך געקראָגען אייער בריף און מיר פרעהט זעהר וואָס איהר האָט באשלאָסען צו קומען. — נאטירליך קומט איהר אלס אגראנאָם און ניט אלס זשורנאַליסט און זעהט צו האָבען ביי זיך אייער דיפלאָם. — פּאָהרט ניט ארויס ביז איהר וועט ניט ערהאַלטען פון מיר נאָך א בריעף מיט אויסקונפט פון פערשיעדענע ענינים.

מיט ליעבע

אייער

מ. ווינטשעווסקי.

ערשט סוף זומער 1908 איז זאקס אָנגעקומען אין ניו יאָרק. ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער שריפטשטעלערישער ארבעט פאַר דער „צוקונפט" און האָט צוגעגרייט א גרעסערע סעריע וויסנשאפטלעכע ארטיקלען אויף סאָציאָלאָגישע און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע טעמעס.[1] אין עטלעכע חדשים נאָך זיין קומען קיין אמעריקע איז זאקס איינגעלאדן געוואָרן קיין שיקאגאָ צו ווערן דער רעדאקטאָר פון דעם סאָציאליסטישן וואָכנבלאט „די יודישע ארבעטער וועלט", וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין יולי, 1908. ער האָט די דאָזיקע צייטונג רעדאקטירט ביז זומער 1910.

אינצווישן איז וויערא קיסין, זאַקסעס לעבנס־באַגלייטערין, שוין געהאַט צוריקגעקומען פון איר סיבירער פארשיקונג צוריק קיין ריגע און דורך דעם זומער פון 1909 איז ביי איר רייף געוואָרן דער באַשלוס צו פאַרלאָזן איר היים און פאמיליע און אוועקפאָרן צום מאַן קיין אמעריקע. דעם 24טן סעפטעמבער 1909 איז זי אָנגעקומען אויף עליס איילענד אין דעם האפן פון ניו יאָרק. זאַקסעס רעדאַקציאָנעלע פליכטן אין שיקאַגאָ האָבן אים ניט דערלויבט אַפילו צו קומען קיין ניו יאָרק צו באַגעגענען זיין לעבנס־קאַמעראַדין, פון וועלכער ער איז געווען אָפּגעריסן דריי יאָר צייט. זיין ברודער, הירש, פון פילאַדעלפיע איז אָבער געקומען אָפּצונעמען וויעראַ קיסין פון שיף און זי איז צוזאמען מיט איר שוואָגער אָפּגעפאָרן גלייך פון שיף קיין פילאַדעלפיע.

שוין אין דריי טעג נאָך איר אָנקומען אין אַמעריקע איז וויעראַ אַוועק זוכן וועלכע ס׳איז ארבעט און האָט געפונען א שטעלע אַלס קעלנערשע (וועיטרעס) אין א רוסיש־פוילישן רעסטאָראַן. דאָרט האָט זי געאַרבעט ביז סוף דעצעמבער 1909. דאַן ערשט איז זי אָפּגעפאָרן צו זאַקסן קיין שיקאַגאָ. ס׳איז איר באַשערט געווען איבערצולעבן ניט קיין קליינע אַנטוישונג, ווען זי האָט דערזען, אז דער „רעדאַקטאָר פון א חשובער וואָכנשריפט" אין איינער פון די רייכסטע שטעט אין דער שטיינרייכער אמעריקע לעבט אין אַ זייער באַשיידענעם, ביז גאָר אָרים אויסגעמעבלירטן צימער... זיי ביידע האָבן אין אָט די לעבנס־באַדינגונגען פארבראַכט ביז איבער ניי־יאָר 1910. שפּעטער האָבן זיי זיך איינגעקליבן אין א פיל גרעסערן, געמיטלעך אויפגערוימטן צימער אין דער שיקאַגער וועסט־סייד. זאַקס האָט נאָך אַלץ געלעבט אין שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. ד״ר וויעראַ זאַקס האָט אָבער שנעל געפונען ארבעט אין איר פּראָפעסיע. אויף אָט דער שטעלע איז זי פארבליבן ביז אויגוסט, 1910.

אין 1909, פון שיקאַגאָ, האָט זאַקס פיל שוואַכער ווי אין די פריערדיקע יאָרן מיטגעארבעט אין דער אָנגעזעענסטער און עלטסטער יידישער מאָנאַטשריפט אין אמעריקע — „די צוקונפט". אין גאַנצן יאָרגאַנג פון 1909 געפינט זיך בלויז איין ארטיקל זיינער און דאָס ניט אויף סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכער, נאָר אויף אַ ריין נאַטור־וויסנשאַפטלעכער טעמע, נעמלעך: „לאַמאַרק און דאַרווין". דער אַרטיקל איז אָבער אינטערעסאַנט פאר דער רעקאָנסטרואירונג פון זיין גייסטיקער געשטאַלט אין יענער צייט, מחמת אין דעם ארטיקל, ווי אין א ברענפונקט, קומען זיך צוזאמען אַלע שטראַלן, אַלע גייסטיקע איינפלוסן און ווירקונגען, וואָס האָבן געהאָלפן צו פאָרמירן זיין וויסנשאַפטלעכע וועלט־אַנשויאונג, זיין קוק אויף וועלט, נאַטור, און מענטש. מיר ווייסן שוין, אז פונקט ווי מאַרקס און ענגעלס זיינען געווען די אורקוואלן פון זיין סאָציאַלן „אני מאמין", אזוי איז אויך דאָס פּאָרל

דאַרווין און העקל געוועזן די גייסטיקע טאַטע־מאַמע פון זיין נאַטור־באַנעם. און דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין יענעם אַרטיקל אין דער „צוקונפט" אויף א העכסט דייטלעכן שטייגער. אָט ווי זאָקס פאַרענדיקט יענעם אַרטיקל:[2]

אדאנק דאַרווינס אנטדעקונג (נאַטירלעכער אָפּקלייב דורך דעם קאַמף פאַרן קיום), וואָס איז באַוואוסט אין דער ביאָלאָגיע אונטערן נאָמען „סעלעקציאָנס־טעאָריע", האָט די גאַנצע אָפּשטאַמונג־לערע פון לאַמאַרקן באַקומען א פעסטן באָדן און איז געוואָרן דער הויפּט־אַקס, אַרום וועלכע די גאַנצע ביאָלאָגיע דרייט זיך. און דאָס איז די אורזאַך וואָס די גאַנצע עוואָלוציאָנס־לערע באַצייכנט מען מיטן נאָמען „דאַרוויניזמוס", ווייל נאָר צוליב דאַרווינס סעלעקציאָנס־טעאָריע איז זי, די עוואָלוציאָנס־לערע, געוואָרן דער „אני מאמין" פון אַלע וויסנ־שאַפט־לייט.

די סעלעקציאָנס־טעאָריע פון דאַרווין איז ניט נאָר דער יסוד פון די נאַטור־וויסנשאַפטן, נאָר זי האָט אַרויסגערופן א גאַנצע אי־בערקערעניש אין דער פילאָזאָפיע. אין א געוויסן זין קען מען זאָגן אַז דאַרווינס בייטראַג פאַר דער פילאָזאָפיע איז ניט קלענער ווי פאַר דער נאַטור־וויסנשאַפט.

די גאַנצע מאָניסטיש־מעכאַניסטישע וועלט־אַנשויאונג וועלכע האָט באַקומען אדאנק דאַרווינס אַפּאָסטאָל, ערנסט העקעל, אזא אומ־געהייער גרויסן איינפלוס, איז א רעזולטאַט פון דער סעלעקציאָנס־טעאָריע.

דער גאַנצער אידעאַליזמוס און דואַליזמוס וועלכער זוכט צו ערקלערן די דערשיינונגען פון דער נאַטור דורך דער ווירקונג פון געוויסע אונזעהבאַרע געטער און גייסטער, וועלכע שטייען „אויסן" אָדער „איבער" דער נאַטור, פאַרלירט אַלץ מער זיין באָדן אונטער זיך. דיזע גייסטער און געטער זיינען אין דער פילאָזאָפיע בויטיק געוועזן כל־זמן מען איז ניט געווען אימשטאַנד דערקלערן די צוועק־מעסיקייט, די האַרמאָניע אין דער נאַטור: די וועקסל באַציאונגען צווישן חיות און פלאַנצן, די צוגעפּאַסטע אָרגאַנען פון יעדן מין א. אז. וו. אויפן מעכאַניסטישן בלינדן וועג.

דאַרווין האָט דיזן רעטזל געלייזט. עס הערשט האַרמאָניע אין דער נאַטור, זאָגט אונז דער דאַרוויניזמוס, ניט דערפאַר ווייל ס'איז פאַראַן אן אינזשיניער, אן אָרגאַניזאַטאָר וועלכער האָט באַשאַפן די וועלט לויט א פריער אויסגעאַרבעטן פּלאַן און סדר נאָר דערפאַר,

ווייל די ניט־הארמאנירנדיקע מיט דער נאטור, די ניט־צוגעפאסטע גייען פון די בלינדע נאטור־קרעפטן אונטער און ממילא מוזן בלייבן דווקא די הארמאנירנדיקע, די וועלכע באזיצן צוועקמעסיקע ארגאנען.

אדאנק דארווין זיינען די פארשידענע געשפענסטער פון דעם אידעאליזמוס און דואליזמוס פארשוואונדן. מען האט אויפגעהערט צו זען געטער דארטן, וואו עס ווירקן באמת בלויז נאטור־געזעצן. אט איז די אורזאך, וואס ביי די פרייהייטס־גייסטער איז איצט אזא גרויסער יום־טוב.

אט דער פייערלעכער שלוס פון ארטיקל האט געהאט א שייכות מיט טשארלז דארווינס הונדערטיאריקן געבוירן־טאג, וועלכער איז געפייערט געווארן אין דער גאנצער וויסנשאפטלעכער וועלט דעם 12טן פעברואר, 1909.

ב

אנקומענדיק אין אמעריקע, האט זאקס, דער סאציאליסטישער טוער און שרייבער אין משך פון א צענדליק יאר, דעם הויפט־אינטערעס נאטירלעך געשענקט דער ארבעטער־באוועגונג און ספעציעל דער פראגע פון פאליטישן באוואוסטזיין און פאליטישן קאמף פון אמעריקאנעם ארבעטער־קלאס. ווי האט עס אבער געהאלטן מיטן דאזיקן ענין דא אין אמעריקע מיט א יאר 35 צוריק? כדי דערויף צו קענען ענטפערן, כאטש אין א גאנץ קורצער פארם, איז קודם־כל נויטיק אנצוצייכענען אין ברייטע, אלגעמיינע שטריכן א קורצן געשיכטלעכן בילד פון פאליטישן פארשריט פון די ארבעטער־מאסן אין אמעריקע.

די ערשטע ארבעטער־פארטיי אין די פאראייניקטע שטאטן, און אפשר אין דער גאנצער וועלט, איז געווען די „ווארקינגמען׳ס פארטיי״, וואס איז געגרינדעט געווארן אין פילאדעלפיע אין 1828. אירע גרינדער זיינען געווען עכטע ארבעטער, מיטגלידער פון אן ארגאניזאציע וואס האט געטראגן דעם נאמען „מעקעניקס יוניאן אוו טרייד אסאסיאיישאנס״. אין די נאענטסטע עטלעכע יאר האבן דעם ביישפיל פון פילאדעלפיע נאכגעטאן געוויסע ארבעטער גרופעס אין ניו יארק, ניו דזשורזי און ענגלאנד און אין די וועסטלעכע שטאטן פון לאנד. אט די דאזיקע ערשטע ארבעטער־פארטייען האבן געהאט גאנץ ראדיקאלע פראגראמען. זיי האבן קלאר פארשטאנען די ספעציעלע לאגע פון ארבעטער־קלאס אין דער סאציאלער פיראמידע פון דער מאדערנער געזעלשאפט, און זיי האבן ארויסגעשטעלט היפש פראגרע־סיווע פאדערונגען צו די סטייט־לעגיזלאטורן אין נאמען פון ארבעטער־שוץ

און סאָציאלן פּאָרטשריט דורך פאַבריק־געזעצן און סתם ליבעראַלע געזעצן. אָבער אין גרונט איז דער ענד־ציל פון אַלע זייערע שטרעבונגען געווען ניט דער אידעאַל פון א פולער סאָציאַלער באַפרייאונג, פון א גאַנץ נייער סאָציאַלער אָרדענונג, נאָר פּשוט — אויסצוקעמפן פאַרן ארבעטער א העכערע שטופע פון בירגערלעכן וואוילזיין, דאָס מיינט צו מאַכן פון ארבעטער־קלאַס א קאָפּיע פון באַלעבאַטיש־צופרידענעם מיטלקלאַס, אויפן שטייגער פון די פאַרמערס, קליינהענדלער און האַנטווערקער. די באַוועגונג האָט אויך אריינ־געצויגן אין זיך געוויסע אמעריקאַנער נאָכפאָלגער פון די גרויסע אייראָפּע־אישע סאָציאַל־אוטאָפּיסטן ווי ראָבערט אוען און טשאַרלס פוריע. אָבער ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און די אינערלעכע רייסערייען איבער פּרינציפּן און אנדערע שטרייט־פראַגן האָבן אָט אַזעלכע שוואַכע אַרבעטער־פּאַרטייען בטל געמאַכט. אין ניו יאָרק האָט עס פּאַסירט נאָך איידער דער גרויסער עקאָ־נאָמישער קריזיס פון 1837 האָט צונישט געמאַכט די ערשטע פּראָבעס פון א טרייד־יוניאָן באַוועגונג אויפן באָדן פון אַמעריקע.[3]

אָט דער אינטעליגענטישער אוטאָפּיזם, די מיטלקלאַס שטרעבונגען און „אַגראַריזם" (פאַרם־אינטערעסן) איז אוודאי א זאָנדערבאַרער געמיש פון אידייען און אידעאַלן אין דער ארבעטער־באַוועגונג. אָבער אין די ספּע־ציפישע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן פון אמעריקע מיט א יאָר הונדערט צוריק איז די דאָזיקע דערשיינונג אויפן פּאָליטישן געביט געווען ממש אן אומפאַרמיידלעכע אנטוויקלונג־שטופע. די שטענדיק זיך באַוועגנ־דיקע גרענעצן פון דער כסדר וואַקסנדיקער און זיך אויסשפּרייטנדיקער נייער און יונגער נאַציע מיט אירע פרישע, אומבאַארבעטע שטחים לאַנד, וואָס זיינען געווען צוגעגנגלעך פאַר יעדן מיט א פּאָר שטאַרקע, געזונטע הענט — דאָס אַלץ האָט ניט דערלאָזן ס׳זאָל זיך שאַפן אן עקאָנאָמישע קריסטאַליזירונג און פאַרשטייפונג פון די קלאַסן־אונטערשיידן און סאָציאַלע קעגנזאַצן אויפן שטייגער פון דער אַלטער אייראָפּע. במילא איז, אפילו ביזן היינטיקן טאָג, די צייט נאָך אַלץ ניט געקומען, ווען אן אומאָפּהענגיקע, לחלוטין מיט קיין שום צווייטן סאָציאַלן קלאַס ניט פאַרבונדענע, ארבעטער־פּאַרטיי זאָל אויסוואַקסן און געדייען דאָ אונטער דעם הימל פון אמעריקע.

ערשט מיט א יאָר פופציק נאָך די ערשטע לאָקאַלע און ספּאָראַדישע פּראָבעס פון אויפצובויען אַן אַרבעטער־פּאַרטיי אין אַמעריקע, זיינען אויפס־ניי געמאַכט געוואָרן מער געלונגענע פאַרזוכן צו באַשאַפן א פּאָליטישע פּאַרטיי אויפן יסוד פון א פּראָלעטאַרישן קלאַסן־באַוואוסטזיין. די „נעשאַנאַל רעפאָרם פּאַרטיי" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1872 דורך דער „נעשאַנאַל לייבאָר יוניאָן". אָט די „יוניאָן" איז געווען א צענטראַלע פעדעראַציע פון טרייד יוניאָנס אין שטעט, סטייטס און אויך פון נאַציאָנאַלע יוניאָנס, אויפן שטייגער פון דער שפּעטערדיקער „אַמעריקען פעדערײשאָן אוו ליי־

באַר" (געגר. אין 1881). אין איר בליאונג־צייט האָט די „נעשאָנאַל לייבאַר יוניאָן" געציילט ארום 650 טויזנט מיטגלידער איבערן גאנצן לאַנד.[4] די „נעשאָנאַל רעפאָרם פּאַרטי" האָט געהאַט א גאנץ ראדיקאַלע פּראָגראם וועגן די אמעריקאַנער באַדינגונגען פון יענער צייט, אָבער לאנג האָט זי ניט עקזיסטירט.

פון די זעלבע קרייזן, ד. ה. פון דער „נעשאָנאַל לייבאַר יוניאָן", זיינען אויך ארויסגעגאנגען די גרינדער פון א נייער פּאָליטישער לייבאַר־פּאַרטיי, וואָס אין איר האָבן שוין א פיל גרעסערע ראָלע ווי ווען ס'איז פריער געשפּילט, חוץ די ליבעראַלן און סאָציאַל־רעפאָרמיסטן, אויך די סאָציאַליסטן פון פארשידענע ריכטונגען. דער גרעסטער טייל פון אָט די סאָציאַליסטן זיינען געווען דייטשע אימיגראַנטן. נאָך א ריי קאָנפערענצן אין 1876 און 1877 איז געבאָרן געוואָרן די „סאָשעליסט לייבאַר פּארטי אוו נאָרד אמעריקא" — און עס האָט זיך אָנגעפאנגען דער פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער לייבאַר פּאַרטיי (די עס. על. פּי.), וואָס האָט אזוי נאָענט באַרירט די געשיכטע פון די יידישע ראַדיקאַלע אימיגראַנטן מאסן אין די 80ער און 90ער יאָרן. „די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי" איז געווען דער ים וואוהין עס האָבן זיך אריינגעגאָסן די פארשידענע סאָ־ציאַליסטישע שטראָמען, טייכן און טייכלעך, וועלכע האָבן שוין פריער עקזיסטירט אין די פאַרשידענע סטייטס און שטעט פון לאַנד".[5]

בשעת די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך קאָנסטיטואירט, זיינען די אמעריקאַנער טרייד יוניאָנס, ווי שוין אויבן געזאָגט, געווען איינגעפונדעוועט מינדעסטנס 50־60 יאָר צייט. זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ גרויסן מהלך, זיי האָבן שוין געהאַט זייערע אייגענע פירער, זייערע ווייגווייזער. עס האָבן שוין איבער זיי געוועלטיקט טראַדיציעס, געוויסע איינגעוואָרצלטע באַגריפן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די טרייד יוניאָנס זיינען אַלזאָ אין אמעריקע ניט געווען אָרגאַניש צוזאמענגעוואַקסן, ווי דאָס איז יאָ געווען דער פאַל אין כמעט גאנץ מערב־אייראָפּע. די ארבעטער־פּאַרטיי און די געווערקשאפטן זיינען ביי אונז אין לאַנד געווען ווייט איינע פון דער אנדערער. זיי זיינען ניט ארויסגעוואקסן פון איין וואָרצל און האָבן זיך ניט געשפּייזט פון איין באָדן.

אין די 1870ער יאָרן האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די רייען פון די באַוואוסטזיניקע אמעריקאַנער ארבעטער שטורעמדיקע רייבונגען און סכסו־כים, אלץ ארום דער פראַגע פון אַן אָרגאַניזירטן פּאָליטישן קאַמף. ס'זיינען אָנגעגאַנגען רייסערייען צווישן אלטע און נייע פאָרמען פון נאציאָנאַלע טרייד יוניאָן פאַרבאַנדן, ווי די „נאַיטס אָוו לייבאָר" (געגר. 1869, עקזיסט. ביז 1887) און „אמעריקען פעדעריישאָן אוו לייבאָר"; ס'האָט זיך באוויזן

אן אנארכיסטישע, אָדער ריכטיקער, א רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע באַ־וועגונג, וואָס האָט באקומען א נאָמען און אָפּקלאַנג איבערן לאנד אין פארבינדונג מיט דער העימאַרקעט טראגעדיע אין שיקאַגאָ אין 1886, און אין זעלבן יאָר האָט הענרי דזשאָרדזש דאָ אין ניו יאָרק אָנגעפירט א פּאָליטישן קאַמף אין נאָמען פון אַ „יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי״. אין 1892 האָט א סטרייק־כוואַליע פאַרפלייצט דאָס לאנד, אָבער די הערשנדיקע קלאַסן און די רעגירונג האָבן די מיליטאַנטישע ארבעטער־באַוועגונג אונ־טערדריקט מיט דעם ברוטאלן כוח פון באוואָפנטע סאָלדאַטן. פון קיין מעכטיקער, פאַראייניקטער און צילבאוואוסטער פּאָליטישער אַרבעטער־באַוועגונג איז נאָך אלץ אפילו קיין סימן ניט געווען. אין 1895 האָט די עס. על. פּי., אָנגעפירט פון א באדייטנדיקן מארקסיסטישן טעאָרעטיקער דעניעל דע ליאָן (1852־1914), געגרינדעט די „סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַלייענס״, אן אָרגאניזאציע פון טרייד יוניאָנס און פון פּאָליטישע גרופּירונגען וואָס האָבן געהאַט אַ סאָציאַליסטישע אָריענטאַציע. דע ליאָן האָט געגלויבט אין א שטרענג־צענטראליזירטער און מיליטאַנטישער אַר־בעטער־באַוועגונג. ער פלעגט שאַרף אָנגרייפן די ניט־פּאָליטישע טרייד־יוניאָניסטן ווי סעמיועל גאָמפּערס (1850־1924) און אנדערע פירער פון דער „אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר״, און פלעגט רודפן און אפילו ארויס־ווארפן פון דער פּארטיי די אלע וואָס האָבן זיינע אָנזיכטן ניט געטיילט. די „סאָשעליסט לייבאָר פּארטיי״ האָט אין די שפּעטערע 90ער יאָרן איבער־געלעבט א שפּאַלטונג, און די „סאָציאַליסטישע פּאַרטיי״ וואָס איז פון איר אַרויסגעקומען, ווי מיר וועלן דאָס באלד אויספירלעכער דערציילן, האָט שנעל פאַרשטופּט פון פאָדערגרונט די עס. על. פּי. אלס די אָנפירנדיקע סאָציאַליסטישע פּארטיי פון אמעריקע; אָבער דאָך איז אָט די נייע פּארטיי אויך ניט געווען א פּארטיי פון און פאַר די ארבעטער־מאסן גופא.

אונטערציענדיק א סך הכל פון אן 80־יעריקער אַנטוויקלונג (זינט 1828 און ביז 1908) פון דער פּאָליטישער זייט פון דער אמעריקאַנער אר־בעטער באוועגונג, קען מען זאָגן, מיט די ווערטער פון א. ש. זאקס, אז דער סאָציאַליסטישער געדאַנק איז אין אמעריקע גאנץ זעלטן געווען א פּראָדוקט פון דעם ארבעטער־קאַמף פאַר א בעסערן לעבן. על־פּי רוב זיינען אלע פאָרמען פון אָט דעם געדאַנק געקומען פון דער פרעמד, צוזאמען מיט די אימיגראַנטן, די הויפּט־טרעגער פון די דאָזיקע געדאנקען. די טרייד־יוניאָניסטישע באוועגונג האָט זיך דאָ אויסגעוואָקסן אין איינגאַרטיקע, ספּע־ציפישע פאָרמען; זי איז געוואַקסן אָפּגעזונדערט און אָן אַ זייט פון סאָציאַליזם. זי איז דערום ניט געווען באַפרוכטעט פון זיין שאַפנדיקן כוח, זי איז ניט געוואָרן באלויכטן פון זיינע ווייטע אומענדלעכע האָריזאָנטן און פון זיינע צוקונפט־אידעאלן; זי איז ניט באַנעצט געוואָרן פון זיינע אָפּפרישנדיקע,

אויפמונטערנדיקע מאַרגנטוי־טראַפּנס. זי איז געבליבן א טרוקענע פּראַק־טישע באַוועגונג פון היינט און האָט מיטן מאָרגן גאָרניט געהאַט צו טאָן.[6]

אַט אין אַזאַ צושטאַנד האָט זאַקס, געפונען די אַלגעמיינע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, ווען ער איז אָנגעקומען אַהער סוף זומער 1908.

ג

מיטן אָנקומען פון די גרויסע יידישע אימיגראַנטן־מאַסן אין די 1880ער יאָרן איז די מערהייט פון דער ראַדיקאַל־געשטימטער יידישער אינטעלי־גענציע, מיט איר טראַדיציע פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין צאַרישן רוס־לאַנד, צוגעשטאַנען צו דער איינפלוסרייכער צווישן די ראַדיקאַלע אימיגראַנטן אויבן דערמאָנטער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (עס. על. פּי.) די קלאַסן־באַוואוסטזיניקע יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען דערצויגן און געפירט געוואָרן פון אָט די יידישע אינטעליגענטן־ראַדיקאַלן, די גרינדער פון דער יידישער אַרבעטער־פּרעסע אין ענגלאַנד און אַמעריקע, זיינען אויך געווען אָנגעשלאָסן צו דער עס. על. פּי., חוץ יענעם טייל פון דער אויפגעקלערטער אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי די אידייען פון פּרודאָן, באַקו־נין און קראָפּאָטקין — די אָפּאָנענטן פון קאַרל מאַרקס׳עס שיטה, און האָבן געשאַפן אַנאַרכיסטישע פאַראיינען, ווי „די ריטער פון פרייהייט״ און אַנדערע. דער פירער פון דער עס. על. פּי., דע־ליאָן, זאָל האָבן מיט זיינע „דיקטאַ־טאָרישע״, אַנטי־דעמאָקראַטישע פירונגען אַרויסגערופן אין זיין אייגענער פּאַרטיי אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע צו זיך. דאָס איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון זיינע קעגנער, וואָס צווישן זיי זיינען געווען אַ סך יידיש־אימיגראַנטישע שרייבער און טוערס, ווי אַב. קאַהאַן און אַנדערע. דער אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי אין דער יידישער שפּראַך „דאָס אַבענד־בלאַט״ (1894־1902, פריער רעדאַקטירט פון פיליפּ קראַנץ און שפּעטער אַ קורצע צייט פון אַב. קאַהאַן), איז געלעגן, ווי די אָפּאָזיציע האָט זיך באַקלאָגט, אין די הענט פון אַ „קליקע״, וואָס לאָזט קיינעם ניט צו צום וואָרט. די „אישוס״ (שלאַג־ווערטער און שטרייט־פראַגן) פון די אינסורגענטן אין די רייען פון די עס. על. פּי. זיינען געווען „פאָלקס־פאַרוואַלטונג״ און „פרייע פּרעסע״, און כדי אָט די פּרינציפּן און לאָזונגען דורכצופירן איז אין 1897 געגרינדעט געוואָרן די טעגלעכע צייטונג דער „פאָרווערטס״. ער האָט געזאָלט זיין דער אָרגאַן פון אַלע די וועלכע האָבן געהאַט אַן אַנדערע מיינונג און ניט די פון דעם עס. על. פּי. פירער, דעניעל דע ליאָן, און די דעליאָניסטן. ער האָט געזאָלט זיין דער אויסדרוק פון אמת׳ער דעמאָקראַטיע אין דער באַווע־גונג, פון פאָלקס־פאַרוואַלטונג און פרייער פּרעסע. אונטער די דאָזיקע פיינע

פּרינציפּן זיינען, גאַנץ וואַרשיינלעך, געווען פאַרשטעקט מער פּראָזאַישע און פּערזענלעכע מאָטיוון, כוונות און אַמביציעס.[7]

די אָפּאָזיציע אין דער פּאַרטיי האָט אין זעלבן יאָר 1897 די עס. על. פּי. פאַרלאָזן און האָט אונטער דער פירערשאַפט פון געוועזענעם אייזנבאַן־אַר־בעטער און פלאַמנדיקן סאָציאַליסטישן אַגיטאַטאָר יודזשען וו. דעבס (1855־1926) געשאַפן א נייע פּאַרטיי — די „סאָשעל דעמאָקראַסי אָוו אַמעריקאַ", וואָס האָט, זינט 1901, געטראָגן דעם נאָמען „סאָשעליסט פּאַרטיי" (עס. פּי.). א מינאָריטעט פון יידישע סאָציאַליסטן איז געבליבן אין דער אַלטער עס. על. פּי., וועלכע האָט זינט 1900 אָנגעפאַנגען כסדר צו פאַרלירן איר אַמאָליקן פּאָליטישן איינפלוס. מיר וועלן דאָ אין א. ש. זאַקסעס אייגענע ווערטער איבערגעבן א קורצע באַשרייבונג פון דעם וואוקס און כאַראַקטער פון ראַדי־קאַליזם אויף דער יידיש־אַמעריקאַנער גאַס אין יענע צייטן, ד. ה. מיט א יאָר 40 צוריק.[8]

אין אָנפאַנג פון 20טן י"ה האָבן אָנגעהויבן אַהער אַריבערצוקומען מענטשן, וועלכע זיינען אין דער אַלטער היים געשטאַנען נאָענט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מאַנכע האָבן שוין דערשמעקט דעם טעם פון צו זיין א מיטגליד אין אַן אונטערערדישן קרייז, וואו מען האָט שטודירט קאַוטסקיס „ערפורטער פּראָגראַם" און באָגדאַנאָווס „עקאָנאָמישע לערע" און אַנדערע ביכער און ביכלעך מיט אַן אויפקלערנדיקן אינהאַלט. אָנגעהויכט מיט רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע אידייען, האָבן זיי דאָ אויף דער פרייער ערד און אונטערן נייעם הימל, געהאַט א גרויסן חשק פאַרטצוזעצן זייער היימישע זעלבסטבילדונג. אין אַלע שטעט און שטעטלעך האָבן זיי געגרינדעט אַרבעטער רינג ברענטשעס, פּראָגרעסיווע זעלבסטבילדונג קלובן, ליטעראַריש־דראַמאַטישע פאַראיינען, וואו מען האָט געלייענט און געלערנט און געטאָן קולטור־אַרבעט אויף אַלערליי געביטן. די לעקטאָרס זיינען געווען קאָנצענטרירט הויפּטזעכלעך אין ניו־יאָרק. קיין צענטראַל בילדונגס־קאָמיטע האָט נאָך דער אַרבעטער רינג ניט געהאַט און יעדער ברענטש אין דער קאַנטרי האָט געמוזט אויפן אייגענעם חשבון און מיט אייגענע כוחות אויס־שרייבן א לעקטאָר, א „גדול", פון ניו יאָרק. דאָס, פאַרשטייט זיך, זיינען ניט אַלע ברענטשעס אין דער פּראָווינץ געווען ביכולת צו טאָן. זיינען איניקע געגאַנגען פון סיראַקיוז, ראָטשעסטער, און באָפאַלאָ געפאַלן אויף דער המצאה צו גרינדן א צענטראַלע ביוראָ, וואָס זאָל זיך שטעלן אין פאַרביג־דונג מיט דערבייאיקע שטעט פון דער קאַנטרי, פון איין זייט, און מיט די ניו יאָרקער „גדולים" פון דער צווייטער זייט, אַזוי אַז מען זאָל אויסשרייבן א לעקטאָר ניט פאַר איין שטאָט און פאַר איין לעקציע, נאָר פאַר עטלעכע שטעט און פאַר עטלעכע לעקציעס מיטאַמאָל.

ארום 1905 אָדער 1906 איז אָפּגעהאלטן געוואָרן אין ניו יאָרק א קאָנ־פערענץ פון די געגנאַסן פון די שכנהשע שטעט און ס'איז באשלאָסן געוואָרן צו האָבן אזא צענטער. אזוי ווי די איניציאַטיוו פון דעם פלאַן איז געקומען פון די עס. פּי. (סאָציאַליסטישע פּארטיי) געגנאַסן, וועלכע האָבן געוואָלט האָבן דעם צענטער הויפּטזעכלעך פאר סאָציאַליסטישע לעקציעס און בכלל פאר סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע, איז באשלאָסן געוואָרן אָנצורופן דעם צענטער „יידישע אַגיטאציע ביוראָ". אלס סעקרעטאר פון דעם „ביוראָ" איז אויסגעקליבן געוואָרן מאקס קויפמאַן, א שניידער, אן ערלעכער, פרומער, ענערגישער געגנאַסע, וואָס האָט געוואָלט מיט אלע כוחות דינען אזא מין ציל: די קאָנטרי געגנאַסן זאָלן הנאה האָבן פון די רעדעס און לעקציעס פון די ניו יאָרקער באַרימטע געגנאַסן.

מ. קאויפמאַן האָט זיך גענומען צו דער ארבעט מיט א געוואלטיקן חשק. ער האָט געשריבן בריוו צו ארב. רינג ברענטשעס און צו איינציקע אָנגעזעענע געגנאַסן, וואָס זייערע אדרעסן אים האָט זיך איינגעגעבן צו קריגן, און האָט זיי געבעטן צו העלפן דער יידישער אַגיטאציע־ביוראָ. ער האָט געשריבן „פאָלקס־שטימען" אין „פאָרווערטס", און געזוכט דורך זיי צו באווייזן, ווי ווייט וויכטיק די אַגיטאציע־ביוראָ איז פאר דער באווע־גונג. דאָ האָט ער אָבער געהאט אן אנטוישונג. די אַגיטאציע־ביוראָ איז אין אָנהויב ניט געווען פּאָפּולער, און אין דער „פאָרווערטס" רעדאַקציע, הפּנים, האָט מען ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט געבן צופיל פּלאַץ פאר א זאך, וואָס מען ווייסט נאָך ניט, וואָס עס וועט דערפון אַרויסקומען. האָט זיך אָנגעהויבן א שטארקער פּאראיבל. דער סעקרעטאר און אנדערע נאָ־ענטע געגנאַסן פון דער אַגיטאציע־ביוראָ האָבן אין דער פירונג פון „פאָר־ווערטס" רעדאקטאָר, אב. קאהאן, געזען א פארגעוואלטיקונג פון „פרייער פּרעסע". מ. קויפמאַן און די איבעריקע געגנאַסן האָבן נאָך געדענקט דעם קאמף, וואָס איז אָנגעגאנגען אין די ניינציקער יאָרן אויף דער יידישער ארבעטער גאס קעגן דער דעמאָלט שטארקער עס. על. פּי. און דעם „אבענד בלאט", מחמת מ'האָט קיינעם דאָרט צום וואָרט ניט צוגעלאָזן. די אַגיטאציע־ביוראָ פירער, מ. קויפמאַן און אנדערע, האָבן אויך איצט אָנגעהויבן האָבן טענות צום „פאָרווערטס" למאי ער קימערט זיך ניט פאר דער סאָציאַליס־טישער באוועגונג און פארוואָס ער אונטערדריקט „פרייע פּרעסע". די „פאָרווערטס" רעדאַקציע האָט געטענהט: פריער שאַפט א באוועגונג און דערנאָך וועלן מיר אייך געבן „פּובליסיטי". און די טוער פון דער אַגי־טאציע־ביוראָ האָבן געשריען: ווי אזוי קאָנען מיר שאַפן א באוועגונג, אז מען אונטערדריקט אונז, אז מען דרוקט ניט אונזערע אויפרופן און אנדערע צושריפטן

בכלל זיינען דעמאָלט די קאַנטרי־געגאָסן געווען אייפּערזיכטיק אויף ניו יאָרק. זיי האָט זיך געדאכט, אז ניו יאָרק אונטערדריקט זיי, אז ניו יאָרק האַלט זיי פאַר „פאַרמערס״, וועלכע ווייסן קיין זאַך ניט און פאַרשטייען קיין זאַך ניט, און עס איז געווען אַ שטענדיקער ברוגז צווישן דער „קאַנטרי״ און ניו יאָרק. ניט געקוקט אַבער דערויף, וואָס די אַגיטאַציע־ביוראָ האָט ניט געהאט גענוג „פּובליסיטי״, וואָס מען האָט איר „אונטערדריקט״, — האָט זיך איר אין אַ קורצער צייט איינגעגעבן צו קאָנצענטרירן אַרום זיך כמעט אַלע יידיש־ריידנדיקע עס. פּי. ברענטשעס, ניט נאָר פון דער פּראָווינץ, נאָר אויך פון ניו יאָרק, און זי איז אויף דעם אופן געוואָרן דער אַגיטאַציע־צענטער פון די יידישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע.

ד

אין יענער צייט האָבן די שיקאַגער גענאָסן, יידישע סאָציאַליסטן, געזוכט צו גרינדן אַן אייגענעם פּרעסע־אָרגאַן. זיי האָבן, אגב, ניט געוואָלט אָנקומען צו „ניו יאָרק״, וואו מען טיילט זיי ניט איין דעם פּלאַץ, וואָס זיי פאַרדינען. אחוץ דעם זיינען אין שיקאַגאָ געווען איניקע גענאָסן מיט אַ נייגונג צו האַלטן אַ פעדער אין האַנט, וואָס האָבן געגאַרט זיך דורכריידן און אויסטענהן אויפן פּאַפּיר. די שיקאַגער גענאָסן האָבן אין אָנפאַנג געגרינדעט אַ בלעטל וואָס האָט געהייסן (ווי א. ש. זאַקס דערציילט אין זיינע אויבן־ציטירטע זכרונות) „דער נייער דור״ און האָט געטראָגן אַ ריין לאָקאַלן כאַראַקטער. קיין שרייבער האָט דער זשורנאַל ניט געקענט צוציען און האָט זיך געהאַלטן אַ גאַנץ קורצע צייט.

אין אַן אייגענעם יידישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן האָט מען זיך אָבער אין שיקאַגאָ שטאַרק גענויטיקט. אין יולי, 1908, האָט אָנגעפאַנגען צו דערשיינען די וועכענטלעכע „יידישע אַרבעטער וועלט״ מיט אַ גאַנץ ברייטן פּאַרנעם און אין דעם פאָרמאַט פון די גרויסע צייטונגען, צו 4 ביז 6 זייטן אין אַ נומער.

אין ניו יאָרק האָט מען אָנגעהויבן צו קוקן קרום, דערציילט א. ש. זאַקס, אויף דער „יידישער אַרבעטער וועלט,״ און די שיקאַגער גענאָסן אַלס פּאַטריאָטן פון זייער וואָכנשריפט פלעגן שטאַרק אָנגרייפן אין וואָרט און שריפט „ניו יאָרק,״ „וואָס טוט גאָרניט פאַר דער באַוועגונג און וויל נאָר זיין דער זעלבסטהערשער״.

אַזוי ווי די יידישע אַגיטאַציע־ביוראָ האָט זיך גענויטיקט אין אַן אָרגאַן, און „די יידישע אַרבעטער וועלט״ האָט זיך גענויטיקט אין מאַטעריעלער און מאָראַלער שטיצע, איז געשלאָסן געוואָרן צווישן זיי ביידן אַ שידוך. די „יידישע אַרבעטער וועלט״ איז געוואָרן דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער

יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ, און דער סעקרעטאר פון אַט דער ביוראָ, מאקס קויפמאַן, האָט זיך באַזעצט אין שיקאַגע. דאָרט האָט ער, אגב אורחא, געלעבט אין גרויס דחקות מחמת קיין שכירות איז ניט געווען פון וואנען צו צאָלן, און קיין ארבעט האָט ער ניט געקענט אָננעמען, ווייל די ביוראָ האָט צוגענומען זיין גאנצע צייט. דער „באָס" פון די יידישע גענאָסן אין שיקאַגאָ איז געווען מאָריס זיסקינד, א מענטש מיט א „האַלדז", ווי א. ש. זאַקס כאַראַקטעריזירט אים, וועלכער פלעגט ציען אַ גרויסן עולם צו די „אָפּען עיר מיטינגס" (וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין דער מאָדע), וואו ער פלעגט ריידן צו די מאסן. ער איז געווען זייער אקטיוו און האָט א סך געהאָלפן ביי דער גרינדונג פון דער „יידישער ארבעטער וועלט", וואו ער איז געוואָרן דער מענעדזשער.

דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט" איז געווען הלל ראָגאָף. עס זיינען פאָרגעקומען סכסוכים צווישן דעם מענעדזשער און דעם רעדאקטאָר, און די צייטונג האָט זיך געהאלטן ביים שליסן. אין א פּאָר חדשים נאָך זיין קומען אין אמעריקע האָט זאקס געקראָגן אן אָנבאָט פון שיקאַגאָ איבערצונעמען די רעדאקציע פון דער „יידישער אר־בעטער וועלט". ס'זיינען אָנגעגאנגען פארהאנדלונגען און אזוי ווי זאקס האָט שוין פון פריער געוואוסט, אז אין שיקאַגאָ איז דאָ עמיצער וועלכער „באָסע־װעט", איז די ערשטע באדינגונג וואָס זאקס האָט געשטעלט איז געווען, אז מען זאָל אים קודם כל צושטעלן א „דעקלאַריישאָן אוו אינדעפּענדענס" אין אלע רעדאקציאָנעלע ענינים. דאָס האָט מען אים געגעבן און ער איז געקומען קיין שיקאַגאָ צו פירן די צייטונג.

מיר וועלן דאָ ברענגען עטלעכע לענגערע ציטאטן פון זאקסעס זייער אויספירלעכן פּראָגראַם־ארטיקל (דער אויסלייג איז מאָדערניזירט) אין דער „יידישער ארבעטער וועלט" — פון 16טן אָקטאָבער, 1908.

---

די יידישע ארבעטער באוועגונג האָט שוין לאנג אויסגעטאָן אירע וויקל־קליידער. אירע קינדער־יאָרן, ווען עס איז געווען גענוג פּראָ־קלאַמאַציאָנע גאַרנישט זאָגנדע שיינע פראַזן, אום דאָס לעבן צו ערהאלטן, ליגן שוין הינטער איר. היינט שטעלט די יידישע באווע־גונג מיט זיך פאָר א אויסגעוואקסענעם יוגענדלעכן אָרגאניזם וועלכער פאָדערט געזונטע ממשות'דיקע גייסטיקע שפּייז. פארשידענע פאר־זיסטע ווערטער, הויכע מליצות אָן א שום נארהאפטן אינהאלט קענען אים שוין ניט באפרידיקן. די אונגעפאָרמטע מאסע מיט אירע אונ־באוואוסטע פאָדערונגען און שטרעבונגען פאנגט זיך אָן ביסלעכווייז אויסצוקריסטאליזירן און באקומט א געוויסע פאָרם און באקומט א

געוויסן אויסזען. דער אונקלאָרער פּראָטעסט־געפּיל איז אריבער אין א קלאָרע ציעל־באוואוסטע באוועגונג. די ארבעטער־מאסן פאנגען אָן פאַרבעטן צו בעקענען און לערנען זיך שוין אויס צו אונטערשיידן וואָס ס'איז אמת סאָציאליסטיש, און וואָס עס טראָגט נור דעם שיין, דעם שילד פון סאָציאליזם.

---

די גרויסע מחנות יידישע פּראָלעטאריער שמאכטען און לעכצען נאָך א אמת און ערנסט וואָרט... די באוועגונג וויל האָבן אן אָרגאן וועלכער זאָל דינען פאַר א וועג־ווייזער פאַר א באַנער־טרעגער, וועלכער זאָל הויך און שטאָלץ אויפהויבן די סאָציאליסטיש־דעמאָקראטישע פאָן פון אונזער פּראָלעטארישן קלאסן־קאמף.

און אזא אָרגאן, וועלכער זאָל דינען פאר א פייערדיקן זייל און העל באלייכטן אלע זייטן פון אונזער סאָציאליסטישער באוועגונג, אן אָרגאן, וועלכער זאָל אריינדרינגען אין די טיפסטע פארבאָרגנסטע ווינקעלעך פון אונזער ארבעטער וועלט, ווילן מיר איצט באשאפן.

די טעגלעכע סאָציאליסטישע פּרעסע קען אין בעסטן פאַל נור שפּילן די ראָליע פון דרדקי־מלמדים וועלכע האַלטן אין איין איבער'־חזר'ן דעם אלף־בית פון סאָציאליזמוס אויף פארשידענע ארטן און נסחאות. דער אנטוויקלטער ארבעטער פארלאנגט אָבער א סך מערער. ער וויל פאַרשטיין דעם אויסערגעוואוינלעכן קאָמפּליצירטן בוי פון אונזער היינטיקער קלאסן־געזעלשאפט. ער וויל זיך באקאנען מיט דער אויסערליכער פאָרמע... פון אונזער הערשנדיקער אָרדנונג. און באַפרידיקן אַזאַ באַדערפעניס איז אונזער טעגלעכע פּרעסע ביין בעסטן וועלן ניט אימשטאַנד.

---

און נאָך וואָס. מיר דארפן ניט פארגעסן, אז טאָג טעגלעך קומען צו אונז אריבער הונדערטער, טויזנטער גוטע בראווע גענאָסן פון אונזער אלטער היימאט — גענאָסען, וועלכע האָבן שוין באוויזן אז זיי זענען אימשטאנד מיט זייער פלייש און בלוט זיך צו אָפּפערן אויפן מזבח פון דער סאָציאליסטישער אידעע. אזעלכע אויסגעפּרובירטע קעמפער אריינגעעגנ(דיג) אין די רייען פון אונזערע מאסן וואָלטן געקענט זעהר פיל גוטעס טאָן, זיי וואָלטן שטענדיק געקענט אָבפרישן, באגייסטערן, אריינבלאָזן א רוח חיים אין אונזערע מחנות, באווייזן א מוסטער פון אָפּפערוויליקייט, פון מסירת נפש. אָבער מיר

מוזן פעסטשטעלן, אַז ניט נאָר זיי ווערן ניט די באַנער־טרעגער, נאָר זיי נעמען איבערהויפּט ניט קיין אַנטייל אין דער היגער באַוועגונג. אין די ערשטע צייטן פון זייער קומען לעבן זיי נאָך מיט די זכרונות פון דער אַמאָליקער שענערער ערהאָבענער טעטיקייט און קוקן אויף די אַמעריקאַנער באַוועגונג פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף עפּעס אַזוינס וואָס לוינט זיך ניט מיט דעם צו באַשעפטיקן ביז וואַנעט זיי ווערן איבערהויפּט גלייכגילטיק אָדער גייען אוועק אין אַן אַנדער לאַגער. (עפּעס ליגט אַ טיפער אָפּגרונט, אַ תהום צווישן די רוסלענדער און אַמעריקאַנער גענאָסן (באַטאָנט פון מיר — ה. ב.).

...אונזער אָרגאַן וועט זען צו דערנענטערן דיזע פאַרשידענע באַזונדערע טיילן פון אונזער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אַרמיי. ער וועט באַקאַנט מאַכן אונזערע ניי־אַריבערגעקומענע גענאָסען מיט די היגע אַנגעלעגנהייטן. ער וועט זיי קלאָר מאַכן די מיטלען און וועגן, ווי אַזוי דער קלאַסן־קאַמף ווערט דאָ אָנגעפירט. ער וועט זען צו באַלייכטן און אויפצוקלערן די אימיגראַנטן־גענאָסן, ווי זיך צו־צופּאַסן צום אַמעריקאַנער לעבן אום אויך דאָ נוצן צו ברענגען.

---

אַרויסגייענ(דיק) אין שיקאַגאָ, וועט אונזער אָרגאַן שענקען זייער פיל אויפמערקזאַמקייט צו לאָקאַלע אָרטלעכע פּערהעלטניסע פון דער וועסט בכלל און דער שטאָט שיקאַגאָ בפרט.... אונזער צייטשריפט מוז זיין דער מיטעלפּונקט, וואו אַלע פאַרשידנאַרטיקע שטראַלן פון אונזער באַוועגונג, סיי דער סאָציאַליסטישער, סיי דער טרייד־יוניאָניס־טישער, זאָלן זיך צונויפזאַמלען. די טעטיקייט פון יעדער שטאָט וועט געפינען אַן אָפּקלאַנג, אַ ווידער־קול ביי אונז אַזוי אַז יעדערער וועט זיין אימשטאַנד אַליין צו ציען אַ סך הכל פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעט און באַקומען אַ באַגריף פון דעם וואוקס פון אונזער באַוועגונג אין אונזער לאַנד.

זיין פּראָגראַם־אַרטיקל האָט משמעות שטאַרק אויסגענומען ביי די גענאָסן איבערן לאַנד, הגם ניט אין „ניו יאָרק", און מען האָט אָנגעהויבן זיך וואַרעם אָפּצורופן אויף דער „יידישער אַרבעטער וועלט". עס האָבן אָנגעהויבן קומען טשעקס און דערמוטיקונגען פון אַלע טיילן פון לאַנד און די צייטונג, וואָס איז געווען דעמאָלט די איינציקע סאָציאַליסטישע (סאָצ. דעמאָקראַטישע) וואָכנשריפט אין אַמעריקע, איז פּאַקטיש געוואָרן דער אָרגאַן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין אַ סך שטעט

און שטעטלעך האָבן זיך געגרינדעט ספּעציעלע „יידישע ארבעטער וועלט״ פאַראיינען, וואָס זיינען געוואָרן אומזיסטע געטרייע אַגענטורן צו פאַר־שפּרייטן די צייטונג, מאַנען פאַר איר געלט און מאכן פאַר איר אונטער־נעמונגען, א. אז. וו. אין שיקאַגאָ גופא האָט די אידעאַליסטישע סאָציאַליס־טישע יוגנט אָפּגעגעבן איר פרייע צייט, אירע אָוונטן און זונטיקס, ווען די ענטוזיאסטן פלעגן גיין פון הויז צו הויז „פּעדלען״ מיט דער צייטונג, איר פאַרקויפן, קלייבן אַדוועורטייזמענטס (אָן קאָמישאָן, פאַרשטייט זיך). זיי האָבן געאַרבעט מיט א געוואַלטיקער מסירת נפש, כדי אונצוהאַלטן די „יידישע ארבעטער וועלט״, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייער איינציק קינד, פאַר וועלכן זיי האָבן ניט געקאַרגט קיין געלט און קיין צייט און געבראַכט אַלערליי קרבנות.

אדאנק דער צייטונג האָט די שיקאַגער באַוועגונג שטאַרק אויפגעלעבט. עס האָט זיך געגרינדעט פון דער יוגנט א „זעלבסטבילדונג קלוב״, וואו עס האָבן אָנטייל גענומען די בעסטע עלעמענטן פון די יוגנטלעכע. דער קלוב האָט געשטיצט די צייטונג אויף אַלערליי געביטן און מיט אַלע מיטלען.

ביי זאַקסעס אָנקומען אין שיקאַגאָ, אין די פּריוואַטע געשפּרעכן נאָך פאַר דעם אָפיציעלן קבלת־פּנים, האָבן אים די גענאָסן געהאַלטן אין איין דערציילן, ווי אַזוי „ניו יאָרק״ אונטערדריקט זיי, אַז מען וויל אפילו ניט דרוקן די אַדוועורטייזמענטס פון דער צייטונג, און די צייטונג וועט מוזן פירן א קאַמף קעגן „ניו יאָרק״. צווישן די ראשי המדברים אין אָט די פּריוואַטע געשפּרעכן איז געווען דער אויבן דערמאָנטער מענעדזשער פון דער „יידישער ארבעטער וועלט״, מאָריס זיסקינד, וועלכער איז, שפּעטער געוואָרן דער הויפּט־מענעדזשער פון „פאָרווערטס״ אין שיקאַגאָ. זאַקס האָט אפילו ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי אייגענע סאָציאַליסטן, מעגן זיי אפילו וואוינען אין ניו יאָרק, זאָלן קאָנען אונטערדריקן א סאָציאַליסטישע צייטונג, אָבער מען האָט אים געוויזן מיט אותות און מופתים, אַז עס איז אַזוי. אַז די „יידישע ארבעטער וועלט״ האָט אָנגעהויבן צו האָבן א דערפאָלג סיי פינאַנציעל און גייסטיק, איז זי געוואָרן נאָך א גרעסערער דאָרן אין די אויגן פון „ניו יאָרק״. זאַקס האָט עס תיכף באַמערקט, אָבער וואָס די אורזאַך איז געווען — צי די מורא פאַר קאָנקורענץ, צי אויס קנאה פאַר דער גייסטיקער ממשלה איבער דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — דאָס איז פאַרט פאַר אים ניט געווען אינגאַנצן קלאָר. און אויף אַזאַ אופן האָט דער סכסוך צווישן „שיקאַגאָ״ (און מיט איר האָט געהאַלטן די „קאַנטרי״ און טיילווייז אויך ניו יאָרקער סאָציאַליסטן) און ניו יאָרק האָט זיך שטאַרק פאַרשאַרפט.

די אימיגראַציע פון די היימישע רעוואָלוציאָנערן איז געווען גאַנץ שטאַרק און די „יידישע אַרבעטער וועלט״, וואָס האָט זיך געהאַלטן אָן די היימישע טראַדיציעס, האָט אין זיי געקראָגן נייע אַגענטן און בכלל איבער־געגעבענע פריינט. מיט אַ פּאָר מאָנאַטן נאָך זאַקסעס קומען קיין אַמעריקע איז געקומען קיין ניו יאָרק צביון, אַ באַקאַנטער בונדיסטישער טוער און שרייבער. ער איז גאָר אינגיכן געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „פאָרווערטס״. ער איז אָבער אויך געווען איינער פון די מיטאַרבעטער אין זאַקסעס „יידישער אַרבעטער וועלט״. אין דער זעלביקער צייט איז אַהער געקומען ב. וולאַדעק (1886־1938), מיט אַ רעפּוטאַציע פון אַ שיינעם רעדנער, אַלס „יונגער לאַסאַל״.

ניו יאָרק האָט וולאַדעקן געגעבן אַ זייער קאַלטן קבלת־פּנים, דערפאַר האָט אָבער שיקאַגאָ, דערהויפּט די „יידישע אַרבעטער וועלט״, אים שטאַרק מקרב געווען. דאָס האָט מער געקרענקט „ניו יאָרק״, וואו מען פלעגט האַלטן אין איין חוזק מאַכן פון דער „גרינער״ צייטונג, פון איר „גרינעם״ רעדאַקטאָר (דאָס האָט מען געמיינט זאַקסן), און פון דעם „גרינעם״ (אַנ־שטאָט דעם „יונגען״) לאַסאַל. שיקאַגאָ האָט, פאַרשטייט זיך געגעבן חזרה, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מחלוקה, אַ פּאָלעמיק, צווישן די „גרינע״ און די „געלע״ — אַ פּאָלעמיק, וואו די „גרינע״ האָבן פאַקטיש געזיגט אין דער באַוועגונג. די „גרינע״ האָבן אפילו איינגענומען ניו יאָרק. ווינטער 1908 איז אין ניו יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די יידישע געזאָסן, פאַרטרעטער פון 120 אָרגאַניזאַציעס. דאָרטן איז שטאַרק דיס־קוטירט געוואָרן דער סכסוך צווישן „שיקאַגאָ״ און „ניו יאָרק״, און די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון שיקאַגאָ. דאָס האָט זי אויסגעדריקט אין אַן אָפיציעלער באַגריסונג־טעלעגראַמע צו דעם „גרינעם״ רעדאַקטאָר פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט״, וואו מען האָט אים געגעבן מוט און די פאַרשפּרעכונג, אַז זיי, די סאָציאַליסטן, וועלן אים אונטערשטיצן אין קאַמף. אין גרונט איז דער גאַנצער קאַמף געפירט געוואָרן אַרום דער פראַגע פון די געלע מעטאָדן פון דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע, אויף וועלכע אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון ניו יאָרקער „פאָר־ווערטס״, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזאַ בריה, און וועלכע א. ש. זאַקס האָט שאַרף אַטאַקירט און באַקעמפט אין אַ סעריע אַרטיקלען אין דער „יידישער אַרבעטער וועלט״. דאָס האָט אים געשאַפן אַ סך שונאים אין די יידישע סאָציאַליסטישע פירערשע קרייזן, מיט אַב. קאַהאַן בראש, אָבער זאַקס האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן און מוטיק געגאַנגען זיין וועג כל זמן דער ציל איז געווען אין זיינע אויגן אַן עכט־סאָציאַליסטישער און יושרדיקער.[9]

די „יידישע אַרבעטער וועלט״ האָט געהאַט צווישן אירע שטענדיקע מיטאַרבעטער דעם באַרימטן שרייבער־דראַמאַטורג יעקב גאָרדין (1853־

1909), מאָריס ווינטשעווסקי, ד״ר יצחק אייזיק הורוויץ, ד״ר אב. קאַספּע, יעקב מילך, ל. ב. בודין, ה. בורגין, דר. ספּייער, דר. פאַרענבערג, וו. עדלין, ה. אַלעקסאַנדראָוו און אַנדערע אַמעריקאַנער גענאָסן, וועלכע זיינען שטענ־דיק געווען אין דער מחנה פון די קעגנער און באקעמפּער פון די געלע מעטאָדן פון „פאָרווערטס״. צווישן די מיטארבעטער פון דעם „גרינעם״ לאַגער זיינען געווען: ב. וולאַדעק, צביון, י. ב. סאַלוצקי, ליליפּוט, שנייפּאַל, מ. טערמאַן, ש. עפּשטיין און פיל אנדערע. צווישן די אויסלענדישע מיט־ארבעטער זיינען געווען: פּ. ליבמאַן, (שפּעטער, אונטערן נאָמען פּראָפעסאָר הערש, לעקטאָר איבער סטאטיסטיק אין זשענעווער אוניווערזיטעט), מ. אַלגין, פישל קויגן (יונה), און פילע אנדערע אַנגעזעענע סאָציאליסטישע טוער און שרייבער. מיט אזעלכע מיטארבעטער און מיט דער גרויסער סימפּאטיע פון דער „רענק ענד פאיל״ איז די „יידישע ארבעטער וועלט״ געווען גענוג שטארק אויסצוהאַלטן די אטאקעס, וועלכע זיינען געקומען פון די „געלע״.

מיר וועלן דאָ ברענגען צוויי בריוו, פון באַרימטע יידישע שרייבער, וואָס קענען דינען ווי אַ באווייז פון דער גרויסער אכטונג, וואָס די ליטערא־רישע און סאָציאליסטישע וועלט האָט אין יענער צייט געשפּירט צו דער שיקאַגער צייטשריפט. דער ערשטער בריוו, פון יעקב גאָרדין, איז געשריבן געוואָרן מיט צוויי חדשים פאר זיין פריצייטיקן טויט.

יעקב מ. גאָרדין
256 מעדיסאָן סטריט
ברוקלין, נ. י. אַפּריל 20, 1909

פריינד זאקס!

איך בין ערשט געקומען פון „קאַנטרי״ וואוהין איך בין געפאָרן זיך ערהאָלן און האָב זיך ניט ערהאָלט — און איך שיק אייך מיין פארשפּעטיקטן ענטפער. מיט פארגעניגן וואָלט איך עטוואָס אָנגע־שריבן פאר אייער מאַי נומער, אָבער, לײדער, איך קען ניט. איך שרייב ניט א גאנץ ווינטער. מיין אָרימע פעדער איז פערראַסטעט געוואָרן און פון מיר אליין איז געוואָרן א תל....

(־) יעקב גאָרדין.

און אָט איז א בריוו פון מאָריס ווינטשעווסקי, פון דער זעלבער צייט (21טער אפּריל, 1909):

ליבער ברודער!

איך שיק אייך פאַר אייער מאַי־נומער א געדיכט וועלכעס מעג זיך האָבן מאסען פעהלערן, אָבער איז ארויסגעקומען כמעט מיט בלוט פון מיין הארצען.

איך האָב פּרובירט רעפּראָדוצירן דעם 20 יאָרהיגען בן־נץ.

מיינע בעדינגונגען:

1) על מנת שלא לקבל פּרס: דאָס איז מיין מתנה פאַר אייך און פאַר אייער צייטונג אויב עס איז גוט, און אויב ניט, איז עס גאָרנישט ווערטה.

2) עס טאָר ניט אריינקומען א הונדערטסטעל פון א דרוקפעה־לער; עס טאָר ניט פעהלען א קאממע אָדער אריינגעהן א איבעריגער ה אָדער ע — לאָזט צ. ב. ניט מאַכען זיפצעט פון זיפצט וכדומה.

3) אויך מעגליך פּייקאַ און דאָפּפּעל קאָלום ליינס ווי איך דרוק שירים אין דער „צוקונפט".

4) ניט צוקלאַפּן אויף עטליכע קאָלומס.

5) אויף די פּיערטע, אָדער פינפטע פּיידזש.

---

א הערצליכען גרוס אייך און די גענאָסען. האָב איך פיעל צו זאָגען, אָבער ניט די צייט דערצו.

אייער

מ. ו.

אָבער אין דער צייט ווען די שענסטע און איידלסטע גייסטער אויף דער יידישער גאס האָבן מיט אזא רעספּעקט זיך באצויגן צו דעם „גרינעם" רעדאקטאָר און זיין זשורנאַל, האָט זאקס אליין אָפּגעהיט מיט דער גרעס־טער פאָרזיכטיקייט די ריינקייט און הייליקייט פון זיין הויכן געזעלשאפט־לעכן אידעאַל — דעם סאָציאַליזם, אָפּטמאָל מיט די גרעסטע פערזענלעכע מאַטעריעלע קרבנות פאַר זיך אליין. אָט, למשל, האָט ער לייכט געקענט געניסן פון א שריפטשטעלערישן פאַרדינסט דורך אונטערהאנדלונגען וואָס ער האָט פאַרקניפּט מיט דעם טרויעריק־באַקאַנטן א. מ. עוואַלענקאָ, ארויס־געבער פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטעק". אָבער גראד האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען מכח יענעמס שייכות צו דער רוסישער געהיים־פּאָליציי וואָס זיינען באלד אין זייער גאנצער מיאוסקייט באַשטעטיקט געוואָרן, ווען בורצעוו האָט אויפגעדעקט עוואַלענקאָו'ן ווי אן אַגענט פון דער רוסישער אכראנקע. כאראקטעריסטיש איז דער פּאַל־גענדער בריוו פון עוואַלענקאָ צו א. ש. זאקסן אין שיקאַגאָ, וואָס ווארפט א שיין אי אויף דער שטרענגקייט פון זאקסן אין אזעלכע ענינים אי אויפן

מיזעראבעלן נפש׳ל, עוואַלענקאָ, וואָס האָט אזוי לייכט געזוכט צו פאַר־שלעפּן אין זיינע נעצן דעם נאַר־וואָס אָנגעקומענעם און מיט די אמערי־קאנער פירונגען נאָך שוואך באקאנטן סאָציאַליסטישן וואָרט־פירער און טוער, א. ש. זאַקס. (דאָ ווערט דער דאָזיקער בריוו אָפּגעדרוקט אין אַ בוכ־שטעבלעכער יידישער איבערזעצונג פון רוסישן אָריגינאַל):

A. M. EVALENKO
102-104 W. 38th Street

New York, Sept. 21, 1909

געערטער מר. זאקס:

איך האָב אויף אייך געוואַרט, ווי איר האָט מיר געשריבן, ביזן 7טן־9טן סעפּטעמבער. כ׳פאַרשטיי ניט די אורזאַך פון אייער שטילשווייגן. אויב די אורזאַך ליגט אין די קלאַנגען און שמוציקע אַטאַקעס אויף מיין נאָמען, דאַן איז ניטאָ אויף וואָס צו וואַרטן, שיקט מיר צוריק מייע 50 דאָלאַר און כ׳וועל צו אייך קיין זאַך ניט האָבן. אָבער צו שווייגן האָט איר אין קיין פאַל קיין רעכט ניט. ביי מיר זיינען פאַראַן אַנדערע אַרבעטן, און איר מעגט מיר גלויבן, אז כ׳וועל ווייטער אָנגיין אויף מיין וועג ווי פריער, ווייל מיינע געשעפטן, אריינגערעכנט די פאַרלעגערישע טעטיקייט, הענגען לחלוטין ניט אָפּ ניט פון דער רוסישער רעגירונג, ניט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע איז ניט געווען בכח מיר צו געבן ניט קיין פרעסטיזש, ניט קיין נאָמען, ניט קיין פאַרבינדונגען. ס׳וועט קומען די געהעריקע צייט און כ׳וועל האָבן עפּעס צו זאָגן אין דער פּרעסע וועגן אָט דעם ענין. אין יעדן פאַל, וויל איך, אין באַצוג צו אייך, אומגעזאמט וויסן אויף וועלכער וועלט איך בין, כ׳קען מער און וויל מער ניט וואַרטן.

מיט אומגעדולד דערוואַרט איך אייער ענטפער.

אייער זיך ניט בייטנדיקער ,

א. עוואלענקאָ

ה

סוף ווינטער, 1908־1909, האָט זאקס באַקומען פון ב. צביון פון ניו יאָרק א „ספּעשעל דעליווערי״ בריוו מיט דער ידיעה, אז אין „פאָר־ווערטס״ האָט אויסגעבראָכן א שרייבער־סטרייק, און צביון האָט געבעטן זאקסן, מען זאָל וועגן דעם לאָזן וויסן דעם ברייטן עולם. דער בריוו איז אָנגע־קומען דאָנערשטיק אינדערפרי. דער נומער „יידישע ארבעטער וועלט״ פון 12טן מערץ, 1909, איז שוין געווען געשלאָסן. א סטרייק אָבער! א סאָציאליסטישע צייטונג מוז זיך אָננעמען פאַר די סטרייקערס! איז זאקס ניט־טויט, ניט־לעבעדיק געלאָפן אין דער דרוקעריי, וואו אים איז ניט לייכט אָנגעקומען צו עפּענען איבערנייס די „פיידזש״ און אריינשטעלן אויף דער ערשטער זייט א נאָטיץ וועגן דעם סטרייק.[10] דאָס האָט אונטערגעגאָסן

אויל אויפן פייער, און מען האָט אין ניו־יאָרק געזוכט צו אונטערדריקן די „יידישע ארבעטער וועלט" מיט כשרע און ניט־כשרע מיטלען.

איבערהויפט האָט מען געשיקט שליחים מיט טענות צו דעם מענעד־זשער פון דער „יידישער ארבעטער וועלט" (מען האָט געוואוסט, אז ביים רעדאקטאָר, זאקס, וואָלט מען עס סיי־ווי־סיי ניט געפועלט), מען זאָל ניט דרוקן צביונען, אויף וועלכן מען האָט געשאָטן שוועבל און פעך, אים אָנגערופן מיט אלערליי נעמען. די טענות־מענות האָבן אָבער אויף זאקסן ניט געווירקט. דער מענעדזשער, זיסקינד, איז שוין געוואָרן אביסל וויכ־לעך און איז געווען געניינגט אָנצונעמען א „ניו יאָרקער אָריענטאציע", אָבער דער „גרינער" רעדאקטאָר האָט זיך פארעקשנט און האָט דעם „בונ־טאָווטשיק" צביון געגעבן נאָך מער פּלאַץ און מער מעגלעכקייט צו שרייבן אין דער „יידישער ארבעטער וועלט". דאָס האָט די מערכה פון זאַקסעס וואָכנשריפט נאָך פאַרערגערט, און מען האָט געזוכט פרישע מיטלען אונטערצוגראָבן די אינסורגענטישע צייטונג, מאכן ענג דעם פלאַץ פארן רעדאקטאָר און זיינע מיטארבעטער. דער מענעדזשער איז אריבער אויף דער זייט פון „ניו יאָרק" און האָט אָנגעהויבן שרייבן, אז די „יידישע ארבעטער וועלט" מאכט אָן מחלוקות אין דער באוועגונג. זיינע געשרייען האָבן אָבער ניט געווירקט, און ווען די אינערלעכע סכסוכים צווישן דעם רעדאקטאָר און דעם מענעדזשער זיינען געוואָרן צו־שארף, האָט די „יידישע ארבעטער וועלט" פּרעס פעדערריישאָן באשלאָסן אָנצושטעלן אן אנדער מע־נעדזשער, וועלכער זאָל מער ניט שטערן זאקסן אין פירן זיין פּאָליסי.

אינטערעסאנט פאַר דעם דעמאָלטיקן צושטאנד פון דער באוועגונג אין ניו יאָרק גופא, און ווי אַן אויסדרוק פון וולאדעקס בליק (ער איז געווען נאָך דאן א קורצע צייט אין אמעריקע) אויף דעם סכסוך צווישן „ניו יאָרק" און „שיקאגאָ", איז אָט דער בריוו פון ב. וולאדעקן צו זאקסן.

ב. י. אפּריל, 21, 1909

בעסטער זאקס!

אייער בריעף האָב איך באַקומען און איך שיק אייך דאָ א קליין ארטיקעלע. איך האָב עס געשריבן מיט הארץ און דערפאר וועט ער דאָ קלינגען עטוואָס פרעמד, דאַכט זיך אָבער עס איז שען.

און איהר זענט נאָך אלץ פערנומען, שרעקליך פערנומען, איי־בער'ן קאָפּ פערנומען? און איהר האָט נאָך אלץ ניט מיט וועמען אָפּצורוהען און פיהלען זיך אביסעלע היימיש? איך גאָט טאקע מעג זיך אויף אייך דערבארעמען.

אין ניו יאָרק — שטינקט, אין אלע זינען. די שרייבער קאָנקורירן אין טאַקטלאָזיקייט און נארישקייט מיט'ן פאָרווערטס, דער פאָרווערטס מיט די שרייבער, זיי מיט משה'ן — עס איז ליהודים! און איך האלט אין איין פארשטעקען נאָז און אויערן. אין א גראַמערע צייט וועל איך אייך אלץ באַשרייבן באריכות. און ווי איז אייך געפעלן דעם פ״ס אנמערקונג צו וואָלאס'עס בריעף?... (עטלעכע פערזענלעכע באמערקונגען וועגן פריוואטע ענינים פון א פאָר יחידים)...

גערוסט הערצליך ד״ר ספייער, זיין פלונית'טע, יענטע סערדאצקי, די טייגער'ס, מיסס ברוידא, זיסקינד'ען, קויפמאנ'ען, אלטשולען א. אז. וו. דרך אגב, קענטיג אז פון זייער פאָרשלאג צו מאכען מיט מיר א טור האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן, ווייל זיי שרייבען מיר אבסאָלוט גאָרנישט. אין מאי־צוקונפט געהט דאכט זיך צביונ'ס א גרויסער אַרטיקעל איבער דער אגיטאציאָנס־ביוראָ.

בו, זייט מיר שטארק און געזונד, שרייבט עפטער און מעהר, וועל איך אייך אויך אָפט און פיעל שרייבען.

אייער (־) וולאדעק

פּ. ס. אויב אייערע קענען מיר אַרויסשיקן אַ פּאָר דאָלער איז אַל רייט — איך בין איצט א היבשער נצרך.

אין „צוקונפט", פון מאי, 1909, האָט צביון ווירקלעך אָפּגעדרוקט א לענגערן ארטיקל, וואָס ווערט דערמאָנט אין וולאַדעקס בריוו צו זאקסן. צום סוף פון זיין ארטיקל שרייבט צביון:

די „יידישע אגיטאציאָנס ביוראָ" דארף איצט און טאָר ניט בעגרינדעט ווערן מיט דער שפראך־פראגע. זי דארף זיין אידיש ניט נור מיט דער שפראך, נאָר הויפּטזעכליך מיט דעם, וואָס זי וועט זיך צופּאסען צו דעם לעבן פון אידישן ארבעטער, און דאָס לעבן פון אידישן ארבעטער באשרענקט זיך ניט מיט דעם בלויזן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאמף. יאָ, אויך דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער קאמף פון דעם אידישן ארבעטער קומט פאָר אין אנדערע ראמען און אין אַנדערע פערהעלטניסע און ער האָט זיך זיינע אייגנטימליכע באַדינגונגען, וואָס נאָר א אידישע־סאָציאליסטישע אָרגאניזאציאָן איז פעאיק זיי אויסצושטודירן און זיך צו זיי אָנצופּאסן. אָבער דאָס לעבן פון דעם אידישן ארבעטער ווערט נאָך ניט אויסגעפילט פון דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאמף אליין. ער אינטערעסירט זיך אויך מיט

אלע אנדערע ערשיינונגען אין געזעלשאפטלעכן לעבן. און די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי, אלס פּארטיי פון דעם ארבעטער־קלאס מוז זיך באשעפטיקן מיט דעם גאנצן לעבן פון ארבעטער, זי מוז זיין מיט אים אָרגאניש פארבונדן, און דאָס קען נור עררייכט ווערן דורך א אידישע סאָציאליסטישע אָרגאניזאציאָן, וואָס אזעלכע קען ווערן די „אידישע אגיטאציאָנס ביוראָ״.

און צביון פארענדיקט זיין ארטיקל מיט אזעלכע באמערקונגען וועגן דער שיקאַגאָר „אידישע אַרבעטער וועלט״:

די פּרעסע איז זעהר א וויכטיגעס מיטל, אויב ניט דאָס וויכ־טיקסטע מיטל, צו פארוואנדלען די איצטיקע „אידישע אגיטאציאָנס־ביוראָ״ אין אן אמת׳ע נאציאָנאלע סאָציאליסטישע אָרגאניזאציאָן, און דאָ קומט די שיקאגאָ׳ער „אידישע ארבעטער וועלט״.

וועגן דער שיקאַגער „אידישע אַרבעטער וועלט״ וואָלט מען גע־דארפט רעדען באזונדער. די צייטונג מיט איהר אויסגעהאלטענער סאָציאל־דעמאָקראטישער ריכטונג, ריינקייט און ערנסטקייט האָט עס געוויס פערדיענט. מיר האָבען זיך געדארפט פערהאלטען צו איהר א סך אויפמערקזאַמער און מיט אַ פּך מעהר ליבע, ווי מיר טוען עס. אָבער דאָ אין דעם ארטיקל איז גראָד ניט דער פּלאץ זיך אָפּצושטעלן ספּעציעל וועגן דעם. עס דארף נור געזאָגט ווערן, אז די „אידישע ארבעטער וועלט״ איז דער יעניגער אָרגאן, וואָס דארף בעמען אויף זיך די אויפגאבע און זיך מאכן צום ציעל אוועקצושטעלן די „אידישע אגיטאציאָנס־ביוראָ״ אויף איהר הויך, אויף וועלכער זי דארף שטעהן.[11]

די „אידישע ארבעטער וועלט״ און די „אידישע אגיטאציע־ביוראָ״ וואָס זיינען געלעגן אין חרם ביי „ניו יאָרק״ האָבן געטאָן זייער ארבעט, זיינען געווען פּאָפּולער ביי די גענאָסן און קיינע סטראשונקעס פון „ניו יאָרק״ און קיינע אינטריגעס פון אינעווייניק האָבן ניט אָפּגעשוואַכט די קאַמפּלוסטיקייט פון דער צייטונג און פון אלע די, וועלכע זיינען ארום איר געשטאַנען. אין „ניו יאָרק״ האָט מען אָבער געזוכט אלערליי תחבולות, ווי אזוי פּטור צו ווערן פון דער „שיקאגער צרה״, האָט מען זיך באראטן און באשלאָסן, אז מען מוז קודם כל אריבערנעמען די יידישע אגיטאציע־ביוראָ קיין ניו יאָרק. דערמיט האָט מען געמיינט אָפּצוציען דעם ווינט פון די זעגלען פון די „גרינע״ מיט א. ש. זאקסן בראש. דער קאמף צווישן די „גרינע״ און „געלע״ האָט זיך אָבער נאָך מער צעפלאקערט. וולאדעק איז געווען דער רייזנ־

דיקער אגיטאטאָר און אָרגאניזאטאָר פון דער יידישער אגיטאציע ביוראָ, קעגן דעם ווילן פון „ניו יאָרק". די „יידישע ארבעטער וועלט" האָט אים אונטערשטיצט, האָט געגעבן פּלאַץ ב. צביונען און האָט זיך געטאָן איר ארבעט און האָט זיך ווייניק וואָס גערעכנט מיט „ניו יאָרק".

אין סעפּטעמבער, 1909, איז אין פילאדעלפיע פאָרגעקומען א קאָנ־ווענשאָן פון דער „יידישער אגיטאציע ביוראָ". זאַקס איז געווען איינער פון די צוויי שיקאגער דעלעגאטן (דער צווייטער איז געווען דער שפּעטערדיקער מענעדזשער פון שיקאגער „פאָרווערטס", לעווענסאָן). זיי ביידע האָבן דאָס באדארפט זיין די פעלדמארשאלן פון די קאָנטרי־סאָציאליסטן קעגן די „ניו יאָרקער" אטאקעס. אחוץ זיי זיינען געווען די אקטיווע קעמפער אין דעם „גרינעם לאגער" מאָריס ווינטשעווסקי, ב. וולאדעק און כמעט אלע טעטיקע געגנאָסן — דעלעגאטן פון ברענטשעס אויסער ניו יאָרק. צביונ'ען האָט מען דעמאָלט צום פּסוק ניט צוגעלאָזן, און אחוץ זיין מיטארבעטערשאפט אין דער „יידישער אַרבעטער וועלט" האָט ער קיין זאַך ניט געקאָנט טאָן, און זיכער ניט אויפטאָן, אין דער באוועגונג. ער איז געלעגן אין חרם און איז געשטאַנען מחוץ למחנה.

ווען זאַקס איז געקומען ערב דער קאָנווענשאָן אין פילאדעלפיע, האָט ער שוין געפונען די „ניו יאָרקער" און זייערע ארויסהעלפער. דער הויפּט־רעדלפירער פון דער „ניו יאָרקער" דעלעגאציע איז געווען גענאָסע מ. גיליס (געשט. 1939), וועלכער פלעגט שטענדיק זיין אַקטיוו אין דער באַוועגונג פלעגט זיך תמיד לאָזן געפינען, וואו נאָר מען האָט באדארפט זיין געלט־שטיצע, זיין ראט און טאַט. אחוץ אָט דעם יידישן סאָציאליסטישן „ביס־מארק", ווי מען פלעגט גיליסן רופן, זיינען געווען אלס דעלעגאטן נאָך 6־7 גענאָסן פון און ארום ניו יאָרק, צווישן זיי אויך א. שיפּלאקאָוו — דער ניו יאָרקער קאנדידאט פאר סעקרעטאר פון אגיטאציע־ביוראָ קעגן מ. קויפמאנען.

גיליס האָט אין פּריוואטע געשפּרעכן גענומען ריידן צו זאקסן און אויך צו וולאדעקן, ריידן און איינריידן, זיי זאָלן מסכים זיין צו דער רעזאָלוציע, וואָס די „ניו יאָרקער" גענאָסן וועלן אריינברענגען מכח אריבערצופירן די אגיטאציע־ביוראָ פון שיקאגאָ קיין ניו יאָרק. ער האָט פארשפּראָכן אלערליי גליקן. ביי זאקסן האָט ער עס ניט געפועלט; ביי וולאדעקן — יאָ. מיט ווינטשעווסקין האָט גיליס קיין פארהאנדלונגען ניט געפירט, ווייל ווינטשעוו־סקי איז דעמאָלט געווען פארבונדן מיט דער טעגלעכער צייטונג (אונטער לואי מילערס רעדאקציע) „ווארהייט" און איז ניט געווען כשר גענוג פאר די „ניו יאָרקער".

די „ניו יאָרקער" האָבן ארויסגעשטעלט אלס באגריסער אויף דער קאָנווענשאָן די אלע גדולים זייערע, ווי אב. קאהאן, דעם רעדאקטאָר פון

„פאָרווערטס", ב. פייגענבוימען, דעם שפעטערדיקן סאָציאַליסטישן קאָנ־גרעסמאַן מאיר לאָנדאָן (1926-1871), וועלכער האָט דעמאָלט געהאַלטן איינע פון זיינע שיינע רעדעס וועגן סאָציאַליזם און וועגן דער נויטיקייט, עס זאָל הערשן אחדות אין דער באַוועגונג. א פּאָר ניו יאָרקער באַגריסער האָבן זיך ניט געקאָנט באַהערשן און האָבן אין זייערע רעדעס אָנגעגריפן די שיקאַ־גער צייטונג, דעם „גרינעם" רעדאַקטאָר, דעם „גרינעם לאַסאַל" און די „בונטאָווטשיקעס", וועלכע האָבן ניט קיין אַנדער זאַך אין זינען, ווי צו קריגן שטעלעס. „זאָל מען זיי נאָר געבן אַ דזשאָב, און זיי וועלן זיך גלייך איבערקערן", האָט געדונערט דער הויפּט־רעדנער. זייערע רעדעס האָבן אָבער געקראָגן אַ קאַלטע אויפנאַמע ביי די דעלעגאַטן.

„די אַגיטאַציע־ביוראָ איז געווען אין פינאַנציעלן פּרט אויף גרויסע צרות. די טעטיקע גענאָסן האָבן זייער צייט אָפּגעגעבן פאַר דער „יידישער אַרבעטער וועלט". איז דער אַגיטאַציע־ביוראָ אויסגעקומען צו זיין אַ טאָג אָן ברויט און אַ טאָג אָן גרויפּן", דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן יענעם פּעריאָד אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע א. ש. זאַקס.[12] קיין שכירות פאַרן סעקרעטאַר איז סיי־ווי־סיי ניט געווען, און אַזוי ווי „ניו יאָרק" האָט פאַרשפּראָכן אויסצוהאַלטן די אַגיטאַציע־ביוראָ, אויב זי וועט זיך איבערקלייבן קיין ניו יאָרק, האָבן די „גרינע" צווישן זיך באַ־שלאָסן איבערגעבן די אַגיטאַציע־ביוראָ די ניו יאָרקער געגאָסן אויף א פּראָבע. פּרינציפּיעל זיינען זיי געווען קעגן, אָבער אויס טאַקטישע גרונטן האָבן זיי געגעבן זייער הסכמה דערצו. געוואוסט האָבן זיי, אַז דאָס ציל־ווענט מען זיך קעגן דער „יידישער אַרבעטער וועלט", אָבער וויסנדיק, אַז די דאָזיקע צייטונג וועט מען ניט קאָנען אונטערברענגען, און עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר די „ניו יאָרקער", האָבן די „גרינע" צו דער רעזאָלוציע צוגעשטימט.

אפילו אויף אָט דעם באַשלוס האָבן די „גרינע" צוגעשטימט ערשט נאָך דעם ווי די „ניו יאָרקער" האָבן הייליק צוגעזאָגט, אַז ב. וולאַדעק וועט בלייבן דער „פעלד־אָרגאַניזער" (רייזנדיקער פאַרטרעטער) פון דער „ביוראָ". אויף אָט דעם סמך האָבן זיי צוגעשטימט, אַז די אַגיטאַציע ביוראָ זאָל אַרי־בער קיין ניו יאָרק, און אַז שיפּלאַקאָף זאָל ווערן איר סעקרעטאַר. „אַזוי איז טאַקע געווען. שיפּלאַקאָף פון „זייער" צד און וולאַדעק פון „אונזער" צד, דערציילט א. ש. זאַקס. דער ערשטער אַלס סעקרעטאַר, דער צווייטער אַלס אָרגאַניזאַטאָר, זיינען געווען די באַאַמטע פון דער „אַגיטאַציע־ביוראָ". דעמאָלט, ווי ווייט מיר דוכט זיך, האָט זיך, אָנגעהויבן וולאַדעקס אָפּנייג (אויף דעם קאָמוניסטישן לשון) פון דער אינסורגענטן־ליניע און זיין „צונייג" צו „ניו יאָרק". ער האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוגרינען..."[13]

„מיט דער „יידישער ארבעטער וועלט" איז וולאדעק געבליבן אפילו נאָכדעם, ווי ער איז געוואָרן דער אָרגאַנייזער פון דער „ביוראָ", וואָס איז געווען קאָנטראָלירט פון די „ניו יאָרקער". ביסלעכווייז אָבער האָבן די באציאונגען אָנגעהויבן צו ווערן אָפּגעפרעמדט, הגם אויסערלעך איז אלץ געגאנגען כשורה". אזוי דערציילט וועגן יענע פאסירונגען א. ש. זאקס.

ו

אונטער די אָנגעצויגענע און געשפּאנטע באציאונגען צווישן „ניו יאָרק" און שיקאגאָ איז אלץ שווערער געוואָרן זאקסן צו ארבעטן אלס רעדאקטאָר פון דער וואָכנשריפט און, ענדע זומער, 1910, האָט ער רעזיגנירט אלס רעדאקטאָר פון דער „יידישער ארבעטער וועלט".

ביז יענער צייט האָט אויך וויערא קיסין, זאקסעס פרוי, געהאט געפּוּנען פאר זיך אן באשעפטיקונג אין שיקאגאָ און האָט אפילו שוין געקענט אָפּשפּאָרן געלט צו שטודירן אין דער דענטיסטן־שולע אין שיקאגאָ, וואוהין זי איז אריינגעטראָטן סוף זומער, 1910, כדי צו קריגן אן אמעריקאנישן ציין־דאָקטאָר דיפּלאָם. א חודש נאָך איר אריינטריט אין אָט דעם קאלעדזש האָט אָבער זאקס רעזיגנירט פון זיין רעדאקטאָר שטעלע און איז געצוואונגען געווען זיך אומצוקערן קיין ניו יאָרק. וויערא האָט ניט געוואָלט פאַרבלייבן אַליין אין שיקאגאָ און האָט זיך טראנספערירט אין דעם טעמפּל אוניווער־זיטעט פון פילאדעלפיע, כדי צו זיין נאָענטער צו ניו יאָרק, וואו איר מאַן האָט געלעבט. אין יאָר 1911 האָט זי גראדואירט פון טעמפּל אוניווערזיטעט מיט א דיפּלאָם ווי אן אמעריקאנער ציין־דאָקטאָרשע.

אין יאנואר 1911 איז זאקס באַשטימט געוואָרן פון דער „צוקונפט פּרעס פעדעריישאָן" פאר א פארוואלטונג־רעדאקטאָר פון דעם באקאנטן מאָנאַט־לעכן סאָציאַליסטישן זשורנאל „צוקונפט", בעת דער פריערדיקער פאר־וואלטונג־רעדאקטאָר (סעקרעטאר פון „באָארד אָוו עדיטאָרס") ד"ר קארל פארנבערג, האָט טאַקע פארנומען זאקסעס פּלאַץ אלס רעדאקטאָר פון דער „יידישער ארבעטער וועלט" אין שיקאגאָ.

ביי א סך אקטיווע, איבערגעגעבענע גענאָסן איז דער אויסבייט פון די רעדאקטאָרן גאָרניט געווען אָנגעלייגט. אפילו נאָך זאקסעס אוועקגאנג איז זיין פּרעסטיזש און איינפלוס דאָך געווען היפּש גרויס אין די רייען פון די טעטיקסטע אָנהענגער פון דער צייטונג. דאָס זעט מען פון אָט דער רעזאָ־לוציע, וואָס איז, קורץ נאָך זיין רעזיגנאציע, דערשינען אין דער „יידישער ארבעטער וועלט".

רעזאָלוציאָן:

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, אז די „אידישע אַרבעטער וועלט״ אונטער דער לייטונג פון גענאָסע א. ש. זאקס, איז געווען איינע פון די בעסטע אידישע סאָצ. וועכענטליכע צייטונגען, ניט נור אין שיקאגאָ — נור אין גאנץ אמעריקא,

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, אז גענ. א. ש. זאקס, די גאנצע צייט פון זיין רעדאקטירען די צייטונג, האָבען געוויסע עלעמענטען, מיט פּערזענליכע פּרעטענזיעס, געשטערט איהם אין זיין ליטערארי־שער ארבייט,

נעהמענדיג ווידער אין אנבעטראכט, אז אונטער אזעלכע אומ־שטענדען, איז פאר גענאָסע א. ש. זאקס אבסאָלוט אונמעגליך געווען ווייטער צו זיין איהר לייטענדער גייסט, און ער איז געווען געצוואונגען צו לעגען דאָס געוועהר...

נעהמענדיג דאָס אַלעס אין אַנבעטראַכט, האָבען מיר די פּער־זאמעלטע אויפן באנקעט, אונטער די אָנפיהרונג פון דער נאָרד־וועסט איד. סאָצ. ברענטש ס. פּ. און נאָרד־וועסט זעלבסט בילדונג קלוב, פערזאמעלט דעם 25טען סעפּטעמבער 1910, אין נאפּטאָלין׳ס האָלל, 1125 בלוי איילענד עוו. שיקאגאָ, דריקען אויס אונזער ענטריסטונג געגען די וועלכע האָבען געצוואונגען גענ. זאקס צו רעזיגנירען.

און מיר די פערזאמעלטע, בעדויערן, וואָס גענאָסע א. ש. זאקס דארף אונז פערלאָזען, און די „אידישע ארבעטער וועלט״ איז גע־בליבען אָהן דעם נויטיגען פיהרער.

מיר ווינשען אלע, אז גענ. א. ש. זאקס זאָל ווייטער שטיין מיט אונז, קעמפּפען מיט אונז, דיענען אונזער אידעאל — דעם סאָציא־ליזמוס.

מיר האָפען, אז אזעלכע געשעהעניסען וועלען ניט אָפּשוואכען זיין מוטה, זיין ענערגיע, זיין ווילען, זיין ליטערארישען גייסט, און אימער און שטענדיג, זאָל לייכטען פון זיינע אויגען דער רויטער פאקעל, וועלכע מיליאָנען אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט, דער אינטערנאַציאָנאַל, האָבן אָנגעצונדן.

מיר פארפליכטען זיך צו שטיצען „די ארבעטער וועלט״ נור דאַן, ווען די „אידישע ארבעטער וועלט״ וועט זיין א ריינע, אמת׳ע סאָ־ציאליסטישע צייטונג, אז „די אידישע ארבעטער וועלט״ וועט געהן

אין דעם וועג ווי אונזער געעהרטער און געשעצטער גענאָסע זאקס האָט איהר פעסטגעשטעלט.

(־) י. גאָלדענשטיין.

אז די שיקאגער צייטונג האָט שטארק געליטן פון א. ש. זאקס אוועקגאנג וועלן מיר באלד וויזען שווארץ אויף ווייס. אויך די „אגיטאציע־ביוראָ" האָט אין ניו יאָרק געהאט א קליינעם דערפאָלג, ניט פריער אונטער שיפּלאַקאָפן, ניט שפּעטער ווען דער סעקרעטאר איז געווען ב. וואולף (אין אָדער ארום 1930 איז ער געווען מענעדזשער פון דער פאקעטבוק־מייקערס יוניאָן). די „ביוראָ" האָט געצויגען א קלעגלעכע עקזיסטענץ. זי האָט ניט געהאט קיין כוח צו לעבן און קיין מוט צו שטארבן. אין ברייטע יידישע סאָציאַליסטישע קרייזן איז מען אחוץ דעם, געוואָרן אומצופרידן מיט איר, ווייל די „ביוראָ" איז געווען א „יידיש־שפּרעכנדיקע קערפּערשאפט", וועלכע האָט געדארפט שפּילן א ראָלע פון ניט מער ווי א טעכנישן מיטל ווי צו פארשפּרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן די יידן. מיט קיין יידיש־נאַציאָנאַלע אויפגאַבעס האָט זי זיך ניט אָפּגעגעבן. זאקס און זיינע געזינונג־פריינט האָבן אָבער געטענהט, אז די יידישע סאָציאַליסטן אין אמעריקע האָבן אחוץ סאָציאַליסטישע אויך ספּעציפיש־יידישע אינטערעסן און מען באדארף האָבן א יידיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין ענלעך צו דעם „בונד" אין רוסלאַנד.

די אמעריקאַנער גענאָסן, ווי גיליס, שיפּלאקאָף און אנדערע, זיינען אָבער געווען קעגן א „בונד" אין אמעריקע, קעגן נאציאָנאַליזם, און האָבן זייערע אָפּאָנענטן גערופן „קוגעל־סאָציאַליסטן", וואָס גייען אראָפּ, צוליב זייער נאציאָנאַליזם, פון דעם סאָציאַליסטישן דרך־הישר. זאקס און זיינע אָנהענגער האָבן פונדעסטוועגן אויסגעפירט סוף כל סוף. אויף דער קאָנווענשאָן אין פּעטערסאָן, אין 1912, איז די „יידישע אגיטאציע ביוראָ" פארוואנדלט געוואָרן אין דער אויטאָנאָמער „יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראציע אין אמעריקע". י. ב. סאַלוצקי איז געוואָרן סעקרעטאר פון דער נייער אָרגאניזאציע.

אינצווישן איז די לאַגע פון דער שיקאגער „אידישער ארבעטער וועלט" אלץ געוואָרן ערגער. זי איז געווען דאָס אייגנטום פון א פּאָר צענדליק ארבעטער און ראדיקאַלע אָרגאניזאציעס און 200 יחידים־שערהאָלדערס. דר. קארל פאָרנבערג איז געווען רעדאקטאָר און מאָריס זיסקינד מענעדזשער. די באָארד און דירעקטאָרס איז באַשטאַנען (אין יאָר 1913) פון די פאָלגנדיקע גענאָסן: ד"ר קנאפּנאגעל, פּרעזידענט; ס. ב. ראָנענבערג, טרעזשורער; ל. טייגער, סעקרעטאר; י. ב. סאַלוצקי, ד"ר דובין, ה. שנייד און ב. ראָזענפעלד. אין 1913, דאָס מיינט דריי יאָר נאָך זיין אוועקגאנג

פון דער ציימונג, האָט מען, אין נאָמען פון באָארד און דירעקטאָרס צו א. ש. זאקסן אין ניו יאָרק געשיקט אָט דעם בריוו:

שיקאגאָ, 29טן אויגוסט, 1913

ווערטהער גענ. זאַקס:

איך בין בעאויפטראָגט פון דיא באָארד און דירעקטאָרען פון די אידישע ארבעטער וועלט אייך אָנצופרעגען, אויב איהר וואָלט אָננע־מען צו שרייבען אלגעמיינע באוועגונג עדיטאָריעלס אין אונזער צײַ־טונג. זעלבסטפארשטענדליך פיר געצאָהלט. די באָארד און דירעק־טאָרען איז געוועזן איינשטימיג צו אייך צו שרייבען.

שרייבט אונז אונטער וועלכע קאָנדיציאָנען וואָלט איהר זיין צופרידען צו שרייבען. — יעצט א פאָר ווערטער פערזענליך. עס איז מיין מיינונג אז איהר דארפט צייגען די וועלט — אז שיקאגאָ רעכענט זיך מיט אייך גאנץ שטארק טראָץ דעם וואָס אין דער פערגאנגענהייט האָט אייך שיקאגאָ ניט זעהר אנשטענדיק באהאנדעלט — ווען איהר וועט יעצט שרייבען פאר אונזער צייטונג, וועט דאָס הייסען א חרטה אויף דער פערגאנגענהייט פוןביידע זייטען. — אלזאָ, פריינד זאקס, נעמט אָן אונזער פאָרשלאג. עס קען מיט דער צייט דערפון עפּעס וואָס ארויס...

אין נאָמען פון די באָארד און ד־ן

מיט גערוס (־) סעם גאָלדען

מיין אדרעס:

סעם גאָלדען
658 אָבריען סטריט

דער דאָזיקער בריוו ווייזט זייער קלאָר, אַז צווישן די בעסערע טוערס און חברים האָט נאָך יאָרנלאַנג געהערשט די איבערצייגונג, אז פון א. ש. זאַקסעס אַוועקגאַנג פון דער שיקאַגער אַרבעטער־צייטונג, האָט יענע גע־ליטן אזא פארלוסט, וואָס מען האָט אים שוין בשום אופן צוריק ניט געקענט גוטמאַכן.

# הערות צום קאַפּיטל 4

1. „ראבערט אוענס וועלט־אָנשויאונג", יאַנואַר, 1908, ז"ז 8־12; „ראבערט אוען אַלס רעפאָרמער און סאָציאַליסט", פעברואַר, 1908, ז"ז 71־77; „די סאָציאַליסטישע קאָלאָניע ניי־האַרמאָניע", יולי, 1908, ז"ז 408־415; „סען סימאָן", אויגוסט, 1908, ז"ז 483־489; סעפּטעמבער, 1908, ז"ז 535־539; „סען סימאָן און קאַרל מאַרקס", אָקטאָבער, 1908, ז"ז 609־616.

2. לאַ־מאַרק און דאַרווין, „צוקונפט", ב' 14, נומ' 2, פעברואַר, 1909, ז' 99.

3. לייבאָר פּאַרטיס (יו. עס.) פון י. ס. האַרדמאַן, אין „ענסייקלאָפּידיאַ אָוו סאָושעל סייענס", ב' 8, ניו־יאָרק, 1932, ז' 706.

4. „די גרינדונג פון דער צענטראַלער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן", אין א. ש. זאַקסעס: „אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט", ניו־יאָרק, 1938, ז"ז 91־96.

5. א. ש. זאַקס, דאָס ציטירט. ווערק, ז' 124.

6. א. ש. זאַקס, דאָס ציטירט. ווערק, ז' 125.

7. אויספירלעך וועגן דעם ז' יעקב מילך: די אַנטשטייאונג פון „פאָרווערטס" און זיין קאַמף מיטן „אבענדבלאַט" (1893־1902). אויך: מ. שטאַרקמאַן: צו דער געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע אין אַמעריקע, ייוואָ־בלעטער, ווילנע, ב' 4, נומ' 4־5, דעצעמבער, 1932, ז"ז 354־387.

8. דאָס ווייטערדיקע (אין אונדזער קאַפּ. 4) ווערט גענומען פון א. ש. זאַקס אָפּהאַנדלונג „דער אָנהייב פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג" אין זיין בוך „אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט", ניו־יאָרק, 1938, ז"ז 136־149. דאָרט גיט זאַקס אויך איבער די געשיכטע פון דער שיקאַגער „יידישע אַרבעטער וועלט".

9. אַרטיקל פון ב. וולאַדעק „גרינע און געלע" (אייניקע באַטראַכטונגען), „יידישע אַרבעטער וועלט", ב' 2, נומ' 33, 26 פעברואַר, 1909.

10. דער אַרטיקל, געדרוקט אין נומער 35 (באַנד 2) פון 12טן מערץ, 1909, טראָגט דאָס קעפּל „דער טראָבעל אין פאָרווערטס" און ווערט פאַרענדיקט מיט אָט אַזאַ שלוס־פּאַראַגראַף: מיר דריקן אויס אונדזער וואונש, אז דיעזער אונאַנגענעהמער טראָבעל, וואָס וועט געוויס ניט זיין קיין כבוד פאַר די סאָציאַליסטישע פּרעסע, וועלכע האָט שוין אַזוי אויך פאַרלאָרן איהר אויטאָריטעט, זאָל וואָס גיכער געסעטעלט ווערען".

11. צביון: די אידישע אַגיטאַציאָנס ביוראָ, „צוקונפט", ב' 14, נומ' 5, מאַי, 1909, ז"ז 274־281.

12. א. ש. זאַקס: „אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט", ז' 147.

13. דאָרטן, זז. 147 148.

V

# די יידיש-סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע

## א

אין 1909 און 1910, ווען זאַקס האָט געלעבט אין שיקאַגאָ און איז געווען מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין דער וואָכנשריפט „די אידישע אַרבעטער וועלט", וועלכע ער האָט רעדאַקטירט, האָט ער גאַנץ שוואַך מיטגעאַרבעט אין דער ניו יאָרקער „צוקונפט". חוץ דעם פריער דערמאָנטן אַרטיקל לכבוד דעם 100טן יאָרטאָג פון טשאַרלס דאַרווינס געבורט, האָט זאַקס אין 1909 קיינע אַרבעטן ניט געדרוקט אין דעם זשורנאַל, וואָס איז געווען די חשובסטע מאָנאַטשריפט אויף יידיש אין יענער צייט. אין 1909 איז מאָריס ווינטשעווסקי געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". אין 1910 האָט שוין די „צוקונפט פּרעס פעדערייש[א]ן" ווידער דורכגעמאַכט אַ רעדאַקציאָנעלע איבערקערעניש. פאַר „מענעדזשינג עדיטאָר" איז באַשטימט געוואָרן ד"ר ק. פאַרנבערג און ס'איז אַוועקגעזעצט געוואָרן אַ רעדאַקציאָן־קאָלעגיע, אָדער „עדיטאָריעל באָאָרד", וואָס איז באַשטאַנען פון ד"ר א. אָרטמאַן, ל. ב. בודין און ד"ר אב. קאַספּע. אין יענעם יאָר (1910) האָט זאַקס געדרוקט אין דער „צוקונפט" בלויז צוויי אַרטיקלען אויף סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע טעמעס.[1] פאַר דעם יאָר 1911 האָט די „צוקונפט פּרעס פעדערייש[א]ן" אויסגעקליבן זאַקסן פאַר דעם פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר אָדער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע. דער רעדאַקציע־ראַט גופא איז פאַרגרעסערט און זיין פּערזאָנאַל איז געביטן געוואָרן. איצט איז ער באַשטאַנען פון פינף מיטגלידער: — ל. ב. בודין, מ. שערמאַן, ד"ר מ. לאַנדאַ, צביון, און דר. אב. קאַספּע. אין יענעם יאָר (1911) האָט זאַקס פאַרעפנטלעכט אין דער „צוקונפט" 17 אַרבעטן — אַ ריי אַרטיקלען אויף סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע, נאַטור־וויסנשאַפטלעכע און פּאָליטיש־פּובליציסטישע טעמעס און „רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן".[2] אין 1912 איז זאַקס ווידער אויסגעקליבן געוואָרן פאַר „מענעדזשינג עדיטאָר", און די רעדאַקציע־קאָלעגיע איז שוין באַשטאַנען פון פיר געגנאָסן, ווי פאָלגט: ד"ר א. אָרטמאַן, א. העלד, ב. פייגענבוים און ד"ר אב. קאַספּע.

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר א. ש. זאַקסעס ערנסטער באַציאונג צו זיינע רעדאַקציאָנעלע פליכטן, און פאַרן דרך־ארץ צו די יידישע קולטור־

בויער און שרייבער, איז אָט דער בריוו זיינער (פון 8טן נאָוועמבער, 1912) צום חשובן יידישן דערציילער, דראַמאַטורג און פובליציסט, ש. אַנ־סקי:

ניו יאָרק, 8 נאָוועמבער (1912) — (אויף א בלאַנק פון „צוקונפט” 141 דיוויזאָן סטריט).

זייער געערטער ה׳ אַנ־סקי!

איך קלייב זיך שוין לאנג אייך צו שרייבן און איינלאַדן מיט־צוארבעטן אין אונדזער זשורנאַל „צוקונפט”. איך האָב אָבער אלץ געוואַרט אויף בעסערע צייטן, ווען איך וועל אימשטאַנד זיין ניט נאָר מבטיח צו זיין, נאָר אויך די הבטחות צו דערפילן. און אזוי זענען זיך אַוועק שוין כמעט 12 חדשים (זייט איך האָב איבערגענומען די רעדאקציע „צוקונפט”) און אייך נישט געשריבן.

איצט איז אָבער אָט וואָס:

מיר גייען פייערן דעם 20־יאָריקן געבורסטאָג פון „די צוקונפט”. זי האָט אָנגעפאנגען צו דערשיינען אין 1892 און דאָס איז באמת א גאנץ גרויסער יום־טוב אין אונדזער ליטעראטור.

ביי אזא יום־טוב מוזט איר, הער אנסקי, אָנוועזנד זיין. זענען דאָך פיל פון אייערע ווערק פערעפנטלעכט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין די „צוקונפט” און ווי אזוי וואָלט דאָס קאָנען מעגלעך זיין איר זאָלט נישט טיילן אונדזער פרייד.

מיר דערוואַרטן פון אייך א ביטראַג צום יובילעאום־נומער, וואָס וועט דערשיינען דעם 1 יאנואר (18 דעצעמבער) אין פארגרע־סערטער פאָרם.

דער היגער עולם, ווי פון פיל אנדערע שטעט, מאכט גרויסע הכנות צו אונדזער זשורנאלס געבורסטאָג. און אייער אָנטייל וועט אונזער שמחה פארגרעסערן.

איך דערוואַרט פון אייך אלזאָ אן ענטפער מיט א ביטראָג וואָס אַמשנעלסטן. צייט איז שוין געבליבן נישט פיל.

אלזאָ, זייט אייך געזונט און שרייבט (תרתי משמע). ווען איך וועל באקומען פון אייך אן ענטפער, וועל איך אייך שרייבן אן אויס־פירלכן בריוו און מיר וועלן זיך דורכשמועסן, אפשר וועלן מיר אייך צוריק קאָנען געווינען אלס אונזער א שטענדיקן מיטארבעטער.

מיט גרוס,

א. ש. זאקס.

מיין פריוואט־אדרעס: א. זאקס, 35 וועסט 112 סטריט, ניו יאָרק.

(דער דאָזיקער בריוו איז פילע יאָרן שפּעטער געווען געדרוקט אין ווילנער היסטאָרי־אָגראַפישן זשורנאל „פון נאָענטן עבר”, ווילנע, 1937, ז. 88).

אין סעפּטעמבער פון 1912 איז „די צוקונפט" אריבערגעגאנגען צו דער „פאָרווערטס אסאָסיאיישאָן", דאָס הייסט דער ספּעציעלער פארלאג פאר דער „צוקונפט" איז בטל געוואָרן, און דער זשורנאל איז אריבערגעגאנגען צום זעלבן קאָאָפּעראטיוון, סאָציאליסטישן פארלאג וואָס האָט, זינט 1897, ארויסגעגעבן אין ניו יאָרק די טעגלעכע צייטונג „פאָרווערטס". אין 1912 האָט זאקס אָנגעשריבן פאר דער „צוקונפט" נאָך פיל מער ווי אין 1911.[3] אין ארטיקל, וועגן זשאן זשאק רוסאָ, האָט ער אָפּגעדרוקט אונטערן פּסעוודאָנים ש. זאגאָרין.[4]

„די צוקונפט" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1892, ווי דער ערשטער ערנסטער סאָציאליסטישער און ליטעראַרישער מאָנאַטלעכער זשורנאַל ניט בלויז ביי יידן אין אמעריקע, נאָר אויך אין דער גאנצער יידישער וועלט. אין דעם פּראָגראַם־ארטיקל פון דעם ערשטן נומער „צוקונפט" אין 1892 לייענען מיר: „די יידישע ארבעטער באוועגונג וואקסט זעהר שנעל און ענטוויקלט אויך אזעלכע ארבייטער, וואָס ווילן זעהר גרינדליך לערנען די סאָציאַלע פראגע פון אונזער צייט און איבערהויפּט זיך אויסבילדען; אָבער זיי קאָנען דאָס ליידער ניט דערגרייכען, ווייל אויף זשארגאָן האָט מען ביז די לעצטע צייט געשריבען נור באָבע מעשיות און בדחנות, און אנדערע שפּראכען קענען זיי ניט אָדער קענען אזוי וועניג, אז זיי זיינען נאָך ניט אימשטאַנד צו פאַרשטיין אַ בוך אָדער אָן ערנסטן אַרטיקל".[5] פיליפּ קראַנץ (1858־1922) איז געוועזן דער רעדאקטאָר פון 1892 ביז 1894 (אויך 1904־1905); ד"ר א. קאספּע: 1894־1897, און אב. קאהאן — אין ערשטן האַלב־יאָר פון 1902. נאָך אים איז רעדאקטאָר געוואָרן מ. ווינטשעווסקי (ער איז בכלל געשטאַנען זייער נאָענט צו דער „צוקונפט" אין די ערשטע 20 יאָר פון אָט דעם זשורנאַל'ס עקזיסטענץ) און נאָך אים א גאנצע ריי אנדערע באקאנטע וואָרט־פירער, ווי ב. פייגענבוים, יעקב מילך און ד"ר ק. פאַרנבערג. „די צוקונפט" האָט געשפּילט זייער א גרויסע ראָלע אין דער אויפקלערונג פון די יידישע ארבעטער־מאסן און האָט פיל מיטגע־ווירקט צו דער פארטיפונג פון זייער געזעלשאַפטלעכן באוואוסטזיין און פאַרפיינערונג פון זייער ליטעראַרישן געשמאַק.[6] זי איז אָבער ניט געבוירן געוואָרן א פארטיקע און אויסגעצייכנטע: פאר די ערשטע 15־16 יאָר פון איר דערשיינען ביז 1912 (אין 1898־1902 האָט זי אויפגעהערט ארויס־צוגייען) האָט דער זשורנאַל זיך ליטעראַריש און אין זין פון פּרעסטיזש און איינפלוס שטאַרק אַנטוויקלט און איז היפּש אויסגעוואַקסן.

די גרויסע העצע וואָס איז אין 1909 און 1910 געפירט געוואָרן פון „ניו יאָרק" קעגן „שיקאַגע", און דאָס מיינט, אין גרונט, קעגן א. ש. זאַקסן און זיין וואָכנשריפט, די „יידישע ארבעטער וועלט", אין פארבינדונג מיטן קאַמף ארום דער סאָציאַליסטישער אגיטאַציע־ביוראָ, ווי דאָס איז אין פּאָריקז

קאַפּיטל אויספּירלעך באַשריבן געוואָרן — אַט דער ביטערער סכסוך, וואָס האָט מיטן סאָציאַליזם, מיט אמת און יושר לחלוטין קיין שום שייכות ניט געהאַט, איז ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן אפילו נאָך דעם, ווי די „ביוראָ“ איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ניו יאָרק, און זאַקס האָט אָנגענומען די שטעלע פון רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון דער „צוקונפט“. די קריגערייַ און די העצע קעגן א. ש. זאַקסן האָט בלויז אָנגענומען נייע, גיפטיקערע און מיאוסערע פאָרמען — רדיפות, פאַרלוימדונג און באַשמוצונג אונטער דער העסלעכער מאַסקע פון פערזענלעכער אַמביציע און אייגנליבע ביי איין מענטשן, וואָס איז געווען דער הויפּט־העצער — אב. קאַהאַן, וואָס איז, זינט דעם פרילינג פון 1902, געווען דער רעדאַקטאָר פון ניו יאָרקער „פאָרווערטס“. ער האָט געהאַט אַלטע חשבונות מיט דער „צוקונפט“, דערהויפּט מיט איר לאַנגיעריקן וועגווייזער און פריינד, מאָריס ווינטשעווסקי, און האָט בלויז אויסגעקוקט אויף א געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט די אַלע וואָס אויף זיי האָט ער, מחמת אַזאַ אָדער אַן אַנדער טעם, געקוקט קרום און מיט רוגזה. אב. קאַהאַן, אַלס „פאָרווערטס“ רעדאַקטאָר, האָט א לאַנגע צייט „די צוקונפט“ אינגאַנצן באַיקאָטירט. עס איז אין דעם עדיטאָריעלן טייל פון „פאָרווערטס“ לחלוטין ניט דערמאָנט געוואָרן אַז אַזאַ זשורנאַל עקזיסטירט אויף דער וועלט. אין משך פון 1906־1911 זיינען אין דער „צוקונפט“ געדרוקט געוואָרן א סך גוטע אַרטיקלען, וועגן וועלכע מ'האָט געקענט ריידן און וועגן וועלכע אַנדערע צייטשריפטן ניט קיין לייבלעכע קרובים פון דער „צוקונפט“, האָבן אויך גערעדט, אפילו שטאַרק גערימט. אָבער אין דעם „שוועסטער־אָרגאַן“ פון דער „צוקונפט“, אין „פאָרווערטס“, איז מען געווען שטום, מ'האָט מיט קיין איין וואָרט, מיט קיין זילבע, „די צוקונפט“ ניט דערמאָנט.[7]

ענדלעך, ווען צום 20־יעריקן יובילײ פון דער „צוקונפט“, אין יאַנואַר, 1912, איז אַרויס א פאַרגרעסערטער נומער, וואָס האָט געמאַכט א גאָר שטאַרקן רושם און זיך צעגאַנגען אין 2 אויפלאַגעס, איז דער „פאָרווערטס“ רעדאַקטאָר אַרויס אויף די שפּאַלטן פון זיין צייטונג מיט א „קריטיק“ אויף דער „צוקונפט“ וואָס איז פול געווען מיט יענעם סאָרט פּאָלעמיק און באַשמוצונג, וואָס ווערט אויף דעם זשאַרגאָן פון די איסט־בראָדווייער שרייבער־קרייזן אָנגערופן „אָנצורייבן א מאָרדע“. אב. קאַהאַנ'ס גרימצאָרן איז, ווייזט אויס, אַרויסגערופן געוואָרן דערהויפּט פון א. ש. זאַקסעס פייערלעכן לייט־אַרטיקל אין דעם יובילײ־נומער „צוקונפט“, באַטיטלט „צוואַנציק יאָר פריער — און איצט“, און באַזונדערס, הפנים, איז קאַהאַנס כעס צעפלאַקערט געוואָרן פון דעם פאָלגענדיקן פאַראַגראַף אין זאַקס'עס אַרטיקל :

די היינטיגע מיטאַרבייטער פון „די צוקונפט" האָבען אויפגע־הערט צו זיין איבערקייער, די איבערזעצער און פאָפולאַריזאטאָרס פון אלטען הדר, וועלכע האָבען בלויז געהאַלטען אלס זייער אויפגאבע מודיע צו זיין וואָס יענער גדול זאָגט, וואָס יענער גאון דענקט, ווי יענער פיהרער בעוועגט זיך; אונזערע מיטארבייטער זיינען זעלבסט־שטענדיקע סיי אין זייער דענקען; סיי אין זייער טהון. זיי זיינען אליין, די וואָרט־פיהרער פון יעדען נייעם געדאנק, פון יעדער נייער שטרעבונג.

אָט די אָביעקטיווע און פאָרזיכטיקע ווערטער האָבן ווארשיינלעך אויפגעבראַכט דעם רעדאַקטאָר, וואָס איז שוין דאַן, אין 1912, געוועזן, ווי מיר וועלן באַלד דערציילן, דער גרויסער און מעכטיקער „באָס" פון „פאָר־ווערטס", וואָס האָט זיך אָבער, נאָך מיט עטלעכע יאָר פאר דעם, אָפגעגעבן מיט פאָפולאַריזירן קאַרל מאַרקסן און דאַרווינען. דערביי האָט ער נאָך אין זיין געוואוינלעכער זעלבסט־פארהערלעכונג און זעלבסט־פארליבטקייט, דעמאָלט (1905־1906) געהאַלטן, אז די דאָזיקע אויפגאבע זיינע איז געוועזן מי יודע ווי שווער און ווי וויכטיק. האָט ער דאָך אין יענער צייט, אין 1905־1906, אליין געשריבן אין זיין בריוו צו זאקסן אין דייטשלאנד (וואָס איז פון אונז איבערגעדרוקט געוואָרן אויבן אויף זז. 86־87) מכה זיין איבערזעצונג (מיט א פירוש) פון קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל" אין „צייט־גייסט" אין אָט אזעלכע היפש וואולגארע אויסדרוקן: „איך דארף אייך ניט דערציילן, אז די אויפגאבע צו פארטייטשן און צו געבן צו פארשטיין ד י ז ן ס אָ ר ט ס ח ו ר ה (צעשפרייט פון אונז, ה. פ.) איז ניט קיין גרינגע". נו, האָט קאהאן זיך, משמעות, דערפילט געטראָפן אין פינטל, און האָט געענטפערט (אין „פאָרווערטס" פון 21טן יאַנ. 1912) מיט אַן אָנגריף אויף דריי פראָנטן פאראמאָל. (זיין ארטיקל דרוקן מיר איבער צום שלוס פון קאפיטל). קודם־כל האָט ער זיך געמאַכט תמ'עוואטע און געטענה'ט, אז ער פאַרשטייט די נאָר־וואָס ציטירטע שטעלע פון זאקסעס ארטיקל בכלל ניט, ווייל דאָס רוב אַרטיקלען אין דער „צוקונפט", ווי קאַהאַן שרייבט, זיינען געשריבן „הויך, און האַרט און צרה'דיק". האָט אים אויף אָט דער פיינער טענה די רעדאקציע פון דער „צוקונפט" זייער גוט געענטפערט מיט אָפענע און קלאָרע ווערטער, נעמלעך: — פרעגט נאָר דעם איינפאכסטן לעזער, וועט ער אייך שוין זאָגן וואָס דאָס הייסט; (דאָס מיינט אָט וואָס:) אז יעצט האָבן מיר אין אונזער זשורנאַל מיטאַרבייטער, וואָס קענען ארויסזאָגן אַן אייגענעם זעלבסטשטענדיקן וואָרט, און ניט נאָר איבערקייען יענעמס ווער־טער, יענעמס געדאַנקען".[8] צווייטנס, ווי א צווייטער פונקט אין זיין באַ־שולדיקונג קעגן דער „צוקונפט", האָט קאהאן געשריבן, אז „אין דער

„צוקונפט" איז ניטאָ וואָס צו לעזן, ניט פאַר די מאַסן, וואָס זוכן עלעמענ־טאַרע בילדונג, און ניט פאַר אינטעליגענטע לעזער". דערויף האָט אים ד"ר א. קאַספּע אין נאָמען פון דער רעדאַקציע געענטפערט אַט וואָס: „אַב. קאַהאַן ווייס, אַז דאָס וואָס ער באַהויפּטעט, קען ער ניט באַווייזן, אָבער אַב. קאַהאַן איז אַ מענטש, וואָס האַלט פון זיך זייער שטאַרק און האָפט, אַז ס'וועלן זיך שוין געפינען אַזעלכע וואָס וועלן אים גלויבן אויפן וואָרט. [9] דריטנס, האָט דער שטרענגער רעדאַקטאָר פון אַ סאָציאַליסטישער טעגלעכער צייטונג, ניט געפונען קיין גרעסערן חטא, מיט וועלכן צו פאַרשטעכן די אויגן דער אָרימער, אייביק געדריקטער און מיט אַ דעפּי־ציט געבענטשטער „צוקונפט" ווי דאָס, אַז זי איז „אַ שנאָרערישער זשור־נאַל". גראָד האָט זיך אין יענער צייט געמאַכט, אַז די „פאָרווערטס אַסאָ־סיאיישאָן" האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן, ווי אַ סובסידיע „דער צוקונפט", 20 פּראָצענט פון דער מאַסקן־באָל איינקונפט, בתנאי, אַגב, אַז אַ צווייטער, און ניט מ. ווינטשעווסקי, זאָל ווערן רעדאַקטאָר פון „צוקונפט". (דאָס האָט מען ווירקלעך אויסגעפירט, און סוף 1909 איז די רעדאַקציע אַריבער פון מ. ווינטשעווסקיס הענט צו אַ קאָלעגיע מיט ד"ר ק. פאַרנבערג, ווי דער פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר). די אַמביציע פון דעם „פאָרווערטס" תקיף, אַב. קאַהאַן, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן — פון דער אָפיציעלער רעדאַק־טאָר־שטעלע פון דעם אַלטן, חשובן זשורנאַל איז אַרויסגעשטופּט געוואָרן דער עלטסטער און פּאָפּולערסטער סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר און פּראָ־פּאַגאַנדיסט, דער באַליבטער „זיידע פון יידישן סאָציאַליזם", ווינטשעווסקי. אויף דעם איידעלן פאָרוואורף פון „שנאָרעריי", האָט ד"ר קאַספּע, אין זיין נאָר־וואָס ציטירטן אַרטיקל געענטפערט מיט אַ זייער ריכטיקער און גייסט־רייכער טענה, וואָס איז אַגב אויסגעטיילט, ווי אַ באַזונדערע פוס־באַמער־קונג, פון דעם איבעריקן טייל פון דעם זייער געראָטענעם אַרטיקל זיינעם (אונזער „צוקונפט" און אונזער „פאָרווערטס") און אָט די צוגעזעצטע באַ־מערקונג פאַרדינט דאָ איבערגעדרוקט צו ווערן ווערט ביי וואָרט:

מיט דעם שעהנעם נאָמען „שנאָרער" האָט אונז מכבד געווען, מיט געגנאָסענשאַפטליכן גרוס, געגנאָסע אַב. קאַהאַן, רעדאַקטאָר פון „פאָר־ווערטס". הלוואי וואָלט איהר (ער מיינט דאָ קאַהאַנען) געדאַרפט זיך אַזוי שעהמען פאַר אייערע האַנדלונגען, ווי די אַרויסגעבער פון דער „צוקונפט" מיט זייער „שנאָרעריי". עס האָבען געשנאָרט די רוסישע רעוואָלוציאָנערען דאָ ביי אונז פאַר דעם קאַמף פון דעם רוסישען פאָלק מיט דעם אַבסאָלוטען מאָנאַרכיזמוס, ער האָט געשנאָרט די „נייע צייט" (פון קאַרל קאַוטסקי) אין דייטשלאַנד, די „הומאַניטע" אין פראַנקרייך, „אַוואַנטי" אין איטאַליען, און אַפילו דער „פאָרווערטס"

האָט אויך געשנאָרט אין זיינע בעסערע צייטען, ווען עס האָט נאָך געברענט אין די הערצער א ריינער ענטוזיאזם פאר א פרייערע סאָציאליסטישע פרעסע, פאר אן עהרליכערע, און ניט דער ענטהוזיאזם פאר גרויסע פראָפיטן און די קאָמישע באזויפענהייט מיט זיינע אייגענע גרויסקייט און מאכט.[10]

אין דעם זעלבן ארטיקל רעאַגירט אגב ד"ר קאַספע אויף קאהאנס אומטאַקטישן, גראָבן און לחלוטין אומבאגרינדעטן אַנגריף און בלבול אויף זאקסן, און אויף דער „צוקונפט" בכלל, אַט אזוי:

קאהאנס אטאקע אויף דער אונבעשיידענהייט פון גענ. זאקס, אויף וואָס קאהאן האָט געוויס קיין ברעקל רעכט ניט געהאט, ווייל געוואָסע זאקס רעדט דאָך וועגען אונזערע מיטארבייטער, ארויסנעהמענדיק זיך אליין פון כלל, און איבערהויפט די גאנצע אַטאַקע אויף דער אונבעשידענהייט פון די „צוקונפט־לייטע", אויף זייער האַלטן זיך פאר גרויסע זשעניען, געגענזייטיקע קיצלעריי א. אז. וו. זיינען ניט ווערטה דאָס שטיקעל פאַפיר, אויף וועלכע זיי זיינען געשריבען געוואָרען.

עס איז ניט ווערטה לענגער זיך אָפצושטעלען אויף דער אטאקע, וועלכע איז אזוי פוסט אין אינהאַלט און אָפשטויסענד אין איהר פאָרמע. פיעל וויכטיקער וועט זיין די פראגע, ווארום האָט דער „פאָרווערטס" רעדאקטאָר, טראָגענדיג יאָהרענלאנג אזא האס געגען די „צוקונפט" און איהרע ארויסגעבער, ניט אָנגעפיהרט אן אָפענעם קאמף אין „פאָרווערטס"? וואָצו, האָבענדיג די פולע מאכט אין דער רעדאקציאָן, האָט מען דאָך פריהער געדארפט קעמפען הינטער ארום, דורך דעם אָפיס און דורך פערשיעדענע דיפּלאָמאַטישע דריידלעך?

אום דערויף צו ענטפערען, מוז מען פערשטעהן דעם כאראקטער פון „פאָרווערטס" אונטער קאהאנס רעדאקציאָן, און דאָס לעגען מיר אָפּ אויפ'ן נעקסטען ארטיקעל.[11]

ליידער איז דער „נעקסטער ארטיקעל" שוין ניט דערשינען. אָבער נאָך פיל וויכטיקער פון דער פראגע, וועלכע ווערט דאָ, מיט אזא אָפענעם מוט און ערלעכקייט, אָנגעוואָרפן פון איינעם פון די עלטסטע און אינטעליגענטסטע יידישע סאָציאַליסטן אין אמעריקע, ד"ר קאספע, זיינען אַט אזעלכע צוויי פראגעס: ווי אזוי האָט דער דאָזיקער היציקער וואָרט־שטרייט, ווי אויך דער פריער באַשריבענער קאמף צווישן „ניו יאָרק" און „שיקאַגאָ",

צווישן די „אויסגעגרינטע" און די „גרינע", בכלל געקענט געמאָלט זיין? צווייטנס, וואָס זיינען געווען די אורזאכן און אומשטענדן פון אזא שרעקלע־כער ירידה, שוין ניט אפילו פון דער העכערער סאָציאַליסטישער מאָראַל און עטיק, נאָר פשוט פון דער איינפאכסטער מענטשלעכער ערלעכקייט און אַנשטענדיקייט, ווי דאָס שפיגלט זיך אָפּ אזוי דייטלעך אין דער פּאָלעמיק צווישן די לאַנגיאָריקע אָנפירער און וועגווייזער פון דער „צוקונפט", אב. קאַספע, פון איין זייט, און דעם לאַנגיעריקן סאָציאַליסטישן טוער און שרייבער, אב. קאַהאַן, פון דער צווייטער זייט?

כדי אויף אָט די פראגעס צו קענען ענטפערן, דאַרף מען, כאָטש אין גאָר קורצע שטריכן, אָנצייכענען א בילד, פון דעם אויפקום, שנעלן וואוקס און נאָך שנעלערער גייסטיקער ירידה פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אויף דער יידישער גאס אין אמעריקע בעת די ערשטע 30-25 יאָר אינעם לעבן פון דעם גרויסן, נייעם יידישן ישוב דאָ אין דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען מיט דער יידישער מאסן־אימיגראציע אין 1881.

ב

אמעריקע, וואו די יידישע ארבעטער־באַוועגונג איז, מיט 60-50 יאָר צוריק, געבאָרן געוואָרן, איז אויך דאָס לאַנד וואו די מאָדערנע יידישע ארבעטער־פרעסע האָט צום ערשטן מאָל דערזען דעם שיין פון דער ליכ־טיקער וועלט. דאָ אין לאנד האָט זי דערגרייכט אן אנטוויקלונג־שטופע ווי אין קיין צווייטן טייל פון דער יידישער וועלט. די שאַפער און בויער פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג זיינען אין גרונט געווען אויך די טאַטעס פון אונזער יידישער ארבעטער־פרעסע. דער ערשטער, און אפשר דער גרעסטער פון די טוערס אויף אָט די צוויי געביטן פון סאָציאַלן קאַמף, וואָס זיינען אין תוך בלויז צוויי זייטן פון איין און דעם זעלבן געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס, פון דעם ארבעטער און סאָציאַלן קאַמף אויף דער יידישער גאס, איז געווען מאָריס ווינטשעווסקי. אין זיין לעבנס־געשיכטע האָבן זיך פארקערפּערט די גייסטיקע שטרעבונגען און מעטאַמאָרפאָזעס, די גלגולים, פון יענעם יונגן דור יידישע רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטן, אָנפאנ־גנדיק מיט אהרן־שמואל ליבערמאַן(1843־1880), וואָס זייער הויפּט פונקציע איז געווען צו שפּייזן די מוחות און הערצער פון די יידישע ארבעטער־אימיגראנטן און זייערע נייע היימלענדער — ענגלאַנד און אמעריקע. אָט די אלע שרייבער און פירער, ווי ווינטשעווסקי, יאַנאָווסקי, דוד עדעל־שטאדט, פיליפּ קראַנץ און אנדערע, זיינען געווען לעבעדיקע רינגלעך צו פארבינדן די קעמפערישע טראדיציעס פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנע־רער אינטעליגענציע מיט די פרישע, אויפגעוואכטע, אָבער אָפטמאָל רויע,

אומרייפע גייסטיקע כוחות פון די יידישע אימיגראַנטישע מאסן. די דאָזיקע אימיגראַנטן, דאָס רוב פון זיי — יונגע פּרימיטיוו־איינפאכע, ניט־אויפגע־קלערטע, קליינשטעטלדיק־נאַאיווע יידן, זיינען אריבערגעטראָגן געוואָרן, ווי דורך א היסטאָרישן ווירבל־שטורעם, פון רוסלאנד גלייך קיין אמעריקע, און מיט זיי צוזאמען — אויך זייערע לעבנס־געוואוינהייטן, אָנזיכטן, און צייטנווייז די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דער אלטער היים. מיט איין וואָרט: זיי זיינען אריבערגעטראָגן געוואָרן מיט זייערע גייסטיקע וואָרצלען ווי די בוימער וואָס ווערן איבערגעפלאנצט אין א פרעמדן לאנד, צוזאמען מיטן שטיק באָדן אין וועלכן די וואָרצלען פון די בוימער שטעקן פון ערשטן מאָמענט אָן. דער בעסטער, דער יינגסטער, אין פיזישן און גייסטיקן זינען, טייל פון אָט דער גרויסער יידישער מאסע האָט געברענט מיט א פלאקערדיקן צאָרן, מיט א גייסט פון אויפשטאַנד און מרידה קעגן דעם אַלטן אכזריות׳דיק־באַרבאַרישן רוסלאנד, קעגן א וועלט וואָס האַלט זיך אויף פאַלשקייט, אומגערעכטיקייט און סאָציאַלער אונטערדריקונג. ס׳האָט געוויס געמוזט זיין פאַר די ערשטע לערער און וועגווייזער פון אָט דער יידישער מאסע א שווערע אויפגאבע, אַבער אזא וואָס גיט דער נשמה געהנוגטואונג און גליק, אויפצוציען אין דער רויער און מוראַדיק־עקספּלוא־טירטער, אָבער גייסטיק סענסיטיווער און וויסנדורשטיקער מאסע דעם זין און ווילן פון אָרגאַניזירטן קאַמף פאַר א בעסערן לעבן און די באוואוסט־זיניקע שטרעבונג צו א שענערער, ליכטיקערער וועלט.

אָבער דווקא די נייקייט און גרויסקייט פון דעם אויפטו האָט אויף דעם כאַראַקטער פון דער גאַנץ קליינער גרופּע פון די אינטעלעקטועלע יידישע פירער ניט געווירקט צום גוטן. כמעט אַלע זיינען זיי געווען יונג, אומדערפאַרן, שטאַרק איינגעבילדעטע און פאַרליבטע אין זיך אליין. וואָס איז דער וואונדער, אז גיך האָבן זיי זיך מיט זייער גרויסן דערפאָלג פאַר־שיכורט און איבערגענומען ביזן זיבעטן הימל אריין. און דער פּועל יוצא איז געווען — א געוואַלטיקע עמפּפינדלעכקייט אין באַצוג צום אייגענעם פּרעסטיזש און כבוד, אָנגעפּילט אָפּטמאָל מיט גאווה לגבי דעם אומוויסנדיקן „המון״, אַ מוראַדיקער ערגייץ, קעגנזייטיקע קנאה־שנאה און פּחד פאַר־שטופּט צו ווערן דורך נאָך א גרעסערן בריה אין פירערשאַפט אָדער דעמאַ־גאָגיע, אָפטמאָל א „שנאת חנם״ וואָס וויל ניט וויסן פון פאַרצייאונג אָדער פאַרגעבונג, און — ועל כולם, אן אמביציע וואָס האָט ניט דערלאָזן קיין שום אפילו די ערלעכסטע, אָפּאָזיציע אָדער לחלוטין קיין שום פרייע קריטיק. כמעט קיינער פון די ערשטע גייסטיקע טוער פון דער ראַדיקאַלער באוועגונג איז ניט געווען פריי פון אָט די חסרונות, און וואָס ווייטער און ברייטער דער נאָמען און איינפלוס פון איטלעכן פון אָט דער הייפל איב־טעליגענטן־טוערס (דאָס „גייסטיקע הייוון״ פון די ראַדיקאַלע מאסן) האָט

זיך פאַרשפּרייט, אַלץ גרעסער און וויכטיקער איז יעדער פון זיי אויס־געקומען ביי זיך אין די אויגן. דאָס האָט סוף כל סוף צו נישט געמאַכט די ניט־קליינע אויפטוען פון אָט די סאָציאַליסטישע פּיאָנערן אויף דער יידישער גאַס. פון אָט די שטאַרק אָפּשטויסנדיקע פּערזענלעכע אומשטענדן זיינען גאַנץ גיך, שוין אין אָנפאַנג פון די 1890ער יאָרן, אויסגעוואַקסן יענע רייסערייען, סכסוכים און אָפּאָזיציעס אין דער יידישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער באַוועגונג, וואָס פון איין זייט האָבן זיי דערפירט די פירערס, ווי אַב. קאַהאַן און לואיס מילער, צום וואולגאַרסטן אָפּאַרטוניזם און ביליקן דערפאָלג־קולט, און פון דער צווייטער זייט, האָבן זיי די באַוועגונג גופא געמאַכט הילפלאָז און שוואַך, כמעט פּרוכטלאָז, און אָן איינפלוס דווקא אויף די ערלעכערע און אַנשטענדיקערע טיילן פון דער יידישער אינטעליגענציע און מאַסע אין אַמעריקע.[12]

דעם באַדן פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פּרעסע אין אַמעריקע האָבן שוין פון פריער צוגעגרייט די דייטשע ראַדיקאַלע אימיגראַנטן פון דער צייט נאָך די אייראָפּעאישע רעוואָלוציעס פון 1848. איינער פון די פיינסטע פירער צווישן זיי איז געווים געווען דער דייטש־יידישער שרייבער און רעדנער אַלעקסאַנדער יאָנאַס (1834־1912). א גוטע כאַראַקטעריזירונג פון אים האָט געגעבן א. ש. זאַקס אליין אין זיין אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.[13] „ער איז אַלס יונגער רעוואָלוציאָנער אין דייטשלאַנד, שרייבט זאַקס, געווען א תלמיד און שטאַרקער חסוד פון דעם באַרימטן „48ער", יאָהאַן יאַקאָבי, וואָס ד־האָט מיט רעכט געקריגן דעם טיטל „אַלטמייסטער פון דער דייטשער דעמאָקראַטיע". די פּרייסיש־דייטשע רעאַקציע אונטער דעם „בלוט און אייזן" קאַנצלער ביסמאַרק, האָט אים געצוואונגען צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, וואו ער האָט געקענט פריי פאַרזעצן זיין שריפטשטעלערישע און סאָציאַליסטישע אַרבעט. יאָנאַס איז געווען א גלענצענדער שרייבער און א מערקווירדיקער רעדנער, וואָס האָט געפאַנגען זיינע צוהערער מיט זיין זאַכלעכקייט און אויפריכטיקייט. ערב זיין אַפּפאַרן פון דייטשלאַנד איז ער געווען דער פאַרזיצער פון דעם ערשטן מיטינג, וואָס אויגוסט בעבעל און ווילהעלם ליבקנעכט האָבן אָפּגעהאַלטן אין בערלין.

„ווען יאָנאַס איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און זעל אין דער היגער אַרבעטער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, אָבער וואָס איז נאָך געווען געגליכן צו אַן עמבריאָן, וואָס נעמט יעדע וואָך אָן א נייע פאָרם און א נייעם אויסזען.

„אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן צו טאָן פּיאָנערן אַרבעט. אים איז אויסגעקומען צו באַשאַפן דעם גוף פון דער באַוועגונג און אַריינבלאָזן אין איר א נשמה. ער האָט אָבער אויסגעפירט זיין אויפגאַבע מיט גרויס ליבע.

ער האָט ליב געהאַט און האָט פארגעטערט די אידעאַלן פון דער ארבעטער־באַוועגונג אין יענער צייט — די אידעאַלן פון אמת, צדק און יושר. יאָנאַס איז אויך געווען אַ גרויסער עסטעטיקער, הן אין שרייבן, הן אין ריידן, און ער האָט זיין גאנצן לעבן געווידמעט דעם „שיינעם און דעם גוטן".

„אין 1877 האָט ער געגרינדעט די דייטשע „פאָלקס־צייטונג", וואו ער איז עטלעכע מאָל געווען דער הויפּט רעדאקטאָר און אלע מאָל געווען דאָרטן דער פירנדיקער גייסט".

די דאָזיקע צייטונג איז געווען דער דייטשער אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער ארבעטער פּאַרטיי פון נאָרד־אמעריקע. דאָס איז געווען די רעכטע בליאונג־צייט פון דער עס. על. פּי. אין 1876־1877 זיינען אַרויסגעגאנגען אין אמעריקע 24 סאָציאַליסטישע צייטונגען אויף פערשידענע שפּראכן.[14] דאָרט איז געדרוקט און באַוויכטן געוואָרן די פּראָגראַם פון די פּרינציפּן־דערקלערונג פון דער עס. על. פּי. אָן צווייפל איז אלעקסאנדער יאָנאַס געווען דער ערשטער און גרעסטער לערער אין סאָציאַליזם פאַר די אריבערגעקומענע יידישע אידעאַליסטישע יונגע לייט, די „עם עולם'ניקעס", טרוימער פון א נייעם, חבריש־קאָמוניסטישן לעבן אויף דער שויס פון דער נאַטור, וואָס זיינען אָנגעקומען אין די סאַמע ערשטע 1880ער יאָרן. פון זייערע רייען האָבן זיך ביסלעכווייז אויסקריסטאַליזירט די פּירער און טאָנגעבער אויף דער יידישער ארבעטער גאס דאָ אין אמעריקע. ווי האָט אָבער אויסגעזען די דאָזיקע אַרבעטער־מאַסע גופא, די מאַסע וואָס האָט זיך רעקרוטירט פון אומוויסנדיקע, סאָציאַליסטיש־אויבאוואוסטזיניקע „גרינע" אימיגראַנטן, וואָס האָבן מיט זיך געשאפן דעם פּרוכטבארן באָדן, וואו ס'זיינען געפאַלן, אויפגעגאַנגען און אויפגעוואָקסן די זאָמען, וואָס די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע אגיטאטאָרן און פּראָפּאגאנדיסטן האָבן פארזייט?

די פּראָדוקטיוויזאציע פון די ניי־געקומענע יידישע מאסן, די אריינפירונג פון די אימיגראַנטן אינעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־פּראָצעס, האָט זיך אָנגעהויבן אין די 80ער יאָרן, גלייך מיט דער ערשטער כוואַליע פון גרויסן אימיגראַציע־שטראָם פון רוסלאַנד.[15] דער איבערגאנג צו די ארבעט־פּרנסות האָט אָבער פון ערשטן טאָג אָן געטראָגן אַן איינזייטיקן כאַראַקטער, נעמלעך: דער גרעסטער טייל האָרעפּאַשניקעס פלעגט זיך נעמען צו איין מין מלאכה — שניידעריי. פון די נאָדל־פאַכן פלעגן ציען זייער חיונה כמעט אלע יידישע ארבעטער אין די 80ער און 90ער יאָרן. אין די ערשטע 10־15 יאָר צייט איז שוין גאַנץ גרויס געוואָרן די ראָלע פון די רוסישע יידן ווי ארבעטער אין דער שניידער־אינדוסטריע. זיי האָבן געאַרבעט ניט נאָר אין ניו יאָרק, נאָר אויך אין באָסטאָן, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ און באַלטימאָר.

דער וואוקס פון דער יידישער ארבעטער־מאסע איז, מחמת דער אומ־אונטערבראָכענער מאסן־איינוואנדערונג, געגאנגען מיט ריזיק־שנעלע טריט. דאָך איז אָבער די אָרגאַניזירונג פון די יידישע ארבעטער אין טרייד יוניאָנס דעמאָלט, מיט א 50־60 יאָר צוריק, געווען א שווערע מערכה. אין דעם וויכטיקן און גרעסטן יידישן פאך, שניידעריי, זיינען די מערסטע ארבעטער געווען „קאָלומבוסעס שניידער" און האָבן הינטער זיך ניט געהאַט קיין ברעקל דערפאַרונג פון דער מלאכה, פון שאָפּ (וואַרשטאַט) אָדער פאַבריק ארבעט. די ארבעט־באַדינגונגען זיינען געווען גיהנמדיקע. פון יענער צייט שטאַמט דער טרויעריק־באַרימטער „שוויץ־שאָפּ". אוודאי זיינען די יידישע ארבעטער אימיגראַנטן ניט געווען באַקאַנט מיט דער פּראָלעטאַרישער דיס־ציפּלין, האָבן קיין שום באַגריף ניט געהאַט פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־באַוואוסטזיין, און ווילד־פרעמד זיינען פאַר זיי געווען די מנהגים פון רעגיס־טראַציע, וואַלן, פּאַרלאַמענטאַרישער מיטינג־פירונג, יוניאָן־אָפּצאָלן, א. ד. גל. עס זיינען נאָך אַפילו ניט געווען קיין גרענעץ־ליניעס, עקאָנאָמישער אָדער פּסיכאָלאָגישע, צווישן די יידישע שאָפּ־ארבעטער, פון איין זייט, און די קליינע אָרימע אונטערנעמערס, די אַזוי גערופענע „קאָנטראַקטאָרס", פון דער צווייטער זייט. דאָס אַלץ איז געווען א קאָלאָסאַלע מניעה פאַר דער פאַרשפּרייטונג און פאַרשטאַרקונג פון טרייד־יוניאָניזם צווישן יידן. די שרעקלעך־שווערע ארבעט־באַדינגונגען, ווי די לאַנגע ארבעט־שעה'ן, קלעג־לעכע שכירות א. אז. וו., פלעגן פונדעסטוועגן אָפט פירן צו פּראָטעסט־אויסברוכן, צו סטרייקס, און ביטערער אומצופרידנקייט מיט דער לאַגע. דער אונטערנעמער, וואָס קעגן אים האָבן די ארבעטער געפירט א „קאַמף", איז אין גרונט אַליין געווען בלויז א ווערקצייג אין די הענט פון רייכן „לאַגערמאַן", דעם רייכן פאַבריקאַנט. ניט זעלטן פלעגן, אגב, די בעלי־מלאכות אַליין ווערן אַזעלכע „קאָנטראַקטאָרס", קליינע אונטערנעמערס, וואָס האָבן אין זייערע קליינע, ענגע און שמוציקע דירות געהאַט זייער „שאָפּ".

עס האָט זיך געפאָדערט אָן א שיעור מוט, גלויבן און ענערגיע אין די רייען פון דער אריבערגעקומענער יידישער פאָלקס־אינטעליגענציע, וואָס איז, ווי שוין אויבן געזאָגט, נאָך אין רוסלאַנד אָנגעשטעקט געוואָרן מיט סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אידייען; עס האָט זיך געפאָדערט דער אומבאַגרענעצטער ענטוזיאַזם און מסירת־נפש פון אָט די יונגע אידעאַ־ליסטן, כדי דאָך בייצוקומען אַלע שטערונגען, און באַשאַפן א יסוד פאַר דער ארבעטער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס.

בלויז אַ דאַנק דעם מוט פון די אָרעמסטע אַרבעטער, אַ מוט וואָס איז געקומען פון דער שרעקלעכער נויט זייערער, און דעם ברען און גלויבן פון די יונגע סאָציאַליסטישע רעדנער און שרייבער, עטלעכע פון זיי שוין מיט א דערפאַרונג, וואָס האָט געשטאַמט פון לאָנדאָנער יידישן קוואַרטאַל (ווי

ווינטשעווסקי, יאַנאָווסקי, קראַנץ און אַנדערע), זיינען אויפגעבויט געוואָרן די קליינע שוואַכע „געווערקשאַפטן" (ווי מ'האָט די טרייד־יוניאָנס גערופן אין די ניו יאָרקער דייטשישע אַרבעטער קרייזן, פון וועלכע די יידן זיינען שטאַרק און לאַנג באַאיינפלוסט געוואָרן). פון אָט דעם שוואַכן, כמעט הילפ־לאָזן אָנפאַנג זיינען שפּעטער אויסגעוואַקסן די מעכטיקע מאָדערנע יוניאָנס פון די שניידער אַרבעטער. אין האַרבסט, 1888, איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון די קליינע און שוואַכע יידישע טרייד יוניאָנס אין ניו יאָרק — די „פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן", לויט דעם מוס־טער פון די דייטשישע געווערקשאַפטן אין ניו יאָרק. ביי איר גרינדונג האָט די דאָזיקע צענטראַלע קערפּערשאַפט פון די יידישע אַרבעטער יוניאָנס אַרומגענומען ניט מער ווי קרוב 80 אַרבעטער.[16]

אונטער דער ווירקונג פון דעם ביישפּיל וואָס די דייטשישע קלאַסן־באַוואוסטזיניקע אַרבעטער האָבן אויפגעטאָן, האָבן די זעלבע יידישע פּיאָ־נערן וואָס האָבן געבויט די ערשטע טרייד־יוניאָנס אויך געאַקערט און באַאַרבעט דעם באָדן פאַר אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג דורך אַ ראַדי־קאַלער אַרבעטער־ פּרעסע אויף יידיש און דורך אומאויפהערלעכער מינד־לעכער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע אַרבעטער. זיי האָבן אויך געשאַפן געזעלשאַפטן פאַר קעגנזייטיקער אַרבעטער־הילף, ווי דער אַרבעטער רינג פאַראיין אין ניו יאָרק, געגרינדעט אין 1892, פון וועלכן עס איז שפּעטער (אין 1900) אויסגעוואַקסן דער „אַרבעטער רינג", אָט דער ערשטער און גרעסטער יידישער פּראָטערנעלער אַרבעטער־אָרדן אין דער וועלט.

אין זעלבן יאָר 1892 איז אויך אָוועקגעלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דעם שפּעטער אַזוי באַרימט־געוואָרענעם יידישן סאָציאַליסטישן מאָנאַט־לעכן זשורנאַל „די צוקונפט". ווי מיר ווייסן שוין, האָט עס געזאָלט זיין אַ וויסנשאַפטלעך־סאָציאַליסטישער מאָנאַט־זשורנאַל, אָבער דורך דעם אויס־פעל פון אינטעלעקטועלע כוחות איז ער געווען (ווי עס דערציילט איינער וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום זשורנאַל פון ערשטן טאָג אָן) בלויז „אַ פּאָפּולאַריזאַטאָרישער העפט פון פערשידענע אַרטיקלען, און דורך אַ מאַנגל אין מאַטעריעלע מיטלען איז ער זעלטן אַרויסגעגאַנגען — פאַר די ערשטע צען יאָר זיינען הלוואי געווען אַרויס פינף־און־צוואַנציק נומערן."[17]

דער מוט און ענערגיע פון די ערשטע פּיאָנערן פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אויף דער יידישער גאַס האָבן ניט געוואָלט וויסן פון קיינע מניעות. אין אָקטאָבער 1894 איז צום ערשטן מאָל אין דער יידיש־סאָציאַליסטישער וועלט אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט אַ טעגלעכע צייטונג — דאָס „אָבענד־בלאַט". נאָך פריער, אין 1890, האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די „אַרבייטער צייטונג", די ערשטע יידישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע צייטונג אין אַמעריקע. זי האָט געמאַכט אַן עפּאָכע אין דער

געשיכטע סאַי פון דער יידיש־אמעריקאנישער ארבעטער־באוועגונג, סאַי פון דער יידיש־אמעריקאנישער זשורנאליסטיק און ליטעראַטור. דאָס „אבענד־בלאַט" איז ארויסגעגאנגען אלס אָרגאַן פון דער יידישער סעקציע פון דער סאָציאַליסטישער ארבעטער־פּאַרטיי אונטער דער רעדאַקציע פון פיליפּ קראַנץ. זי האָט פיל אויפגעטאָן פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די יידישע ארבעטער־מאסן אין אמעריקע. אינצווישן זיינען, ווי מיר ווייסן שוין, אָנגעגאנגען אין יענע יאָרן אין דער עס. על. פּי. גופא שאַרפע אינערלעכע מחלוקות און רייסערייען. ס'זיינען פאָרגעקומען שפּאַלטונגען, עס זיינען אויפגעקומען פראַקציעס, אָפּאָזיציעס, א. ד. גל. דאָס אלץ האָט, פאַרשטייט זיך, געווירקט ווי סם־המות אויף דער באַוועגונג. די קריגערייען בא די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אין די טרייד יוניאָנס האָבן זיך אלץ מער פאַרשאַרפט. עפנטלעכע באַשלודיקונגען, און דווקא גאָרניט שיינע, זיינען גע־מאַכט געוואָרן, דאָס פון איין זייט, דאָס פון דער אנדערער — אלעקסאנדער יאָנאסעס „פאָלקס־צייטונג" און דאַניעל דעליאָנס „דעילי פּיפּל" האָבן געקעמפט צווישן זיך הייס און ביטער. די יידישע צייטונג „אבענד־בלאַט" איז געווען „לאָיאַל" צו דעליאָנען. אָבער אָט איז געקומען אַן איבערברוך — אין 1895 אָדער 1896. אב. קאַהאַן איז געווען פון די ערשטע שאַרף און אָפן ארויסצוטרעטן אנטקעגן דעליאָנען. ער האָט געשריען, אז דעליאָן איז שעדלעך פאַר דער באוועגונג, ווייל ער, דאַניעל דעליאָן, באַשמוצט זיינע קעגנערס און זוכט אויף אלע אפנים און מיט אלע מיטלען זיי צו באַגראָבן... (עס איז קוים פאַרלאָפן צען יאָר, און קאַהאַן אליין איז אוועק אויף יענע וועגן, וואָס אין זיי האָט ער מיט אזא ברען און כעס באַשולדיקט די דעליאָניסטן). סוף כל סוף האָט די אָפּאָזיציע געשאַפן אַן אייגענעם טעגלעכן אָרגאַן, וואָס זאָל מיט דער צייט אַרויסשטופּן דאָס „אבענד־בלאַט" פון דעם פאָדערגרונט.

אזא אונטערנעמונג — צו גרינדן א צווייטע טעגלעכע ארבעטער־צייטונג — איז געווען פאַרבונדן מיט א סך שוועריקייטן, דערהויפּט מחמת דעם אויספאַל פון גרעסערע פאָנדן. דאָ האָט ווידער די מסרת־נפשדיקע ארבעט און גרויסע באַגייסטערונג דאָך געקענט בייקומען די מוראַדיקע שטערונגען. אָט די צוויי כאַראַקטער־שטריכן, וואָס זיינען פאַר אַן אידעאַ־ליסטישער באוועגונג ווערט מער ווי געלט, האָבן דעמאָלט פאַרמאָגט די צוויי יונגע יידיש־סאָציאַליסטישע וואָרט־פירער — לואיס מילער (1866־1927) און אברהם קאַהאַן, וואָס זיינען אגב אין יענע יאָרן געווען נאָענטע חברים, לאַנדסלייט און פריינד. אין ניו יאָרק און אויסער ניו יאָרק, אין די יוניאָנס, אויף מאסן־פאַרזאַמלונגען, האָבן די צוויי מענטשן ניט אויפ־געהערט צו אַגיטירן פאַרן פאָנד. טאָג און נאַכט האָבן זיי געאַרבעט און זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו זייער ציל. דער ארבעטער־עולם האָט זיך אָפּגע־

רופן זייער ווארעם און מיט גרויס חשק. „ארבעטער, פשוטע קלאָוק אָפּערעיטאָרס און פינישערס, שניידער און שניידערקעס פון אלע מינים, פלעגן אויסטאָן די זייגערלעך פון זיך, כלות האָבן אַראָפּגענומען די קדושין־רינגלעך, פּרויען — זייערע חתונה מתנות — מען האָט פון די „ווידזשעס" א העלפט אָפּגעגעבן, און עס איז געוואָרן דער נויטיקער פאָנד, נאָך גיכער ווי מען האָט דערווארט. דעם 22טן אפּריל, 1897, איז ארויסגעגאנגען דער 1טער נומער „פאָרווערטס". די פריער געגרינדעטע „פּרעס פעדעריישאָן" איז געווען די אָפיציעלע ארויסגעבערין פון דער נייער צייטונג און אב. קאהאן איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר.[18]

מיט יאָרן שפּעטער, אין סוף די 1920־ער, האָט איינער וואָס איז געווען זייער נאָענט צו די קרייזן, וואָס האָבן געטראָגן די יידישע ראדיקאַלע באוועגונג אין די 80ער און 90ער יאָרן, און האָט געקענט די אומשטענדן, אין וועלכע דער „פאָרווערטס" איז געשאַפן געוואָרן, אָט אזוי כאראקטעריזירט די דעמאָלדיקע לאגע און דעם מהלך וואָס ליגט צווישן דעם „פאָרווערטס" אין זיינע ערשטע יאָרן און דעם פּנים פון דער דאָזיקער צייטונג אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, דאָס מיינט זינט 1910. אָט וואָס דער דאָזיקער צוטרויענס־ווערטער עדות, י. קאָפּעלאָוו שרייבט:

איך ווייס, אז ווען דער „פאָרווערטס" האָט זיך געדארפט גרינדן, און אויפגעבויט ווערן, האָט קיינער ניט, אַבסאָלוט קיינער ניט, און אב. קאהאן אפשר נאָך וויניקער ווי ווער עס איז, גאָר אין זינען ניט געהאט אזא צייטונג ווי דער איצטיקער „פאָרווערטס". (געמיינט איז די צייט פון 1927־1929).

איך ווייס, אז ווען מען איז ארומגעלאָפן מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק פון איין פארזאמלונג צו דער אנדערער בעטן און קלייבן נדבות, האָט מען גערעדט — און אב. קאהאן איז געווען פון די ראשי המדברים — וועגן גאָר אן אנדער צייטונג מיט גאָר אן אנדער מהות און אינהאלט. דעמאָלט האָט מען געטענה׳ט אז די צייטונג וועלכע מען גייט גרינדן, וועט זיין א קאמף־אָרגאן פאר די ארבעטער, דעם ארבעטערס אוואנגארד, ער וועט זיין בלוט פון זיין בלוט און פלייש פון זיין פלייש, אויסגעבונדן און אויסגעפלאָכטן מיט זיין טאָג־טעגלעכן לעבן און מיט זיינע טאָג־טעגלעכע פאָדערונגען; אַז די צייטונג וועט וואַכן איבער אַלע זיינע אינטערעסן און גייסטיקער אַנטוויקלונג. די צייטונג וועט זיין א מוסטער, האָט מען צוגעזאָגט, ווי אן ארבעטער־אָרגאַן דארף זיין, — אז אחוץ דעם קלאסן־קאמף דארף אן ארבעטער־צייטונג פלאנצן אין דעם ארבעטער אלמענטשלעכע גוטע

מידות און אויפהויבן אים צו א העכערע מדרגה בכלל. מען האָט דאַמאָלסט נאָך פּיל, גאָר פּיל מבטיח געוועזן — און מען האָט דווקא געמיינט, וואָס מען האָט געזאָגט. די ערשטע צייט, ווען דער „פאָרווערטס" איז ערשינען, האָט מען געקאָנט מערקן, אז ער באמיט זיך טאָקע נאָכצוקומען זיין פּראָגראַם. ער איז געוועזן דער אמת'ער ארבעטער־אָרגאַן און פּיל, אויב ניט אין אלע הינזיכטן. ער איז אויך ליטעראריש געשטאַנען אויף א העכערע מדרגה איידער די אנ־דערע עקזיסטירנדיקע צייטונגען ער איז געוועזן ריין מיט א שיינעם אינהאלט און אויסגעצירקט אויפגעהאַלטן, כמעט ווי די דייטשע „פאָלקס־צייטונג" אונטער יאָנאסעס און שעוויטשעס רעדאקציע. אָבער גראָד דאן איז ער געוועזן קליין און אָרעם... ביסלעכווייז איז ער ארויסגעקראָכן פון זיין שלעכטער לאגע... ער איז געוואָרן רייך און מעכטיק.

אָבער מיטן וואוקס פון דער צירקולאציע, אויף וועלכער דער „פאָרווערטס" איז דער גרעסטער מאדים (מען זאָגט, אז זיין טיראַזש דערגרייכט ביז א פערטל מיליאָן, — א סכום, וואָס האָט זיך קיינמאָל קיינעם ניט געחלומט), מיט זיין פארבעסערטער און אלץ מער פאר־פעסטיקטער מאטעריעלער לאגע, איז זיין גייסטיקער צושטאַנד געוואָרן אלץ שוואכער און אָרעמער. מיט איטלעכן הויב פון זיין טיראַזש, האָט זיך אלץ נידעריקער אראָפּגעלאָזן זיין אינעווייניקסטער ווערט, עפּעס אזוי ווי דער גוף פון „פאָרווערטס" האָט זיך געגערט און גע־האָדעוועט אויפן חשבון פון זיינע נשמה־כוחות.

האָט זיך דאָס מיטן „פאָרווערטס" איבערגעחזרט די אלטע גע־שיכטע, וועלכע מיר זעען דאָ אזוי אָפט, אז ווען אַן אַמאָליקער רעוואָ־לוציאָנער ווערט אַן „אָלרייטניק", פארלירט ער זיין גאנצן מחות און ווערט אָפּטמאָל אן ערגערע חיה איידער א געוואוינלעכער בשר ודם? מעגלעך, אז דער „פאָרווערטס" ווערנדיק „עלטער", איז אויך „קלי־גער" און „פּראַקטישער" געוואָרן. מען האָט פארזוכט די פעטע גע־שמאַקערע יאָרן, און מיטן עסן קומט דער אפּעטיט, האָט מען אוועק־געוואָרפן די אלטע „גרינהאָרנס־זאבאָבאָנעס", מען האָט אָנגענומען דעם אמעריקאַנער שטייגער און מען איז געוואָרן, ברוך השם, מיט לייטן גלייך![19]

ג

ס׳פארשטייט זיך, אז די אויבן־געשטעלטע פראגע לאָזט זיך אָבער ניט אזוי איינפאך פארענטפערן און דערקלערן, ווי איינער פון די בעסטע מעמואַ־ריסטן פון דער יידישער אַמעריקע, דער נאָר וואָס ציטירטער, י. קאָפּעלאָוו, טוט עס. די אורזאכן פון דער ירידה קומען פון די ספּעציפישע באדינגונגען פון יידישן לעבן אין אמעריקע און פון דער פארוויקלטער סאָציאַל־פּסיכאָ־לאָגישער סיטואציע, וואָס נעמט ארום, חוץ די באוואוסטע יחידים, אויך די גאנצע סביבה אין וועלכער די יידישע אימיגראנטן־מאסע האָט זיך אויס־געלעבט. די געשיכטע פון דער צייטונג „פאָרווערטס" איז אזוי פארקניפּט און פארבונדן מיט דער געשיכטע פון דער גאנצער ראַדיקאַלער באוועגונג אויף דער יידישער גאַס, אז ס׳וועט כדאי זיין, ביי דער באלייכטונג פון א. ש. זאקסעס דערפארונגען בעת די ערשטע 5־4 יאָר פון זיין לעבן אין אמעריקע, א ביסל לענגער זיך צו פארהאלטן אויף דעם דאָזיקן קאפּיטל אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַלער באוועגונג ביי די יידישע פאָלקס־מאסן אין אַמעריקע, נעמלעך אויף די גלגולים און משונהדיק־אַבנאָרמאַלע פּירונ־געט פון דעם „פאָרווערטס".

אב. קאהאן איז ניט לאנג פארבליבן דער ערשטער רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס", מחמת פארשידענע אורזאכן. געקומען צוריק צום „פאָר־ווערטס" איז ער ערשט אין 1902, און האָט דעמאָלט באקומען דיקטאַטאָרישע פולמאכן צו קירעווען און הערשן איבער דער צייטונג. און ניט נאָר איז ער געבליבן אומפאראנטוואָרטלעך, אומבאַשרענקט און דורך און דורך פריי אין אלץ וואָס געהערט צו דער רעדאקציאָנעלער זייט פון „פאָרווערטס", נאָר ער האָט נאָך זיין אייגנוויליקן איינזען געקענט נעמען וועלכע שטעלונג ער האָט געוואָלט צו די פּאסירונגען פון אלגעמיינעם פּאָליטישן און סאָציאלן כאראקטער, אין די פּאַרטיי־פראגן א. אז. וו... ניט אומזיסט האָט אב. קאַספּע, נאָך 8־7 יאָר פון קאהאנס זעלבסטאיינגעפירטער אַבסאָלוטער הער־שאפט איבערן „פאָרווערטס" און דער יידישער סאָציאליסטישער באוועגונג, מיט רעכט געקענט זאָגן, אז „אונזער פאָרווערטס" איז איינס און דאָס זעלבע וואָס „קאהאנס פאָרווערטס".[20]

ביזן יאָר 1902, ווען דאָס „אבענד־בלאט", וואָס איז געווען די טרעגערין פון דער ס. ל. פּ. אידעאָלאָגיע, איז אונטערגעגאנגען, האָבן פיליפּ קראַנץ און ב. פייגענבוים, די גייסטיקע פירער פון אָט דער טאָג־צייטונג ניט אויפגעהערט צו באַקעמפן דעם אָפּאָרטוניסטישן און פּרינציפּן־לאָזן יידישן צו־להכעיס אָרגאן פון דער סאָציאליסטישער טעגלעכער פּרעסע — דעם „פאָרווערטס". ביים סאמע שארפסטן מאָמענט פון דעם סכסוך אין די יידיש־סאָציאליסטישע רייען, אין 1895־1896, האָט אב. קאהאן ארויסגעכאפּט אפילו

די רעדאקציע־פירונג פון דער „צוקונפט" פון די דערוויילטע רעדאקטאָרן, פיליפ קראַנץ און אב. קאַספּע, און האָט דעם זשורנאַל געמאַכט פאַר דער טריבונע פון זיין ביטערן, עקשנותדיקן קאַמף קעגן דעם „אַבענד־בלאַט". פון 1897 ביז 1902 איז די „צוקונפט" בכלל ניט ארויסגעגאַנגען. פון 1902 אָן זיינען די ארויסגעבער, דאָס הייסט, די „צוקונפט פּרעס פעדעריישאָן" (פון 1892 ביז 1897 פלעגט די „צוקונפט" ארויסגעגעבן ווערן פון די יידיש־שפּרעכנדיקע סעקציעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי) געווען גאַנץ פריינדלעך צום „פאָרווערטס". די „פאָרווערטסיסטן" ווידער זיינען אין די ערשטע יאָרן (1903 - 1905) ניט געווען קעגן די רעדאקטאָרן פון דער „צוקונפט", פ. קראַנץ און ב. פייגענבוים, טראָץ די אַלטע קריוודעס און פּאַרטיי־סכסוכים. קיינער פון די „פאָרווערטס" טוערס האָט ניט פאַרלאָרן די אכטונג צום ערשטן יידישן סאָציאַליסטישן מאָנאַט־זשורנאַל. אַנדערש איז אָבער געוואָרן די האַלטונג פון „פאָרווערטס" צו דער „צוקונפט" נאָך 1906־1907, צוליב טעמים וואָס מיר וועלן באַלד אויפדעקן. ביים „פאָר־ווערטס" רעדאקטאָר און ביי זיינע נאָענטסטע אָנהענגער איז כסדר געוואָקסן דער וואונש צו מאַכן א סוף צו דער „צוקונפט", סיידן ס'וועט זיי געלינגען צו פאַרכאַפּן אָט דעם זשורנאַל אין זייערע אייגענע הענט. און סיסטעמאַטיש איז געאַרבעט געוואָרן אי אין אָפיס פון דער ביזנעס־זייט אי אין דער רעדאקציע צו פאַרווירקלעכן זייער וואונש.[21]

ביים „פאָרווערטס" רעדאקטאָר, אב. קאַהאַן, האָבן שטענדיק פּערזענ־לעכע חשבונות און אַמביציעס געשפּילט א גרעסערע ראָלע ווי די זאַכלעכע מאָטיוון פון סאָציאַליסטישער אויסגעהאַלטנקייט אָדער פּשוטער פּובליציס־טישער קאָרעקטקייט און אָנשטענדיקייט. דאָס האָבן פעסטגעשטעלט די אָביעקטיווע באָאָבאַכטער וואָס האָבן אים יאָרנלאַנג נאָענט געקענט.[22] פון „פרייע פּרעסע" האָט קאַהאַן אויך קיינמאָל ניט געהאַלטן, ווי עס זאָגן עדות אַזעלכע נאָענטע מיטאַרבעטער זיינע אין די ערשטע יאָרן פון דער אַרבע־טער־פּרעסע ווי יעקב מילך און מאָריס ווינטשעווסקי.[23] דער קעמפער פאַרן גרויסן און יושרדיקן פּרינציפּ פון פרייע פּרעסע, מ. ווינטשעווסקי, האָט געוויס ניט געקענט צושטימען צו די מעטאָדן פון געלן, גאָר וואולגאַרן זשורנאַליזם, וואָס האָט אַזוי אויסגענומען ביי די צוויי הויפּט־איניציאַטאָרן פון „פאָרווערטס", מילער און קאַהאַן. במילא האָט זיך געשאַפן א באָדן פאַר א פּרינציפּיעלן סכסוך צווישן דעם „פאָרווערטס", און דאָס מיינט אין גרונט אב. קאַהאַן, און דער „צוקונפט" זינט מאָריס ווינטשעווסקי איז, זומער 1907, געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט".

און די צרה פון געלן, וואולגאַרן זשורנאַליזם איז אַלץ גרעסער געוואָרן פון יאָר צו יאָר. אין נאָוועמבער 1905 האָט לואיס ע. מילער, וועלכן אב. קאַהאַן האָט ארויסגעשטופּט פון „פאָרווערטס", זיך געשטעלט אין דער

שפּיץ פון אַן אייגענער, „אומפּאַרטייאישער, סאָציאַליסטישער" צייטונג „די וואַרהייט". גלייך האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט אַ מוראדיקער קאַמף צווישן די צוויי טעגלעכע צייטונגען, וואָס האָבן ביידע כלומרשט געדינט דער פאַרשפּרייטונג פון סאָציאַליסטישן אידעאַל. די פּאָלעמיק און קריגעריי איז געפירט געוואָרן אויף אַ מאַרק־שפּראַך. אַב. קאַהאַן האָט זיין פריערדיקן חבר, ל. ע. מילער, גערופן ניט אַנדערש ווי „מילערקע מיט די רויטע בעקלעך", דער „זשוליק" און אַנד., און האָט אים פאַרגעוואָרפן אַלץ וואָס אין קאָרט שטייט. מילער האָט דערויף געענטפערט מיט אַ רשימה פון וואַגיקע באַשולדיקונגען, ווי אַ שטייגער, אַז דער „פאָרווערטס" האָט פאַר־פּלאָנצט וואולגאַריטעט, ציניזם און זנות־אַרטיקלען אין דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער פּרעסע; אַז ער האָט איינגעפירט אַ צאַרישן דעספּאָטיזם, סיי איבער יחידים, סיי איבער אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, כדי אַלע זאָלן זיך בויגן און בוקן פאַר זיין ווילן; אַז ער באַשטראָפט גרויזאַם זיינע קעג־נער און באַלוינט מיט אַ ברייטער האַנט זיינע מקורבים, אאַז"וו אאַז"וו. [24] „די וואַרהייט" האָט געעפנט איר שפּאַלטן פאַר די אָנגעזעענסטע שרייבער און קינסטלער, ווי מ. ווינטשעווסקי, ד"ר. ה. זשיטלאָווסקי, יעקב גאָרדין, יהואש און אַנד. אָבער בעצם איז זי געווען ניט ווייניקער „געל" ווי דער „פאָרווערטס". אין גרונט זיינען מילער און קאַהאַן געווען די טאַטעס פון געלן און וואולגאַרסטן זשורנאַליזם אין דער יידישער אַרבעטער־פּרעסע. קאַהאַן האָט אין 1897־1901 געאַרבעט ווי אַ פּאָליציי־רעפּאָרטער אין אַן ענגלישער טעגלעכער צייטונג („קאָמערשעל עדוועורטייזער") און דאָרט געכאַפּט דעם ריכטיקן שניט פון פּיקאַנטן, פאַרכאַפּנדיקן זשורנאַליזם, וואָס איז אָנגעפילט געווען מיט שרייענדיקן סענסאַציאָנאַליזם, לעבלעכער סענ־טימענטאַליטעט און וואַסערדיקער מוסר־זאָגעריי. [25] דיזעלבע מעטאָדן צו דערשלאָגן זיך צום געשעפט־דערפאָלג האָט ער שפּעטער באַנוצט אויך אין „פאָרווערטס". ריין אָביעקטיווע אומשטענדן האָבן אים אויך צוגעשפּילט אויפן בעסטן אופן. די מאַסן־אימיגראַציע פלעגט כמעט טאָג־טעגלעך־אריינ־ברענגען טויזנטער פרישע יידישע לייענער, און ס'איז גאָר קיין וואונדער ניט, אַז די צירקולאַציע איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. [26] אין 1909־1910 האָט דער „פאָרווערטס" שוין פאַרקויפט 100,000 עקזעמפּלאַרן טאָג־טעגלעך. אין אָנפאַנג 1912 האָט זיין צירקולאַציע אפילו דערגרייכט די ריזיקע צאָל (פאַר יענער צייט) פון 130,000. אָבער אונטער דער אויבערפלאַך פון דרויסנדיקן דערפאָלג איז ניט אַלץ געווען גאַנץ געזונט. דער געוויסן פון די עלטערע צווישן די גרינדער און ערשטע בויער פון „פאָרווערטס" האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דרעמל און ניט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק פון מאָראַלישער, אינטעלעקטועלער ירידה פון דער פּרעסע מחמת איר גרעניצלאָזער פאַרביליקונג און וואולגאַריזאַציע וואָס האָט ממש גאָר

קיין גרענעץ ניט געהאַט. אָט דער פּראָטעסט האָט דערהויפּט געשטאַמט פון מ. ווינטשעווסקי און די איבעריקע סאָציאַליסטישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום דער „צוקונפט" אין ניו יאָרק און ארום זאַקסעס „יידישער ארבעטער וועלט" אין שיקאַגאָ. דערמיט דערקלערט זיך דער ביטערער קאַמף וואָס קאַהאַן און זיינע מקורבים האָבן געפירט קעגן אָט די צוויי צייטשריפטן, וואָס האָבן געזוכט צו האַלטן הויך די פאָן פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג.

במילא האָט קאַהאַנס כעס זיך געמוזט צעברענען אָן א מאָס און גרענעץ דווקא אין 1911, ווען זאַקס איז געוואָרן דער פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". ער האָט, ווי מיר ווייסן שוין, אין אָנפאַנג 1912 פאָרגעוואָרפן דער „צוקונפט" אַז זי איז „א שנאָרערישער זשורנאַל". דערויף האָט די רעדאַקציע פון דעם זייער ערסטן און ריינעם זשורנאַל, ווי מיר ווייסן שוין, געענטפערט, „אַז שנאָרן איז פאַר א סאָציאַליסטישע שריפט קיין שאַנדע ניט, מיאוס איז ווען מען פאַרקויפט איר צום טייוול פון געלקייט..." דאָס איז אַ קלאָרע תשובה אויפן אַדרעס פון אב. קאַהאַן. און עס שרייבט דער רעדאַקציע־מיטגליד (מסתם ד"ר א. קאַספּע), אין שייכות מיט דער קליינער צירקולאַציע (עטלעכע טויזנט) פון דער „צוקונפט" אָט וואָס:

> און מיר ווייסן נאָך א סוד וועגן „סירקולײשאָן". ווען אב. קאַהאַן וואָלט ניט פאַרשוונדעוועט די לעזער פון „פאָרווערטס" מיט שונד־ראָמאַנען און מיט אַלע מינים פּיקאַנטע מעשיות, ווען ער וואָלט געטאָן דורך דעם „פאָרווערטס", וועלכען מען האָט איהם אָנפערטרויט, אַן ערציהערישע, סאָציאַליסטישע ארבייט, ווען אב. קאַהאַן וואָלט ניט געמאַכט אין „פאָרווערטס" די שונד־אַרטיקלען פאַר אַן עיקר, און די סאָציאַליסטישע און וויסנשאַפטלעכע פאַר א טפל, דאַן וואָלט אויך די „צוקונפט" געהאַט פיעל מעהר לעזער, ווי זי האָט היינט. ווען מען לערנט אָבער ניט אויס אין חדר קיין עברי, קען מען ניט געהן אין דער ישיבה צו לערנען גמרא. אב. קאַהאַן מיט זיין געלען זשורנאַליזם און „פּאָפּולאַריזאַציעס" האָט פאַרשלעפּערט דעם מוח פון די ראַדיקאַלע לעזער, ער האָט דעם לעזער פאַרשוונדעוועט, ער האָט איהם פאַר א גייסטיקן קריפּל געמאַכט, ער האָט זיין געשמאַק פאַרדאָרבען, אַז ער איז מעהר ניט פעהיג צו פאַרשטעהן עטוואָס בעסערעס און ערנסטערעס.[27]

ווי א ביישפּיל פון די מעטאָדן פון ביליקן סענסאַציאָנאַליזם און רעקלאַמירונג־חכמה אין גייסט פון אב. קאַהאַנס געלן זשורנאַליזם, וועט דינען אַזאַ פאַקט. אין סוף 1911 האָט דער „פאָרווערטס" אַרויסגעלאָזן,

צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע קלאַסישע ווערק, אויך א. בעבעלס באַרימט בוך „די פרוי און דער סאָציאַליזם" אין ב. פייגענבוימס איבערזעצונג. אין יאַנואַר 1912 האָט דער „פאָרווערטס" זייער ענערגיש רעקלאַמירט אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג אָט דעם בוך, דערביי האָט ער אָבער פאַלסיפיצירט דעם נאָמען פון ווערק, און אנשטאָט דעם פולן בוך־טיטל „די פרוי און דער סאָציאַליזם" איז גאָר אויסגעקומען, לויט די אַנאָנסן (אדווערטייזמענטס) אין „פאָרווערטס" נאָך, אז בעבעלס ווערק הייסט פראָסט פשוט „די פרוי". אונטער אָט דעם „געפיקסטן" בוך־טיטל זיינען געווען געדרוקט אין די „פאָרווערטס" אנאָנסן אלערליי פיקאַנטע, אָנציהענדיקע מעשה׳לעך וועגן אינהאַלט פון בוך אונטער זייער שרייענדיקע, ממש סקאַנ־דאַליעזע קעפּלעך, ווי צום ביישפּיל: „פאַרוואָס זיינען די אמאָליקע פרויען געווען שענער פון די היינטיקע?" (יאַנ. 24, 1912), אָדער „נדן ביי חתן־כלה אמאָל און היינט", (יאַנ. 14, 15, 1912), „האָבן פרויען ניין מאָס רייד?" (יאַנ. 20); „א מחמדנער פרוי טאָר קיין דאָקטאָר ניט זען" (יאַנ. 30); „שלמה המלך האָט געהאַט 1000 ווייבער און ס׳איז קיין עבירה ניט געווען" (פעבר. 1) „הולטאַיסקע פּרינצן און די לאַגע פון דער פרוי" (פעב. 3); און א סך אַנדערע פון זעלבן מין. אייניקע מאָל האָט דער „פאָרווערטס" אין זיינע אנאָנסן אָנגעוויזן אויפן פאַקט, אז בעבעלס בוך האָט געהאַט 51 אויפלאַגעס אין דייטשלאַנד, און איז ארויס אין 17 אנדערע שפּראַכן, און אַרום און אַרום איז ער געדרוקט געוואָרן איבער 100 מאָל. נו, פרעגן מיר: איז דען באַנוצט געוואָרן אין וועלכער אנדער שפּראַך, און אין וועלכער ס׳איז אנדערער סאָציאַליסטישער צייטשריפט אַזאַ וואולגאַרע, שונדיש־בידעריקע מעטאָדע צו באַקאַנט מאַכן און פאַרשפּרייטן אַזאַ וויכטיקן און באַלערנדיקן בוך, ווי דאָס האָט געטאָן דער סאָציאַליסטישער יידישער „פאָרווערטס"? אָן גוזמא קען מען משער זיין, אז די גרעסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט, דער „פאָרווערטס", האָט געשלאָגן דעם רעקאָרד אין ענין פאַרשמוצן, פאַרביליקן און וואולגאַריזירן די אין גרונט נויטיקע און געוואונשענע רעקלאַמירונג פון אַזאַ העכסט וויכטיקן און נויטיקן סאָ־ציאַליסטישן פּראָפּאַגאַנדע־מיטל ווי א. בעבעלס בוך. און צוליב וואָס האָט ער דאָס געטאָן? — דערויף ענטפערט אים קורץ און שאַרף די „צוקונפט" רעדאַקציע:

יאָ מיר ווייסן דעם סוד פון „סירקולייישאָן". ווען מען גיט ארויס בעבעלס בוך „די פרוי און דער סאָציאַליזם", מעקט מען אויס דעם סאָציאַליזם און מען אַדווערטייזט נאָר „די פרוי". דאָס איז א סגולה צו „סירקולייישאָן", ווען מען וועט שרייבן דעם פולען נאָמען, קענען זיך נאָך די מיידלעך מיט די ווייבלעך אָבשרעקען און מיינען, אז עס

איז א סאָציאַליסטיש בוך, און עס וועט ניט זיין אינטערעסאנט פאר זיי. „די פרוי” אָבער, אָהן סאָציאַליזם, וועט געוויס ציהען דעם עולם, עס וועלען קומען מיידלעך, ווייבלעך, בחורים און אפילו עלטערע אידען, ווארום ווע‏מען וועט אזא צוציהענדער נאָמען ווי „די פרוי” ניט פּאַקען? [28]

יאָ, דער געלער, וואולגאַרער זשורנאַליזם איז ניט קיין דורכאויס יידישע דערשיינונג. אין אַמעריקע האָבן די גרויסע צייטונג־פאַרלעגער, א פּוליצער, א הורסט, און אנדערע, געמאַכט פאר זיך פון אָט דער פאַרפּירערישער, פאַרסמנדיקער צייטונג־שרייבעריי א פעטע בהמה צו מעלקן, א זעלטן דערפאָלגרייכן, העכסט־פּראָפּיטאַבעלן געשעפט. אָבער צווישן די סאָציאַליסטישע צייטונג־ארויסגעבער און רעדאקטאָרן פון דער גאנצער וועלט האָט מסתמא נאָך קיינער, ביז ל. ע. מילערן און אב. קאהאנען, ניט געוואַגט ארונטערצולאָזן זיך אויף אזא שטופּע פון דעם גראָבן, מיאוסן שונד־זשורנאַליזם. דער רעזולטאַט פון אָט דעם חידוש איז געוויס געווען א גאנץ גרויסער, ווען מען מעסט אים אין דאָלארן און סענטן, און דאָס איז געוויס א פאלשער מאסשטאב. אָבער דער רעזולטאט, דער סך הכל, וועט מוזן זיין א דורך און דורך נעגאטיווער, ווען מען גייט צו אים צו מיט דווקא דעם איינציק ריכטיקן, דעם אידעאלן מאסשטאב פון סאָציאַליסטישער ריינקייט און ערלעכקייט. מ'קען אָט דעם אויספיר אין אן אַפאָריזם אויסדריקן אָט אזוי: אמעריקע האָט טאקע געשאפן א שרייענדיקע געלע פּרעסע, אָבער ערשט מילער און קאהאן האָבן געשאפן א הימל־שרייענדיקע געלע פּרעסע. זיינען זיי דען ניט געווען די ערשטע, אין נאָמען פון געלן זשורנאַליזם צו פּראָסטיטואירן, צו פארמיאוסן און פארשאכערן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, ווי בכלל יעדן אידעאל פון ריינקייט, אמתדיקייט און ערלעכקייט?

קאהאן איז „א מענטש א נערוועזער מיט א היציקן טעמפּעראמענט”, אזוי האָט אים כאראקטעריזירט דער אָפיציעלער פארטייאישער שייד־גערינכט צו רעגולירן דעם שארפן סכסוך צווישן די שטרייטנדיקע צדדים אין דער יידישער סעקציע פון דער סאָציאַליסטישער ארבעטער פּארטיי אין 1895־1896. [29] דער דאָזיקער שייד־געריכט איז באַשטאַנען ניט פון קיין קלענערע אינסטאַנץ ווי די נאציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער ס. ל. פּ. דער אמת איז, אז קאהאן האָט דורכגעמאכט אן אויסערגעוואוינלעך־דערפאָלגרייכע קאַריערע אויף דער יידישער גאס, און דער דערפאָלג איז געווען לחלוטין ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין גאנץ באגרענצטער בילדונג און זייער באַשרענקטער געזעלשאפטלעך־פּאָליטישער באהאוונקייט. ער האָט דורך זיינע צייטונג־מעטאָדן, און אדאנק געוויסע אָביעקטיווע אומשטענדן (ווי דער גוואַלדיקער צושטראָם פון אימיגראַנטן, די רוסיש־יאפּאנישע מלחמה, די

רעוואָלוציע און פּאָגראָמען) געמאַכט פון „פאָרווערטס״ אין 8־10 יאָר צייט ניט די בעסטע, אָבער די גרעסטע און רייכסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט. ביי א שפּאָר ביסל וויניק אנטוויקלטע, ניט קריטיש אורטיילנדיקע יידישע פירער, און ביים עולם בכלל, איז געשאַפן געוואָרן דער איינדרוק, אז ער, און בלויז ער, קאהאן, אַט דער כשוף־מאכער פון דער יידישער פּרעסע, איז געווען דער איינציקער פאקטאָר צו דערפירן דעם „פאָרווערטס״ צו אזא גדולה. ניט נאָר איז קאהאן שטענדיק געווען אן איינגעבילדעטער, זעלבסט־צופרידענער דערפאָלג־פאַרגעטערער, נאָר אויך א מענטש מיט אַ גוואלדיקער, קרענקלעכער זעלבסט־פארליבטקייט, א מאָנסטער־עגאָאיסט, א מאַניאַק פון זיין אייגענעם איך. במילא האָט ער זיך אליין, און זיינע נאאיוו־אומוויסנדיקע, חניפ׳יש־געטרייע באַדינער און נאָכלויפער, איינגערעדט, אז בלויז ער, און נאָר ער, דארף האָבן די פולע דעה און דאָס לעצטע וואָרט איבער אלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן יידישן סאָציאליזם אין אמעריקע, מעשה אמת׳ער פּאפּסט, אָדער „פּוסק אחרון״. דערפון נעמט זיך זיין ברענענדיקער כעס קעגן די גענאָסן וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום דער שיקאגאָר סאָציאַליסטישער אגיטאַציע־ביוראָ, בעת זאקס איז געווען דער סאָציאליסטישער רעדאקטאָר אין שיקאגאָ; און דערפון נעמט זיך אויך דער שפּעטערדיקער (אין 1911־1912) פלאַמענדיקער כעס קעגן דעם פארוואלטונג־רעדאקטאָר פון דער „צוקונפט״, א. ש. זאקס. אין יאנואר, 1912, האָט קאהאנס צאָרן דערגרייכט אַ זודיקייט־טעמפּעראַטור, און דאָס האָט געפירט צום מיאוסן אָנפאַל אויף זאַקסן, און אויף דער „צוקונפט״ רעדאַקציע בכלל. וואָלט קאהאן ניט געוואָרן אזוי גליענדיק אין כעס, וואָלט ער געוויס זיין באַליבטן מיטל, צו פארשווייגן, אין באצוג צו דער פון לאנג שוין פארמיאוסטער אין זיינע אויגן „צוקונפט״ ניט אויפגעגעבן. קאהאן, מוז מען וויסן, האָט שטענדיק געזען דעם סימן פון העכסטן דערפאָלג אין רעקלאַמע, באַרימעריי און אומענדלעכער איבערחזרונג פון זיין נאָמען און פון זיינע בילדער, אָדער אין דעם כסדר׳דיקן איבערחזרן פון שירים און שבחים צוליב זיין כבוד וועגן, געדרוקט שווארץ אויף ווייס אין זיין אייגענער, אויב ניט אין אנדערע צייטונגען. די זעלבסט־רעקלאמע ביי א מענטשן ווי ער, מיט א מין געפיל פון פארמינערטער חשיבות (מינדערווערטיקייט ־ קאָמפּלעקס) מחמת זיינע חסרונות, ווי באשרענקטע בילדונג און אנד., האָט שוין דערגרייכט די מדרגה פון א שגעון, פון א גרעניצלאָזן דאָרשט נאָך לויב און חניפה. פארקערט, ווידער, דער הויפּט כלי־זיין אין זיין קאמף מיט אנדערע איז שטענדיק געווען טויט־שווייגן, די בכיוונדיקע נוליפיקאציע פון יעדער מין רעקלאמע, ניט אטאקירן, ניט ארויסרופן קיין שפּור כאָטש פון א „נעגא־טיווער פּובליסיטי״ (דאָס מיינט זידלען, רודפן אָדער אַרונטערצורייסן בפרהסיה) בקיצור: דעם קעגנער צו איגנאָרירן, אים אָן רחמנות צו רודפן

און דערהרגנען דורך טויט־שווייגן. און עפּטער פון אַלץ איז אַזאַ קרבן געווען ניט דווקא קאַהאַנס טעאָרעטישער אָפּאָנענט, נאָר דער אָדער יענער וואָס האָט פאַרטשעפּעט קאַהאַנס קליינלעכע, פּערזענלעכע אַמביציעס. די פיינדשאַפט, למשל, פון אַב. קאַהאַן צו מ. ווינטשעווסקין (רעדאַקטאָר פון „צוקונפט" אין 1907־1910) פאַר יענעמס קעגנערשאַפט צו קאַהאַנס געלן זשורנאַליזם, איז געווען אַזוי גרויס, אַז ביי די „פאָרווערטס" לייט פון קאַהאַנס חדר איז רעכט געווען צו לאָזן די „צוקונפט" אינגאַנצן אונטערגיין און במילא ניט זען ווינטשעווסקין אויפן רעדאַקטאָר־שטול פון דעם זשורנאַל. דעריבער פלעגט קאַהאַן יאָרנלאַנג ניט לאָזן דערמאָנען די „צוקונפט" אין „פאָרווערטס". און ערשט אין יאַנואַר, 1912, נאָך דעם פענאָמענאַלן דערפאָלג פון דעם יובליי־נומער „צוקונפט" האָט קאַהאַן ענדלעך געבראָכן זיין אַלטן נדר פון טויט־שווייגן און איז אַרויס מיט לשון, מיט אַן עכטער מאַרקשפּראַך אויף זיין שטייגער, אָבער די תשובה אויף קאַהאַנס אומטאַקטישן אָנפאַל אויף זאַקסן און אויף דער „צוקונפט" איז אים די רעדאַקציע ניט לאַנג געבליבן שולדיק. יענעם ענטפער, געדרוקט גלייך אין פעברואַר־נומער (1912) פון דער „צוקונפט", האָט הפנים ווידער געשריבן ד"ר אַב. קאַספּע (דער פאַרפאַסער פון דעם אַרטיקל אין יאַנואַר, 1912, „צוקונפט" — אונזער „צוקונפט" און אונזער „פאָרווערטס"). דאָרט לייענען מיר, צווישן אַנדערע פּאָלעמיש־שאַרפע און אָפענע באַשולדיקונגען קעגן דעם „קאַהאַניזם" אין „פאָרווערטס", אויך אָט וואָס:

> אַב. קאַהאַן האָט זיך איינגערעדט, אַז ער און דער „פאָרווערטס" איז איינס און דאָס זעלבע, און ווער עס האָט די העזה צו זיין אַ פּוגע בכבוד פון „זיין" מאיעסטעט איז שוין דערמיט אויך א פעררעטעהער געגן „פאָרווערטס". געוויס האָט די „צוקונפט" געזינדיגט געגן אַב. קאַהאַן און קעגן זיין מאַיעסטעט. עס איז שוין אַ גרויסער פאַרברעכען וואָרום מען קומט ניט אָנפרעגען איהם מיט זיינע פליגעל־אַדיוטאַנטן וועמען מען זאָל וועהלען אַלס מענעדזשינג עדיטאָר פון „צוקונפט" און וועמען מען זאָל וועהלען אין דער רעדאַקציאָנס־קאָלעגיום. געוויס האָט די „צוקונפט" געזינדיגט דערמיט וואָס ג ע נ אָ ס ע ז א ק ס ש ט ע ה ט ב י י ד ע ר ר ע ד א ק צ י אָ ן (צעשפּרייט פון מיר — ה. פּ.) און געוויס איז מען אויך בעגאַנגען א פערברעכען, וואָס די גענאָסען ווינטשעווסקי, ל. בודין, ד"ר לאַנדאַ, צביון, און אפשר אויך ד"ר קאַספּע, מ. שערמאַן און ש. עפּשטיין, אַלע ניט קיין כשר'ע קאַהאַניסטן, זיינען רעדאַקציאָנעל פערבונדען מיט דער „צוקונפט". אָבער אַב. קאַהאַן איז דאָך ניט דער „פאָרווערטס". דער „פאָרווערטס" איז א סאָציאַליסטישע אינסטיטוציאָן, געשאַפען געוואָרן

פון סאָציאַליסטן און אלס אזעלכער איז דער „פאָרווערטס" אלעמען ליעב און טייער. דאָס אונגליק פון „פאָרווערטס" איז נאָר, וואָס אב. קאהאן האָט איהם פערשונדעוועט, וואָס ער האָט אין איהם אַריינגע־בראכט דעם עקעלדיגען, געלען זשורנאליזם.[30]

אָט די משונה׳דיק אומסאָציאַליסטישע פּאָלעמיק, וואָס איר גלייכן איז ווארשיינלעך אוממעגלעך געווען צו געפינען ביי א צווייטן „עם ולשון" חוץ דער שנעל־אויסגעוואַקסענער, פון אַלע עקן וועלט אָנגעלאָפענער יידישער אַר־בעטער־קאָלאָניע אין אמעריקע, האָט בלויז ארויסגעבראכט אויבן־אויף א שווערע וואונד פון דער יידישער באַוועגונג וואָס האָט געהאַט טיפע אינערלעכע גרינדען. לאָמיר איצט אַראָפּלאָזן זיך אביסל טיפער און זוכן צו פארשטיין אָט דעם טשיקאוון אינערלעך־סאָציאַליסטישן „קאַמף".

זאקס איז אָנגעקומען אין אמעריקע, צוזאמען מיט א סך וויכטיקע פירער, און קעמפער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער וועלט, ווי צביון, וולאדעק און אַנדערע, נאָך דעם ווי די רעדאַקציע אין רוסלאַנד האָט צייטווייליק באַזיגט דעם רוסישן ארבעטער־קלאַס. שוין פריער, זינט 1903־1904, זיינען אין אמע־ריקע געווען א סך בונדיסטן און אַנדערע „פּארטיי־מענטשן" מיט א סטאַזש אין צארישן רוסלאַנד. דער טרוקענער „פּראַקטיציזם" פון דער ארבעטער־באַוועגונג, און בכלל דער ארומיקער מאַטעריאַליסטישער גייסט, די „ביזנעס" אַטמאָספער, פון איין זייט, און דער חשק אומצוקערן זיך וואָס שנעלער אין א פרייער, ליכטיקער רוסלאַנד, פון דער צווייטער זייט, — דאָס אלץ איז ניט געווען מסוגל צו פארבינדן אינטים די אריבערגעקומענע יידישע סאָציאַליסטן מיט דער היגער סביבה: מיט דער איין־אייציקער אויסנאַם פון „ארבעטער־רינג", האָבן אָט די ראַדיקאַלע אימיגראַנטן קיין גייסטיק־נאָענטן, ווארימען ווינקל פאַר זיך ניט געפונען: די פּאַרטייען און יוניאָנס זיינען פאַר זיי געווען פרעמד און קאַלט, ווילד־פרעמד אין גייסט נאָך מער אַפילו ווי לויט דער נייער, אומבאַקאַנטער און פרעמדער שפּראַך.

ערשט אין 1908, ווען די האָפענונגען אַ קער צו טאָן דעם רוקן צו דער „פּאַרביזנעוועטער" אַמעריקע, און זיך אַוועקגעלאָזן צוריק אין אַ באַ־פרייטער רוסלאַנד, זיינען צערונען געוואָרן, ערשט דעמאָלט ווערט שוין דער יידישער סאָציאַליסטישער אימיגראַנט אויך אין דעם גייסטיקן זינען א בירגער, אָדער לכל הפחות א תושב פון אמעריקע. ער נעמט זיך צו טרייד־יוניאָן ארבעטן, טרעט אריין אין סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און ווערט אקטיוו אויך אויף אנדערע געזעלשאַפטלעכע געביטן.

זאקס איז גראָד אהער אין לאַנד אָנגעקומען אין א צייט, ווען אָט דער איבערברוך און דער נייער וועג האָבן זיך אָקאָרשט אָנגעהויבן. ער האָט, אלזאָ, שוין געהאַט פאַר זיך א סביבה פון אלט־נייע חברים און

תלמידים, וואָס צווישן זיי האָט ער געקענט ארבעטן ווי צווישן גלייכע אידייען־אָנהענגער. חוץ דעם האָט ער אויך געפונען א ברייטע ספערע פון געזעלשאפטלעך־אָרגאַניזירטע פאַקטאָרן און כוחות, ווי די יידיש־סאָציאַליסטישע ארבעטער־פּרעסע, די טרייד־יוניאָנס, דער ארבעטער רינג און דאָס גלייכן.

דער שטייניקער באָדן פון שווערע אַנטווישונגען און פשרות איז געווען פאר גאָר א סך צווישן די פּרינציפּן־פעסטע רוסיש־יידישע אריבערגע־קומענע סאָציאַליסטן דאָס פעלד אויף וועלכן זיי האָבן גענומען ארבעטן. קורץ נאָך דעם אריבערקומען פון זאַקסן, ווֹלאַדעק, און צביונ׳ען זיינען אָנגעקומען אויך אנדערע פּיאָנערן פון דער באַוועגונג, ווי ליטוואַק און אָלגין. די צופּאַסונג צום גייסט פון אמעריקע איז פאר אַ סך צווישן זיי געווען ניט קיין לייכטער פּראָצעס, וואָס ניט אַלע האָבן אים געקענט אריבערטראָגן, אָבער כמעט אַלע זיינען געפּייניקט געוואָרן פון א שווערן קאָנפליקט, וועלכער איז געווען צום טייל א פּועל יוצא פון די געזעלשאַפט־לעכע פאַקטאָרן, פון דער סביבה און צייט, און צום נאָך גרעסערן טייל — א פּראָדוקט פון געוויסע פּערזענלעכע אמביציעס און כאראקטער־שטריכן. די מעשה איז געווען אָט אַזוי.

אין צענטער פון דער אמעריקאַנער יידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז געשטאַנען א גרויסע, איינפלוסרייכע טעגלעכע צייטונג, דער „פאָר־ווערטס״, וואָס האָט גייסטיק און צומאָל אָרגאַניזאַציאָנעל געקירעוועט מיט דער באַוועגונג, איר געגעבן דעם קורס און איר צוגעשטעלט די טרייב־קראַפט. און דערביי האָט דער עגאָצענטרישער רעדאַקטאָר פון „פאָר־ווערטס״, אב. קאַהאַן, שטענדיק געהאַט זיין אייגענעם קוק און דרך אין דער באַוועגונג. זיין שטאַנדפּונקט, אויב מען קאָן דאָס אַזוי אָנרופן, לאָזט זיך אויסדריקן פּראָסט־פּשוט, און דערצו אויף א בילדלעכן שטייגער: אַן אומנאַטירלעכער שידוך צווישן קאַרל מאַרקס און מאַמאָן, דעם אָפּגאָט פון גאָלד און זילבער. אנדערש געזאָגט: א קלעגלעכע פשרה צווישן דעם פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישן אידעאַל פון גלייכהייט און יושר און דעם וואולגאַר - דעמאָקראַטישן, פלאַך - אמעריקאַנישן, אוניווערזאַל - בורזשואַזן אידעאַל פון געמיינעם שטרעבערטום און „ביזנעס־דערפאָלג״, פון געשעפט־לעכער באַרייכערונג אויף אַלע וועגן און מיט אַלע מיטלען (בירזשע, באָדן־ספּעקולאַציע, ריעל עסטייט און אַזוי ווייטער) וואָס שטייען אין א האַרמאָניע מיט דער היפּאָקריטישער בירגערלעכער עטיק. דער שנעל אויפקומענדער אין אַמעריקע ווילנער בחור, אב. קאַהאַן, וואָס איז אין דער אַלטער היים אויס־געוואַקסן אין אַ סביבה פון גרעסטן דלות און צווישן שמאָלע באַגרענעצטע גייסטיקע האָריזאָנטן פון א רוסיפיקאַטאָרישן איבערפלעכלעכן ראַדיקאַליזם, האָט שטענדיק געהאַט אַ מין אינסטינקטיוון אומבאַוואוסטזיניקן דרך־ארץ און

באוואונדערונג פאר די גרויסע „ביזנעס דערגרייכונגען" פון אַט דעם מין חשוב־בורזשואזע קאריערעס. די אָפּשטעמפּלונג, אפשר אן אומבאוואוסט־זיניקע דערפון האָט ער אַרויפגעלייגט אויף דער רעדאקציאָנעלער פירונג פון „פאָרווערטס" און מיט דעם געוויס אויסגענומען גאָר שטאַרק ביי א גרויסן טייל פון זיינע לייענער אביונים פון דור ־ דורות, וואָס דאָ, אין קאָלומבוסעס מדינה האָט כאָטש זייער בליק און אפּעטיט געקענט זיך זעטיקן מיט דעם שיין אין גלאַנץ פון אזעלכע עשירות אויף שריט און טריט.

אָט אזא וואולגאריזאציע פון א סאָציאַליסטישער צייטונג איז אין די אויגן פון א סך אויפריכטיקע סאָציאַליסטן געווען א באליידיקונג פארן סאָציאַליסטישן געוויסן, אויב ניט ערגער — א פּשוטע עבודה זרה פארן עגל־הזהב... אזא דעמאָראַליזאַציע, וועלכע האָט געמוזט צושפּילן אין די הענט פון קליינלעך־פאַרדאָרבענע „אַרבעטער־פירער", וואָס האָבן זייער אייגענעם נוצן געשטעלט פיל העכער פון יעדן ריינעם סאָציאַליסטישן אי־דעאל; מיט דעם האָבן די עכטע , אויפריכטיקע ייִדישע סאָציאַליסטן, ווי מאָריס ווינטשעווסקי, אברהם וואלט (ליעסין), ד"ר יצחק אייזיק הורוויטש, און פון די ניי־צוגעקומענע — זאקס, וולאדעק (די ערשטע צייט) און ליט־וואק, ניט געוואָלט און ניט געקענט שלום מאכן. זיי האָבן מיט צער און כעס צוגעזען ווי קאהאנס פירונגען נעמען ביי דער ייִדיש־סאָציאַליסטישער באוועגונג צו איר גאנצן זין און צוועק און שענדן, מאכן בטל ומובטל, איר ענד־ציל. גאַנץ אַנדערש האָבן די סאָציאַליסטישע טוער און שרייבער, ווי זאקס און ליטוואק, פארשטאנען די מיסיע פון א טעגלעכער ארבעטער־צייטונג, וואָס איר צוועק דאַרף קודם־כל זיין צו דערציען און אנטוויקלען דעם לייענער אין גייסט פון סאָציאַלן אמת, יושר און ערלעכקייט.

דער דאָמינירנדיקער ווילן, די גרענעצלאָזע זעלבסטליבע פון דעם „פאָר־ווערטס" רעדאקטאָר, קאהאן, און זיין פארוואולגאַריזירונג פון דעם צענ־טראלן פּרעסע־אָרגאן פון דער ייִדישער סעקציע פון דער אמעריקאנער סאָ־ציאליסטישער פּארטיי, האָט סוף כל סוף באשאפן א ווידערשפּרוך צווישן די פונדאמענטאלע פּרינציפּן גופא. פון איין זייט: דער סאָציאַליסטישער פּרינציפּ ווי אים האָבן פארשטאַנען מאַרקס, ענגעלס, קאוטסקי, בעבעל און בערנשטיין, און פון זיי טאָקע האָט אים איבערגענומען זאקס, און פון דער צווייטער זייט: אַ „ביזנעס אידעאל" פון אן אברהם קאהאן, וואָס גרע־נעצט זיך מיט ציניזם, מיט גערינגשעצונג צו אלץ וואָס פירט ניט צו געלט, ביליקער רעקלאַמע, כבוד און תקיפות אין קהלשע, באזונדערס אין די ייִדישע אימיגראנטיש־ארבעטאָרערישע ענינים. דער דאָזיקער סכסוך האָט שטילערהייט געווירקט אין יענע קריטישע יאָרן, 1908־1911, ווען זאקס האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אין אמעריקע און איז אויסגעבראָכן אין דעם אָפענעם קאמף ארום דער „צוקונפט" אין 1912, ווי מיר האָבן

שוין באַשריבן. דער דאָזיקער קריזיס איז געווען די אויסערלעכע אָנט־פּלעקונג פון אַ סכסוך וואָס האָט געהאַט פאַטאַלע, טויטלעכע רעזולטאַטן פאַר דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער באַוועגונג ביי יידן אין אַמעריקע, פאַר דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך מיט אַזעלכע גרויסע האָפענונגען אָנגע־פאַנגען מיט 20־30 יאָר פריער צווישן די יידישע אָרימע האָרעפאַשנע מאַסן אויף ביידע זייטן ים.

און דווקא אין קאַהאַנס זייער טאַקטלאָזן אָנפאַל אויף זאַקסן אין יענעם סקאַנדאַליעזן „פאָרווערטס" אַרטיקל, וואו ער האָט אַזוי אומגעלומפּערט „קריטיקירט" די „צוקונפט", שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע גראָבקייט און דעמאַגאָגיע פון אָט דעם סאָציאַליסטישן תקיף און לאַנגיאָריקן בעל־דעה איבער דער יידישער סעקציע פון דער פּאַרטיי אין אַמעריקע. דאָרט זאָגט, צום ביישפּיל, קאַהאַן, ווי מיר ווייסן שוין, אַז די אַרטיקלען אין דער „צוקונפט" זיינען געשריבן „אַזוי הויך, האַרט, און צרהדיק, אַז מען קען זיי ניט פאַרשטיין". דערויף האָט קאַהאַנען גלייך אויפן אָרט אַ פאַרדינטע אָפּענטפערונג שוין געגעבן דער פאַרשטאָרבענער ד"ר קאַספּע, אָבער לאָמיר איצט זען, ווי דער קאַהאַן פון 1912 ווידערשפּרעכט זיך דערביי מיט דעם זעלבן קאַהאַן פון 1905־1906. אין יענער צייט, ווען זאַקס האָט געשריבן פון דייטשלאַנד פאַר קאַהאַנס „צייט־גייסט" אין ניו יאָרק, האָט דער שטרענגער סאָציאַל־דעמאָקראַט און אַלמעכטיקער רעדאַקטאָר, אַב. קאַהאַן, איינציקע מאָל געשריבן צו זאַקסן זייער וואַרימע בריוו. אין זיי האָט ער גאַנץ אַנדערש זיך אויסגעדריקט וועגן זאַקסעס סטיל און אָרט שרייבן. דאָרט באַנוצט, למשל, אַב. קאַהאַן אַזעלכע אויסדרוקן, ווי „אייער שרייבן איז אַ גרויסער קוואַל פון פאַרגעניגן פאַר פילע פון אונז", אָדער „אייער אָרט שרייבן און די טעמעס וואָס איר רעכנט אויס זיינען גראָד וואָס מיר דאַרפן האָבן" (ז. קאַהאַנס צוויי בריוו וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אויבן, אין 3טן קאַפּיטל).

נו, איז עס אָן אַלטער און פעסטער שרייבערשער און זשורנאַליסטישער כלל, אַז אין גאַנג פון די יאָרן ווערט, מוז ווערן, ביי יעדן פּראָפעסיאָנעל־איינגעאַרבעטן שרייבער דער סטיל כסדר בעסער און גלאַטער, די שפּראַך ווערט געליטערטער און לייכטער. אָבער זעט נאָר דעם פאַל: ס'איז, אמת, פלא פלאים! נאָך דעם ווי זאַקס האָט שוין געהאַט אָפּגעדרוקט פילע הונדערטער גרעסערע און קלענערע אַרטיקלען, אין אייראָפּע און אין אַמע־ריקע אין „צייט־גייסט" און דער „צוקונפט" און אין דער שיקאַגער „אידי־שער אַרבעטער וועלט", האָט ער גאָר, לויט קאַהאַנס תקיפישער מיינונג נאָך, געגומען שרייבן „הויך און האַרט און צרהדיק", ממש קיין וואָרט ביי אים ניט צו פאַרשטיין...

דער הינטערגרונט פון אַזאַ שרייאיקער סתירה, ווי פון דער גאַנצער אטאקע אויף זאקסן בכלל, איז אָבער לחלוטין ניט קיין לאָגישער נאָר א גאנץ אנדערער. ער האָט מיט לאָגיק און אויפריכטיקער, ערלעכער מיינונג קיין שום שייכות ניט. קאהאן, ווי זיין שטייגער, האָט זיך לחתחילה געריכט, אז זיין געבילדעטער מיטאַרבעטער פון דייטשלאַנד וועט שוין פון דאָרט, אָדער גלייך נאָך זיין אָנקומען אין ניו יאָרק, לכל הפחות, בעמען צוטראָגן דעם „באָס” און דעם ערשטן בעל־דעה פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג אויף דער יידישער גאַס, עפּנטלעכע קאָמפּלימענטן און לויב־געזאנגען. צו דעם איז קאהאן געווען געוואוינט, מחמת, צוליב גאנץ קלאָרע, פּראָזאאישע אורזאכן, פלעגן אָפט אזוי האנדלען, אי פאר זאקסן אי לאנג נאָך זאקסעס אָנקום אין אמעריקע, ניט ווייניק באגאבטע און אפילו גאָר גרויסע שרייבער און קהלישע פירער ביי יידן. דעמאָלט וואָלט אויך קאהאן פון זיין זייט אוודאי ניט נאָר געווען געלאָזן צו־רו אָט אַזאַ געטרייען בייעם פען־קנעכט, נאָר וואָלט געוויס אים באַשאָטן מיט כל־טוב. אָבער ווי נאָר קאָהאן האָט דערזען, אז זאקס וועט ניט קענען, אָדער וועט ניט וועלן, אזוי מיסברויכן מיט זיין פעדער, איז שוין גלייך געלאָזן געוואָרן אין גאנג קאָהאַנס באַקאַנטע מעטאָדע פון רדיפות און ניט אויסקלייבערישע העצעס אויף אַלע די וואָס האָבן די העזה צו קומען מיט זייער אייגענער מיינונג אין אלע פּאָליטישע און באוועגונגען פראגן, אָדער וואָס ווילן ניט ווערן קיין משרתים, קיין גייסטיקע, סריסים און אדיוטאַנטן, פון זיין „סאָציאַל־יסטיש־געגנאָסנשאַפטלעכער מאַיעסטעט”.

מיט אזעלכע מיטלען ווי זיין העץ־קאמף קעגן זאקסן, און דעם זשור־נאַל פון וועלכן זאקס איז צוויי יאָר געווען פארוואלטונג־רעדאקטאָר, האָט קאָהאַן זיך שטענדיק באנוצט פאר זיינע קליינלעכע אמביציעס און פּרעס־טיזש־אינטערעסן. שוין באַלד פון דעם ערשטן טאָג אָן פון לאַנגן און ביטערן קאמף קעגן דעם „אַבענד־בלאַט”, אין די 1890־ער יאָרן, האָבן די צוויי טאָטעס פון דעם סאָציאַליסטישן שונד־זשורנאַליזם, ל. ע. מילער און אב. קאהאן, זיך אָוועקגעלאָזן אויף א וועג פון זלזולים, פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען, פאַרקריפּלען פאַקטן, מאכן אומפאראנטוואָרטלעכע באַשול־דיקונגען און ד. גל. שוין אין יענע ערשטע יאָרן פון דער סאָציאַליסט־ישער פּרעסע אין דער יידישער אמעריקע, האָט קאהאן זיך ניט פאנאַנ־דערגעקליבן אין די מיטלען פון אינסינואַציע און זידלעריי בעת ער האָט אונטערגענומען א קאמף פאר זיינע פּערזענלעכע אַמביציעס. אין אָנהויב, דעם אמת געזאָגט, איז דער קאמף געווען בלויז א סכסוך צווישן אינטע־ליגענטן און ארבעטער, ווי ס'דערציילט אן עדות און א היסטאָריקער פון יענעם קאמף, יעקב מילך. דעמאָלט שוין האָט קאהאן דעם פארוואלטונג־ראט פון „אבענד־בלאט”, דאָס צילברעטל פון מילער־קאהאנס פלאַקער־

דיקער אָפּאָזיציע, גערופן מיט א פערלדיקן, זייער אײדעלן נאָמען — „בעז־גראַמאָטנאַיאַ סלאָוואָטש״. אַ ברייטן בילד פון יענער מחלוקה, וואָס האָט סוף כל סוף געבראַכט צו דער גרינדונג פון „פּאָרוועררטס״ און ירידה פון דער ברייטער באוועגונג, א ירידה וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען נאָך לאנג פאַר 1900, גיט יעקב מילך, באַשרייבנדיק טאָקע די „בעזגראַמאָטנע״, וואָס אויף זיי האָט זיך אויסגעגאָסן קאהאנס גאנצער כעס און האַס, צוליב ווייט ניט קיין וואָגיקע און איבערצייגנדיקע אורזאכן און מאָטיוון. מיר ציטירן דאָ, אַלזאָ, פון זיין בוך „די אַנטשטייאונג פון „פּאָרוועררטס״ (און זיין קאַמף מיטן „אַבענדבלאַט״), „וואָס נעמט אַרום דעם פּעריאָד פון 1893 ביז 1903 און וואָס איז דערשינען אין 1936:

יענע „בעזגראמאָטנע״ (ווי קאהאן האָט זיי גערופן — ה. פּ.) זיינען געווען א גרופּע אויפגעקלערטע, ערלאכע און פּרינציפּ געטרייע יונגעלייט, אליין אָרימע ארבעטער, וואָס זיינען זיך בפירוש מוסר נפש ארויסצוגעבן סאָציאליסטישע צייטונגען, זשורנאלן און אנדערע שריפטן, כדי צו קענען עפּעס לערנען, און צו העלפן פארשפּרייטן די לערן פון סאָציאַליזם און אלגעמיינע קולטור צווישן די נאָר וואָס אריבער־געקומענע דערשלאָגענע, פאַרמאַטערטע, און אומוויסנדע אידישע האַראָפּאַשניקעס. נעבן אָט דער גרופּע זעען מיר אַ קלענערע גרופּע — דריי אָדער פיר — אזוי גערופענע אינטעלעקטועלן, וואָס ווערן געטראָגן אויף די הענט פון די ערשטע. אויך די קלענערע גרופּע מיינט דאָס ערנסט, אָבער די מענטשן האָבן דערוויייל זיך דערוואָרבן א גרויסן נאָמען — טיילוויז א פארדינטן נאָמען, — צום גרעסטן טייל אויפגעבלאָזן, און זיי זיינען צוליב דעם געוואָרן אזוי איינגערעדט ביי זיך, און אזוי צעבאלעוועט, אז ביי זיי איז געווען רעכט צו פארניכטן די גאנצע כמעט איבערמענטשלעכע ארבעט צוליב אייגנניציקע צוועקן, קלייַנלאכע אמביציעס, פערזענלעכע קריוודעס און אן אומזעטבאַרן שטרעבן פאר רעקלאמע. ווי לאַנג די פּראָסטע בעלי־מלאכות, די „בעזגראמאָטנע סוואָלאָטשעס״, האָבן געטאָן די שווארצע ארבעט און האָבן זיך ניט געמישט אין די מעשים פון די „גראמאָטנע״ איז אלץ געגאַנגען בשלום. אַזוי שנעל אָבער ווי „באַנטשע שווייג״ האָט גע־עפנט דאָס מויל, האָבן די „גראַמאָטנע״ אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציע, און געגרינדעט דעם „פּאָרוועררטס״ וואָס איז בשעתו געווען אַן אוואַנטורע פון העכסטן מין. און די אוואנטורע איז אָנגעפירט געוואָרן הויפּט־זעכטלאָך פון דעם מייסטער אוואנטוריסט, ל. מילער, מיט אלע מיט־לען וואָס געהערן צו אזעלכע אוואנטורעס, דהיינו, אומפאראנטוואָרט־לעכע באהויפּטונגען, אומגעוויסנהאַפטע און גרונטלאָזע באשולדיקונ־

גען, פארשפרייטונג פון פאלשע קלאנגען, אויסטראכטן בלבולים אויף יחידים, דעמאַגאָגישע פארשפרייטונגען, היסטאָרישע וואָרנונגען קעגן אימאזשינערע קאָנזעקווענצן א. א. וו.

דאָס זיינען געווען די זעלביקע מיטלען, וואָס ווערן געברויכט אין אלע צייטן, פון אלע מינים דעמאגאָגן, ווען זיי זוכן צו פארוויקלען א פאָלק אין א מלחמה, אָדער אויפצורייצן אומוויסנדע מאסן צו פאָגראָמען אויף אידן. פונקט ווי מיר זעען דאָס היינט צו טאָג אין דעם היטלערשן דייטשלאַנד. זעלבסטפאַרשטענדלאך, איז דאָס אלץ געווען אין א לעכערלאך קליינעם פאָרמאַט אין פארגלייך מיט די נאָר וואָס דערמאָנטע פאסירונגען, אָבער די עלעמענטן זיינען געווען גענוי די זעלביקע.[31]

אין ליכט פון אָט דעם אַנאַליז פון א כמעט שוין פאַרגעסענעם אָבער דאָך זייער באַדייטונגפולן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דער יידיש־אימיגראנטישער ארבעטער באוועגונג, ווערט פאר אונז פיל קלאָרער אויך דער הינטערגרונט, ד. ה. די גרינדע און די מאָטיוון פון די פיל שפּעטער־דיקע מחלוקות. מיר קריגן, נעמלעך, אַ שטיקל אויפקלערונג אויך מכוח דעם סכסוך צווישן „ניו יאָרק" (דאָס מיינט — קאַהאַנס „פאָרווערטס") און „שיקאגאָ" (דאָס מיינט די „אגיטאציע־ביוראָ" און זאקסעס „אָרבעטער וועלט") אין 1909-1908, ווי אויך מכוח דעם „קאַמף" צווישן אב. קאהאנס „פאָרווערטס" און דער „צוקונפט", וואו זאַקס איז געווען פארוואלטונג־רעדאקטאָר אין זיינע צוויי ערשטע נאָך־שיקאַגאָ יאָרן (1911 און 1912).

ד

אָנקומענדיק אין 1908 אין ניו יאָרק, האָט זאקס געפונען אויף דער ניויאָרקער איסט סאיד א לעבעדיקע יידישע סביבה. די גייסטיקע אַטמאָס־פער איז דאָ געווען פרישער און סטימולירנדיקער פון דער אַטמאָספער אפילו וואָס האָט אים ארומגערינגלט און דערמוטיקט אין ווארשע אָדער בערלין. דאָ, אין דער יידישער אמעריקע, האָבן די קולטור־אינטערעסן פון די יידישע אינטעליגנטן געפונען פאר זיך א זייער פרייען פעלד פאר שעפ־פערישער ארבעט צווישן די ברייטע אימיגראנטן שיכטן. דאָ, אין א לאנד וואָס האָט לחלוטין ניט געוואוסט פון דעם צארישן אבסקוראנטיזם, פון די רדיפות אויף יידן, פון דער פרייסיש־פּאָליציאישער טיראנייע און שנאה צו די „רעוואָלוציאָנערע רוסן", האָבן די יידישע אינטעליגנטן פריי געקענט צעפירן די הענט פאר ברייטע קולטור־טעטיקייטן. אגב האָבן די שטענדיקע

באַרירונגען צווישן מענטשן מיט אַזוי פיל קאָלירן פון אייראָפּעאיש־קול־טורעלן ספּעקטאָר — די רוסיש־ליטווישע יידן, פּוילישע יידן, עסטרייכישע אָדער רומעניש יידן א. אז. וו. — דאָס האָט אויך געמוזט ווירקן ווי א סטימולאַנט פאַרן גייסטיקן וואוקס פון דער אָנפירנדיקער, פּרוכטבאַרער שיכט פון דעם ניו יאָרקער געטאָ. דערצו טאָר מען ניט פאַרגעסן, אַז אין דער גרויסער און כסדר וואַקסנדיקער אימיגראַנטן־מאַסע זיינען די יונגע און רעוואָלוציאָנער געשטימטע טעמפּעראַמענטפולע מענטשן, מיט א ברען און מוט וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד — אָט דווקא זיי פלעגן זיין די גרויסע מערהייט פון דער פרישער אימיגראַציע אין יענע יאָרן — 1906 ביז 1909. פאַר די גייסטיקע וועג־ווייזער האָבן אַלזאָ, קיין נאָכגייער און פאַרערער ניט געפעלט. אָט די טויזנטער צילבאַוואוסטע אָדער ווייניק באַוואוסטזיניקע סאָציאַליסטן און ראַדיקאַלן האָבן געשאַפן די לייענער־מאַסע פאַר דער ראַדיקאַלער יידישער פּרעסע אין יענער צייט.

און גאַנץ אָנזעעוודיקע פאָרמען האָט די דאָזיקע קולטור־אַטמאָספערע אָנגענומען זייער פרי. שוין אין די לעצטע 1890ער יאָרן, ביים סוף פון ערשטן פעריאָד פון דער גרויסער יידישער אימיגראַציע (1881־1899) האָט זיך אויף דער ניו יאָרקער איסט סאַיד אָפּגעשפּילט, חוץ דעם פּאַרטיי־פּאָלי־טישן און פראַקציאָנעלן קאַמף, ווי אויבן באַשריבן, אויך א הייסע קריגעריי אַרום די גייסטיק־קולטורעלע שטרייט־פראַגן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן די יונגע געמיטער פון די יידישע אינטעליגענטן געפירט דעמאָלט אומענדלעכע מחלוקות מכח אַזאַ ענין ווי „וואָס איז אַזוינס קונסט"? אָט וואָס א ניט־יידישער עדות, א פּראָגרעסיווער און פּראָמינענטער זשורנאַליסט, לינקאָלן סטעפּענס, דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן יענער עפּאָכע.[32]

> אַלע קאַפעען זיינען געווען פול מיט דיספּוטאַנטן, און אין די טעאַטערס פלעגט דער עולם זיין צעטיילט צווישן צד וואָס האָט גע־האַלטן פון רעאַליזם און א צד וואָס איז געשטאַנען שטאַל און אייזן פאַר הומאַניזם. צווישן די צוויי צדדים איז דער קאַמף געפירט געוואָרן ניט בלויז דורך פרידלעכע מיטלען, נאָר צייטנווייז אויך דורך פּשוטע קריגערייען און געשלעגן.

ס'איז געווען א מערקווירדיקער ספּעקטאַקל. טויזנטער מענטשן פלעגן זיך אַרומרייסן וועגן א קונסט פראַגע מיט אַזאַ עקשנות און פאַרביטערונג, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען א פּאָליטישער אָדער רעליגיעזער שטרייט. פאַמיליעס פלעגן צעטיילט ווערן, א ברודער פלעגט זיך רייסן מיט א ברודער, געשעפט־פירמעס פלעגן צעפאַלן

ווערן, און שליסלעך האָט עס געפירט צו דער גרינדונג פון א נייעם טעאַטער, א קאָנקורענץ־טעאַטער, לחלוטין געווידמעט דעם פּרינציפּ „רעאַליזם אויף דער בינע"... די יידישע סצענע איז דעמאָלט געוואָרן אזוי גוט ווי די בעסטע אין ניו יאָרק, סיי וואָס איז שייך איר רעפּער־טואַר, סיי אין באַצוג צו די אַקטיאָרן. טעלעכע יידישע אַקטיאָרן זיינען שפּעטער אריבערגעגאַנגען צו דעם ענגלישן טעאַטער.

דאָס זאָל זיין געווען אין 1900־1903. אין די קומענדיקע עטלעכע יאָר האָט זיך דער יידישער ראַדיקאַלער צענטער פון ניו יאָרק, איסט בראָדוויי, נאָך מער צעבליט, גייסטיק און אָרגאַניזאַציאָנעל. ער איז באַרייכערט געוואָרן מיט א ריי פּעאיקע שרייבער, רעדנער און טוער. איסט בראָדוויי איז געוואָרן דער הויפּט־פּלאַץ וואו ס'האָט זיך אויסגעפּאָרמירט א גאַנצע עפּאָכע אין לעבן פון יידישע מאסן אין אמעריקע. „דאָס איז געווען א שיינע, העל־דישע עפּאָכע אין יידישן לעבן, וואָס האָט איבערגעלאָזן שפּורן אויף דור־דורות". אזוי האָט זאקס כאראקטעריזירט יענע צייט און סביבה. אין איר האָט ער, ווייזט אויס, זיך געפילט וואַרעם און היימיש אין די ערשטע חדשים נאָך זיין קומען. זאָלן דאָ איבערגעדרוקט ווערן טאַקע זיינע אייגענע ווערטער מכוח אָט יענעם שפּרודלנדיקן, לעבהאַפט־רעגזאַמען גייסטיקן צענ־טער פון דער יידישער אַמעריקע מיט אַ יאָר 30־40 צוריק און פריער.

איסט בראָדוויי איז געווען באַרימט מיט אירע גדולים, מיט אירע ראַדיקאַלע פירער און טאָן־געבער. איסט בראָדוויי איז געווען די מזרח־וואַנט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. יעקב גאָרדין, מאיר לאָנדאָן, ד"ר פּאָול קאַפּלאַן, פיליפּ קראַנץ, יצחק אייזיק הורוויץ, ד"ר זאָלאָטאָראָוו, עדוארד קינג — א מערקווירדיקער טיפּ פון די חסידי־אומות העולם, ער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט דער אויפ־גאַבע צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די יידישע מאסן... פון די דאָזיקע גייסטיקע קוואלן האָבן זיך גענומען אלע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען, סיי אין לעבן און סיי אין דער ליטעראַטור און אין דער פּרעסע. און צווישן זיי אַלעמען האָט ד"ר אב. קאַספּע מיט זיך פאָרגעשטעלט א גאַנץ קאַפּיטל פון דער מערקווירדיקער יידישער איסט סייד...

שיין האָט אויסגעקוקט די איסט סייד אין דעם דור פון גאָרדין, לאָנדאָן און קאַספּע. די איסט סייד איז דעמאָלט געווען א קאָמבי־נאַציע פון פאַרשידענע מערקווירדיקע אינסטיטוציעס, וואו יעדער איינער, וואָס האָט געדורשטיקט נאָך וויסן, האָט געקענט טרינקען מיט דער פולער מאָס. שיין זיינען געווען די יידישע גדולים בא דער

געזעלשאפטלעכער ארבעט און שיין זיינען זיי געווען אין די אָפּרו שטונדן מיט זייער שיחת הולין, ווען זיי פלעגן זיצן ביז 2, 3 און 4 אזייגער ביינאכט אין די איסט סיידער קאפעס און שמועסן בא א גלעזל טיי, וועגן שעקספּיר און דאָסטאָיעווסקי, וועגן טשעכאָוו און גאָרקי.[33]

פון דער גרויסער גאלעריע איסט סיידער טיפּן, וואָס האָבן א גאָר טיפן רושם געמאַכט אויפן יונגן א. ש. זאקס, וועלן מיר אָפּקלייבן בלויז צוויי — ד״ר אברהם קאספּע און יעקב גאָרדין, וואָס זיינען ביידע געווען נאָענט מיט אים באַפריינדעט, און וואָס האָבן פארקערפּערט די צוויי וויכ־טיקסטע אינטערעסן, מיט וועלכע די איסט סייד האָט דעמאָלט געלעבט — וויסנשאַפט און קונסט. און מיר וועלן זיי טאַקע כאַראַקטעריזירן ווי ווייט מעגלעך אין א. ש. זאקס׳ס אייגענע ווערטער.

ד״ר אב. קאספּען רופט זאקס אָן „א פּיאָנער אין דער קולטור־באוועגונג אויף דער אַמאָליקער איסט סייד״, און האַלט אים פאַר א מין קנויל פון וועלכן ס׳האָבן זיך געשפּונען פארשידענע גייסטיקע פעדים אויף פאַר־שידענע געביטן. אָט וואָס זאקס האָט געשריבן אין א לענגערן ביאָגראפישן ארטיקל קורץ נאָך אב. קאספּעס טויט, אין אפּריל 1930 פאַר דעם ניו יאָר־קער „טאָג״.[34]

א מענטש מיט א געזעלשאפטלעכן קאָכיקן טעמפּעראַמענט, האָט ער רעאגירט און זיך אָפּגערופן אויף אלע פאסירונגען פון א גרעסערן אָדער קלענערן געזעלשאפטלעכן אינטערעס. א מענטש מיט א ברייטער נאַטור, איז זיין הויז געווען אָפן פאַר אלע גערופענע און ניט־גערופענע. זיין היים איז געווען דער צענטער פון פארשידענע באַוועגונגען, צי ער האָט מיט זיי סימפּאַטיזירט אָדער ניט. פּאַרטייִ־דיגנדיק זיין אייגענע מיינונג מיט א מאָדערנער עקשנות פון א טיף איבערצייגטן מענטשן, האָט ער שטענדיק רעספּעקטירט אויך די מיינונג פון א געגנער און געווען טאָלעראנט צו די יעניקע, וועלכע האָבן געפּריידיקט דעם היפּך פון דעם, וואָס ער האָט געגלויבט און געווען איבערצייגט. אָפּיציעל קעגן רעליגיעזע צערעמאָניעס, איז ד״ר קאספּע אין דער אמתן געווען א טיף־רעליגיעזע נאַטור. זיין גאָט איז געווען די ריינע וויסנשאפט. זיין גלויבן איז געווען דער סאָציאַ־ליזם. ד״ר קאספּע איז געווען איבערצייגט אין זיין גלויבן און האָט געגלויבט אין זיין איבערצייגונג.

מיר האָבן שוין אויבן ברייטער באשריבן די ראָלע וואָס אב. קאָספּע האָט געשפּילט אין 1911־1912, בעת אב. קאַהאנס מיאוסער אַטאַקע אויף

דער „צוקונפט” בכלל און בפרט אויף איר פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר, א. ש. זאַקס. דעמאָלט האָט ד״ר קאַספּע געמאַכט אַש און בלאָטע פון אב. קאַהאַנס „קריטיק” פון דער „צוקונפט”. ער האָט זיך דערביי מודה געווען, אז אין זיין באַציאונג צו קאַהאַנס וואולגאַרע, דעמאָראַליזירנדע מעטאָדן פון אריינ־פירן שונד און שמוץ אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, איז ער, קאַספּע, א לאַנגע צייט שוין געווען צו טאָלעראַנט און צו דיפּלאָמאַטיש (האָט ניט געוואָלט, למשל, אָפּן אַטאַקירן אַזאַ באַוואוסטע סאָציאַליסטישע צייטונג ווי דער ניו יאָרקער „פאָרווערטס”). אָבער אויך אָט דעם קאַמף, וואו ער, קאַספּע, אלס א לאַנגיעריקער גייסטיקער אָנפירער פון דער „צוקונפט” איז געווען א נוגע־בדבר, האָט ער שטענדיק געפירט מיט גרויס טאַקט און ווירדע, ווי דאָס האָט טאַקע געמוזט אזוי זיין מחמת זיין פאָרנעמען, קאָ־רעקטן כאַראַקטער. אָט ווי זאַקס באַשרייבט אים:[35]

באַליידיקן זיך אָדער גאָר נקמה נעמען — דאָס איז ניט געווען אין קאַספּעס נאַטור... קאַספּע איז געווען א מענטש מיט א שטאַרקן כאַראַקטער, וועלכער איז געשטאַנען א סך העכער פון די פּאַרשי־דענע קליינינקייטן, וואָס מען געפינט גאַנץ אָפט ביי געוואוינלעכע כלל־טוער.

און דער צווייטער פון די שענסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער איסט סייד אין א. ש. זאקסעס אויגן איז געווען דער פרי פאַרשטאָרבענער יעקב גאָרדין, גרויסער דראַמאַטיקער, שריפטשטעלער און קולטור עסקן. א האַר־ציקע שילדערונג פון גאָרדינס וועזן און אויפטו האָט נאָך גאָרדינס טויט אין יוני 1909 געבראַכט א. ש. זאַקסעס „אידישע ארבעטער וועלט” — אין אַן עדיטאָריעל געשריבן מסתם פון זאַקסן גופא. זי גיט אונדז אגב, אַ בילד פון דעם זאַמדיקן און פעלזיקן באָדן וואָס אים צו באַארבעטן איז געווען די שווערע מיסיע פון אלע יידישע קולטור־פיאָנערן אין אַמעריקע, פון א ווינטשעווסקי און גאָרדין ביז א קאַספּע אָדער א זאַקס. מיר וועלן איבער־געבן דאָ עטלעכע וויכטיקע פּאַראַגראַפן פון יענעם זייער וואַרים געשריבע־נעם לייט־אַרטיקל.[36]

דער פּרוכטבאַרער לעבנס־שטראָם, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן און פּערקערפּערט אין דעם גייסט פון יעקב גאָרדין איז געווען יאָהרען לאַנג אַן אונערשעפּפליכער קוואַל פון אַלעס גוטעס, שעהנעס און ערהאָבענעס, וואָס האָט צוויי צעהנדליג יאָהר געטרענקט און ערנעהרט אונזער טרוקענעם, זאַמדיקן באָדן מיט געזונטע, נאַהרהאַפטע זאַפטן...

א זאמדיגען פעלזיגען גייסטיגען מדבר, וואו אונוויסענהייט האָט געבעל־הבתיוועט, וואו שונד האָט שטאָלץ געהאלטן דעם קאָפּף, וואו פּורים שפּילעריי האָט פראנק און פריי שפּאצירט, וואו באלאגאנעס זיינען געווען די געצעלטען פון גענוס און פארגעניגען, האָט די אַל־מעכטיגע קראַפט פון פערשטאָרבענעם פאַרוואנדעלט אין גרינע, מיט פּראַכטפולע פלאַנצן בעדעקטע פעלצער, וואו דער וויכטיגסטער טייל פון אונזער לעבן — דער גייסטיגער טייל — האָט געשעפּט זיין חיות. פון קאָמעדיאַנטן־פּורים שפּילער האָט גאָרדין אַרטיסטן ערצויגן, באלאגאנעס אויף קונסט־טעמפּלען איבערגעבויט, אינ'ם תהו ובהו פון עם־הארצות אויפקלעהרונג אריינגעבראכט — און אויף דעם פּלאַץ פון דער ארויסגעטריבענער שונד האָט ער אמת'ע ריינע קונסט געפלאַנצט . . .

ווי א לעגענדע וועט עס קלינגען אין די אויגען פון די קומענדע דורות ווען מען וועט זיי ערצעהלען איבער די פּילפּאכיגע, פּילפּנימ־דיקע גייסטיגע פערזענליכקייט פון יעקב גאָרדין.

דורך דער פערזאָן פון דעם אויטאָר פון „מירעלע אפרת“, „גאָט מענטש און טייוול“, „דער מטורף“, האָט די נאַטור אונז געשאָנקען אַ טייערען בריליאַנט פון איהר פאַרבאָרגענעם אוצר, וועלכען זי עפענט זייער זעלטען אויף . . .

. . . א פריינד איז גאָרדין געווען פון די ארבעטער, ניט פון יענע וואָכעדיגע פריינד, וועלכע קומען בלויז אויף א שמחה, ווען עס טרעפט זיך אין אונזער ארבייטער געזעלשאפט, נור א אמת'ער ערגע־בענער ברודער, וואָס איז אליין געשטאַנען אין קאמף קעגען די אונ־וויסענהייט און האָט אליין גענומען איין אקטיווען אנטייל אין דעם ארבייטערס ליידען און פריידן.

א וואַרעמע הארץ האָט גאָרדין געהאַט, וועלכע נור גרויסע גייס־טער זיינען ווערט צו באזיצען. אלעס גוטעס און נאָבעלס האָט געפונען אין איהר א ווארימען אָפּקלאנג. א הארץ וואָס איז געווען א היים פאַר אַלע פערפאָלגטע און געדרודפטע, פאַר אַלע געקריוודעטע און באַליידיגטע, א הארץ פול מיט געפיהלן און ליידענשאַפטען אויפ־צוהויבען דעם גייסטיגען און מאָראלישען צושטאַנד פון די ארבעטער . . .

דער אויסדרוק פון גליק, פון א ריינעם, אמת'ן גליק, פלעגט זיך באווייזן אויף גאָרדינס פנים, ווען ער פלעגט זיך דערוויסן, אז ער קען צוקריגען נאָך א לעהרער, נאָך א העלפער פון זיין טעטיגקייט

אין „עדיוקיישאָנעל ליעג". אליין פלעגט ער טראָגען שטיינער צו דעם בנין וואו איהם איז געווען אזוי זיס, אזוי טייער צו פערברענגען מיט די סטודענטען.

די האַרץ פון פערשטאָרבענעם האָט קאָנקורירט מיט זיין גרויסען מוח, די בינע מיט זיין שטאַרקן ווילן און די אלע דריי — מיט זיין גרויסן טאַלאַנט.

ווי מיר וויסן שוין פון אויבן אָפּגעדרוקטן בריוו יעקב גאָרדינס צו א. ש. זאקסן (ז. קאַפּ. 4), קורץ פאַר גאָרדינס טויט, האָט יענער שטאַרק געליטן, פיזיש און מאָראַליש פון זיין חולאת אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן. אָבער לאנג נאָך איז דער נאָמען געבליבן פריש אין אנדענק פון זיין אייגענעם דור און אויך אין אונזער צייט שטעלט די פיגור פון י. גאָרדין מיט זיך פאָר אַ וויכטיקן מייל־שטיין אויף דעם דערנער־וועג פון דער בע־סערער יידישער בינע־קונסט.

ה

זאקסעס ערשטע יאָרן אין אמעריקע פאלן אויס אין א צייט ווען דער וואוקס און די אנטוויקלונג פון דער אמעריקאַנער סאָציאליסטישער פּאַרטיי האָט זי דערפירט צו היפּשע פּאָליטישע נצחונות. די לאַנגיאָריקע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע האָט סוף כל סוף געבראַכט רעזולטאַטן און געקומען זיינען זיי אויף אָט וועלכן וועג.

אין די יאָרן 1900־1910 האָט דער סאָציאליזם געמאַכט אַן אָנזעעוו־דיקן פאָרשריט, און דאָס איז ניט געווען קיין באוועגונג נאָר צווישן די אינטעליגענטן. די סאָציאליסטישע אינטעליגענציע איז געווען בלויז צווישן די פירער אין ניו יאָרק. דער ברייטער סאָציאליסטישער עולם, ספּעציעל אין די שטאטן פון דער וועסט און פון דער מיטל־וועסט, איז אין דער גרעסטער מערהייט באַשטאַנען פון ארבעטער מיט א היפּשן צומיש פון פאַרמערס, וואָס האָבן אין א גרעסערער צאָל גענומען אריינקומען אין דער באוועגונג. די סאָציאליסטישע באוועגונג האָט אָנגעפאנגען אָפּצוהאלטן פראקטישע פּאָליטישע זיגן. ארום 1910־1911, ווען דער ערשטער סאָציא־ליסטישער מיטגליד פון קאָנגרעס, וויקטאָר ל. בערגער פון שטאַט וויסקאָנסין, איז דערוויילט געוואָרן, האָט שוין די פּאַרטיי געהאַט אירע פאַרטרעטער אין עטלעכע סטייט לעגיסלאַטורן און האָט שוין געהאַט דעם קאָנטראָל איבער אייניקע שטאָט־רעגירונגען.[37]

דעם אויבנאָן צווישן די דאָזיקע שטעט האָט פאַרנומען מילוואָקי, וויס־קאָנסין, וואו די סאָציאַליסטן האָבן, אין מערץ 1910 געזיגט מיט אן אומ־געהייערער מערהייט שטימען. עמיל זיידעל, דער פאַרטיי׳ס קאַנדידאט פאר מעיאָר, האָט באקומען ארום 27,700 שטימען, בעת זיין דעמאָקראטישער קאָנקורענט האָט געצויגן בלויז 20,500 און דער רעפובליקאַנער קאַנדידאט — ניט מער ווי ארום 11,300. צוזאמען מיט זיידעלן זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן פאַר שטאָט־פּראָקוראָר, דער טרע־זשורער, קאָנטראָלער, צוויי ציווילע ריכטער און 21 פון די 35 אָלדערמען (ראטמענער) וואָס די שטאָט האָט געוויילט. אויך די מאיאָריטעט פון די אויסגעקליבענע קאָאונטי סופּערוויזאָרס איז באַשטאַנען פון סאָציאַליסטן.[38]

דער פענאָמענאַלער סאָציאַליסטישער זיג אין מילוואָקי איז געקומען ניט אומגעריכט. מילוואָקי, א שטאָט מיט ארום 374,000 איינוואוינער (אין 1910) און די 13טע גרעסטע שטאָט אין לאנד (א ביסל א קלענערע פון סאַן פראנציסקאָ, און מיט א קלייניקייט גרעסער פון סינסינעטי, אָהייאָ) האָט געהאט א גרויסע דייטשע באפעלקערונג, דערהויפּט פון צווייטן אימי־גראנטן דור, אויך אנדערע אימיגראנטן־גרופּעס, ווי פּאָליאקן, אירלענדער, איטאַליענער, די מערסטע פון זיי — האָרעפּאשנע ארבעטער. די סאָציאַ־ליסטישע אגיטאַציע האָט געפונען, באַזונדערס אין דעם דייטשן טייל פון דער באַפעלקערונג, א גאַנץ שטאַרקן אָפּקלאַנג. א גוטן באָדן פארן סאָציאַ־ליזם האָבן דאָ געשאַפן די ערשטע פריידענקער־פאַראיינען צווישן די דייטשע אימיגראַנטן אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט. אין מילוואָקי פלעגט, זינט די 1860ער יאָר דערשיינען ארום 40 יאָר כסדר א דייטשער וועכנטלעכער זשורנאַל — „דער פריידענקער". העקעלס מאָניזם, וואָס וועגן אים האָבן מיר געשריבן אויבן, אין 3טן קאפּיטל, איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די אויפגעקלערטע דייטשע אימיגראנטן אין דער מיטעלער וועסט בכלל און אין מילוואָקי בפרט. דאָרט, אין מילוואָקי, איז אין 1907־1910 געווען דער צענטער פון דעם „בונד דער פרייען געמיינדען און דער פריי־דענקער פעראיינע פאָן נאָרד אמעריקא" (באקאנט אויך אונטערן פארקירצטן נאָמען „נאָרד־אמעריקאנישער פריידענקער־בונד"), ארום וועלכן ס׳האָבן זיך גרופּירט די הויפּט־פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער באַוועגונג אין מילוואָקי. אין דער דאָרטיקער שטאָט־פארוואלטונג האָט לאנג געהערשט א קאָרופּטע קליקע, און דער עולם האָט געגאַרט נאָך א גרונטאָווער אויס־רייניגונג און רעפאָרמירונג פון דער גאנצער מוניציפּאַלער אַדמיניסטראַציע. דערצו איז נאָך אין יענער צייט איבערן גאנצן לאנד הויך געשטיגן א כוואַליע פון דער מיליטאַנטיש־פּראָגרעסיווער פּאָליטישער באַוועגונג מיט ברייטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע רעפאָרם־צילן אויף א נאַציאָנאַלן מאסשטאַב. ס׳האָט געהערשט אין פאָלק אַ שאַרפע אומצופרידנקייט מיטן יקרת אויף

לעבנסמיטלען, מיט די אלמעכטיקע טראַסטס און מאָנאָפּאָליעס. צום פּאָלי־טישן ברען, דווקא אין וויסקאָנסין, האָט אויך שטאַרק בייגעטראָגן דער ענערגישער פּראָגרעסיוו־רעפּובליקאַנער וויסקאָנסינער שטאַטסמאַן, און שפּע־טערדיקער יונייטעד סטייטס סענאַטאָר, ראָבערט מ. לאַפאָלעט (1855־1925). אָט אַזאַ לאַגע איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער מוטיקער און ענערגישער יונגער און קרעפטיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע פלעגט ביי די שטאָטישע וואַלן פון מאָל צו מאָל פאַרמערן איר כּוח צו ציען וואַל־שטימען. אין די שטאָט־וואַלן פון 1898 האָבן די מילוואָקער סאָציאַליסטן געצויגן בלויז ארום 2400 שטימען, אין 1902 — שוין איבער 8,500, אָבער אין 1904 — 15,056, אין 1906 — 16,873 און שליסלעך, אין 1910 — 27,622.[39]

מיר וועלן באַלד זען, אַז דער דאָזיקער ריזיקער סאָציאַליסטישער זיג, אין 1910, האָט געשפּילט א גאַר גרויסע ראָלע אינם לעבן און אין די סאָציאַל־פּאָליטישע אָנזיכטן פון א. ש. זאַקס. ס׳איז דעריבער כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף נאָך עטלעכע פּרטים פון אָט דעם היסטאָרישן נצחון פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אמעריקע.

צום זיג אין מילוואָקי אין 1910 האָט אָן א שיער בייגעטראָגן וויקטאָר ל. בערגער (1860־1929), דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעפּרעזענטאַנט אין יונייטעד סטייטס קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן. ער האָט געשטאַמט פון א עסטרייכיש־יידישער משפּחה און איז געקומען מיט זיינע עלטערן קיין אמע־ריקע. אין מילוואָקי האָט ער זיך איינגעוואָרצלט מיט לייב און לעבן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און איז אין זיין יוגנט געווען א לערער פון דייטש אין די פאָלקס־שולן. בעת דעם וואַל־קאַמף אין 1910 איז ער שוין געווען דער רעדאַקטאָר פון א סאָציאַליסטישער וואָכנשריפט אין דייטש און ענגליש — „דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער העראָלד". א גלענצענדער רעדנער און שרייבער, האָט וויקטאָר ל. בערגער ניט וויניק אויפגעטאָן פאַר דער באַשאַפונג פון דער סאָציאַליסטישער פּעסטונג אין מילוואָקי. ביז 1910 האָט ער קיינמאָל קיין געקליבענעם אמט ניט פאַרנומען. אין יענעם יאָר, ווען עמיל זיידל איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר מעיאָר, איז בערגער צום ערשטן מאָל אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אן „אָלדערמאַן עט לאַרדזש". אויך עמַמאַ זיידל, די פרוי פון עמיל זיידל, איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ דירעקטאָרשע פון מילוואָקער סקול־באָרד. אָט די פרוי איז געווען די ערשטע סאָציאַליסטקע אין אמעריקע צו פאַרנעמען אן עפנט־לעכן פּאָסטן.[40]

דעם 5טן אפּריל, 1910, ווען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אמעריקע און פון דער גאַנצער וועלט האָבן די סאָציאַליסטן דערוויילט אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי מילוואָקי, וויסקאָנסין, א סאָציאַליסטישע אַדמיניס־טראַציע, איז זאַקס נאָך געווען רעדאַקטאָר פון דער „אידישער ארבעטער

וועלט״ אין שיקאגאָ, וואָס ליגט בלויז 2 שעה רייזע מיט דער באַן פון מילוואָקי. זאקס האָט מיט יאָרן שפּעטער, באַשריבן די פּאַסירונג, איר איינדרוק און די ראָלע וואָס ער האָט אין אָט דעם גרויסן וואַל־זיג געשפּילט.

אָט וואָס זאקס שרייבט מכח דעם איינפלוס פון יענעם סאָציאַליסטישן נצחון אויף דער פּאָליטישער אַרבעטער־באַוועגונג גופא.[41]

צווישן די אַרבעטער האָט דער גרויסער סאָציאַליסטישער זיג אַרויסגערופן א יום־טובדיקע שטימונג. די באַוועגונגס־מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו זען פּרוכט פון זייער אַרבעט. זיי האָבן שוין זוכה געווען צו שניידן פון דעם וואָס זיי האָבן פאַרזייט. זיי זיינען באַ־פליגלט געוואָרן מיט נייע האָפנונגען און האָבען אָנגעהויבן זיך צו גרייטן צו נאָך גרעסערע קאַמפן און צו טרוימען פון נאָך גרעסערע זיגן.

בעת דעם מילוואָקער קאַמפּיין האָט זאקס רעדאַקטירט צוויי ספּעציעלע קאַמפּיין־נומערן פון זיין וואָכנשריפט, „די אידישע אַרבעטער וועלט״, און ער, צוזאַמען מיט דער „אידישע אַרבעטער וועלט פּרעס פעדעריישאָן״, האָבן געהאַט א. נאָענטע שייכות מיטן סאָציאַליסטישן זיג אין מילוואָקי.

ער איז אויך געווען צווישן די נאָענטסטע מחותנים אויף דער פייער־לעכער אינאָגוריישאָן (איינפירונג) צערעמאָניע, ווען דער ניי־דערוויילטער מעיאָר, עמיל זיידעל, אַן אַרבעטער און סאָציאַליסט, און די אנדערע דער־וויילטע האָבן איבערגענומען זייערע פּאָסטנס. דערביי איז זאקס געווען אָנגעפילט מיט אַ געוואַלטיקער התלהבות, מיט א נשמה־דערהויבונג, — „אַן עקסטאַז וואָס לאָזט זיך ביט אזוי לייכט אויסדריקן אין פּשוטע ווערטער״, ווי ער אַליין האָט שפּעטער דערציילט.[42]

די סאָציאַליסטישע „מאַכט הינטערן טראָן״ איז אין מילוואָקי געווען, ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן וויקטאָר ל. בערגער. אין 1911 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין יונייטעד סטייטס קאָנגרעס, דער ערשטער סאָ־ציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן אין אַמעריקע, און איז שפּעטער נאָך 3 מאָל געשיקט געוואָרן אין קאָנגרעס פון זיין סטייט, וויסקאָנסין. ער איז, ווי ס׳איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן, אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַן „אָלדער־מאַן עט לאַדזש״, אָבער פּאַקטיש איז ער געווען דער הויפּט פון דער סאָציאַליסטישער אַדמיניסטראַציע. ווען זאקס איז אַריין צו אים אין צימער צו גראַטולירן אים מיטן גרויסן וואַל־נצחון, איז פּאָרגעקומען א קורצער, אָבער אינהאַלטרייכער שמועס צווישן אָט די צוויי סאָציאַליסטישע וואָרט־פירער און טוער, וואָס קען, אגב, וואַרפן א ליכט אויף זאקסעס דעמאָל־טיקע אָנזיכטן איבער סאָציאַל־פּאָליטישע און טאַקטישע פּראַגן.[43]

— נו, וואָס זאָגט איר, קאַמעראַד זאַקס, — ווי געפעלט אייך די אינאָ־גאַריישאָן? מיר קאָנען זיך איינע די אנדערע הערצלעך גראַטולירן!...

— דער מזל־טוב קומט אייך, קאַמעראַד בערגער! — האָט זאַקס געזאָגט מיט גרויס דרך ארץ.

— וואָס הייסט נאָר מיר? און וואו זיינען אַלע אַנדערע, וואָס האָבן געאַרבעט ווי בינען און געפירט צום זיג? מיר מעגן זיך אַלע פרייען. מיר אַלע צוזאַמען האָבן געזיגט — האָט בערגער געענטפערט.

און אז זאַקס איז שוין געוואָרן א ביסל אינטימער מיט בערגערן, האָט ער אים געפרעגט:

— ווי קומט עס, וואָס קאַמעראַד עמיל זיידעל האָט אין זיין טראָן־רעדע אויסגעמידן דאָס וואָרט סאָציאַליזם?

— יא קאַמעראַד זאַקס, אָבער צו וואָס ווערטער דאָרט, וואו מען מוז האַנדלען; מיר, מילוואָקער — האָט בערגער מיט גרויס הנאה צוגעלייגט, אזוי ווי ער וואָלט געוועט צופרידן ארויסצוזאָגן זיין מיינונג, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז מען מורמלט אונטער, דאָס ער איז אַן אָפּאָרטוניסט, ניט קיין אָרטאָדאָקסישער מאַרקסיסט — מיר מילוואָקער האַנדלען סאָציאַליסטיש און אז מיר האַנדלען סאָציאַליסטיש, זיינען מיר ניט מחויב צו ריידן סאָציאַ־ליסטיש.

זאַקס האָט בערגערן פאַרשטאַנען און אים געגעבן גערעכט. ער אַליין איז שטענדיק געווען ניט קיין פריינט פון דער פראַזע, פון ווערטער. די מאָס, מיט וועלכער ער האָט געמאָסטן מענטשן און באוועגונגען, איז געווען ניט זייערע אני מאמינס, זייערע פּרינציפּן דערקלערונגען, נאָר זייערע האַנדלונגען, זייערע מעשים.

זומער 1910 איז פאָרגעקומען אין שיקאַגאָ א סאָציאַליסטישע נאַציאָ־נאַלע קאָנווענשאָן. צו דער פּאַרטיי זיינען דעמאָלט צוגעשטאַנען א סך רייכע יונגע לייט, ווי פּעטערסאָן, האָנטער, סטאוקס, וואָלינג און אנדערע. פאַר די לייט איז די פּאַרטיי געווען צו מעסיג. אויך דזשאָן ספּאַרגאָ, איינער פון די הויפּט־שטערנס, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר דעם בעסטן רעדנער און אגיטאַטאָר, האָט געהאַלטן, אז די פּאַרטיי איז ניט רעוואָלוציאָנער גענוג. אויף יענער קאָנווענשאָן האָט ספּאַרגאָ געהאַלטן א פייערדיקע, מליצהדיקע רעדע, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם עולם. אינמיטן דער רעדע זעט זאַקס ווי בערגער הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ און רוקט זיך צו צו דער טיר. זאַקס, וואָס אים האָט ספּאַרגאָס רעוואָלוציאָנערע דרשה אויך ניט שטאַרק געגומען, איז נאָכגעגאַנגען בערגערן און מיט אים פאַרבונדן א געשפּרעך.[44]

— „איך האָב מורא, האָט בערגער געזאָגט צו זאַקסן, אז איך וועל מוזן פּאַקן מיין קאָפער און זיך אָפּטראָגן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די לייט זיינען צו רעוואָלוציאָנער פאַר מיר".

דערביי האָט אָבער בערגער באַרואיקט זאקסן, ווי איינער זאָגט: „וואַרט א ווײַלע, איך גיי נאָך ניט, מיר וועלן זען וואו אָט די פּראַזיאָרן וועלן „לאַנדן" (איך געדענק דאָ גענוי דעם אויסדרוק „לאַנדן", גיט צו א. ש. זאקס) מיט צען יאָר שפּעטער..."

און זאקס האָט פיל, פיל שפּעטער (אין 1929) געקענט פעסטשטעלן, אז בערגערס ווערטער זיינען געווען אמתע נביאות. די אלע רעוואָלוציאָנערע פייערווערק־ליפּערער, די אַלע מויל־העלדן, האָבן פריער, נאָך פאַר די צען יאָר, „געלאַנדעוועט" ווער אין דער דעמאָקראַטישער, ווער אין דער רעפּובליקאַנישער און ווער בכלל אין דעם סאָציאַליסטיש־פּרעסערישן לאַגער. וויקטאָר בערגער אָבער, גיט זאקס צו, איז ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן געשטאַנען אויף דער וואך און איז געבליבן טריי דעם סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם, שרייבט זאַקס, איז פאר בערגערן געווען ניט בלויז א ווייטער אידעאל, נאָר א לעבנס־פּראָגראַם. ער האָט פאַר אים געקעמפּט און זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, ניט נאָר ווען ער איז געווען א מיטגליד פון קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן.

ס'וועט ניט זיין קיין גוזמא דאָ צו דערקלערן, אז אָט אזוי האָט זאקס זיך פאָרגעשטעלט דעם אידעאל פון א סאָציאַליסטישן פאָלקס־פאַרטרעטער און שטאַטסמאַן, וואָס דינט ווירקלעך דעם פאָלק און זאָרגט פאַר זיינע נויטן און באַדערפענישן. זאַקס שטעלט, למשל, פעסט, אז וויקטאָר ל. בערגער האָט געהאַלטן די ערשטע רעדע אין קאָנגרעס וועגן דעם „אָלד איידזש פּענשאָן" פּלאַן, א רעפאָרם וואָס האָט אין די לעצטע 10־12 יאָר באקומען אזא גרויסע ממשות איבערן גאנצן לאַנד.[45]

וויקטאָר בערגערס טויט איז געווען, אין זאקסעס אויגן, א גאָר גרויסער פאַרלוסט פאַר דער ארבעטער־באַוועגונג, מחמת אין די סאָציאַליסטישע רייען איז ניט געווען קיינער וואָס זאָל קענען פאַרנעמען זיין פּלאַץ.

פאַר זאַקסן, וואָס האָט איבערגעלעבט זיין פריינט בלויז מיט 2 יאָר צייט, איז בערגערס טויט געוויס געווען אויך א שווערער פערזענלעכער פארלוסט.

### ביילאַגע צו קאַפּיטל 5

# ליטעראַטור און לעבן

## פון אב. קאַהאַן

איבערגעדרוקט פון „פאָרווערטס" (21טן יאַנואַר, 1912)
(אויסלייג מאָדערניזירט)

## אַ פּאָר ווערטער וועגן דער „צוקונפט"

רעדנדיק וועגן דעם אונטערשייד צווישן דעם זשורנאַל „צוקונפט", ווי ער איז געווען מיט צוואַנציק יאָר פריער און ווי ער איז היינט, — זאָגט זיין רעדאַקציע:

„די היינטיקע מיטאַרבעטער פון „די צוקונפט" האָבן אויפגעהערט צו זיין די איבערקייער און פּאָפּולאַריזאַטאָרס פון אַלטן חדר וועלכע האָבן בלויז געהאַלטן, דאָס זייער אויפגאַבע איז מודיע צו זיין וואָס יענער גדול זאָגט, וואָס יענער גאון דענקט, ווי יענער פירער באַוועגט זיך: אונדזערע מיטאַרבעטער זיינען זעלבסט־שטענדיקע, סיי אין זייער דענקען, סיי אין זייער טאָן. זיי זיינען אַליין די וואָרט־פירער פון יעדן געדאַנק, פון יעדער נייער שטרעבונג".

דאָס הייסט אַראָפּנעמען די האַנט פון האַרצן און אָפן מודה געווען, אַז דער היינטיקער רעדאַקטאָר און די היינטיקע מיטאַרבעטער זיינען אַליין גדולים און וועלט־גאונים „סיי אין זייער דענקען, סיי אין זייער טאָן".

מיט צוואַנציק יאָר פריער, ווען מ'האָט דעם זשורנאַל געגרינדעט האָט מען אין אים פּאָפּולאַריזירט, דערקלערט, אַז יידישע לעזער זאָלן קענען פאַרשטיין כאָטש דעם עיקר, כאָטש אַ ביסל פון דעם, וואָס דאַרווין זאָגט אָדער וואָס קאַרל מאַרקס זאָגט; דעם היינטיקן רעדאַקטאָר און די היינטיקע מיטאַרבעטער שטייט שוין דאָס ניט אָן, זיי זיינען אַליין דאַרווינס, אַליין מאַרקסעס, אַליין „די וואָרט־פירער פון יעדן נייעם געדאַנק, פון יעדער נייער שטרעבונג"; די אַמאָליקע שרייבער פון דער „צוקונפט" פלעגן „מודיע זיין פאַר דער וועלט, וואָס יענער גדול זאָגט, וואָס יענער גאון דענקט". די היינטיקע זיינען מודיע פאַר דער וועלט, אַז זיי זיינען אַליין גאונים און גדולים, אַליין ריזיקע חכמים!

וועגן די גרויסקייט פון דער „צוקונפט" אין דער יידישער וועלט ווערט באַמערקט אַ פּאָר ווערטער ווייטער. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ ברייטערע באַדייטונג, וועגן דער ראָלע וואָס דער זשורנאַל שפּילט אין דער אַלגעמיינער וועלט פון וויסנשאַפט און סאָציאַלער באַוועגונג. אין דיזן זינען ווערט געשריבן דער גאַנצער לייט־אַרטיקל פון דעם יובילעאום־נומער. די שטעלע, וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט, איז בלויז אַ סעמפּל. אין אַ פריערדיקן אָרט איז פאַראַן פּונקט אַזאַ דערקלערונג וועגן דער ברייטער אַלגעמיינער וועלט פון וויסנשאַפט בכלל און סאָציאַלע וויסנשאַפט בפרט.

איין זאַך מוז מען צוגעבן: אָפּנהאַרציק זיינען די היינטיקע שרייבער פון דער „צוקונפט", יעדנפאַלס. אָט נעמט דעם זעלבן דאַרווינען צום ביישפּיל. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מוט אַרויסצוזאָגן, אַז ער איז גרויס. ער האָט גערעדט באַשיידן, ווי אַן ענוו, ווי אַ לעמעלע. דאָס זעלבע איז כמעט מיט אַלע גרויסע וויסנשאַפט־מענער, דער רעדאַקטאָר אָבער פון דער „צוקונפט" איז ניט אַזאַ טרוס. ער באַלאַנגט צו יענע כוואַטעס, וואָס ווייסן ביי זיך אין האַרצן, אַז זיי זיינען זשעניען, און האָבן דעם מוט דאָס מודיע צו זיין.

וועל, אַזאַ נאַרישע, אַזאַ קינדערש חוצפהדיקע באַרימערייַ איז נאָך קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרן אין דעם קלענסטן און אומוויכטיקסטן שמיר־בלעטל, וואָס איז ווען עס איז דערשינען מיט שוואַרצע פינטעלעך אויף וויַיס פּאַפּיר.

און וואָס פאַר אַ טאָן מען גיט, אַזוי ווערט געזונגען דאָס גאַנצע ליד... אין דעם זעלבן נומער „צוקונפט״, צום בייַשפּיל, איז פאַראַן אַן אַרטיקל וועגן דער דראַמע פון לעאָן קאָברין, — באַשטייט ער איינגאַנצן פון דעם, וואָס דער שרייַבער שרייַבט, אַז יעקב גאָרדין איז ניט געווען דער איינציקער גרויסער ייִדישער דראַמאַטורג, נאָר, אַז לעאָן קאָברין איז אויך אַזוי גרויס. און טאָמער גלויבט איר אים ניט, ברענגט ער „דאָקומענטאַלע באַווייַזן״ אין דער פאָרמע, צום בייַשפּיל, פון אַ בריוו פון דזשייקאָב פּ. אַדלער, וועלכער באַשטעטיקט קאָברינס מיינונג, אַז קאָברין איז גרויס.

דיזע ווערטער אונדזערע דאַרפן ניט פאַרבונדן ווערן מיט דער פראַגע וועגן קאָברינס פּלאַץ אויף דער ייִדישער בינע. ער און ז. ליבין באַלאַנגען געוויס צו אונדזערע בעסערע אַמעריקאַנער דראַמע־שרייַבער. פון זיי האָבן מיר צו פאָדערן ערנסטע אַרבעט, מער נאָענטקייט פון קונסט. קאָברינס „מיניע״ האָט געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. ער האָט פאַר דער בינע געגעבן אַ היפּש ביסל „שונד שבשונד״, אָבער אייניקע זאַכן זייַנען געווען בעסער און האָבן באַלאַנגט צו אַ וויכטיקערן ייִדישן רעפּערטואַר. דאָס אַלץ האָט ניט צו טאָן מיט דעם ענין, וועגן וועלכן מיר ריידן דאָ: וועגן אומגעלומפּערטע באַרימערייַ אין קאָברינס אַרטיקל און דער לייט־אַרטיקל, וואָס זייַנען ניט די איינציקע צוויי אין דעם נומער, וואָס זייַנען באַשעפטיקט מיט דיזן עסק.

מיר האָבן געזאָגט: „וואָס פאַר אַ טאָן, אַזוי ווערט געזונגען דאָס גאַנצע ליד״. מיר וועלן מיט דעם ניט באַהויפּטן אַז דער נאַרישער באַרימערישער טאָן ווערט געגעבן פון א. ש. זאַקסן, דעם איצטיקן רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט״, וועלכער איז אויך דער פאַרפאַסער פון דעם אומפאַרגעסלעכן לייט־אַרטיקל. פּיליכט האָט ער דיזן טאָן געכאַפּט פון געוויסע אַנדערע שרייַבער וואָס פּילן איצט אָן די „צוקונפט״ מיט זייער גרויסקייט אָדער שרייען וועגן זייער גרויסקייט. די גאַנצע לופט איז דאָרט דורכגעדרונגען מיט דיזן טאָן, עס שמעקט מיט גרויסקייט, אַזש פאַר דרייַ בלאָק...

געָנ. באַראַנאָוו האָט אין אַן אַרטיקל גערעדט וועגן דעם ווי מאָריס ווינטשעווסקי „קיצלט זיך״ אין דער „צוקונפט״ און ווי ער קיצלט בודינעָן. דער אמת איז, אַז אַ געוויסער טייל פון דעם הייַנטיקן „צוקונפט־קרוזשאָק״ איז ספּעציעל באַשעפטיקט מיט דיזן ביזנעס (סיידן זיי זייַנען צו ביזי אין „רייַבן אַ מאָרדע״ הילקוויטן, וויקטאָר בערגערן אָדער ווער עס איז פון „פאָרווערטס״־אָפיס). אין סך־הכל איז דאָס אַ „מיוטשועל אַדמירייַשאָן סאָסייעטי״, אַ קעגנזייטיקע קיצל־געזעלשאַפט...

מיר גלויבן און כמעט אַלע גענאָסן גלויבן מיט אונדז צוזאַמען, אַז עס וואָלט פּיל בעסער געווען, ווען די „כוואַטסקע זשעניען״ פון דער „צוקונפט״ וואָלטן זיך מטריח געווען אַראָפּצוקריכן פון זייער הויכן באַרג, אַראָפּקומען אויף דער געוויינלעכער ערד, און אָנשטאָט „מודיע״ צו זייַן זייערע אייגענע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען זיך סטאַרעווען צו געבן דעם לעזער עפּעס פאַרזוכן טאַקע אָט פון דעם, וואָס די אַנדערע וויסנשאַפטמענער פון דער וועלט זאָגן. דער רעזולטאַט פון פרעגלען זיך אין דעם שמאַלץ פון די שרייַבערס אייגענער גדלות איז, אַז אין דער „צוקונפט״ איז ניטאָ וואָס צו לייענען, ניט פאַר די מאַסן, וואָס זוכן עלעמענטאַרע בילדונג, ניט פאַר די אינטעליגענטע לעזער. דאָס רוב אַרטיקלען זייַנען אַזוי „הויך״ געשריבן, אַז דער טייוול אַליין וואָלט צו זיי ניט געקאָנט דערקלערן. „הויך״ און האַרט און אַזוי צרהדיק אַז ווען קאַרל מאַרקס וואָלט געלעבט און געקענט ייִדיש, וואָלט ער אויך ניט געקענט פאַרשטיין וואָס מען דרייט אים אַ מוח, הייַנט ווער רעדט שוין וועגן אונדזער געוויינלעכן ייִדישן לעזער, וועלכער נויטיקט

זיך אין אַ מאַנאַטלעכן זשורנאַל אום זיין אָרעמען „סטאַק"־בילדונג רייכער צו מאַכן...
מיט אים פּאַסט זיך דער „צוקונפט" אוודאי ניט צו באַשעפטיקן...

און אויב עס איז ניט „אלימפּיש", דאָס הייסט צו „גרויס" און „וואַזשנע", איז דאָס אָפט גלאַט אַ קוואַטש. עס איז אַ פאַקט, אַז מאַסן פון די אַרטיקלען אָדער ליטעראַרישע זאַכן, וואָס ווערן געדרוקט אין דער „צוקונפט" באַלאַנגען צו דעם ביליקסטן שוואַץ, וואָס מען קען זען אין אַ יידישן בלעטל. אמת, עס זיינען פאַראַן אויסנאַמען, אָבער זייער ווייניק. דער תירוץ איז געוויינלעך: „וואָס זאָלן מיר טאָן, אַז מיר זיינען צו אָרעם צו באַשטעלן בעסערע אַרטיקלען און סקיצעס?" גאַנץ ריכטיק. אָרעמקייט איז קיין שאַנדע ניט, דאַן איז די נאַרישע באַרימעריי נאָך אַ גרעסערע עוולה...

אום צו ווייזן, אַז פאַר דער „צוקונפט" אַרבעטן אַלערליי „אויטסיידער" גדולים אויך, ניט בלויז אירע אייגענע גאונים, לאָזט מען אַמאָל אַריין אַ ניט־יידישן וויסנשאַפטלעכן שרייבער פון אייראָפּע. דער רעזולטאַט איז זייער אַ קאָמישער. אָט איז אַ ביישפּיל:

ד"ר פאָרנבערג, דער פריערדיקער רעדאַקטאָר פון „צוקונפט", האָט אַמאָל באַשטעלט אַ וויכטיקן אַרטיקל ביי הענריך קונאָוו, דעם רעדאַקטאָר פון בערלינער „פאָרווערטס" (דער יושר פאָדערט, אַז מיר זאָלן דאָ באַמערקן, דאָס פאָרנבערג פלעגט זיך ניט באַרימען פון אייגענע גאונות, ווי דער היינטיקער רעדאַקטאָר פלעגט ער ניט טרומייטערן). די פּאָליסי פון ניט פּאָפּולאַריזירן איז אָבער געווען דיזעלביקע. ד"ר פאָרנבערג האָט איר געפונען און ביי איר האָט ער זיך טריי געהאַלטן. די אויפגאַבע באַשטייט אלזאָ ניט אין דעם „וואָס מען זאָל דערקלערן, אויסטייטשן וויסנשאַפטן, די ווערק און אַרטיקלען פון באַרימטע גרויסע מענער", נאָר אין דעם, וואָס מ'זאָל געבן די הויך־געשריבענע הויכקייט פון די „צוקונפט"־שרייבער אַליין. אום אָבער צו די אייגענע „גאונים" צוציען פרעמדע אויך, פלעגט מען אַמאָל זוכן איינצולאַדן וויסנשאַפטלעכע שרייבער פון די אומות העולם. (דאָס דעראיינערט אין די פּאַנאָראַמעס, וואָס צו אַ מאָסע אויפגעמאָלטע ביימער שטעלט מען צו עטלעכע אמתע ביימער און גרויסע, אום די פאַלשע זאָלן אויך אויסזען ווי ווירק־לעכע, אָבער דאָס איז אַן אַנדער געשיכטע)... גענג. קונאָוו איז געווען אַ וויסנשאַפטמאַן אין אַ געוויסע וועגנשאַפט (עטנאָלאָגיע) האָט ער אויפגעטאָן וויכטיקע זעלבסטשטענדיקע אַרבעט, וועלכע האָט אים באַרימט געמאַכט. נאָר ער האָט אויפגעשריבן טאַקע אַן אָרי־גינעלן אַרטיקל און דאָס געשיקט צו דער „צוקונפט". ער האָט נאַטירלעך געשריבן אויף דייטש, און אין דער „צוקונפט" איז דאָס געווען איבערזעצט אויף הויכע האַרטע יידיש, ניט איינצובייסן, זייער ווייניק מענטשן האָבן דעם אַרטיקל געפּרוּווט לייענען. און פון דיזע האָבן בלויז אייניקע אים געקענט פאַרשטיין. אַ קורצע צייט שפּעטער איז דער אָריגינאַל פון דעם אַרטיקל דערשינען דאָרטן, וואו ער באַלאַנגט — אין דעם סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכן דייטשן זשורנאַל „די נייע צייט". נו, אויף דייטש איז דער אַרטיקל געווען פיל לייכטער צו לייענען, ווי אין דער יידישער איבערזעצונג, פאַרשטענדלעכער געוויס.

אַבי הייסן האָט עס געהייסן, אַז קונאָוו שרייבט אין דער „צוקונפט".

דער אַרטיקל האָט זיך געפּאַסט פאַר דער „נייער צייט" און באַלאַנגט צו דער „נייער צייט". בלויז קונאָוו האָט דערלויבט אים איבערצוזעצן פאַר דער „צוקונפט" פון דעם מאַנוסקריפּט, איידער ער האָט דאָס אָפּגעדרוקט אין דער „נייער צייט" און מיט דעם האָט מען געזוכט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז די „צוקונפט" ווערט אַרויסגעגעבן פאַר געביל־דעטע מענטשן, אַז פאַר דער „צוקונפט" שרייבן אַזעלכע מענער ווי קונאָוו, אַז די „צוקונפט" איז אַזאַ וויכטיקער זשורנאַל ווי קאַוטסקיס „נייע צייט"...

מען וואָלט נאַטירלעך דעם אַרטיקל געקענט פּאָפּולאַריזירן, דערקלערן אין אַ לייכטער פאָרם, כדי געוויינלעכע יידישע לעזער זאָלן אים קענען פאַרשטיין, אָבער דאָס שטייט

דאָך דער איצטיקער „צוקונפט" ניט אָן. אַ חוץ דעם, דאָס וואָלט דאָך ניט געהייסן קונאָוו שרייבט פאַר דער „צוקונפט". נאָך אַ זאַך: פּאָפּולאַריזירן קען מען די צענדליקער גע־דרוקטע אַרטיקלען און ביכער, וואָס עפּעס מאַנוסקריפּטן?... דער עיקר איז דאָך צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז די שרייבער פון דער „צוקונפט" זיינען טאַקע וועלט־גאונים, והא ראיה: קונאָוו איז זייער חבר.

באַמערקט: מיר רעדן דאָ ניט וועגן אַ באַגריסונג־בריוו פון אַ גרויסן מאַן, נאָר טאַקע פון אַן אָריגינעלן וויסנשאַפטלעכן אַרטיקל...

די „נייע צייט" איז אַם פּלאַץ, די דייטשן זיינען אַלע געגאַנגען אין סקול און דערצו נאָך איז דייטשלאַנד פאַרפּלייצט מיט פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ווערק, פון וועלכע דער עולם קען שעפּן בילדונג. אַ חוץ דעם האָט דייטשלאַנד צענדליקער סאָציאַליסטישע טעג־לעכע און וועכנטלעכע צייטונגען. דאָרטן „קען מען אַפּאָרדן" אַזאַ שריפט ווי די „נייע צייט". אונדזער ייִדישע לעזער־פּובליקום נייטיקט זיך אָבער אין דעם נייטיקסטן, אין אַ זשורנאַל, פון וועלכן אונדזערע מאַסן זאָלן זיך קענען בילדן. גיט מען זיי אָנשטאָט דעם אַ נאָכקרימעניש נאָך דער „נייער צייט", מען פאַרשטייט ניט „וואו דער חמר שטייט", אַבי מען מאַכט נאָך ווי ביי לייטן...

און דער אמתער רעזולטאַט איז אַ זשורנאַל ניט פאַר די לעזער, וואָס ווילן עפּעס לערנען, נאָר פאַר אַ באַנטש גאונים, וועלכע זיינען אין אים באַשעפטיקט אין אַרויסווייזן זייער גרויסקייט איינער פאַרן אַנדערן און יעדער פאַר זיך אַליין.

איז דען אַ וואונדער, אז אַזאַ „מיוטשועל אדמיריישאָן גאונים־זשורנאַל" זאָל קוים זשיפּען... די צאָל ייִדישע לעזער, וואָס דורשטן נאָך אַ רעכטן זשורנאַל איז אומגעהייער גרויס. ווען דער זשורנאַל וואָלט זיך געפירט מיט ווייניקער נאַרישער באַרימעריי, קעגנ־זייטיקער קיצלעריי און אַנטי־הילקוויט אָדער „אַנטי־„פאָרווערטס" אינטריגעריי, אָבער מיט מער טעם און שכל: ווען ער וואָלט אַרויסגעוויזן ווייניקער פון די היינטיקע „כוואַטסקע גאונות" און מער פאַר־צוואַנציק־יאָריקע באַשיידנקייט און איבערגעבנקייט, וואָלט דער זשורנאַל שוין לאַנג געווען אין אַ בליהענדן צושטאַנד; ער וואָלט שוין לאַנג ניט גע־דאַרפט שנאָרן און באַקלאָגן זיך, אַז ער האָט ניט מיט וואָס צו קויפן גוטן לייען־שטאָף; ער וואָלט געוויס געהאַט דריי מאָל אַזוי פיל לעזער ווי היינט. רעספּעקט וואָלט מען יעדנפאַלס צו אים געהאַט מער ווי היינט.

## הערות צום קאַפּיטל 5

1. „די סען־סימאָניסטישע באַוועגונג" (יוני, 1910) און „קאָאָפּעראַציאָן און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" (סעפּטעמבער, 1910).

2. די וויכטיקסטע אַרבעטן אין יענעם באַנד „צוקונפט" (1911) זיינען: **מאַלטוזיאַ־ניזמוס און נאַטורוויסנשאַפט** (אַפּריל); **באַפעלקערונג געזעץ ביי פלאַנצן, חיות און מענטשן** (מאַי); **וו. ג. ביעלינסקי** (אויגוסט); **געג. בערגערס ביל און די עלטער פאַרזי־כערונג אין פאַרשיידענע לענדער** (סעפּטעמבער, אָקטאָבער); **צענטראַלע, טעריטאָריעלע אָדער נאַציאָנאַלע געווערקשאַפטן** (דעצעמבער).

3. די וויכטיקסטע ארבעטן אין 1912 ב' „צוקונפט" זיינען: **בירגערלעכע דעמאָקראַטיע און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע** (פעברואַר); **דער מאַרקסיזמוס און די אַמעריקאַנערווירקלעכ־קייט** (מערץ); **דער מוסר־השכל פון דעם קוילן־סטרייק אין ענגלאַנד** (אַפּריל); **קאַפּיטאַ־ליסטישע פּאַרטייען, זייער „ראַדיקאַליזמוס" און דער סאָציאַליזמוס** (מאַי); **אַלעקסאַנדער הערצען** (יוני); **די שפּאַלטונג אין דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי און די פּאָליטישע לאַגע** (יולי); **פּלאַטפאָרמעס פון די פּאָליטישע פּאַרטייען** (אויגוסט); **וואָס איז אַזוינס לעבן** (אָקטאָבער).

4. ש. זאַגאָרין: רוססאָס פּאָליטישע לעהרען און די דעקלערײשאַן אָוו אינדעפּענ־דענס, „צוקונפט", יולי, 1912, ז"ז 443־439.

5. ציטירט, אַלס מאָטאָ, פאַר דעם אַרטיקל (דעם ערשטן אין באַנד 1912) פון א. ש. זאַקס: צוואַנציג יאָהר פריהער — און איצט; „צוקונפט", יאַנואַר, 1912, ז"ז 1־5.

6. „די צוקונפט" אין ז. רייזענס „לעקסיקאָן פון דער יודישער ליטעראַטור און פּרעסע", וואַרשע, 1914, שפּ. 731.

7. ד"ר אב. קאַספּע: אונדזער „צוקונפט" און אונדזער „פאָרווערטס"; „צוקונפט", יאַנואַר, 1912 און פעברואַר, 1912 (ז"ז 151־156).

8. „צוקונפט", יאַנואַר, 1912, ז"ז 4־5.

9. „צוקונפט", פעברואַר, 1912, ז' 184, אין אַרטיקל: ווער זיינען אונזערע קריטיקער? ענטלעכע ווערטער וועגן אב קאַהאַנס אַטאַקע אויף די „צוקונפט".

10. דאָרטן, ז' 154.

11. דאָרטן, ז' 156.

12. יעקב מילך: די אַנטשטייאונג פון „פאָרווערטס" (זכרונות), ניו־יאָרק, 1936; באַזונדערס די קאַפּיטלען: „דער אָנהויב פון דער אָפּאָזיציע", „כאַראַקטער שטריכן פון ל. מילער און אב. קאַהאַן", דער אָנהויב פון דער לעגענדע" און אַנדערע. וויכטיקע ידיעות איבער יענער תקופה ברענגט אויך: קלמן מרמר: מאָריס ווינטשעווסקי (זיין לעבן, ווירקן און שאַפן), ניו־יאָרק, 1928, פאַרלאַג „פרייהייט", 1טער באַנד פון מ. ווינ־טשעווסקיס „געזאמלטע ווערק". סוביעקטיוו און איינזייטיק ווערט געשילדערט די עפּאָכע אין אב. קאהאנס אויטאָביאָגראַפיע „בלעטער פון מיין לעבן" (ב' 2 און ב' 3).

13. א. ש. זאַקס: אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט (קאַפּ. „דער אָנהייב פון „עס. על. פּי."), ז' 123. אויך נעקראָלאָג פון מ. ווינטשעווסקי אין „צוקונפט", פעבר., 1912, ז"ז 119־120.

14. דאָרטן, ז' 122.

15. ד"ר ה. פראנק: די יידישע טרייד יוניאָן־באַוועגונג אין אַמעריקע (1888־1938), „יאָרבוך פון אַמאָפּטייל", ב' 2, ניו־יאָרק, 1939, ז' 103 פּפּ.

16. דאָרטן, ז' 112.

17. י. קאָפּעליאָוו: אַמאָל אין אַמעריקע (זכרונות פון דעם יידישן לעבן אין אַמע־ריקע אין די יאָרן 1883־1904), וואַרשע, 1928, ז' 374.

18. דאָרטן, ז' 384.

19. י. קאָפּעלאָוו: אַמאָל און שפּעטער (3טער באַנד זכרונות), ווילנע, 1932, ז"ז 176־178.

20. „די צוקונפט", פעברואַר, 1912, ז' 151, פּוסנאָטיץ צום אַרטיקל: אונדזער „צוקונפט" און אונדזער „פאָרווערטס".

21. דאָרט, ז' 153.

22. יעקב מילך, ציט. ווערק. ז"ז 25־29. אויך שרייבט יעקב מילך:

„דער גאַנצער צוניפשטעל פון קאַהאַנען, איז געווען און איז ביז אויף היינט, קעגן פרייער פּרעסע. אויב עס איז געווען ווער עס איז ביי אונדז, וואָס האָט זיך צום שטאַרקסטן פאַרזינדיקט קעגן דער מצוה פון פרייער פּרעסע, איז דאָס געווען קאַהאַן. ער האָט דאָס גאָר ניט געלייקנט". (ז' 52).

23. קלמן מרמר: מאָריס ווינטשעווסקי, ז"ז 212־220.

24. י. קאָפּעליאָוו: אַמאָל אין אַמעריקע, ז"ז 165־176.

25. „אב. קאַהאַן" אין ז. רייזענס לעקסיקאָן פון ייד. ליטעראַטור, ז' 11, ווילנע,

1828, ב׳ 3, שפּ. 3846 אויך: לינקאָלן סטעפּפענס: „אויטאָביאָגראַפי״, ניו־יאָרק, 1931, ז״ז 314־317.

26. ד״ר י. א. הורוויטש: אויסגעוויילטע שריפטן, ב׳ 2, (ז״ז 105־128), דער דאָזי־קער אַרטיקל, וואָס האָט זיך פריער געדרוקט אין ד״ר ח. זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן״, יוני־יולי, 1910, איז באַטיטלט: „די אידיש־אַמעריקאַנישע געלע פּרעסע״.

זע אויך: יעקב מילך, ציט. ווערק. ז״ז 90־95.

27. „צוקונפט״, פעברואַר, 1912, ז׳ 186.

28. דאָרטן, ז׳ 185.

29. ה. בורגין: דיא געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג (אין אַמע־ריקא, רוסלאַנד און ענגלאַנד), ניו־יאָרק, 1915, ז׳ 385.

30. „צוקונפט״, פעברואַר, 1912, ז״ז 186־187.

31. יעקב מילך, ציט. ווערק, ז״ז 85־86.

32. „דהי אויטאָביאָגראַפי אָוו לינקאָלן סטעפּפענס״ (אין איין באַנד), ניו־יאָרק, 1931, ז״ז 317־318.

33. א. ש. זאַקס: אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט, ניו־יאָרק, 1938, ז״ז 67־68.

34. דער אַרטיקל איז שפּעטער איבערגעדרוקט געוואָרן אין זאַקסעס אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט — אין דער אָפּטיילונג „רעוואָלוציאָנערע געשטאַלטן,״ ז״ז 64־65.

35. דאָרטן, ז׳ 67.

36. „אידישע אַרבעטער וועלט״, שיקאַגאָ, ב׳ 2, נומ׳ 49, 18טער יוני, 1909.

37. מאָריס הילקוויט: די לעבנס־געשיכטע (איבערגעזעצט פון א. מילמאַן), ניו־יאָרק, 1935, ז׳ 94.

38. פרעדעריק סי. האו: מילוואָקי — אַ סאָושאַליסט סיטי״ אין „אוטלוק״, ניו־יאָרק, ב׳ 95, 25 יוני, 1910, ז״ז 411־421.

39. אויך דאָרטן.

40. זע דעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל (וואָס האָט אויך עטלעכע פאָטאָגר. בילדער) פון פרעדעריק סי. האו אין דער וואָכנשריפט „אַוטלוק״. דאָרט ווערן אויך געבראַכט ביאָגראַפישע ידיעות וועגן וו. ל. בערגער.

41. א. ש. זאַקס: „אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט״, (ז״ז 53־58), אַרטיקל: וויקטאָר בערגער — דער ערשטער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן אין אַמעריקע.

42. זאַקס, דאָס ציטירטע ווערק ז׳ 54.

43. דאָרטן, ז״ז 55־56.

44. דאָרטן, ז״ז 56־57.

45. אין די סעפּטעמבער (ז״ז 477־483) און אָקטאָבער (ז״ז 537־545) העפטן פון דער „צוקונפט״ (פון 1911) האָט א. ש. זאַקס אָפּגעדרוקט אַן אָפּהאַנדלונג איבער דער טעמע: גענ. בערגערס ביל און די עלטער־פאַרזיכערונג אין פאַרשיידענע לענדער.

VI

# דער טרעגער פון סאָציאַלער וויסנשאַפט

## א

ווען די „צוקונפט“ איז, סוף 1912, אַריבער צו דער „פאָרווערטס אַסאָסיאיישאָן“ (ווי ס'איז אין פאָריקן קאַפּיטל אויספירלעך באַשריבן געוואָרן), איז אַהין אַריבערגעגאַנגען אויך זאַקס, צוזאַמען מיט דער „באָרד אַוו עדיטאָרס“. באַלד האָט אָבער די „פאָרווערטס אַסאָסיאיישאָן“ דערוויילט צוריק א פולן, פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר, ווי דאָס איז געווען אין די צייטן פון ווינטשעווסקי, פייגנבוים און קראַנץ, און די רעדאַקציע איז אַריבער צום באַקאַנטן פּאָעט און פובליציסט אברהם ליעסין (1871־1938). זאַקס האָט געקענט בלייבן ביי דער זעלבער שטעלע פון אַ רעדאַקציע־סעקרעטער, אָדער „מענעדזשינג עדיטאָר“ (ווי ער פלעגט זיך רופן), אָבער פון אזא אמט האָט זאקס זיך אָפּגעזאָגט, און זיין שטעלע האָט פאַרנומען שכנא עפּשטיין.[1]

קיין קאָמפּראָמיסן מיט זיין געוויסן האָט אַלזאָ, א. ש. זאַקס ניט געוואָלט מאַכן, הגם אזא קרבן האָט געמוזט האָבן, און האָט ווירקלעך געהאַט זייער טרויעריקע רעזולטאַטן פאר זיין עקאָנאָמישן צושטאַנד.

אין יענער צייט (סוף 1912) איז שוין זיין פרוי, וויערא, אַ גאַנצן יאָר געווען טעטיק אלס אסיסטענטקע ביי א צייך־דאָקטאָר אין ניו יאָרק, אָבער כדי צו קענען פּראַקטיצירן ווי א צייך־דאָקטאָר אין סטייט ניו יאָרק, וואָלט זי געמוזט ווידער אַוועקגיין אויף אַ יאָר אין אַ פּראָפעסיאָנעלן קאַלעדזש. אין אירע אויגן, און אויך לויט דער מיינונג נאָך פון גרויסע פאַכלייט אין דער פּראָפעסיע (פּראָפעסאָרן פון טעמפּל אוניווערזיטעט אין פילאַדעלפיע), וואָלט די גלייכסטע זאַך דעמאָלט געקענט זיין אָט וואָס: אָפּצוגעבן א סטייט־באָאָרד עקזאַמען אין ניו דזשוירזי און זיך צו באַזעצן און פּראַקטיצירן דענטיסטיק אין א פלאַץ גאנץ נאָענט צו ניו יאָרק, אָבער אויף דער טעריטאָריע פון ניו דזשוירזי. אַזוי האָט זי ווירקלעך געטאָן און האָט סוף 1913 באַקומען א ליצענץ אין סטייט ניו דזשוירזי. דעמאָלט האָבן זיך די זאקסעס אַריבערגעקליבן פון ניו יאָרק קיין האָבאָקען, אויף דער צווייטער זייט פון האָדסאָן, ביים סאַמע שוועל פון ניו יאָרק. ערשט דאָרט

און דעמאָלט האָט זיך דער עקאָנאָמישער מצב פון די זאַקסעס געוואָרן ביסלעכווייז פאַרבעסערן. ס׳איז פאַר זאַקסן ניט שווער געווען צו קומען ארבעטן, כמעט טאָג־טעגלעך, אין ניו יאָרק. גאַנצע זיבעצן יאָר, ביזן לעצטן אָטעמצוג, איז זאַקס פאַרבליבן אַן איינוואוינער פון דער קליינער, ציכטיקער האָפּנ־שטעטל, האָבאָקען, וואָס איז אין גרונט דער נאָענטסטער און אַם באַקוועמסטן געלעגענער פאָרשטאָט־קוואַרטאַל פון גרויסן כרך, ניו יאָרק.

אין משך פון די יאָרן 1912־1913 איז זאַקס געווען רעדאַקטאָר פונם מאָנאַטלעכן זשורנאַל פון ארבייטער רינג — „דער פריינד״, פלייסיק שטו־דירנדיק אין דער גלייכער צייט אין דער ביבליאָטעק פון „קאָלאָמביא אוניווערזיטעט״ און אין אַנדערע וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעקן פון ניו יאָרק.

נאָך אין פעברואר 1911 האָט זאַקס אַרויסגעלאָזן זיין ערשטן בוך אין אַמעריקע — „פּאָליטישע עקאָנאָמיע, איר ענטשטעהונג און געשיכטע״.[2] די מערסטע צווישן די 30 קאַפּיטלעך וואָס גייען אריין אין אָט דעם בוך זיינען אין פארלויף פון די יאָרן 1906־1910 שוין געדרוקט געווען אין דער „צוקונפט״, אלס מאָנאָגראַפיעס איבער די גרויסע עקאָנאָמיסטן, אָנפאַנג־ענדיק פון די פיזיאָקראַטן און די קלאַסיקער (אדאם סמיטה, דוד ריקאַרדאָ און ראָבערט מאלטוס) און ענדיקנדיק מיט די אוטאָפּיסטן (סען סימאָן, פוריע און אווען) און מיט זייערע שולן און ריכטונגען. אָבער ביים צוזאמענ־שטעלן סיסטעמאטיש דאָס בוך, איז זאַקסן, פאַרשטייט זיך, אויסגעקומען „פּילעס מוסיף צו זיין״ און מאנכעס צו „פיילן״, ווי ער אַליין דערציילט אין דעם פאָרוואָרט. אין דער הקדמה צו זיין בוך שרייבט ער אויך אָט וואָס (מאָדערנער אויסלייג):

דאָס בוך איז אַן אָפּגעשלאָסענער באַנד פון מיין ווערק „פּאָלי־טישע עקאָנאָמיע און סאָציאַליזם, זייער וועזן, אנשטייאונג און גע־שיכטע״. אין אים ווערן ארומגערעדט די סיסטעמען און די לערן פון די מערקאַנטיליסטן, פיזיאָקראַטן, קלאַסיקער און אוטאָפּיסטן.

איך פאַנג אָפּזיכטלעך אָן מיין ווערק מיט דער געשיכטע פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און ניט מיטן לערבוך, ווייל נאָך מיין מיינונג איז אוממעגלעך צו האָבן אַ פולשטענדיקן באַגריף איבער די כללים און באַשטימונגען פון אָט דער וויסנשאַפט, איידער מען איז באַקאַנט מיט איר געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. די גרויסע מיי־נונג־פאַרשידנקייטן, וועלכע הערשן נאָך היינטיקן טאָג אין באַצוג צו עקאָנאָמישע דערשיינונגען, נעמען מער אָדער ווייניקער זייער וואָרצל פון די פאַרשידענע ריכטונגען, טעאָריעס און סיסטעמען, וועלכע האָבן

געהערשט פון אָנפאַנג אָן, ווען — „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אלס וויסנשאַפט.

דאָס ווערק איז ווייט ניט קיין טרוקן־אַבסטראַקטע אָדער קאָמפּילאַ־טיווע איבער־דערציילונג פון א לאַנגווייליקן ענין. ווייט דערפון. זאַקס גיט אויף א לעבעדיקן און אָריגינעלן אופן איבער דעם געשיכטלעכן און סאָציאַלן הינטערגרונט פון די עקאָנאָמישע לערעס ווי זיי האָבן זיך אויס־געוועבט אין די גייסטיקע ווארשטאטן פון די פּאָליטיקאַ־עקאָנאָמיסטן אין די לעצטע 200 יאָר. די ביאָגראַפישע טיילן פון בוך זיינען ניט בלויז פון א וויסנשאפטלעכן, נאָר אויך פון א קינסטלערישן ווערט, ווי צום ביי־שפּיל דער טייל וואָס באַשרייבט די פּאַטעטישע לעבנס־געשיכטע פון א ווייניק אין זיין צייט אָנערקענטן געניאַלן דענקער סען סימאָן, אָדער דעם טראַגישן לעבנסגאַנג און דאָס לעבנסווערק פון ראָבערט אווען, דעם פאָטער פון דעם קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און גרינדער פון איינער פון די באַ־וואוסטע מאָדערנע קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין אמעריקע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל.

ווען מיר נעמען אין באַטראַכט, אז ביז יענער צייט איז אויף יידיש א געשיכטע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע נאָך קיינמאָל ניט געשריבן געוואָרן, און אז אפילו אין אַנדערע שפּראַכן איז ניט גרויס געווען די צאָל ביכער וואָס האָבן סיסטעמאַטיש און אַלזייטיק באַהאַנדלט די היסטאָרישע אַנט־וויקלונג פון די פּאָליטישע עקאָנאָמישע טעאָריעס, טאָ מוז מען אַנערקענען, אז מיט זיין ווערק, מיט אָט דעם בוך, האָט זאַקס ווירקלעך אויפגעטאָן א שטיק פּיאָנערן אַרבעט אין דער ערנסטער פּאָפּולער־וויסנשאפטלעכער לי־טעראַטור אויף יידיש. ער האָט, אגב, צוגעגרייט דערמיט פאַר דעם יידישן לייענער אין אמעריקע דעם טעאָרעטישן באָדן פאַר זיינע צוויי שפּעטערדיקע גרויסע סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס מיר וועלן באַלד אויספירלעך באַשרייבן. פונקט אזוי, ווי א צוגרייטונג און איינפירונג אין א טיפערע פאָרשונג און באַלערונג, זיינען אויך געווען די ערשטע צוויי ביכער־ווערק פון א. ש. זאַקס אינם אייראָפּעאישן פּעריאָד פון זיין ליטעראַריש־וויסנ־שאפטלעכער טעטיקייט: זיין „עקאָנאָמישע לערע" (נאָך א. באגדאנאָוון) וואָס איז דערשינען אין ווארשע אין 1902, און זיין אָריגינעלער בוך „היס־טאָרישער מאַטעריאַליזם" (ווילנע, 1907) — וואָס האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך פּאָקטיש דעם אָנפאַנג פון דער ערנסטער מארקסיסטישער ליטעראַטור אין דער שפּראַך פון די ארבעטנדיקע יידישע מאסן אין רוסלאַנד, פּוילן און אמעריקע.

ב

אין יאָר 1914 איז זאקס געווען איינער פון די גרינדער פון דעם יידישן פאָלקס־אוניווערזיטעט דורך קאָרעספאָנדענץ, אין וועלכן ער האָט געגעבן א קורס אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע. דאָס ווערק, טאַקע אין דער פאָרם פון געדרוקטע לעקציעס, איז אויך דערשינען אין בוך־פאָרם אין יאָר 1915. דאָס איז געווען דער ערשטער און צווייטער טייל פון דעם שפּעטער דערשינענעם גרויסן ווערק — „גרונט־פרינציפּן פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע״.[3]

אין 1915, ווען די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראציע פון אמעריקע האָט געגרינדעט א ביכער־פארלאג אַרויסצוגעבן סאָציאַל־וויסנשאפטלעכע שריפטן אונטערן נאָמען „ארבייטער ביבליאָטעק״, איז דער ערשטער נומער פון דער נייער ביכער־סעריע געווען א. ש. זאקס'ס „לעהרע פון סאָציאַ־ליזם״, א בוך פון 153 זייטן. אין זיין „פאָרוואָרט״, געשריבן אין נאָוועמבער, 1914, זאָגט זאַקס, אז די ערשטע העלפט איז א פארבעסערטע און א פאר־גרעסערטע אויסגאבע פון זיין „היסטאָרישן מאַטעריאליזם״, וואָס איז דער־שינען אין 1907, אין ווילנער פארלאג „די וועלט״. „פאר די לעצטע 7 יאָר האָבן זיך אַנטוויקלט מאַנכע נייע געדאַנקען, און פאר זיי האָב איך געמאכט פּלאַץ אין דער איצטיקער אויסגאבע״. דער ערשטער טייל פון בוך באַשטייט פון דריי קאפּיטלען: די מעטאָדע פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אנשויאונג, און דער היסטאָרישער מאַטע־ריאַליזם.

אויך פון דער צווייטער העלפט (וואָס באהאנדלט די „היסטאָרישע נויטווענדיקייט פון סאָציאַליזם״ און די ווערט טעאָריעס) זיינען אייניקע קאַפּיטלען שוין פריער פארעפנטלעכט געוואָרן אין צייטשריפטן. אָבער ווי ער שרייבט אין פאָרוואָרט: „כ'האָב זיי צוגעגעבן דאָ אַן אנדער פּנים און אין צוזאמענהאַנג מיט אלע אנדערע פּונקטן פון דער סאָציאַליסטישער לעהרע ערשיינען זיי דאָס ערשטע מאָל פארן עולם״. די לעצטע קאַפּיטלעך (וועגן „קריטיק פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם״) האָט זאקס ספּעציעל גע־שריבן פאר אָט דעם בוך.

דער צוועק פון בוך „לעהרע פון סאָציאַליזם״ איז צו דערקלערן דעם סאָציאַליזם פארן אינטעליגענטן יידישן ארבעטער, און דאָס איז אינם דאָ־זיקן ווערק אויסגעפירט געוואָרן. די אויפגאבע וואָס זאקס האָט זיך געשטעלט איז געווען אזא: צו פאראייניקן אין איין לאָגישן צוזאַמענהאַנג די צוויי גרונט־לערעס פון מאַרקסיזם — דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, פון איין זייט, און די לערע פון מערווערט, פון דער צווייטער זייט. ס'איז אים דערביי געלונגען אין א קלאָרער שפּראַך מסביר צו זיין שווערע ענינים

אַזוי, אַז דער וואָס וויל לערנען דעם ענין זאָל דערצו האָבן אַ פולע מעג־לעכקייט און אָט דעם בוך, ווי דאָס האָבן אין יענער צייט אַזוי גוט ווי איינשטימיק פעסטגעשטעלט די רעצענזענטן אין דער פרעסע.[4]

אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטע לענגערע רעצענזיע האָט אָפּגעדרוקט מ. אַלגין אין דער „צוקונפט", וואו ער שרייבט אַגב: „זאַקס האָט ערפילט זיין אויפגאַבע מיט פלייס און מיט קענטעניש, און דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט אַ סך געווינען, ווען ער וועט דורכשטודירן דאָס ווערק. אין דער יידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור איז דאָס איינציק אין זיין אַרט, און עס באַפרידיקט אַ געוויסע באַדערפעניש, וועלכע פילט זיך שוין לאַנג.[5]

זאַקס גיט אין זיינע צוויי קאַפּיטלען וועגן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם אַ פילאָזאָפישן פונדאַמענט פאַר זיין סאָציאַליסטישער אויפפאַסונג פון דער געזעלשאַפטלעכער עקאָנאָמיק אַלס אַ מין אַריינפיר צום וויסנשאַפטלעכן סאָ־ציאַליזם. זיין היסטאָרישן מאַטעריאַליזם באַגרינדעט ער אויפן פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם, בעת דעם פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם גופא באַגרינדעט ער אויף דער ביאָלאָגיע. ווי מיר האָבן שוין דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, איז זאַקס געווען אַ געטרייער תלמיד און נאָכפאָלגער פון ערנסט העקעל און האָט אָנגענומען העקעלס פילאָזאָפיע פון וויסנשאַפטלעכן מאָניזם. ווי עס האָט ריכטיק באַמערקט אַ קאָמענטאַטאָר פון זאַקסעס ווערק, א. ד. פלעש־לער, „שטעלט זיך זאַקס ניט צופרידן ניט מיט דער היסטאָרישער שולע פון אידעאַליזם און ניט מיטן מאַטעריאַליזם פון 18טן יאָרהונדערט. ער נעמט אָן העקעלס מאָניזם וואָס איז אייגענטלעך אַ פשרה צווישן די ביידע שולעס". און געוויס טיילט זאַקס דעם מאָניסטיש־פילאָזאָפישן שטאַנדפונקט פון זיין לערער העקעל.[6]

אַריבערגייענדיק צו דער דערקלערונג פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, דעם בריק צווישן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער לערע פון מאַרקסיזם, אָפּערירט זאַקס מיט קלאָרע און שאַרף אויסגע־דריקטע טעאָרעטישע באַגריפן, אויפן שטייגער פון פרידריך ענגעלס'עס באַרימטן ווערק „אַנטי־דיהרונג". ווי ענגעלס, האַלט אויך זאַקס, אַז מאָראַל, יושר און אַנדערע אַבסטראַקטע באַגריפן זיינען ניט קיין אייביקע אמתן אין דער פאָרמולירונג ווי מ'גיט זיי אין אַ געוויסן מאָמענט, נאָר — זייער איינ־האַלט בייט זיך אונטער דעם איינפלוס פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן אין לויף פון דער געשיכטע, אָט די הויכע פרינציפּן, ווי יושר, אמת, א. אַז. גל., זיינען פאַר אַ דיאַלעקטישן דענקער ניט קיין אויסגאַנג־פונקטן פון דער אונ־טערזוכונג, נאָר — אירע רעזולטאַטן, מ'קען מיט זיי ניט צוגיין פאַרטיקער־הייט צו דער נאַטור און צו דער מענטשלעכער געשיכטע, נאָר מען דאַרף זיי אַבסטראַהירן, אַרויסדרינגען פון דער נאַטור און פון היסטאָריע. ניט די נאַטור און ניט די אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט דאַרפן אַנטשפּרעכן

די דאָזיקע אַבסטראַקטע פּרינציפּן, נאָר פּאַרקערט — די פּרינציפּן גופא זיינען בלויז אויף אַזוי פיל ריכטיק און וויכטיק, אויף וויפיל זיי שטימען איין מיט דער נאַטור און געשיכטע.

ס'איז ניט לייכט אין קורצן איבערצוגעבן דעם תמצית פון דעם דיאַלעקטיק-פּרינציפּ. די באַצייכענונג קומט אַרויס פונם זעלבן וואָרצל ווי דאָס וואָרט „דיאַלאָג". אין אַ דיאַלאָג טרעטן אַרויס צוויי צדדים מיט זייערע אייגענע אַרגומענטן, און אין משך פון געשפּרעך ווערט די געדאַנקען אַנטוויקלונג גופא כסדר פאַרטגעזעצט. נייע אידייען, קאָמבינאַציעס פון אידייען ווערן בעת מעשה אַרויסגעבראַכט, הגם דאָס וואָס איז שוין פריער, אין אַזאַ אָדער אין אַנדער פאָרם, אַרויסגעזאָגט געוואָרן, פאַרבלייבט אין דער אַרגומענטאַציע, וועלכע שפּילט זיך אָפּ אויף אַזאַ באַזיס פון אַ שקלא-וטריא פון ווידערשפּרוכן און קעגנ-מיינונגען דורך אַן ערנסטן געדאַנקען-אויסטויש. די באַרימטע העגעלשע „טריאַדע" — די פאָרמולע פון „טעזיס — אַנטיטעזיס — סינטעזיס", איז דער סאַמע תמצית און עיקר-גדול פון דער דיאַלעקטישער מעטאָדע.

ענגעלס, און מיט אים לענין, האָבן געהאַלטן, אַז אויך די נאַטור און געשיכטע באַוועגן זיך אין אַ דיאַלעקטישן פּראָצעס. דיאַלעקטיק, על פּי ענגעלס, איז ניט קיין אַנדער זאַך ווי די וויסנשאַפט פון די אַלגעמיינע געזעצן פון באַוועגונג און אַנטוויקלונג פון דער נאַטור, פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און פון געדאַנק. „יעדער שריט, יעדע פאָרם פונעם מענטשלעכן פאָרשריט איז נויטיק און נוצלעך פאַר דער צייט און די אומשטענדן פון וועלכע דער דאָזיקער שריט קומט אַרויס, אָבער די דאָזיקע פאָרשריט-פאָרם ווערט שוואַך און אומבאַרעכטיקט (אָפּגעשטאַנען) אונטער די נייע און העכערע באַדינגונגען וואָס אַנטוויקלען זיך ביסלעכוויז אין דעם שויס פון די פריערדיקע פאָרשריט-פאָרמען גופא. די פריערדיקע פאָרמען מוזן אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר די נייע, העכערע פאָרמען, וועלכע וועלן אויך, שפּעטער, בשעתם אָפּשטאַרבן און אַוועקפאַלן". דאָס איז דער תוך פון דעם דינאַמיזם אין דער געזעלשאַפטלעכער, ווי אויך אין דער גייסטיקער, אַנטוויקלונג, ווי די דיאַלעקטיק פון מאַרקס-ענגעלס און לענין האָט עס אויפגעפאַסט.[7]

א. ש. זאַקס האָט דורך און דורך געטיילט אָט די אָנזיכטן מכח דער באַוועגונג פון איין געזעלשאַפטלעכער פאָרם צו דער צווייטער, שטענדיק און אָן אַן אויפהער ווי די טרייבקראַפט פון סאָציאַלן פאָרטשריט און אַנטוויקלונג, אָבער אויך פון מענטשלעכן געדאַנק, אין די נאַטור-וויסנשאַפטן און אין דער געשיכטע. אויף זיין גלויבן אין דער היסטאָרישער דיאַלעקטיק האָט ענגעלס באַזירט זיין פעסטע איבערצייגונג, אַז די קאָמוניסטישע אָרדענונג מוז אומפאַרמיידלעך קומען. ער, ווי אויך א. ש. זאַקס נאָך אים,

האָט אָבער געצויגן אַ שאַרפן אונטערשיד צווישן דעם „היסטאָרישן מאַטע־ריאַליזם" פון איין זייט און, פון דער צווייטער זייט, דעם „מעטאַפיזישן, מעכאַנישן מאַטעריאַליזם" פון יענע דענקער וואָס זוכן זייערע טעאָריעס אָנצואווענדן בלויז אויף דער נאַטור און ווילן ניט אָנערקענען דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן אינהאַלט פון דעם טיף פאַרשטאַנענעם היסטאָרישן מאַטע־ריאַליזם. דווקא אין די לעצטע צענדליקער יאָר פון 19טן י"ה האָבן זיך די לערעס פון פלאַכן, פון מעטאַפיזישן און מעכאַנישן מאַטעריאַליזם ברייט צעלייגט אין דער נאַטור־פילאָזאָפישער פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכער ליטע־ראַטור. דער קאַמף מיט זיי איז געווען דורכאויס נויטיק פאַרן גייסטיקן פאָרשריט פון די ראַדיקאַלע קרייזן. דער אָפּקלאַנג פון אָט דעם קאַמף קעגן די פאַרפלאַכער פון סאָציאַל־פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם שפּירט זיך אויך אין זאַקסעס „לערע פון סאָציאַליזם". שוין דאָס אַליין מאַכט דעם דאָזיקן ווערק, מיט וועלכן זאַקס האָט שטענדיק, און ניט אָן אַ גוטן גרונט, שטאָל־צירט, פאַר אַ וויכטיקן וואָפן אין קריג קעגן דער פאַרפלאַכטער, פאַר־וואולגאַריזירטער אויסטייטשונג פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם בכלל און פון דער דיאַלעקטישער מעטאָדע („דיאַמעט" אין אויסדרוק, וואָס איז אפשר ריכטיקער פון „דיאַמאַט", ווי דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם, ווערט אָנגערופן און גלאָריפיצירט אין סאָוועט־רוסלאַנד).

אין איינקלאַנג מיט דער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער שיטה און אויפן יסוד פון דער דיאַלעקטיק־מעטאָדע, האַלט זאַקס, אַז די אָביעקטיווע געזעצן פון דער געשיכטע מוזן פירן צום טריאומף פון יענעם קלאַס וואָס דריקט אויס די אינטערעסן פון די נייע פּראָדוקטיווע קרעפטן. און אין דער איצטיקער געזעלשאַפט איז דער פּראָלעטאַריאַט דער טרעגער פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער אידייע. אויף אַזאַ וועג וויל זאַקס באַווייזן, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט קיין אוטאָפּיע, נאָר אַז ער פליסט ארויס מיט אַן אייזערנער לאָגיק פון די אָביעקטיווע היסטאָרישע געזעצן.

אַנאַליזירנדיק די עקאָנאָמישע פּאַרהעלטענישן פון דער קאַפּיטאַליסט־ישער אָרדענונג, קומט זאַקס נאַטירלעך צו קאַרל מאַרקסעס ווערט־טעאָריע און צו דער מאַרקסיסטישער לערע פון מער־ווערט. ער גיט איבער די טעאָריע, אָפּלייטנדיק זי פון דער אַרבעט־ווערט שיטה פון א. סמיטה און ד. ריקאַרדאָ, אין אַ קלאָרער פּאָפּולערער שפּראַך, מיט אַ סך געלונגענע ביישפּילן, אַזוי, אַז דער דורכשניטלעכער אינטעליגענטער לעזער וועט לייכט באַנעמען דעם קאַרדינאַלסטן פּונקט פון דער גאַנצער מאַרקסיסטי־שער לערע, דעם פּונקט, נעמלעך, אַז דער טאָטאַלער פּראָפיט פון קאַפּי־טאַליסטישן קלאַס, דאָס גאַנצע רייכטום פון דער געזעלשאַפט, נעמט זיך דערפון, וואָס דער אַרבעטער קריגט ניט צוריק דעם גאַנצן ווערט פון זיין אַרבעט־קראַפט.

אין לעצטן קאַפּיטל פאַרנעמט זיך זאַקס מיט די קריטיקער פון וויסנ־שאַפטלעכן סאָציאַליזם, ריכטיקער — פון דער עקאָנאָמישער זייט פון מאַרקסיזם. ער וויל אָבער ניט פּאָלעמיזירן מיט די קעגנער פון דער מאַטע־ריאַליסטישער פילאָזאָפיע, „ווייל מען קאָן ניט קריטיקירן אין פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט מיט א צווייטן, ספּעציעל ווען דער אויסגאַנג־פּונקט קאָן ניט דעמאָנסטרירט ווערן דורך עקספּערימענטאַציע".

אלס א מין קורצער קאָנספּעקט פון זאַקסעס „לערע פון סאָציאַליזם", האָט די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, אין יאָר 1916, ארויסגעלאָזן א קליין ביכל (קעשענע פאָרמאַט) — א. ש. זאַקס'עס „דער אלף־בית פון סאָציאַליזם" — דער נומער 4 פון דער „סאָציאַליסטישער קאַמפּיין ביב־ליאָטעק".

אין 1915, אלס דער פּאַרזיצער פון בילדונג קאָמיטעט פון ארבעטער רינג, האָט זאַקס שטאַרק מיטגעהאָלפן צו באַשאַפן די „וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק", וואָס די „עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע" פון ארבעטער רינג האָט אָנגעפאַנגען אין יענעם יאָר ארויסצוגעבן. דאָס ערשטע בוך פון אָט דער „ביבליאָטעק" איז געווען א. ש. זאַקסעס „באָטאַניק" (דערשינען אין 1916), שפּעטער (אין 1918־1920) איז אין דער זעלבער סעריע, אין דריי טיילן, דערשינען זאַקסעס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע — די גרונט־פּרינציפּן". די ערשטע צוויי טיילן, ווי אויבן באַמערקט, זיינען דערשינען נאָך אין 1915, אלס א קורס פון דעם פאָלקס־אוניווערזיטעט דורך קאָרעספּאָנדענץ. אַ פאַרגרעסערטע אויפלאַגע איז דערשינען אין פאַרלאַג פון אַרבעטער רינג אין 1924. זי האָט ווי מיר וועלן באַלד זען, געפונען א גרויסע פאַר־שפּרייטונג אויך אויף יענער זייט ים — אין רוסלאַנד און פּוילן.

אין ערשטן טייל פון זיין „פּאָליטישער עקאָנאָמיע" באַהאַנדלט זאַקס, אין צוואַנציק לעקציעס, די פּאָלגנדיקע געביטן פון דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט — די לערע פון פּראָדוקציע, די לערע פון צירקולאַציע און פאַנאַנדערטיילונג (ווערט טעאָריעס, ארבעט־לוין, באָדן־רענטע א. אז. וו.) און די באַפּעלקערונג פראַגע. דער דאָזיקער טייל האַלט 220 זייטן, און גיט אַן אלזייטיק־טעאָרעטישן און אויספירלעכן אריינפיר אין דער פּאָלי־טישער עקאָנאָמיע.

דער צווייטער טייל (לעקציעס 21־37) האַלטן 320 זייטן, פון וועלכע די לעצטע 96 זיינען א זעלבסטשטענדיקע ביילאַגע אונטערן נאָמען „די ארבעטער פראַגע און די ענטפערס". אין גרונט איז אָט דער צווייטער טייל שוין א מין אָנגעווענדעטע אָדער פּראַקטישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע. דאָרט ווערן באַהאַנדלט דערהויפּט פּראָבלעמען פון סאָציאַלער און עקאָ־נאָמישער פּאָליטיק (יקרות פּראַגע, קרעדיט און קאָאָפּעראַציע), אויך געוויסע קאָנקרעטע עקאָנאָמישע שטרייט־פראַגן (ווי פריי־האַנדל און פּראָטעקציאָניזם

א. אז. וו.) די אָפּטיילונג „די ארבעטער פראגע און די ענטפערס” באהאנדלט דעם עקאָנאָמישן ליבעראַליזם, דעם סאָציאַל־רעפאָרמיזם און דעם סאָציאַ־ליזם (דעם אוטאָפּישן און דעם וויסנשאפטלעכן).

ווי מיר זעען, גיט זיך דער ערשטער טייל פונם בוך מער אָפּ מיט די טעאָרעטישע זייטן פון דער וויסנשאַפט. עס ווערט אונז דאָ געוויזן, אויף ווי ווייט דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט איז שוין געלונגען אויפצודעקן די געזעצמעסיקייט, וואָס הערשט אין די עקאָנאָמישע דערשיינונגען. זאַקס וויל דערביי פאַרענטפערן ניט נאָר ווי אזוי דאָס עקאָנאָמיש לעבן ווערט צוזאמענגעשטעלט, נאָר פארוואָס עס הערשט אין א געוויסן פּעריאָד איין עקאָנאָמישע סיסטעם, און אין אנדער פּעריאָד א צווייטע, און וועלכע כוחות האָבן פאראורזאכט דעם איבערבייט. מיר זעען, אז זאקס איז געבליבן געטריי דער זעלבער וויסנשאַפטלעכער מעטאָדע, וועלכע האָט אים באַ־הערשט שוין אין זיין ערשטן פארזוך פון וויסנשאַפטלעכער ארבעט — ביים איבערזעצן און אויסטייטשן באַגדאַנאָווס „עקאָנאָמישע לערע” פאַר די יידישע מאַסן אין פוילן און רוסלאַנד.

פון א ספּעציעלן טעאָרעטישן און אלגעמיין בילדנדיקן אינטערעס איז יענער קאַפּיטל (דער 16טער) וואָס באהאנדלט די מעטאָדן אין דער וויסנ־שאפט בכלל און אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע בפרט — די אינדוקטיווע און דעדוקטיווע מעטאָדן, אַלס די הויפּט־ווערקצייג פון לאָגישן און וויסנ־שאפטלעכן דענקען. אָריגינעל און טיפּזיניק איז זאקס׳ס איינפאַל צו אַנאַ־לאָגיזירן אָט די צוויי מעטאָדן מיט די אלט־טראַדיציאָנעלע באַגריפן, וואָס זיינען אויפגעקומען ביי יידן אין שייכות מיט דעם פלייסיקן תלמודישן שטודיום אין משך פון צענדליקער דורות. ווער עס איז באַקאַנט מיט די „מדות פון רבי ישמעאל׳ן”, וועלכע זיינען געוויס ניט פרעמד יעדן חדר־אינגל וואָס לערנט מיט זיין רבין א בלאט גמרא, וועט לייכט דערקענען באקאנטע באַגריפן אין אזעלכע וויסנשאפטלעכע טערמינען, ווי „אינדוקטיווע מעטאָדע” און „דעדוקטיווע מעטאָדע”. און זאַקס זוכט אומעטום אין זיינע דערקלערונגען אָן דעפיניציעס צו געפינען ספּעציפיש־יידישע אויסדרוקן צו פּאַרטרייבן אָדער צו אילוסטרירן די שווערע וויסנשאפטלעכע טערמינאָ־לאָגיע, ווי צום ביישפיל:[8]

אינדוקציע איז מער געבויט אויף בקיאות,
**דעדוקציע איז מער געבויט אויף חריפות.**

אין צווייטן טייל פון בוך, ווי שוין באַמערקט, שטעלט זיך דער פאַר־פאַסער אָפּ אויף די מער פּראַקטישע זייטן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, מיט דעם פאַרוויקלטן און פאַרצווייגטן מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער

ווירטשאַפט. דער לייענער דערוויסט זיך, צום ביישפּיל, ווי עס אַרבעטן די באַנקען, דער קרעדיט; ווי אַזוי ס'קומט פאָר דער געלט־אויסטויש, די ווירקונג און אַנטוויקלונג פון די טראַסטס. פראַגן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, ווי די יקרות פּראָבלעם, די וואוינונג־פראַגע, עקאָנאָמישע קריזיסן און אַנדערע, ווערן דאָ סיסטעמאַטיש און גרינטלעך באהאנדלט און אויפ־געקלערט.

אין די קאַפּיטלען וואָס באהאנדלען, אויף אַ סיסטעמאַטישן און היס־טאָרישן אופן די אַרבעט־פראַגע, פירט זאַקס דורך פאַר די לייענער די גאַנצע אַנטוויקלונג פון סאָציאַל־ראַדיקאַלן געדאַנק, אָנהויבנדיק מיט דער קליינבירגערלעכער אָדער אינדוסטריע־פיינדלעכער ריכטונג און ענדיקנדיק מיטן מאָדערנעם סאָציאַליזם אַלס אַ וויסנשאַפטלעך־באַגרינדעטע לערע. „זאַקסעס צוועק ביים שרייבן דאָס בוך איז געווען ניט בלויז צו לערנען, נאָר צו לערנען און באַקערן, און באַקערן וויל זאַקס ניט מיט אַן אַגיטאַציע, וואָס אַפּעלירט בלויז צו די געפילן, נאָר אַזאַ אַגיטאַציע, וואָס זאָל אויך און הויפּטזעכלעך אַפּעלירן צום אינטעלעקט".[9]

די „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" האָט שוין אין איר ערשטער אויפלאַגע אין 3 טיילן (אין 1918־1920) געהאַט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג. די גאַנצע אויפלאַגע פון 5000 עקזעמפּלאַרן איז שנעל זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און איז געוואָרן אַ טעקסטבוך פון וועלכן יידישע אַרבעטער און אינטעליגענטן האָבן באַקומען זייער פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אויסבילדונג.[10] אַרום און אַרום זייַנען אין אַמעריקע פאַרשפּרייט געוואָרן פינף אויפלאַגעס פון אָט דעם גרויסן און וויכטיקן ווערק פון איבער 550 זייטן.

אין יאָר 1918 האָט דער קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים אין פּע־טראָגראַד אַרויסגעגעבן דעם ערשטן טייל פון דעם דאָזיקן ווערק אונטערן נאָמען „די גרונט־פּרינציפּן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", אַלס דער דריטער בוך פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער פאָלקס ־ ביבליאָטעק". אַנדערע סאָוועטישע פאַרלאַגן האָבן אויך איבערגעדרוקט זאַקסעס „גרונט־פּרינציפּן פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע". אין 1926 און 1928 האָט דער וואַרשעווער פאַרלאַג „די וועלט", בשותפות מיטן פאַרלאַג „קולטור ליגע", אַרויסגעלאָזן צוויי אויפלאַגעס פון „פּאָליטישע עקאָנאָמיע". ביידע טיילן זייַנען געדרוקט געוואָרן פון די פאַרטיקע מאַטריצן פון דער דריטער (פון 1924) אַמעריקאַנער אויפלאַגע.

די יידישע קריטיק אין אַמעריקע האָט זייער וואַרים אויפגענומען דעם גרויסן ווערק פון אַ. ש. זאַקס, אָט, צום ביישפּיל, איז אַן אויסצוג פון אַ לאַנגן רעצענזיע־אַרטיקל פון ד"ר אַ. מוקדוני:

פון א. ש. זאַקס׳ס בוך קען דער יידישער לייענער לערנען גרינד־לעך די נויטיקע וויסנשאפט וואָס הייסט „פּאָליטישע עקאָנאָמיע״. א חוץ דעם, וואָס דער פּראָפעסער איז היימיש אין דער וויסנשאפט, האָט ער נאָך אויך די געבענטשטע פעאיקייט צו מסביר זיין דעם דאָזיקן פאַרוויקלטן למוד מיט אזא קלאָרקייט, מיט אזא איינפאכקייט, אז אפילו דער פשוטער לעזער דארף זיך גאָרנישט פיל אָנשטרענגען, דארף ניט קנייטשן דעם שטערן און דארף ניט ברעכן דעם קאָפּ. דער לעזער וועט דורכגיין דאָס דאָזיקע סאָלידע בוך לייכטער ווי די לידער ביכער פון אונזערע אולטראמאָדערנע פּאָעטן.

...און עס איז ניט סתם א לערבוך פון איינעם וועלכער קייט איבער אָנגענומענע און געהייליקטע וויסנשאפטלעכע אמת׳ן און ער אליין האָט מורא צו אריינמישן זיך מיט זיינס א מיינונג, מיט זיינס א שטעלונג צו דעם אָדער יענעם וויסנשאַפטלעכן אמת... זאַקס וויל זאָגן א דעה אין דער דאָזיקער וויסנשאפט און ער זאָגט טאַקע; שטייסט איר זיך אָן אויף זיינע אייגענע קנייטשלעך, אויף זיינע אייגענע הגהות, אויף זיינע אייגענע פּרושים און אויף זיינע אייגענע שטעלונגען אין א סך פראגן.

•

פילט איר כסדר די פערזענלעכקייט פון מחבר, פילט איר דעם בר־סמכא וואָס רעדט פאַר אייך און דאָס בוך באַקומט מער וואָגי־קייט, מער אויטאָריטעט. אגב זעט איר פאר זיך א מענטשן מיט א פעסטער וועלט־אנשויאונג; דער מחבר איז א מארקסיסט און דער מארקסיסטישער שטאנדפּונקט איז דורכגעפירט אין גאנצן מיט דער שטרענגסטער קאָנסעקוועגץ.[11]

## ג.

כמעט אין דער זעלבער צייט, אין יאָר 1925, איז זאקס׳ס „לעהרע וועגן סאָציאַליזם״ דערשינען אין איבערזעצונגען אויף צוויי וועלט־שפּראכן — א דייטשע איבערזעצונג אין ווין און אן ענגלישע אין ניו יאָרק.[12] א צווייטע און א דריטע אויפלאגע אין ענגליש זיינען דערשינען אין 1927 און 1928.

די דייטשע איבערזעצונג איז זייער ווארים אויפגענומען געוואָרן פון דער ארבעטער פּרעסע אין עסטרייך און דייטשלאנד. אן אינטערעסאנטע קריטישע אָפּהאַנדלונג איז דערשינען אין א ווינער זשורנאַל — „אינטער־

נאציאָנאַלע פרעסע קאָרעספאָנדענץ״ (נומ. 158, ז. 2384), אין וועלכער דער רעצענזענט שרייבט צווישן אַנדערס:

די ערשטע קאַפּיטלען פון בוך זיינען ארויסגעקומען א ביסל צו אַבסטראַקט און צו „פילאָזאָפיש״. אַ ביסל וואולגאַר שיינט צו זיין די טיילווייז אָפּגעשטאַנענע שילדערונגען פון פסיכאָפיזישן פאראלעליזם. די היסטאָרישע אויספירן זיינען ניט גענוג קאָנקרעט און איבער־צייגנדיק. דאָס, למשל, וואָס ווערט געזאָגט איבער דעם גייסטיקן שטייגער פון „אַנימיזם״ פון די פרימיטיווע (פעלקער) — לויט טעי־לאָר, פרעיזער און אַנדערע — איז דורך די נייעסטע סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען (צום ביישפּיל לעווי־בריהל) אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין א נייעם קאָלעקטיוו־פסיכאָלאָגישן ליכט. די שילדערונג פון אידעאל־יזם און מאַטעריאליזם איז בדרך הכלל א געלונגענע. וואָס איז שייך צו דער גאנץ געלונגענער כאראקטעריזירונג פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאליזם, וואָלט כדאי געווען אויסצומיידן געוויסע צעשוואומענע דערקלערונגען, ווי די סאָציאלע „אַטמאָספערע״. דאָך ווערן אָבער אויך אָט די קאַפּיטלען געבן אַ געוויסע אָנרעגונג.

אַרום און אַרום לאָזט זיך אָט דאָס אינטערעסאַנט בוך רעקאָמענדירן צום שטודיום.

א. ש. זאקס האָט זיין בוך אין ענגליש צוגעשיקט צו א גאנצער ריי אָנגעזעענע געלערנטע, סאָציאליסטישע וואָרט־פירער און אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרן, פון וועלכע ער האָט באַקומען אנערקענונג און לויב. איינער פון די ערשטע צו קריגן פון אים א בוך איז אויך געווען דער אלטער קאוטסקי, וואָס איז אָבער דעמאָלט שוין געווען זייער שוואַך און קראנק. פון זיין פרוי לואיזע קאוטסקי האָט אָבער זאקס באקומען דעם פאָלגענ־דיקן אינטערעסאנטן בריוו:

**KARL KAUTSKY**
**Wien XVIII**
**Haizingergasse 47**

10. Mai 1926

Dear Comrade Sachs,

My husband has been very ill during this winter and was not able to read any book besides the many works he

was obliged to study for his big book on Historic Materialism at which he is working since several years.

The doctors send him to Gastein to restore his health.

After his return he earnestly hopes to find the time for persuing your book on Basic Principles of Scientific Socialism, which of course interests him very much.

Meanwhile he thanks you very heartily for it and begs you to excuse the long delay of his answer. He always wanted to write to you himself but in consequence of his illness he was forced to neglect a little his whole correspondence. But as he did not like to let you wait still longer, I took the liberty to write to you.

With the best wishes for the success of our cause and with hearty greetings from my husband and me

Yours sincerely,

LUISE KAUTSKY

הגם די דייטשע איבערזעצונג איז דערשינען פריער, ד. ה. פאר דער ענגלישער, האָט דאָך זאקס, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים (צו ווייזן דעם אינטערעס אין אמעריקע צו דעם טעאָרעטישן מאַרקסיזם) אריינגעשיקט, ווי מיר זעען, קאוטסקין דווקא אן עקזעמפּלאר פון דער ענגלישער איבערזעצונג.

אויך דאָ אין אמעריקע האָט די וויסנשאפטלעכע וועלט ווארים אויפגענומען דאָס בוך פון א. ש. זאַקס. פילע לייענער האָבן געשיקט זאַקסן דאנק־בריוו, אנדערע האָבן אין זייערע צושריפטן געשטעלט דעם פּראפעסער געוויסע טעאָרעטישע פראגן, בעת אייניקע האָבן אין לאנגע בריוו פאַרפירט גאנצע טעאָרעטישע דיסקוסיעס מכוח די פּראָבלעמען און לייזונגען וואָס דאָס ווערק פון א. ש. זאקס אַנטהאַלט. עס איז קלאָר און אומצווייפלבאר, אז דאָס בוך, וואָס איז אין דער ענגלישער שפּראך געווען דאָס ערשטע אין זיין מין, האָט אָנגערעגט אָן א צאָל מוחות, האָט זיי געטריבן צום ווייטערדיקן שטודיום און האָט מיט איין וואָרט סטימולירט דאָס אייגענע דענקען און פאָרשן ביי טויזנטער לייענער, וועלכע האָבן פריער פון זאקסן קיינמאָל ניט געהערט. אָט איז דער בריוו, וואָס זאקס האָט באַקומען פון בארימטן אמעריקאַנעם סאָציאָלאָג פרענקלין ה. גידינגס (1855-1931).

**COLUMBIA UNIVERSITY**
**in the City of New York**
**Faculty of Political Science**

October 20, 1925

Mr. A. S. Sachs,
The Rand School of Social Science Book Store
7 E. 15th Street
New York City

Dear Sir,

I have received with your compliments a copy of your book "Basic Principles of Scientific Socialism." I have long wanted to see a fresh presentation of socialistic theory. I shall read your book with interest and I am sure, with pleasure. Thank you for it.

Yours very truly,
FRANKLIN H. GIDDINGS
*Professor of Sociology and the History of Civilization.*

גלייכצייטיק האָט פּראָפ. גידינגס געשריבן א בריוו צו מר. י. ג. דאבסרעדזש, פּאַרוואַלטער פון רענד סקול פּאַרלאַג, וואָס האָט די ערשטע אויפלאגע פון זאקס'ס בוך אין ענגליש ארויסגעגעבן. אין אָט דעם בריוו שרייבט פּ. ה. גידינגס צ. א. אָט וואָס:

I can bring the book to the attention of a number of persons and shall be glad to do so. Thank you. It looks like an interesting and valuable presentation of socialistic theory.

די ענגלישע איבערזעצונג פון זאקסעס „לערע פון סאָציאַליזם" איז אָנגענומען געוואָרן אלס טעקסט־בוך אין אסך אוניווערזיטעטן. דער אוני־ווערזיטעט אין קאיאָט, יאפּאַן, האָט אָפּגעקויפט פאר זיינע סטודענטן כמעט א גאנצע אויפלאגע. דאָס בוך איז זייער ווארים אויפגענומען געוואָרן פון דער פּרעסע אויך אין ענגלאנד. די „אינדעפּענדענט לעיבאָר פּארטי" האָט עס אפילו רעקאָמענדירט צו אירע מיטגלידער.[13]

מיט דער דאָזיקער זייער דערפּאָלגרייכער שאַפונג זײַנער, צוזאַמען מיט די פריער שוין באַשריבענע צוויי גרויסע ווערק איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע (איר געשיכטע און טעאָריע), האָט זאַקסן זיך ווירקלעך איינגעגעבן צו פאַרווירקלעכן דעם גרויסן פּלאַן, וואָס ער האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט נאָך אין יאָר 1911 (ווי ער שרייבט אין זײַן פריער־ציטירטן פאָרוואָרט צו דער געשיכטע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע); דעם פּלאַן, נעמלעך, פון א מאָנומענטאַלן, פילבענדיקן ווערק איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע און סאָציאַליזם — זייער וועזן, אַנטשטייאונג און געשיכטע.

## הערות צום קאַפּיטל 6

1. א. ליעסין: „צוקונפט", מאַי, 1938, ז' 312.
2. א. ש. זאַקס: פּאָליטישע עקאָנאָמיע (איר אַנטשטייאונג און געשיכטע) מיט פּאָרטרעטן פון די גרויסע עקאָנאָמיסטן, ניו־יאָרק, 1911, היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני, 292 ז"ז (מיט 6 בילדער). ווי ס'ווערט געזאָגט אין זלמן רייזענס „לעקסיקאָן" (ווילנע, 1926) ב' 1, שפּ. 1050־1054, איז דאָס ווערק געדרוקט געוואָרן אין 6000 עקזעמפּלאַרן.
3. מ. שטאַרקמאַן: א. ש. זאַקס־ביבליאָגראַפיע (אין שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט" לכבוד א. ש. זאַקס), ז' 192.
4. אויסצוגן פון עטלעכע רעצענזיעס אין צייטונגען און זשורנאַלן זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן צום שלוס פון קליינעם ביכל פון א. ש. זאַקס: „דער אלף־בית פון סאָציאַליזם" (סאָציאַליסט. קאַמפּיין ביבליאָטעק, נומ' 4).
5. יוסף ניימאַן (פּסעוודאָנים פון מ. אָלגין): „צוקונפט", דעצ. 1915, ז"ז 1161־1162. אין זײַן רעצענזיע שרייבט, אגב אורחא, י. ניימאַן: „איין גרויסער מאַנגל פון בוך איז דאָס וואָס זאַקס דערקלערט ניט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן פילאָזאָפישן (ערקענטניס־טעאָרעטישן) און היסטאָרישן מאַטעריאַליזם... אויב געוו. זאַקס איז איבערצייגט, אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז נאָר איין געביט, וואו דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם אַלס וועלט־אַנשויאונג ווערט ניט אַנגעווענדט, האָט ער דאָס געדאַרפט דערקלערן און ווייזן". דערויף קען מען ענטפערן, ווי אונדז שיינט, אַז י. נ. דער רעצענזענט, האָט דאָ לחלוטין פאַרזען איין קאַפּיטל, דעם 3טן, פון זאַקסעס בוך, דעם קאַפּיטל באַטיטלט „מאַרקסיסטישע געשיכטס דערקלערונג", וואָס איז אזוי צו זאָגן דער בריק צווישן דעם ערשטן טייל פון בוך (פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם) און דעם צווייטן טייל (וויסנשאַפטלעכער יסוד פון סאָציאַליזם).
6. „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט" (אונטער דער רעדאַקציע פון ב. צ. גאָלדבערג), ניו־יאָרק, 1930, ז' 20.
7. די דערקלערונג פון דער דיאַלעקטישער מעטאָדע ווי זי איז, דאָ, אין טעקסט פון דעם קאַפּיטל, איבערגעגעבן האָבן מיר (מיט גאַנץ קליינע קירצונגען) גענומען פון דער ענגעלס־ביאָגראַפיע אין ענגליש (איבערזעצט פון דייטש): ג. מייערס: פרעדעריק ענגעלס, ניו־יאָרק,
8. „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", (וואַרשע, 1928), ערשטער טייל, ז' 176.
9. א. ד. פלעשלער: די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון א. ש. זאַקס, אין „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט", ז' 29.

10. די אויפלאַגע צאָל — 5000 — ווערט געבראַכט אין פריער דערמאָנטן ביאָגראַפישן לעקסיקאָן פון זלמן רייזען, ווילנע, 1926, ב׳ 1, שפּ. 1052.

11. ד״ר א. מוקדוני: „דער אַמעריקאַנער״, ניו־יאָרק, 28 מאַי, 1925, ז׳ 3.

12. „דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזמוס״, מינסטער פאַרלאַג, ווין, 1925. די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פון ד״ר א. קאַץ, אַ לאַנגיאָריקן פריינט פון א. ש. זאַקס.

בעיסיק פרינסיפּלס אָוו סייענטיפיק סאָושאַליזם ביי א. ש. זאַקס, דהי רענד סקול אָוו סאָושעל סייענס, ניו־יאָרק, 1925, 201 ז״ז.

די צווייטע אויפלאַגע איז דערשינען אין „וואַנגאַרד פּרעס״, ניו־יאָרק, 1927. די דריטע אויפלאַגע — דאָרט, 1928.

13. מ. שטאַרקמאַן: ביאָ־ביבליאָגראַפיע, „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט,״ ז׳ 193.

## VII

# אַ ליטעראַרישע מצבה פאַר דער אַלטהיימישער יידישקייט

## א

די ערשטע וועלט־מלחמה פון 20טן יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן סוף זומער 1914, האָט באַלד נאָך איר אויסברוך פארוואנדלט דעם צפון־מערב׳דיקן געביט פון רוסלאנד, באַזונדערס קאָוונער גובערניע, וואו א. ש. זאקס האָט זיין קינדהייט און יוגנט פארבראַכט, אין א יאָמער־טאָל. חוץ די צרות פון דירעקטן מלחמה־חורבן אויפן שטח וואו ס׳גרענעצן זיך רוסלאַנד און פרייסן, האָט נאָך די יידישע באַפעלקערונג פון אַ פּאָר הונדערט טויזנט נפשות מוראדיק געליטן פון די אַכזרישע גזרות און רדיפות פון דער צאַרישער מאַכט. אין פרילינג פון יאָר 1915 האָט מען דורך א באפעל פון אָבערקאָמאַנדיר פון אלע רוסישע אַרמייען, גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דער גאַנצער אידישער באפעלקערונג פון קאָוונער גובערניע געהייסן איינפּאַקן זיך און מיט קינד און קייט, אין משך פון א מעת־לעת אָדער צוויי, אַרויספאָרן פון די אַלטע היימען און זיך אַוועקלאָזן אין לאַנגע פראכט־צוגן קיין מזרח־רוסלאנד אָדער אוקראינע.

דער גירוש האָט בוכשטעבלעך ארויסגעריסן מיטן וואָרצל אן אלטן, פעסט־איינגעוואָרצלטן ישוב און האָט צענדליקער טויזנטער פרויען, שוואכע און קראנקע, זקנים און קליינע קינדער פאראורטיילט צו די שרעקלעכסטע יסורים פון מאַטערניש, פיזישער און מאָראַלישער דערנידערונג און ניט זעלטן צום טויט אויפן וועג אָדער גלייך ביים אָנקומען אין די פרעמדע פלעצער, וואו די יידישע אָרעמע באַפעלקערונג (די רייכערע זיינען אַליין אַרויסגעפאָרן נאָך פאַר דער גזרה) פון ליטע איז פאַרוואָגלט געוואָרן.

אזא טראגישער גורל פון א גאנצן קיבוץ האָט געוויס ניט געקענט לאָזן גלייכגילטיק א מענטשן ווי זאקס מיט זיין שטאַרקער, אזא לעבעדיקער און אָרגאַנישער פאַרבונדנקייט מיטן יידישן כלל אין אלגעמיין און מיט זיין אלטהיימישער סביבה פון ליטע און זאמוט בפרט. די געפילן זיינע האָט ער אליין זייער קלאָר אויסגעדריקט אין אָט אזעלכע ווערטער:

ווי א מבול האָט די מלחמה־דערטרונקען אין שטראָמען בלוט און טרערן הונדערטער טויזנטער אידישע פאמיליען, וועלכע זיינען פון דור דורות געווען איינגעפונדעוועט אין די שטעט און שטעטלעך פון זאַמוט און ליטע.

ווי בוימער ארויסגעריסן מיט זייערע וואָרצלען פון דעם באָדן, וואו זיי האָבן געוואָקסן און געצויגן זייער יניקה, אזוי איז אויך דאָס יידיש לעבן אינגאַנצן אָפּגעשניטן געוואָרן פון דעם לאַנד, מיט וועלכן עס איז געווען פאַרבונדן הונדערטער יאָרן.

אָבער ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די טראַגעדיע פון יעדן יחיד באַזונדער, ווען ער איז געצוואונגען אין א שיינעם פרימאָרגן צו נע־מען זיין פאמיליע און לויפן ניט וויסנדיק אַליין וואוהין, איבערלאָזנ־דיק זיין האָב און גוטס, זיינע שווער פאַרהאָרעוועטע בעבעכעס אויפן יושר פון הפקר — איז די טראַגעדיע פון יידישן כלל נאָך שרעק־לעכער און שוידערלעכער.

א יחיד קען סוף־כל־סוף געפינען אַ שטיקל פּלאַץ, וואו צו עקזיסטירן און זיך איינצולעבן. דער כלל אָבער קען ניט אריבער־טראָגן זיינע טראַדיציעס און מנהגים אויף אַן אַנדער באָדן: רבי ישראל קען אויך לעבן אין רוסלאנד, אין דייטשלאנד, אין אמעריקע און ערגעץ אנדערש וואו: כלל ישראל אָבער קען קיינמאָל צוריק געווינען דאָס, וואָס ער האָט געלאָזן אין זיין אלטער היים.[1]

מיט אָט די פּאַראַגראַפן, אונטער אַ קעפּל „די צעשטערטע יידישע היים", הייבט א. ש. זאקס אָן דעם איינפירונג־קאַפּיטל פון זיין בוך „חרובע וועלטן", וואָס איז צוערשט דערשינען נאָך אין יאָר 1917 און האָט שפּעטער אויסגעהאלטן צוויי נייע אויפלאגעס. נאָך אין 1915־1916, בעת דעם רעכטן ברען פון דער מלחמה־שרפה און די איבערמענטשלעכע יסורים פון זיינע ברידער אין דער אלטער היים, האָט שוין זאקס געדרוקט אין א נייער גרויסער טעגלעכער צייטונג, „דער טאָג", וואו ער איז געווען, זינט 1914, פון די ערשטע שטענדיקע מיטאַרבעטער, א סעריע בילדער פון דעם פאַרצייטיקן אידישן לעבן־שטייגער און וועלט־באַנעם אין דער ליטע, וואָס איז איצט חרוב געוואָרן.

שוין מיט א יאָר צוועלף פריער, גלייך נאָך די ערשטע פּורעניות אויף די רוסישע אידן, זינט דעם קישינעווער פּאָגראָם, האָט זיך קלאָר אויסגע־דריקט, ווי מיר האָבן געזען, אין זאקס'עס שטעלונג צום אידישן פאָלקס־אומגליק, די צווייטע זייט פון זיין גייסטיקן וועזן, דאָס מיינט ניט דאָס אינ־טעלעקטועלע און אים, נאָר דאָס עמאָציאָנעלע, ניט זאקס דער בעל־שכל, נאָר זאקס דער בעל־לב.

זאַקס איז געווען אַ שטאַרקער געפילס־מענטש, אַ מענטש מיט אַ ווארימער האַרץ, וואָס שלאָגט שטאַרק פאַר זיינע ליידנדיקע ברידער, און דערצו האָט ער נאָך געהאַט די שאַרפע אויג, די פעאיקייט צו אַנטדעקן אונטער דער אויבערפלעך פון גראָבקייט און ווילדקייט גאָר אַ סך וואָס איז באמת שיין און אַנציענדיק און האָט געוואוסט ווי דאָס צו שילדערן אויף אַ לעבעדיקן, זאַפטיקן אופן.

אַזאַ פאַראייניקונג פון שכל, האַרץ און קינסטלערישער פעדער איז געווען ווי באשאפן פאַר דער אויספירונג פון אַ ליטעראַרישער אויפגאַבע וואָס ער האָט זיך דעמאָלט געשטעלט. און אויף דער פראַגע: ווי אַזוי איז ער געקומען צו אַזאַ אויפגאַבע? גיט ער אונדז אַליין דעם קלאָרסטן ענטפער. אָט וואָס ער שרייבט אין די ערשטע פאַר זייטן פון זיינע „חרובע וועלטן״:

. . . אויף פילע מדות און מנהגים, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין דעם אידישן לעבן פון ליטא און זאַמוט, טוט שטאַרק וויי דאָס האַרץ, פיל זייטן פון דעם אַלטמאָדישן יידישן לעבן זיינען עפּעס באַגאָסן מיט אַ באַזונדערן חן, מיט אַ באַזונדער סימפּאַטיע, און קיין ציוויליזאַציע און קולטור קען זיי ניט פאַרבייטן.

און טאַקע איצט, ווען אַלץ ווערט חרוב און מוחרב, ווען פון אַלץ ווערט אַ תל, פאַנגט זיך אָן שטאַרק צו בענקען נאָך פילע זייטן, מיט וועלכע דאָס יידיש לעבן אין ליטע האָט זיך אויסגעצייכנט. ווי אַ טיפער זיפץ רייסט זיך פון האַרצן אַרויס: חבל על דאבדין.

דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די ווערטער, וואָס מיר לייענען אין זיין פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין פעברואַר 1918, ד. ה. אַ פאַר יאָר נאָך דעם ווי די נאָר־וואָס געבראַכטע שורות זיינען שוין געווען אָפּגעדרוקט אין אַ בוך:

בעת מיר שרייבן די דאָזיקע ציילן, זיינען די ידיעות, וואָס קומען אָן פון די שלאַכטפעלדער, וואו עס ווערט באַשטימט דער גורל פון פעלקער און נאַציאָנען, ניט קיין גאַנץ פריילעכע פאַר אונדז יידן. מיט די ענדערונגען פון דער אייראָפּעאישער קאַרטע, ווערט דאָס יידישע לעבן צוריסן, צוברעקלט. און ווער ווייס, אויב אָט די אָפּגעזונדערטע טיילן וועלן מיט דער צייט צוריק קענען צוזאַמענוואַקסן אין איין גאַנצן אָרגאַניזם?

זאָלן מיר לכל הפחות געדענקען דאָס ריינע, דאָס שיינע, דאָס פּינטעלע ייד פון אונזערע טאַטעס און מאַמעס . . . [3]

זאַקס איז כמעט ווי אין א דיכטערישן אינספּיראַציע־צושטאַנד צוגעטראָטן צום שרייבן אָט די בילדער און זכרונות פון זיין קינדהייט און יוגנט. ער האָט געוואָלט פאַראייביקן זיינע איינדרוקן פון א וועלט וואָס איז פאַרשוואונדן, אָבער וואָס האָט מיט איר טיפן גייסטיקן אינהאַלט, מיט אירע ווערט־באַגריפן, העכסטע אַספּיראַציעס און נאָבעלע צווישן־מענטשלעכע באַציאונגען פאַרדינט אַן אָרט אין זכרון פון די אַלע וואָס האָבן אָט די וועלט גוט געקענט און פאַרשטאַנען (באַזונדערס, ווען זיי האָבן געוואָרפן אויף איר א מעלאַנכאָלישן געזעגענונג־בליק, און טאַקע שטאַרק רעטראָספּעקטיוו). יאָרן אין יאָרן נאָך זיין אוועקגאַנג פון אָט דער פאַרבנרייכער וועלט, האָט ערשט זאַקס וואַרשיינלעך דערשפּירט ווי טיף די שפּורן אירע זיינען אין זיין האַרצן, ווייל איינגעקריצט זיינען זיי געוואָרן אין די מילדעסטע יאָרן פון זיין לעבן און זיינען פון דעמאָלט אָן, אפשר אומבאַוואוסטזיניק, פאַרבליבן אין זיין נשמה ווי אַ קולטור־ירושה פון אַ לאַנגער קייט דורות.

האָט טאַקע זאַקס מיט זיינע „חרובע וועלטן" אוועקגעשטעלט א ליטעראַרישע מצבה פאַר דער פאַרצייטיקער יידישקייט בכלל און פאַרן גייסטיקן לעבן פון זיין געבורט־שטעטל, זאגער און זאַמוט, בפרט. אָפן און קלאָר האָט ער עס ארויסגעזאָגט ערשט אין דער הקדמה צו דער דריטער אויפלאגע (אין מערץ 1927), וואו ער שרייבט:

מיר וועלן איצט מיט דער נייער אויפלאגע פון די „חרובע וועלטן" באַנייען דעם מאָנומענט וואָס מיר האָבן מיט צען יאָר צוריק געשטעלט אונדזער אַלטער יידישקייט.

אין דער ערשטער אָפּטיילונג פון בוך (פון די 313 זייטן פאַרנעמט די ערשטע אָפּטיילונג 118) שילדערט זאַקס די יידישע זיטן און מנהגים. דאָ ווערן פאַרקערפּערט אין בילדער און דערציילונגען די סאָציאַלע און גייסטיקע יסודות פונם יידישן לעבן, ווי למשל, די קינדער־וועלט מיט אַלע אירע פריידן און ליידן (דער חדר, די קינדערשע חברות א. ד. גל.), די קהלישע פירונגען (וואַלן פון גבאים, פּרימיטיווע אָבער ווירקזאַמע סאָציאַלע הילף־אינסטיטוציעס א. ד. גל.), און דאָס פאַמיליען־לעבן, דער אוראַלטער יסוד פון דעם יידישן לעבנס־מוט און אומאונטערבראָכענער לעבנס־קראַפט.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג (זז. 119־272), דער גרעסטער פון בוך, ווערן אין אַ היפּשער צאָל שיין־געמאָלענע פּען־בילדער באַשריבן יידישע „שמחות און אבלות", וואָס ווייזן ווי דער ייד לעבט אין אַ יום־טוב און ווי ער לעבט איבער די נאַציאָנאַלע יאָרצייטן. דאָ גייט פאַרן לייענער פּאַקטיש פאַרביי דאָס גאַנצע יידישע יאָר אין זאַפטיקע, קאָלירפולע שיל־

דערונגען פון אזעלכע פילפארביקע טעג פון קיילעכדיקן יאָר, ווי דער ליבער פסח, שבועות, די „ניין טעג", די יומים נוראים, שמחת־תורה, חנוכה, פורים און א סך אנדערע.

אין דער דריטער אָפּטיילונג (וואָס האָט 33 זייטן), „היימישע אידן", ווערן געשילדערט עטלעכע באַרימטע פרומע גדולים וואָס זאמוט האָט ארויסגעגעבן, ווי ר' ישראל סאלאנטער און דער קעלמער מגיד, פון איין זייט, און א פּאָר רעפּרעזענטאַנטן פון דעם אלטן לעבנסשטייגער, פון דער צווייטער זייט — כאראקטעריסטישע טיפּן פון די „האַלבע כלי־קודש", ווי א בית־דין שמש אָדער א מוכר־ספרים'ניק, וואָס מ'האָט אומעטום, אין דער אַמאָליקער ליטע, אָנגעטראָפן, ווי עפּעס לעבעדיקע אינסטיטוציעס, במשך פון לאַנגע דורות.

דער הויפּט־שטריך וואָס האָט אין זאקס'עס אויגן צוגעגעבן דעם חן פון גייסטיקער שיינקייט דעם אַלטן יידישן שטייגער איז באַשטאַנען פון יענער אמת'דיקייט און ערלעכקייט, וואָס האָבן אזוי בולט כאראקטעריזירט דעם אַלטצייטיקן יידישן עטאָס, דעם אופן פון באַנעמען זיך פון די מענטשן צווישן זיך, און פון דעם יחיד צום גאנצן כלל, וואָס האָט אויס־געצייכנט דעם טראַדיציאָנעלן קהילישן לעבן בא אידן. אָט ווי זאקס אליין דריקט עס אויס:

> אונדזער גאנצע ציוויליזאציע איז שטאָלץ מיט דעם דעמאָקראַ־טישן גייסט, וואָס האָט דורכגעדרונגען אלע ווינקעלעך פון לעבן. מען איז שטאָלץ מיט די פאָלקס־אינסטיטוציעס, וואו יעדער מיטגליד האָט א דעה און שטים. מען מאכט חוזק — מיט רעכט — פון די אלטע אָפּגעלעבטע צייטן, ווען דער ווילן פון פאָלק איז פארגע־וואַלטיקט געוואָרן. אָבער ווייסט איר, אז די דעמאָקראַטיע אין אונ־זער לעבן פון ליטע איז געווען ניט אינם ערך העכער און ערלעכער, ווי די דעמאָקראַטיע פון אפילו אונזערע העכסט ציוויליזירטע רעפּובליקן?
>
> ...מיר קענען זיך אַמאָל לוסטיק מאַכן איבער דעם אָדער יענעם ראש־אקהל, איבער דעם אָדער יענעם פרנס־חודש — מיר קענען אָבער נאָך א סך לערנען פון דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם, וואָס האָט געהערשט אין דעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון אונזערע עלטערן און אור־עלטערן.[5]

און אין א קאַפּיטל „די קלפּי" (וואל אָפּשטימונג, שטים־קאסטנס) קערט זיך זאקס ווידער אום צו א פראַגע, וואָס האָט הפּנים אָנגערירט א טיפע סטרונע אין זיין האַרצן:

אונזערע פריערדיקע דורות זיינען געווען אזוי הינטערשטעליק, אַז זיי האָבן אַפילו קיין ברעקל ידיעה ניט געהאַט פון די מאָדערנע וואָפן וועלכע ווערן אָנגעווענדעט אינם קאַמף פאַר גבאות, ווי צום ביישפיל נאָמינאַציע־קאָמיסיעס און רעזאָלוציע קאָמיטעס. זיי זיינען געווען אזוי הינטערשטעליק, אַז זיי האָבן קיין שום באגריף ניט געהאַט פון די היינטיקע פארלאמענטארישע כללים און דאָך פלעגן די וואָלן זיין ערלעכער און דעמאָקראַטישער ווי איצט און די דער־ווײלטע פלעגן בעסער און ערלעכער דערפילן זייער חוב ווי די באַאַמטע, וועלכע ווערן ערווײלט דורך די מאָדערנע „ציוויליזירטע" מעטאָדן.[6]

דער צווייטער אָנציענדיקער שטריך פון דער פארצייטיקער יידיש־קייט איז, אין זאקסעס אויגן, יענער באַטירלעכער ענטוזיאזם פאַר גייסטיקע און רעליגיעזע אינטערעסן, וואָס האָט דווקא ביי די אידן אין ליטע, ווי מיר האָבן געוויזן אויבן, אין ערשטן קאַפיטל, געפונען אזא פולע און לע־בנסקרעפטיקע פאַרקערפּערונג און האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ סך פאָרמען צווישן קליין און גרויס. אָט האָט, למשל, עקזיסטירט אַ קינדערשע חברה „פרחי שושנים", וואָס איר צוועק איז געווען דורך גראָשענע וואָכער־אָפּ־צאָלן אויפצוקלייבן געלט אויף איינקויפן נייע גמרא'ס און אַנדערע ספרים פאַר די בתי מדרשים, אָדער צו לאָזן איינבינדן די צעפליקטע ספרים, כדי די אָרימע מתמידים זאָלן האָבן וואָס צו לערנען טאָג און נאַכט. פלעגט מען איינמאָל אין יאָר מאכן אַ „סיום" פון אָט דער חברה, ווען די ספרים האָט מען מיט גרויס פאראד צעטראָגן איבער די בתי־מדרישים. דערביי איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פּראָצעסיע איבער דער גאנצער שטאָט, וואָס האָט אויפן יונגינקן זאקס, וואָס איז אפשר אליין געווען אַ „חבר" פון די „פרחי שושנים", געמאַכט אַן אומפארגעסלעכן איינדרוק, ווי ער אליין באַ־שרייבט עס:

איך האָב ניט איינמאָל אָנטייל גענומען אין גרויסע באגייס־טערטע רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראציעס אין רוסלאַנד. איך האָב זיך אין מיינע סטודענטן־יאָרן באַטייליקט אין איניקע פּאָקל־צוגן, איך האָב אויך בייגעוואוינט די גרויסע ריזיקע מאַי־דעמאָנסטראציעס אין דייטשלאנד און אמעריקע, אָבער קיינע פון דיזע אלע פּראָצעסיאָ־נען, ווי גרויס און ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין, קענען זיך ניט פארגלייכן מיט דער פּראָצעסיאָן אין מיין קליינעם געבורטס־אָרט, ווען די חברה־לייט פון דער „פרחי שושנים" האָבן געטראָגן די ספרים אין בית־מדרש.[7]

עכט סאָציאַלע מדות און מנהגים, הגם אונטער טראַדיציאָנעלע נעמען, ווי „גמילות חסדים" אָדער „הסגת גבול", האָבן ביי די פּראַקטיקע אידן רעגולירט, אויף אן עטישן, הומאַניטאַרן וועג, דעם קהל'שן לעבן אין א פיל גרעסערער מאָס ווי אין דער איצטיקער צייט. אַזוי, צום ביישפּיל, גיט זאַקס אַ לעבעדיקע באַשרייבונג פון אַזאַ איינגעפונדעוועטער באַ יידן אינסטיטוציע ווי גמילות חסדים, און קומט צו אזא אויספיר:

און ווען מקטרגים און אידן־פרעסער קומען צוגיין און זאָגן, אז אידן זיינען פּראַצענטניקעס, וואָכערער, קולאַקעס, טאָ זאָלן זיי א קוק טאָן אויף דאָס לעבן פון די קליינע שטעטלעך. זיי וועלן דאַן אויס־געפינען, אז אין באצוג צו לייען געלט אָן פּראָצענט זיינען אידן אפשר דאָס איינציק פאָלק.[8]

און די אלטע מדה פון ניט ארויסנעמען דעם ביסן ברויט פון מויל, פון אָפּהיטן ערלעכקייט און ניט באַשטראָפן פאר אן אמת וואָרט, ווערט זייער גוט ארויסגעבראכט אין קאפיטל „הסגת גבול", און ביים שלוס רייסט זיך ביים מחבר, אפשר ווי אן אָפּקלאַנג פון אן אַנגעווייטאָקט הארץ, דער אויסגעשריי —

איז אויך אין אונזער וועלטל פאראן א מדה, אז מען דארף ניט מסיג גבול זיין, אז מען דארף ניט שטיין יענעם אין וועג, אז מען דארף ניט קריכן אויף יענעמס קאָפּ און לויערן הינטער יענעמס רוקן?

נאָר „קרענקס", עקשנים, גרינהאָרנס, מלמדים, רחמנא לצלן, האַלטן זיך אָן שולחן ערוך פון אָנשטענדיקייט, וואו עס שטייט פאר־שריבן וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט.[9]

צווישן די שורות פילט דאָ דער לייענער קלאָר, אַז זאַקסעס אייגענע דערפארונגען און איבערלעבונגען אין די 7־8 יאָר פון זיין קאמף אין שיקאַגאָ און ניו יאָרק, וואָס איז אין די פריערדיקע קאפיטלען באַשריבן געוואָרן, האָבן געלאָזן אויף לאנג, לאנג א ניט־פארהיילטע וואונד אין זיין נשמה . . .

פונקט אזוי פארמיאוסט, פארהאסט, ווי א מסיג גבול'ניק, איז ביים ליטווישן יידן געווען דער מוסר, דער וואָס זאָגט אויס פון חדר, און אָט די טראַדיציע איז באמת גלאָריפיצירט געוואָרן פון זאַקסן אין זיינע ליטע־ראַריש־רעסטאַווירטע חרוב'ע וועלטן פון ליטע און זאַמוט. ער ברענגט דערביי אָט אזא טשיקאַוון פאַקט.

מיט איניקע יאָר צוריק האָט פּאַסירט אזא זאך אין א שטעטל פון קאָוונער גובערניע: אן אלטער איד האָט אָנגעטאָן דעם טלית און תפילין און זיך אריינגעוואָרפן אין ברונעם פון שברת הלב, וואָס זיין זון, ביי וועמען עס איז געווען א סטרייק, האָט געמסר'ט די סטרייקערס און זיי איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי אין די הענט.[10]

און אויך פון אַנדערע כאַראַקטער־מעלות און מידות־טובות, ווי פּדיון שבועים, הכנסת כלה, הכנסת אורחים ווייס זאַקס צו דערציילן אויף אַן איבערעסאַנטן און איבערצייגנדיקן אופן פאַקטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, אָבער דאָס זיינען פונדעסטוועגן ניט קיין וואָכעדיקע, געוויינלעכע פּירונגען, מנהגים און זיטן. דאָס זיינען אַלץ דערהויבענע ממש באַוואונדערסווערטע כאַראַקטער־שטריכן און געוואוינהייטן, וואָס זיינען אויסגעפּלאָכטן געוואָרן ווי אַ פּרעכטיקער געוועב פון פאַרצייטיקן יידישן סאָציאַלן־ און נשמה־לעבן אין די אַלטהיימישע יידישע ישובים ביז מיט אַ צייט פון אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק.

ב

דאָס גייסטיק לעבן פון די יידן אין ד' אמות פון דעם רוסישן „תחום", אָדער פון די געטאָס אין די נייע יידישע היימען מעבר לים, האָט געהאַט אזא גוט־באקאנטן שטריך: מען פלעגט באפּארבן די טרויעריקע ווירקלעכקייט מיט די ליכטיקסטע קאָלירן פון דער שעפּפערישער פאנטאציע מכח דער פארגאנגענהייט און צוקונפט. ווי אזוי דאָס האָט בארירט דעם נשמה־לעבן וויזט אונדז זאַקס קלאָר אין פאַרבינדונג מיט די יידישע יום־טובים בכלל, און בשייכות מיט אַזאַ פריילעכער צייט פון יידישן יאָר ווי, צום ביישפּיל, שבועות. ער שרייבט:

פאר א פאָלק, וואָס איז אָפּגעריסן פון דער נאַטור, איז די שניט־צייט ניט אַזוי וויכטיק, — אַ נייער גארב פון די האַיאָריקע פעלדער איז ניט אזא גרויסע מציאה. אידן לעבן אָבער ניט מיט דער קעגנוואַרט, נאָר מיט דער פארגאנגענהייט און צוקונפט. ווען עס קומט שבועות טראָגט זיך דער איד אריבער מיט זיינע געדאנקען אין דער אַמאָליקער היים, ווען ער האָט אליין געאַקערט, אליין געזייט, אליין געשניטן, אליין געבונדן און אליין געקליבן די גאַרבן.[11]

שטעלנוויז מאַכט זאקס אויך פילאָזאָפישע פאראלגעמיינערונגען פון אַט די באַטראַכטונגען זיינע איבער די יידישע יום־טובים ווי אַן אויסדרוק

פון דער שעפּפערישער פאנטאזיע פון א גאנצן פאָלק. אָט זאָגט ער צום ביישפּיל, ארויס אזעלכע געדאנקען אין דעם עסעי איבער חמשה עשר בשבט:

די מאַטעריעלע, די גשמיותדיקע וועלט פארשאפט איבערהויפּט ווייניק פארגעניגן פון דעם העכערן מין. ווייל מען באמת געניסן פון לעבן, טאָ מוז מען זיך אָפּרייסן פון דער ערד, פון דער שוואַרצער, וואָכעדיקער ערד און פליען מיט די פליגלען פון דער פאַנטאַזיע הויך, הויך צום בלויען הימעל און צו דער העלער זון...[12]

דעריבער טאַקע האָט זאקס געזען דעם טרייב־מאָטאָר פון דער פּאָע־טישער פאָלקס־שאַפונג ביי יידן, ניט אַזוי אין דער וואָרט־קונסט, ווי אין דער קינסטלערישער אויסגעשטאַלטונג פון דעם לעבן גופא מיט זיינע יום־טובים, ריטואַלן, מנהגים און פירונגען.

איז די קעגנוואַרט שוואַרץ, גרוי, וואָכעדיק, אָן ליניעס, אָן פאַרבן און אָן קאָלירן, האָבן זיי (אידן) ביי זיך געפועלט אינגאנצן ניט האָבן צו טאָן מיט איר און האָבן געבויט וועלטן מיט דעם מאטע־ריאַל פון דער אַלטער פאַרגאנגענהייט און פון דער ווייטער צוקונפט. און אָט די וועלטן זיינען געווען גרויס, שיין, פּאָעטיש שיין און האָבן פארשאפט פיל מער תענוג, ווי די אַרומיקע וועלט, וואָס מיר קענען משיג זיין מיט אונדזערע חושים.[13]

אין שייכות מיט אזא תקופה־גרענעץ פון אידישן יאָר ווי דער „שבת בראשית", מאַכט זאַקס אָט אַזאַ טרעפלעכע באַמערקונג צום ענין יום־טוב ביי אידן.

און יום־טוב האָבן אונדזערע יידן ליב געהאַט. דאָס איז געווען די צייט, ווען דאָס אידיש האַרץ פלעגט זיך אָנוואַרימען פון דער וואָכיקער קאַלטקייט, ווען די אידישע נשמה פלעגט זיך דערהויבן אי־בער דער גרויסער אַלטעגלעכקייט. וואָס גרויער און פאַרבלאָזער דאָס וואָכעדיק לעבן איז געווען, אַלץ הייליקער און טייערער איז געווען דער יום־טוב, ווען די נשמה־יתירה פלעגט פאַרלאָזן דעם כסא־הכבוד אָט דאָרטן אין הימל און אַרונטערקומען וואוינען אין די אידישע הייזער, וואו זי האָט געלויכטן און געוואַרימט און פאַרשאַפט אזא גרויסן תענוג.[14]



עלטערער ברודער פון
א. ש. זאַקס—נחמן
האָט יונגערהייט עמיגרירט קיין דרום־אפריקע



פאָטער פון א. ש. זאַקס
ר׳ בנציון־וואָלף זק״ש



א. ש. זאַקס און זיין פרוי,
וועראַ ס. קיסין זאַקס

(אין 1918, ווען א. ש. זאַקס האָט געדינט אין „דזשואיש וועלפעיר באָארד״ אלס קולטור־טוער פאר יידישע סאָלדאטן)



א. ש. זאַקס נאָכן אַרויסגיין פון וואַרשעווער תפיסה אין 1902

בעת זיין לעקטאָרן־טעטיקייט צווישן די ארבעטער און סטודענטן אין וואַרשע, האָט א. ש. זאַקס זיך געטראָפן מיט דער יונגער סטודענטין, וועראַ קיסין, וועלכע איז באַלד געוואָרן זיין לעבנס־באַגלייטערין.




**בילדונגס־קאָמיטעט (אין נאַציאָנ. באַאמטע) פון ארבעטער רינג (1916־1915)**

אויבערשטע רײ (פון רעכטס צו לינקס): א. גאָלדבערג, וו. עדלין, ד. אַבראַמס. י. באַסקין, דר. נ האָפמאַן (צביון).

אונטערשטע רײ: א. סמיטה, פ. קראַנץ, א. ש. זאַקס, מ. מונווייז, פ. געליבטער, א. ראַפּאַלאָוסקי.



**פּרעסע־קאָמיטעט פון ארב. רינג (1914־1913)**

פון רעכטס צו לינקס: דוש. באַקסט, פ. קראַנץ (רעדאקטאָר), ל. דינערשטיין, א. ש. זאַקס, י. ראָבערטס




ערשטער סיום פון יידישן לערער־סעמינאַר אין ניו יאָרק (יוני, 1920)

**לערער** (צווייטע ריי פון אונטן, רעכטס צו לינקס): **ש. שאַפּירא, ל. לערער, ב. צ. גאָלדבערג, א. ש. זאקס, דר. א. קאַספּע, דר. י. א. מעריסאָן, י. לעוויק, שולמאַן**; (אונטערשטע ריי): **ח. ליבערמאַן, דר. יהודה קויפּמאַן, יואל ענטין, חיים שויס.**

**תלמידים** (דריטע ריי פון אונטן): **ל. קאַץ, ש. זעלינגער, לעפקאָוויטש, ניימאַן, ווייסבערג, ל. לעווין, א. כהן, ג. ברעסלער**;



„צוקונפט" רעדאקציע (1911)

אויבערשטע ריי (פון רעכטס צו לינקס) : מ. טערמאַן, צביון, ל. גאָלדבערג (מענעדזשער), שכנא עפשטיין (אסיסט. מענעדזשער).

אונטערשטע ריי : דר. מ. לאנדא, א. ש. זאַקס (מענעדזש. עדיטאָר), דר. א. קאַספּע, דר. א. אָרטמאַן, ל. בודין.




א. ש. זאַקס מצבה

(אויפן ארב. רינג הר־כרמל בית־עולם אין ניו יאָרק)

אָנגעליינט ביי דער מצבה איז די אלמנה פון א. ש. זאַקס

„גערעכטיקייט איז געווען זיין פירנדער שטערן אין לעבן"

(אויפשריפט אויף דער מצבה)

די יום־טובדיקייט, וואָס קומט רעגלמעסיק, מיטן גלאַטן, אייביקן גאַנג פון יאָר, דערהייבט דעם יידן אין אַ העכערער ספערע, פירט אים אַריין אין אַ נייער, אַ שענערער און ליכטיקער וועלט, און גיט אים מוט און קראַפט אַריבערצולעבן זיינע שונאים און פאַרליימדער. אָבער מיט אַ יום־טוב אַליין לעבן אפשר מלאכים אין הימל, ניט אָבער די זינדיקע מענטשן אויף דער וועלט. טרויעריקע מאָמענטן, פיינלעכע נסיונות פאַרן יחיד און כלל קומען אויך רעגלמעסיק אין גאַנג פון לעבן און אין זיי ווערט די נשמה פון פרט און כלל, פון קהל, אויסגעפאָרמט נאָך שטאַרקער ווי דורך די פייערלעכע שמחה־טעג אָדער ווי אַפילו דורך די טעג פון חשבון־הנפש און זעלבסט־לייטערונג דורך פאסטן און דאַוונען. אַזוינע אויס־פּראָבירונג־טעג (און ניט בלויז פאַר יידן) זיינען אין די אַמאָליקע יידישע שטעט און שטעטלעך געווען, צום ביישפּיל, די „פּריזיוון", די טעג פון מיליטערישער צוואַנג־רעקרוטירונג. ניט זעלטן אָבער האָט דער געפיל פון סאָציאַלער אַחריות, פון קהלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דאָס מיינט פון הילף און שוץ פאַר די אָרימע מאַמעס און אַלמנות, וואָס זיינען געקריוודעט געוואָרן ביים אַננעמען דעם „נאַבאָר", געפירט צו אַ ליכטיקער, פריידיקער לייזונג פון אַ סך פּינסטערע, טראַגישע סיטואַציעס, ווי זאַקס באַשרייבט עס אין אַ מעלאַנכאָליש־געמיטפולן עסעי „הערבסט". דאָרט מאַכט ער אָט אַזאַ פיינע פאַראַלגעמיינערונג און פאַרגלייך פון דער יידישער „וואָכעדיקייט" פון איין זייט און פון דער יידישער העכערער „אויסגעטרוימטער וועלט" און „פייערלעכקייט", פון דער צווייטער זייט. די אומגליקלעכע מאַמעס (פון די אָרימסטע שיכטן) האָבן געבראָכן די הענט, געשריען מיט אַלע זייערע כוחות, און דער גאַנצער עולם האָט זיי מיטגעפילט:

> די אייגענע דאגות־חיונה זיינען פאַרשטעלט געוואָרן מיט דעם ווייכן, צאַרטן רחמנות־געפיל, וואָס האָט אַזוי געצויגן און גענאָגט פאַרן האַרצן. דער רחמנות געפיל האָט אַרויסגעפירט דעם אידן פון זיין אייגענער צרה'דיקער וועלטל אין אַ העכערע און שענערע וועלט, וואו דער מענטשלעכער „איך" איז ברייטער, גרעסער און דערהויבענער, ווי דער „איך" פון דעם טאָג־טעגלעכן לעבן.[15]

עס וועט ניט זיין קיין גוזמאַ צו באַהויפּטן, אַז דער גייסטיקער עלעקסיר פון אייביקער יוגנט און אינטעלעקטועלער פרישקייט באַם יידן בכלל, און באַם ליטווישן יידן באַזונדערס, איז געווען דאָס „לערנען", דאָס פאַרטיפן זיך אין דער גמרא, און תורה, ניט פאַר קאַריערע אָדער פרעס־טיזש צוועקן, נאָר פון דער גייסטיקער הנאה וועגן, פאַר דער באַרייכערונג

פון מוח און פאַרשענערונג, אויסלייטערונג פון כאַראַקטער, צו וועלכע דאָס שטענדיק אָפּגעבן זיך מיטן לערנען און נאָכדענקען וועגן מענטש, וועלט און גאָט קען און מוז פירן.

די דאָזיקע תורה־טראַדיציעס פלעגן אָפּגעהיט און איבערגעגעבן ווערן פון דור צו דור דורך די מלמדים און רביים פון חדרים און ישיבות, און פון זיי, די „אַלטהיימישע פּעדאַגאָגן", מיט געציילטע אויסנאַמעס, האָט זאַקס שטאַרק געהאַלטן. שוין אין סאַמע אָנפאַנג פון זיין בוך לייענען מיר:

לאַכט ניט, היינטוועלטיקע, פון דעם שמוציקן אַלטן חדר און פון דעם ניט פאַרקאַמטן בייזן רבי'ן. אונטער דעם ניט שטאַרק הי־גיענישן קאָפּ פון רבי'ן האָט געאַרבעט א שטאַרקער דענקונגס־אַפּאַראַט און אין דער אויסגעמאָגערטער ברוסט האָט געקלאַפּט א וואַרעם האַרץ, וואָס האָט געהאַט אין זיך מער ליבע צו די קליינע פּוזאַקעס ווי דער היינטמאָדישער שטודירטער לערער.[16]

קלוג כאַראַקטעריזירט זאַקס דעם ליטווישן למדן, דעם בן־תורה, וואָס האָט פון דור צו דור פאַרפלאַנצט דעם חשק און ליבע צום לערנען. אָט וואָס ער שרייבט:

עס איז א גרויסער טעות — און אין דעם טעות זיינען אַריינגעפאַלן די אָנהענגער פון חסידות — צו מיינען, אַז דער ליטווישער למדן איז בטבע געווען א קאַלטער, טרוקענער מענטש, אָן התלהבות און אָן התפעלות. דער ליטוואַק קען פונקט אזוי ווערן נתפעל און פאַרכאַפּט ווי א הייסער חסיד, אָבער ער ווערט ניט נתפעל פון א „גוטן־יידן", נאָר פון אַ שיינעם פשט'ל פון אַ שכל'דיקן ענין, וואו דער קאָפּ דאַרף שטאַרק אַרבעטן.[17]

און וועגן דער אַלגעמיינער באַדייטונג פון גמרא־לערנען פאַר דער דערהויבונג און אויסבעסערונג פון יידישן מענטשן, מאַכט זאַקס אָט אַזאַ ליריש־וואַרעמע, אָבער עכטע און טיפגרייכנדיקע באַמערקונג:

ווי שטערן אין א פינסטערע נאַכט האָבן די שולן און בתי־מדרשים באַלויכטן דעם אידישן פאַרכמורעטן הערבסט. ווי די שטראַלן פון דער זון האָבן זיי געוואַרעמט דאָס דערוויטאָקט אידיש האַרץ? אין די הייליקע ערטער האָט דער איד אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די וואָכעדיקע, קליינלעכע דאוגות־חיונה. ער איז געוואָרן אַן „אויבער־מענטש", אַ מענטש מיט אַ גרויסער און ברייטער געדאַנקען־וועלט.

דרך־אַרץ פאַר די האַלב־איינגעפאַלענע ניט ליכטיקע, אידישע שולן! פאַר די אַלטע גמרא׳ס! דאָס איז געווען דער נר־תמיד פון אידישן פאַר׳חושכטן לעבן אין ליטאָ.[18]

עס קען גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז אונטער דער אַלגעמיינער געשטאַלט פון דעם געהויבענעם ליטווישן מלמד פון יענער צייט, דעם אמת׳ן בן־תורה, האָט א. ש. זאַקס אַרויסגעבראַכט דעם אינטעלעקטועלן פּנים פון זיין אייגענעם פאָטער, וואָס האָט גע׳שמ׳ט ווי א בקי און חריף און אויך א בעל מדות־טובות. מיר האָבן שוין געוויזן, אין די ערשטע קאַפּיטלען, אַז שטאַרקע גייסטיקע פעדים פון קעגנזייטיקער ליבע און אַכטונג האָבן פאַר־בונדן דעם פאָטער און זון, אַפילו אין א צייט, ווען זיי ביידע האָבן פאַר־קערפערט שוין צוויי באַזונדערע און ניט נאָענטע צווישן זיך וועלטן.

ג

ביי א מענטשן ווי א. ש. זאַקס, וואָס איז פון דער פריסטער יוגנט שוין געווען אזוי געקניפּט און געבונדן מיט דער ראַדיקאַלער און אַרבעטער־באַוועגונג, ווי מיר האָבן געזען אין די ערשטע קאַפּיטלען אויבן, און דערביי נאָך אַן אָנהענגער פון אַ שטרענגן ראַציאָנאַליסטישן, לאָגיש־טרוקענעם מאַרקסיזם, א פּאָליטיש־היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, און וואָס איז אָבער דערצו נאָך געווען אַן ענטוזיאַסטישער באַזינגער, ווי מיר האָבן נאָר וואָס געוויזן, פון דעם גייסטיקן אינהאַלט פון דער אַלטהיימישער אידישקייט — ביי אזא מענטשן קען מען אָט דעם איינציקאַרטיקן סינטעז דערקלערן בלויז אויף איין וועג. און דאָס איז אזא וועג:

די אַלטע יידישקייט גופא, איר עטישע און אינטעלעקטועלע יסודות, טראָגן אין זיך די קערנדלעך אויך פון יענער נייער סאָציאַל־עטישער וועלט־באַנעמונג, וואָס איז דער פונדאַמענט פון דעם נייעם, דעם רעוואָלו־ציאָנער־קעמפערישן, אפילו פריי־געשטימטן, אָבער דאָך אידעאַליסטישן און אָפּפערוויליקן מאָדערנעם איד. פון אָט אזא וועלט־אָנשויאונג איז ער ניט געווען דער איינציקער פאַרטרעטער. אויך י. ל. פּרץ, ש. אַנ־סקי, א. ליעסין, און א סך אַנדערע גייסטיקע שאַפער און וועגווייזער זיינען, מער אפשר מיט זייער אונטערבאַוואוסטזיין ווי מיטן קלאָרן שכל, געווען פאַר־וואָרצלט און אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די טראַדיציעס פון דעם גאָר אַלטן יידישן רעוואָלוציע־גייסט. דאָ קענען מיר ברענגען דאָס עדות זאָגן אין אָט דער פראַגע פון א. ש. זאַקסן אַליין, ווען ער באַלעבט אין זיין זכרון די פריסטע קינדהייט, בעת דער רבי פלעגט דערציילן פאַר די חדר־אינג־לעך די מעשות פון די מאַרטירער חנה מיט אירע זיבן זין אָדער פון די

„עשרה הרוגי מלכות”, און דערביי שווימט אַרויס ביי זאַקסן, אויפן הינ־טערגרונט פון יענע קינדערשע איבערלעבונגען אזא מחשבה וועגן די אונטערערדישע קוואַלן וואָס האָבן גענערט דעם מוט, דעם בטחון און דעם זעלבסט־אָפּפערישן גייסט פון די מאָדערנע אידישע רעוואָלוציאָנערן.

שפּעטער, אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן, ווען פילע פון אונד־זערע חברים זיינען געווען אזוי אומדערשראָקן און האָבן דורכגעמאַכט געוואַלטיקע העלדישקייטן, האָב איך אימער געטראַכט, אז דער רבי פון אָט די מוטיקע רעוואָלוציאָנערן איז געווען דער קליין־שטעטל־שער מלמד מיט זיינע זיסע שיינע מעשות איבער די אידישע מוטער חנה מיט אירע זיבן קינדער און איבער אַנדערע אידישע גבורים, וואָס האָבן זיך מקריב געווען על קדוש־השם. איך בין נאָך אויך איצט איבערצייגט, אז אונדזערע רביים האָבן א שייכות מיט די אַרויס־טרעטונגען פון די אידישע רעוואָלוציאָנערן.[19]

און, ווידער, אין א קאַפּיטל וועגן דעם קעלמער מגיד, וואו זאַקס שטעלט פעסט אז —

אין אַלגעמיין האָבן די מגדים מיט זיך פאָרגעשטעלט זייער שיינע פּעאיקע, טיילמאָל טאַלאַנטפולע מענטשן, וועלכע זיינען געווען באַגייסטערט פאַר א געוויסע אידייע און איר געפּרעדיקט מיט זייער רעדנסקראַפט;

קומט זאַקס צום אומדערוואַרטן, כמעט פּאַראַדאָקסאַלן שלוס, אז

אונדזערע אַגיטאַטאָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער צייט, ווי די אַלע אַנדערע רעדנער אין די באַוועגונגען, זיינען אין אמת'ן די זעלבע מגידים, די זעלבע בעלי־דרשה'ס, פון וועמען מ'האָט זיך דערלויבט אזוי פיל חוזק צו מאַכן.[20]

און פּונקט ווי דער סאָציאַלער באַוואוסטזיין און רעוואָלוציאָנערע ביי־גונג זיינען, ווי מיר זעען, אויסגעפּאָרמירט געוואָרן ניט אָן דעם איינפלוס פון דער אַלטיידישער סביבה פון ליטע און זאַמוט מיט אַ יאָר 60־100 צוריק, האָט אויך דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין פון זאַקסן גופא געצויגן זיין יניקה פון זעלבן שפּרודלדיקן קוואַל. דערויף האָבן מיר עטלעכע דירעקטע אָנווייזונגען אין זיין בוך. פריי האָט שוין אין אים געווירקט דער באַוואוסטזיין מכח דער אייגנאַרטיקייט פון יידישן פאָלק, אָבער גאַנץ רייפע פאָרמען,

האָט די אידייע, ווייזט אויס, אַנגענומען ערשט אין יענע יאָרן, ווען זיינע זכרונות פלעגן אים אַוועקטראָגן פון דער נייער, קאַלטער און טרוקענער וועלט איבער ימים און לענדער, ווייט צוריק צו זיין אַלטער, ליבער וועלט אין דער ווייט־נאָענטער ליטע...

אָט שרייבט ער, למשל, וועגן אזא ענין ווי די סקאַרבאָווע יומים־נוראים נגונים, און מאַכט דערביי אַזאַ באַמערקונג:

> די סקאַרבאָווע נגונים האַלטן ניט אויס די כללים פון קאָמפּאָ־זיציע און פון קאָונטער־פּונקט, אָבער האַלט דען דאָס גאַנצע היס־טאָריש לעבן פון אידישן פאָלק אויס די געזעצן פון די פעלקער׳ס געבורט און טויט? [21]

קלאָר איז, אַלזאָ, אז אידייען וועגן דער איינגעאַרטיקייט, איינציק־אַרטיקייט פון יידישן פאָלק האָבן אָנגענומען בולטע פאָרמען ביי זאַקסן אין קאָפּ ווען ער האָט זיינע „חרובע וועלטן" פאַרפאַסט. דאָס האָט אים אויך געפירט צו א טיפערער באאורטיילונג פון יענע פייערלעכקייט־מאָ־מענטן אין יידישן שטייגער, וואָס האָבן ביי אַ סך נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע יידן בלויז דעם ווערט פון אַ סטימולאַנט פון ראָמאַנטישע דערינערונגען אָדער א מקור פון סענטימענטאַלער בענקעניש נאָך א טויטער פאַרגאַנגענ־הייט. זאַקסן שטויסן, למשל, די חנוכה־ליכטלעך צו א גאַנצער קייט גע־דאַנקען מכוח גלות, גייסטיקער ווידערגעבורט אאַז״וו וואָס האָבן מיט 40־50 יאָר צוריק געווירקט ווי אַ פערמענט אָדער טרייב־קראַפט פאַר נייע גייסטיקע שטרעמונגען און פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס, ווי ציוניזם, גלות־נאַציאָנאַליזם אאַז״וו. דאָס שפּיגלט זיך טאָקע אָפּ אין זיין שלוס־באַטראַכטונג אין דעם עסעי „חנוכה":

> קליין זיינען געווען די חנוכה ליכטלעך, אָבער א גרויסן מהלך פון אונדזער געשיכטע האָבן זיי באַלויכטן. זיי האָבן אונדז געפירט צוריק צו דער צייט, פון וועלכער מיר זיינען שוין אָפּגעגאַנגען איבער צוויי טויזנט יאָר. און ווי זונען־שטראַלן אויף פאַרטריקנטע גראָזן האָבן די דערינערונגען פון יענער צייט אָפּגעפרישט און אָפּגעלעבט דאָס אומעטיק פאַר׳חושכ׳ט לעבן אין דעם לאַנגן אידישן גלות. [22]

און דער תמצית פון זאַקסעס גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט אין אַן עמבריאָנאַלער פאָרם זיך שוין אויסגעדריקט גאַנץ פרי, נאָך אין 1903־1904, ווען זאַקס האָט פּאָלעמיזירט מיט קאַרל קאַוטסקין מכוח דעם אידישן נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע (ווי דאָס איז געוויזן געוואָרן אויבן, אין

קאַפּ. 3) געפינען מיר אין אַ פול־צעבליטער פאָרם אין אָט אַזאַ פּאַראַגראַף (וואָס קען, אגב, דינען ווי א מין פרייע פאָרמולירונג פון א. ש. זאַקס' בליק אויף דער טראַדיציאָנעלער יידישער קולטורעלער אויטאָנאָמיע דורך די לעצטע טויזנט יאָר פון אונדזער געשיכטע):

המנ׳ען באַגעגענען מיר היינט, פונקט ווי מיר האָבען אים באַגעגנט מיט טויזנט יאָר און מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, און מיר באַגעגענען אים אין אַלע לענדער, וואו עס איז פאַראַן א מרדכי היהודי, א איד וואָס האָט זיין אייגענעם גאָט, זיינע אייגענע מנהגים און לעבט זיך אויף זיין אייגענעם שטייגער.[23]

ד

די „חרובע וועלטן״, וואָס זאַקס אַליין האָט געהאַלטן פאַר זיין ליבלינג־ווערק[24], האָט אויסגעהאַלטן דריי אויפלאַגעס. פאַר טויזנטער לייענער, ליטווישע אידן דאָ אין אַמעריקע, איז דאָס בוך געווען נאָך מער ווי סתם א ליטעראַרישע מצבה איבער דער אַלט־היימישער אידישקייט. ס׳איז געווען פאַר זיי א מין ליטעראַרישע ווידערגעבורט פון א פאַרשוואונדענער וועלט — דאָס אַריבערטראָגן זיך צוריק אין א סביבה וואָס איז פול מיט דעם אייגנאַרטיקן היימישן חן, מיטן גלאַנץ פון דעם לייכטנדיקן עבר, דעם ווייטן אַמאָל וואָס האָט אויסגעשטראַלט אַזאַ ליבלעכע, האַרציקע וואַרימקייט איבער די אייגענע קינדער־ און יוגנט־יאָרן...

אָט, צום ביישפּיל, ווי ס׳האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם בוך א זייער פּראָמינענטער לאַנדסמאַן פון א. ש. זאַקס, דער באַוואוסטער געלערנטער־יודאאיסט, פּראָפעסאָר פון תלמוד אין דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו יאָרק, לואיס (לוי) גינצבורג, אין א בריוו געשריבן אין יאָר 1925:

My dear Doctor Sachs:

I am very much beholden to you for your kindness in forwarding to me your book „חרובע וועלטן״ which I found extremely fascinating. Many a dim recollection of my early youth became vivid again in my mind, and I am sure that your book must have given great pleasure to many a man and woman who were brought up in that atmosphere so charmingly described by you. Vivant sequentes!

Very sincerely yours,

Louis Ginzburg

אָבער אויך פאַר די ניט־לאַנדסלייט, פאַר אַלע יידן מיט אַ דערוואַכטן קולטור־היסטאָרישן באַוואוסטזיין, איז דאָס בוך געווען אַ קוואַל פון גייס־טיקער הנאה און אָפּטמאַל — אויך אַ סטימול פאַר אייגנאַרטיקע איבער־לעבונגען און פאַר דער דערוועקונג פון ברייטע נאַציאָנאַל־דערציערישע צילן און שטרעבונגען. אָט, האָט, צום ביישפּיל, קורץ נאָך דעם דערשיינען פון בוך, געשריבן צו זאַקסן אין אזא גייסט ב. ר. ברוקנער, דעמאָלט אַ סטודענט אין דעם „היברו יוניאָן קאָלעדזש" (ראַבינער־סעמינאַר פון רע־פאָרם־אידנטום אין אַמעריקע) און שפּעטער איינער פון די באַקאַנטסטע ראַבאַיס און לאַנג־יעריקער פּרעזידענט פון דער „ביוראָ אָוו דזשואיש עדיו־קעישאָן" אין קליוולענד. דאָ ברענגען מיר זיין בריוו:

סינסינעטי, אָ., דעם 17 אָקטאָבער, 1918.

זייער געשעצטער פריינט זאַקס:

ביטע נעמט אָן מיין הערצלעכן דאַנק פאַר אייער ספר'ל „חרובע וועלטן". אָבגלייך איך האָב נאָך די געלעגנהייט ניט געהאַט עס איב־גאַנצן דורכצולייענען, האָבן מיר עטלעכע פון אייערע סקיצן פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט, זאָווי אויך אַ לעבעדיק בילד געשאַפן פון דעם אַלטן קליינשטעטלדיקן אידישן לעבן, וועלכעס ווערט איצט חרוב.

עס טוט מיר ווירקלעך לייד, וואָס מיט דעם אומקומען פון דיזן לעבן מוז אויך פאַרשוואונדן ווערן דאָס הערלעכסטע און שענסטע וואָס דער איד האָט אין רוסלאַנד געשאַפן.

איין זאַך ווייס איך: ווען אייער בוך וואָלט געווען לעזבאַר פאַרן גרויסן המון פון דער אַמעריקאַנער אידישער אינטעליגענץ, וואָלטן מיר וויניקער אַסימילאַציע געהאַט און מער ליבע וואָלט געשאַפן געוואָרן צו און פאַר דעם רוסישן און ליטווישן אידן. איך האָב איין טענה — איך וויל, אַז אידיש זאָל האָבן אַ צוקונפט דאָ אין אַמעריקע, ווייל אין איר ליגט באַהאַלטן פיל קולטור־געשיכטע פון דעם אידישן לעבן און עס איז אויך אוממעגלעך צו לעזן אידישע ליטעראַטור אָן צו אַנטוויקלען אַ הייסע ליבע צום אידישן פאָלק.

זייט געזונט און זאָל אייער שאַפן אָנגיין מיט פרייד און סוקסעס.

אייער איבערגעבנסטער לעזער און פריינד
ב. ר. ברוקנער.

די אידישע קריטיק האָט דאָס בוך אויפגענומען מיט זייער וואַרימע געפילן. צום דערשיינען פון דער 3טער אויפלאַגע האָט ש. ניגער געשריבן אין אַ לענגערן אַרטיקל צווישן אַנדערעס:

א. ש. זאַקס איז געווען דער ערשטער אָדער איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך גענומען שטעלן מצבות אויף די קברים פון די חרובע וועלטן. ....זיין בוך איז יעדנפאַלס סימפּטאָמאַטיש, אויב ניט פאַר אים אַליין, איז פאַר די נאַציאָנאַלע בענקענישן, וועלכע האָבן בעתן וועלט־קריג אויפגעוואַכט אין דער אידישער אַמעריקע.

.....די באַשרייבונגען זיינען וויכטיק סיי פאַרן היסטאָריקער פון דעם אידישן עקאָנאָמישן, סאָציאַלן, רעליגיעזן לעבנסשטייגער, סיי פאַר געוואוינלעכע אידישע לעזער, וואָס ווילן אָפּפרישן אין זייער זכרון און נאָך אַ מאָל זען פאַר די אויגן די רעליגיעזע און געזעל־שאַפטלעכע סביבה פון זייער קינדהייט.[25]

נאָך אין יאָר 1919, נאָך דעם דערשיינען פון דער צווייטער אויפלאַגע האָט א. ש. זאַקס געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן באַקאַנטן איבערזעצער און שריפטשטעלער דר. אייזיק גאָלדבערג אין באָסטאָן מכח איבערזעצן דאָס בוך אין ענגליש. די איבערזעצונג פון איינצלנע קאַפּיטלען זיינען דערשינען אין ענגליש־יידישע צייטשריפטן גלייך נאָך דעם דערשיינען פון די „חרובע וועלטן"[26] אָבער ערשט אין 1927 האָט זאַקס געפונען אַ פאַרלעגער און אַן איבערזעצער פאַר זיין ווערק. די „דזשואיש פּאָבליקעישאָן סאָסייטי אָוו אַמעריקע" (מיטן צענטראַלביוראָ אין פילאַדעלפיע) האָט דעם בוך אַרויס־געגעבן אין דער אויטאָריזירטער איבערזעצונג פון העראָלד בערמאַן, מיט דער באַטייליקונג פון יודאַ ס. יאָפע.[27] דאָס ווערק איז מיט באַגייסטערונג אויפגענומען געוואָרן פון דער ענגליש־יידישער פּרעסע.[28] אַ נייע אויפלאַגע פון אָט דעם ווערק אין ענגליש, אין זעלביקן פאַרלאַג, איז דערשינען אין יאָר 1944.

אויך אין העברעאיש זיינען די „חרובע וועלטן" דערשינען קאַפּיט־לעכווייז אין די זשורנאַלן „העברי" און „התרון" אין דער איבערזעצונג פון מ. ליפּסאָן.[29]

# הערות צום קאַפּיטל 7

1. א. ש. זאַקס: חרובע וועלטן, (דריטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע), ניו־יאָרק, 1927, היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני, 313 ז"ז, ז' 7.
2. דאָרטן, ז' 8.
3. איבערגעדרוקט אויך פון דער 3טער אויפלאַגע.
4. „חרובע וועלט", ז' 2.
5. דאָרטן, ז' 8 און ז' 9.
6. דאָרטן, ז' 84.
7. דאָרטן, ז' 34.
8. דאָרטן, ז' 66.
9. דאָרטן, ז' 71.
10. דאָרטן, ז' 92.
11. דאָרטן, ז' 129.
12. דאָרטן, ז' 240.
13. דאָרטן, ז' 241.
14. דאָרטן, ז' 259.
15. דאָרטן, ז' 229.
16. דאָרטן, ז' 8.
17. דאָרטן, ז' 113.
18. דאָרטן, ז' 230.
19. דאָרטן, ז"ז 137־138.
20. דאָרטן, ז' 280.
21. דאָרטן, ז' 169.
22. דאָרטן, ז' 239.
23. דאָרטן, ז' 246.
24. משה שטאַרקמאַן אין זיין „ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס" צום שלוס פון זאַמלבוך „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט" (לכבוד דעם 50טן געבורטסטאָג פון א. ש. זאַקס), ניו־יאָרק, 1930, ז' 189.
25. ש. ניגער אין זיין אַרטיקל (ז' 34) א. ש. זאַקסעס „חרובע וועלטן", געדרוקט אין נאָר וואָס דערמאָנטן זאַמלבוך „שטודיעס אין סאָציאַלע וויסנשאַפטן". דער דאָזיקער אַרטיקל איז פריער דערשינען אין דעם ניו־יאָרקער „טאָג".
26. אין דער ניו־יאָרקער וואָכנשריפט דהי אַמעריקאַן דזשואיש קראָניקל (פון 27טן יולי, 1917) איז דערשינען אַן איבערזעצונג פון דעם קאַפּיטל „תשעה באָב".
27 WORLDS THAT PASSED, by A. S. Sachs, Jewish Publication Society of America, Philadelphia, 1928, 289 pp.
28. דזשאָשוא בלאָך, „דהי דזשואיש טריביון", ניו־יאָרק, סעפּט. 6, 1929. אין „דהי סאָסייעטי (פאָר) אַדוואַנסמענט (אָוו) דזשודאַאיזם רעוויו, אַפּריל, 1929, ז"ז 22־23.
29. ז. רייזען: „לעקסיקאָן", 1טער באַנד, שפּ. 510־513.

# VIII

# די וועלט־מלחמה און רוסישע רעוואָלוציע

## א

אין הערבסט 1912, ווען „די צוקונפט" איז אַריבערגעגאַנגען צו דער „פאָרווערטס אַסאָסיאיישאָן", איז פאַר זאַקס'ן ווידער געשטאַנען די פּראָבלעם פון געפינען פאַר זיך א נייעם פעלד פאַר טעטיקייט אין ניו יאָרק. צווישן די פּראָיעקטן, וואָס האָבן פאַר אים געשוועבט, איז אויך געווען א פּלאַן מכח אַרבעט אויפן אַגריקולטור־געביט. מיר ווייסן שוין, אַז ס'האָט אים פון דער פריסטער יוגנט געצויגן צו נאַטור־וויסנשאַפטן בכלל און צו אַגראָנאָמיע בפרט, און אָט די נייגונג האָט עס אים געפירט קיין בערלין און יענאַ, וואו ער האָט מיט א באַזונדערן פלייס שטודירט לאַנדווירטשאַפט און ביאָלאָגיע. דאָ אין אַמעריקע האָט זיך ווידער דערוועקט אין אים דער אינטערעס צו אַגריקולטור, נאָך דעם ווי די ערשטע עטלעכע יאָר פון זיין אומדערמידלעכער אַרבעט אויפן זשורנאַליסטישן און פּאָליטישן פעלד האָבן אים געבראַכט אַזוי פיל אַנטוישונגען און מאָראַלישע יסורים. סוף זומער 1912 האָט ער אָנגעפאַנגען צו קאָרעספּאָנדירן מיטן באַוואוסטן אי־דישן געלערנטן אַגראָנאָם, פּראָפעסאָר יעקב דזשי. ליפּמאַן, דירעקטאָר פון דער עקספּערימענטאַלער סטאַנציע פון דעם ניו דזשוירזי אַגריקאַלטשורעל קאָלעדזש אין ניו בראָנזוויק, נ. דזש., וועלנדיק דאָרט געפינען פאַר זיך אַן אינטערעסאַנטן און נוצלעכן אַרבעט־פעלד.[1]

קיין פּראַקטישער רעזולטאַט איז פון אָט די פּלענער ניט אַרויסגע־קומען, און אין אָקטאָבער 1912 איז א. ש. זאַקס ווידער אַקטיוו געוואָרן אויפן פּובליציסטישן געביט. ער איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון „פריינד" — דער מאָנאַטלעכער זשורנאַל פון דעם „אַרבעטער רינג".

דער זשורנאַל „פריינד" האָט אָנגעפאַנגען צו דערשיינען אין נאָוועמ־בער 1910, ווען דער א. ר. האָט שוין, אין זיין אָפיציעלער פאָרם, עקזיס־טירט צען יאָר צייט און האָט געציילט 451 ברענטשעס מיט אַרום 39 טויזנט מיטגלידער איבער גאַנצן לאַנד.[2] דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „פריינד" איז געווען צביון (דר. ב. האָפמאַן), וועלכער האָט רעזיגנירט אין סעפּטעמבער, און אויף זיין אָרט איז אויסגעקליבן געוואָרן א. ש. זאַקס, וועלכער פלעגט אויך אונטער צביון'ס רעדאַקציע שרייבן פאַרן „פריינד".

אים האָט איינשטימיק דערוויילט די „פּרעס־קאָמיטע״ פון אַרב. רינג, וועלכע איז דעמאָלט באַשטאַנען פון אַט די פינף מיטגלידער: ש. בול־גאַטש, פאָרזיצער, מ. מאַראַם, סעקרעטאַר, ר. גינזבורג, אַ. ראַפּאַלאָווסקי, און ב. מאַרגאָליס.[3]

ער איז דערוויילט געוואָרן נאָכדעם, ווי די פּרעס־קאָמיטע האָט צו־געשטעלט אַ צעטל פון די נאָמינירטע קאַנדידאַטן צו דער עקזעקוטיווע פון אַ. ר. און די עקזעקוטיווע האָט געגעבן איר הסכמה צו דער ליסטע נאָמינירטע. האָט אָבער די עקזעקוטיווע פונדעסטוועגן מיט אַ קורצער צייט שפּעטער וועטאָאירט די דערוויילונג פון א. ש. זאַקס (אַלס א נאָכשפּיל, מסתם, פון די סכסוכים צווישן דעם „פאָרווערטס״ רעדאַקטאָר און א. ש. זאַקס און דר. קאַספּע אין פאַרבינדונג מיט דער „צוקונפט״ אין אָנפאַנג פון זעלבן יאָר, 1912, ווי ס'איז שוין באַשריבן געוואָרן אין א פריערדיקן קאַפּיטל), מיט דער מאָטיווירונג: זאַקס איז דעמאָלט נאָך געווען רעדאַק־טאָר פון דער „צוקונפט״, טאָ וועט ער ניט האָבן קיין צייט צו רעדאַקטירן דעם „פריינד״.[4]

ווייטער גיט איבער א. ש. זאַקס אַליין (אין זיין מאָנומענטאַלער 2־בענדיקער געשיכטע פון אַרבעטער רינג, וואָס איז דערשינען אין 1925, ווי מיר וועלן ווייטער אונטן דערציילן) אַט וואָס: „די פּרעס־קאָמיטע האָט זיך אָבער געטאָן דאָס איריקע, און האָט קיין אַנדער רעדאַקטאָר ניט אויס־געקליבן. פאַרקערט, זי האָט מיט אירער אַ צווייטער וואַל באַשטעטיקט די ערשטע. זי האָט זאַקסן נאָך אַמאָל איינשטימיק אויסדערוויילט. דער פאַל איז שפּעטער אויפגעקומען פאַר דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע (1913), און זי האָט סאַנקציאָנירט די דערוויילונג פון א. ש. זאַקס אַלס רעדאַקטאָר.

„דער אינצידענט האָט געהאַט ניט ווייניק קאָמישעס אין זיך. זאַקס'ן האָט די עקזעקוטיווע ניט אָנערקענט. אָבער ווען מ'האָט געדאַרפט האָבן עפּעס אָפיציעלעס וועגן „פריינד״, האָט מען זיך כלומרשט געווענדעט צו י. ראָבערטס, וועלכער איז געווען דער סעקרעטאַר פון פּרעסע־קאָמיטע (אין 1913־1914), אַפילו טשעקס פאַר דעם רעדאַקטאָרס געהאַלט זיינען א געוויסע צייט אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף דעם נאָמען פון י. ראָבערטס״.[5] אַט די רדיפות און באַליידיקונגען האָבן געוויס קיין כבוד דער עקזעקוטיווע פון א. ר. ניט צוגעגעבן, אָבער זיכער זיינען זיי געווען אַ קוואַל פון מאָראַ־לישע יסורים פאַרן פּראָגרעסיוון און זייער פּאָפּולערן צווישן די „יונגע״ (ווי מ'האָט אין יענער צייט גערופן די פּראָגרעסיווע טיילן פון דער אַ. ר. מיטגלידערשאַפט) רעדאַקטאָר פון „פריינד״. אויף דער 13טער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע האָבן חברה קיביצער פאַרשפּרייט א געדרוקטע וויזיט־קאַרטל: „י. ראָבערטס, רעדאַקטאָר פון „פריינד״.

אין זיין פּראָגראַם־אַרטיקל, אין אָקטאָבער־נומער (1912) פון „פריינד"
האָט זאַקס דערקלערט אַט וואָס:

לויט דעם באַשלוס און גייסט פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, דאַרף דער „פריינד" אויך זיין ביז צו אַ געוויסער מדרגה אַן ערציִונג־שריפט. ער דאַרף זיין אַזאַ מין ערציאונג־אָרגאַן, וואָס זאָל אין זיך האָבן לייכטע מאַטעריאַל צום לעזן, אַזוי אַז ער זאָל ווערן אַ פאַמיליען־בלאַט אינם הויז פון יעדן מיטגליד פון אַרבעטער רינג. עס זאָלן דאָרט געפינען וואָס צו לעזן אויך די פרוי און די דערוואַקסענע קינדער פונם אַרבעטער.

אַזוי דאַרפן, צום ביישפּיל, אַריינקומען ניט נאָר אַרטיקלען איבער היגיענע, איבער עטיק, איבער סאָציאַלע פּראָבלעמען, איבער קינדער־דערציאונג און אַז וו., נאָר אויך אַרטיקלען, וואָס זאָלן האָבן אַ דערציִערישן הויזלעכן ווערט. איבערהויפּט נאָך ווען אָט די סאָרטן אַרטיקלען וועלן זיין געשריבן אויף אַזאַ אָנציִענדיקן, לייכטן אופן, אַז זיי וועלן קענען דינען אי אַלס אַמוזאַנטע לעזע־שטאָף אי צו קול־טיווירן דעם געשמאַק און די פאָדערונגען פון דעם אַרבעטער'ס פאַמיליע.

די גרויסע נוצן דערפון וועלן נאָך זיין די, וואָס די אַרבעטער־פאַמיליע וועט געפינען אַן אינטערעס אינם אָרדן צו וועלכן דער פאַמיליען־פאָטער באַלאַנגט. דער „פריינד" וועט דורך דעם במילא ווערן די בעסטע רעקלאַמע פאַרן אַרבעטער רינג.

די פרוי און דער זון און די טאָכטער פונם מיטגליד וועלן ווערן די בעסטע אַגענטן, פּאָפּולער צו מאַכן דעם אַרבעטער רינג און צו פאַרפילפאַכן זיינע רייען.

מיר האָפן צו באַקומען די מאָראַלע שטיצע פון אַלע אונדזערע מעמבערס און מאַכן אונדזער זשורנאַל פאַר אַן אמת'ן פריינד פון אונדזער הויז און פאַמיליע.[6]

אין אָט דעם גייסט האָט א. ש. זאַקס געוואָלט פירן דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון א. ר. און האָט עס, טראָץ די גרויסע שוועריקייטן (זייער קליינע ביודזשעט־אַסיגנירונגען פאַרן „פריינד"), געזוכט צו פאַרווירק־לעכן, כדי צו מאַכן פון „פריינד" אַן אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע צייטשריפט. חוץ אַ סך אַרטיקלען איבער א. ר. פּראָבלעמען און אַלגעמיינע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן אונטער זיין אייגענעם נאָמען, האָט זאַקס אין אים געדרוקט נאָך אַ סך (כמעט יעדן מאָנאַט) פּאָפּולער־וויסנ־

שאַפטלעכע אַרטיקלען אויף טעמעס פון דער נאַטור און געזעלשאַפט אונ־טערן פּען־נאָמען דר. א. וויינשטאַק.

באַזונדערס וויכטיק און סימפּטאָמאַטיש פאַרן טיפן בליק פון א. ש. זאַקסן אויף דער מיסיע און צילן פון א. ר. איז דער פאַקט, אַז ער איז געווען פון די ערשטע צו באַטאָנען די וויכטיקע ראָלע פון דער יוגנט־דערציאונג, און פון דער יוגנט־באַוועגונג בכלל, אין דעם וואוקס און אַנט־וויקלונג פון דעם גרויסן אַרבעטער־אָרדן. נאָך אין מאַי 1912 דרוקט ער אָפּ אין „פריינד״ א גרויסן אַרטיקל — „אונדזער יוגנט און דער אַרבעטער רינג״, וואו די גאַנצע פּראָבלעם ווערט פילזייטיק און גרינטלעך באַ־האַנדלט. ער שטעלט זיך אָפּ קודם־כל אויף דעם עלעמענטאַרן אָבער דאָך צו אָפט פאַרנאַכלעסיקטן אמת, אַז די צוקונפט פון אַרבעטער רינג ליגט אין יונגן דור. ער שרייבט וועגן דער וויכטיקייט פון די אַזוי גערופענע „סאָציאַליסטישע זונטיק־שולן״, וואָס מ׳האָט אין יענע יאָרן, זינט 1909, אָנגעפאַנגען צו גרינדן דאָ און דאָרט (די ערשטע אין האַרלעם, ניו יאָרק) צו לערנען די קינדער פון די מיטגלידער די גרונט־באַגריפן פון א ראַדי־קאַלער וועלט־אַנשויאונג און זיי דערציילן אַביסל וועגן פּראָגרעסיווע אי־דעאַלן און באַוועגונגען. ווייטער באַשרייבט זאַקס, אין אָט דעם אַרטיקל, קורץ אָבער זאַכלעך די פּראָלעטאַרישע יוגנט־באַוועגונג אין דייטשלאַנד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1904 און שטעלט זיך אויך אָפּ אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע פון די סאָציאַליסטישע יוגנט־באַוועגונגען, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט אויף די צוויי לעצטע קאָנ־גרעסן פון דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל (שטוטגאַרט אין 1907, און קאָפּענהאַגען אין 1910). צום שלוס שרייבט א. ש. זאַקס עטלעכע ווערטער, און זיי קלינגען איצט, אין רעטראָספּעקט, כמעט ווי א נביאות, ווי א פּראָפעטישער רוף זיך צו נעמען פאַר דער וויכטיקער יוגנט און קינדער ־דערציאונג אַרבעט, אַן אַרבעט וועלכע איז ערשט מיט יאָרן שפּע־טער (שוין נאָך דער וועלט־מלחמה פון 1914־1919), גאַנצע 10 יאָר נאָך דעם אַפילו פון זאַקסן אין „פריינד״, געוואָרן אַזאַ אומאָפּטיילבאַרער טייל פון אַלע אידישע אַרבעטער־אָרדנס דאָ אין לאַנד. אָט ווי ער פאַרענדיקט זיין וויכטיקן אַרטיקל:

> דער א. ר. האָט אימער אַ גוטן ווילן צו אַרבעטן אויפן פעלד פון דערציאונג און אויפקלערונג. ער האָט אויך מער ווי אַלע אַנ־דערע קערפּערשאַפטן די מיטלען און די מעגלעכקייטן דורכצופירן זיינע ווינטשע אין לעבן. טאָ אפשר איז אין אמת׳ן שוין געקומען די צייט, אַז אונזער מעכטיקער אָרדן זאָל זיך נעמען פאַר די אויפ־גאַבן אויפצוקלערן און אָרגאַניזירן אונדזער יוגנט.

דאָס לעבן האָט מיט פאַקטן שפּעטער קלאָר באַוויזן, אַז דער קוק און פאַרמעסט פון איינעם פון די ערשטע קולטור־עסקנים צווישן די וואָרט־פירער פון דעם ייִנגערן, דעם צווייטן דור יידישע אימיגראַנטן, אָט די אָנזיכטן פון א. ש. זאַקס, זיינען באמת געווען ריכטיקע און געזונטע, דאָס הייסט אי טיף־דורכגעטראַכטע, אי פּראַקטיש־דורכפירבאַרע.

דער א. ר. האָט אין יענער צייט דורכגעמאַכט אַ פּעריאָד פון שנעלן שטורמישן וואוקס.[7] זיין מיטגלידערשאַפט איז געשטיגן פון 41,725 אין סוף 1912 ביז צו 45,662 אין סוף 1913, און די קולטור־אַרבעט וואָלט אויך געמעגט און געקענט געפירט ווערן מיט א פיל גרעסערן פאַרנעם און שוואונג, ווי דאָס איז שטענדיק געווען א. ש. זאַקס'ס אינערלעכער וואונטש. ליידער האָבן אָבער די פּאָליטיקאַנישע און סתם ענגהערציקע מאָטיוון און אומשטענדן געשטערט אין אָט דעם פעלד נאָך מער ווי אין אַלע אַנדערע געביטן פון דעם א. ר. פאַרצווייגטער טעטיקייט. און די מניעות און שוועריקייטן פאַרן נייעם רעדאַקטאָר, א. ש. זאַקס, זיינען געווען ממש ניט איבערצוטראָגן, ווי דער אויבן־באַשריבענער טראַגי־קאָמישער אינצידענט מיט די רדיפות אויף זאַקסן מצד דער עקזעקוטיווע באַווייזט זייער קלאָר. סוף יאָר 1913 האָט א. ש. זאַקס טאַקע רעזיגנירט אַלס רעדאַקטאָר און אויף זיין פאָרשלאַג איז פיליפּ קראַנץ דערוויילט געוואָרן צו פירן דעם „פריינד". אויף א מיטינג פון דער פּרעס־קאָמיטע, דעם 24טן נאָוועמבער, 1913, איז פיליפּ קראַנץ איינשטימיק דערוויילט געוואָרן אויף זיין וויכטיקן אַמט אין אַרבעטער רינג.[8] די פּרעס־קאָמיטע איז דעמאָלט באַשטאַנען פון: ל. גערשטיין, פּאָרזיצער, י. ראָבערטס, סעקרעטאַר, און דזש. באַקסט. א. ש. זאַקס איז אויך אַריין אין דער פּרעס־קאָמיטע אויף א געוויסער צייט, ביז דער נייער רעדאַקטאָר איז געוואָרן מער באַהאַוונט אין די ענינים פון אַרבעטער רינג.[9]

אין נומער פון „פריינד", דעצעמבער, 1913, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

## פון דער פּרעס־קאָמיטע

אונדז טוט ווירקלעך לייד, וואָס פר. א. ש. זאַקס, אונדזער רעדאַקטאָר פאַר די לעצטע 15 מאָנאַטן, האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט. מיר פון אונדזער זייט דריקן אויס אונדזער העכסטע צופרידנהייט מיט זיין אַרבעט, וואָס איז געווען אין האַרמאָני מיט אונדזערע איבערצייגונגען. מיר האָפן, אַז אויך ווייטער וועט פר. זאַקס ניט פאַרפרעמדט ווערן פון אונדזער „פריינד" און וועט אונדז העלפן מיט ראַט און טאַט.

אין זעלבן נומער איז אויך אָפּגעדרוקט א. ש. זאַקס פּערזענלעכע דערקלערונג אין אַט אַזאַ פאָרם:

## די ענדערונג אין רעדאַקציע פון „פריינד".

דיזער נומער איז דער לעצטער וועלכער גייט אַרויס אונטער מיין רעדאַקציע.

מיינע פּערזענלעכע פריינט וויסן שוין לאַנג, אַז מיין אַבזיכט איז געווען ניט צו פאַרבלייבן אין מיין אַמט מער ווי אַ יאָר צייט. ענדע פון יאָר (1913) האָט אָבער די פּרעס־קאָמיטע געהאַט סכסוכים מיט דער עקזע־קוטיווע און איך האָב, נאַטירלעך, ניט געקענט לאָזן מיינע חברים אין מיטן. איצט איז דער סכסוך געסעטלט געוואָרן מיט דער צופרידנהייט פוןביידע קערפּערשאַפטן און איך פיל זיך פריי איבערצוגעבן די רעדאַק־ציאָן צו אַן אַנדערן.

ביי דיזער געלעגענהייט וויל איך אויסדריקן דאַנק צו אַלע מיטאַר־בעטער און קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן אין מיין אַרבעט. באַזונדערס פיל איך מיך פאַרפליכטעט צו מיינע חברים פון דער פאַראַ־יאָריקער און איצטיקער פּרעס־קאָמיטע, וועלכע האָבן אונטערגעשטיצט מיט אַלע זייערע קרעפטן (און אפשר איבער די קרעפטן) מיין פּאָליסי אין „פריינד". איך בין זיי דאַנקבאַר פון גאַנצן האַרצן פאַר די הילף, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן אין מאַנכע מאָמענטן, ווען איך האָב זיך שטאַרק גענויטיקט אין דעם.

## פיליפּ קראַנץ — דער נייער רעדאַקטאָר

נאָך וויכטיקער ווי מיין רעזיגנאַציע אַלס רעדאַקטאָר פון „פריינד" איז די נייעס, אַז דער נעקסטער רעדאַקטאָר פון אונדזער אָרגאַן וועט זיין פריינד פיליפּ קראַנץ.

דיזער וואַל פון די פּרעס־קאָמיטע וועט געוויס זיין אַן אַנגענעמע איבעראַשונג פאַר אַלע אויפריכטיקע מעמבערס פון א. ר.

פריינד קראַנץ האָט גרויסע פאַרדינסטן אין אונדזער וויסנשאַפט־לעכער ליטעראַטור. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אים אויך ניט וויניק שולדיק אַלס רעדאַקטאָר פון „אַרבעטער־פריינד", „אַרבעטער־צייַ־טונג", „אַבענדבלאַט", „צוקונפט" און אַז. וו.

זיין שטיין פון ווייטן אין די לעצטע יאָרן איז געווען ניט קיין קליי־נער שאָדן פאַר דער באַוועגונג, און זיין ווידערקער אַלס אַקטיווער טוער

וועט אַן צווייפעל באַגריסט ווערן פון צענדליקע טויזנטע מעמבערס אונדזערע.

איך גיי אַוועק פון דער רעדאַקציאָן מיט דער גרעסטער גענוגטואונג, וואָס דער „פריינד" גייט אַריבער אונטער דער פירערשאַפט פון פיליפ קראַנץ, וועלכער וועט געוויס אים מאַכן גרעסער, בעסער און אינטערע־סאַנטער.

מיט גליק צו דער אַרבעט!

א. ש. זאַקס.

פון דער דאָזיקער דערקלערונג, פון איר נוסח, און נאָך מער פון צווישן די געדרוקטע שורות, קען מען לייכט אַרויסלייענען ניט איין כאַראַקטער־שטריך פון זאַקס' גייסטיקן וועזן און אויך פון זיינע שטימונגען און איבערלעבונגען אין יענע יאָרן. מיר זעען דאָ קודם־כל זיין האַרציקע דאַנקבאַרקייט און פאַרפליכטונג צו זיינע גוטע פריינט און פאַרערער אין דער פרעס־קאָמיטע, וואָס זיינען געשטאַנען ביי זיין זייט, בעת דעם שווערן קאַמף מיט דער עקזעקוטיווע פון אַרב. רינג, און מיר פילן אַרויס זאַקס' געוואַלדיקן און אויפריכטיקן יראת־הכבוד צום אַלטן פּיאָנער פון אַרבעטער־זשורנאַליזם אויף דער אידישער גאַס, פיליפ קראַנץ, וועלכער האָט אויך געליטן פון רדיפות מצד דער „פאָרווערטס" פאַרוואַלטונג אָנגעפירט פון דעם רעדאַקטאָר־דיקטאַטאָר אַב. קאַהאַן. אַרום און אַרום ווייזט אונדז אָט די דערקלערונג, מיט וואָס פאַר אַ גרויסן ערנסט און פאַראַנטוואָרטונג־געפיל זאַקס האָט זיך באַצויגן צו זיין רעדאַקטאָר אַמט בפרט און צו דעם לעבן פון אַרבעטער רינג בכלל.

נאָך דער צוריקציאונג פון דער „פריינד" רעדאַקציע האָט זאַקס ווידער זיך אַ קער געטאָן אין דער ריכטונג פון זיינע לאַנג־יאָריקע לאַנד־ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן. ער האָט צום צווייטן מאָל פאַרפירט וועגן דער פראַגע אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט יוסף וו. פּינקוס, דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל — „דער אידישער פאַרמער", וואָס איז, זינט 1908, אַרויסגעגעבן געוואָרן פון באַראָן הירש פאָנד („דזשואיש אַגריקאָלטשורעל ענד אינדאָס־טריעל עיד סאָסייאיטי").[10]

אָבער אויך פון אָט די פּלענער זיינען קיין שום ממשותדיקע רעזול־טאַטן ניט אַרויסגעקומען, און זינט 1913־1914 האָט זאַקס זיך אָפּגעגעבן בסדר מיט זיין אומאָפּהענגיקער שריפטשטעלערישער און וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, מיט וועלכער ער איז אָנגעגאַנגען אָן אונטערברעכונג גאַנצע 18 יאָר, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

די ערנסטע ליטעראַרישע אַרבעט זיינע, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יענע יאָרן און האָט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע וויכטיקע און רייפע

ווערק, ווי די „לערע פון סאָציאַליזם" און די „גרונד־פּרינציפּן פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע", איז שוין איבן אויספירלעך באַשריבן געוואָרן. דאָ וועלן מיר זיך איצט לענגער אָפּשטעלן אויף זאַקס' דעם לעקטאָר און לערער פאַר דערוואַקסענע — אַ טעטיקייט וואָס איז געווען נאָענט צום האַרצן, ווי מיר האָבן געזען, און וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין וואַרשע נאָך מיט יאָרן פאַר זיין קומען אין אַמעריקע.

נאָך אין 1913, ווען זאַקס איז געווען רעדאַקטאָר פון „פריינד", האָט אים איינגעלאַדן די „באָאַרד אָוו עדיוקיישאָן" פון דער שטאָט ניו יאָרק צו האַלטן לעקציעס אין אידיש, וואָס פלעגן אין יענער צייט דורכגעפירט ווערן אין די פּאַבליק סקולס אין די געגנטן פון דער שטאָט, וואו ס'האָבן געלעבט גרויסע אידישע מאַסן. דאָס איז אַלזאָ געווען אַ מין פאָלקס־אוניווערזיטעט (אויף איטאַליענישע און אַנדערע פרעמד־שפּראַכיקע לעקציעס האָט מען אַראָנזשירט), וואָס די שטאָט ניו יאָרק האָט געשאַפן אונטערן איינפלוס פון עטלעכע פּראָגרעסיווע מיטגלידער פון דער „באָאַרד אָוו עדיוקיישאָן". צווישן זיי האָט זיך געפונען אויך יוסף באַראָנדעס (1867־1928), געוועזענער אידישער אַרבעטער־פירער און איינער פון די גרעסטע קהלישע עסקנים אין דער יידישער ניו יאָרק אין משך פון צענדליקער יאָר. ער האָט זאַקסן פערזענלעך געקענט און אים הויך אָפּגעשאַצט, און האָט פון יאָר צו יאָר רעקאָמענדירט זאַקסן דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַלס לעקטאָר פאַר די אידישע מאַסן. דעם אַמט פון „סופּערווייזאָר אָוו לעקטשורס" האָט אין 1914 פאַרנומען העברי מ. לייפּציגער, און ער פלעגט אָפט קאָרעספּאָנדירן מיט זאַקסן וועגן זיינע לעקציעס. נאָכן יאָר 1916 האָט זאַקס געלעקטשורט פאַרן „דעפּאַרטמענט אָוו עדיוקיישאָן", ווי דער בילדונג־אַמט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט דעמאָלט געהייסן, אין דער פּאַבליק־סקול 147 אין ברוקלין, פּאַבליק־סקול 65 אין מאַנהעטען, און אַנדערע. די טעמעס זיינען געווען דערהויפּט נאַטורוויסנשאַפטלעכע, ווי „דאַרוויניזם — דער אורשפּרונג פון די מינים", „פלאַנצן און חיות", און אַז. וו. זיי פלעגן אָפט אילוסטרירט ווערן מיט ליכט־בילדער אויפ'ן לייוונט, און אורטיילנדיק פונם פאַקט, אַז די לעקציעס פון א. ש. זאַקס פלעגן יאָרנלאַנג געהאַלטן ווערן, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז זיי האָבן ביים עולם אויסגענומען און האָבן זייער ציל דערגרייכט — געדינט דער ערנסטער וויסנשאַפטלעכער פּאָפּולאַריזאַציע פאַר די ברייטע יידישע מאַסן.

אָבער זאַקס' לעקטאָרישע טעטיקייט אין יענע יאָרן האָט זיך ניט באַשרענקט בלויז אויף ניו יאָרק. אויך איבערן לאַנד איז ער געווען פון די באַקאַנטסטע אידישע לעקטאָרן, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון אַרבעטער רינג.

דאָ דאַרף דערציילט ווערן, אַז די קולטור־טעטיקייט פון א. ר. איז געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג פון אַלע זיינע קאָנווענשאָנס. מיטן שטראָם פון אימיגראַציע זיינען אויך צוגעקומען מער אינטעליגענטע קרעפטן — רעדנער, לעקטאָרן און שריפטשטעלער, און מיט זייער הילף האָט זיך די בילדונג־אַרבעט אין א. ר. אָנגעהויבן צו קריסטאַליזירן. אייניקע פון זיי זיינען געוואָרן מיטגלידער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון א. ר. און אויף זייער איניציאַטיווע איז, אין 1912, אַרויסגעשיקט געוואָרן אַן אַנקעטע צו פאַרשיידענע שרייבער און לעקטאָרן מכוח דעם ווי אַזוי די בילדונג אַרבעט אין א. ר. זאָל געפירט ווערן. ענטפערס אויף דער אַנקעטע זיינען געקומען פון א. ש. זאַקס און פון אַ סך אַנדערע געלערנטע און שרייבער.[11]

דאָס איז געווען אַ צייט, ווען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס האָט געקאָכט מיט אַלערליי בילדונג־אונטערנעמונגען פון פּאָפּולער־וויסנ־שאַפטלעכן מין. סוף זומער 1913 איז דורך ל. ראָזענצווייג, דר. קאַספּע און א. ש. זאַקס געגרינדעט געוואָרן אין ניו יאָרק אַ „פאָלקס־אוניווער־זיטעט דורך קאָרעספּאָנדענץ" מיטן צוועק צו געבן קאָרעספּאָנדענץ קורסן אין יידיש איבער אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט.[12]

דער אַרב. רינג איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער בילדונג־אַרבעט אַלץ מער און מער. אין יאָר 1914־1915 האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זיך אונטערגענומען צו פאַרשפּרייטן צווישן די ברענטשעס 500 קורסן פון אָט דעם נאָר וואָס באַשריבענעם קאָרעספּאָנדענץ־אוניווערזיטעט (פּאָלי־טישע עקאָנאָמיע פון א. ש. זאַקס און אַנדערע קעגנשטאַנדן, ווי דר. מערי־סאָנ'ס פיזיאָלאָגיע און דר. קאַספּע'ס געאָלאָגיע). די דאָזיקע פאָרם פון אויפקלערונג האָט געהאַט גוטע רעזולטאַטן. דער בילדונג־דעפּאַרטמענט פון אַרב. רינג, צו וועלכן זאַקס האָט אַ סך יאָרן געהערט און פון וועלכן ער איז אין 1915 געווען פאָרזיצער, האָט אין יענע יאָרן, ווי מיר האָבן שוין געוויזן, אויך געפירט אַ ברייטע פאַרלעגערישע טעטיקייט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ סעריע פון ביכער איבער פאַרשידענע צווייגן פון דער נאַטור און געזעלשאַפטלעכער וויסנשאַפט, און די אויס־גאַבע האָט געהייסן „אַרבעטער רינג ביבליאָטעק". די „עדיוק. קאָמיטע" האָט געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן צו באַזייטיקן דעם דילעטאַנטיזם, וואָס הערשט אויף אונדזער גאַס, דערציילט א. ש. זאַקס.[13] „זי האָט גע־קעמפט קעגן דער מאָדע, אַז „אַלע ריידן איבער אַלעס", און האָט די ביכער באַשטעלט ביי פאַך־מענטשן, וועלכע האָבן זייער קעגנשטאַנד סיס־טעמאַטיש שטודירט און געלערנט". אין דער דאָזיקער סעריע איז אויך אַריינגעגאַנגען א. ש. זאַקס „באָטאַניק — דאָס לעבן פון די פלאַנצן". אַלע ביכער פון דער סעריע זיינען געדרוקט געוואָרן צו 6000 עקזעמפּלאַרן.

עס האָט בישט לאַנג געגומען און פאַר די ערשטע דריי פון דער סעריע (חוץ א. ש. זאַקס׳ „באָטאַניק״ אויך דר. קאַספּע׳ס „פיזיק״, און דר. מערי־סאָנס „היגיענע״) איז נויטיק געוון אַ צווייטע אויפלאַגע.

זינט 1911 האָט די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון אַרב. רינג דורכגעפירט יערלעך לעקטשור־טורס איבערן לאַנד. דער ערשטער לעקטאָר פון אָט די טורס איז געווען ד״ר נחמן סירקין (1858־1924). אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגן אויך געשיקט ווערן א. ש. זאַקס, א. ליטוואַק און אַנדערע אויף אַזעלכע טורס. אין 1915 האָט א. ש. זאַקס אויף זיינע טורס דורכגעשניטן גאַנץ יונייטעד סטעיטס, פון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפיק, און פון מעקסיקאָ ביז קאַנאַדע (איינגעשלאָסן).

אין סוף 1916 האָט די עדיו. קאָמיטע געעפנט דעם ערשטן יידישן פאָלקס־אוניווערזיטעט, אָדער בעסער געזאָגט: אַרבעטער־אוניווערזיטעט, אין ניו יאָרק. פאַרשידענע קורסן, צו 12 לעקציעס יעדערער, האָבן געדאַרפט געהאַלטן ווערן אין די אוידיטאָריעס פון פאַרשידענע פּאָבליק־סקולס אין די יידישע קוואַרטאַלן. דעם 15טן פעברואַר 1917 זיינען אין פּאָבליק סקול 62 געעפנט געוואָרן 5 קורסן — א. ש. זאַקס פּאָליטישע עקאָנאָמיע, ווי אויך אַ פּאָר איבער אידישע קולטור און ליטעראַטור־געשיכטע און איין קורס פון „סיוויקס״. פון אָט די קורסן האָבן דערלעבט ביזן סוף נאָר די פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון א. ש. זאַקס און יידיש פון י. לעווין.[14]

פון אַ גאָר גרויסער באַדייטונג פאַר דער קולטורעלער דערהויבונג פון די טויזנטער א. ר. מיטגלידער אין דער פּראָווינץ זיינען געווען די לעקציע־טורס אין וועלכע אַזאַ אומגעהייער גרויסע ראָלע זאַקס האָט עטלעכע יאָר כסדר געשפּילט.

א. ש. זאַקס, דער לעקטאָר איבער דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, אַרבעטער־באַוועגונג און נאַטור־וויסנשאַפט, האָט אין יענע יאָרן (1913־1918) באַזוכט בוכשטעבלעך צענדליקער פונקטן איבערן לאַנד. אין אַלע שטעט און שטעטלעך מיט ברענטשעס פון אַרבעטער רינג איז א. ש. זאַקס געווען זייער פּאָפּולער. איבעראַל איז זיין נאָמען, אין דעם באַוואוסט־זיניקן יידישן אַרבעטער, געווען פאַרבונדן מיט דער פאַרשפּרייטונג פון בילדונג און מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליסטישן אידעאַל. מיט אַן אומדערמידלעכן מוט האָט ער געוועקט די מאַסן צום קאַמף פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט. און עס איז נאָך ביי די בעסטע תלמידים און צוהערער זיינע געווען אין זכרון דער מוטיקער, קאַמף־לוסטיקער טאָן, וואָס האָט געשטראַלט פון די זייטן פון דער שיקאַגער „אידישע אַרבעטער וועלט״ אונטער דער רעדאַקציע פון א. ש. זאַקס. די יאָרן פון זאַקס׳ס אייפריקער, אָפּפערווייליקער אַרבעט אין שיקאַגאָ האָבן געוויס צוגעגרייט

דעם באָדן פאַר זיין גרויסן דערפאָלג אַלס אַרבעטער רינג בילדונג־טוער און לעקטאָר.

ווען א. ש. זאַקס איז געווען פאַרזיצער פון דער עדיוק. קאָמיטע, אין 1915־1916, איז די פאַרוואַלטונג פון א. ר. געלעגן אין די הענט פון די אַזוי׳ גערופענע „יונגע״ וואָס האָט געמיינט די מער־פּראָגרעסיווע און אַגרעסיווע עלעמענטן פון דער באַוואוסטזיניקער און מיליטאַנטישער מיט־גלידערשאַפט פון גרויסן אָרדן. פאַר איין יאָר האָבן די „יונגע״ געהאַט די פאַרוואַלטונג אין זייערע הענט. וויליאַם עדלין, שפּעטערדיקער רעדאַק־טאָר פון „טאָג״, איז געווען דער פאַרזיצער פון דער עקזעקוטיווע יענעם יאָר. ביי דער נאָמינײשאָן קאָנווענשאָן, אין 1916, צו נאָמינירן קאַנדידאַטן פאַר דער נייער פאַרוואַלטונג זיינען אַלע „יונגע״ דורכגעפאַלן, אַ חוץ א. ש. זאַקסן.

ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין דער עדיוק. קאָמיטע פאַרן יאָר 1916־1917, פון וועלכער דער פאַרזיצער איז געווען שכנא עפּשטיין. דאָס באַווייזט ווידער ווי פּאָפּולער א. ש. זאַקס איז שטענדיק געווען צווישן די ברייטסטע קרייזן פון דער מיטגלידערשאַפט פון אַרבעטער רינג.[15]

## ב

דער אויסברוך פון דער גרויסער אייראָפּעאישער מלחמה אין יולי־אויגוסט 1914 האָט געפונען אויך ביי די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן, באַזונ־דערס ביי די יידישע, אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג. מ׳האָט אין זייערע רייען באַלד פאַרשטאַנען, אַז אַן עפּאָכע פון וועלט־היסטאָרישע דערשיטערונגען רוקט זיך אָן אויף דער ציוויליזירטער וועלט, און אַז זיי וועלן סוף־כל־סוף באַרירן אויך דעם גורל פון אַמעריקע, וואָס איז דורך טויזנטער פעדים געבונדן מיט דער אייראָפּעאישער קולטור און ציוויליזאַציע.

אין די יאָרן 1914 און 1915 האָבן זיך געוויזן סימנים פון גייסטיקע זוכענישן און יערונגען צווישן די יידישע סאָציאַליסטן אין ניו־יאָרק, וועלכע האָבן, ווי מיר וויסן שוין, נאָך אין יאָר 1912 געגרינדעט די „יידישע סאָציאַ־ליסטישע פעדעראַציע״. אין 1915 איז ביי אַ גרופּע וויכטיקע יידישע סאָ־ציאַליסטן אין ניו־יאָרק געבוירן געוואָרן דער פּלאַן צו גרינדן אַ קלוב פון יידישע סאָציאַליסטישע טוערס און זשורנאַליסטן אויפן נאָמען פון קאַרל מאַרקס. אויף דער איינלאַדונג צום גרינדונגס־מיטינג, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו א. ש. זאַקסן דעם 26טן יוני 1915, זיינען געווען אונטערגעשריבן מ. אָלגין, א. ליטוואַק, י. ב. סאַלוצקי, שכנא עפּשטיין און פּ. ראָזענבלאַט.

דער אויסברוך פון דער מערץ־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין יאָר 1917 האָט אָנגעפילט מיט באַגייסטערונג די יידיש־אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן, וואָס

האָבן מיט גרענעצלאָזער באַוואונדערונג און מיט אַן אומדערשיטערלעכן גלויבן ממש די אויגן ניט אָפּגעריסן פון די גרויסע געשעענישן אין לאַנד פון געפאַלענעם צאַריזם. זאַקס האָט געטיילט דעם אַלגעמיינעם אָפּטימיזם און האָט פון דער נייער רוסישער דעמאָקראַטיע דערוואַרט דעם זיג פון פרייהייט און גלייכקייט איבער דער אויטאָקראַטיע און איבער דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט אומעטום. אַלס איינער פון די וויכטיקע יידישע וואָרטזאָגער (ער איז געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער גרויסער יידישער טעג־לעכער צייטונג „דער טאָג", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1914), האָט אויך זאַקס באַקומען אַן איינלאַדונג צום קבלת־פּנים־מיטינג פאַר דער „רוסישער קאָמיסיע", וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פון ניו־יאָרקער מעיאָר דזשאָן פוראַי מיטשל אין סיטי־האָל דעם 6טן יולי, 1917, ווען די ערשטע משולחים פון די וואָרטפירער פון דער באַפרייטער רוסלאַנד זיינען אָנגע־קומען מיט אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיע אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווען אַמעריקע איז אַריין אין דער מלחמה, איז פאַר דער פאַרזאָרגונג פון די גייסטיקע באַדערפענישן פון די יידישע סאָלדאַטן און מאַטראָסן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און פלאָט געגרינדעט געוואָרן די „דזשואיש וועל־פעיר באָרד". א. ש. זאַקס איז איינגעלאַדן געוואָרן פון דעם פירער פון „וועלפעיר באָרד", קוירנעל קאָטלער, ווי איינער פון די שטענדיקע מיטאַר־בעטער פון אָט דער אינסטיטוציע. זיין אויפגאַבע איז געווען צו באַזוכען די קאַנטאָנמענטס (קאַזאַרמעס) און רעדן צו די יידישע רעקרוטן און זעלנער, דערמוטיקן זיי, אָנטקעגנקומען זייערע גייסטיקע באַדערפענישן (צושטעלנדיק פאַר זיי ביכער, זשורנאַלן אאַז"וו). זאַקס, דער לאַנג־יאָריקער לעקטאָר און טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט מיט אַ גרויסן דערפאָלג געווירקט אין אָט דעם אַמט, וועלכן ער האָט פאַרנומען אַ יאָר צייט.

אינצווישן, אין נאָוועמבער, 1917, איז געקומען די באַרימטע באַלפור־דעקלאַראַציע וועגן דער יידישער „נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע". דאָס האָט אויפגערודערט די מוחות און הערצער פון די יידן אין אַמעריקע, און אויך אין דער יידישער סאָציאַליסטישער וועלט האָט זיך געדרודערט און געקאָכט אַרום אָט דער פראַגע. כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען פון יענער צייט אין די סאָציאַליסטישע קרייזן איז אָט די איינלאַדונג, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע", צו אַ ריי חשובע סאָציאַליסטן, און צווישן זיי אויך א. ש. זאַקסן. אָט וואָס דאָרט איז געווען געשריבן:

**ניו־יאָרק, 12טער יאַנואַר, 1918.**

טייערער גענאָסע:

מיר, די יידישע סאָציאַליסטן, זיינען געקומען פּנים לפּנים מיט פראַגן פון דער ציון־באַוועגונג. די פראַגן פאָדערן אַן ענטפער,

ספּעציעל אין דער איצטיקער צייט צוליב אונדזער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און אָרגאַניזאַציאָנען אויף דער יידישער גאַס.

די עקזעקוטיווע פון דער פעדעראַציע, באַטראַכטנדיק עס, געפינט פאַר נויטיק איינצולאַדן די פּראָמינענטסטע יידישע געגנאָסן צו אַ באַראַטונג . . . . דעם 18טן, 5 אַזייגער, אין אָפיס פון דער פעדעראַציע צום „פאָרווערטס" בילדינג, ניינטער פלאָר.

מיר ווילן זייער גלויבן, אַז איר וועט די איינלאַדונג אָננעמען און קומען אין צייט.

מיט סאָציאַליסטישן גרוס און דאַנק אין פאָראויס.
מיט סאָציאַליסטישן גרוס — פון דער עקזעקוטיווע
(—) מאַקס לולאַב, סעקרעטער
אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע.

אָט דער בריוו ווייזט, וועלכע שטימונגען און רעגונגען האָבן באַוועגט די יידישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע קורץ נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין דער ציון־פריינטלעכער אַטמאָספערע אויף דער יידישער גאַס. צו ממשותדיקע רעזולטאַטן האָט אָבער יענע אסיפה, ווי מ'האָט געקענט דערוואַרטן, ניט געפירט, אָבער ווען אַ וועלכער ניט איז קאָנקרעטער פּלאַן וואָלט יאָ געוואָרן געבוירן געוואָרן, דאַן וואָלט זאַקס, ווי מיר וועלן זען פון זיין ווייטערדיקער לעבנס־געשיכטע, געוויס קיין פיינטלעכע שטעלונג צום פּלאַן פון אַ ווידערגעבוירענער סאָציאַליסטישער ארץ־ישראל ניט גענומען.

פון אַ פיל פּראַקטישערער באַדייטונג איז געווען אַ צווייטע קולטור־אונטערנעמונג פון דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג אין יענעם יאָר — דעם 100סטן נאָך דער געבורט פון קאַרל מאַרקס. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון „פאַראייניקטע יידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס" איז געשאַפן געוואָרן מיטן צוועק צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון קאַרל מאַרקס דורך אַ זאַמלבוך אין יידיש. זאַקס איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן און הויפּט־מיטאַרבעטער אין דעם דאָזיקן פּראָיעקט. דאָס בוך איז דערשינען צום סוף יאָר 1918, אונטער דער רעדאַקציע פון צביון (ד"ר ב. האָפמאַן). דער בוך־טיטל איז געווען „קאַרל מאַרקס — זיין לעבן, זיין ווירקן און זיינע לערן" — אַ בוך פון 192 זייטן. זאַקס האָט דאָרט געהאַט אַן אַרבעט פון 18 זייטן אויף דער טעמע: „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם". צווישן די אַנדערע מיטאַרבעטער האָבן זיך געפונען מ. ווינטשעווסקי, ה. ראָגאָף, מ. הילקוויט, וולאַדעק, יצחק אייזיק הורוויטש, ב. פייגענבוים און אַנדערע.

ג

די ערשטע פיר־פינף יאָר נאָך א. ש. זאַקסעס צוריקקער פון שיקאָגע זיינען, ווי מיר האָבן געוויזן, אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר דער אויפקלערונג און

בילדונג־אַרבעט צווישן די האַראָפּאַשנע יידישע מאַסן. מיט דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג, וואָס האָט אין יענע יאָרן דערגרייכט איר שפּיץ־פּונקט אויף דער יידישער גאַס, האָט זאַקס קיין דירעקטע באַציאונגען כמעט ניט געהאַט. אים האָט אָבער שטאַרק געצויגן צום אַרבעטער־זשורנאַליזם, און אין יענער צייט איז טאַקע אויסגעפאַלן דער אָנפאַנג פון דער יידישער וועכנטלעכער טרייד־יוניאָן־פּרעסע. אין דעצעמבער 1913 איז דערשינען דער ערשטער נומער פון אַ וואָכנצייטונג „גלייכהייט״, אָפיציעלער אָרגאַן פון דער „ליידיס וויסט און דרעסמאַכער יוניאָן, לאָק. 25״ פון דער „אינטערנעשאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן״. די „נייע פּאָסט״, אָרגאַן פון דער „דזשאָינט באָרד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן״, האָט אָנגעפאַנגען צו דערשיינען נאָך פריער — אין אַפּריל, 1910, הגם בלויז ווי אַן אומרעגלמעסיק־געדרוקטע צייטשריפט, וואָס איז ערשט שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואָכנ־שריפט. אין 1917, ווען די „גלייכהייט״ האָט געזוכט אַ נייעם רעדאַקטאָר, איז אויך זאַקסעס קאַנדידאַטור פאָרגעשלאָגן געוואָרן פון איינעם פון זיינע נאָענטע און לאַנגיאָריקע פריינט — לואיס בודין, זיין קאָלעגע פון דער „צוקונפט״־רעדאַקציע, אָבער דעמאָלט (אין 1917) שוין אַ באַקאַנטער „לאָיער״. קיין פּראַקטישן רעזולטאַט האָט אָבער יענער פאָרזוך פון אַ גרופּע פון זאַקסעס פאַרערער און פריינט ניט געהאַט.[16]

די „אינטערנעשאַנאַל״ איז אין יענע יאָרן (1914־1922) געפירט געוואָרן פון בנימין שלעזינגער (1876־1932), איינער פון די נאָענטסטע מענטשן אין „פאָרווערטס״ פון ערשטן טאָג אָן. און געוויס איז דורך דעם איינפלוס פון אב. קאַהאַן, דעם פאַרביסענעם שונא פון א. ש. זאַקס, נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן, די קעגנערשאַפט מצד די, וואָס זיי איז ניט געפעלן געוואָרן, אַז א. ש. זאַקס זאָל ווערן דער וואָרטפירער אין דעם צענטראַלן אָרגאַן פון די פרויען־באַקליידונג אַרבעטער.

אינצווישן האָט אין סוף 1917 אויסגעבראָכן די גרויסע רוסישע רעוואָ־לוציע — די סאָציאַלע איבערקערעניש, וואָס האָט, ווי אַן ערדציטערניש, אין משך פון אַ פּאָר יאָר געלאָזן צעשטערנדיקע שפּורן אין די אַלטע פּאַרטיי־גרופּירונגען און אידעאָלאָגיעס אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. כמעט אַן אויסנאַמען זיינען אַלע וואָרטזאָגער פון די יידישע אַרבעטער געוואָרן הייסע אָנהענגער פון דער העלדישער באַוועגונג, געפירט פון לענין און טראָצקי, וואָס האָט ניט בלויז איבערגעקערט די וואַקלדיקע מאַכט פון דער האַלב־ליבעראַלער, האַלב־אימפּעריאַליסטישער רעגירונג פון קערענסקי און מיליוקאָוו, נאָר האָט אויך דורך צוויי־דריי יאָר צייט אויסגעהאַלטן אַ מורא־דיקן קריג מיט אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים, אַן אינטערווענץ פון די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס האָבן געוואָלט דערשטיקן דאָס נייע רוסלאַנד, און איר רעגירונג פון אַרבעטער און פויערים, דורך אַ „סאָ־

ניטאַרן קאָרדאָן" פון אַ בלאָקאַדע און אַפילו דורך בלוטיקע אָנגריפן פון אַלערליי עקספּעדיציע־אַרמייען אין צפון, מזרח, דרום און מערב. און אויך זאַקס האָט אין יענער צייט (1918־1920) געטיילט די הערשנדיקע באַגייס־טערונג פון דער פּראָגרעסיווער יידישער געזעלשאַפט בכלל, און פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער בפרט פאַר דער נייער רוסלאַנד. זיינע געפילן און אָנזיכטן פון יענע יאָרן אין באַצוג צום רויטן רוסלאַנד האָט ער גוט איבער־געגעבן אין דעם שלוס־וואָרט פון זיין היסטאָריש־וויסנשאַפטלעכן בוך „די פּאַריזער קאָמונע", וואָס איז אין פאַרבינדונג מיטן יובל פון דער גרויסער פּאַריזער רעוואָלוציע פון 1871 דערשינען אין אָנפאַנג 1921.[17] מיר וועלן פון יענעם „שלוס־וואָרט" דאָ ציטירן די וויכטיקסטע שטעלעס:

די פּאַריזער קאָמונע איז ניט פאַרלוירן. זי האָט געהאַט אַ ניי־דערלאַגע, אַ גרויסע, אַ בלוטיקע, אָבער נאָר ווי אַ נידערלאַגע, זי איז נאָך 50 יאָר צוריקגעקומען צו זיך און איז אַרויסגעטראָטן מיט מער כוחות און אונטער בעסערע אומשטענדן.

די קאָמונאַרן זיינען ברוטאַל דערמאָרדעט געוואָרן, אָבער די אי־דייעס פון דער קאָמונע זיינען ניט אָפּגעשטאָרבן מיט זיי צוזאַמען. זיי זיינען אַרויס אויף דער סצענע פון דער וועלט־געשיכטע אין אַ קלערער, בעסער־פאָרמולירטער פאָרמע.

די זאַמען, וואָס די קאָמונאַרן האָבן מיט די בלוט פון זייערע אָדערן און מיטן מאַרך פון זייערע מוחות געוווייקט מיט פופציק יאָר צוריק, זיינען איצט אויפגעגאַנגען און פאַרנעמען אַ סך, אַ סך גרעסערן שטח ווי אין יאָר 1871.

אין די פּאַסירונגען אין רוסלאַנד קען מען זען אין אַ פּאַגרעסער־טער און אין אַ מער בולטער, בעסער קריסטאַליזירטער פאָרמע די אומקלאָרע, מטושטשע געדאַנקען און שטרעמונגען פון די פּאַריזער קאָמונאַרן. (באַמערקונג פון מיר — ה. פּ.).

מיט 50 יאָר צוריק זיינען די אידעען נאָך געווען אין זייער עמ־בריאָנאַלן צושטאַנד און דערביי זיינען זיי געווען אַזוי פאַרשלייערט, אַזוי צעפּיצלט.

דער עמבריאָ איז אין פאַרלויף פון 50 יאָר אויסגעוואַקסן אין אַ שטאַרקן אָרגאַניזם, מיט שטאַרקע, קרעפטיקע מוסקולן און נערוון און מיט אַ פעאיקן קאָפּ.

די אידייעס פון פרייהייט, וועלכע האָבן אין אַן אומבאַוואוסטער מטושטשער פאָרמע באַגייסטערט די פּאַריזער באַפעלקערונג פון 1871, זיינען איצט געוואָרן די נשמה פונם אַלוועלטלעכן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

ווי מיר זעען, איז זאַקס דעמאָלט פעסט געווען איבערצייגט, אַז די רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געווען די יורשטע פון דער פּאַריזער קאָמונע און האָט פאַרגעזעצט איר היסטאָרישע און רעוואָלוציאָנערע מיסיע. אַ דיי־רעקטע ליניע פון אַן אומאונטערבראָכענער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער טראַדיציע האָט זאַקס אַלזאָ געזען אין די קאַרגע 50 יאָר פון סאָציאַליסטישן קאַמף, פון די צוויי דורות וועלט־געשיכטע, וואָס איז פאַרלאָפן פון דעם בלוטיקן אויסברוך פון פאָלק־צאָרן און העלדישן קאַמף־מוט אין פּאַריז אין די פרילינג־טעג פון 1871 ביז דער וועלט־געשיכטלעכער איבערקערעניש אין רוסלאַנד אין שפּעטן הערבסט פון יאָר 1917. דעם אָפּקלאַנג פון אָט אַזאַ אָנזיכט הערט מען אַרויס אַפילו פון דעם אונטערטיטל אויפן שער־בלאַט פון זאַקסעס „פּאַריזער קאָמונע", וואָס לייענט זיך אַזוי: געשיכטע פון דער ערשטער רעגירונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

## הערות צום קאַפּיטל 8

1. אין אַ בריוו פון 28טן סעפּט., 1912 פון פּראָפ' י. ליפמאַן, דיען פון דער אָפּ־טיילונג פון באָדן־כעמיע און באַקטעריאָלאָגיע, צו א. ש. זאַקסן לאַדט ער אים איין צו קומען צו אים אין אָפיס און דאָרט אַרומרעדן די פּלענער וואָס זאַקס האָט אין זינען.

2. א. ש. זאַקס: די געשיכטע פון אַרבעטער־רינג (1892־1925), 2טער באַנד, ז' 448.

3. דאָרטן, ז' 530.

4. דאָרטן, ז' 533.

5. דאָרטן, ז' 534.

6. דער פּראָגראַם־אַרטיקל איז איבערגעדרוקט אין א. ש. זאַקסעס אַרבעטער־רינג־געשיכטע, ז"ז 477־478.

7. דאָרטן, ז' 567.

8. „דער פריינד", דעצעמבער, 1913 (אין דער דערקלערונג פון דער פּרעס־קאָמיטע).

9. א. ש. זאַקס: געשיכטע פון אַרבעטער־רינג, ז' 568.

10. אין אַ בריוו פון 26טן דעצעמבער, 1913, שרייבט י. וו. פּינקוס צו זאַקסן וועגן אַן אינטערוויו וואָס האָט געזאָלט צווישן זיי ביידע פאָרקומען אין אָפיס פון פּראָפעסאָר סאַבסאָוויטש, באַקאַנטער יידישער אַגראָנאָם און פּיאָנער פון דער קאָלאָניזאַציע אין דרום ניו־דזשוירזי אין די 1880ער און 1890ער יאָרן, און שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער שול אין וואודביין, נ. דזש., וואָס האָט עקזיסטירט אויף די מיטלען פון באַראָן הירש־פאָנד ביז 1918.

11. א. ש. זאַקס: געשיכטע פון אַרבעטער־רינג, ז' 490.

12. דאָרטן, ז' 496.

13. דאָרטן, ז' 497.

14. דאָרטן, ז' 500.

15. דאָרטן, ז' 583.

16. אין אַ בריוו, פון 3טן יוני, 1917, שרייבט בודין צו זאַקסן אָט וואָס:

A Committee of the Ladies Waist Makers Union has consulted me with reference to an editor of the Gleichheit and I have taken the liberty to submit your name. As I expect to be acted upon favorably by the Union, would request you to give the matter your favorable consideration.

17. א. ש. זאַקס: די פּאַריזער קאָמונע (געשיכטע פון דער ערשטער רעגירונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע), אַרויסגעגעבן פון מאַרקס ליטעראַטור־געזעלשאַפט און פאַרלאַג „נייע וועלט", ניו־יאָרק, 1921, ז"ז 207.

# IX

# די ערשטע נאָך־מלחמה יאָרן

## א

נאָך אַ פינף־יאָריקער שטענדיקער מיטאַרבעט אין דער גרויסער טעג־לעכער צייטונג „דער טאָג", האָט א. ש. זאַקס, אין סוף 1918, די דאָזיקע שטעלע פאַרלאָזן און איז אַריבערגעגאַנגען אויף אַ זייער געהויבענעם פּאָסטן אין אַ נייעם פּרעסע־אָרגאַן. דאָס איז געווען די צייטונג „היינט" אונטער דער רעדאַקציע פון באַקאַנטן אַמעריקאַניש־יידישן זשורנאַליסט הערמאַן בערנשטיין (געשט. 1935) און אַרויסגעגעבן פון אַ פאַרמעגלעכן געשעפטס־מאַן (ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער צייטונג־פאַרלעגער) יעקב האָלצמאַן (געשט. אין 1940). זאַקסן האָט דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער צוגעטיילט אַ לייטנדיקע שטעלונג אין דעם רעדאַקציע־שטאַב. שוין אינם אינהאַלט און טאָן פון דער צייטונג־פּראָגראַם, ווי זי איז דערשינען אין די געדרוקטע פּראָספּעקטן, שפּירט זיך קלאָר דער איינפלוס פון זאַקסעס אידייען־גאַנג און זיין קוק אויף אונדזערע קהלשע ענינים. מיר וועלן דאָ ברענגען דעם אָנ־פאַנג־טייל פון אָט דער פּראָגראַם:

### „היינט"

### די נייע גרויסע טעגלעכע יידישע צייטונג.

אין דעם גרויסן קערפּערלעכן און גייסטיקן קריזיס, וואָס אונדזער פאָלק לעבט איצט איבער, האָט זיך שטאַרקער ווי אַלע מאָל געפילט די באַדערפעניש אין אַן אמת־פרייער, אומפּאַרטייאישער און דורכאויס־יידישער צייטונג.

עס האָט געפעלט אַ צייטונג, וואָס זאָל שטיין גענוג פעסט אויף איר אייגענעם יידישן גרונד, אַז זי זאָל נישט צוטומעלט ווערן פון די שטורמדיגע געשעהענישן און פאַרנעהמען די אינטערעסן פון אונ־זער פאָלק צוליב די נויגונגען צו דעם אָדער יענעם צד אין די פּאָ־ליטישע און סאָציאַלע מלחמות.

עס האָט געפעלט אַ צייטונג, וואָס זאָל זיין אַזוי אומאָפּהענגיג אין איר קאַמף פאַר אַ פריי און גאַנץ אידיש לעבן, אַז קיינע פּאַרפליכטונגען צו אַ פּאַרטיי, גרופּע אָדער אינסטיטוציע זאָלן איר ניט שטערן אַרויס־צושטעלן דעם אמת פון ליגן און דאָס אידעאַלע פון פּריוואַטע אינ־טערעסן אין יעדער ערשיינונג פון דעם גרויסן און פאַרצווייגטען קאַמף, וואָס דאָס אידישע פאָלק פירט אָן.

די באַדערפעניש אין אַזאַ צייטונג האָט געפילט די יידישע אינ־טעליגענץ און אַלע די פון דער יידישער מאַסע, ביי וועמען דער חוש פאַר דעם עכטען און געזונטען איז ניט פאַרטעמפּט געוואָרן אין די שטורמס און אומגליקען, וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט.

דער רעדאַקטאָר, הערמאַן בערנשטיין, האָט צוגעצויגן די בעסטע זשור־נאַליסטישע און פובליציסטישע קרעפטן צו דער צייטונג, ווי שלום אַש, משה כץ (וועלכער איז דעמאָלט געקומען פון רוסלאַנד, וואו ער האָט מיטגעמאַכט דעם רעוואָלוציע־פּעריאָד), י. אַפּאַטאָשו, משה נאַדיר און אַ סך אַנדערע. דאָך האָט די צייטונג, וואָס איר ערשטער נומער איז דערשינען דעם 1טן יאַנואַר 1920, ניט געלעבט מער ווי א פּאָר הדשים צייט.[1]

זאַקס פלעגט שרייבן רעגלמעסיק לייט־אַרטיקלען און אונטערגעשרי־בענע אַרטיקלען. פון זיין „עדיטאָריעל" אין לינקאָלן־טאָג נומער וועלן מיר דאָ ברענגען אַ פּאָר פּאַראַגראַפן, כדי צו געבן אַ ביישפּיל פון דעם הויכן ליטעראַרישן און פובליציסטישן טאָן, וועלכן ער האָט איינגעפירט אין אָט דער זויבערער, ערלעכער און פאַראַנטוואָרטלעכער צייטונג, וואָס האָט גע־זאָלט זיין „די היים פאַרן יידישן געדאַנק". אין לייטאַרטיקל, וואָס הייסט „אַמעריקא פון לינקאָלן", לייענען מיר:

אַמעריקא האָט צוויי מאָל דורכגעלעבט דעם רעוואָלוציאָנערען באַפרייענדען ענטוזיאַזם. און דאָס צווייטע מאָל איז נאָך וויכטיגער געוועזן: די טרעגערין פון דער צווייטער רעוואָלוציע איז געוועזן די אַמעריקאַנער רעגירונג אַליין. די באַגייסטערונג פאַר די „איינגעבאָ־רענע רעכט פון מענטשן" — די נשמה פון יעדער רעוואָלוציע — האָט געקראָגן אַן אָפיציעלן הכשר, איז געשטעמפּעלט געוואָרן אַלס אַמערי־קעס אייגנטום און איז געבליבן אַ ירושה פאַר אַלע שפּעטערדיקע דורות אַמעריקאַנער.

און דאָס איז אַמעריקאַניזם. עס איז ניט קיין פוסטער באַגריף. עס איז דער גלויבן פון יעדער רעוואָלוציע און די אַלבאַגליקנדע, אַל־ערלייזענדע „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט", עס איז אַן איינרעדעניש און אַ פאַרבלענדעניש אפשר, אַז אַזוי גיך ווי די

פּרינציפּן זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרן, זיינען אַלע סאָציאַלע פּראָב־לעמען געלייזט, אָבער אַ הייליגער גלויבען איז עס דאָך. און אין אַמע־ריקא איז דער גלויבען נאָך עד היום אַ לעבעדיגע, וועקענדע קראַפט.

אין אַמעריקא איז יענער ריינער עכטער ליבעראַליזם, וואָס איז איניגסט פאַרבונדען מיט רעוואָלוציע, מיט איהר גלויבען אין די אַל־בעגליקענדע, אַל־ערלייזענדע „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכ־קייט", מיט איהר עהרפורכט פאַר די איינגעבאָרענע מענטשען־רעכט — יענער ליבעראַליזם איז נאָך דאָ. ער רופט זיך אַמעריקאַנזים און געהט אויפ'ן נאָמען פון וואַשינגטאָן און לינקאָלן.

אין אָנהייב 1920 האָט מען אין אַמעריקע זיך געריכט אויף אַ באַלדיקן שלום צווישן די „עלאַיס" (פראַנקרייך און ענגלאַנד) און אַמעריקע, פון איין זייט, און סאָוועט־רוסלאַנד פון דער צווייטער זייט. זאַקס האָט, פאַרשטייט זיך, וואַרעם באַגריסט יעדן סימן פון אמתן שלום נאָך דער מוראדיקער פעלקער־שחיטה. ער איז אפשר געווען צו אָפּטימיסטיש, און האָט געמיינט, אַז דער שלום „שטייט שוין הינטערן טיר און מיר מעגן אים געבן אַ שיינעם ברוך־הבא".[2]

אָבער גאָר באַזונדערס האָט דער קומענדיקער שלום אים אינטערעסירט אין שייכות מיט די יידישע פּראָבלעמען, און אין אַן אַרטיקעל „נייע יידישע פּראָבלעמען" („היינט", 4טער פעברואַר, 1920) שטעלט ער זיך אויספירלעך אָפּ אויף דער נייער סיטואַציע, אין וועלכער די מלחמה און אירע נאָכוויי־ענישן האָבן אַריינגעטריבן דעם גרעסטן און וויכטיקסטן יידישן קבוץ אין אייראָפּע — די רוסישע יידן. אָט וואָס ער האָט וועגן דעם צו זאָגן, צווישן אַנדערע אָנזיכטן און אורטיילונגען וועגן יידישע פּראָגנאָזעס:

„פאַר אונז איז דאָ איצט וויכטיג צו זעהן, ווי ווייט דער נויטווענ־דיגער און אונפאַרמיידליכער שלום מיט די סאָוויעטען וועט ווירקען אויף דאָס אידיש לעבען דאָ אין אַמעריקא און אויף יענעם זייט ים.

אין עקאָנאָמישען פּרט וועלען אָהן שום צווייפעל די אידען אַ סך געווינען פון דעם, וואָס די גרענעצען וועלען זיך עפענען. דער מסחר צווישען אַמעריקא און רוסלאַנד און די אַנדערע שכנה'שע מדינות, ווי ליטא, ליפלאַנד און עסטלאַנד וועט געוויס געפיהרט ווערען מערה־סטען דורך אידען. אידען זיינען מעהר באַקאַנט מיט די באַדינגונגען און מיט די שפּראַכען פון אָט די לענדער. דער אַמעריקאַניזירטער איד איז מיט צעהנדליגער פאַמיליען־פעדים פאַרבונדען מיט יענע לענדער. איהם וועט זיין זעהר לייכט צו פאַרקניפּען געשעפטס־פאַר־בינדונגען. דער גרעסטער טייל פון אימפּאָרט און עקספּאָרט וועט

ליגען ביי אידען. דער אידישער עקאָנאָמישער מצב וועט דורך דעם שלום מיט די סאָוויעטען געוויס געהויבען ווערען. אידען האָבען פון דער מלחמה געליטען עקאָנאָמיש מעהר ווי אַלע אַנדערע פעלקער. זייער פרנסה־בוים איז אינגאַנצען אָפּגעהאַקט געוואָרען דורך דער מלחמה. מיט דעם סוף פון דער מלחמה, ווען דער פרידליכער פאַר־קער צווישען לענדער און פעלקער וועט צוריק איינגעפיהרט ווערען, וועלען די אידען זיין די ערשטע צו פּראָפּיטירען פון דעם.

אָבער נאָך מעהר ווי עקאָנאָמיש וועלען די אידען זעהר פיעל גע־ווינען קולטורעל.

אין די לעצטע פינסטערע יאָהרען האָבען די פאַרשידענע צע־זייהטע און צעשפּרייטע טיילען פון אידישען פאָלק ענטוויקעלט אויף זייערע ערטער אַ גרויסע מינדליכע און שריפטליכע קולטורעלע אַר־בעט. שוהלען, פאָלקס־אוניווערזיטעטען, סעמינאַרס פון איין זייט; ביכער איבער אַלע צווייגען פון מענטשליכען דענקען — פון דער צווייטער זייט. יעדער אידישער קיבוץ האָט זיך ענטוויקעלט אין אַ זעלבסטשטענדיגען, זעלבסט־פאַרזאָרגטען אָרגאַניזם. עס וועט נויטיג זיין צו שאַפען אַ מין צעמענט וואָס זאָל אַלעמען פאַראייניגען, אַלעמען פאַרבינדען. דער תוך פון אונזער עקזיסטענץ איז געווען די גייסטיגע אַרבעט, דאָס פאַרטיפען זיך אין דער אייגענער נשמה, און אָט דאָס נשמה־לעבען וועט זיין שעהנער און אינהאַלטסרייכער, ווען די פאַר־שידענע גלידער פון אונזער פאַגראָמירטען, צעוועהטיגטען קערפּער וועלען זיך באַהעפטען און אַרבייטען אין הסכם צווישען זיך".

וועגן די רוסישע ענינים האָט זאַקס אין יענער צייט געשריבן אויך אין דער ניו־יאָרקער דייטשישער „פאָלקס־צייטונג" (אין די יאָרן 1920־1921) און ביים רעדאַקטאָר פון יענער אַלטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער וואָכנשריפט, לודוויג לאָרע, איז די מיטאַרבעט פון א. ש. זאַקסן געווען זייער אָנגעלייגט. אין 1922, ווען די קאָמוניסטישע „פרייהייט" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען, איז זאַקס געווען איינער פון די ערשטע מיטאַרבעטער פון דער צייטונג, אָבער זיין מיטאַרבעטערשאַפט האָט דאָרט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן.

ב

נאָכן אונטערגאַנג פון דער טעגלעכער צייטונג „היינט", אין פרילינג 1920, האָט זאַקס זיינע באַציאונגען מיטן אַרויסגעבער, יעקב האַלצמאַן, ניט איבערגעריסן. ער האָט געזוכט צו רעאָרגאַניזירן די גאַנצע אונטערנעמונג און דערוויילֿ, ביז עס וועט זיך שאַפן אַ פעסטער יסוד פאַר אַ נייער פּראָגרע־

סיווער און רײנער יידישער טעגלעכער צייטונג, האָט זאַקס געהאַט בדעה, צוזאַמען מיט י. האַלצמאַנען אַלס פאַרלעגער, צו גרינדן אַ נייע וואָכנשריפט, אַן אומאָפּהענגיקע און פרייע טריבונע. די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך פאַר־צויגן אויף אַ יאָר אָדער צוויי, און ערשט אין נאָוועמבער 1921 זיינען אונ־טערגענומען געוואָרן ממשותדיקע טריט דעם פּלאַן פון אַ נייער וואָכן־צייטונג — „היינט" — צו פאַרווירקלעכן. ס'איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן י. האַלצמאַן, פּרעזידענט פון דער פּאָבלישינג קאָמפּאַניע, און א. ש. זאַקס, אַלס רעדאַקטאָר, ז. טיגעל, אַסיסטענט־רעדאַקטאָר, א. מ. גרינ־שטיין, טרעזשורער, און מר. האָפּמאַן. אַ נייער מיטגליד אין דער קאָמפּאַני האָט ניט געטאָרט אָנגענומען ווערן, סיידן די אויבנדערמאָנטע פינף מיט־גלידער גיבן אויף אים זייער הסכמה.

דער צוועק פון דער צייטונג, לויטן נוסח פון שריפטלעכן אָפּמאַך־אָנט־וואורף, איז געווען „צו דינען אויסשליסלעך די אינטערעסן פון יידישן פאָלק אויף דער יידישער שפּראַך". די ריכטונג פון דער צייטונג האָט געדאַרפט באַשטימט ווערן פון א. ש. זאַקס, איר רעדאַקטאָר. ער אַליין האָט געהאַט צו זאָגן איבער דעם אינהאַלט פון דער צייטונג און דעם האָנאָראָר פאַר די מיטאַרבעטער. די צייטונג האָט געדאַרפט דערשיינען דעם 31טן דעצעמבער און דער אָפיס פון דער צייטונג האָט געדאַרפט אָנפאַנגען צו פונקציאָנירן דעם 1טן נאָוועמבער. ביז צו יענער צייט האָט י. האַלצמאַן געדאַרפט איינ־צאָלן אַ העלפט פון דעם פאָנד — $5,000; די צווייטע העלפט (נאָך $5,000) האָט י. האַלצמאַן געזאָלט צושטעלן ביזן 1טן מאַי 1922.

דעם 1טן יאַנואַר 1922 איז דערשינען דער „היינט" אַלס אַ „וואָכנ־שריפט פאַר צייט־פראַגעס, יידישער און אַלגעמיינער וויסנשאַפט, ליטעראַ־טור, קונסט און קריטיק". דער נומער האָט געהאַלטן 14 זייטן פון גרויסן צייטונג־פאָרמאַט. א. ש. זאַקס האָט איינגעלאַדן מיטצואַרבעטן די בעסטע יידישע ליטעראַרישע כוחות אויף ביידע זייטן ים. אין ערשטן נומער האָבן זיך באַטייליקט אַלטע און יונגע באַרימטע שרייבער, ווי ד"ר יצחק אייזיק הורוויטש, מרדכי ספּעקטאָר, יהואש, י. אַפּאָטאָשו, מנחם, יעקב מילך, ד"ר יהודה קויפמאַן און אַנדערע.

זיינע „רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן", אויף דער ערשטער זייט, האָט א. ש. זאַקס אָנגעפאַנגען אָט אַזוי:

> דער איצטיקער נומער „היינט" איז ניט דער ערשטער פון אונדזער וואָכנשריפט, וואָס וועט אָנפאַנגען ערשיינען רעגעלמעסיג יעדע וואָך פונם ערשטען פעברואַר, 1922.
>
> דער היינטיקער „היינט" איז ניט מעהר ווי אַ מבשר, אַן אָנזאָגער פון אונזער וויסענשאַפטליך־ליטעראַרישער אונטערנעמונג.

אויב איהר ווילט, רופט עס „פּראָבע נומער“. ער וויל מעהר אָדער ווייניגער געבען אַ באַגריף איבער דעם אינהאַלט פון די ווייטערדיגע נומערן ווי אויך איבער די מיטאַרבייטער, וועלכע וועלן אונז העלפן.

פון דעם לאַנגן פּראָגראַם־אַרטיקל „וואָס מיר ווילען“ וועלן מיר דאָ ברענגען די וויכטיקסטע און אינטערעסאַנטסטע שטעלעס.

מיר ווילען אין דעם „היינט“ זאָגען דעם אמת און אַנטוויזען אויף דעם שקר, וואָס געוועלטיגט אין אונזער לעבען, אין דער פּרעסע און אין דער ליטעראַטור.

דאָס, פאַרשטייט זיך, איז ניט אַזוי לייכט צו טאָן.

דער אמת איז גאַנץ אָפט דורכגעוועבט מיט פעדים פון שקר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר ווילען שאַפען אַן אונאָפּהענגיגע, פרייע, רייגע, שעהנע פלאַט־פאָרמע, וואו פאַרשידענע אמת׳ן זאָלען דיסקוטירט און אַרומגערעדט ווערען... מיר ווילען קאָנצענטרירען פאַרשידענע שעפערישע כחות פון אונזער עם הספר, וואָס לעבט איצט איבער אַזאַ שווערען קריזיס אין זיין נשמה און גוף.

מיר פאַנגען אָן דעריבער אַרויסצוגעבען דעם „היינט“, ווייל מיר האָפען, אַז אויף זיינע שפּאַלטען וועט דער שרייבער אָפען, אָהן צוליבס און אָהן פניות און אָהן הינטערגעדאַנקען קענען ריידן אַלץ, וואָס איהם דיקטירט זיין וויסען און זיין געוויסען.

און נור מענטשן מיט וויסען און געוויסען וועלען קומען ביי אונז צום וואָרט.

דער „היינט“ וועט זיין געווידמעט דער אידישער און אַלגעמיינער קולטור — קולטור אין אַלע איהרע פאַרשידענע פאָרמען און שאַטי־רונגען.

אין די לעצטע פאַר צענדליג יאָהר זיינען מיר באַרייכערט גע־וואָרען מיט אָריגינעלע אידישע דענקער און וויסנשאַפטס־מענער, וועלכע דענקען אידיש, שרייבען אידיש און ריידען אידיש. זיי האָבען זיך ניט וואו אַהינצוטאָן. דער פאָדערשטער טייל פון די אידישע מאַסען, די פאָלקס־אינטעליגענץ, איז שטענדיג מקבל־פנים מיט אַ געפיהל פון דרך ארץ יעדען ערנסט וויסענשאַפטליכען וואָרט, יעדען נייעם אָריגינעלען געדאַנק. ביי אונזערע איינגעפונדעוועטע אויסגע־בען הערשט אָבער אַ מין זאַרגלאָזע, גלייכגילטיגע, טיילוויז אומפאַר־אַנטוואָרטליכע באַציאונג צו אַ וויסענשאַפטליכען ענין. יעדער איי־נער קען דורך אַ צד אין טיש ווערען איבער נאַכט אַ געלערטער אויף

אַלע געביטען, אַ ידען אין אַלע זיבען חכמות און אַ קענער פון אַלע זיבעציג לשונות, אין דער אייגענער צייט שוועבט נאָך דער אַלטמאָדישער מה־יפות גייסט, זיך צו בוקען פאַר אַלץ, וואָס מען זעהט ביי „זיי", ביי די אומות העולם. נאָך עד־היום איז אַ מנהג צו שטעהן אָהן אַ היטעל פאַר די, וועלכע רייבען זיך אַרום די פרעמד־שפּראַכיגע ליטעראַטורען. עס פעהלט די אייגענע אורטיילונגס־קראַפט, און דעריבער נעמט מען אָן, אַז דאָרטען איז אַלץ אָריגינעל, וויסענשאַפטליך, און ביי אונז איז אַלץ נאָכגעמאַכט, איבערגעפּלאַפּלעט, אין בעסטען פאַל, פּאָפּולאַריזירט.

אַ סך פון אונזער אידישער אינטעליגענץ, געטריבען פון דעם נאַטירליכען און באַרעכטיגטען דראַנג צו האָבען פאַר זיך אַן אודיטאָריע, זיינען געוועזן געצוואונגען אָוועקצוגעהן פון אונזערע אידישע רייהען, פּשוט דערפאַר, ווייל ס'פעהלט די טריבונע, די סביבה, די אַטמאָספערע, וואָס איז אַזוי וויכטיג פאַר יעדען איינעם, וואָס דענקט, פאָרשט און זוכט צו דערגעהן דעם אמת. אַ דענקער פיהלט אַ נויטווענדיגקייט זיך צו טיילען מיט די געדאַנקען, וויסענשאַפטליכע חדושים, השערות און סברות.

אַזאַ טריבונע, אַזאַ שטענדער וועלען מיר בויען דורך דעם „היינט".

מיר האָפען מיט זיין הילף צו שטאַרקען דעם אָפּגעטעמפּטען חוש פאַר'ן וויסענשאַפטליכען אמת, אַרויסרופען דעם תענוג פון זעלבסטשטענדיגען וויסענשאַפטליכען פאָרשען, דערוועקען אַ ליבע צו דער נאַטור און אַכטונג צום מענטשען. די הפקרות און עם־הארצות, וואָס האָבען זיך אַזוי ברייטליך פאַנאַנדערגעשפּרייט אויף אונזער אידישער גאַס, וועלען במילא פאַרלירען זייער איינפלוס — — — — — — — — —

מעהר באַדען, מעהר לופט און ליכט פאַר אונזערע עלטערע און מעהר וואַרעמקייט, אַ גרעסערע ענטוויקלונגס־מעגליכקייט פאַר די יונגע שפּראָצונגען — אָט וואָס מיר ווילען דערגרייכען מיט'ן „היינט".

דער „היינט" וועט זיך אָפּגעבען מיט אידישער וויסענשאַפט.

ניט טאַנצענדיג מה־יפית פאַר די ניט־אידען, אָדער פאַר די ניט־אידיש־ריידענדיגע, זיינען מיר אָבער גאַנץ ווייט פונ'ם שאָוויניזם, אַז אַלץ וואָס ביי אונז — איז גוט און כשר, און ביי זיי איז אַלץ טריף. מיר ווייסען, אַז אין דער ניט־אידישער וועלט זיינען פאַראַן אַ סך געלערנטע, ביי וועמען מען מוז זיך לערנען; עס זיינען אָנגעקליבען אַ סך אוצרות, פון וועלכע מיר קענען האָבען גרויסע נוצען, און פּונקט ווי אונזער „היינט" וועט אָפּגעבען פּלאַץ פאַר אידישער וויסענשאַפט, געשאַפען און ענטוויקעלט פון אידישען גייסט, וועט ער ניט ווייניגער געבען וויסענשאַפט אין אידיש, כדי דער איד זאָל זיך באַקענען מיט

אַלע ענטדעקונגען, ריכטונגען און גייסטיגע שטרעמונגען אין דער ניט־אידישער וועלט — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער „היינט" וועט, אַזוי ווי פאַר וויסענשאַפט, אָפּגעבען אַ סך פּלאַץ פאַר דער אידישער ליטעראַטור און ליטעראַטור אין אידיש.

מיר האַלטען ניט, אַז די שעהנע ליטעראַטור איז אַלץ, אַז נאָר אין דער שעהנער ליטעראַטור ליגט פאַרבאָרגען דער כח היצירה. מיר האַלטען אָבער, אַז די שעהנע ליטעראַטור איז אַ וויכטיג קינד פון דעם אידישען שעפּפערישען גייסט. אויב מיר האַלטען ניט, אַז די שעהנע ליטעראַטור אין איהרע פאַרשידענע פאָרמען און אַטריבוטען איז די, עס הייסט די איינציגע קולטור, וואָס מיר פאַרמאָגען, האַלטען מיר אָבער, אַז זי פאַרנעמט איינעם פון די וויכטיגסטע ערטער אין אונזער קולטור־לעבען און עס פאַרשטעהט זיך, אַז דער „היינט", וואָס האָט דעם ציל צו וועקען און פאַרטיפען דעם געדאַנק און צו פאַר־פיינערען דעם געשמאַק, וועט געבען דאָס בעסטע, וואָס ווערט גע־שאַפען פון אונזערע קינסטלער און דיכטער.

מיר ווילען אָבער גלייך מודיע זיין, אַז מיר זיינען דערביי ניט געבונדען צו אַ געוויסער ריכטונג. ניט צו די „יונגע" און ניט צו די „אַלטע" — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַלץ וואָס איז טאַלאַנטלאָז איז פאַרוועלקט, אַלט און אָפּגעשטאָר־בען און דאָס, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון שאַפען, וואָס איז טאַלאַנטפול, איז גוט, איז יונג.

* * *

אין די שווערסטע צייטען פון דער אידישער טויזענטיעהריגער געשיכטע, ווען די געגענוואַרט איז געווען צרה'דיג, פאַר'חושך'ט, האָט דער איד מיט מעהר כוח גענומען וועבען די פעדים, וואָס בינדען צו־זאַמען די פאַרגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט. ער האָט זיך גענומען פאַר זיינע גייסטיגע אוצרות, אַראָפּגעטרייסעלט פון זיי דעם אַלטען אָנגעקליבענעם שטויב, זיי באַנייט און אָפּגעפרישט מיט נייע רייכ־טימער.

דאָס מוזען מיר אויך טאָן איצט. און מיט מעהר כח און התמדה. די אידישע געגענוואַרט איז אַזוי שלעכט, אַזוי ביטער, אַז נור פון אונזער שעהנער פאַרגאַנגענהייט קענען מיר שעפּען חיות און נור אין דער האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט קענען מיר געפינען אַ טרייסט.

מיר מוזען זאַמלען אַלץ, וואָס איז גוט, געזונט, שעהן און שטאַרק פון אונזער ערד און בויען פון זיי דעם פונדאַמענט פאַר דער צוקונפט.

מיר ווילען קלייבען די אַלטע ווערטען, זיי איבערקוקען, זיי אי־
בערשאַצען, אַרויסנעמען דעם קערן פון שאָלעכץ, אָפּזונדערען דעם
שטרוי פון שפּריי, אָפּקלייבען דאָס געזונטע פון דעם פאַרפוילטען.
אונזער איצטיג וואָכעדיג לעבען וועט ווערען געהויבענער, יום־טוב׳־
דיגער; אונזער פאַר׳חושך׳ט פּנים וועט אויסקוקען שעהנער. דער
עבר וועט אונז באַ׳חנ׳ען און די צוקונפט וועט אונז באַגייסטערען.
מיר מוזען פאַרלענגערען אונזער גייסטיגע קייט מיט נייע רינגען.
מיר מוזען אונטערהאַלטען מיט אַ נייעם קנייטעל דעם נר־תמיד,
וואָס האָט אונז געלויכטען און געוואַרעמט אין די פינסטערסטע, קעלט־
סטע טעג פון אונזער גלות.
דאָס האָפען מיר צו טאָן דורכ׳ן „היינט״.
דער „היינט״ וועט פאַרבינדען די פאַרגאַנגענהייט מיט דער
צוקונפט.

דעם שווער־פּונקט פון אָט דער היפּש גרויסער פּראָגראַם דאַרף מען זוכן, ווי מיר זעען, אין דער קולטור־אויפגאַבע פון דער נייער וואָכנשריפט און ניט אין דעם סאָציאַל־קעמפערישן עלעמענט. מיט קיין וואָרט ווערט ניט דאָ נישט דערמאָנט דער סאָציאַליזם, די סאָציאַלע פראַגע בכלל. פון די 25 נעמען פון אַרטיקלען און שרייבער, וואָס גייען אַריין אין נומער, און דאָ בלויז איינער, וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות צו אַרבעטער־פּראָבלעמען. דאָס איז אַן אַרטיקעל פון מלך עפּשטיין, אויף דער טעמע: „דאָס יאָהר 1921 און די אידישע אַרבייטערשאַפט. (פולער אינהאַלט פון נומער ווערט געדרוקט אַלס ביילאַגע צום קאַפּיטל.)

מסתמא האָט די גייסטיקע אַטמאָספערע אין יענער צייט, די ערשטע סימנים פון ברודער־קאַמף צווישן די „רעכטע״ און „לינקע״ יידישע סאָציאַ־ליסטן, שוין געוואָרפן אַ שטיקל שאָטן פון די אָנקומענדיקע זייער ביטערע שטרייטן און רייסערייען, און כדי צו פאַרמיידן דעם חשד אַז דער „היינט״ וועט זיין מער געבייגט צו איין פראַקציע ווי צו אַן אַנדערער (למשל, אין דעם סכסוך צווישן די פּועלי־ציון מיט זייער טעגלעכער צייטונג „די צייט״, וואָס פלעגט דעמאָלט דערשיינען, און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיטן „פאָרווערטס״), האָט א. ש. זאַקס אפשר געהאַלטן פאַר ריכטיק בכלל זיך מאַכן ניט וויסנדיק פון דעם ברענענדיקן ענין אין יענעם מאָמענט, ווען ס׳זיינען נאָך געווען פריש אין זכרון די גזירות פון פאַלמערן אויף די „רויטע״, — נעמלעך, פון דער פראַגע פון סאָציאַלער באַפרייאונג און קלאַסן־קריג אין דער היינטיקער געזעלשאַפט.

און אַז דער אינטערעס צו קולטור־פּראָבלעמען איז ביי זאַקסן דעמאָלט געווען אַ רייך־פלאַטאַנישער, זעט מען פון זיינער אַן אינטערעסאַנטער הערה

צו אַ קאַפּיטל פון יהואשס תנ״ך־איבערזעצונג (פון דניאל — „מנא מנא תקל ופרסין״), וואָס ווערט אין יענעם נומער אָפּגעדרוקט. אָט די באַמערקונג ווייזט גאַנץ דייטלעך און קאָנקרעט, ווי הויך א. ש. זאַקס האָט געשאַצט די אַלטע ליטעראַטור און בפרט דעם תנ״ך, און מיט וואָס פאַר אַ חשיבות ער האָט זיך פאַרהאַלטן צום יהואשס פאַריידישונג פון גאַנצן תנ״ך. אָט וואָס רעדאַקטאָר זאַקס האָט דאָרט געשריבן:

מיר פיהלען זיך שטאָלץ, וואָס מיר האָבען די געלעגענהייט צו פאַרעפענטליכען אַ קאַפּיטעל פון יהואש׳ס גרויס, ריזיג ווערק — דער תנ״ך אין אידיש.

יהואש׳ס אַרבייט איז אַזוי גרויס, אַזוי שעהן, אַז עס וואָלט זיין אַ פּחיתת הכבוד פאַר אונזער גרויסען דיכטער און אַ חלול השם פאַר דער הייליגער אַרבייט, צו וועלכער ער האָט זיך די לעצטע צעהן יאָהר געווידמעט, אָפּצוקומען מיט געוועהנליכע לויבגעזאַנגען.

יהואש׳ס איבערזעצונג, פונ׳ם תנ״ך איז ניט נור גרויס און שעהן, נאָר זי איז דער וויכטיגסטער אויפטו אין אונזער אידישער ליטעראַטור.

אַ ליטעראַטור אָהן דעם תנ״ך איז קיין ליטעראַטור ניט. דער תנ״ך איז נאָך עד־היום דער גרעסטער קוואַל, פון וועלכען יעדע אומה ולשון שעפּען זייער חיות.

די אידישע מאַסען, די אייניקלעך פון אונזערע געזעצגעבער און נביאים, וועלכע האָבען דעם תנ״ך געשאַפען, קענען איהם, צום באַ־דויערען ניט לעזען און קענען פון איהם ניט געניסען.

דאָס איז געוויס ניט קיין נאָרמאַלער צושטאַנד.

מיר זיינען געגליכען צו יענעם גריכישען הונגעריגען שקלאַף, וועלכער געפינט זיך אין אַ גאָרטען פון אַל־דאָס־גוטס און קען ניט טועם־טעם זיין די פרישע געזונטע קרייטיכער און זאַפטיגע פירות.

מיר האָבען גרויס פאַרגעניגען בעת מיר לעזען און שטודירען אַ ווערק ,איבער וועלכען עס שוועבט דער רוח הנבואה. אָבער וואָס אַ באַטרעף האָט אפילו דאָס גרעסטע קינסטלעריש ווערק פון אונזער צייט, געגען די ווערק פון די נביאים גופא?

יהואש שאַפט מיט זיין איבערזעצונג די מעגליכקייט, אַז יעדער איד זאָל קענען פאַרשטעהן און געניסען פון די גרעסטע ביכער אין דער וועלט־ליטעראַטור, פון אַלע צייטען און פון אַלע דורות.

איבערזעצען דעם תנ״ך! דאָס איז ניט אַזוי לייכט דורכצופיהרען. קודם־כל דאַרף מען זיין אַ פּאָעט. ווייל נאָר די פּאָעטען קענען איי־בערטראָגען פּאָעטישע ווערק פון איין שפּראַך אין די צווייטע. מען באַדאַרף פיהלען די נויטיגע פאַראַנטוואָרטליכקייט צו אַזאַ פאַראַנט־

וואָרטליכער אַרבייט. מען באַדאַרף באַהערשען העברעאיש און אַראַ־מיש זעהר גרינדלעך. מען באַדאַרף זיין באַהאַוונט אין אַלע זייערע ניואַנסען און קנייטשען. מען באַדאַרף זיין אַ מייסטער אין דער אי־דישער שפּראַך גופא, קענען געגוי איהר פאָלקסטימליכען אייגענאַר־טיגען כאַראַקטער, אַניט איז אוממעגליך צו שאַפען נייע ווערטער, נייע זאַצען וואָס זאָלען זיין אין הסכם מיט דער פאָרמע, אינהאַלט און גייסט פון אָריגינאַל.

דאָס איז אָבער נאָך וועניג. מען באַדאַרף זיין אַ פאָרשער פון אַלטערטום. מען באַדאַרף האָבען דעם חוש און דעם כח אַריינצו־דרינגען אין יענע צייטען, ווען דער תנ"ך איז געשאַפען געוואָרען. מען באַדאַרף פאַרשטעהן דעם גייסט פון תנ"ך.

אונזער דענקער און דיכטער יהואש באַנוצט די אַלע נויטיגע מעלות און דעריבער שוועבט איבער זיין איבערזעצונג גופא דער ביבלישער גייסט.

דאָס אידיש פאָלק וועט אויך אייביג געדענקען און דאַנקען יהואש'ן פאַר זיין גייסטרייכע אַרבייט, אין וועלכער ער האָט אַריינ־געלייגט אַזוי פיעל יאָהרען, אַזוי פיעל ענערגיע, אַזאַ גרויסען ערנסט, און אַזוי פיעל ליעבע.

ג.

דער פראָבע־נומער פון דער צייטונג „היינט", וואָס איז דערשינען דעם 1טן יאַנואַר, 1922, איז געווען דער ערשטער און דער לעצטער. די אונטערנעמונג האָט קיין דערפאָלג ניט געהאַט, הגם א. ש. זאַקס האָט זיך געגעבען די גרעסטע מי צו מאַכען פון זיין נייער צייטונג אַ באמת אומאָפּ־העגגיקן און פרייען פּרעסע־אָרגאַן. ער האָט געזוכט צוציען צו איר, חוץ ערשטקלאַסיקע היגע קרעפטן, אויך די בעסטע קאָרעספּאָנדענטן פון איי־ראָפּע און אַמעריקע, ווי ר. אַבראַמאָוויטש פון בערלין, א. גאָלדבערג פון וואַרשע, ראובן פינק פון וואַשינגטאָן, א"אַנד און דאָך האָט זיך דער גאַנצער פּלאַן ניט איינגעגעבן. וואַרשיינלעך זיינען געווען חוץ די פינאַנציעלע אור־זאַכן (קליינער אינוועסטירטער קאַפּיטאַל) אויך געוויסע אידעאָלאָגישע סיבות. צווישן אַט די גייסטיקע שטערנדיקע פאַקטאָרן איז ניט דער קלענ־סטער אוודאי געווען דער אויבן־באַשריבענער כאַראַקטעריסטישער אומ־שטאַנד, נעמלעך: פון דער צייטונג־פּראָגראַם זיינען כמעט ווי אינגאַנצן אויסגעשלאָסן געוואָרן סאָציאַל־ראַדיקאַלע טענדענצן.

לאָמיר ניט פאַר..עסן, אַז פון איר ערשטן טאָג אָן איז די פּראָגרעסיווע פּרעסע אויף יידיש דאָ אין אַמעריקע געווען ענג פאַרבונדן מיט די עקס־

טרעם־ראַדיקאַלע שטרעמונגען אין יידישן און אַמעריקאַנעם לעבן, ספּעציעל אין אַרבעטער־לעבן. סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם, אין אַלע זייערע שאַטי־רונגען און אָפּצווייגונגען זיינען שטענדיק געווען דער פּרוכטבאַרער באָדן פון וועלכן די פּילפּאַרביקע בלומען אין גרויסן גאָרטן פון דער יידישער ראַדיקאַלער פּרעסע, זינט די 1880ער יאָרן, זיינען אויסגעוואַקסן. אַ צייטונג, ווי דער „היינט״, וואָס האָט געשטעלט, ווי מיר האָבן געזען, דעם טראָפּ דווקא אויף קולטור, און ניט אויפן סאָציאַליזם און פּאָליטיק, האָט במילא געמוזט האָבן קליינע שאַנסן אויף דערפאָלג. און די צייט — קורץ נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און די איבערקערענישן אין די אַלטע און נייע לענדער פון צענטראַל־אייראָפּע — איז געווען מסוגל צו דערוועקן און האַלטן וואַך דעם אינטערעס צו סאָציאַלע פּראָבלעמען און פּאָליטישע פּאַסירונגען. דער עולם, צו וועלכן דער „היינט״ האָט געוואָלט אַפּעלירן, האָט דווקא זיך דערנערט יאָרנלאַנג פון דער סאָציאַל־ראַדיקאַלער פּרעסע, וועלכע האָט געצויגן איר רעוואָלוציאָנערן אימפּעט פון די טראַדיציעס און אידעאַלן, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער פּראָגרעסיווער רוסלאַנד.

און אָט האָט זאַקס, ניט בלויז אין דעם גאַנצן ערשטן נומער בכלל, נאָר אין זיינע אייגענע בייטראַגן גאָר באַזונדערס, אויסגעמיטן אַלע סאָציאַליס־טיש־אידעאָלאָגישע שטריט־פּראַגעס אָדער פּאַרטיי־דאָגמאַטן. מיר האָבן דאָס שוין באַוויזן, ציטירנדיק דעם גרעסטן טייל פון זיין פּראָגראַם־אַרטיקל „וואָס מיר ווילן״ און די „רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן״. אין נומער איז אָבער געווען נאָך אַן אַנדערער וויכטיקער פּראָדוקט פון זאַקסעס פּעדער — אַ לאַנגער אַרטיקל באַטיטלט „דאָס בהלה־יאָר (דאָס יידיש לעבן אין 1921)״. דאָ ווערט אין אַ מייסטערהאַפטער פאָרם — זאַכלעך, קורץ און אינטערע־סאַנט, געשילדערט דאָס יאָר 1921, וואָס איז געווען פאַר יידן די שווידער־לעכסטע צייט פון דעם ערשטן נאָך־מלחמה־פּעריאָד. אין יענעם יאָר האָט אַמעריקע איינגעפירט די אימיגראַציע־גזירה, אין ארץ־ישראל זיינען געווען בלוטיקע פּאָגראָמען, די יידישע עקאָנאָמישע לאַגע אין די באַלטישע לענדער און אין סאָוועט־רוסלאַנד איז געווען אַ קריטישע. ס׳איז געווען אַ לעבן פון רעעמיגראַציע, עוואַקואַציע, קאָלאָניזאַציע, פון אַ בלינדער, סטיכישער וואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע, מיט איין וואָרט — אַ נע־ונד זיין, ווי ס׳איז שוין לאַנג אין דער יידישער געשיכטע ניט געווען. דאָס אַלץ ווערט אין אַ קאָמפּאַקטער און בילדלעכער פאָרם איבערגעגעבן אין זאַקסעס פיינעם אַר־טיקל, וועלכן ס׳איז כדאי צו לייענען פון אָנהייב ביזן סוף (ער ווערט אי־בערגעדרוקט אַלס ביילאַגע צום סוף פון קאַפּיטל).

אינטערעסאַנט איז צו פאַרגלייכן זאַקסעס אויספירן אין זיין אַרטיקל אין טעגלעכן „היינט״ אין אָנפאַנג פעברואַר, 1920, פון וועלכן מיר האָבן שוין אויבן ציטירט אַ פּאָר שטעלעס, פון איין זייט, און זיינע באַטראַכטונגען

און שלוס־ציאונגען אין דער איבערזיכט „דאָס בהלה־יאָר" געשריבן אין לעצטן טאָג פון יאָר 1921, פון דער צווייטער זייט. מיט 2 יאָר פריער, אין אָנפאַנג 1920, האָט זאַקס, ווי אויבן באַטאָנט, נאָך שטאַרק געגלויבט אין דעם נאָענטן שלום צווישן אַמעריקע און רוסלאַנד, האָט געהאָפט, אַז אַ „פרידלעכער פאַרקער וועט צוריק איינגעפירט ווערן צווישן ביידע לענדער און פעלקער, און די יידן וועלן זיין די ערשטע צו פּראָפיטירן פון דעם". און איצט, סוף 1921, זיינען שוין אַלע זיינע אילוזיעס אין אַ דעם פּונקט צערונען. ער קוקט זייער רעאַליסטיש אויף דער טרויעריקער ווירקלעכ־קייט, אויף די נאָך פינצטערערע פּערספּעקטיוון פאַר דער נאָענטער צוקונפט. אפשר האָט ער געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז אַ לאַנגע איבערגאַנג־צייט, פול מיט בייזע סאָציאַלע דערשיטערונגען שטייט נאָך פאַר, רוקט זיך אָן אויף דער מענטשהייט; און פון די אַלע מוראדיקע קאַטאַליזמען וועט אויף דעם שמערצ־לעכסטן אופן ווייטער ליידן דאָס יידיש פאָלק, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, און שטייט כסדר אויס מאַרטירער־יסורים סיי פון דעם סאָציאַלן, סיי פון דעם נאַציאָנאַלן קאַמף וואָס רייסט אויף, ווי אַ מוראדיקער דינאַמיט, די אַלטע וועלט־אָרדנונג.

אין אַזאַ שטימונג האָט זאַקס מיט אַלץ מער האַפּעדיקייט און צוטרוי געמוזט קוקן אויף דער צוקונפט פון די יידן כאָטש אין איין גרויסן לאַנד — סאָוועט־רוסלאַנד. ער האָט זיך אין יענע יאָרן (1921־1923) שטאַרק פאַר־אינטערעסירט מיט די פּראָבלעמען און פּערספּעקטיוון פון די סאָוועטישע יידן, וואָס האָבן פון זייער זייט געזוכט צו קריגן אַ וואָס ענגערן קאָנטאַקט מיט די וואָרטפירער פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע. אין 1921 האָט דער „אַלרוסלענדישער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט צו העלפן די געלי־טענע פון פּאָגראָמען" (אידגעזקאָם) אין מאָסקווע זיך געווענדעט מיט אַ בריוו צו אַרום 2000 יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אַרבעטער־יוניאָנס אין אַמעריקע. אין דאָזיקן בריוו זיינען באַלויכטן פאַרשיידענע זייטן פון דער פראַגע פון יידישער הילף אין רוסלאַנד, ווי אויך דער אַלגע־מיינער כאַראַקטער פון דער דאָזיקער הילף־אַרבעט אין רוסלאַנד. אינעם בריוו איז געזאָגט געוואָרן, אַז דאָס וויכטיקסטע אין דער יידישער הילף־אַרבעט דאַרף באַשטיין אין אַזאַ פּראָגראַם: 1) הילף פאַר יתומים און קינ־דער בכלל; 2) קאָנסטרוקטיווע און מעדיציניש הילף; 3) צו רעגולירן די יידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד; 4) צוריק אויפבויען די רואינירטע יידישע באַפעלקערונג פון ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע, און 5) צו ראַטעווען פון פּולן אונטערגאַנג די יידישע קאָלאָניסטן פון יעקאַטערינאָסלאַווער, כערסאָ־נער און אַלעקסאַנדראָווער גובערניעס.

קורץ נאָך דעם אָנקומען פון דעם דאָזיקן בריוו איז קיין ניו־יאָרק גע־קומען אַ מיטגליד פון פּרעזידיום פון „אידגעזקאָם", מ. ראַשקעס, כדי בע־

סער צו באַקענען די יידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע מיט דער יידישער לאַגע אין סאָוועט־רוסלאַנד און מיט די הילף־פּלענער פאַר די קרבנות פון פּאָגראָמען און מלחמה. די אַמעריקאַנער פאַרשטייערשאַפט פון „אידגעזקאָם״ האָט דאָ געפירט אַ ברייטע טעטיקייט און געהאַט אַן אייגענעם גרעסערן מאָנאַטלעכן זשורנאַל (ידיעות) אונטערן נאָמען „אויפבוי״, וואו זאַקס פלעגט גערן און אָפט מיטאַרבעטן. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז זיין אַרטיקעל אין פעברואַר, 1923, נומער פון „אויפבוי״ אויף דער טעמע: „קרעדיט אינ־סטיטוציעס אין דער איצטיקער אויפבוי־אַרבעט״. ער קומט אינם אַרטיקל צו אַזאַ אויספיר:

דאָס אידישע עקאָנאָמישע לעבן אין רוסלאַנד מוז ווערן געבויט אויף קאָלעקטיווער צוזאַמענאַרבעט. די איינציגע קאָלעקטיווע אַרבעט אונטער די איצטיגע באַדינגונגען אין דער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו. די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון מוזען האָבען אַ געזונטען,פעסטן קרעדיט.

דערפון איז געדרונגען, אַז פאַסיקע קרעדיט־אינסטיטוציעס מוזען ווערען דער שווערפּונקט פון דער קאָנסטרוקטיווער אויפבוי־פּאָליטיק.

שוין אין אָנפאַנג 1920 האָט זאַקס געהאַלטן, אַז סאָוועט־רוסלאַנד וועט קענען לייזן די יידישע פראַגע ניט בלויז פאַר איר אייגענער יידישער באַ־פעלקערונג, נאָר אויך פאַר אַלע לענדער פון דער וועלט. ער האָט דעמאָלט געשריבן:

היינט, איבערהויפּט נאָך דעם שלום מיט סאָוועטן־רעגירונג, וועט די אידען־פראַגע, אַלס אַ פּאָליטישע פראַגע, אַראָפּגיין פון טאָג־אָרדנונג. לעבענדיג בשכנות מיט אַן אַרבעטער־רעפּובליק, וועט אפילו פאַר די אַנטיסעמיטישע מלוכות זיין אוממעגליך צו פירען אַ פיינדליכע פּאָליטיק געגען ראַסען און נאַציאָנען.

די אידישע פראַגע וועט מער זיין אַ ריין־קולטורעלע, און די פאַר־טרעטער אויף אונזערע צוזאַמענקונפטען וועלען ניט דאַרפען זיין שתדלנים, נאָר קולטור־אַרבעטער, אַזוינע וואָס זיינען נאָענט צום פאָלק און וויסען גענוי די קולטורעלע נויטען פון פאָלק.

איצט וועלען מיר זיך מער נויטיגען אין אַזאַ מין קאָנפערענץ, וואָס זאָל זיין ענליך צו דעם אַמאָליגען „ועד של ארבע ארצות״.[3]

אָט אַזוי אָפּטימיסטיש איז זאַקס געווען אין אָנפאַנג 1920, אָבער ער האָט זיך שוין געהאַט איינגאַנצן אויסגעניכטערט ביזן סוף 1922. ער האָט זיך לחלוטין אנטוישט אין די אויפבוי־מעגלעכקייטן פאַר יידן אין די אַלטע און

נייע בורזשואַז־דעמאָקראַטישע לענדער, און אין דער אַנטשפּרעכנדיקער מאָס איז נאָך מער געשטיגן זיין גלויבן אין אַ ליכטיקערע צוקונפט פון סאָוועט־רוסישן יידנטום. אין אָט דער איבערצייגונג איז ביי אים אַלץ פעסטער געוואָרן דער אַנטשלוס צו פאָרן אויף אַ באַזוך קיין סאָוועט־רוסלאַנד און דאָרט אויפן אָרט צו שטודירן די לאַגע און אירע מעגלעכקייטן פאַר דער צוקונפט. עס זיינען אַוועק נאָך אַ פּאָר קורצע יאָר, זינט 1921־1922, און זאַקס האָט אָט דעם הייסן וואונטש זיינעם טאַקע געקענט פאַרווירקלעכן, ווי מיר וועלן זען אין איינעם פון די קומענדיקע קאַפּיטלען.

ביילאַגע נומ. 1 צום קאַפּ. 9

# דאָס בהלה־יאָר

## (דאָס יידיש לעבן אין 1921)

פון א. ש. זאַקס
„היינט"

באַנד 1, נומ. 1
יאַנואַר 1, 1922

דאָס נע־נד־זיין. — די אימיגראַציאָנס־גזרות אין אַמעריקע. — די צוריקוואַנדערער אין ליטע, לעטלאַנד און פּוילן. — זייער מאַטעריעלער און גייסטיקער מצב. — די אומווירדיקע יידישע פּרנסות. — די פּאָגראָמען אין פּאַלעסטינע. — די יידישע לאַגע אין סאָוועט־רוסלאַנד. — אַ שטיקעלע נחמה.

פון אייביק אָן איז דער רויטער פאָדים, מיט וועלכן די וועלט־געשיכטע איז דורכגעוועבט, געווען געפאַרבן מיט יידיש בלוט.

דער היסטאָרישער גאַנג האָט ליב צו שטעלן זיינע טריט אויף יידישע קערפּערס.

יידישע צרות זיינען תמיד די באַגלייט־דערשיינונגען פון יעדער נייער עפּאָכע, פון יעדער נייער אָרדענונג.

די געבורט־ווייטיקן פון אַ נייער צייט רופן זיך שטאַרק אָפּ אויפן יידישן פאָלק, וואָס קען פאַר קיין פאַל ניט בלייבן פּאַסיוו, גלייכגילטיק בעת דער היסטאָרישער ים צעשפּילט זיך.

יידן ווערן געטראָגן אויף אָדלער־פליגען. דאָ הייבן זיי זיך אויף דורך די כוואַליעס פון דער געשיכטע הויך־הויך ביז די הימלען און דאָ ווערן זיי אַראָפּגעשליידערט אין די טיתסטע טיפענישן פון ים, אויפן תהום.

אין די לעצטע יאָרן האָט די געשיכטע אָנגעפאַנגען זיך האַסטיקער צו באַוועגן, זי איז געוואָרן רירעוודיקער, נערוועזישער און די יידישע ברוסט איז, ווי געוויינלעך, אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס אַ ציל, וואו די מחנות, וואָס טרעטן אָפּ, שיסן זייערע גיפטיקע פיילן.

צום אומגליק אָדער גליק איז דער גורל געפאַלן, אַז מיר, יידן, מוזן דורכפירן די שליחות פון דער געשיכטע און — צי מיר ווילן אָדער ניט — אונדז קומט אויס צו שטיין אין פראָנט, אויף די סאַמע געפערלעכסטע פּאָזיציעס.

מיט אונדזער בלוט ווערן געשמירט די רעדער פון דער געשיכטע און מיט אונדזערע טרערן ווערן געוואַשן אירע טריט.

אין דער לעצטער צייט איז ניט בלויז דער היסטאָרישער פּאָדים געוואָרן רויט פון אונדזער בלוט, נאָר די גאַנצע געשיכטע האָט זיך אין איר טובל געווען.

צענדליקער, הונדערטער, טויזנטער טויטע יידישע קערפּערס האָבן זיך געוואַלגערט איבער די גאַסן פון שטעט און שטעטלעך. טייכן בלוט, וואַרעמע, פרישע בלוט, איז גע־רונען פון יידישע לייבער און ימים זודיקע טרערן האָבן געפליסט פון יידישע אויגן. דער גאַנצער ערד־קוגל האָט זיך מיט זיי אָנגעזעטיקט.

די לאַגע פון די לעבן־געבליבענע איז ניט בעסער פון די, וועלכע האָבן שוין אויסגע־הויכט זייער לעצטן אָטעם. זיי זיינען געגליכן צו ווילדע חיות, אויף וועלכע דער יעגער האַלט זיך אין איין צילעווען.

די מורא פאַר פּאָגראָמען, הריגות, פאַרגוואַלטונגען — אָט די באַקאַנטע מלאכי־חבלה — האָט געמאַכט דאָס יידיש לעבן אומדערטרעגלעך.

די מורא פאַרן טויט איז שרעקלעכער ווי דער טויט גופא. לעבעדיקע זיינען מקנא די טויטע. דער באָדן אונטער אונדזערע פיס האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען. מיר פילן, אַזוי ווי מיר וואָלטן זיצן אויף אַ וואולקאַן, וועלכער קען יעדע מינוט עפענען זיין גיהנום־מויל און שפּייען מיט פייער, טויט און פאַרניכטונג.

האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די ערטער, ווערן נע־ונד. לויפן וואוהין דער ווינט האָט געטראָגן, אָן אַ ציל, אָן אַ תכלית.

מען איז געלאָפן, ווי מען לויפט פון אַ פעסט, ניט זאָרגנדיק זיך, וואָס מאָרגן וועט זיין.

ראַטעווען זיך פון פּאָגראָמשטשיקעס האַנט. פון זיין שיכורן אָטעם, פון זיינע רציח'שע אויגן, פון קערפּערלעכע און גייסטיקע יסורים, פון דער פרוי און טאָכטערס שאַנדע! — קיין אַנדער זאַך האָט מען ניט געהאַט און ניט געקענט האָבן אין זינען.

דאָס פאַרגאַנגענע יאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער יידישער וואַנדערונג, מיט דער יאָגעניש און לויפעניש, מיט דעם כאַפּ־לאַפּ־לעבן וואו אַ טאָג, וואו אַ נאַכט.

אויף די ערטער, וואו מ'האָט פאַרבראַכט הונדערטער יאָרן, האָט מען אָנגעפאַנגען צו קוקן, ווי אויף אַ מוראדיקע וואַלד־חורבה, פון וועלכער מען מוז לויפן, ווייל באַנדיטן קענען איטלעכע מינוט קומען און ראַבעווען און מאָרדן און שענדן.

און די מורא האָט געטריבן, געיאָגט דעם יידן אַ סך שטאַרקער ווי די גרעסטע אַרמייען. און מען איז געלאָפן...

— וואוהין?...

מיט דער פראַגע האָט מען זיך ניט אָפּגעגעבן, מען האָט איר ניט געוואָלט שטעלן.

אַבי פון גיהנום אַרויס. וואָס ווייטער פון די מלאכי־חבלה. מיטן שפּעטער, מיטן מאָרגן האָט מען זיך ניט געקימערט. אַז מען טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן אַ שטרוי. און הונדערטער טויזנטער יידישע פאַמיליעס זיינען אין די ערשטע מאָנאַטן פון פאַריקן יאָר געבליבן הענגען — אויף אַ שטרוי.

מען איז געלאָפן אין אוקראַינע, אין פּוילן, פון פּוילן אין דייטשלאַנד, פון דייטשלאַנד האָט מען געהאַט בדעה צו פאָרן נאָך אַמעריקע.

האָבן די אַמעריקאַנישע געזעצגעבער אָבער פאַרשלאָסן די טירן פון קאָלומבוס־לאַנד מיט די אימיגראַציאָנס־גזירות און די נע־ונדניקעס זיינען געבליבן זיצן אויפן ברעג ים מיט דעם שרעקלעכן פאַרצווייפלטן אויסגעשריי: מאין יבא עזרי?

* * *

די אימיגראַציאָנס־גזירה, וואָס אונדזער קאָנגרעס האָט דורכגעפירט מיט דער „פּראָ־צענט־נאָרמע" פאַר די איינוואַנדערער פון פאַרשיידענע לענדער, איז דער גרעסטער קלאַפּ, וואָס אונדזער פאָלק האָט געקראָגן פאַר די לעצטע פיר צענדליק יאָרן. אין דעם פּרט

האָט זיך דאָס פאַריקע יאָר געמאַכט אַ נאָמען אין אונדזער גלות־געשיכטע. מיט בולטע שוואַרצע אותיות קוקט דאָס אימיגריישאָן־געזעץ אַרויס פון דעם היסטאָרישן בלאַט.

די ליידן פון אַ יחיד, ווי פון אַ גאַנצן כלל, ווערן תמיד געמילדערט דורך אַ האָפענונג, אַז זיי וועלן ניט לאַנג דויערן, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען, אַז עס איז פאַראַן כאָטש איין טיר, דורך וועלכע מען קען אַנטלויפן.

די נייע אימיגראַציאָנס־געזעצן פון היינטיקן יאָר, וואָס אונדזער אימיגראַנטן־לאַנד האָט אַרויסגעגעבן, האָבן אָבער אָט די איינציקע טיר, דורך וועלכע דער ייד האָט געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו ראַטעווען פון כוליגאַנס האַק, פאַרמאַכט, פאַרשלאָסן. דער איינציקער קוואַל איז דאָ פאַרשטאָפּט געוואָרן, דער איינציקער שטראַל איז פאַרשוואונדן.

דייטשלאַנד, עסטרייך, און אַלע אַנדערע לענדער, דורך וועלכע די יידישע וואַנדערער מוזן דורכפאָרן, וועלכע קוקן אַפילו אין נאָרמאַלע צייטן קרום אויף די יידן, איבערהויפּט נאָך, אויף די „יידן פון אָסטען" האָבן אָנגעפאַנגען צו זוכן מיטלען, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון די יידישע איינוואַנדערער, וועלכע זיינען גוטע געסט, כל־זמן זיי לאָזן איבער אַ גוטע מטבע דורכפאָרנדיק, אָבער זיינען ווי אַ דאָרן אין די אויגן ווען זיי בלייבן לעבן און האַנדלען. אויף די „לעסטיגע אויסלענדער" (לעז לעסטיגע יידן) קוקט מען ניט גלאַט קרום, נאָר מיט אַן אָפענער שנאה. מען גיט קלאָרע אָנצוהערענישן, אַז מען וויל זיי ניט האָבן.

אין די אָפּגעשפּאַלטענע רוסישע מלוכות, ווי ליטע און לאַטוויע, וואו עס איז געווען דער רוב מנין און רוב בנין פון יידישן פאָלק, איז היינטיקס יאָר פאָרגעקומען אַ צוריק־וואַנדערונג.

די יידישע פאַמיליעס, וועלכע זיינען אין אָנפאַנג פון דער מלחמה אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע איינגעוואַנדערטע ערטער דורך דעם צאַרס זשאַנדאַרמען, האָבן אָנגעפאַנגען איצט צוריק צו קומען פון זייערע גלות־ערטער. מידע, צעבראָכענע, אָן געזונט און אָן לעבן, זיינען זיי צוריקגעקומען. אָבער, וואָס געפינען זיי אָט דאָרטן אין זייערע אַלטע היימען? רואינירטע, צעבראָכענע, אויסגעליידיקטע הייזער, אין וועלכע עס איז אַפילו ניטאָ קיין מעגלעכקייט דעם קאָפּ צוצושפּאַרן.

די ליטווישע שטעטלעך זיינען אָרעם, חרוב, ניטאָ דאָרטן דער אַמאָליקער גלאַנץ, דאָס אַמאָליקע לעבן, די אַמאָליקע סביבה, וואו יעדער ייד האָט זיך געפילט אַזוי וואַרעם, אַזוי היימיש. אַ קאַלטער ווינט בלאַזט דאָרטן איבער די צעשטערטע היימען. עלנדע, פאַרלאָזענע, מיט בלאַסע פּנימער, מיט אויסגעלאָשענע בליקן, טרייבן זיך אַרום די אַמאָליקע באַמיטלטע יידן אין ליטע און לעטלאַנד; ניטאָ זיך פאַר וואָס צו נעמען, ניטאָ פון וואָס אַ לעבן צו מאַכן, ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו דערציען די קינדער און מאַכן פון זיי אַ תכלית.

יידן לעבן פון האַנדל, פון מסחר. מסחר פאָדערט פרייע באַוועגונג. די באַוועגונג איז אָבער איצט נאָך דער מלחמה באַשרענקט געוואָרן. נייע ווענט זיינען געבויט געוואָרן, נייע גרענעצן מיט נייע וואַכן און נייע זשאַנדאַרמען זיינען געשטעלט געוואָרן. מען קען זיך ניט קערן און רירן. די ליטווישע יידן, וואָס פלעגן ציען זייער חיונה פון די גרעסערע קורלאַנדער, ליפלאַנדער און עסטלאַנדער שטעט, זיינען צוליב די נייע מלוכהלעך אָפּגעריסן געוואָרן פון זייער יניקה. דער צווייג, אויף וועלכן זיי זיינען געזעסן און זיך געשפּייזט איז אָפּגעהאַקט געוואָרן פון זיין שטאַם און וואָרצל.

צעריסן אין באַזונדערע טיילן איז איצט דער קערפּער פון יידישן פאָלק. יעדער טייל איז איינגעשפּאַנט אין אַ באַזונדערער שטייג, אין אַ באַזונדערער פעסטונג, וואו עס איז ניטאָ גענוג שפּייז, גענוג קליידער און גענוג דירות.

און ניט נאָר דער יידישער גוף, די יידישע נשמה איז ניט ווייניקער צעריסן, ניט ווייניקער צעשפּאַלטן. עס פעלט די גאַנצקייט, די אויסגעהאַלטנקייט, דער אויסדויער פון

דעם יידישן גייסט, וואָס האָט אין פאַרלויף פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן אַריינ־געגעבן חיונה דעם יידישן קערפּער. ניטאָ מער קיין האָפענונג אין אַ בעסערער צוקונפט, עס פעלט דער בטחון אין אַ גואל, אין אַ משיח, וואָס וועט אויסלייזן פון צרות. אַ קאַלטער יאוש און אַ האַרץ־נאַגנדע פאַרצווייפלונג הערשט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך פון ליטע, לעטלאַנד און פוילן.

די נויט, די ביטערע עקאָנאָמישע לאַגע, טרייבט דעם יידן אין איראָפּע זיך צו באַ־שעפטיקן מיט אומווירדיקע פּרנסות: מיט ספּעקולאַציע, מיט די וואַליוטע אאַז"וו, אאַז"וו.

אַזוינע פּרנסות האָבן ניט קיין גוטן איינפלוס אויף די יידישע מאָראַל, אויף די יידישע זיטן.

צוזאַמען מיט דעם דלות איז געקומען אַ דעמאָראַליזאַציע אין אונדזערע רייען. אונדזערע שכנים פאַרלירן זייער צוטרוי, זייער אַכטונג צו אונדז. אַנשטאָט אַכטונג, באַ־ציט מען זיך צו אונדז מיט פאַראַכטונג.

* * *

אין אָנפאַנג פון פאַרגאַנגענעם יאָר האָבן ניט ווייניק יידן געוואַרט אויף פּאַלעסטינע. ביי די ציוניסטן און ניט־ציוניסטן האָבן אָנגעפאַנגען צו גליען פונקען פון אַלטער און נייער האָפענונג צו האָבן אַן אייגן לאַנד, אַן אייגן ווינקל, וואו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן. פאַר אונדז פּערזענלעך האָט די באַלפור־דעקלאַראַציע קיינמאָל ניט געהאַט קיין גרויסע באַדייטונג. מיר ווייסן פון דעם כלל, אַז אין דער דיפּלאָמאַטישער וועלט הערשט דער מנהג כל דאלים גבר. דער זיגער איז דער רעגירער. פּאָליטיק איז ניט אַ רעכט־פראַגע, נאָר אַ מאַכט־פראַגע. פּאַפּירענע צוזאָגענישן און פייערלעכע הבטחות זיינען שוואַכע וועקסלען, אז מען זאָל אויף זייער סמך קענען בויען א נייעם לעבן.

מיר האָבן אין די לעצטע יאָרן געזען, אַז גרעסערע שריפטלעכע אָפּמאַכונגען זיינען געטראָטן געוואָרן מיט די פיס, גרעסערע שריפטלעכע דיפּלאָמאַטישע קאָנטראַקטן זיינען געוואָרן איינפאַכע שטיקלעך פּאַפּיר, מיט וועלכע מען רעכנט זיך ניט. מיר האָבן דעריבער געלייגט ווייניק געוויכט אויף באַלפורס דעקלאַראַציע, מיר האַלטן — און דאָס איז אונדזער טיפסטע איבערציי גונג — אַז דאָס יידיש פאָלק קען מער בויען זיין צוקונפט אויף די אונטערדריקטע טיילן פון אַנדערע פעלקער, איידער אויף די ווערטער פון צייטווייליקע דיפּלאָמאַטן, וועלכע מאַכן גאַנץ אָפט דעם חשבון אָן דעם בעל־הבית.

אָבער עס איז דאָ ניט וויכטיק, וואָס מיר האָבן דערפון ווייניק וואָס געהאַלטן...

אַ גרויסער טייל פונם יידישן פאָלק האָט דערפון יאָ געהאַלטן. די באַגראָבענע האָפענונגען האָבן אָנגעפאַנגען אַרויסצושפּראָצן, דאָס יידיש איינגעפאַלענע האַרץ איז העכער געוואָרן, אַ נייע פונק האָט אָנגעפאַנגען צו לייכטן אין די אויסגעלאָשענע אויגן.

אָבער, אָט! . . . אַ דונער אין מיטן העלן טאָג...

פּאָגראָמען אויף יידן אין ארץ־ישראל! די רעגירונג איז כלומרשט אַ יידישע, דער וויצע־קעניג, דאַכט זיך, אַ ייד, אַ פרומער ייד דערצו, גייט אין שול דאַוונען, האָט הנאה פון אַ פעטע עליה, מאַכט אַליין די ברכה אין לשון קודש... און אַ פּאָגראָם, אַ בלוטיקער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען.

צו פּאָגראָמען איז מען, אמת, געוואוינט.

צוואַנציק, דרייסיק, הונדערט טויזנט דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע יידן! וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס? ווער ווערט פון זיי נתפּעל! אַ נייעס, אַ פּאָגראָם! דאָס איז דאָך שוין געוואָרן אזוי אַלטעגלעך, אזוי געוויינלעך, דאָס מען שטעלט זיך אויף אַ ידיעה וועגן אַ פּאָגראָם ווייניקער אָפּ, ווי אויף אַלע אַנדערע געוויינלעכע צייטונגס־מיט־טיילונגען.

דאָס איז אָבער אַלץ געדעדט אין פּוילן, אין אוקראַינע, אין גלות־לענדער.

אָבער אין ארץ־ישראל, וואו אַלץ געהערט אונדז, — אַזוי האָט דער ענגלישער מיניס־טער קליפּ און קלאָר פאַרזיכערט. און אויך דאָ בושעוועט דער פּאָגראָמשטשיק. אויך דאָ ווערן יידן דערהרגעט פון כוליגאַנעס!

דער ווייטיק האָט זיך דאָ געפילט שטאַרקער, די באַליידיקונג איז דאָ געווען טויזנט מאָל טיפער.

די פונקען פון האָפענונג, וועלכע האָבן פריער געגליט, זיינען פאַרטונקלט געוואָרן, עס איז ווידער געוואָרן קאַלט אין דער נשמה.

* * *

און אין דעם לאַנד, וואו עס רעגירט דער אונטערדריקטער קלאַס — אין סאָוועט־רוסלאַנד — איז די לאַגע פון יידן אויך אַ טרויעריקע.

אַלס סוחרים, האַנדלס־לייט איז דער עקאָנאָמישער יסוד פון די יידן אין רוסלאַנד אינגאַנצן אונטערגעגראָבן געוואָרן.

קיין לאַנד־ווירטשאַפטלעכן קלאַס האָבן מיר ניט. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז אינם ערך מיט אַנדערע קלאַסן ניט גרויס און די צאָל מענטשן, וועמעס לאַגע עס האָט זיך פאַרבעסערט דורך דעם איבערגאַנג פון דער מאַכט אין די הענט פון דעם ארבעטער־קלאַס, איז אַ סך קלענער פון דער צאָל וואָס איז צוליב דעם רואינירט געוואָרן.

דאָס רוב יידן זיינען אין רוסלאַנד אינגאַנצן געבליבן הענגען אין דער לופט.

איין טרייסט איז דאָ.

דאָס לעבן איז לכל־הפחות אין רוסלאַנד זיכער. קיין פּאָגראָמען קומען דאָרטן ניט פאָר. די יידן־פראַגע איז דאָרטן פאַרשוואונדן. דער גרענעץ צווישן ייד און קריסט איז אָוועקגענומען געוואָרן. אויב יידן ליידן דאָרטן איז ניט צוליב זייער יידישער אָפּשטאַמונג, נאָר צוליב דעם, וואָס זיי באַלאַנגען ניט צום אַרבעטער־קלאַס. יידן אַלס יידן האָבן דאָרטן אויפגעהערט צו ליידן.

אַ קליינער טרייסט! — וועט איר זאָגן.

— וואָס איז די נפקא מינה צוליב וואָס אַ מענטש לידט, צי צוליב דעם, וואָס ער איז אַ ייד, אָדער ווייל ער איז אַ בורזשואַזיע!

וועל — עס איז יאָ אַ נפקא מיניה! עס איז לייכטער צו ווערן אויס האַנדלס־מאַן, איידער צו ווערן אויס ייד.

אַגב איז דאָס לעבן זיכער.

— ניט קיין גרויסע מציאה אַזאַ לעבן! — טענהט איר.

אָבער גאָר ניט אינם ערך בעסער, ווי די שטענדיקע מורא פאַר דעם שרעקלעכן אָטעם פונם שיכורן פּאָגראָמשטשיק.

דורך דער נייער רוסישער אינערלעכער פּאָליטיק, וואו דער האַנדל ווערט דערלויבט, וועט זיך עקאָנאָמיש די יידישע לאַגע בעסערן. הגם עס איז אַ גרויסע פראַגע, צי דאָס וועט ברענגען גרויסע נוצן דעם יידישן פאָלק בכלל. עס איז מעגלעך, אַז פאַרן יידישן פאָלק וואָלט געווען אַ סך בעסער זיך צו פּראָלעטאַריזירן, זיך אָפּגעבן מער צו פיזישע אַרבעט. זיין גוף און זיין נשמה וואָלטן דערפון געזיכערט געוואָרן.

אין דער איצטיקער צייט איז אָבער אַ מינוט מנוחה עפּעס ווערט. אַ חיי־שעה איז אויך גוט.

* * *

ווילן מיר כאַראַקטעריזירן בכלל דעם פאַרגאַנגענעם יאָר מיט אַ פּאָר ווערטער, קענען מיר זאָגן, אַז דאָס יידישע יאָר 1921 איז געווען אַ יאָר פון בהלות.

פאַר אַלע פעלקער און נאַציעס איז דאָס פאַרלאָפענע יאָר געווען אַ יאָר פון ריקאָנ־סטרוקציע, פון צו־זיך קומען. די וואונדן, וואָס זיי האָבן געקראָגן אויף די שלאַכטפעלדער,

האָבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרהיילן, די מלחמה־וווּנדן זיינען געלינדערט געוואָרן.

פאַר אונדז איז 1921 געווען אַ בהלה־יאָר. דאָס יידיש פאָלק איז אָפּגעקומען. ניט „צו־זיך", נאָר „פון־זיך" איז ער געגאַנגען, ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן אַהין און אַהער, געטריבן פון אַן אינערלעכן שרעק. און אויפן שוועל פון נייעם יאָר זיינען מיר געבליבן שטיין ווידער ניט אַהין און ניט אַהער, מיר זיינען מבולבל, אַן אמתע בהלה!...

אַ שטיקעלע נחמה:

די קולטורעלע אויפלעבונג. די יידישע ווירקלעכקייט איז גרוי, קאַלט אָבער עס האָבן זיך אָנגעפּאַנגען צו באַווייזן פייערלעך, וועלכע לייכטן און וואַרעמען אין די יידישע פינצטערע און קאַלטע געצעלטער.

מען האָט גענומען לערנען תורה. תורה שבכתב און תורה שבעל־פה. אונדזער נאַציאָנאַלער אוצר איז פולער געוואָרן מיט נייע ווערטן. די קוואַלן, פון וועלכע מיר שעפּן אונדזער גייסטיקע חיונה, זיינען געוואָרן גרעסער און כמות און איכות. פון איין זייט די ערנסטע און שיינע ליטעראַטור און פון דער צווייטער זייט די תורה שבעל־פה: לערער־סעמינאַרן, פאָלקס־אוניווערזיטעטן, יידישע שולן און דאָס גלייכן.

דאָס זיינען אונדזערע פּומפּדיתאס און נהרדעאס וואָס זיינען באַזונדערס וויכטיק אין אַזאַ צייט, ווי אונדזערע, אין גלות־צייט.

דאָס פאַריקע יאָר קען אין דעם פּרט פאַרצייכענען אַ שריט פאָרווערטס.

די גייסטיקע פייערלעך האָבן העלער אָנגעפאַנגען צו ברענען. און עס ווערט פון זיי אַ ביסל ליכטיקער און וואַרעמער אין דער נשמה.

הלוואי זאָלן זיי זיך אין דעם נייעם יאָר צעפלאַקערן.

## ביילאַגע נומער 2.

## אינהאַלט־פאַרצייכנים פון ערשטן נומער פון וואָכנשריפט „היינט"

(1טער יאַנואַר, 1922)

די רעדאַקציע: וואָס מיר ווילן; רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן.

יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי: די אימיגראַציאָנס פראַגע.

חיים שוים: מלוכה, נבואה, תורה, אַ היסטאָרישע איבערזיכט.

יעקב מילך: צו דער פראַגע פון אָריגינאַליטעט.

מרדכי ספּעקטאָר: קינדער־יאָרן.

נפתלי גראָס: פישער־ליד.

יהואש: מנא, מנא תקל ופרסין (דניאל, קאַפּ. 5)

א. ש. זאַקס: דאָס בהלה־יאָר (דאָס אידיש לעבן אין 1921).

מ. י. ביאַלאָסטאָצקי: ליד.

י. אָפּאַטאָשו: אַליין (דערציילונג)

מנחם: אַקטיאָרן.

מנשה נאַדיר: ווי אַזוי משיח איז געקומען קיין אַמעריקע.

י. ב.ביילין: **די קולטור־טעטיקייט פון אַרבעטער־רינג.**
דר. יהודה קויפמאַן: **דער אידישער לערער־סעמינאַר.**
א. וואָהלינער: **„רעוואָלוציעס" (פעליעטאָן).**
מ. ריבאַלאָוו: **מיכה יוסף בערדיטשעווסקי (אָפּשאַצונג)**
נחום י.: **עוזר וואַרשאַווסקיס שמוגלערס.**
דר. אב. שפּייער: **אַ בריוול צום רעדאַקטאָר.**
לוי בערמאַן: **מדבר ערב (פּאָעמע).**
מ. י. חאַימאָוויטש: **מיטן פייער (ראָמאַן).**
מלך עפּשטיין: **דאָס יאָר 1921 און די יידישע אַרבעטערשאַפט.**
מאַרק שווייד: **איין טריט פאָראויס און צוויי צוריק אין אידישן טעאַטער (איבערבליק).**
ז. טיגעל: **מענטשן און פּאַסירונגען (דר. נח דאַווידזאָן)**
יוסף מאַרגאָשעס: **אַלכסנדר מוקדון און יוסף הצדיק.**
מרים קאַרפּילאָוו: **פרויען־רעפלעקסיע.**
פון פאָלקס מויל.
אַנאָנסן.

## הערות צום קאַפּיטל 9

1. י. חייקין: דורכפאַל־בלעטער (קאַפּיטל פון דער סעריע „צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע") „פר. אַרבעטער שטימע", 14טן יוני, 1940.
2. „היינט", 4 פעבר., 1920.
3. דאָרטן.

X

# קריזיס אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג

## א

די ערשטע וועלט־מלחמה פון 20טן יאָרהונדערט און אירע נאָכווייענישן האָבן געלאָזן זייער טיפע שפּורן אויף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. אָט די נייע באַדינגונגען און אומשטענדן פון דעם אַרבעטער־לעבן און קאַמף האָבן זייער זייט אַרויפגעלייגט דורך די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן אַן אָפּשטעמפּלונג אויף דער טעטיקייט פון א. ש. זאַקס, דעם וואָרטזאָגער און אַרבעטער־טוער.

כדי בעסער צו קענען פאַרשטיין אָט די ראַדיקאַלע ענדערונגען אויף אונדזער יידישער אַרבעטער־גאַס, איז גראָד דאָ דער פּלאַץ אין זאַקסעס אייגענע ווערטער איבערצוגעבן אַ זייער באַלערנדיקע פּאַראַלעל צווישן דעם כאַראַקטער פון דער יידישער מאַסע אַמאָל, ד״ה מיט אַן ערך 20—30 יאָר פאַר יענעם איבערבורך־מאָמענט (1917) אין דער געשיכטע פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג אין דער יידישער אַמעריקע, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט דער כאַראַקטער פון דער פאָלקס־מאַסע אין דער נייער אי־בערגאַנגס־עפּאָכע (1917־1920) גופא. איז דאָך אָט־דער פּעריאָד (1917־1920) באמת געווען אַן אָנפאַנג פון אַ נייעם קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ קאַפּיטל וואָס ציט זיך שוין איבער 25 יאָר, אָבער וואָס איז נאָך גאַנץ ווייט פון זיין אָפּשלוס. אין די ערשטע עטלעכע יאָר פון אָט דעם פּעריאָד האָט דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר און לערער, א. ש. זאַקס, ווידער אַריינגעוואָרפן זיך מיטן גאַנצן טעמפּעראַמענט און מיט דער פולער קראַפט פון זיין פרוכטבאַרער פעדער, ווי מיט 10־12 יאָר פריער, ביים אָנהייב פון רעדאַקציע־אַרבעט אין שיקאַגע, אין די פאָדערשטע רייען פון דעם קאַמף־פראָנט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

אין אַן אַרטיקעל, וואָס זאַקס האָט אָפּגעדרוקט אין די 1920ער יאָרן אין סאַמע ברען פון דעם שטורעמדיקן קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין דער צייטונג „דער טאָג״, וואָס איז שפּעטער דערשינען, צוזאַמען מיט אַנדערע אַרטיקלען זיינע איבער די אָדער יענע צייט־פראַגעס, אויך אין בוך־פאָרם, גיט אונדז זאַקס אַ מין סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע סטודיע, אַ „פּסי־

כאָגראַף", פון די יידישע אימיגראַנטן־מאַסן דורך דער גאַנצער עפּאָכע (ווי געזען פון אײנעם, וואָס האָט געלעבט דורך די יאָרן 1880־1920). מיר וועלן דעם גרעסטן טייל פון אָט דעם אינטערעסאַנטן אַרטיקל דאָ איי־בערדרוקן.[1]

## די מאַסע פון אַמאָל און היינט

די אַרבעטער־אימיגראַנטען קען מען איינטיילען אין דריי שטופען. די ערשטע מאַסן־עמיגראַציע נאָך דער פּאָגראָם־כוואַליע אין צאַרן־לאַנד האָט, מיט דער אויסנאַם פון די עטליכע אינטעליגענטישע „עם־עולם"־גרופּען, אַריינגענומען אין איר שטראָם אידישע בעלי־מלאכות און אָרימע סוחרים׳לעך, וועלכע זיינען געלאָפען פון זייער „היים", ווי מען לויפט פון אַ פעסט. הינטער זיי האָבען זיי איבערגעלאָזען אַ שרעקליכען דלות און די שטענדיגע מורא פאַר די „כוליגאַנעס לויט זייער איבערצייגונג און די גאָראָדאָוואָיען לויט זייער דערציאונג".

אַריבערקומענדיק אַהער, קיין אַמעריקע, וואו זיי האָבען געקענט רואיק איבערנעכטיקן אָן שרעק, טאָמער וועט קומען דער אוריאַדניק אָדער דער פּריסטאַוו און מאַכן אָן אָבלאַווע, זיינען זיי געווען גליק־לעך, ווען זיי האָבען ווי ס׳איז געקענט מאַכן אַ לעבן. איבערקלייבעריש אין אַרבעט־באַדינגונגען זיינען זיי ניט געווען. די אַמעריקאַנישע סוועטינג־שעפּער זיינען זיי געווען ליבער ווי די היימישע פּרנסות, מיט וועלכע מען איז קיינמאָל ניט געווען זיכער. דער אימיגראַנט האָט געאַרבעט מיט אַלץ, און איבער זיינע כוחות און איז געווען אַ שמח בחלקו. ווי שלעכט דאָס איז ניט געווען, איז עס געווען אַ גן־עדן קעגן רוסלאַנד.

די שווערע אַרבעט פון די „שוויס־שעפּער" האָט אָבער דער־שלאָגן דעם בעל־מלאכה, האָט אים דערנידעריקט צו דער מדרגה פון אַ שווייגנדיקער געצייג. זיינע הענט און פיס האָבן זיך באַוועגט מע־כאַניש. דער מוח האָט וויניק געאַרבעט. מען איז שטענדיק געווען שלעפעריק, מיד, צעבראָכן, אָן מוט עפּעס צו פאָדערן און אָן כוח צו דענקען.

די יעניקע, וועלכע זיינען צוליב דער אָדער יענער אורזאַך גע־וואָרן די פירער, די „גדולים", האָבן געהאַט אַן אומבאַשרענקטע מאַכט איבער דער מאַסע, וואָס האָט איבערהויפּט ניט געהאַט קיין ברעקל איניציאַטיווע און האָט, ווי אין שאָף, אַזוי אויך אין דער אָרגאַניזאַציע, אונטערטעניק געהאָרכט און געפאָלגט די דעקרעטן פון פירער מע־כאַניש, אָן איבערלייגונג.

די מוטלאָזע פון אַרבעט פאַרחושכטע אַרבעטער־מאַסע, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שטיק טייג, פון וועלכער מען האָט געקענט אויס־קנעטן אַלערליי פיגורן. דאָס איז געווען אַ געהאָרכזאַמע סטאַדע, וועלכע די פאַסטוכער האָבן געקענט טרייבן, וואוהין זיי האָבן געוואָלט. האָט זיך עמיצער אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד, איז ער דאָרטן געזעסן און געוויזן דעם וועג. און די בידנע מאַסע איז נאָכגעגאַנגען בלינדער־הייט.

דער דערפאָלג אָדער מיסדערפאָלג פון אַ יוניאָן אָדער אַזוי אַן אָרגאַניזאַציע, איז געווען אָפּהענגיק פון דעם סאָרט פירער, וועלכער האָט דאָרטן געוועלטיקט.

אַן אַנדער מין אימיגראַנטן האָט אַהער אָנגעהויבן צו קומען נאָך דער ערשטער ניט־איינגעגעבענער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 און שפּעטער.

צווישן די נייע איינגעוואַנדערטע זיינען שוין געווען וויי‌ניקער נידערגעשלאָגענע מענטשן, מענטשן מיט מער זעלבסשטענדיקייט, וועל־כע האָבן דורכגעמאַכט אין דער היים אַ באַוועגונג, וואו זיי האָבן אויס־געגלייכט דעם רוקן און אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

איז אָבער געווען אַן אַנדער צרה.

מען איז אַהער געקומען מיט דעם געדאַנק זיך אויסצורוען פון דער רעוואָלוציע, זיך באַלעבאַטיש איינאָרדענען און וואָס וויי‌ניקער צו האָבן אַ געשעפט מיטן „וועלט־שמערץ״. אַ סך פון די נייע אָריי־בערגעקומענע האָבן זיך גלייך גענומען צו ביזנעס, אָנגעקלאַפּט די טירן פון אַ נייער מער פאַרשפּרעכנדיקער וועלט. מאַנכע האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט צו דער מדרגה פון פירער, וועלכע זיינען שוין ממילא, אויטאָמאַטיש געוואָרן לומדים, חכמים און סופרים (שרייבער).

די מאַסע האָט נאָך אַלץ געלאָזט אויף זיך רייטן; ערשטנס, צוליב דער אַלטער טראַדיציע, אַז זי מוז לשם דיסציפּלין פאָלגן, וואָס מען הייסט איר, און צווייטנס, דערפאַר, וואָס זי האָט באַטראַכט דעם שאָפּ אַלס איבערגאַנג־צייט, אַלס אַ צייטווייליקע באַשעפטיקונג, פון וועל־כער מען וועט פריער אָדער שפּעטער פטור ווערן.

אַ גאַנץ נייער טיפּ אימיגראַנטן האָט אָנגעהויבן קומען זינט דער מלחמה־צייט (ד״ה נאָך 1914־1915 — ה. פּ.).

דאָס זיינען שוין מענטשן, וואָס זיינען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין די שרעקלעכע יאָרן. זיי האָבן שוין דורכגעמאַכט אַלע זיבן פייערן פון גיהנום, זיינען געגאַנגען אין פייער און געבראָדזשעט אין וואַסער. זיי זיינען געקומען אַרבעטן, ווייל זיי האָבן איינגעזען, אַז אַרבעט איז די בעסטע און ערלעכסטע באַשעפטיקונג. זיי האָבן זיך איבערצייגט

פאַר דער צייט, ווען זיי איז אויסגעקומען זיך צו וואַלגערן אין פאַר־שיידענע לענדער, אַז אין די לופט־פּרנסות זיינען דאָ ווייניק ברכות. דער שטענדיקער קוואַל פון זייער חיונה איז געוואָרן אַרבעט, מיט וועלכער זיי לעבן זיך־מער אָדער ווייניקער איין. ניט ווייניק פון אָט דעם טיפּ אַריבערגעקומענע האַלטן זייערע אויגן געווענדעט צו רוס־לאַנד, וואו אַרבעט איז אַ סך מער יחוס, ווי אַן אַנדער פּרנסה.

איז דער שאָפּ געוואָרן דער אָרט, וואו זיי דאַרפן פאַרברענגען יאָרן און יאָרן, כל־זמן זיי וועלן האָבן כוח צו אַרבעטן, ווילן זיי, פאַר־שטייט זיך, זען, אַז דאָס לעבן דאָרטן זאָל זיין ווי עס איז צו דער־טראָגן. זיי האָבן זיך זייערע אייגענע מיינונגען וועגן די אויפגאַבעס פון אַ פירער, פון אַ יוניאָן. זיי האָבן גענוג אינטעליגענץ צו באַאור־טיילן, וואָס איז גוט און וואָס ניט. פון דער אַמאָליקער שווייגנדיקער געהאָרכזאַמקייט און נידערשלאָגנקייט איז אַפילו קיין שפּור ביי זיי ניט פאַראַן. געפעלט זיי אַ מיינונג נעמען זיי אָן; ניט — ווייזן זיי צוריק. איז אַ פירער באַליבט — אַפּלאָדירן זיי אים; האָט מען אים פיינט — פייפט מען אויף אים. וויל עמיצער כבוד, בלעטערט מען אַפריער דורך דאָס בוך פון זיינע מעשים טובים. בלינדערהייט פאָלגט דער עולם ניט. מיט אַזאַ מאַסקע קען מען ניט טאָן וואָס מען וויל, נאָר מען מוז אויסדריקן אירע פאַרלאַנגען, די פאַרלאַנגען פון פאָלק, וואָס באַזיצט אַ גרויסע מדרגה פון אינטעליגענץ און האָט אַ שטאַרקן חוש, וואָס עס פּאַסט יאָ פאַר אים און וואָס ניט.

אָט די איצטיקע מאַסע האָט איר ווילן, און די וואָס שטעלן זיך אַקעגן איר, וועלן פריער אָדער שפּעטער מוזן גיין.

ב

אָט אַזוי האָט זאַקס אין אַ בילדלעכער, לעבעדיקער פאָרם געשילדערט דעם טיפן איבערברוך אין גייסטיקן וועזן פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע דורך די קריטישע יאָרן פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר די יידן אומעטום: פון 1915 ביז 1920. כדי אָבער צו פאַרשטיין דעם פולן סאָציאַלן הינטער־גרונט פון די וויטערדיקע אַנטוויקלונגען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, אין וועלכע זאַקס גענומען אַזאַ נאָענטן אַנטייל דורך די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן, איז נויטיק, כאָטש בקיצור, זיך אָפּצושטעלן אויף די וויכטיקסטע סאָציאַלע ענדערונגען און פאַקטאָרן, וואָס האָבן געווירקט אין יענער צייט און דערביי אויסגעפאָרעמט אַ גאַנץ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון יידישן סאָציאַלן קאַמף דאָ אין לאַנד.[2]

אין פאַרלויף פון דער וועלט־מלחמה האָבן אַלע אַמעריקאַנער אינדוסט־ריעס, באַזונדערס די קליידער־אויסאַרבעטונג, פּראָספּערירט. די טרייד־יוניאָנס אין די נאָדל־פאַכן, די אַזוי־גערופענע „יידישע טריידס", האָבן זיך פאַרשטאַרקט. די „אינטערנעשאָנאַל" פון די פרויען־קליידונג אַרבעטער האָט אין די יאָרן 1915־1918 באַשאַפן מוסטערהאַפטע סאָציאַלע איינריכ־טונגען, ווי אַ פּילשפּראַכיקע טרייד־יוניאָן פּרעסע, אָוונט־קורסן, קליניקס אאַז"וו. אַנדערע טרייד־יוניאָנס, וואו יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן, ווי די שפּייז־אינדוסטריע, בוי־אַרבעט, שיך־אַרבעט, דרוקער, יוּוועלירן, אאַז"וו האָבן אויך דורכגעמאַכט אַ שטאַרקן וואוקס און אַנטוויקלונג. אין דער זעלביקער צייט האָבן אָבער זינט 1918־1919 אָנגעפאַנגען צו ווירקן אויך אַנדערע נייע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן, און דווקא אַזעלכע, וועלכע האָבן דעם יידישן טרייד־יוניאָניזם אָפּגעשוואַכט.

די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד און דייטשלאַנד, דער סכסוך און קריגערײ צווישן די „מעסיקע סאָציאַליסטן" און די עקסטרעמע אָדער „לינקע", האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די שפּאַלטונגען און רייסערייען אין די יידישע אַרבעטער־רייען. מער ווי אַ וועלכער ס'איז צווייטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָדער פּסיכאָלאָגישער אומשטאַנד, האָט אָט דער אינעווייניקסטער קאַמף אָפּגעשוואַכט די מאַכט און דעם פּרעסטיזש פון יידישן טרייד־יוניאָניזם.

דערצו איז נאָך געקומען די אימיגראַציע־גזרה פון יאָר 1924 (קוואָטע־געזעץ), און די יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג אין אַמעריקע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס, ווי איטאַליענער, סלאַוון און נעגערס, האָבן ביסלעכווייז פאַרנומען יענע אַרבעט־פּאָזיציעס, וועלכע די יידן האָבן פון לאַנג געהאַלטן אין די נאָדל־פאַכן. דאָרט, וואו יידן זיינען לאַנג געווען אַ מערהייט, זיינען זיי ביסלעכווייז געוואָרן אַ מינדערהייט. פון יאָר צו יאָר פלעגן אַלץ ווייניקער יידן אַריינטרעטן אין די גרויסע שניידער־אַרבעטער יוניאָנס, פּשוט ווייל אַזוי וויניק פרישע יידישע אַרבעט־כוחות האָבן זיך גענומען צו דער פאַבריק־אַרבעט מיט שער און אייזן. געוויסע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטענדן האָבן אויך מיטגעווירקט אין די איבערשיכטונג־פּראָצעסן, וואָס האָבן געפירט דערצו, אַז יידן זאָלן אַוועקגיין פון די אַרבעט־פּאָזיציעס. ס'האָבן זיך געעפנט, זינט 1917, אַ סך נייע מסחר־פּרנסות אין אַמעריקע, מחמת די פּראָדוקציע איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. די נייע מאַ־שינען האָבן אי אויסגעאַרבעט מער סחורה, אי אַרויסגעשטופּט אַלץ מער מענטשלעכע הענט. ממילא איז געוואָרן אַ סך פּלאַץ פאַר פאַרקויפער, קרע־מער, פאַרמטילער, אאַז"וו אָנשטאָט די פריערדיקע פּראָפעסיעס, וואָס זיינען בטל געוואָרן מיט דער איינפירונג פון די נייע מאַשינען און אַרבעט־מעטאָדן.

אגב, איז די חיונה ביי אַ סך שניידער־אַרבעטער אַוועקגעריסן געוואָרן דורכן גאַנג פון לעבן גופא. נייע באַקוועמלעכקייטן און דערפינדונגען, ווי

די צענטראַל־באַהייצונג פון דירות און ביוראָ־געביידעס, אויטאָמאָבילס אד״גל האָבן אָדער פאַרקלענערט דעם באַדאַרף אין די וואַרעמע וואָלענע מלבושים אָדער זיי האָבן געצוואונגען די מיטלשטאַנד קרייזן איינצושפּאָרן די הוצאה אויף מלבושים, כדי צו קענען אויסגעבן מער געלט אויף אויטאָמאָ־בילס, פּעשאָנעבעלע פּוצזאַכן (ווי זיידענע זאָקן, פעלצן) טוריסטיק (נסיעות קיין איראָפּע) אד״גל. דער מאַרק פון פאַרטיקע קליידער איז ממילא כסדר קלענער געוואָרן.

צוגלייך מיט דעם איז אָבער געגאַנגען אַ טיפע פאַרענדערונג פון דעם יידישן לעבנסשטייגער אין די גרויסע שטעט, און דאָס האָט אויך באַאיינ־פלוסט די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. יידישע משפחות, למשל, פלעגן זיך אַריבערקלייבן, אינאיינעם מיט זייער אַריבערשפּרייז אין די מיטלשטאַנד־פּרנסות, אויך אין די נייע בעסערע שטאָט־טיילן, וואו די וויכטיקסטע קאָנסום־אַרטיקלען, ווי ברויט אאַז״וו, פלעגן אויסגעאַרבעט ווערן פון די פריער־עק־זיסטירנדיקע אַרבעטער־גרופּעס, וואו קיין יידן זיינען אַזוי גוט ווי אינגאַנצן ניט געווען. יידישע בעקער־אַרבעטער פלעגן אין די יוניאָן־אָרגאַניזאַציעס פון די ניט־יידישע בעקער ניט אַריינגענומען ווערן. דערצו איז דער יידי־שער עולם בכלל שוין צוגעוואוינט געוואָרן צו די ניט־יידישע געבעקס, וואָס קומען בדרך הכלל פון די גרויסע ברויט־פאַבריקן, וואָס באַשעפטיקן ניט קיין יידישע אַרבעטער אָדער יוניאָן־אַרבעטער בכלל. אָט די שפּייז־אַר־בעטער יוניאָנס, די ברויט־בעקער, האָבן אָנגעפאַנגען צו ליידן פון אַ כראָ־נישער און שווערער אַרבעטלאָזיקייט און די מכה פלעגט שווערער ווערן פון יאָר צו יאָר.

דער געפערלעכסטער שונא פון די יידישע שניידער־אַרבעטער איז אָבער געקומען פון אַן אַנדער ווינקל. נייע מאַשינען און מעטאָדן האָבן געעפנט פרישע פעלדער פאַר אַמעריקאַנער פּרויען־אַרבעטער, און די אונטערנעמער אין דער באַקליידונג־אינדוסטריע האָבן נאָך פיל לייכטער ווי פריער (אַ דאַנק די נייע גוטע אויטאָמאָביל־וועגן און די לאַסט־וועגענער, טראָקס״) געקענט אַריבערפירן זייערע אַרבעט־פּלעצער, די „שעפּער״, אין די שטעט־לעך איבערן לאַנד, דאָרט באַשעפטיקן די ביליקע פּרויען־אַרבעט און צונע־מען די פּרנסה פון די ניו־יאָרקער יידישע נאָדלפאַך־אַרבעטער. פון שטענ־דיק איז אָט די וויכטיקע „יידישע אינדוסטריע״ געפּלאָגט געוואָרן פון קורצע פיבערהאַפטע סעזאָנען, און אָט די מכה האָט אין די נאָך־מלחמה־יאָרן, נאָך מערער ווי ווען ס׳איז פריער, געפּלאָגט די קאָמפּליצירטע קליידונג־אינ־דוסטריע מיט אירע שטאַרק־פאַרפּלאָנטערטע באַציאונגען צווישן די באַזונ־דערע פאַקטאָרן פון דער פאַרצווייגטער פּראָדוקציע — די „מאַנופעקטשו־רערס״, „דזשאָבערס״, „קאָנטראַקטאָרס״, און אַרבעטער־יוניאָנס.

## ג

די קליידונג־אינדוסטריע איז אין יענער צייט, ווי שטענדיק, זייט 1897 אָן, געווען די יידישע אינדוסטריע, אין אירע פאַרשיידענע צווייגן האָבן צום גרעסטן טייל געאַרבעט יידישע אַרבעטער. ווען מ׳האָט גערעדט וועגן דער יידישער אַרבעטערשאַפט, האָט מען געמיינט די פרויען־קליידער אַרבעטער, די מענער־שניידער, די הוט־ און קעפּ־מאַכער, און די פּאַריערס (קירזשנערס). אין דער קליידער־אינדוסטריע האָט זיך געפונען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, סיי אין קוואַנטיטעט, סיי אין קוואַליטעט. און יעדער קאַמף אין די צוויי וויכטיקסטע צווייגן פון אָט דער אינדוסטריע — די מענער־שניידער און די פרויען־קליידער אַרבעטער — איז שוין ממילא געווען אַ קאַמף פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. און דאָס יאָר 1921 איז געווען אַ יאָר פון העפּטיקע קאַמפן, פון אַ טיפער אָנשטרענגונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. פון יאָר 1920 האָט דאָס יאָר 1921 באַקומען בירושה דעם גרויסן סטרייק פון די מענער־שניידער, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 16 וואָכן און אין וועלכן די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער „אַמאַלגאַמייטעד״ (יוניאָן פון די מענער־שניידער, געגרינדעט אין 1914) איז געשטאַנען אין קאָן. און אין סוף 1921 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סטרייק פון די קלאָוקמאַכער, וואָס האָט געדויערט עטלעכע מאָנאַטן. דאָס יאָר 1921 איז געבוירן געוואָרן אין אַ קאַמף און איז אַוועקגעגאַנגען אין אַ קאַמף.

ווי באַזונדער עס זאָל ניט זיין די לאַגע פון די יידישע טריידס, ווערן זיי אָבער באַהערשט אין אַ גרויסער מאָס פון אַרומיקן לעבן, פון אַרומיקן קאַמף. איז שטיל ביי די גויים, איז רואיק אין די יידישע און אימיגראַנטן־טריידס; הערשט, אָבער, פרידן אין די גרויסע הויפּט־אינדוסטריעס, איז דעמאָלט אַרבעטן רואיק און פרידלעך די אַלע „פּראָטאָקאָלן״, אָפּמאַכן און אַלערליי אַרביטריישאָן־ און אויסגלייכונג־קאָמיטעס אין די יידישע טריידס. און ווידער פאַרקערט, איז דער רעזולטאַט אויך דער זעלבער.

און אויך דעמאָלט, אין 1920־1921, זיינען די גרויסע סטרייקס ביי די שניידער, ביי די קלאָוקמאַכער און אין עטלעכע קלענערע טריידס, ניט אַרויסגערופן געוואָרן פון די באַדערפענישן פון די טריידס גופא. דאָ האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן „שמערצלעכן איבערגאַנג־פּראָצעס פון קריגס־צייט צו פרידן״, ווי די גרויסע קאָרפּאָראַציעס פלעגן דעמאָלט באַצייכענען זייערע אַגרעסיווע שריט קעגן די אָרגאַניזירטע און ניט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער. די באָסעס זיינען אַרויס אין קאַמף מיט די מענער־קליידונג שניידער ניט כדי אַרונטערצונעמען אַ פּאָר דאָלער אַ וואָך פון אַ שניידער, נאָר צעברעכן די אָרגאַניזאַציע, וואָס די שניידער האָבן אויסגעבויט מיט אַזוי פיל מי, כוחות און אָפּפערווויליקייט. די „אַמאַלגאַמייטעד״ איז געווען פאַררעכנט פאַר

אַ ממזר־קינד אין דער „אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר", און די באָסעס האָבן געדענקט, אַז ס'איז געקומען די פּאַסיקע צייט צו דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ דער „אַמאַלגאַמייטעד", און איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור ווערן פון דער צרה. געוואָלט האָבן זיי ניט קיין הנחות פון דער יוניאָן, נאָר אויס יוניאָן...[3]

די שניידער האָבן העלדיש געקעמפט, געליטן הונגער און נויט, און ניט דערלאָזן צו צעברעכן זייער אָרגאַניזאַציע.

אויך הינטער דעם גרויסן קלאָוקמאַכער־סטרייק פון 1921־1922 איז געלעגן די שטרעבונג פון די „באָסעס" אַריינצוטראָגן אַ שטאַרקע דעמאָראַ־ליזאַציע אין די רייען פון די אַרבעטער און שאַפן אַן אומדערטרעגלעכע לאַגע פאַר דער יוניאָן, מיט וועלכער די אַסאָסיאיישאָן פון די מאַנופעקטשו־רערס האָט אָפּגעבראָכן דעם אַגרימענט.

די יידישע קלאָוק־ און שניידער־מאַנופעקטשורערס האָבן זיך פּשוט פאַרקוקט אויף זייערע קריסטלעכע פריינט. דאָרטן איז דער אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַל קיינמאָל ניט געווען אַזוי קריגעריש ווי אין 1920־1921. דאָרטן האָט מען דערשטיקט אַלע דעראָבערונגען וואָס די אַרבעטער האָבן געקראָגן אין קריגס־צייט. דאָרטן האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף פאַרן „אָפּען שאַפּ", ס'האָט געהאָגלט מיט אינדזשאַנקשאָנס קעגן יוניאָנס און סטרייקס, האָבן אויך די יידישע אינדוסטריעלע מאַגנאַטן זיך אָנגעגאַרט די לענדן און זיינען אַרויס אין קאַמף קעגן די יוניאָנס. סיי ביי די שניידער און סיי קלאָוק־מאַכער האָבן די באָסעס ספּעקולירט אויף דער שלעכטער צייט, אויף דער אַרבעטלאָזיקייט און אויף דער געדריקטער שטימונג, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט צווישן די אַרבעטער פון לאַנד. זיי האָבן אויך געהאָפט אויף די קאָורטס, וועלכע פלעגן ניט זשאַלעווען קיין אינדזשאַנקשאָנס קעגן די סטרייקערס.

אָט די ביטערע סכסוכים אין די צוויי וויכטיקסטע פאַכן האָבן דעם יאָר 1921 געמאַכט פון דעם ערגסטן קריגס־יאָר זינט 1911.

דער באַאָבאַכטער פון דער אַרבעטער־סיטואַציע האָט אונטערגעצויגן אַזאַ סך־הכל פון אַן איבערזיכט פון יאָר 1921 אין שייכות מיט דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

„אין דער טרויעריקערווירקלעכקייט פון דער אַלגעמיינער טרייד־יוניאָן באַוועגונג און די טאָג־טעגלעכע לוין־רעדוצירונגען, אָפּשאַפונג פון יוניאָן־באַדינגונגען און אָפּען־שאַפּ פאַרזוכן, איז די יידישע יוניאָן־באַוועגונג פאָרט געווען אַ ליכטיקער שטראַל אין אַ וואָלקנדיקן הימל. אמת, ניט אַלץ איז ביי אונדז אַזוי ווי מיר וואָלטן עס וועלן זען. פאַרבעסערונגען און ענדע־רונגען זיינען נויטווענדיק. אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער באַווע־

גונג, מיט אירע דורכפאַלן און צוריקטרעטן, איז אונדזערע אַ שריט פאָר־אויס, אַ שטיק פּראָגרעס.

„דאָס יאָר 1921 איז געווען אַ שלעכטער און שווערער יאָר פאַר די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אַ יאָר פון שווערע קאַמפן, אַ יאָר פון ביטערער אַרבעטלאָזיקייט. קיין שטומע שעפּסעלעך זיינען אָבער די יידישע אַרבעטער ניט געווען. ווי שווער די צייט איז געווען, האָבן זיי ניט אַראָפּגעלאָזט די הענט און ניט נאָכגעלאָזט פון זייערע גרינטלעכע דעראָבערונגען".[4]

דאָס אַלץ איז דאָ דערציילט געוואָרן, כדי צו ווייזן אויף וואָס פאַר אַ פאַרוויקלטן הינטערגרונט ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די סכסוכים פון די 1920ער יאָרן, די ברודער־קאַמפן אין די אַרבעטער־רייען. זיי האָבן געפונען, ווי מיר וועלן נאָך זען, אַ פולע און טיף־דורכגעטראַכטע באַלייכטונג אין דער פרוכטבאַרער פובליציסטישער טעטיקייט פון א. ש. זאַקס אין די לעצטע יאָרן פון זיין שטענדיק רעגזאַמען, אַקטיוון לעבן.

## הערות צום קאַפּיטל 10

1. א. ש. זאַקס: דער קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס (אַ סעריע אַרטיקלען), ז"ז 77־87.

2. דאָ גיבן מיר איבער גאַנץ בקיצור אַלע וויכטיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע ענדערונגען וואָס האָבן אין יענע יאָרן באַרירט די יידישע אַרבעטער־סביבה און באַוועגונג. זעט: ד"ר ה. פראַנק: „די אידישע טרעיד־יוניאָן באַוועגונג אין אַמעריקע" יאָרבוך פון אמאפטייל „ייוואָ", ב' 2, ניו־יאָרק, 1939, ז"ז 102־132.

3. מלך עפּשטיין: „דאָס יאָר 1921 אין די יידישע אַרבעטערשאַפט" אין „היינט", רעדאַקטירט פון א. ש. זאַקס, נומ' 1, 1טער יאַנואַר, 1922.

4. דערזעלבער, דאָרטן גופא.

XI

# צוריק אין אַן אַלט־נייער אייראָפּע

## א

דער לעבעדיקער אינטערעס, וואָס א. ש. זאַקס האָט אין די ערשטע עטלעכע יאָר נאָך דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע אַרויסגעוויזן צום אַלגעמיינעם און יידישן לעבן אין זיין אַלטן היימלאַנד האָט אים שטענדיק באַוועגט מיט די אייגענע אויגן צו זען און גוט באַטראַכטן יענעם נייעם שטייגער פון פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן דאָרט אויפן אָרט. ער און זיין פרוי האָבן זיך לאַנג אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן פון אַ רייזע קיין אייראָפּע, און דעם דאָזיקן שיינעם חלום האָבן זיי פאַרווירקלעכט זומער 1924. אָנפאַנג יוני זיינען זיי אָפּגעשוואומען פון ניו־יאָרק און זיינען סוף חודש אָנגעקומען אין בערלין.

אויף דער דייטשישער הויפּטשטאָט איז נאָך געלעגן די שווערע אָפּשטעמפּלונג פון די מלחמה־יאָרן און פון דער ווירסטער, הפקרדיקער נאָך־מלחמה צייט. דער קאָנטראַסט צווישן דער געהויבענער, שטאָלצער קייזער־לעכער רעזידענץ־שטאָט, וואָס זאַקס האָט פאַרלאָזן מיט 16 יאָר פריער, און דער געפאַלענער, פאַראָרעמטער בערלין, די הויפּטשטאָט פון דער דייטשישער רעפּובליק איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז די זאַקסעס, וואָס האָבן דאָרט פאַרבראַכט זייערע יוגנט־יאָרן, האָבן מיט צער און ווייטיק זיך צוגעקוקט צו דער טראַגישער ירידה פונם אַמאָליקן וועלט־באַרימטן קולטור־צענטער און וויכטיקסטן יידישן קבוץ פון מערב־אייראָפּע. באַזונדערס האָט זיך זיי געוואָרפן אין די אויגן דער ברויזנדיקער, פיבערדיקער נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די דייטשישע סטודענטנשאַפט. זי איז שטענדיק געווען מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין אַ זייער רעאַקציאָנערן, פרייסיש־פּאַט־ריאָטישן שאָוויניזם, אָבער גראָד דעמאָלט, נאָך דער איבערקערעניש פון סוף 1918, איז דאָך די צייט ניט געווען פּאַסיק פאַר אַזאַ הורא־פּאַטריאָטיזם, וואָס פלעגט, איצט ווי פריער, כסדר געפינען זיין אויסדרוק אין דעם ליד „דייטש־לאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס, איבער אַלעס אין דער וועלט!״ . . . איז דאָך דייטשלאַנד אָפיציעל שוין געווען אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, און האָט גע־מוזט באַצאָלן אַזאַ טייערן פּרייז פאַר די מיליטאַריסטישע און אימפּעריאַ־

ליסטישע פאַנטאַזיעס און אַמביציעס פון דעם קייזער און זיין קליקע. אָבער די ענגהאַרציקע, זעלבסצופרידנדיקע פּסיכאָלאָגיע פון דעם מיטלשטאַנד, וואָס פלעגט שטענדיק געפינען דעם שאַרפסטן אויסדרוק אין די דייטשישע סטודענטן־קרייזן איז פאַרבליבן אין 1924 די זעלביקע ווי אין 1908. דאָס האָט זאַקס גלייך פאַרשטאַנען, און האָט געהאַט אַ פאַרגעפיל מכוח דער אומ־פאַרמיידלעכער קאַטאַסטראָפע וואָס מוז אַרויסקומען פון דער שאָוויניסטי־שער כוואַליע, וועלכע האָט געהאַלטן אין רעכטן אָנהייב פון דער טייוולשער פאַרפלייצונג אין וועלכער ס׳איז אין יאָר 1933 דערטרונקען געוואָרען דאָס דייטשלאַנד וואָס די זאַקסעס האָבן אַזוי רעספּעקטירט און געליבט.

אין בערלין האָט זאַקס געגעבן אַן אינטערוויו די פאַרטרעטער פון די יידישע צייטונגען אין אייראָפּע, און האָט באַזוכט עטלעכע אַלטע פריינט און באַקאַנטע, צווישן זיי אויך דעם „אַלטמייסטער" פון דער דייטשישער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע, עדואַרד בערנשטיין. די זאַקסעס האָבן פאַרבראַכט אין בערלין בלויז דריי טעג אין סוף יוני אָדער אָנפאַנג יולי, אָבער דאָך איז א. ש. זאַקסן געלונגען אין משך פון אָט דער זייער קורצער צייט אויפצוטאָן אַ גאַר גרויסע, ממש היסטאָרישע אַרבעט, דהיינו — צו לייגן דעם גייסטיקן פונדאַמענט פאַר אַזאַ נייער און וויכטיקער קולטור־אינסטיטוציע אין יידישן לעבן ווי דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט. ס׳איז געוויס כדאי צו דערציילן וועגן אָט דער פאַסירונג אויספירלעך, און מיר וועלן עס דאָ טאָן, באַנוצנדיק זיך מיט אַ באַריכט פון אַן עדות, פון איינעם וואָס איז געווען פון די ערשטע בויערס און אפילו פיאָנערן פון דעם יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט — דער היסטאָריקער א. טשעריקאָווער (געשט. 1943). ער האָט, אין פינף יאָר נאָך דער גרינדונג פון „ייוואָ", אָפּגעדרוקט אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" אַ בלעטל זכרונות, פון וועלכע מיר קענען אַ סך לערנען.[1] אָט וואָס א. טשעריקאָווער שרייבט (פון זיין לאַנגן אַרטיקל ציטירן מיר בלויז יענע שטעלעס, וואָס האָבן אַ דריקטע שייכות צו א. ש. זאַקסעס ראָל אין דעם גאַנצן ענין, וואָס ווערט אין יענער אָפּהאַנדלונג באַ־שריבן):

> אין איינעם אַ יולי־טאָג אין יאָר 1924 בין איך פאַרבעטן געוואָרן פון יצחק שטיינבערג צו פאַרברענגען ביי אים אַן אָוונט מיטן באַקאַנטן יידישן שרייבער פון אַמעריקע א. ש. זאַקס. זאַקסן האָב איך געקאָנט פון אַמאָל, בעת מיר האָבן אינאיינעם אין ניו־יאָרק געאַרבעט אין דער צייטונג „דער טאָג", און מיר איז געווען אינטערעסאַנט צו טרעפן זיך מיט אים נאָך די שווערע 7־8 יאָר, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען. ביי י. שטיינבערגן האָב איך שוין געפונען אַ מענטשן 10־12 גוטע באַ־קאַנטע, פון אונדזער קרייז שרייבער און קולטור־טוער. אויסער די

ברידער שטיינבערגס זיינען דאָ געווען: נחום שטיף, יעקב לעשצינסקי, בן־אַדיר, ד״ר אַלשוואַנגער, קורסקי, קאַסאָווסקי און נאָך אַ פּאָר.

נאָך דעם, ווי מען האָט אָפּגעגעבן שלום דעם גאַסט, האָט א. ש. זאַקס גענומען דאָס וואָרט און איז אַרויס מיט אַזאַ פֿאָרשלאָג.

ביי אונדז, באַזונדערס ביי אונדז אין אַמעריקע, פֿילט מען אַ שטאַרקן דוחק אין וויסנשאַפֿטלעכע ווערק און האַנטביכער אין יידיש אויף פֿאַרשיידענע אַלגעמיינע וויסנשאַפֿטלעכע געביטן. באַזונדערס פֿילן דעם דוחק די לערער פֿון יידישע שולן, די פֿירער פֿון סעמינאַר און די, וואָס אַרבעטן פֿאַר דער פּאָפּולאַריזאַציע פֿון וויסן צווישן דעם יידישן עולם. אין בערלין געפֿינט זיך אַ גאַנץ פֿיינע גרופּע יידישע שרייבער און מענטשן, וואָס אַרבעטן וויסנשאַפֿטלעך, עס דאַרף דעריבער געגרינדעט ווערן אַ יידישע אַקאַדעמישע אינסטיטוציע, וואָס זאָל העלפֿן אַרויסגעבן אין יידיש אַלגעמיינע ווערק וועגן סאָציאָלאָגיע, פֿיזיק, כעמיע, פּעדאַגאָגיק, וכדומה. בערלין איז דער נאַטירלעכער געאָגראַפֿישער פּונקט און דער פּאָסיקער צענטער דערצו. פֿאַרוואָס זאָל מען נישט פּרוּוון?

דער פֿאָרשלאָג איז געקומען פֿאַר אַלעמען אַ ביסל אומגעריכט און איז אויפֿגענומען געוואָרן מיט אַ געוויסער קאַלטקייט. דער עצם געדאַנק האָט ניט אַלעמען אימפּאָנירט. „יפיפתו של יפת״ אויפֿן וויסנשאַפֿטלעכן געביט; אַ מין השכלה מיט אַ נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן און יידישיסטישן אונטערשלאַק. די, וואָס האָבן געאַרבעט וויסנשאַפֿטלעך, האָבן געוואָלט שאַפֿן אָריגינעל און ניט געוואָלט פֿאַרנעמען זיך מיט קאָמפּילאַציעס און איבערזעצונגען פֿון אַלגעמיינע וויסנשאַפֿטלעכע ווערק. אין דער דעבאַטע האָבן אייניקע אויף דעם אָנגעוויזן, אַנדערע האָבן זיך בכלל אַרויסגעזאָגט סקעפּטיש וועגן דער מעגלעכקייט צו שאַפֿן אַזאַ אינסטיטוציע, וואָס פֿאָדערט גרויסע געלט־מיטלען. ס'זיינען אָבער געווען אַ פּאָר מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דער געדאַנק וועגן שאַפֿן אין בערלין אַ יידישע אַקאַדעמישע אינסטיטוציע איז אין תוך אַ געזונטער, הגם וועגן איר פּראָגראַם לאָזט זיך נאָך רעדן.

וואַרעמער פֿאַר אַלעמען האָט זיך אָנגעכאַפּט נ. שטיף. קיין הייסע דעבאַטע, ווי עס פּאַסירט געוויינלעך אין אונדזערע קרייזן, איז אָבער ניט געווען; גיכער אַ מהיכי־תיתי־שטימונג און אַ לייכטער סקעפּטיציזם. לסוף איז דאָך באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפֿן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסאַרבעטן אַ מער קאָנקרעטן פּלאַן, און אַז א. ש. זאַקס וועט אויף צוריקוועגס ווידער זיין אין בערלין, זאָל מען דעם עולם ווידער צונויפֿרופֿן און באַהאַנדלען. אין דער קאָמיסיע זיינען אַריין: נ. שטיף, י. שטיינבערג און דער שרייבער פֿון די שורות. אָבער די קאָמיסיע

האָט אַפילו ניט אָפּגעהאַלטן קיין איין זיצונג, און א. ש. זאַקס איז דורכגעפאַרן בערלין אומבאַמערקבאַר, מסתמא אין סאַמע ברען פון די זומער־אורלויבן.

און אַזוי וואָלט דער פאָרשלאָג געבליבן אַן עפּיזאָד אָן אַ שום רעזולטאַט, איינער פון יענע שיינע פּראָיעקטן, וואָס וואַקסן אויס ביי אונדז אַזוי שנעל כקקיון דיונה און האָבן אויך ניט קיין לענגערן אַריכת־ימים. דאָס וואָרט איז אָבער געפאַלן צו דער צייט און האָט זיך טיף אַנגעטשעפּעט אין עמיצנס מוח.

ווייטער דערציילט א. טשעריקאָווער, ווי שפּעטער, האַרבסט, 1924, איז עטלעכע חדשים נאָכן שמועס מיט א. ש. זאַקסן, האָט ער זיך געטראָפן מיט נ. שטיפן און די ברידער שטיינבערג, און זיי האָבן פאַרפירט אַ נייעם שמועס וועגן דעם פּלאַן פון אַן אַקאַדעמיע פאַר יידישע פאַכן. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אַמטפּיסטן געעגבערט דעם מוח ביי נחום שטיפן, און ער האָט פלייסיק זיך גענומען צו דער אויפגאַבע אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פון אַזאַ אַקאַדעמיע. אַן אויספירלעכער פּלאַן איז ביי אים, נאָך אַן אומדערמידלעכער אַרבעט, פאַרטיק געוואָרן אין פעברואַר, 1925. מ'האָט זיין מעמאָראַנדום צעשיקט צו די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע און ווילנע, אויך קיין ליטע און לעטלאַנד. די קאָמיטע, וואָס האָט אויך זיך גענומען צו רעדאַקטירן נ. שטיפס מעמאָראַנדום, האָט אים אויך אַרויסגעשיקט קיין ניו־יאָרק, צו א. ש. זאַקס און ב. צ. גאָלדבערג פאַר די אַמעריקאַנער קולטור־אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז געווען אַ דיקער העפט פון 30־40 זייטן איבער־געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין, מיט אַ געניועם פּראָיעקט וועגן אַ יידישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, מיט אַ גרינטלעכן אַנאַליז פון די וויסנשאַפט־לעכע אויפטועז, וואָס זיינען ביז איצט געמאַכט געוואָרן אין יידיש, און אַפילו מיט אַ קאָנקרעטן פינאַנס־פּלאַן. ס'איז ניט געווען יענער פּלאַן פון א. ש. זאַקסן, בלויז דער נאָמען איז געבליבן. אין דעם מעמאָראַנדום איז די אויבן־דערמאָנטע מיינונג, מכוח אַן אַקאַדעמיע פאַר יידישע פאַכן אין יידיש, געווען פיל טיפער דורכגעטראַכט און קלאָרער פאָרמולירט. די בערלינער איניציאַטיוו איז מיט באַגייסטערונג אונטערגעכאַפּט געוואָרן אין ווילנע, און די דאָרטיקע שול־ און קולטור־טוער האָבן אויסגעאַרבעט באַ־שטימטע „טעזיסן", לויט וועלכע דער גרויסער פּלאַן זאָל פאַרווירקלעכט ווערן. (צווישן אַנדערע פאָרשלאָגן איז אין די „טעזיסן" אויך פאָרגעשלאָגן געוואָרן דער נאָמען זאָל ניט זיין „יידישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע", נאָר „יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט" — דער נאָמען געהערט, אַלזאָ, ווילנע).

זומער, 1925, האָט די בערלינער גרופּע אָדער ביוראָ, וואָס איז פאַקטיש באַשטאַנען בלויז פון נ. שטיף און א. טשעריקאָווער, שוין געהאַט פאַרטיק אַ מער קאָנקרעטן פּלאַן און האָט אונטערגענומען נייע טריט פאַר זיין רעאַליזאַציע. דאָ ווילן מיר ווייטער געבן דירעקט דאָס וואָרט אַ טשעריקאָווערן, וואָס איז געווען איינער פון יענע צוויי טעטיקסטע מיטגלידער פון דער בערלינער איניציאַטיוו־גרופּע און פּראָפּאַגאַנדע־ביוראָ, הגם ווי ער שרייבט, איז די הויפּט־אַרבעט געפאַלן אויף די פּלייצעס פון נ. שטיפן, וואָס האָט זי געטאָן מיט אַ געוואַלטיקן ברען. אָט וואָס א. טשעריקאָווער דערציילט:

דעם 7טן אויגוסט, 1925, האָט בערלין אַרויסגעלאָזט דעם ציר־קולאַר נומ׳ 1, אַ מין „צו אַלעמען, אַלעמען, אַלעמען”. צעשיקט האָבן מיר אים צו די יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און קולטור־טוער איבער דער גאַרער וועלט, וועמעס אַדרעסן עס איז אונדז געלונגען פעסט־שטעלן. מיט אַ באַזונדערער און פאַרשטענדלעכער עקשנות האָבן מיר געקלאַפּט אין די טויערן פון אַמעריקע. מיר האָבן געשריבן צום „אַרבעטער־רינג”, צום „פּרץ־פאַראיין”, צו אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און אָן אַ צאָל פּריוואַט־פּערזאָנען. מיר האָבן טעלעגראַפיש געבעטן ד״ר ח. זשיטלאָווסקי צו שטעלן די פראַגע אויף דעם יובל־קאָנווענשאָן פון „אַרבעטער־רינג” אין מאַי 1925. דערשלאָגן האָבן מיר זיך זייער ווייניק. מיט אַ חודש שפּעטער האָט דער „אַרבעטער־רינג” באַשלאָסן אַוועקצוזעצן אַ קאָמיסיע צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן אינסטיטוט. דערפון איז אָבער אויך גאָרניט געוואָרן.

פאַר דער שטימונג ביי אַ ריי וויכטיקע קולטור־טוער אין אַמע־ריקע איז כאַראַקטעריסטיש דער ענטפער, וואָס מיר האָבן דאַן באַקו־מען פון ש. ניגערן: די זאַך — האָט ער געשריבן — איז אים, נאַ־טירלעך, זייער ליב, אָבער ער איז שטאַרק פּעסימיסטיש וועגן די מעג־לעכקייטן אויפצוהייבן אַזאַ שווערן ענין. פון די ערשטע, באַטירלעך, האָבן מיר זיך געווענדט צו א. ש. זאַקסן. ער האָט אונדז אָבער אָפּגע־ענטפערט מיט אַ לאַנגער פּאָלעמיק, אַז אונדזער פּלאַן פון אינסטיטוט איז צו יידישלעך, עס פעלט דאָרט אַלגעמיין וויסן...

ערשט אין אָקטאָבער, 1925, האָט זיך אין אַמעריקע געבילדעט אַ גרופּע פריינט און עס איז געגרינדעט געוואָרן די אַמעריקאַנער סעקציע. אָפּגערופן האָבן זיך דר״ י. שאַצקי און י. ל. כהן, גראָד די וואָס זיינען דאַן ניט געשטאַנען פון די ערשטע אין מזרח־וואַנט פון דער אַמערי־קאַנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

מיר האָבן ציטירט אַ היפּשן טייל פון א. טשעריקאָווערס אַרטיקל, ווייל אין אים איז כמעט אויף אַ דאָקומענטאַלן אופן, פאַרצייכנט געוואָרן א. ש. זאַקסעס מערקווירדיקע ראָל פון אַן איניציאַטאָר און אַפילו „אינספּיראַטאָר״ פון דער אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך אַזוי שיין אַנטוויקלט אין די לעצטע 18 יאָר. הגם, מחמת אַ ריי סיבות, האָט זאַקס אַליין אין דער אַרבעט פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט גופא שפּעטער זיך גאַנץ שוואַך באַטייליקט. צום אויבן־ציטירטן אַרטיקל פון א טשעריקאָווער האָט די רעדאַקציע פון די „ליטעראַרישע בלעטער״ נאָך צוגעשטעלט אָט אַזאַ אינטערעסאַנטע פּוס־נאָטיץ:

ווי א. ליטוואַק שרייבט אין זיין אַרטיקל „וועגן אַ יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט״ אין די „ליטעראַרישע בלעטער״ נומ׳ 52 פון 30טן אַפּריל 1925, איז אויף דער דערמאָנטער באַראַטונג (בײַ י. שטיינבערג אין בערלין) געווען: א. טשעריקאָווער, דער היסטאָריקער מ. סאָלאָווייטשיק, די ברידער שטיינבערג, פראַנץ בלומקין־קורסקי און א. ליטוואַק. — לויט א. ליטוואַק, איז א. ש. זאַקס געקומען קיין בערלין מיט אַ פּלאַן פון אַ יידישער הויכשול. ער האָט געהאַט אַ פולמאַכט פונם פּרץ שרייבער־פאַראיין אין ניו־יאָרק, פון אַ גרופּע דאָרטיקע שריפטשטעלער און כלל־טוער, פריינט פון בעל־מחשבות, וועלכע האָבן געוואָלט מיט אַזאַ אינסטיטוציע פאַראייביקן דעם אָנדענק פון פאַרשטאָרבענעם קריטיקער.

אינצווישן איז דער אמתער איניציאַטאָר פון איצטיקן „יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט״, נחום שטיף, פאַרבליבן אין קאָרעספּאָנדענץ מיט זאַקסן אויך ווען ער, זאַקס, אַליין האָט צום גאַנצן פּלאַן זיך פאַרהאַלטן אָן ענטוזיאַזם און גלויבן. אין זאַקסעס אַרכיוו איז פאַרבליבן אַ פּערזענלעכער בריוו פון נ. שטיף, וואָס איז זייער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש אין אַ סך פּרטים, דהיינו: 1) ווי אַ ווידוי, אַ חשבון־הנפש, פון גרויסן קולטור־עסקן און געלערנטן, וואָס האָט געלעבט און געאַרבעט אין בערלין און דאָרט געליטן די גרעסטע נויט, און 2) גיט דער בריוו איבער אַ פּאָר פּרטים פון דער גראַנדיעזער אַרבעט, וואָס איז פון אים, שטיפן, אָפּגעטאָן געוואָרן כדי צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דער דאָזיקער אינסטיטוציע. מיר וועלן דעריבער איבערדרוקן דאָ דעם בריוו וואָרט אין וואָרט.

בערלין, דעם 7טן אַפּריל, 1925

ליבער פריינט, א. ש. זאַקס!

איך מוז איצט אַוועקלייגן אַלע צערעמאָניעס און אַ זייט און אייך שרייבן פּראָסט: ס'איז ניט גוט מיט מיר, גאָר ניט גוט! וואָס דאַרף מען דאָ ווייטערדיקע רייד, חשבונות, מעשות? מיט נסים האָב איך דורכגעלעבט דעם ווינטער. אַן אַרבעט, וואָס איך האָב דאָ געהאַט אין זשורנאַל „יידישע קאָרעספּאָנדענציע" האָט זיך געפּעלט: זי איז אַוועק קיין פּאַלעסטינע, צוזאַמען מיטן אַרויסגעבער־רעדאַקטאָר. איצט ווייס איך ניט דערווייל לחלוטין ניט וואָס צו טאָן. וואָס וועט זיין שפּעטער — איין גאָט ווייס! אפשר וועט ווייטער געשען עפּעס אַ נס. דערווייל אָבער גלוסט זיך נאָך ניט אַריינוואַרפן אין וואַסער אַריין, און דורכ־קומען די נאָענסטע פּאָר חדשים איז ניטאָ מיט וואָס. און איך האָב אַ פאַמיליע. איר האָט מיר צוגעזאָגט צו פועלן עפּעס פאַר מיר אין י. ל. פּרץ־פאַראיין. טוט דאָס באַלד. איך וואָלט געזאָגט אַפילו, אויב איר קאָנט — איז שיקט מיר עפּעס טעלעגראַפיש, אַזוי איז די לאַגע. אפשר וועל איך אַמאָל אומקערן דעם חוב, אויב ניט מיט געלט — איז מיט אַרבעט, וואָרעם אַרבעטן אַרבעט איך אַ סך איבער דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. אין דער גרעסטער נויט־לאַגע גייט ניט אַוועק איין טאָג אַפילו איך זאָל ניט אַרבעטן דערויף (דאָס האַלט מיך, אגב, אויף די פיס; אַניט וואָלט איך שוין לאַנג אומ־געקומען), אָבער דערפאַר צאָלט קיינער קיין גראָשן ניט, מ'ווייסט אַפילו ניט, דרוקן איז זיך ניטאָ וואו. אַ ליטעראַרישער קולטור־פאַראיין מוז אויסהעלפן, — אַ ברירה האָט ער און איך?

איך האָב אייך דערפון דאָס לעצטע מאָל געשריבן מיט אַ וואָכן 7־6 צוריק, בעת איך האָב אייך צוגעשיקט מיין שריפט „וועגן יידישן אַקאַדעמישן אינסטיטוט". האָט איר אַ באַגריף, וואָס פאַר אַן אַרבעט דאָרט שטעקט, אַפילו אין דער ביבליאָגראַפיע אַליין (קאַפּיטל 3), שוין ניט צו רעדן פון דער גאַנצער סיסטעם! איך קאָן אייך זאָגן, אַז בשעת איך בין געזעסן אויף דער אַרבעט, האָב איך ניט געהאַט אויף קיין פּאָסטמאַרקעס זי אייך אָפּצושיקן. אַזוי איז די לאַגע.

קורץ, ס'איז די שווערסטע שעה, און אַמעריקאַנער קאָלעגן מוזן אויסהעלפן. אַך גאָט, צי דאַרף מען טאַקע וואַרטן אויף נעקראָלאָגן, אַוועקלייגן שיינע הספדים און זיך שלאָגן דערנאָך על חטא: ס'טייטש,

ס׳טייטש, מיר האָבן צוגעזען אַזאַ עלנט און געשוויגן? צי זייַנען מיר אַלע אינאיינעם באמת אַזוי אָרעם און נישטיק, מיר זאָלן זיך ניט קאָנען אויסהעלפן נאָך ביים לעבן!

ס׳איז מיר אַ שטאַרקער חידוש, וואָס איר האָט מיר אויף יענער שריפט מייַנער און אויף מייַן בריוו ניט געענטפערט. איר זייט געווען איינער פון די, וואָס האָבן געבראַכט די איניציאַטיוו פון דעם אינ־סטיטוט, מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן דערצו ערנסט (אַ סימן — מייַן שריפט!), ממילא ליגט אויף אייך אַ שטאַרקע אַחריות. איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז אין אַזאַ שטאָט ווי ניו־יאָרק און ביי אַזאַ צעריסנקייט ווי ביי אונדז יידן, — טוט זיך ניט אַזוי גיך, אָבער עפּעס שרייבן, פון אייער פּערזענלעכער באַציאונג צו דער זאַך און וואָס רעכנט איר צו טאָן, — דאָס האָט איר געקאָנט און געדאַרפט טאָן, שוין פון אַ געוויסער באַציאונג צו מייַן אַרבעט, וואָס איך האָב דאָ אָוועקגעלייגט, קיין ווילנע האָב איך געשיקט מייַן שריפט מיט אַ חודש שפּעטער (איך האָב פשוט אויף קיין פּאָסטמאַרקעס ניט געהאַט!), און אין ווילנע האָט די בעסטע אינטעליגענץ שוין ערנסט באַהאַנדלט די זאַך (אַ פּראָטאָקאָל פון זייער זיצונג, און אַ נייע (מייַנע) פאָרמולירונג וועגן דעם זיך־אָרט פון דעם אינסטיטוט האָב איך אייך יענע וואָך אַרויסגעשיקט), און ווילנע טוט שוין. דאָס זעלבע איז אין ליטע, לעטלאַנד. איר האָט נאָך אַפילו ניט געענטפערט. האָט קיין פאַראיבל ניט: ס׳איז ניט קיין יושר, און מ׳ווערט ביי זיך שטאַרק אַראָפּגעפאַלן.

איך קער זיך אום צוריק צום אָנהייב: צו מייַן פּערזענלעכער זאַך. דער אַקאַדעמישער אינסטיטוט איז אגב אַ שטיק האָפענונג, אַז ווייַ־ניקסטנס אַ טפל אינטעליגענץ זאָל אַרויס פון דער אומגעהערטער בויט־לאַגע, מענטשן זאָלן האָבן ברויט, זאָלן קענען אַרבעטן, און זאָלן ניט דאַרפן בעטלען אָדער גאָר אומקומען. שוין דערפאַר גופא וואָלטן זיך מענטשן באַדאַרפט מער אינטערעסירן מיט אים. אַמעריקאַנער קאָלעגן, וואָס האָבן באַוויזן אַזוי פיל האַרץ און פאַרשטאַנד פאַר אונד־זערע שאַפנדיקע מענטשן מיט 3־4 יאָר צוריק, דאַרפן איצט עפּענען דעם מוח פאַר דער דאָזיקער זאַך, זי זאָל צושטאַנד קומען. אינטע־ליגענץ מעג דאָך האָבן עפּעס גרעסערע האָריזאָנטן אײדער צדקה, בפרט, אַז מיט צדקה האָט מען שוין אויך געמאַכט אויס. דאָ טוען מיר, וואָס מיר קאָנען. ס׳ווערט אַ סך געטאָן פאַר דעם שול־וועזן, אָבער אַלצדינג קאָנען מיר אַליין ניט אויפטון, און די אָרעמקייט איז דאָ אין לשער! קורץ, טוט פאַר דער זאַך און ענטפערט באַלד. און פאַרגעסט ניט מיר אויך. איר זייט מיר אַ נייער פריינט, אָבער ליבער

פאַר צען אַלטע און איך פאַרלאָז זיך אויף אייך. זייט מיר געזונט און שטאַרק.

אייער נחום ששיף.

פ. ס. — אין אַמעריקע גייען איצט אַרויס צוויי צייטשריפטן וועגן יידישן שול־וועזן ביי אייך: 1) פונם אַרבעטער־רינג און 2) פון שלום עליכם־אינסטיטוט. טוט מיר אַ טובה, שיקט זיי מיר אַרויס, ניט איבער אין די רעדאַקציעס מיין ביטע זיי מיר אַרויסצושיקן. ס'איז דאָך כדאי צו האָבן אַזאַ געטרייעם לייענער ווי איך בין.

פ. ס. ס. — וואָס הערט זיך מיט אַייער בוך וועגן „אַרבעטער־רינג"? גריסט גאַר פריינטלעך אייער פרוי.

ב

פון דייטשלאַנד זיינען די זאַקסעס אַפּגעפאָרן קיין ריגע, די הויפּטשטאָט פון דער נייער מלוכה, לאַטוויע, וואו מרס. זאַקס האָט פאַרבראַכט אירע רייפע יוגנט־ און קאַמף־יאָרן. דאָס אָנקומען פון דעם באַקאַנטן אַמעריקאַניש־יידישן זשורנאַליסט און געלערנטן איז אין דער יידישער ריגע געווען ניט קיין קליינע סענסאַציע. די יידישע צייטונגען האָבן געשיקט זייערע פאַרטרעטער צו נעמען אינטערוויוען ביי א. ש. זאַקסן, און ער איז אויך אַרויסגעטראָטן פאַרן עולם מיט לעקציעס און רעדעס. אין דער ריגער צייטונג „דאָס פאָלק" איז דעם 8טן אויגוסט, 1924 געווען אָפּגעדרוקט דער געשפּרעך מיט א. ש. זאַקסן אונטערן קעפּל „יידישער אַרבעטער־לעבן אין אַמעריקע". אין דעם אינטערוויו איז באַרירט געוואָרן די פראַגע פון די רייכע יידן אין אַמעריקע, די „יאַהודים", ווי אויך פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס דער „אַרבעטער־רינג". און צום שלוס — אויך די פּראָבלעם פון הילף פאַר די יידן אין אייראָפּע. דאָ ברענגט דער צייטונג־רעפּאָרטער, אין זאַקסעס נאָמען אַזאַ מין דערקלערונג:

עס איז לחלוטין פאַלש צו קוקן אויף אַמעריקע ווי אויף אַ רייכן פעטער. די אַמעריקאַנער יידן האָבן דער יידישער אייראָפּע ביז איצט געהאָלפן ניט דעריבער, ווייל זיי זיינען דער ישׂשכר ביים יידישן פאָלק, נאָר ווייל אין פאַרגלייך מיט זיי האָבן די אַמעריקאַנער דאָך עפּעס מער און זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו שטיצן. לעצטנס אָבער מערקט זיך שוין בכלל אַ מידקייט פון געבן. דאָך אָבער דאַרפן די יידן אין אייראָפּע ניט אָנווערן זייער האָפענונג. אַמעריקע איז שטענדיק גרייט זיי צו שטיצן, יעדנפאַלס מאָראַליש, — די אַמעריקאַנער יידן וועלן זיך שטענדיק וואַרעם אָפּרופן אויף די נויטן פון אייראָפּע.

ריגע איז ניט ווייט פון זאַגער, זאַקסעס געבורט־שטאָט, הגם מ׳האָט געמוזט איבערשניידן אַ נייעם גרענעץ צווישן צוויי מדינות, לאַטוויע און ליטע, כדי אַריינצופאָרן אין אָט דעם פּראָווינציעלן, פאַרוואָרפענעם ווינקל פון דער אַמאָליקער קאָוונער גובערניע, וואָס איז געלעגן בלויז אַ פּאָר שעה רייזע פון מיטאַווע אָדער ריגע.

דריי טעג האָבן די זאַקסעס פאַרבראַכט אין דער קליינער ליטווישער שטאָט, וואו ס׳איז פאַרלאָפן א. ש. זאַקסעס קינדהייט און פריסטע יוגנט; די שטעטל וואָס האָט שטענדיק געלעבט אין זיין נשמה און פאר וועלכער ער האָט מיט זיינע „חרובע וועלטן״ אַוועקגעשטעלט אַן אומצעשטערבאַרן ליטעראַרישן מאָנומענט. גלייך נאָך זייער אָנקומען אַהין, באַלד ווי די ידיעה האָט זיך, מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, פאַרשפּרייט צווישן די זאַגערער יידן, איז די גאַנצע שטעטל אַוועק אויף רעדלעך, בוכשטעבלעך די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז געקומען צו זען די ליבע געסט — ווער זיך צו טרעפן, נאָך צענדליקער יאָר אָפּגעפרעמדטקייט מיט אַ קרוב, פריינט אָדער יוגנט־חבר, און ווער גלאַט אָפּצוגעבן שלום אַזאַ חשובן, באַרימטן בן־עיר, אַן אורח פון דער ווייטער, האַלב־לעגענדאַרער אַמעריקע, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך אין דער אַלטער היים — אין דער קליינער, פאַרוואָרפענער און פון דער מלחמה פאַראָרעמטער שטעטל אין זאַמעט... די טיר פון דער הויז פון זאַקסעס שוועסטער, וואו די געסט זיינען איינגעשטאַנען, האָט זיך ממש ניט צוגעמאַכט אין משך פון די פּאָר טעג, וואָס די זאַקסעס האָבן פאַרבראַכט אין זאַגער. הייזעריקע און שטאַרק אויסגעמאַטערטע זיינען זיי אָפּגעפאָרן פון ליטע איבער ריגע קיין לענינגראַד אין סאָוועט־רוסלאַנד.

אויפן וועג פון ריגע קיין זאַגער האָבן די זאַקסעס זיך אָפּגעשטעלט אין קאָוונע, די הויפּטשטאָט פון דער נייער ליטווישער מלוכה און דאָרט זיך באַקענט מיט די וויכטיקסטע אַלגעמיינע און יידישע פּאָליטישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. באַזונדערס האָט זאַקסן פאַראינטערעסירט אין קאָוונע די בילדונג־אַנשטאַלט „העכערע יידישע קורסן״, וואָס אין איר שפּיץ זיינען געשטאַנען פּראָפעסאָר גראָסמאַן, דער געלערנטער און שריפטשטעלער ז. קאַלמאַנאָוויטש, און די קולטור־טוערין אסתר עליאַשאָוו, די שוועסטער פון באַרימטן ליטעראַטור־קריטיקער בעל־מחשבות (ד״ר איסידאָר עליאַשאָוו).

פון איר האָט זאַקס, אגב, באַקומען אין זאַגער אָט דעם בריוו:

קאָוונע, 3טער אויגויסט, 1924.

זייער געערטער הער ד״ר זאַקס!

איך באַגריס אייך אין ליטע אין אייער פאָטער־שטאָט זאַגער, וועלכע איז אויך מיר ליב און טייער נאָך דעם, וואָס איך האָב געהערט

וועגן דער שטאָט פון מיין זעליקן פאָטער — אַן עכטן זאַגערער. איך באַדויער זייער, וואָס מיר האָבן זיך אין קאָוונע ניט געטראָפן און איך האָב אייך ניט פערזענלעך אָריענטירט איבער דער טעטיקייט און די מעגלעכקייטן פון אונדזער „יידישע העכערע קורסן". ה' פּראָפ' גראָס־מאַן האָט מיר מיטגעטיילט, ווי וואַרעם איר האָט זיך פּאַראינטערע־סירט מיט אונדזער אַרבעט און וועלכע פּערספּעקטיוון עס זיינען דורך אייך געשאַפן געוואָרן פאַר אונדז אין ניו־יאָרק. איך וואָלט נאָך זייער וועלן זיך טרעפן מיט אייך. ווען רעכנט איר צו זיין צוריק און צי קלערט איר זיך נאָך אָפּצושטעלן אין קאָוונע? איך וואָלט אייך זיין זייער דאַנקבאַר פאַר אַ גענויער אינפאָרמאַציע דעריבער. עס פרייט מיך וואָס איר האָט אין בערלין געטראָפן זיך מיט מיין פלעמעניק, ד"ר א. שטיינבערג, איך באַדויער אָבער דאָס איך בין דעמאָלט ניט געווען אין בערלין, איך וואָלט אייך באַקאַנט געמאַכט מיט פּראָפעסאָר איינ־שטיין — דעם געטרייען פריינט פון אונדזערע קורסן און מיר וואָלטן צוזאַמען פעסטגעשטעלט דעם פּלאַן, ווי צו זיכערן די אַנשטאַלט־מאַטעריעל, אַז מיר זאָלן ווירקלעך קענען דאָ רואיק און דערפאָלגרייך אַרבעטן.

פאַר דעם בריוו פון מיין ברודער ע"ה שיק איך אייך מיין האַר־ציקסטן דאַנק. וויפל ליבע און הערצלעכקייט גייט פון דעם בריוו אויס! ווי איך הער פון אייער נאָמען, זאָלן 1000 דאָל. געזיכערט זיין אין אַמעריקע פאַר דער אַרויסגאַבע פון זיינע ווערק. דאָס איז געוויס ניט גענוג, אָבער אויך די סומע וואָלט דערלייכטערט באַדייטנד די אַרויסגאַבע. מיט וועמען דאַרף מען זיך צו דעם צוועק זעצן אין פאַר־בינדונגען? דערווייל זיינען מיר מיט ה' קאַלמאַנאָוויטש פאַרנומען מיט דער צוגרייטונג פון דעם מאַטעריאַל און נאָך אין דעם הערבסט וואָלטן מיר געקענט צוטרעטן צום דרוק, ווען מיר וואָלטן שוין געהאַט די בויטיקע מיטלען.

איז שוין אין אָרדענונג די פראַגע וועגן אַן איבערזעצער אויף ליטוויש פאַר אייער ווערק? אויב ניט, בין איך גרייט אייך צו העלפן אין דער הינזיכט.

מיט די בעסטע גרוסן צו אייך און צו אייער געערטער פרוי,

האָכאַכטונגפאָל,

אייער אסתר עליאַשעוו.

גלייכצייטיק מיט פּרוי עליאַשאָוו האָט צו זאַקסן קיין זאַגער געשריבן אַ בריוו זיין יוגנט־פריינט און חבר, דער היסטאָריקער און שפּעטערדיקער מיטאַנפירער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, ז. קאַלמאַנאָוויטש. דאָס איז דער נוסח פון זיין בריוו, וועלכער גיט אַ גוטן בילד פון דעם דעמאָלטיקן קולטור־מצב אין דער יידישער ליטע.

חשובער חבר זאַקס, עס איז מיר באמת אַ שאָד, וואָס מיר האָט ניט אָפּגעגליקט זיך צו זען מיט אייך. עס רעדט זיך ניט וועגן ענין אונדזערן — דאָס וועט, פאַרשטייט זיך, גוט אַראַנזשירט ווערן אויך אָן אונדזער באַגעגעניש. נאָר זיך טרעפן מיט אַ יוגנט־פריינט, אַ מענטש, וואָס מען האָט 20 יאָר ניט געזען — דאָס הייסט דאָך אומקערן כאָטש אַ שיין פון די יונגע יאָרן, אפשר די בעסטע יאָרן, וואָס מען האָט געלעבט. נאָר מילא, ניט באַשערט. לאָמיר האָפן, אַז צוריקפאָרנדיק וועט איר מער צייט האָבן — אגב וועלן שוין דעמאָלט די פעריען זיין געענדיקט.

וואָס איז שייך דעם ענין פון אונדזערע קורסן, איז נאָך דעם וואָס אונדזער אויסגעצייכנטער ד״ר גראָסמאַן האָט אייך דערציילט און נאָך דעם וואָס איר אַליין האָט זיך דאָ אָנגעזען, שוין ווינציק וואָס געבליבן מוסיף צו זיין. איר זייט דאָך אָן אונדזעריקער, אַ היימישער — איז דאָך פאַר אייך אַלצדינג ווי אַ אָפענע מגלה. מיר זיינען דאָ מוראדיק אָפּגעשטאַנען פאַר דער צייט פון מלחמה און רעוואָלוציע. אונדז וועט זיין גוואַלדיק שווער, אפשר ניט מעגלעך זיך אַרויפצוקאַראַפּקען מיט די אייגענע כוחות, ווייל די אַרומיקע קולטור איז ניט קיין גרויסע, קיין איינגעפונדעוועטע, נאָר אַ יונגיקע, אַ גריניקע, וואָס שטאַרקט זיך נאָר אונטערן גלאָז פון ספעקט אָדער הינטערן צאָם פון שטעכיקן דראָט. מיר וואָלטן בעצם געדאַרפט בויען פון פונדאַמענט — מוז מען אָבער האָבן בויער, וואָס זאָלן אים לייגן. פראָסט גערעדט — ס׳זיינען בויטיק פאָלקס און מיטלשולן, פעלן אָבער גוטע לערערס. ניטאָ פון וועמען אויסצובילדן לערערס, ווייל ס׳זיינען ניטאָ קיין פאָלקסשולן מוז אַלצדינג געטאָן ווערן מיט אַ מאָל. אין איין טאָג פון דיל ביזן דאָך. וואו איז אַזוינס געהערט געוואָרן? — דערצו נאָך די צרה פון שפּאַלטונג און אומצוטרוי. סוף כל סוף וואָלט מען געקענט האָבן דאָ אינטעליגענטע כוחות — ס׳וואַקסט אויך אַ יונגער דור אין די אויסלענדישע אוניווערסיטעטן. מוז מען דאָך אָבער ניט אַנדערש האָבן פאַרענטפערט די שפּראַך־פראַגע, מיט בביאות, פאַרשטייט זיך. און אַזוי ווי ציוניסטיש איז די גרונט־שטימונג היינטיקע צייטן,

בפרט אין דער יונגער ליטע (די „חרובע וועלטן" זיינען געבליבן חרוב, אויף אייביק, מען פרואווט אַפילו אויפריכטן ווענט, אָבער מער ווי טרוקענע ברעטער־ווענט זיינען דאָ, דאַכט זיך, ניט), זיינען די וואָס ווילן טראָגן קולטור אין דער פאָלקס־שפּראַך צו די ברייטע מאַסן, געבליבן דאָ אינגאַנצן אין דער לופטן. אַ שטיקל אָנהענג האָט נאָך די באַשטימטע לינקע טענדענץ, אָבער זי איז, איבער אויסווייניקסטע און אויך אינעווייניקסטע טעמים, פאַר דער קולטור־אַרבעט ניט שע־פעריש.

איז אָט האָט אונדזער קרייזל (פון די „קורסן" הייסט דאָס) גע־פרואווט אַריינשטעקן אָט דעם „קנה בים". עפּעס וואָס אויפגעטאָן, אָבער עס איז אַן אָנהייב. אַ ביסל, דאַכט זיך, דורכגעבראָכן אָט די וואַנט פון אומצוטרוי. און דאָס איז אַ סך ביי אונדז אין ליטע, ווי איר ווייסט.

זייט מיר געזונט און שטאַרק און האָט אַ גליקלעכע רייזע.

פרוי דאָקטער עליאַשאָוו לאָזט אייך גריסן און דאַנקען פאַר דעם בריוו פון בעל־מחשבות. ער איז זייער אינטערעסאַנט. זי וועט אייך מסתמא אַליין אויך שרייבן.

ז. קאַלמאַנאָוויטש.

מיט אייער „חרובע וועלטן" אין ליטוויש וועלן מיר זען צו פאַר־אינטערעסירן פאַרלעגער. ס'איז שווער צו זאָגן, צי ס'וועלן זיך ביי היינטיקן טאָג געפינען גויישע פאַרלעגער און גויישע לעזער פאַר אַזאַ בוך. איך פאַרשטיי גוט אייער פּיעטעט־געפיל, איר האָט פון דער ווייטנס ניט געקענט זיך פאָרשטעלן, אין וואָס פאַר אַ לופט מיר לעבן איצט צום 10־יאָריקן יובליי פון דער וועלט־מלחמה. נאָר מען מוז דאָך די שנאה צערייסן, און אַזאַ בוך ווי אייערס קאָן אַוודאי דערצו מיטהעלפן.

קורץ נאָך דעם צוריקקומען אין אַמעריקע האָט זאַקס ווידער באַקומען אַ בריוו פון ד"ר אסתר עליאַשאָוו, אין נאָמען פון די „יידישע העכערע קורסן" אין קאָוונע, וואָס האָט אויך געהאַט אַ שייכות צו א. ש. זאַקסעס באַזוך אין זיין אַלטער היים. זי האָט אים געשריבן אַזוי:

קאָוונע, 1924, 16.9

זייער געערטער הער דאָקטער זאַקס!

מיר שיקן אייך אַ קאָפּיע פון דעם בריוו, מיט וועלכן מיר האָבן זיך געווענדט צו הערן א. פּרייס און מ. גיטעלסאָן אין זייי אויסגעדריקט

אונדזער דאַנק. מיר רעכענען, אַז מיר דאַרפֿן אייך אינפֿאָרמירן איבער אַלע שריט, וואָס מיר מאַכן צום שאַפֿן אַ לעבעדיקערע פֿאַרבינדונג צווישן אונדז און די פֿריינט פֿון אונדזער זאַך אין ניו־יאָרק. עס וואָלט געווען אַ גרויסע דערלייכטערונג פֿאַר אונדז, ווען די הערן, וועלכע שטייען בראש פֿון דעם קאָמיטעט וואָלטן געגעבן אונדז די מעגלעכקייט פֿיל זיכערער און רואיקער צו פֿירן איצט אונדזער אַרבעט, ווען מיר וואָלטן איר באַקומען נאָך איידער איך וועל נאָך אונטערנעמען מיין רייזע צו אייך. מיר ווילן האָפֿן, אַז אייער באַריכט וועט האָבן די אַנטשפּרעכנדע ווירקונג און עס וועט אייך געלינגען דורכצופֿירן, אַז די סומע זאָל אונדז גלייך צוגעשיקט ווערן.

מיר זיינען נאָך אונטער דעם איינדרוק פֿון אייער באַזוך. מיר באַדויערן נאָר, וואָס איר האָט אַזוי ווייניק געהאַט פֿון קאָוונע און דאָס די קאָוונער שריפֿטשטעלער און כּלל־טוער האָבן ניט געטראָפֿן זיך מיט אייך. באַזונדערס האָט וועגן דעם באַדויערט דער רעדאַקטאָר פֿון דער „אידישער שטימע", ה׳ רובינשטיין. איך האָב אים איבער־געגעבן וועגן אייער וואונטש, אַז אייניקע קאַפּיטלען פֿון אייער בוך זאָלן געדרוקט ווערן אין ליטוויש און ער האָט זיך ערנסט און מיט אינטערעס זיך באַצויגן צו דער פֿראַגע. איך וועל אייך מיטטיילן, אויב דאָס וועט נאָר געלינגען אין לעבן דורכצופֿירן.

מיט אַ האַרציקן גרוס און אייער ווערטער פֿרוי פֿון מיר און ה. קאַלמאַנאָוויטשן.

אייער אסתר עליאַשאָוו.

ג

אין בערלין האָט זאַקס זיך געזען מיטן באַקאַנטן קאָמוניסטישן עסקן זרח גרינבערג, וואָס האָט פֿאַרנומען אַ וויכטיקן אַמט אין דער סאָוועט־רוסישער פֿאַרטרעטערשאַפֿט אין בערלין. ער איז געווען פּרעזידענט פֿון אויסלענדי־שער איינקויף־קאָמיסיע פֿון דעם קאָמיסאַריאַט פֿאַר פֿאָלקס־אויפֿקלערונג און איז בכלל געווען אַ נאָענטער מענטש צום קאָמיסאַר פֿון קולטור־ענינים אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַ. לונאַטשאַרסקי. פֿון אים האָט זאַקס באַקומען אַ רע־קאָמענדאַציע־בריוו צו אַ וויכטיקן מענטשן אין דעם אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַ־ראַט פֿון מאָסקווע, פּראָפ׳ פּינקעוויטש. דאָ איז דער בריוו, וועלכן ז. גרינבערג האָט מיטגעגעבן זאַקסן:

Р.С.Ф.С.Р.
НАРКОМПРОС
КОМИССИЯ ПО ЗАГРАНИЧНЫМ ЗАКУПКАМ

AUSLANDS-EINKAUFS-KOMMISSION
DES KOMMISSARIATS FÜR
VOLKSAUFKLÄRUNG

Bei Antwort bitte gefl. anzugeben № 331.

BERLIN W 15, DEN 29 Июля 1924
LIETZENBURGER STRASSE 11
FERNRUF · STEINPLATZ 13131-13140, APPARAT 55 BIS 58

Заместителю Заведующего Главнаукой
Проф. ПИНКЕВИЧУ,
Москва
Сретенский б. 6.

Дорогой Альберт Петрович,

Податель сего письма, литератор А.Закс - автор целой серии весьма ценных научных трудов и статей по марксизму - едет в РСФСР с научной целью.

Я очень прошу Вас дорогой Альберт Петрович, оказать товарищу Заксу возможное содействие в получении временной квартиры в Доме Ученых.

С товарищеским приветом

Председатель Комиссии по заграничному снабжению Наркомпроса.

Секретарь

א. ש. זאַקס און זיין פרוי האָבן דורכגעלעבט זייער געמישטע געפילן ביים ערשטן באַקענען זיך מיט דער נייער רוסלאַנד. אויסערלעך האָט די גרויסע שטאָט, די אַמאָליקע צאַרן־רעזידענץ, געטראָגן אויף זיך אַלע סימנים פון דלות און ירידה — ניט געווען קיין באַלייכטונג אויף די גאַסן ביינאַכט; די קראָמען אַזוי גוט ווי אינגאַנצן ליידיק, אָן סחורה, און דאָך זייער לאַנגע רייען מענטשן פאַר יעדער קראָם, וואָס פלעגן אָפּשטיין שעה נאָך שעה כדי עפּעס וואָס צו קויפן. און פון דער אַנדער זייט האָט זיך געשפּירט אַ זייער מוטיקע, געהויבענע שטימונג אין פאָלק, אַ באַגייסטערונג פאַר דעם נייעם רעזשים, גלייכהייט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אַ פעסטער גלויבן אין דער צוקונפט, אַ זיכערקייט מיטן מאָרגנדיקן טאָג.

א. ש. זאַקסן האָבן אין לענינגראַד באַזוכט פּראָפעסאָרן פון אוניווער־זיטעט, פילאָזאָפן און עקאָנאָמיסטן, וואָס האָבן פון אים געהערט און געקענט זיינע ווערק וועגן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם (זיין „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם") און פּאָליטישע עקאָנאָמיע, וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָר פריער, אין 1922, דערשינען אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין דעם מלוכהשן פאַרלאַג. מ׳האָט מיט אים גערעדט וועגן אַ נייער אויפלאַגע פון אָט דעם ווערק. מ׳האָט אים אַפילו אָנגעבאָטן אַ קאַטעדרע אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט, אָבער א. ש. זאַקס האָט דעם אָנבאָט מכוח ווערן אַ לערער אין אַ הויך־שול מיט דאַנק צוריקגעוויזן מחמת פאַמיליען־אומשטענדן, וואָס דערלאָזן ניט זיין בלייבן אין רוסלאַנד. פון לענינגראַד זיינען זיי אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע. די נייע רעזידענץ פון דער באַנייטער רוסלאַנד האָט אויף זאַקסן און זיין פרוי געמאַכט אַ גאָר טיפן רושם — סיי אויסערלעך — ווי אַ שטיק אַזיע, איינגעראַמט אין אַ סופּער־מאָדערנער, העכסט־פּאָרטשריטלעכער ראָם, סיי אינערלעך — מיטן נייעם מוטיקן פאַרמעסט אויפצובויען אַ בעסערע, שענערע מענטשלעכע געזעלשאַפט. זיי האָבן בייגעוווינט אַ מיליטערישן פּאַראַד, און אויך אָט די דעמאָנסטראַציע פון דער נייער באַוואָפנטער מאַכט — פון דער רויטער אַרמיי — האָט איבערגעלאָזן טיפע שפּורן אין זייער נשמה, שפּורן וואָס האָבן זיך לאַנג, לאַנג ניט געלאָזן אָפּווישן.

א. ש. זאַקס האָט, חוץ די צוויי הויפּט־שטעט, נאָך באַזוכט קיעוו, כאַר־קאָוו און אַנדערע קלענערע שטעט, וואו אים האָט געצויגן זיין „פּראָפעסיאָנעלער נייגער און פליכט" — אַלס דער קאָרעספּאָנדענט פון אַ גרויסער טעגלעכער צייטונג אין ניו־יאָרק. און אגב האָט ער גאָר שטאַרק געוואָלט זען פּנים אל פּנים דאָס נײַ יידיש לעבן אין נייעם רוסלאַנד, זיך באַקענען מיט די ליידן און פריידן פון דער יידישער ווירקלעכקייט, מיט אַלע זייטן פון דעם פאָלקס־לעבן. באַזונדערס האָבן אים אינטערעסירט פּראָבלעמען פון דער יידישער לאַנדוויזאַציע (איבערגאַנג צו נייע, פּראָדוקטיווע פּרנסות) בכלל, און די יידישע גרויס־פאַרמאָסטענע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין קרים און דרום־אוקראַינע בפּרט. און ער האָט ווירקלעך אויפגעקליבן אַ סך מאַטעריאַלן, פאַקטישע ידיעות און איינדרוקן, וואָס זיינען אַלע פון אים שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ קלאָרער פאָרם דער עפנטלעכקייט אין אַמעריקע — דורך אַרטיקלען און מינדלעכע דערקלערונגען.

אָט אַזוי האָבן די זאַקסעס פאַרבראַכט אין סאָוועט־רוסלאַנד זעקס וואָכן צייט, און זיינען סוף אויגוסט, איבער פּאַריז און לאָנדאָן, אָפּגעפאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק.

די דערפאַרונגען אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן געגעבן זאַקסן אַ רייכן מאַטעריאַל פאַר פּובליציסטישע אַרטיקלען אין דער פּרעסע אויף אַזעלכע ברענענדיקע טעמעס, ווי דאָס נייע רוסלאַנד און די יידישע פראַגע אין

**ראַטן־לאַנד. אַ גוטע רעזומע פון זיינע אַנזיכטן האָט א. ש. זאַקס געגעבן בעת אַן אינטערוויו מיטן באַקאַנטן ענגליש־יידישן זשורנאַליסט און שרייבער (איבערזעצער פון זיינע „חרובע וועלטן" אין ענגליש) העראַלד בערמאַן, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער ניו־יאָרקער „דזשואיש טריביון" (אונטער דער רעדאַקציע פון הערמאַן בערנשטיין) דעם 31טן אָקטאָבער, 1924. מיר וועלן דאָ ברענגען אין אַ יידישער איבערזעצונג דעם וויכטיקסטן טייל פון דעם געשפּרעך מיט א. ש. זאַקסן, בעמלעך בלויז די תשובות און דערקלערונגען וואָס ער האָט געגעבן אויף די פראַגעס פון ה. בערמאַן.**

דאָס איצטיקע רוסלאַנד מוז באַטראַכט ווערן פון אַ גאַנץ באַשטימטן שטאַנדפּונקט, אויב מ'וויל זיך אָפּגעבן אַ ריכטיקע רעכנשאַפט וועגן דעם לאַנד און זיין פאָלק. מ'דאַרף נעמען אין באַטראַכט אַלע כוחות וואָס האָבן געפירט צו דער רעוואָלוציע און וואָס זיינען געקומען נאָך איר. קודם־כל, מוז מען זיך באַקענען מיטן ספּעציפישן כאַראַקטער פונם רוסישן פאָלק, מיט זיין היסטאָרישער אַנטוויקלונג און זיין קאַמף אין משך פון הונדערטער יאָר, כדי צו פאַרשטיין די דאָרטיקע געשעענישן, אין דעם לעצטן האַלבן טוץ יאָר בערך. די גאַנצע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אַנטוויקלונג פון איצטיקן רוסלאַנד קומט פאָר אויף אַן אופן וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די רוסן, און קיין שום מערב־אייראָפּעער אָדער אַמעריקאַנער, וואָס מעסט אַלץ מיט זיינע אייגענע נאָרמעס און פּסיכאָלאָגישע באַגריפן, איז ניט בכוח יענע געשעענישן צו פאַרשטיין.

וואָס עס איז שייך צו דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד, איז זי ווייט ניט קיין גוטע. שולדיק דערין זיינען אָבער ניט די (איצטיקע) רוסישע רעגירונג, נאָר די סאָציאַלע באַדינגונגען פון די יידן גופא, ווי די באַדינגונגען זיינען געווען אין פאַרלויף פון הונדערט יאָר אַז ער מער. די באַגרענעצונגען אויף יידן, וואָס דער אַלטער רוסישער רעזשים האָט איינגעפירט, האָבן געשאַפן אַ לאַגע, אַז די יידן האָבן זיך זייער ווייניק אָפּגעגעבן מיט אַ פּראָדוקטיווער אַרבעט. זיי האָבן זיך ערע ענערגיע און פעאיקייטן אָפּגעגעבן צום גרעסטן טייל דעם האַנדל; און אין דער היינטיקער רוסלאַנד, צום באַדויערן, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַרן פּריוואַטן האַנדל.

איך האָב קיין צווייפל ניט, אַז די רוסישע רעגירונג האָט די בעסטע און ערנסטע כוונות מיט אירע פּראָיעקטן מכוח דער יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע, באַזונדערס אין קרים און ווייס־רוסלאַנד. דער בעסטער באַווייז איז, לויט מיין מיינונג, אַז אין דער קאָמיסיע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויסצואַרבעטן דעם פּראָיעקט,

גייען אַריין אַזעלכע וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, ווי ליטווינאָוו, קראַ־סין, סמידאָוויטש. פון אַ ריין לאַנדווירטשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז דער דאָזיקער פּלאַן ווייט ניט בלויז אַ גוטער וואונטש אָדער אַ שיינער חלום, נאָר ער האָט אַ פּראַקטישן יסוד. זאָל ער נאָר איבערגעגעבן ווערן כדי צו ווערן פאַרווירקלעכט אין די הענט פון געשולטע אַגראָ־נאָמען, און טאַקע מענטשן, וואָס זיינען גרינטלעך באַקאַנט מיט דער יידישער פּסיכאָלאָגיע, און ער וועט געוויס האָבן אַ קאָלאָסאַלן איינ־פלוס אויף דער אויסגעשטאַלטונג פונם צוקונפטיקן יידישן לעבן אין רוסלאַנד.

געוויס קען מען ניט דערוואַרטן, אַז אַלע די וואָס וועלן זיך באַ־זעצן אויפן לאַנד וועלן דאָרט בלייבן אויף שטענדיק. אַ געוויסער פּראָצענט פון זיי וועט געוויס אָוועקגיין צוריק אין די שטעט און וועלן זיך נעמען צו די פּרנסות, וואָס צו זיי האָבן זיי זיך צוגעוואוינט. אָבער כ׳האָב קיין שום צווייפל ניט, אַז דער גרעסטער טייל וועלן זיך אַקלימאַטיזירן צום באָדן, און וועלן אויף אַזאַ אופן ניט בלויז ראַטע־ווען זיך אַליין פון דלות און אומזיכערקייט, נאָר וועלן קריגן אַ מעכ־טיקן איינפלוס אויף דעם צוקונפטיקן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן מצב פון דעם יידישן פאָלק.

ווען מיר באַקענען זיך מיט אונדזער געשיכטע, זעען מיר, אַז דער אידעאַל פון דעם יידישן פאָלק איז שטענדיק געווען צו ווערן אַ פאָלק פון ערד־אַרבעטער. די באַאַרבעטונג פון באָדן און דאָס לעבן אויפן שויס פון דער נאַטור זיינען כסדר באַזונגען און באַשריבן גע־וואָרן אין אונדזער תנ״ך און אין אַנדערע פאַרהייליקטע ווערק. אונדזערע גרעסטע פירער און נביאים זיינען געווען פּאַסטוכער און ערד־אַרבעטער אין געוויסע צייטן פון זייער לעבנס־געשיכטע. יעקב אָבינו איז געווען אַ פּאַסטוך, דוד המלך, גרינדער פון דער יידישער מלכים־דינאַסטיע, איז געווען אַלס יינגל אַ פּאַסטוך. די גליקלעכסטע צייט אין דער יידישער געשיכטע איז געווען אונטער שלמה המלך, ווען יעדער איינער איז געזעסן אונטער זיין ווייַנשטאָק און פייגנבוים! אינם שענסטן לירישן ראָמאַן — שיר השירים — פירן די העלדן אַ פּרעכטיק נאַטור־לעבן, און די פיינסטע אידיליע — רות, באַשרייבט דאָס לעבן פון יידישע ערד־אַרבעטער און יידישע פאַרמערס. אַלע אונדזערע יום־טובים זיינען חוגאס פון נאַטור־קינדער, פון מענטשן וואָס ציען זייער חיונה דירעקט פון דער מוטער־נאַטור. אַפילו אין ליטע און פּוילן, וואו מ׳האָט פריער די יידן פאַרבאָטן צו באַזיצן לאַנד, האָט די באַאַרבעטונג פון געדונגענע פּרוכט־סעדער און מילך־פאַכטן פאַרנומען ניט קיין קליינעם פּלאַץ אין דער יידישער עקאָנאָ־

מיק. יידן האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די דאָזיקע פּרנסות אויף אַ זייער גערעכטן, ליבעפולן און געניטן שטייגער.

ניין, מ׳דאַרף ניט באַשרענקען דעם קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקט בלויז אויף דער קרימער געגנט, נאָר מ׳דאַרף אים אויסשפּרייטן אויך אויף אַנדערע טיילן פון רוסלאַנד, וואָס איז נאָך אַלץ אַ זייער גרויס לאַנד, ווען אַפילו די פרעמדע טעריטאָריעס זיינען פון רוסלאַנד אָפּגעריסן געוואָרן.

אין ווייסרוסלאַנד, צום ביישפּיל, האָט די רעגירונג אָפּגעגעבן 180 טויזנט דעסיאַטין לאַנד פאַר יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. און גיט נאָר אַ טראַכט, וואָס דאָס מיינט פאַר דעם יידן אַלס אַ ייד, חוץ דער באַדייטונג פאַר אים אַלס אַ מענטשלעכער וועזן, וואָס מוז דעקן אַלע זיינע באַדערפעענישן טאָג־איין, טאָג־אויס! די רוסישע רעגירונג איז ניט נאַציאָנאַליסטיש אין דעם געוויינלעכן זין פון וואָרט. זי שטרעבט ניט צו רוסיפיקאַציע־צילן; פאַרקערט, זי גיט די גרעסטע אויטאָנאָמיע צו יענע עלעמענטן, וואָס שטעלן צוזאַמען די מערהייט אין אַ געוויסן ראַיאָן אָדער טעריטאָריע. אָט האָבן מיר דאָרט אַ גאַנצע ריי אויטאָנאָמישע רעפּובליקן, ווי די אוקראַאינער, די ווייסרוסישע, די טאַטאַרישע און אַנדערע, אונטער דעם שוץ פון דער צענטראַלער רעגירונג אין מאָסקווע. פאַקטיש, זיינען די יידן, וואָס זיינען ניט אין דער מאַיאָריטעט אין קיין שום טעריטאָריע, ניט אימשטאַנד צו האָבן אַן אויטאָנאָמיע־רעגירונג פאַר זיך, אָבער זיי וועלן קענען האָבן אַ לאָקאַלע זעלבסט־רעגירונג אין וועלכן ניט איז ראַיאָן וואו זיי וועלן זיין דער מערהייט־טייל פון דער באַפעלקערונג. אין ווייסרוסלאַנד האָט יידיש אַלע רעכט פון אַן אָפיציעל אָנערקענטער שפּראַך, בעת לענינגראַד האָט היינט 16 בתי־מדרשים און אַ גוטן לוח אָדער מחזור קענט איר קויפן אויף נעווסקי פּראָספּעקט, לעם קאַזאַנער סאָבאָר, אַ פּלאַץ וואו פריער האָט אַ ייד אַפילו ניט געטאָרט שטעלן אַ פוס.

די יידן אַליין באַציען זיך זייער ערנסט צום קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקט, און לייגן אויף אים די גרעסטע האָפענונגען. זיי זעען אין אים די אויסלייזונג פון אַלע זייערע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע צרות. ס׳ווערן אָרגאַניזירט יעדן טאָג פרישע קערפּערשאַפטן און מ׳קלייבט געלט צווישן די יידן אין וויטעבסק, מינסק, כאַרקאָוו און אַנדערע שטעט. אָבער זייערע מיטלען זיינען מוראדיק באַשרענקט און עקזיסטירן כמעט ניט. אַמעריקאַנער יידן קענען אָבער אין איצטיקן מאָמענט געבן אַן אומגעהייער גרויסע הילף זייערע ברידער אין רוסלאַנד און ראַטעווען זיי איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון דעם

תהום פון יאוש און פון אַ פאַרצווייפלטער לאַגע. רוסלאַנד בכלל און די רוסישע יידן בפרט זיינען זייער דאַנקבאַר צו אַמעריקע פאַר אַלץ וואָס זי האָט פאַר זיי געטאָן. די טעטיקייט פון דער „א. ר. א." און פון „דזשאָינט" זיינען אויף איביק פאַרבליבן אין זכרון פון רוסישן פאָלק, און מ'הערט אָפט אַזעלכע מיינונגען, ווי „ווען ניט זיי, וואָלטן מיר אַלע שוין פון לאַנג אומגעקומען", אָדער „אַמעריקע איז גאָטס לאַנד", און אַנדערע ווערטלעך פול מיט דאַנק און רעספּעקט...

יאָ, דער „דזשאָינט" (דזשעי. די. סי.) האָט געמאַכט אַ גוטן אָנהייב מיט זיין אַנומעלנטיקער אַסיגנירונג פון $400,000 פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע. דאָס איז אָבער בלויז אַן אָנפאַנג. גרויסע סומעס זיינען נויטיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם פיינעם און גוטן פּלאַן. אָבער גיט נאָר אַ טראַכט וועגן זיין באַדייטונג! דאָס איז ניט קיין פּאַליאַטיוו, נאָר אַ גרינטלעכע און ראַדיקאַלע רפואה פאַר אַ געוואַלטיקער מכה. זאָל מען נאָר דורכפירן מיט דערפאָלג אַזאַ אונ־טערנעמונג, און אַלע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָב־לעמען פון די יידן אין רוסלאַנד וועלן מיט איין קלאַפּ געלייזט ווערן. אָבער די פּאַקטישע פירונג און השגחה איבער דער אַרבעט מוז, גאַנץ געוויס, איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון מענטשן, וואָס זיינען נאָענט אין זייערע סימפּאַטיעס און פאַרשטענדעניש צום רוסישן יידן, מענטשן וואָס זיינען ביין פון זיין ביין און פלייש פון זיין פלייש, און ניט אויף דעם אופן, ווי אַזוי דאָס פלעגט פריער געטאָן ווערן פון אַנדערע יידישע קאָלאָניזאַציע־קערפּערשאַפטן, וואָס האָבן אפשר גע־האָט די בעסטע כוונות. נאָר אויך מ'וועט האַנדלען אָט אַזוי, און ווען מ'וועט וואָס לערנען פון די פריערדיקע דערפאַרונגען און דורכפאַלן, איז דאָ אַן אויסזיכט, אַז מיר וועלן גיין אויפן ריכטיקן וועג, וואָס פירט צום דערפאָלג.

ד

א. ש. זאַקס איז צוריקגעקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד מיט אַ ים איינ־דרוקן, סיי אין באַצוג צו דער יידישער פראַגע, סיי בנוגע צום נייעם רעזשים בכלל, ווי דאָס האָט זיך אַזוי דייטלעך אָפּגעשפּיגלט אין דעם אויספירלעכן אינטערוויו מיט זיין פריינט הערצלד בערמאַן, וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט. מיט געוויסע געדאַנקען וועגן דעם נייעם רוסלאַנד האָט ער אָבער אין יענער צייט ניט געהאַלטן פאַר נויטיק אָדער פּאַסיק אַרויסצוטרעטן אין דער עפנט־לעכקייט. גוט פאַרשטאַנען האָט ער, אַז די ביטערסטע שונאים פון דעם נייעם רוסלאַנד, הן די רוסיש־יידישע פאַרטיי־שונאים פון די באָלשעוויקעס,

הן אַמעריקאַנער רעאַקציאָנערן און ראַדיקאַלן־פּרעסער וועלן זיך באַלד אָנ־כאַפּן אָן יעדער קריטישער באַמערקונג פון אַן אַמעריקאַנער באַזוכער אין סאָוועט־רוסלאַנד און אַ סאָציאַליסט און וועלן אַרויסשלאָגן פון איר אַ פּאָלי־טישן קאַפּיטאַל פאַר זיך. געווען איז דאָך דאַן די צייט פון ביטערן קאַמף פון די אַנטי־סאָוועטישע קרייזן אין דער גאַנצער בורזשואַזער וועלט קעגן דער אָפּיציעלער, דיפּלאָמאַטישער אָנערקענונג פון דער ערשטער אַרבעטער־ און פּויערים־רעגירונג אין דער וועלט. און, פאַרקערט, דער הייפּל פּריינט פון נייעם רוסלאַנד האָט דעמאָלט מוטיק געקעמפט, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זאָלן יאָ אָנערקענען די רעגירונג אין מאָסקווע, און יעדע אָפענע קריטיק פון די פריינטלעכע זייטן פון נייעם רוסלאַנד וואָלט תיכף אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון די קעגנער פון דער ראַטן־רעגירונג, כדי די קריטיק אויסצונוצן פאַר זייערע פיינטלעכע, אַנטי־סאָציאַלע צוועקן.

אינצווישן איז די ייִדישע געזעלשאַפט אין אַמעריקע באַקאַנט געוואָרן מיט א. ש. זאַקסעס ענטוזיאַסטישער מיינונג וועגן די גרויסע קאָלאָניזאַציע־פּלע־נער פאַר די ייִדן אין ראַטנלאַנד, און פון די געוויסע קרייזן איז געקומען אַ שאַרפע אָפּאָזיציע צו זיינע געדאַנקען. די ציוניסטן, מער פון אַלע, האָבן זיך באַצויגן מיט אַן אָפענער פיינטשאַפט צו די דאָזיקע פּראָיעקטן. איינער פון זייערע באַקאַנטסטע וואָרט־פירער, דער באַרימטער ענגליש־ייִדישער שריפט־שטעלער לודוויג לואיסאָן, האָט אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „נעישאָן" אַ ביטערן אַרטיקל (אין דער פאָרם פון אַ בריוו) קעגן דעם רוסיש־ייִדישן קאָלאָ־ניזאַציע־פּלאַן, און א. ש. זאַקס האָט אים, אויך אין אַן אַרטיקל אויף ענגליש (אין „דזשואיש טריביון" פון 23טן אָקטאָבער, 1925) זייער זאַכלעך און אָביעקטיוו געענטפערט. מיר וועלן דאָ ברענגען דעם שלוס־טייל פון זאַקסעס אַרטיקל.

. . . מ'קען בשום אופן ניט פאַרשטיין, הלמאי די אָנהענגער פון פּאַלעסטינע — און ווער פון אונדז איז ניט צווישן זיי — זאָלן זיין אַזוי גלייכע אומקאָמפּראָמיסלעכע קעגנער פון דעם רוסישן קאָלאָניזאַציע־פּלאַן און זאָלן זען אין אים אַ דם־שונא פאַר דער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע (ווי לודוויג לואיסאָן אין דעם אומגעוואוינטלעך ביטערן בריוו צו דער „נעישאָן"). מיר מוזן קוקן אויף אָט די ענינים ניכטער. מיר דעבאַ־טירן דאָ ניט קיין טעאָרעטישע פראַגע, נאָר אַן ענין פון דער קאָנ־קרעטער ווירקלעכקייט. נאָך מער: דער גורל פון 3 מיליאָן אומגליק־לעכע נפשות איז אָפּהענגיק פון דעם רעזולטאַט, וואָס די פראַגע וועט האָבן. לאָמיר פאַרשטיין איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז דער פּאַלעסטי־נער עקספּערימענט, ווי דערפאָלגרייך ער זאָל ניט זיין, קען קיינמאָל ניט שאַפן קיין היים פאַר די מיליאָנען ייִדן וואָס זיינען צעזייט און

צעשפּרייט איבער מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע; אַפילו ווען עס זאָל מעגלעך זיין — וואָס איז ניט דער פאַל — אַריבערצופירן זיי אַלעמען אין דאָס באַגערטע לאַנד, אַלעמען פאַר אַמאָל, אָדער אין משך פון אַ קורצער צייט.

מר. לואיסאָן האָט ניט ריכטיק אַוועקגעשטעלט די פראַגע. די פראַגע איז ניט רוסלאַנד אָדער ארץ־ישראל (אין ענגלישן אָריגינאַל: פּאַלעסטינע), נייערט רוסלאַנד און ארץ־ישראל, אָדער בכלל גאָרניט. ארץ־ישראל קען קאָלאָניזירט ווערן בלויז, אויב מיר וועלן האָבן מער אמתע אַרבעטער; אויפבויען מיט לופט־מענטשן קען מען עס ניט.

דער קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקט אין רוסלאַנד איז דער בעסטער מיטל אויפצוציען מענטשן וואָס זאָלן זיין צוגעפּאַסט און וויליק צו טאָן שווערע אַרבעט — אָט דער עלעמענט דווקא, אין וועלכן די ארץ־ישראל קאָלאָניזאַציע נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק.

דער צווייטער אַרגומענט, וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט קעגן דער רוסישער קאָלאָניזאַציע; נעמלעך, אַז די יידן אין רולאַנד פלעגן פאַר־גראַמירט ווערן און מ'האָט אויף זיי אַמאָל געמאַכט אַלערליי גזירות, און זיי קענען נאָך אויסשטיין אָט די צרות אין דער צוקונפט — אָט דער אַרגומענט איז אין דער אמתן אַזוי אומזיניק, אַז ס'לוינט גאָר אויף אים ניט ענטפערן. אַלע זיינען מסכים, אַז דאָס היינטיקע רוס־לאַנד איז ניט דאָס נעכטיקע רוסלאַנד, און וואָס עס זאָלן ניט זיין די פעלערן פון איצטיקן רוסלאַנד, אָבער ראַסן־שנאה איז ניט צווישן זיי. דער פאַרבאַנד פון סאָוועט־רעפּובליקן איז פאַקטיש אַ פאַרבאַנד פון נאַציאָנאַליטעטן. די סאָוועט־רעגירונג, וואָס אמת איז, פּרעדיקט טאַקע אַ קלאַסן־מלחמה — דעם אַלטן קלאַסן־קאַמף פון דער מאַרק־סיסטישער טעאָריע — אָבער דאָס גופא קען דאָך ווערן אַ שוץ־וואַנט פאַר די יידן, וואָס ווערן פּויערים, ד"ה האָרעפּאַשניקעס, קעגן יעדן מין פון עקסצעסן, אויב זיי זאָלן ווען אין דער צוקונפט קומען, — אַ זאַך וואָס איך האַלט פאַר אומוואַרשיינלעך.

די אויסברוכן פון די פריערדיקע צייטן זיינען געווען די אַרבעט פון די פּויערים, וואָס זיינען אָנגעהעצט און געפירט געוואָרן פון צאַ־רישע אַגענטן, קעגן יידישע הענדלער און קרעמער — און דאָס מיינט — מיטגלידער פון אַן אַנדערן סאָציאַלן קלאַס. אָבער דער צוקונפטי־קער פּויער, וואָס וועט זיין אויפגעצויגן אין אינטערנאַציאָנאַלן גייסט, אַזאַ פּויער וועט שוין בשום אופן ניט קענען קלערן פון אַריינלאָזן זיך אין עקסצעסן קעגן די מיטגלידער פון זיין אייגענעם קלאַס, בפרט ווען קיין רעגירונגס־פּראָוואָקאַטאָרן וועלן שוין ניט זיין! אין אָט דעם פּרט, האַלט איך, איז זייער גערעכט געווען מר. ל. מאַרשאַל, ווען ער

האָט געזאָגט, אַז „אויב די קאָנטר־רעוואָלוציע וועט קומען, וועלן די יידן, וואָס לעבן אין זיכערקייט אויפן לאַנד, זיך פאַראייניקן מיט אַנדערע טיילן פון פאָלק און וועלן אינאיינעם מיט זיי זיך אַנטקעגנשטעלן דער קאָנטר־רעוואָלוציע", אַנשטאָט צו זיין אַ קלאַס פאַר זיך, און אויף אַזאַ אופן צו זיין אַן אויסגעצייכנט ציל־ברעטל פאַר דער שנאה פון ביידע צדדים.

דער ענין פון רוסישע לאַנד־קאָלאָניזאַציע שיינט צו זיין אַזוי דורך און דורך קלאָר, פון שטאַנדפּונקט פון פּראַקטישער מענטשלעכקייט, אַזוי גוט ווי פון שטאַנדפּונקט פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן, אַז ס'וואָלט בכלל ניט געדאַרפט זיין קיין שום דעבאַטע פאַר און קעגן אין אָט דער אומגעהויערער וויכטיקער פראַגע.

מר. לואיסאָן כאַפּט זיך אָן פאַרן תנ"ך פּסוק „ניט פון ברויט אַליין לעבט דער מענטש", און באַנוצט עס אַלס אַן אַרגומענט קעגן דעם פּלאַן צו העלפן די יידן אין רוסלאַנד איבערצובויען זייערע לעבנס אויף נייע און געזונטע עקאָנאָמישע יסודות. ס'איז אָבער דאָ נאָך אַ צווייטער תנ"ך פּסוק, וואָס פאַרבאָט אונדז צו האַלטן מוסר־דרשות צו אַ הונגעריקן. דריי מיליאָן יידן הונגערן איצט אין רוסלאַנד. זייערע הענט זיינען אויסגעשטרעקט צו אונדז נאָך הילף, און דאָ קומט מר. לואיסאָן און זאָגט זיי, אַז „דער מענטש לעבט ניט פון ברויט אַליין". איז דאָס ניט אַ ביטערער חוזק?

אָט אַזוי האָט אַרגומענטירט א. ש. זאַקס מיט די קעגנער פון די סאָוועט־רוסישע גראַנדיעזע קאָלאָניזאַציע־פּלענער, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ באַגייסטערונג ביי אַ טייל אַמעריקאַנער יידן (אין זעלבן אַרטיקל רעדט אויך זאַקס וועגן דעם פּראָיעקטירטן פאָנד פון 15 מיליאָן דאָלער, וואָס האָט געזאָלט באַשאַפן ווערן אין דער יידישער אַמעריקע לטובת דעם רוסישן קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקט), אָבער אויך גלייכצייטיק — אַ ביטערע, פאַרעקשנטע אָפּאָזיציע. אויך אין פּריוואַטע געשפּרעכן מיט זיינע פריינט און תלמידים פלעגט זאַקס ניט זעלטן באַרירן די טעמע „גלות און ארץ־ישראל", און דערביי פלעגט זיין געדאַנקען־גאַנג זיין אומגעפער אַזאַ: צו וואָס דאַרפן די יידן זיך צופרידנשטעלן צו באַזעצן אין אַ קליינער סוכה, אַז זייער היים קען זיין די גאַנצע וועלט?[2] ער איז ניט געווען קעגן ציוניזם, געוויס ניט קיין „שונא־ציון", ווי אַ סך פון זיינע ערשטע חברים אין דער אַמאָליקער בונדיסטישער באַוועגונג, אָבער ער האָט ניט געהאַלטן, אַז ארץ־ישראל וועט קענען לייזן די פראַגע פון גאַנצן יידישן פאָלק, באַזונדערס אין סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן זין. און אין זיין גרויסער באַגייסטערונג פאַר די מעגלעכקייטן אין נייעם רוסלאַנד איז ער, נאַטירלעך, נוטה געווען מגזם צו זיין, אפשר צו

הויך אָפּצושאַצן, די פּערספּעקטיוון און האָפּענונגען, וואָס יענער קאָלאָני־זאַציע־עקספּערימענט אין רוסלאַנד האָט געעפנט. ליידער האָט דאָס לעבן גופא שפּעטער אים געעפנט די אויגן אויף זיינע צו גרויסע, אפשר דאָך אי־בערטריבענע דערוואַרטונגען און אילוזאָרישע פאָרשטעלונגען.

## הערות צום קאַפּיטל 11

1. די ליטעראַרישע בלעטער (וואַרשע), 7טער יאָרגאַנג, 28 מערץ, 1930. דער אַרטיקל פון א. טשעריקאָווער טראָגט דאָס קעפּל: „צו דער געשיכטע פון אַ געלונגענעם פּרואוו״.

2. דערציילט פון מר. ב. מאַרקוס, איינער פון די גרינדער און הויפּ־טוער פון דער א. ש. זאַקס־געזעלשאַפט, וועגן וועלכער עס וועט ווייטער אונטן אויספירלעך געשריבן ווערן.

XII

# דער היסטאָריאָגראַף פון אַרבעטער־רינג

## א

אין די יאָרן 1925־1920 האָט א. ש. זאַקס זיך ווידער דערנעענטערט צו דער קולטור־עלער אַרבעט פון אַרבעטער־רינג, אין וועלכער ער האָט, ווי מיר האָבן געוויזן אין אַ פאַריקן קאַפּיטל, געשפּילט אַזאַ דאָמינירנדיקע ראָל אין די יאָרן פון 1912 אָן ביז 1917.

אין מאַי 1918 איז י. ב. ביילין געוואָרן, אַנשטאָט פילים קראַנצן, רע־דאַקטאָר פון „פריינד", און דער מאָנאַטלעכער זשורנאַל פון אַרבעטער־רינג איז געוואָרן נאָך לעבעדיקער, פרישער, אינטערעסאַנטער ווי אונטער דעם אַלטן וועטעראַן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע, פ. קראַנץ. א. ש. זאַקס פלעגט פון צייט צו צייט געבן דעם „פריינד" וויכטיקע און אינטערע־סאַנטע אַרטיקלען. אַ פּרעכטיק־שיינער און איינדרוקספולער אַרטיקל זיינער איז געדרוקט געוואָרן אין נומער פון נאָוועמבער־דעצעמבער, 1920, אין פאַר־בינדונג מיטן צען־יאָריקן יובילײ פון „פריינד". דער אַרטיקל הייסט „דער שם־המפורש" און איז פאַרפאַסט אין סטיל און אין גייסט פון די בעסטע טיילן פון די „חרובע וועלטן", פאַר וועלכע מיר האָבן אָפּגעגעבן אַ ספּע־ציעלן קאַפּיטל, כדי אָט דאָס אויטאָביאָגראַפישע מייסטער־ווערק פון א. ש. זאַקס, וואָס ער אַליין האָט געהאַלטן פאַר זיין באַליבסטער שאַפונג — ווײ־ניקסטנס אַלס דאָס ווערק, וואָס איז אים גופא געווען טייערער פון אַלע אַנדערע, — כדי אָט דאָס ווערק צו אַנאַליזירן פון אַלע זייטן. אין „שם־המפורש" ווערט דערציילט אַ מעשהלע פון זאַקסעס חדר־יאָרן, ווען דער רבי פלעגט אַזוי האַרציק־וואַרעם און אינטים שמועסן מיט די קינדער וועגן די אַלטע לעגענדעס און פאַנטאַסטישע משלים און סתם פאָלקסטימלעכע געשיכ־טעס פון די אוראַלטע צייטן. איז אויך געקומען צו־רייד וועגן דעם „פּאַפּי־רענעם בריק", איבער וועלכן משיח בן דוד וועט אַראָפּנידערן אויף דער וועלט אויסצולייזן די יידן. און דעם איינדרוק און דעם אויספיר, וואָס די קינדער האָבן בעת מעשה געהאַט אין קאָפּ, און דעם משל און נמשל פון דער היינטיקער צייט, וועלן מיר, כדי צו פאַרשאַפן דעם לייענער אַ גייסטיקע הנאה, איבערגעבן דאָ, אַלס אַ קורצן אויסצוג פון א. ש. זאַקסעס פולן נוסח.

...און ווען ער (דער רבי) האָט דערזען, אַז אונדזער קינדערשער שכל קען נאָך ניט באַגרייפן ווי אַזוי אַ פּאַפּירענער בריק מיט פּאַפּירענע שווערדן און פּאַפּירענע רייטוועגן זאָלן זיין שטאַרקער פון אַן אייזער־נעם בריק מיט אייזערנע שווערדן און שפּיזן און רייטוועגן, האָט ער זיך מער צוגעבויגן צו אונדז און וואַרפנדיק אַ קוק אין הויז, צו זיין זיכער, אַז קיין זייטיקער מענטש הערט ניט, האָט ער מיט אַ גאַנץ שטילער שטים אונדז איינגערוימט:

„אויף זיי, קינדערלעך מיינע, וועט זיין אויסגעקריצט דער שם־המפורש"...

דעם רבינס ענטפער האָט אונדז אינגאַנצן באַרואיקט. מיר האָבן גלייך תופס געווען אין וואָס ס'וועט ליגן דער כוח פון משיח בן דודס חייל. און מיר האָבן שוין מער קיין שאלות ניט געפרעגט. אַלץ איז פאַר אונדז געוואָרן קלאָר; דער גאַנצער סוד פון דעם קץ איז פאַר אונדז נתגלה געוואָרן.

* * *

זיבט יענעם אָוונט זיינען פאַרבייגעלאָפן אַן ערך דריי צענדליק יאָר. דער רבי איז שוין לאַנג אויפן עולם האמת. פון אונדזער חדר איז שוין קיין זכר ניטאָ. פון אונדזערע תנ"כן איז געוואָרן שמות, און די שמות גופא זיינען שוין אויפגעפרעסן געוואָרן פון אַלטקייט. די חברים פון אונדזער כיתה זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט. דעם רבינס מעשות זיינען פון אונדזערע מוחות אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך געזעצן, טעאָריעס און השערות פון פאַרשיידענע וויסנשאַפטן. דער ים פון לעבן האָט פון אונדז אַראָפּגע־וואַשן דעם אַלטן שטויב פון דער אַמאָליקער חדר־לופט. אָבער גראַד די לעצטע צייטן, ווען איך זע ווי אַ גאַנצע וועלט, באַוואָפנט מיט אייזן און מיט שטאָל, גייט אַרויס אין אַ מלחמה קעגן אַ הויפן מענטשן, וואָס זייער גאַנצער געווער באַשטייט אין פראָפּאַגאַנדע־פראָקלאַמאַציעס, איז מיר צוריק אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק דעם רבינס אַלטע מעשהלע...

* * *

**דער כוח פון „שם־המפורש"** איז אַרויפגעשוואומען אין מיין זכרון אויך איצט, ווען איך האָב גענומען שרייבן צו דעם 10 יאָריקן יובילעי פון אַרבעטער־רינגס אָפיציעלן אָרגאַן.

זייט וויסן, מיינע פריינט, אַז דער סוד פון דעם אַרבעטער־רינגס שטאַרקייט ליגט ניט אין די מעטאַלענע מטבעות, וואָס ער צאָלט אויס צו זיינע מיטגלידער אין דער פאָרם פון פאַרשיידענע בענעפיטס. דאָס טוען אויך אַנדערע אָרדנס, אפשר ניט אַזוי שיין און גוט ווי דער אַר־בעטער־רינג, אָבער זיי טוען דאָס.

דער כוח פון אַרבעטער־רינג באַשטייט אין זיינע פאַפירענע געווער,
אין זיין אויפקלערונג־אַרבעט... אַט דאָרטן וואו ס׳געפינט זיך דער
שם־המפורש.
ווילט איר האָבן אַ פעלזן־שטאַרקן אָרדן, אַט היט אָפּ דעם שם־
המפורש!...

אויך אין אָט דעם אַרטיקל, געשריבן מסתם אין דער זעלבער צייט, ווען זאַקס האָט געאַרבעט איבער זיין היסטאָרישן ווערק „די פאַריזער קאָמונע״, וואָס איז אין אַ פאַריקן קאַפּיטל ציטירט געוואָרן, שפּיגלט זיך אָפּ זיין כמעט ראָמאַנטישער באמת־פּאַטעטישער גלויבן און יראת־הכבוד צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אָבער דעם טאָן פון אַרטיקל גיט די טיפע בענקשאַפט, דער אויפריכטיקער פּיעטעט זיינער צו די שיינע טראַדיציעס פון דעם גייסטיקן וועלט־באַנעם אין די שענסטע געשטאַלטן פון דער אַלטהיימישער יידישקייט, פאַר וועלכער זאַקס האָט מיט זיינע „חרובע וועלט״ אוועקגעשטעלט אַ ווירדיקן און דויערהאַפטן מאָנומענט. און דער שטאַרקער געפיל פון סימפּאַטיע צו דער מיסיע פון אַרבעטער־רינג, צו די נאָבעלע געפילן פון ברידערלעכקייט, ליכט און פאָרשריט, וואָס דאַרפן אויפצעמענטירן די טויזנטער מיטגלידער פון אָרדן אין איין משפחה, און אַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מחנות אין איין אַלוועלטלעכער, זיגרייכער אַרמיי פון אויפגעקלערטן אַרבעטער־קלאַס, — אָט די איידעלע סענטימענטן סטאַרטשען ממש אַרויס פון די שלוס־ווערטער אין יענעם וואונדערשיינעם אַרטיקל, געדרוקט אין שייכות מיט 10 יאָר לעבן פון אַ זשורנאַל, וועלכן זאַקס, דער צווייטער פון אַלע „פריינד״־רעדאַקטאָרן, האָט אַליין געהאָלפן בויען און אַנטוויקלען.

אין דעם יאָר 1920־1921 איז א. ש. זאַקס ווידער געווען מיטגליד פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג צוזאַמען מיט א. ליעסין, דער באַרימטער דיכטער; מיט מ. גורעוויטש, אַמאָליקער „בונד״־פּאַרטרעטער אין אַמעריקע; און מיט נ. פיינערמאַן, וואָס איז שפּעטער געווען אַ לאַנגיאָריקער עקזעקוטיוו פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין אַמעריקע (געשט. 1944); און מיט פ. בערנשטיין.[1]

ב

אינצווישן איז דער אָרדן עלטער געוואָרן און ס׳האָט זיך אָנגערוקט זיין 25־יאָריקער יובילײ (אין 1925). האָט די אַרבעטער־רינג פירערשאַפט אויסגעקליבן א. ש. זאַקסן צו זיין דער אָפיציעלער היסטאָריאָגראַף פון גרעסטן יידישן אַרבעטער־אָרדן. און ער, נאָך אין יאָר 1924, האָט זיך מיט גרויס

פּליס אַריינגעטאָן אין דער דאָזיקער אַרבעט וואָס איז פּאַרטיק געוואָרן פּונקט צו דער יובּיליי־קאָנווענשאָן וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מאַי, 1925, דאָ אין ניו־יאָרק.[2]

דאָס מאָנומענטאַלע ווערק — אַרום 900 בוך־זייטן, אין צוויי פּיינע בענ־דער, איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט גרויס פּליס און היסטאָרישער געניטשאַפט אויפן גרונט פון אַרכיוו־מאַטעריאַלן און אַנדערע דאָקומענטן. דאָס איז ווירקלעך אַ רעקאָרד ניט בלויז פון קאָלעקטיווע אויפטוען פון גאַנץ גרויסע קערפּערשאַפטן, ווי דער נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער ראַט אָדער די עקזעקוטיווע, נאָר אויך די געשיכטע אין קורצן, פון יעדן פון די הונדער־טער בּרענטשעס, און פון אַלע וויכטיקע קאָמיטעס, און אַפילו די נעמען פון אַלע אַקטיווע מיטגלידער, וואָס האָבן נאָר צוגעלייגט אַ האַנט דורך די ער־שטע 25 יאָר וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט געלעבט און געווירקט אויף אַלע פּאַרצווייגטע געביטן זיינע, ווערן דייטלעך דערמאָנט און פאַרצייכנט אויף שטענדיק. און אויך די „פאַר־געשיכטע" פון אַרבעטער־רינג — דער פּעריאָד פון דעם „אַרבעטער־רינג פּאַראייז" דאָ אין ניו־יאָרק (געגרינדעט אין 1892), און אַפילו די סאָציאַלע געשיכטע פון די יידישע אימיגראַנטן־מאַסן פון 1881־1891, ווערט בקיצור אָבער אינטערעסאַנט און זאַכלעך איבערגעגעבן אין זאַקסעס ווערק.

אין אָנפאַנג פון זיין פאָרוואָרט צום 2 בענדיקן ווערק שרייבט א. ש. זאַקס:

איך פיל זיך גליקלעך, וואָס אויף מיין חלק איז אויסגעפאַלן דער כבוד צו זיין דער ערשטער געשיכטע־שרייבער פונם אַרבעטער־רינג. דער ערשטער, געוויס ניט דער בעסטער.

דער קאַפּיטל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס הייסט „אַרבע־טער רינג", איז נאָך ניט געענדיקט. עס וועלן נאָך קומען אַ סך, אַ סך פאַרטזעצונגען און במילא אויך נייע געשיכטע־שרייבער. איך בין זיכער, אַז דער היסטאָריקער וואָס וועט קומען נאָך מיר, וועט אָנשרייבן אַ בעסערע, פולפאַרביקערע און פולבלוטיקערע געשיכטע פון דעם גרויסן יידישן אַרבעטער־אָרדן. די צוקונפטיקע געשיכטע וועט זיכער זיין אַ בעסערע. דאָס פאַרליגנדיקע ווערק איז אָבער די ערשטע גע־שיכטע און דעם כבוד פון זיין דער ערשטער געשיכטע־שרייבער קען קיינער פון מיר ניט אַוועקנעמען.

איך בין זיך דאָ אָבער מודה און מתוודה, אַז דער כבוד איז מיר ניט לייכט אָנגעקומען. איך האָב געמוזט אַרבעטן אויף אַן אומגע־אַקערט פעלד. איך האָב געמוזט בויען אויף אַ זאַמדיקן, ניט צעמענ־טירטן פונדאַמענט. נאָר גאַנץ ווייניק פאַרטיקע ציגל האָב איך געהאַט

פאַר דער געביידע. אין די מערסטע פאַלן האָב איך די ציגל אַליין געמוזט ברענגען פון דעם רויען מאַטעריאַל, וואָס איז אויך ניט אַלע מאָל געווען אַזוי לייכט צו קריגן אין אַן אויסגעקנאַטענער פאָרמע.

און דאָס פאָרווערטס, דאַטירט מערץ, 1925, ניו־יאָרק, ווערט פאַרענדיקט מיט אָט די שורות:

איך האָב צוגעטראָטן צו דער אַרבעט אָנהייב יאָר 1924 מיט דער הילף פון דער „געשיכטע־קאָמיטע": י. ראָבערטס, דזש. פּאָכניק, ל. ראָטהמאַן, און די נאַציאָנאַלע באַאַמטע: י. באָסקין, י. ווײַנבערג, פּ. געליבטער און י. בײַלין.

זאָלן אָט די פּאַר אײַנצלהייטן פאַרשריבן ווערן אויפן טויער פון דער „געשיכטע פון אַרבעטער־רינג".

מיט איין וואָרט: פאַרן לייענערס אויגן לויפן דורך די פּאַסירונגען פון אַרבעטער־רינג זינט ער איז געגרינדעט געוואָרן. 32 יאָר לעבן פליסן פאַרביי ווי דורך אַ פּאַנאָראַמע. איר זעט פאַר זיך מענטשן לעבעדיקע, איר באַגרייפט זייערע מאָטיוון, זייערע טאָטן. איר האָט פאַר אײַערע אויגן דאָס בילד פון 32 יאָר יידישן אַרבעטער־לעבן אין אַמעריקע. די פריידן און ליידן פון די יידישע מאַסן גייען פאַר איך פאַרביי און איר זעט זיי און איר פילט זיי.

די קריטיק האָט אויפגענומען דאָס ווערק מיט אַ גרויסער באַגייסטערונג. הלל ראָגאָף, צום בײַשפּיל, האָט געשריבן וועגן זאַקסעס „געשיכטע פון אַר־בעטער־רינג" אָט וואָס: זאַקסעס ווערק איז מער ווי די געשיכטע פון אַר־בעטער רינג. עס איז די געשיכטע פון דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין אַמעריקע.[3] פאַר יעדן פאָרשער פון דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט בכלל, איז א. ש. זאַקסעס ווערק אַן אומגעהויער־וויכטיקער קוואַל פון ערשט־האַנטיקער אינפאָרמאַציע און אויפקלערונג.

און אין 25טן יובּיליי־נומער „פריינד" (מאַי, 1925) האָט א. ש. זאַקס אָנגעשריבן אַ מין פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע פון אַרבעטער־רינג. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, אַן אינטערעסאַנטע און אָריגינעלע חקירה מכוח געוויסע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע שטריכן פון די יידישע מאַסן, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם פּענאָמען „25 יאָר אַרבעטער רינג".

דער אַרטיקל טראָגט דעם טשיקאַווען נאָמען „אַ שליסל צו דער געשיכטע פון אַ. ר." און ער הייבט זיך אָן אָט אַזוי:

ווען מיר וואָלט אויסגעקומען צו סימבאָליזירן דעם אַרבעטער רינג דורך אַ נאַטור־דערשיינונג, וואָלט איך אויסגעקליבן ניט דעם

ערד־קוגל, נאָר אַ ים — אַ גרויסן, ברייטן און טיפן ים, מיט אַלע זיינע שיינקייטן, געמיט־צושטאַנדן און קאַפּריזן.

אין אַרטיקל שטעלט זיך זאַקס אָפּ אויף עטלעכע עפּיזאָדן פון אַרבעטער רינגס אינערלעכן לעבן און קאַמף אין משך פון אַ גאַנצן פערטל־יאָרהונדערט, און עס קומט דערביי צו רייד וועגן דעם לאַנגיאָריקן קאַמף פאַרן פּרינציפּ פון די אַזוי־גערופענע „פּראָטערנאַלע רעיטס" אַנשטאָט דער פּאַרציייטיקער, אומוויסנשאַפטלעכער סיסטעם פון מיטגליד־אָפּצאָלן. דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך געצויגן כמעט 10 יאָר צייט (1908־1917), אָבער ערשט נאָך 1917 איז דער געזונטער פּרינציפּ איינגעפירט געוואָרן אין לעבן. פירט עס דעם נאָענטן און געטרייען פריינט פון אַרבעטער־רינג, א. ש. זאַקסן, צו אַן אינ־טערעסאַנטן פּרוּוו צו געבן אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון די יידישע מאַסן, וועלכן מיר וועלן דאָ, כמעט וואָרט אין וואָרט, פאַר די לייענער אי־בערגעבן. שרייבנדיק מכוח דעם כסדרדיקן זיג־זאַג וועגן אַן אַרויף און אַראָפּ פון דער וויכטיקער אינערלעכער רעפאָרם — דעם פולן זיג פון וויסנ־שאַפטלעכן פאַרזיכערונג־פּראָגראַם, טאַקע ווי אין אַלע לעבנס־פאַרזיכערונג אָרדנס, זאָגט א. ש. זאַקס אַרויס אַזוינע געדאַנקען:

צו וואָס אַזעלכע זיגזאַגן? פאַרוואָס האָט מען גלייך ניט געקענט דורכפירן פּראָטערנאַלע רעיטס? עס וואָלט דאָך איינגעשפּאָרט געוואָרן אַזוי פיל הייס בלוט! עס וואָלטן דאָך ניט אַרויס פון געדולד אַזוי פיל קעפּ?

אָבער אַזוי האַנדלט דאָס פאָלק. דער ראָד פון דער געשיכטע, איידער עס דרייט זיך אינגאַנצן אַוועק פון זיין פריערדיקן פּלאַץ, וואַקלט ער זיך, באַוועגט זיך הין און צוריק, אויף איין זייט און אויף דער צווייטער זייט.

דער אַרבעטער־רינג איז אַ ראַדיקאַלע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע. ער גייט צו זיין ציל ניט אַלע מאָל גלייך. אָבער דער ציל מוז פריער אָדער שפּעטער דערגרייכט ווערן. פאַר דעם גאַראַנטירן אונדז די געזונטע אינסטינקטן פון די פאָלקס־מאַסן און דער געזונטער חוש פון דער פאָלקס־אינטעליגענץ.

לאָמיר, פּאַטענטירטע אינטעליגענטן, דעם אַרבעטער־רינג איינ־גאַנצן לאָזן צורו. ער וועט זיין וועג געפינען מיט אונדזער הילף אפשר גיכער, אָבער אָן אונדזער הילף — בעסער, זיכערער.

ווילט איר פאַרשטיין און הנאה האָבן פון דער געשיכטע פון אַר־בעטער־רינג — טאָ טרעט ניט צו צו איר מיט דער מאַטעמאַטישער מאָס, וועגט איר ניט מיט אייערע געשעפטלעכע געוויכטן. באַטראַכט

דעם אַרבעטער־רינג ווי אַ ים, אַ גרויסן, אַ ברייטן און טיפן ים, וואו די טראָפּנס באַשטייען פון מענטשן, יידישע אַרבעטער.

איר וועט דעמאָלט הנאה האָבן פון זיין שיינקייט, ווען ער איז רואיק און איר וועט פילן אַ גרויסן יראת־הכבוד פאַר זיין מאַיעסטעט, ווען ער איז אין כעס און רוגזהדיק.

יאָ, דער עמבלעם פון אַרבעטער־רינג דאַרף זיין ניט דער פאַר־גליווערטער, האַרטער ערד־קוגל, נאָר דער רירעוודיקער עמפינדלע־כער ים.

באַקענט זיך פריער מיט די קאַפּריזן פון ים, מיט זיינע פאַר־שיידענע געמיט־צושטאַנדן, און איר וועט האָבן אַ שליסל צו פאַרשטיין די געשיכטע פון דעם אַרבעטער־רינג.

מיר קענען פון אָט די ווערטער דרינגען, אַז זאַקס האָט פאַרפאַסט זיין געשיכטע פון אַרבעטער־רינג געוויס ניט אינם טרוקענעם גייסט פון אַן אַר־כיוויסט־גריבלער, נאָר ווי אַ מענטש מיט אַ הויך־פליענדיקער פאַנטאַזיע, מיט סימפּאַטיע צום יידישן פאָלקס־מענטשן, און מיט אַן אינערלעכן געפיל, אַז אין די פאָלקס־מאַסן ליגט אַ געוואַלטיקער שעפערישער כוח. און גע־האַלטן האָט ער, אַז עס איז די פליכט פון יעדן איינעם, וואָס גייט פאָרשן און באַשרייבן גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען, זיך קודם־כל אַריינפילן, אַריבער־טראָגן אין די טיפענישן פון דער פאָלקס־נשמה, וואו עס שלאָגן די קוואַלן פון דער גרויסער ענערגיע וואָס עס ווייזן אַרויס דער יחיד און כלל אויפן קהלישן, סאָציאַל־קאָנסטרוקטיוון געביט.

## הערות צום קאַפּיטל 12

1. א. ש. זאַקס: געשיכטע פון אַרבעטער־רינג, ז׳ 742.
2. א. ש. זאַקס: די געשיכטע פון אַרבעטער־רינג (1892־1925), אַרויסגעגעבן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר. צו דער 25טער יובילעאום־קאָנווענשאָן, מאַי, 1925, ערשטער טייל: ז״ז 1־438 און 1־23. צווייטער טייל: 739־859 און 1־15.
3. ציטירט אין „פריינד" (אַנאָנסע וועגן אַ. ר. געשיכטע), סעפּטעמבער, 1925.

XIII

# דער קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס

## א

נאָך זיין אומקער פון דער רייזע קיין אייראָפּע אין 1924, האָט זאַקס ניט איבערגעריסן די פאַרבינדונגען מיט זיינע אַלטע און נייע פריינט וואָס ער האָט אָנגעקניפּט אין דער אַלטער היים און אויף יענער זייט ים בכלל. ער האָט מיט זיי געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ און אין זיין אַרכיוו זיינען פאַרבליבן עטלעכע זייער אינטערעסאַנטע בריוו פון זיינע פריינט. פון זיי קען מען, ראשית־כל, דערזען יענע שטריכן פון זיין כאַראַקטער און אַנדערע גייסטיקע אייגנשאַפטן, וואָס האָבן צו אים געצויגן פריינט וואו נאָר ער איז געקומען אין באַריר מיט די קולטור־בויער און שאַפנדיקע גייסטער. צווייטנס, זעט מען פון זיי אַרויס אַ סך שטריכן און עלעמענטן פון דער יידישער קולטור־סביבה, פון יידיש־נאַציאָנאַלע טעטיקייטן און שטרעבונגען, אין פאַרשיי־דענע טיילן פון דער וועלט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. איז דעריבער, פון אַלגעמיין־קולטורעלן שטאַנדפּונקט, וויכטיק אָט די קולטור־דאָקומענטן צו ראַטעווען פון פאַרגעסנקייט און עטלעכע פון אָט די בריוו וועלן מיר דאָ אָפּדרוקן.

אָט איז אַ בריוו, וואָס דער באַרימטער יידישער ליטעראַטור־היסטאָרי־קער, ד״ר ישראל צינבערג, מיט וועלכן א. ש. זאַקס האָט זיך באַקענט בעת זיין באַזוך אין לענינגראַד, זומער 1924, האָט זאַקסן געשריבן מיט אַנדער־האַלבן יאָר שפּעטער. דער בריוו איז פון אַן ערשט־קלאַסיקער היסטאָרישער וויכטיקייט, ווייל אין אים ווערט, פון מחבר אַליין, דערציילט ווי אַזוי ס׳איז געשאַפן געוואָרן דאָס מאָנומענטאַלסטע ווערק פון יידישער ליטעראַטור־גע־שיכטע אין יידיש — צינבערגס צען־בענדיקע „געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן״.

מיר דרוקן דאָ איבער דעם בריוו וואָרט אין וואָרט (די אָרטאָגראַפיע איז מאָדערניזירט):

10טן יאַנואַר, 1926

זייער השובער א. ש. זאַקס.

איך ווענד זיך צו אייך מכוח דעם זעלבן ענין וועגן וועלכן איך האָב שוין מיט אייך גערעדט, אויב איר געדענקט נאָך אפשר, בעת

מיר האָבן זיך געזען דאָ אין לעגינגראַד. דאָס איז — וועגן מיין געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביים יידישן פאָלק, וואָס ליגט שוין ביי מיר פון אַ לאַנגן משך צייט, און וואַרט אַלץ אויף שאַפנדן פאַרלעגער. דערלויבט מיר אין קורצן אייך באַקענען מיטן כאַראַקטער פון מיין ווערק. איך טראָג מיך שוין פון צענדליקער יאָר אַרום מיטן געדאַנק צו שרייבן די געשיכטע פון דער ליטעראַטור וואָס אונדזער פאָלק האָט געשאַפן. כידוע איז נאָך עד היום אַזאַ ווערק ניט פאַראַן, ניט קוקנדיק דערויף וואָס מיר זיינען דאָס „עם הספר". די סיבה דערפון איז אַ גאַנץ פשוטע. שרייבן אַ געשיכטע פון אַ ליטעראַטור וואָס ציט זיך שוין איבער דריי טויזנט יאָר, איר וויג איז געשטאַנען ביים ניל און ביים ירדן און די לעצטע בלעטער אירע שרייבן זיך אויף די ברעגן פון דעם דניעפּער, ווייסל און הודסאָן — אַזאַ ליטעראַטור איז איין מענטש ניט אימשטאַנד צו שרייבן. עס קען קומען אַ קאָמפּילאַטאָר ווי קאַרפּעלעס ז"ל און אָנשרייבן אַ קאָך־בוך וואָס האָט קיין וויסנ־שאַפטלעכן ווערט, אָבער שאַפן אַ ווערק אויפן יסוד פון די ערשטע מקורים, באַלייכטן דעם גאַנצן ריזן־מאַטעריאַל, אַרויסגייענדיק פון אַ געוויסער וועלט־אַנשויאונג — דאָס איז, ווי געזאָגט, איבער די כוחות פון אַ פשוטן בשר ודם. דערפאַר טאַקע בין איך נאָך לאַנגן ישוב־הדעת געקומען צום באַשלוס זיך אָפּשטעלן בלויז אויף אַ באַשטימטער תקופה. און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן.

איך האָב מיר געשטעלט פאָלגנדע אויפגאַבע: שרייבן די ליטע־ראַטור־ און קולטור־געשיכטע פון יידישן פאָלק זייט דעם היסטאָרישן מאָמענט, ווען מיר זיינען פון אַן אַזיאַטיש פאָלק געוואָרן אַן אייראָ־פּעאיש און די העגעמאָניע פון דער יידישער קולטור האָט זיך איבער־געפּעקלט אויס פאָדעראַזיע קיין מערב־ און דרום־אייראָפּע. אמת, אויך די תקופה פאַרנעמט אַ גאַנץ לאַנגן משך פון איבער טויזנט יאָר: זייט דעם צענטן יאָרהונדערט ביז דער לעצטער צייט. אינם יאָר 1915 בין איך צוגעטראָטן צו דער דאָזיקער אַרבעט. ווייל דאָס רוס־לאַנדישע יידנטום האָט דעמאָלט נאָך אַ גאַנץ אַנדער פּנים געהאַט און עס איז געווען דער רוב בנין ורוב מנין פונם גאַנצן פאָלק ישראל, האָב איך דאָס ווערק אין דער התחלה געשריבן אין רוסישן. ביז צום יאָר 1924 האָב איך צוגעגרייט צום דרוק פיר בענד; דריי בענד צע־פאַלן אין צוויי ספרים יעדערער, און איינער אין דריי. בסך־הכל אַלזאָ, ניין ספרים. די ערשטע צוויי בענד זיינען אַ ווערק פאַר זיך: די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אינם מיטלאַלטער, און פאַרענדיקט מיט גלות ספרד. די ווייטערדיקע צוויי בענד זיינען ווידער אַ ווערק פאַר זיך: פון גירוש־שפּאַניען ביז דער השכלה־תקופה. דאָ

גייט שוין נאַטירלעך אַריין ניט נאָר די העברעאישע, נאָר אויך די אַלטע יידישע. די אַלע פיר בענד פאַרנעמען אין רוסישן בערך 90־80 שטאַרקע דרוק־בויגן. דאָס גאַנצע ווערק איז געשריבן נאָך די ער־שטע קוועלן. די אַלע ספרים און מאַנוסקריפּטן (צווישן זיי העכסט־זעלטענע), וועגן וועלכע איך שרייב, האָב איך אַליין שטודירט. די געשיכטע פון דער ליטעראַטור גיב איך אויפן פאָן פון דער גאַנצער יידישער קולטור, וועלכע איך באַלייכט נאַטירלעך אין צוזאַמענהאַנג פון דער גאַנצער אייראָפּעאישער קולטור. ווייל אָבער איך האָב אַרויס־געזען אַז ביי די היגע ווּיסגאַבע־צושטאַנדן איז זייער שווער צו האָפן מיין ווערק זאָל דאָ קאָנען אין דער בעקסטער צייט געדרוקט ווערן אין רוסישן, האָב איך באַשלאָסן דערווייל ניט צו שרייבן די ווייטערדיקע בענד וועגן השכלה־תקופה און דער נייערער צייט. און איך האָב אָנגעפאַנגען איבערצואַרבעטן די ערשטע, שוין פאַרטיקע פיר בענד, אויף מאַמע־לשון. איך שרייב נעמלעך „איבעראַרבעטן" ניט איבער־זעצן, ווייל אין יידישן מוז דער נוסח זיין אַן אַנדערער ווי אין רוסישן. איצט זיינען שוין ביי מיר פאַרטיק אין יידישן די ערשטע צוויי בענד וואָס באַשטייען אויס פינף ספרים. בכדי איר זאָלט וויניקסטנס האָבן אַ וועלכן ס'איז באַגריף וועגן דער אַרכיטעקטאָניק פון מיין ווערק, גיב איך אייך דאָ איבער די קעפּלעך פון די דאָזיקע ספרים:

א) דער יידיש־שפּאַנישער קבוץ אין דער גלאַנץ־תקופה פון דער אַראַבישער תקופה (פון צענטן יאָרהונדערט ביז דער מיט פונם דרייצנטן).

ב) דער דייטש־פראַנצויזישער קיבוץ פאַר דער דער זעלבער תקופה.

ג) דאָס איטאַליענישע יידנטום פונם צענטן יאָרהונדערט ביז דער רענעסאַנס־תקופה.

ד) דער קאַמף פון קבלה און מסורה קעגן ראַציאָנאַליסטישער פילאָזאָפיע. ערשטער טייל (פון דער מיט דרייצנטן יאָרהונדערט ביז אין יאָר 1348 (די שוואַרצע מגפה).

ה) דער קאַמף פון קבלה און מסורה קעגן ראַציאָנאַליסטישע פי־לאָזאָפיע, צווייטער טייל (פון דער „שוואַרצער מגפה" ביז גירוש־שפּאַניען).

די אַלע פינף ספרים פאַרנעמען בערך 55־52 דרוקבויגן. די ווייטערדיקע פיר ספרים, וואָס זיינען דערווייל ביי מיר פאַרטיק בלויז אין רוסישן, זיינען פאָלגנדע:

ו) דאָס איטאַליענישע יידנטום אין דער רענעסאַנס־תקופה (1650־1450).

ז) דער יידישער קיבוץ אין דער טערקיי און אין ארץ־ישראל (1450־1670).

ח) דאָס פויליש־דייטשישע יידנטום (פון סוף פופצנטן יאָרהונדערט ביז דער השכלה־תקופה).

ט) די אַלטע יידישע ליטעראַטור (פון דער התחלה ביז צו דער השכלה־תקופה).

איצט שטייט ביי מיר די פראַגע, וואו דרוקט מען מיין ווערק אין יידישן? איך האָב געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דעם וואַרשויער קלעצקין פאַרלאַג (איך האָב קלעצקינען געזען היינטיקן זומער אין מאָסקווע); נאָר ביי דעם איצטיקן עקאָנאָמישן קריזיס (ריכטיקער גע־זאָגט — חורבן — אין פוילן, איז איצט קיין שום האָפענונג אַז פון די אונטערהאַנדלונגען זאָל עפּעס קאָנען ווערן. לכן ווענד איך מיך איצט צו אייך מיט דער אָנפראַגע: ווי שטייט עס ביי אייך אין קאָלומבוס־לאַנד? צי איז דאָ וועגן עפּעס צו רעדן? צי איז ביי אייך פאַראַן איצט אַן ערנסטער פאַרלאַג, וואָס זאָל זיך אונטערנעמען מיין ווערק צו דרוקן? אָבער — איך האָב אַ גרויסן טעות געהאַט, מיין גאַנצע לאַנגיאָריקע מי איז אומזיסט, און מיין ווערק איז באַשערט אויך ווייטער צו וואַלגערן זיך כאבן שאין לה הופכים, ביז עס וועט אינגאַנצן גיין לאיבוד...

יעדנפאַלס בעט איך אייך זייער, ווערט געוואויר און שרייבט מיר אַן ענטפער. איך וועל אייך דערפאַר דאַנקבאַר זיין.

מיט האַרצלעכן גרוס,

ישראל צינבערג.

בעת זיין באַזוך אין לענינגראַד, אין 1924, האָט זאַקס זיך געטראָפן חוץ מיט צינבערגן, אויך מיט אַ צווייטן פּראָמינענטן יידישן שריפטשטעלער און קולטור־עסקן, דעם היסטאָריקער און רעדאַקטאָר (פון „פריינד" אאַז"וו) שאול גינזבורג (1866־1940). ש. גינזבורג איז געווען דער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון דער חברה „מפיצי השכלה", צענטראַלע שול־און בילדונג־געזעלשאַפט פון רוסישן יידנטום. ער האָט גוט געקענט די אומשטענדן פון לעבן און שאַפן צווישן די רוסיש־יידישע און יידישע קולטור־עסקנים און געווען כלל־טוער. וועגן הילף פאַר אַט די קרייזן, האָט ש. גינזבורג מסתם גערעדט מיט א. זאַקסן, ווי מ'זעט עס פון אַ בריוו, וואָס ש. גינזבורג און י. צינבערג האָבן אַרויסגעשיקט, וואַרשיינלעך, אין יאָר 1925 (אויפן בריוו, וואָס מיר דרוקן דאָ, פעלט ליידער דאָס דאַטום):

גערטער ה׳ זאַקס!

מיר באַנוצן זיך מיט אַ געלעגנהייט, כדי צו דערמאָנען אייך וועגן אייער פאַרשרעכן. דער פּלאַן וועגן אַ נסיעה האָט באַגעגנט שוועריקייטן און איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַוואוסטער צייט. די מאַטעריעלע לאַגע אָבער סיי פון „מפיצי השכלה״, סיי פון איינצלנע פּערזאָנען, וואָס ברויכן שטיצע, איז נאָך פיל פאַרערגערט געוואָרן. מיר בעטן אייך דעריבער זייער און זייער, איר זאָלט אין די ביידע ריכטונגען אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך, אָנווענדן און אויסנייניקן הילף. פאַרגעסט ניט דעם כלל: „גיך געהאָלפן — איין צווייען געהאָלפן״. מיר ברויכן ניט צו דערקלערן אייך, ווי גרויס די נויט איז, און מיר האָפן פעסט, אַז איר וועט טאָן אַלץ, וואָס מען באַדאַרף. איר האָט געוויס ניט פאַרגעסן דעם אַדרעס — מיר זאָגן אייך אין פאָראויס דעם בעסטן דאַנק און פאַרבלייבן מיט אַכטונג און גרוס,

ש. גינזבורג, י. צינבערג.

אייערע „חרובע וועלטן״ דערהאַלטן. אַ דאַנק!

ב

אין יאָר 1925, ווען א. ש. זאַקס האָט געהאַט פאַרענדיקט זיין מאָנומענטאַלע „געשיכטע פון אַרבעטער רינג״; ווען ער האָט דורכגעבראַכן אַ וועג פאַר דער אָנערקענונג ביי די אַמעריקאַנער יידישע מאַסן פון דער היסטאָרישער קאָלאָניזאַציע־אַקציע פון די סאָוועט־רוסישע יידן; און בעת זיין ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע רעפּוטאַציע, נאָך 15 יאָר אַרבעט אין דער יידישער אַמעריקע, האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, — האָט די שרייבערישע פּראָפעסיע אים צוגעטיילט דעם העכסטן כבוד. מ׳האָט אים אויסגעקליבן פאַר פּרעזידענט פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין.

דעם 14טן מאַי, 1925, האָט דער פּרץ פאַראיין דערוויילט זיינע באַאַמטע פאַרן קומענדיקן טערמין (אַ יאָר — אַ יאָר מיט אַ האַלבס). אין דער פאַרוואַלטונג זיינען אַריינגעגאַנגען: א. ש. זאַקס — פּרעזידענט; קלמן מרמר — וויצע־פּרעזידענט; ד. ל. מעקלער — טרעזשורער; יוסף מאַרגאָשעס — סעקרעטער. אין דער עקזעקוטיווע זיינען דערוויילט געוואָרן: ב. צ. גאָלדבערג, מלך עפּשטיין, ל. קרישטאַל, ה. גאָטעספעלד, א. וואָהלינער, לעאָן קאָברין און חנן מיניקעס.

דער פּרץ שרייבער־פאַראיין, די פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציע פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין ניו־יאָרק, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1915, קורץ נאָכן טויט פון באַרימטן קלאַסיקער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, יצחק־לייב פּרץ (1851־1915). דער פאַראיין האָט פאַר זיך געשטעלט קודם־כל עקאָנאָמישע צילן, ווי למשל צו

רעגולירן די באַציאונגען צווישן די צייטונג־אַרויסגעבער און די מיטאַר־בעטער, אויסצואַרבעטן מינימום־סטאַנדאַרדס פאַר שכירות און אַרבעט־באַ־דינגונגען, שטיצן די אַרבעטלאָזע שרייבער און די אומגליקלעכע קאָלעגן אין אַנדערע לענדער אד״גל. אויך קולטורעלע צילן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער פאַרשטאַרקונג און פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער ליטעראַטור, וויסנשאַפט און קונסט, האָט פאַר זיך געשטעלט דער דאָזיקער פאַראיין, און האָט אין די איבער 25 יאָר פון זיין עקזיסטענץ זיי טיילווייז דורכגעפירט אין לעבן.

אין אַ צייט פון ריזיקע אָרגאַניזאַציעס און קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען, ווען דער יחיד איז מאַכטלאָז אויב ער פאַראייניקט זיך ניט מיט זיינע פאַך־חברים; ווען אַלע פּראָפעסיע־לייט, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לערער אאז״וו האָבן זייערע אייגענע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, איז געווען ניט מער ווי רעכט, אַז אויך יידישע שרייבער זאָלן זיין אָרגאַניזירט און פאַראייניקט צווישן זיך. די צייטונג־אַרויסגעבער האָבן לאַנגע יאָרן געמאַכט זייער גוטע געשעפטן מיט זייערע אונטערנעמונגען, אָבער די קאָפּ־אַרבעטער פון דער פּרעסע, די רעדאַקציע־מיטגלידער, שרייבערס, רעפּאָרטערס אאז״וו זיינען — אין קעגנזאַץ צו די גוט־אָרגאַניזירטע דרוקער־אַרבעטער — גאַנץ לאַנגע יאָרן כסדר עקספּלואַטירט און שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן. דער מצב האָט זיך תיכף געביטן צום בעסערן ווען דער פּרץ שרייבער־פאַראיין איז אַרויף אויף דער סצענע.

אָבער, הגם דער עקאָנאָמישער ציל פון פאַראיין איז טאַקע געווען זיין עיקר פּראָגראַם־פּונקט, וואָלט אָבער ניט ריכטיק געווען צו מיינען, אַז ער איז געווען פּראָסט־פּשוט אַ טרייד־יוניאָן פון די יידישע שרייבער (דאָס איז ער טאַקע אויך געווען, אַפילו זיך אָנשליסנדיק צו דער „אַמעריקען פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר״), מחמת ער איז געווען — חוץ דעם — נאָך עפּעס גרע־סערס און ווויכטיקערס. ער האָט פון ערשטן טאָג אָן געשטרעבט צו הייבן דעם מעמד פון דער יידישער פּרעסע, צו פאַרבעסערן איר טאָן, צו באַפעס־טיקן און פאַרשפּרייטן די יידישע קולטור בכלל. און, ווי געזאָגט, אַ קאָלע־גיאַל־פילאַנטראָפּישע הילף איז געווען איינע פון זיינע הויפּט־אויפגאַבעס.

בעת דער וועלט־מלחמה (1914־1918) האָט ער אויפגעקליבן 15 טויזנט דאָלער צו העלפן די מלחמה־קרבנות צווישן די יידישע שרייבער אין דער אַלטער וועלט, ער איז געווען זייער אַקטיוו ביי דעם אויפבוי פון דער „פּיפּלס רעליף קאָמיטע״, איינע פון די דריי גרונט־קערפּערשאַפטן, פון וועלכע דער „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטעט״ איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן. דער פּרץ־פאַראיין האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן „שפּייזלאָזן באַנקעט״ אין אַמעריקע, אַ מלחמה־רעליף המצאה, וואָס איז גלייך נאָך דעם געוואָרן פּאָפּולער און פלעגט נאָכגעטאָן ווערן (אין שיקאַגאָ און אַנדערע

שטעט) פון די גרעסטע יידישע רעליף־קערפּערשאַפטן. אין יאָר 1919 האָט דער פּרץ־פאַראיין גענומען די איניציאַטיווע צו אָרגאַניזירן די גרויסע פּראָ־טעסט־דעמאָנסטראַציע אין ניו־יאָרק קעגן די פּאָגראָמען אין פּוילן. און שפּעטער פלעגט ער זיך אָנשליסן רעגלמעסיק צו די „יונייטעד דזשואיש קאַמפּיינס" פאַר די קרבנות פון די מלחמה־חורבנות און פון די נאָך־מלחמה מהומות.

דער ערשטער פּרעזידענט פון פּרץ־פאַראיין איז געווען הלל ראָגאָף, דער פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס". נאָך אים איז אַלעקסאַנדער זעלדין, פון „טאָג", אייניקע מאָל געווען פּרעזידענט, און אויך הלל ראָגאָף איז ווידער אָפטמאָל אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אָט דעם אַמט דורך די ערשטע צען יאָר פון דעם פאַראיינס עקזיסטענץ. דער גוט־באַקאַנטער אַלטער זשורנאַליסט און ביבליאָפיל, יוסף מאַרגאָשעס, איז געווען דער ער־שטער סעקרעטאַר פון פּרץ־פאַראיין און האָט דעם אַמט פילע יאָרן פאַרנומען.

ווי באַקאַנט, האָט די ניט־יידישע זשורנאַליסטישע פּראָפעסיע ערשט מיט 20 יאָר שפּעטער (אַרום 1935) זיך אָרגאַניזירט אויף אַ ריין עקאָנאָמישן באַזיס („ניוספּעיפּער גילד", אאַז"וו). דאָ האָט פּאַסירט, אַלזאָ, אַן אַנאַלאָ־גישער פאַל ווי מיט די יידישע און ניט־יידישע אַקטיאָרן אין אַמעריקע. מיט 25 יאָר פאַר דעם נאָך ווי די „עקטאָרס עקוויטי אַסאָסיאיישאָן" איז גע־שאַפן געוואָרן, האָבן די יידישע אַקטיאָרן שוין געהאַט אויפגעבויט (סוף די 1880ער יאָרן) פאַר זיך אַן עקאָנאָמישע פאַך־אָרגאַניזאַציע. די „איסט־סייד", ווי ניט איין מאָל אין די לעצטע 50־60 יאָר, איז אויפן סאָציאַל־פּאָליטישן געביט געווען אַ אַקטיווער, אַ פיל פאָרגעשריטענער פון דער ניט־יידישער אַמעריקע, און במילא איז אויף איר חלק אויסגעפאַלן אויפ־צוטאָן ווכטיקע פּיאָנערן־אַרבעט אויף אַ סך געביטן פון סאָציאַלן קאַמף, ווי דאָס ווערט פון דער יידישער אַרבעטער און סאָציאַלער באַוועגונג דאָ אין לאַנד באַוויזן אויף יעדן שריט און טריט.

שטענדיק איז זאַקס געשטאַנען אין די נאָענטסטע און סימפּאַטישסטע באַציאונגען צו אַזאַ פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע, ווי דער „י. ל. פּרץ שריי־בער־פאַראיין פאַר קעגנזייטיקער הילף" — ווי ס'איז געווען דער אָפיציעלער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע (אין ענגליש ווערט זי אָנגערופן „דזשואיש רייטערס קלאָב"). פאַרשטייט זיך, אַז דווקא די קולטורעלע, גייסטיק־קאָנ־סטרוקטיווע צוועקן פון דעם פאַראיין זיינען באַזונדערס נאָענט און טייער געווען א. ש. זאַקסן, און מיט זיי האָט ער זיך אינטערעסירט נאָך איידער ער איז געוואָרן דער אָפיציעלער הויפּט פון דער קערפּערשאַפט.

אָט, ווייסן מיר שוין, אַז בעת זיין באַזוך אין אייראָפּע, אין 1924, האָט ער זיך באַמיט צו פאַרווירקלעכן אַ פּלאַן פון אַ יידישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע; און די איניציאַטיווע, ווי ער האָט געהאַלטן, האָט געקענט און

געדאַרפט אַרויסגיין פון די אָרגאַניזירטע יידישע שרייבער אין אַמעריקע. ער האָט, בעת יענעם באַזוך, אויך זיך פאַראינטערעסירט מיט דער פאַר־אייביקונג פון דעם אָנדענק פון באַרימטן קריטיקער און פובליציסט, ד״ר עליאַשעוו (בעל־מחשבות), וואָס פאַר דער פאַרעפנטלעכונג פון זיינע ווערק (בעל־מחשבות איז געשטאָרבן אין בערלין, 1923) האָט דער פרץ־פאַראיין דורכגעפירט אַן אַקציע און ס׳האָט זיך איינגעגעבן בייצוטראָגן אַ היפּשע סומע פאַר דעם פובליקאַציע־פאָנד פון „ד״ר עליאַשעוו בוך־קאָמיטעט״ אין אייראָפּע.

אין אַרכיוו פון א. ש. זאַקסן איז, אגב, פאַרבליבן אַ טשיקאַווער בריוו־גרוס פון בעל־מחשבותן, וואָס איז צו זאַקסן אָנגעקומען דורך דעם סעקרע־טער פון פרץ־פאַראיין, יוסף מאַרגאָשעס. אָט איז דער נוסח פון דעם בריוו:

ניו־יאָרק, 22 מערץ, 1921

ווערטער קאָלעגע מר׳ זאַקס!

טייל אייך מיט, דאָס היינט האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון בעל־מחשבות, וועלכער געפינט זיך איצט אין קאָוונע.

צווישן אַנדערע זאַכן שרייבט ער: „אַ גרוס דעם זשאַגערער ייד זאַקס פאַר זיינע „חרובע וועלטן״.

אויב איר וועט זיין ביים פורים סעודהלע, וועל איך אייך דעם בריוו ווייזן.

מיט אַכטונג,

(—) יוסף מאַרגאָשעס.

יוסף מאַרגאָשעס איז געווען סעקרעטער, ווי שוין דערמאָנט, אויך ווען זאַקס איז געווען פרעזידענט פון פרץ־פאַראיין. קורץ נאָך דעם אַריינטריט אין אַמט, האָט די פאַרוואַלטונג אָרגאַניזירט אַ גרויסאַרטיקע יובילײ־פייע־רונג פאַר איינעם פון די פאַרדינסטפולסטע יידישע שרייבער און קולטור־טוער אין אַמעריקע — חנן מיניקעס, לאַנגיאָריקן אַרויסגעבער און רעדאַק־טאָר פון די „יום־טוב־בלעטער״. די פייערונג, לכבוד די 30 יאָר אַרבעט פון יובילאַר, איז פאָרגעקומען סוף מאַי 1925, אין גרויסן סעקאָנד עוועניו טעאַטער, וואָס איז געווען פול געפּאַקט. זאַקס איז געווען דער פאָרזיצער פון אָוונט און האָט דעם בעל־יובל האַרציק באַגריסט. דעם פּראָפיט פון אָוונט, אַרום 1000$, האָט ח. מיניקעס געשענקט פאַרן פאָנד פון נויטבאַ־דערפטיקע יידישע שרייבער אין אַמעריקע און אייראָפּע.[1]

מיט גרויסע און אַקטועלע פּלענער האָט זיך א. ש. זאַקס אַרומגעטראָגן אַלס דער הויפּט־אָנפירער פון פרץ־פאַראיין, דאָס מיינט, פּאַקטיש, דער וואָרט־זאָגער פון דער גאַנצער יידישער שרייבער־פּראָפעסיע אין אַמעריקע. איינער

פון זיינע פלענער, וואָס איז לײדער ניט מקוים געוואָרן, איז געווען אַזאַ: דער פּרץ־פאַראיין זאָל צום צעניאָריקן יובילײ זײנעם אַרויסלאָזן אַ יובילײ־בוך וואָס וועט זײן אַ מין לעקסיקאָן פון די יידישע וואָרט־קינסטלער און זשור־נאַליסטן. צום באַדויערן איז דער פּראָיעקט פאַרבליבן אין דער לופט, הגם געוויסע שפּורן האָט ער מסתמא דאָך איבערגעלאָזן, אפשר אין דער פאָרם פון די ביאָגראַפישע מאַטעריאַלן וועגן די מערסטע אַמעריקאַנער יידישע שרײבער, וואָס מיר געפינען אין די 4 בענד פון זלמן רייזינס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע", געדרוקט אין ווילנע אין 1927־1928. פון אינטערעס פאַר דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער איז אויך דער צירקולאַר, וועלכן א. ש. זאַקס האָט, אין נאָמען פון פאַראיין, אַרויסגעשיקט מכוח אַט דעם ענין צו אַלע חברים. מיר וועלן אים דאָ איבערדרוקן וואָרט אין וואָרט.

חשובער חבר: —

עס איז געבליבן גאַנץ ווייניק צייט ביז וואַנעט דאָס יובילײ־בוך, וואָס מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן וועט גיין צום דרוק. מיר האָבן נאָך ביז איצט אייער ביאָגראַפיע און בילד ניט געקראָגן. דער־מאָנען מיר אייך, בכן, איר זאָלט וואָס גיכער צושיקן אײערע ביאָגראַ־פישע נאָטיצן, לויט די פאָלגנדיקע פראַגעס אום די אַרבעט פון אַרויס־געבן דאָס בוך זאָל ניט אָפּגעהאַלטן ווערן.

מיט דרך־ארץ,

א. ש. זאַקס, פּרעזידענט

פראַגעס:

1. נאָמען, פאָטערס נאָמען און פאַמיליע.
2. טאָג, חודש און יאָר פון געבורט.
3. געבורט־פּלאַץ.
4. ווען געקומען אין אַמעריקע.
5. אָנפאַנג פון ליטעראַרישער טעטיקייט.
6. אין וועלכע צייטונגען, זשורנאַלן און אויסגאַבעס זיך באַטייליקט און וועלכע אַליין אַרויסגעגעבן אָדער רעדאַקטירט.
7. וועלכע ווערק — אָריגינעלע און איבערזעצטע — אַרויסגע־געבן אין וועלכע שפּראַכן און פון וועלכע אַרויסגעבער און ד.ג.
8. שטענדיקער וואוינאָרט.
9. פאָטאָגראַפיע.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז ערשט מיטן אָנפאַנג פון הערבסט־סעזאָן, אין סעפּ־טעמבער, 1925, האָט די קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון דער

זאַקס־אַדמיניסטראַציע געקענט קומען אין פולן שוואונג.ביי זאַקסן, פריש אונטער דעם איינדרוק פון דאָס גרויסע גוועענע און געהערטע אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז דער ענין יידישע קאָלאָניזאַציע געשטאַנען סאַמע אויבן־אָן צווישן די וויכטיקסטע יידישע טאָג־פּראָגעס. ער האָט געוואָלט אויך דעם פּרעסטיזש און איינפלוס פון אַזאַ אויטאָריטעטנער קערפּערשאַפט ווי די פּרץ־פּאַראיין שטעלן אין דינסט פון דער אידייע וואָס איז פאַר אים געוואָרן ממש אַ לעבנס־מיסיע. אַ געלעגנהייט הערצו האָט זיך אים געשאַפן, ווען זיין פריינד פון פילע יאָרן, ד״ר יוסף ראָזען, איינער פון די „אַגראָ־דזשאָינט" דירעקטאָרן אין רוסלאַנד, איז געווען פאַר אַ באַזוך אין אַמעריקע, און זאַקס האָט אים געבעטן צו רעפערירן פאַר אַ גרויסן און וויכטיקן עולם, אונטער דער פאָן פון יידישן שרייבער־פאַראיין, וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועט־רוסלאַנד. צו אַלע קאָלעגן פון פּרץ־פאַראיין האָט זאַקס צעשיקט אַט אַזאַ צירקולאַר־בריוו:

דעם 20טן סעפּטעמבער, 1925

ווערטער קאָלעגע!

ווי איר ווייסט, שטייט איצט אויפן טאָג־אָרדענונג דאָס פּראָבלעם פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד.

כדי צו קריגן ידיעות פון דער ערשטער קוועלע, האָט דער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין איינגעלאַדן דעם באַוואוסטן אַגראָנאָם ד״ר יוסף ראָזען, וועלכער איז אַ גרויסער אויטאָריטעט מכוח דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, דאָס ער זאָל פאַר אונדז האַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער דאָזיקער זייער וויכטיקער פּראַגע.

עס וועלן אויך זיין מערערע פּראָמינענטע פּערזאָנען וואָס אינטערעסירן זיך מיט יידישע ענינים.

ד״ר ראָזענס רעפעראַט וועט פאָרקומען קומענדיקן דאָנערשטיק, דעם 24טן סעפּטעמבער, 8 אַזייגער אין אָוונט, אין אַקטיאָרן קלוב, 31 איסט 7טע סטריט.

איר זייט געבעטן צו קומען צום מיטינג און אָנטייל נעמען אין די דעבאַטעס, וואָס וועלן זיך מסתמא אַנטוויקלען נאָכן רעפעראַט.

אין דער דערוואַרטונג דאָס איר וועט זיכער קומען, פאַרבלייב איך,

מיט קאָלעגיאַלן גרוס,

א. ש. זאַקס, פּרעזידענט.

פון די פּראָמינענטע פּערזאָנען, וואָס האָבן א. ש. זאַקס געדאַנקט פאַר דער איינלאַדונג אָבער האָבן זי ניט געקענט, אויס די אָדער אַנדערע אורזאַכן, אָננעמען, האָט דער פּרץ־פאַראיין באַקומען צוגעשיקט אַנטשולדיקונג־

בריוו, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין זאַקסעס אַרכיוו. דאָ געפינען מיר בריוו פון דעם „אַלטמייסטער פון דער קאָנסטרוקטיווער פילאַנטראָפּיע", נייטען שטראַוס; פון הערבערט ה. לעהמאַן, „דזשאָינט" וויצע־פּרעזידענט און שפּע־טערדיקער גאָווערנאָר פון ניו־יאָרק; פון לודוויג פאָגעלשטיין, באַקאַנטער טוער אין די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" קרייזן. בריוו וואָס זיינען געשריבן געוואָרן, כדי אָנצוזאָגן, אַז די איינגעלאַדענע וועלן זיך באַמיען צו קומען צום מיטינג, זיינען אַריינגעשיקט געוואָרן פון דזשיימס נ. ראָזענבערג, וויצע־פּרעזידענט, און דזשאָזעף סי. היימאַן, סעקרעטער פון „דזשאָינט דיסטרי־ביושאָן קאָמיטע", א"אַנד.

די צענטראַליזירטע יידישע פילאַנטראָפּיע איז דעמאָלט (סוף 1925, אָנ־פאַנג 1926) געלעגן אין די הענט פון דעם „יונייטעד דזשואיש קאַמפּיין", פון וועלכן דער הויפּט־טוער און פירער איז געווען דער באַרימטער פילאַנטראָפּ פון דעטראָיט און ניו־יאָרק דוד א. בראַון. דעם 29טן מערץ, 1926, האָט ער צו א. ש. זאַקסן, אַלס פאָרזיצער פון פּרץ שרייבער־פאַראיין, אַריינגעשיקט אַן ענטפער אויף דעם פאָרשלאָג, וואָס זאַקס האָט אים געמאַכט, מכוח אַ באַ־געגענונג, כדי זיך דורכצורעדן וועגן דער ראָלע פון דעם שרייבער־פאַראיין אין דעם גרויסן קאַמפּיין — אויפצוזאַמלען 15 מיליאָן דאָלער פאַר הילף און רעקאָנסטרוקציע פון די יידישע מלחמה־קרבנות, איינשליסנדיק אויך די גרויסע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין סאָוועט־רוסלאַנד. געהאַנדלט האָט זיך עס מכוח אַ פּלאַן פון אַ לאַנטשעאָן־מיטינג מיט די מיטגלידער פון פּרץ־פאַראיין, אויף וועלכן מר' בראַון האָט געזאָלט דיסקוטירן מיט די יידישע שרייבער דעם אופן, ווי אַזוי די שרייבער־פּראָפעסיע זאָל אָנטייל נעמען אין דעם 15 מי־ליאָן דאָלער קאַמפּיין.

אינצווישן האָט אָבער די פראַגע פון שטיצן די סאָוועטיש־יידישע קאָלאָ־ניזאַציע דורך די יידישע וואָרטפירער און קולטור־טוער אַלץ מער זאַקסן פאַראינטערעסירט און פאַרשלונגען זיין ענערגיע. די אָפּאָזיציע פון די פאַר־טייאיש־פּאָליטישע קעגנער, רעדאַקטאָרן פון די טעגלעכע צייטונגען האָט געווירקט, ווי אַן אָפּשרעקונגס־מיטל אויף די שרייבער גופא, און זיי האָבן די געהעריקע קאָאָפּעראַציע דעם פאָרזיצער זייערן ניט געגעבן. דעם 3טן יוני, 1926, נאָך דעם ווי ס'איז אָנגעקומען אַן אויפרוף פון די יידישע שריי־בער אין סאָוועט־רוסלאַנד צו די אַמעריקאַנער יידן, איז אויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע שרייבער, וואָס האָבן זיך געפונען אין ניו־יאָרק. פון אַ קאָרעספּאָנדענץ פון אַ יונגן יידישן היסטאָריקער י. שאַמעס (פּסעוודאָנים פון יחזקאל ליפשיץ) אין דער בוענאָס איירעסער „פּרעסע", דערוויסן מיר זיך זייער כאַראַקטעריסטישע איינצלהייטן פון יענער שרייבער־פאַרזאַמלונג.[2] אָט וואָס ער שרייבט צווישן אַנדערע:

וואָס אויף דער פאַרזאַמלונג האָט זיך אָפּגעטאָן איז שווער איבער־צוגעבן. געפילט האָט זיך אָבער, אַז עס איז פאַראַן אַן אינטערעס און פאַראינטערעסירטקייט.

ד״ר ראָזען, דער דירעקטאָר פון „אַגראָ־דזשאָינט״, האָט געהאַלטן אַ פּאָרטראַג, וואו ס׳איז געגעבן געוואָרן אַ קלאָר בילד וועגן דעם אמתן צושטאַנד פון דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט, און דאַן האָבן זיך אָנ־געהויבן מיינונגס־אויסטוישן. ס׳האָט זיך דערביי געהערט אַ פּאַרדאַ־מונג אויף דער „אומזעבאַרער האַנט״ פונם רעדאַקטאָר וואָס טעראָרי־זירט אייגענע מיינונגען.

צביון, אַ געוועזענער קאָמוניסט און אַ איצטיקער בעל־תשובה און פּראָמינענטסטער מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, האָט געשריען צום פאָרזיצנדן: „איר ווייסט דאָך, אַז מען לאָזט ניט שרייבן!״ (געמיינט האָט ער דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״, אַב. קאַהאַן — ה. פּ.).

צביון איז טראָץ זיין קעגנערשאַפט צו סאָוועט־רוסלאַנד דאָך אַ הייסער און ערלעכער אָנהענגער פון דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט.

פון אָט דעם בילד זעט מען שוין קלאָר, אין וועלכע אומשטענדן פון אומטאָלעראַנץ, שנאה און שלעכטער קאַאָפּעראַציע פון דער פּרעסע, אַפילו פון דער „ראַדיקאַלער״ פּרעסע, איז זאַקסן אויסגעקומען דעמאָלט צו פירן דעם קאַמף פאַר זיינע אידייען מכוח דער קאָלאָניזאַציע. אין אויבן־ציטירטן אַרטיקל אין דער „פּרעסע״ ווערט אויך איבערגעגעבן אַן אינטערוויו פון קאָרעספּאָנדענט, י. שאַמעס, מיט זאַקסן אויף דער טעמע: „די יידישע שריי־בער פון נאָרד־אַמעריקע און הילף פאַר די איבערוואַנדערער״, און פון יענעם שמועס דאַרף מען דאָ ברענגען אַ פּאָר וויכטיקע שטעלעס.

א. ש. זאַקס האָט אַזוי באַשריבן די ראָלע פון פּרץ־פאַראיין אין אָט דעם היסטאָרישן פּראָצעס פון איבערוואַנדערונג און איבערשיכטונג:

דער יונגער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין דאַרף ניט באַטראַכט ווערן בלויז אַלס אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין. די אָרגאַניזאַציע האָט אַ גאָר נאָענטן שייכות מיט דער יידישער קולטור און ווייל די נייע יידישע ישובים אין רוסלאַנד וועלן, לויט מיין מיינונג, זיין די היימ־שטעט פון דער יידישער שפּראַך און קולטור, דעריבער האָבן מיר אַלס יידישע שריפטשטעלער אַ דאָפּלטע אויפגאַבע: צו שטיצן די יידישע קאָלאָניעס אַלס טרעגער פון דער יידישער קולטור און אַלס געזעל־שאַפטלעכע טוער.

פאַר דעם ייד אין רוסלאַנד פאַנגט זיך אָן אַ נייע ערע מיט דעם איבערפּעקלען זיך פון דאָרף אין שטאָט.

אויף דער פראַגע: „אין וואָס וועט זיך קאָנקרעט אויסדריקן די הילף פון די שרייבער?", האָט א. ש. זאַקס געגעבן אַזאַ ענטפער:

די גרעסטע הילף וואָס די שרייבער קאָנען לייסטן פאַר דער קאָ־לאָניזאַציע איז, אַז זיי זאָלן אַוועקנעמען די אַרבעט ביי די פּרעס־אַגענטן, צו וועמען קיינער האָט ניט קיין צוטרוי און קיינער הערט זיך ניט צו. ס'איז געווען אַ ווייטיק צו זען, ווי אַזאַ היסטאָרישע אַר־בעט דאַרף געטאָן ווערן דורך אַנאָנסן, אויפרופן און ניט דורך די באַרופענע יידישע שרייבער.

אָט אַזוי האָט א. ש. זאַקס ווידער געמוזט קעמפן, שוין אַלס פּאַרזיצער פון דער גאַנצער יידישער שרייבער־פּראָפעסיע, מיט די תקיפישע דעה־זאָגער אויף דער יידישער גאַס, ווי אב. קאַהאַן און זיינע נאָכלויפער.

אָט דער שווערער קאַמף, זומער 1926, איז גראָד אויסגעפאַלן אין אַ צייט, ווען אין פּרץ־פאַראיין גופא האָט מען זיך געגרייט צו נייע וואַלן פון אַן עקזעקוטיווע. אין יוני, 1926, האָט מען די וואַלן דורכגעפירט און פאַר פּאַרזיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן הלל ראָגאָף. דעם אַמט פון סעקרעטער האָט פאַרנומען חיים ליבערמאַן, און ער האָט צום פריערדיקן פּרעזידענט פון פאַראיין אַרויסגעשיקט אַזאַ בריוו:

דינסטיק, דעם 21טן יוני, 1926

ליבער פריינט זאַקס: —

מאָרגן, מיטוואָך, דעם 22טן יוני, 2 אַזייגער בייטאָג, וועט די נייע פאַרוואַלטונג און עקזעקוטיווע פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין אָפּ־האַלטן איר ערשטע זיצונג. מיר לאַדן אייך העפליכסט איין צו קומען צו אונדזער זיצונג. ס'וועט פאַר אונדז זיין אַ פאַרגעניגן צו האָבן אייך מיט אונדז ביים אַריינטרעטן אין אונדזערע פליכטן. מיר זיינען זיכער, אַז איר האָט אַ סך אינטערעסאַנטע אידעען און ווערטפולע פּלענער פאַר דעם שרייבער־פאַראיין, וואָס איר האָט קיין צייט ניט געהאַט דורכצו־פירן אין אייער טערמין, און מיר וועלן זיין צופרידן איבערצונעמען זיי פון אייך און זיך באַמיען צו פאַרווירקליכן.

האָפנדיק, אַז איר וועט געפינען פאַר מעגלעך צו קומען, פאַר־בלייב איך,

מיט דרך־ארץ,

ח. ליבערמאַן, סעקרעטער.

אָבער אַפילו ווען א. ש. זאַקס איז שוין ניט געווען אָפיציעל פאַרבונדן מיט דער פאַרוואַלטונג פון פּרץ שרייבער־פאַראיין, האָט ער נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיט דער וויכטיקער אונטערנעמונג פון דעם בעל־מחשבות־קאָמיטעט אין בערלין, צו וועלכער ער איז צוגעשטאַנען נאָך מיט עטלעכע יאָר פריער. פון ד״ר אהרן שטיינבערג אין בערלין, גוט־באַקאַנטער פילאָזאָף און שריפטשטעלער און פלעמיעניק פון בעל־מחשבות, האָט זאַקס אין נאָוועמבער, 1926, באַקומען אָט אַזאַ בריוו:

בערלין, 16 נאָוועמבער, 1926

חשובער פריינט ד״ר א. ש. זאַקס,

אויף אייער בריוו פון 14.6, וואָס איר האָט געשריבן צו מיין ברו־דער, האָב איך אייך איצטער אין נאָמען פון אונדזער בערלינער בעל־מחשבות־קאָמיטעט צו געבן אַן „אָפיציעלע״ תשובה. קודם־כל ווילן מיר אייך אָפּגעבן דין־וחשבון וועגן דעם, וואָס מיר האָבן אויפגעטאָן מיט דעם סכום פון 500 דאָלער וועלכן מיר האָבן באַקומען פון ניו־יאָרקער בעל־מחשבות־קאָמיטעט. לויט דעם באַשלוס פון קאָמיטעט האָבן מיר אין פּאַריז געלאָזט דרוקן דעם פינפטן באַנד פון די גע־זאַמלטע שריפטן. ער איז אַן ערך 25 דרוקבויגן שטאַרק און נעמט אַרום די וויכטיקסטע שריפטן פון בעל־מחשבות פאַר די צייט פון מלחמה און רעוואָלוציע (1914־1923). איך האָב צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט אָנטייל גענומען אין דעם רעדאַגירן פון דעם באַנד און מוז זאָגן, אַז דאָס בוך איז באמת אַ מתנה פאַר דער יידישער ליטעראַטור. עס איז אַ דענקמאָל פון אַ שיין פּעקל יידישע און אַל־געמיין־מענטשלעכע צרות און אויך שטאַרק אָנגעזאַפּט מיט דעם עכט־יידישן בטחון. אין אַ וואָכן פיר אַרום וועט עס שוין דערשיינען, און מיר וועלן קודם־כל באַצאָלן אונדזער חוב די אַמעריקאַנער, וואָס האָבן אַזוי פיל געהאָלפן, כדי אויסצופירן אונדזער פּלאַן לפועל. זייט אונדז מודיע, וואוהין מיר האָבן אַרויסצושיקן די 300 עקזעמפּלאַרן פאַר אַמע־ריקע. אַגב, וויל אייך אין נאָמען פון קאָמיטעט דערמאָנען, אַז זייט אייער בריוו צו מיין ברודער האָבן מיר נאָך צו־באַקומען פון אונדזערע ניו־יאָרקער פריינט עטלעכע און 70 דאָלער. דאָס געלט וואָלט אונדז איצטער זייער צונוץ געקומען פאַר איינבאַנדן. אויב עס איז מעגלעך, וואָלטן מיר געבעטן דאָס געלט אַרויסשיקן טעלעגראַפיש. עס קען געשיקט ווערן סיי אויף דעם אַדרעס פון מיין ברודער און סיי אויף דעם אַדרעס פון אונדזער פּרעזידענט פּראָפ׳ ש. מ. דובנאָוו, אין בער־לין, אָדער אויף מיין אַדרעס.

אויסערדעם האָב איך צו אייך נאָך די פאָלגנדע פראַגע: מיר האָבן געהערט, אַז די „צוקונפט" האָט בדעה די לייענער צו געבן אַלס ביי־לאַגע ביכער. צי איז ניט אַ פּלאַן זיי פאַרצולייגן דעם בעל־מחשבות באַנד? אפשר וואָלט איר געקענט מיט ווּעמען עס איז פון די „צו־קונפט"־אַרויסגעבער וועגן דעם אַ שמועס טאָן? אויב זיי וואָלטן זיין אויף דעם מרוצה און געוואָלט באַשטעלן אַ באַשטימטע צאָל עקזעמפּ־לאַרן, וואָלטן מיר פון דעם קענען האָבן אַ הכנסה צום אַרויסגעבן די ווייטערדיקע בענד. עס פאַרשטייט זיך, אַז די תשובה אויף די דאָזיקע פראַגע מוזן מיר האָבן בפרוטרוט גאָר גיך, ווייל אין העכסטן זעקס וואָכן וועט מען דעם זאַץ אין דער פאַריזער טיפּאָגראַפיע פאַנאַנדער־נעמען.

זייט מיר מוחל, וואָס איך באַמי אייך מיט דעם ענין, אָבער ערשטנס מוז איך עס אַלס סעקרעטער פון בערלינער בעל־מחשבות־קאָמיטעט, צווייטנס אויך אַלס פריינט פון בעל־מחשבותן, וואָס ווייס, אַז ער ווענדט זיך צו אַן אמתן ידיד סיי פון פאַרשטאַרבענעם, סיי פון דער יידישער ליטעראַטור.

איך בעט אייך איבערצוגעבן אַ האַרציקן גרוס אונדזער אַמערי־קאַנער פריינט און זייט אויך איר געגריסט פון אונדז אַלעמען.

איך נאָמען פון בעל־מחשבות קאָמיטעט

אהרן שטיינבערג.

דער געדרוקטער אינטערוויו מיטן ניו־יאָרקער קאָרעספאָנדענט פון בוענאָס איירעסער „פרעסע", וואָס איז דאָ אויבן דערמאָנט געוואָרן, איז פון דעם דאָזיקן קאָרעספאָנדענט (י. שאַמעס) צוגעשיקט געוואָרן זאַקסן. דער שרייבער, י. ליפשיץ (אונטערן פסעוודאָנים י. שאַמעס) איז שוין געווען א. ש. זאַקסן פון פריער באַקאַנט אַלס אַ תלמיד פון יידישן לערער־סעמינאַר, וואו זאַקס איז זינט 1918 געווען איינער פון די הויפּט־לערער. זאַקסעס ענט־פער איז אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט און וואַרפט אַ שיין אויף זאַקסעס אַ העכסט־סימפּאַטישן כאַראַקטער־שטריך — זיין חברישע אינטים־פריינד־לעכע באַציאונג צו זיינע תלמידים; און חוץ דעם געפינען מיר אין אים, אגב, אַ פּאָר טרעפלעכע באַמערקונגען וועגן דער יידישער שרייבער־פראָפע־סיע. מיר ברענגען דאָ דעם פולן טעקסט פון דעם דאָזיקן בריוו:

סי־גייט, ק. אַ., אויג. 10, 1926

ליבער חבר, י. ליפשיץ:

איך האָב געקראָגן דעם געדרוקטן אינטערוויו, וואָס איר האָט געהאַט מיט מיר און איך דאַנק אייך זייער און זייער דערפאַר.

דאָס אַרטיקל איז זייער גוט געשריבן, מעשה זשורנאַליסט. דאָרטן זיינען פאַראַן אַ פּאָר טעותים, וואָס זיינען בכלל אומפאַרמיידלעך אין אַזעלכע אינטערוויוס. דהיינו: אויפן מיטינג האָט גערעדט ניט דר. ראָזין (וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אין מאָסקווע), נאָר דר. קונץ. אויסער דעם האָט איר געשריבן וועגן מיר, אַז איך בין אַן אַגראַנאָם (דאָס איז ריכטיק) און אַז מיינע אַן אונטערזוכונג האָט געקראָגן די שטיצע פון דער רעגירונג (דאָס איז ניט ריכטיק). אַזוי אָבער ווי איר האָט דאָך געמיינט צום גוטן — איז קיין סכנה ניט.

איך וויל גלויבן, אַז איר וועט מיט דער צייט קריגן אַ שטעלע דאָ אין אַ צייטונג. אייער שפּראַך איז לייכט און פליסיק. די אייניקע פונקטן וועגן דער קאָלאָניזאַציע זיינען קלאָר אַרויסגעגעבן. בכלל איז דאָס אַרטיקל זייער אַ געלונגענער. שרייבט! און שרייבט! איר וועט אין אַ פּאָר יאָר מסתמא פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אין דער צייטונגס־וועלט. אויב דאָס איז אַ גליק — ווייס איך ניט. אָבער אַ פּרנסה־פּראָפעסיע איז עס ניט קיין שלעכטע.

וואָס הערט זיך ביי אייך? האָט איר שוין אַ שטעלע אַלס לערער? זעט איר זיך מיט אייערע קאָלעגן? איך האָב געקראָגן אַ בריוו פון ק. וועגן אַ טעאָרעטישן ענין. איך וועל אים ענטפערן במהרה. דערווייל געפעלט מיר דאָס שרייבן שווער צוליב די היצן. אַז איר זעט אים — זאָגט אַז איך האָב געקראָגן זיינע בריוו און איך וועל זיך דורכריידן מיט אים.

גריסט אויך אַלע אַנדערע חברים ווען איר טרעפט זיי. קומט אַמאָל מיך זען. ביינאַכט טרעפט איר מיך גאַנץ אָפט אויפן „באָארד וואָק", וואו איך קלייב אַביסל פרישע רוחות. אַניט קענען מיר באַשטימען אַן אַנדער אָרט, וואו זיך צו זען.

א דאַנק פאַרן אַרטיקל נאָך אַמאָל.

בלייבט געזונט, אייער

א. ש. זאַקס

ב.

אין דער גרויסער ניו־יאָרקער טעגלעכער צייטונג „דער טאָג" האָט א. ש. זאַקס זיך באַטייליקט כמעט פון איר ערשטן טאָג אָן, ד"ה זיבט נאָוועמבער 1914. אָבער ערשט אין אָנפאַנג 1927 איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיט־אַרבעטער, אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע, און איינער פון די אָנגעזעענסטע וואָרטזאָגער. אין נומער פון שבת, דעם 12טן פעברואַר, 1927, איז דערשינען זיין ערשטער אַרטיקל, די טעמע איז געווען: „די מחלוקת אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס".

דער פאַרביסענער אינערלעכער קאַמף אויף דער יידישער גאַס האָט זיך אָנגעפאַנגען, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערציילט, אין די ערשטע נאָך־מלחמה יאָרן. מיטן גאַנג פון דער צייט האָט ער זיך כסדר פאַרשאַרפט מחמת צוויי אַלגעמיין־סאָציאַלע, און ניט דווקא ריין־יידישע, פאַקטאָרן, דהיינו: 1) די עקאָנאָמישע ירידה פון דער באַקליידונג־אינדוסטריע אין די 1920ער יאָרן, ווי דאָס איז אויבן אַרויסגעבראַכט געוואָרן; און 2) די שטייגנדיקע קעגנערשאַפט צווישן די „רעכטע" און „לינקע" אין די אַרבעטער־רייען, דאָס מיינט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און קאָמוניסטן, אַ שטרייט וואָס

איז געווען דער לאַגישער פועל־יוצא פון דער פּאַרפּעסטיקונג און קאָנסאָ־לידירונג פון דער סאָוועטן־מלוכה. די רויטע מאָסקווע האָט, דורך דעם 3טן אינטערנאַציאָנאַל, געזוכט אויסצושפּרייטן איר השפעה איבער דער אָר־בעטער און ראַדיקאַלער באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט. די קלאַסן־באַוואוסטזיניקע יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען שטענדיק געווען דער פאַר־מענט פון דער פאַרצווייגטער יידישער טרייד יוניאָן באַוועגונג אין אַמעריקע, האָבן זיך 1919־1920 געשעפּט זייער אינספּיראַציע הערהויפּט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע. פּאַרטיי־אָנהענגער און פריינט פון קאָמוניזם האָבן אָרגאַניזירט די אומצופרידענע, די אָפּאָזיציע־גרופּעס אין די גרויסע נאָדל־פאַך־יוניאַנס, ווי די „אינטערנעשאָנאַל", די „אַמאַלגאַמייטעד", און זיי געפירט צו אַגרעסיווע, מיליטאַנטישע אַקציעס קעגן די אַלטע יוניאָן־מעטאָדן און דער קאָנסערוואַטיווער און ביוראָקראַטיש־גייסטלאָזער פירערשאַפט.

אויף אַזאַ אופן איז עס צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן פאַר די ביטערע מחלוקות אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, וואָס האָבן, פאַרשטייט זיך, נאָך מער אָפּגעשוואַכט און דעמאָראַליזירט די טרייד יוניאָן באַוועגונג, וועל־כע האָט געליטן פון אַ כראָנישן קריזיס זינט די דערשיטערונגען פון דער נאָך־מלחמה דעפּרעסיע אין 1921־1922. אָבער אין 1925־1926 האָט דער ברודער־קאַמף אָנגענומען די ברוטאַלע פאָרמען פון פויסטן־געשלעגן אין די גאַסן און שפּעטער, בלוטפאַרגיסונג, צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי, מסירות — מיט איין וואָרט, די מיאוסע געשטאַלט פון אַן אומפאַראַנטוואָרט־לעך־צינישער זעלבסט־דערנידערונג און זעלבסט־אויסראָטונג. די אָרגאַני־זירטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, אַ פּראָדוקט פון 40 יאָר לעבן און קאַמף, איז געשטאַנען אויפן ראַנד פון אָפּגרונט.

אין אַזאַ מאָמענט, ווען די דערגרייכונגען פון צענדליקער יאָרן פון קאַמף און ליידן זיינען געשטאַנען אין קאָן, ווען די כוואַליעס פון קעגנזיי־טיקער שנאה און אומטאָלעראַנץ האָבן געדראָט צו פאַרפלייצן, אָפּצוואַשן פון דער אויבערפלאַך דעם איינציקן פאַקטאָר וואָס האָט יאָרנלאַנג אַריינגע־טראָגן ליכט און פרייד אין פינצטערן אַרבעטער־לעבן; וואָס האָט פאַרבע־סערט, געהויבן דעם אַרבעטערס לעבן־שטייגער און אים צוריקגעגעבן דעם זעלבסט־רעספּעקט, וואָס די אוממענטשלעכע שוויץ־סיסטעם האָט אַוועקגע־רויבט פון צענדליקער טויזנטער מענער און פרויען, — אָט אין אַזאַ מאָ־מענט, אַ קריטישן מאָמענט פאַר אומצייליקע טויזנטער יידישע אַרבעטער, האָט מיט זיין עהרלעכן מוט און באַגאַבטער פעדער געווירקט א. ש. זאַקס — מיט זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען אין „טאָג", אַלס דער איינציקער באמת־אומפּאַרטייאישער, אָביעקטיווער וואָרטזאָגער איבער אַ זייער שמערצ־לעכן ענין, וואָס האָט אויפגערודערט די יידישע פאָלקס־מאַסן ביזן טיפסטן יסוד.

די אַרטיקלען האָבן אויף די דענקענדע אַרבעטער, אויף אַלע אינטע־ליגענטע לייענער בכלל, געמאַכט אַ טיפן רושם. אַ גרופּע אַרבעטער האָט שוין אין זעלביקן יאָר (1927) אַרויסגעלאָזן די דאָזיקע אַרטיקלען אין בוך־פאָרם, און דאָס בוך — „דער קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס" האָט אַ דויערנדיקע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.[3]

די פאַרגעשיכטע פון אָט דעם בוך איז אַזאַ. אַ גרופּע אַרבעטער האָט זיך געווענדט צו א. ש. זאַקסן מיט אַ בריוו, וואָס איז (צוזאַמען מיט זאַקסעס תשובה) געדרוקט אַלס הקדמה צום בוך. ביידע בריוו ווערן דאָ ציטירט וואָרט אין וואָרט:

געערטער פריינט א. ש. זאַקס:—

מיר ווענדן זיך צו איך ווי צו איינעם וואָס האָט אַ נאָענטע שייכות צו אונדז.

איר זייט דער לערער, וועלכער האָט געלערנט דעם סאָציאַליזם און אַנדערע קעגנשטאַנדן אונדז און נאָך טויזנטער יידישע אַרבעטער דאָ אין לאַנד. אַ סך פון אונדזערע לערער האָבן זיך אָפּגעקערט פון אונדז.

אין דעם איצטיקן מאָמענט, ווען אויף דער יידישער גאַס קומט פאָר אַ בלוטיקע מלחמה צווישן אַרבעטער און אַרבעטער, זיינען זיי, אונדזערע אַמאָליקע וועגווייזער, געבליבן שטום, בלינד און טויב. איי־ניקע פון זיי גיסן נאָך אויל אויף די פייערן, וועלכע ווילן פאַרברענען און אומברענגען די יידישע יוניאָנס, וואָס זיינען אויסגעבויט געוואָרן מיט בלוט.

מיט אונדזער פולן באַוואוסטזיין זאָגן מיר, דאָס איר זענט דער איינציקער פון אונדזערע לערער וועלכער פאַרשאַפט כבוד צו זיינע תלמידים מיט אייער שטעלונג צו דעם קאַמף, וואָס קומט איצט פאָר אויף דער יידישער גאַס.

מיר ווענדן זיך צו איך ווי צו אַן אמתן איבערגעגעבענעם פריינט און ברודער, איר זאָלט אונדז געבן די דערלויבעניש צוזאַמענ־צונעמען אייערע אַלע אַרטיקלען, וועלכע זיינען געווען געדרוקט אין „טאָג" און דאָס אַרויסגעבן אין אַ בוך־פאָרם.

עס וואָלט געווען זייער אַ גרויסער פאַרלוסט, ווען אייערע אַר־טיקלען זאָלן בלייבן ניט מער ווי אַ צייטונג־מאַטעריאַל.

געבונדן אין אַ בוך וועלן די אַלע אַרטיקלען דינען אַלס אַ לע־בעדיקער דאָקומענט, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם יידישן קאַמף צווישן לינקס און רעכטס.

מיט אַכטונג,
אַ גרופּע יידישע אַרבעטער
מ. ראָדזשערס, סעקרעטער

די תשובה, וואָס א. ש. זאַקס האָט געגעבן, לייענט זיך אָט אזוי:

ליבער פריינט ראָדזשערס: —

אויב איר דענקט, אַז מיינע „טאָג"־אַרטיקלען, וואָס איך האָב געשריבן אונטערן איינדרוק פון די פּריש־צאַפּלדיקע טעגלעכע פּאַ־סירונגען, באַלייכטן פאַרשיידענע זייטן פונם ברודער־קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס — אָט מעגט איר זיי דרוקן און אַרויסגעבן אינאיינעם.

עס וואָלט אפשר געווען אַ יושר, די אַרטיקלען נאָך אַמאָל אי־בערצוקוקן, זיי „פּיילן", ערגעץ וואו אויסמעקן, עפּעס וואָס צוגעבן, אָבער דאָס וועט ערשט קאָנען געטאָן ווערן אין אַ רואיקערע צייט. דערווייל, ווען אַלץ געפינט זיך נאָך אין אַ תהו־ובהו־צושטאַנד, ווען די לאַגע האָט זיך נאָך ניט אויסגעקריסטאַליזירט — מעגן די אַרטיקלען גיין ניט געפיילטערהייט...

דער קאַמף — ווי ער זאָל זיך ניט ענדיקן — וועט לאָזן טיפע שפּורן אויפן וועג פונם ווייטערדיקן גאַנג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויך וועט, מסתמא, אַ געשיכטע־שרייבער זיין אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט דעם, וואָס איינער, וועלכער פאָלגט נאָך די פּאַ־סירונגען זייער אויפמערקזאַם, האָט געדענקט און געפילט אין דער בהלה־צייט.

אייער,
א. ש. זאַקס.

אין זיינע אַרטיקלען האָט זאַקס אָפּטמאָל באַרירט די פונדאַמענטאַלע סיבות פון דעם קריזיס אין יידישן טרעיד־יוניאָניזם, די טיפערע אורזאַכן פון דער פאַרשאַרפטער אַטמאָספער אין די באַציאונגען צווישן די אַרבע־טער־פירער און די מאַסן. די דאָזיקע אָנגעשטרענגטע באַציאונגען זיינען געווען דער באָדן, פון וועלכן די אינערלעכע סכסוכים אין די אַרבעטער־רייען האָבן געשפּראָצט. מ׳קען דעם גאַנצן ענין ניט פאַרשטיין, כל־זמן אָט די זייט פון דער פראַגע ווערט ניט אויפגעקלערט. און א. ש. זאַקס האָט

בייגעטראָגן אַ סך צו אַן אַנאַליזירונג פון דעם דאָזיקן פלאַנטער אינעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מצב פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין אַמעריקע. אין זיין אַרטיקל „די אומצופרידנקייט", צום ביישפּיל, שרייבט ער:

אויפן רוקן פון אונדזער יידישן אַרבעטער־קלאַס האָבן זיך, ווי בעדואינער אויף די קעמלען, גאַנץ ברייטלעך אויסגעזעצט פאַרשיידענע געקרוינטע און ניט־געקרוינטע פירער. די אַרבעטער „לידערס" האָבן די מאַסע ניט געפירט, נאָר פשוט געטריבן. אַנשטאָט צו מאַכן לייכטער דעם וועג, האָבן זיי איר נאָך מער באַלעסטיקט. מיט אירע פאַרלאַנגען האָט מען זיך ניט גערימערט. איר ניט־אויסגעדריקטן ווילן האָט מען איגנאָרירט. מען איז געזעסן אַזוי זיכער אין זאָטל, אַז מען האָט זיך אַפילו געפוילט אַרונטערצוקוקן פון אויבן, ווי אָט די בהמה, פאַר וועלכער זיי האָבן אָנגענומען די אַרבעטנדיקע מאַסע, פילט, וואָס זי וויל, וואָס זי באַגערט; מען האָט באַלעבאַטעוועט מיט דעם עולם, ווי מיט אַ שטיק אייגנטום. מען האָט דער מאַסע ניט געפרעגט, מען האָט זיך מיט איר קיינמאָל ניט מיישב געווען, מען האָט איר קיינמאָל ניט אויסגעהערט. אַז די מאַסע רעדט ניט, איז אַ סימן — אַזוי האָט מען געמיינט — אַז זי האָט ניט וואָס צו רעדן; אַז זי זאָגט ניט, איז אַ סימן — אַז זי האָט ניט וואָס צו זאָגן.

די אַלע מאַכערס, וואָס זיינען אַזוי מלא רציחה אויף רוסלאַנד, פאַר וואָס זי פייניקט די שיינע דאָמע „דעמאָקראַטיע", האָבן געהאַט די אמתע דעמאָקראַטיע, די אמתע פאַרלאַנגען און נייגונגען פון דער מאַסע אַכצן טויזנט מאָל אין דער ערד. דאָס פאָלק — דאָס בין איך. דאָס וואָס איך וויל, מוז וועלן די מאַסע. די איינציקע, זיך־ניט־צוזאָמענגערעדטע, צעוואָרפענע שטימען, וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן די מעשים פון אָט די „קעמפער" פאַר דעמאָקראַטיע, זיינען פאַרשריען געוואָרן. די פּראָטעסטאַנטן זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן אויף דעם העכסטן ציניש אופן. מען האָט פון זייער מויל אַוועקגענומען דעם ברויט־קאָרב און זיי גופא האָט מען פאַרפאָלגט, טעראָריזירט, געטרודפט אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך. מען איז געווען ביי זיך אַזוי אָנגעיחסנט מיט דער אייגענער חכמה, אַז אַלע די וואָס האָבן געהאַט דעם אומגליק אויסצודריקן אַמאָל אַן אַפּיקורסישן געדאַנק און צווייפל, זיינען אָדער אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם, אָדער זיינען געשטעמפּלט געוואָרן אַלס בטלנים, וואָס ווייסן גאָרניט און פאַרשטייען גאָרניט. מען איז געווען אַזוי פאַרשיכורט מיט דער אייגענער גבורה, אַז מען האָט אַפילו ניט געפונען פאַר נויטיק זיך צו פאַרטראַכטן און זיך צו שטעלן די פראַגע: אפשר בין איך פאָרט ניט 100 פּראָצענט גערעכט?

אפשר זיינען אַט יענע, וועלכע זיינען מיט מיר ניט מסכים, ניט אַזעלכע טפּשים און זיינען באַרעכטיקט צו זייערע מיינונגען?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די געשוואוירענע טאַנגעבער און רעדלפירער אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס זיינען געווען אַזוי צופרידן מיט זייער גדולה, זיינען געווען אַזוי פאַרטאַן מיט זיך און מיט זייער אויפטואונגען פאַר זיך, אַז זיי האָבן אַרויסגעלאָזן פון די הענט דעם פאַדים, וועלכן זיי האָבן לכל־הפחות פון לייטנס־וועגן, געדאַרפט וועבן. זיי זיינען געווען אַזוי זיכער מיט זיך און מיט זייערע פּאָזיציעס, אַז זיי האָבן אַפילו ניט געפונען פאַר נויטיק אָפּצואווישן דעם גלאַנץ פון די פעטע ליפּן, וועלכע דער שמאַלץ, וואָס רינט פון מויל, לאָזט איבער.

זאַרגלאָזע זאַטקייט און זעלבסטצופרידנקייט האַרמאָנירן אָבער ניט מיט אַ באַוועגונג פון אָרעמע, פאַר אָרעמע.

... די מאַסע פילט אַ טיפע באַליידיקונג, ווען זי זעט, אַז זי מוז, טאָג־איין, טאָג־אויס, זיין איינגעשפּאַנט אין אַ שווערן יאָך און אויף איר זיצן אַזוינע, וועלכע פרעגלען זיך אין וואוילטאָג און רעדן נאָך כלומרשט אין איר נאָמען און האַלטן זיך אין איין שווערן, אַז זיי זיינען אויסן איר טובה.

מיר מיינען דאָ, חלילה, ניט צו זאָגן, אַז דער אַרבעטער־פירער איז מחויב צו גיין אָן שיך און אין צעריסענע בגדים. דער אַרבעטער־פירער האָט געוויס אַ רעכט צו פירן אַ מענטשלעכע עקזיסטענץ. אַלע מענטשן זיינען דערצו באַרעכטיקט. זיין לעבן טאָר אָבער ניט זיין צו ווייט פון דעם דורכשניטלעכן מאַסן־מענטשנס לעבן, בפרט נאָך, אַז די הוצאות פאַרן לעבן ווערן גענומען פון אָט דער זעלביקער מאַסע.

די באַאַמטע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן מיט זייער הילוך, מיט זייער אויסערלעכן אויסזען, מיט דער גאַנצער „אַרט און וייזע״ פון זייער לעבן געזוכט מער צו געפעלן די באַסעס, די מאַנו־פעקטשורערס, די אונטערנעמער ווי די אַרבעטער, פון וועמען זיי זיינען אָנגעשטעלט. דאָס מוז אַרויסרופן אַן אָפּגעפרעמדקייט. די אויסערלעכע נאָענטקייט צו די אונטערנעמער שאַפט מיט דער צייט אַן אינערלעכע פסיכאָלאָגישע קרובהשאַפט. דער תהום צווישן זיי און די אונטערנעמער ווערט פלאַכער און שמעלער, בעת דער ריס צווישן זיי און די אַרבעטער ווערט אַלץ טיפער און ברייטער. אין די צייטן, ווען אַלץ גייט כשורה, שענקט מען אויף אַזוינע זאַכן ניט קיין אויפ־מערקזאַמקייט; אין אַן אומרואיקע צייט, אין אַ צייט, ווען די עקאָנאָ־מישע און גייסטיקע שטילע וואַסערן הייבן אָן צו פאַרלירן זייער גלייכ־געוויכט, מוזן אַזוינע באַאַמטע זיין די ערשטע און די שענסטע כפרה.

די פרעמדקייט צווישן די באַאַמטע און דער מאַסע, איז, פאַר־שטייט זיך, ניט די הויפט־זאַך פון דער גרויסער אומצופרידנקייט, וואָס האָט זיך די לעצטע צייט מיט אַזאַ קראַפט אַרויסגעריסן אויף דער אויבערפלאַך פון אונדזער באַוועגונג. דאָס איז בלויז איין מאָטיוו פון דעם רעבעלשן אַרבעטער־כאָר.

עס זיינען פאַראַן טיפערע און גרינטיקערע סיבות פון דעם גרויסן פּראָטעסט, וואָס די אַרבעטער־מאַסע ווייזט אַרויס אין דער לעצטער צייט קעגן אירע פּאַטענטירטע פירער.

דער תהום צווישן די באַאַמטע און דער אָרגאַניזאַציע, צווישן די פירער און דער מאַסע קען בלויז דינען פאַר אַ גוטער אַטמאָספערע, וואו די פונקען פון אומצופרידנקייט זאָלן קענען פאַנאַנדערגליען און אויפפלאַקערן. די פונקען גופא זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך פיל וויכטיקערע רייבונגען.[4]

ווי עס ווערט דערציילט אין א. ש. זאַקסעס פּוסנאַטיק אין דעם בוך (ז׳ 24), איז אָט דער אַרטיקל, מיט נאָך עטלעכע אין בוך, געשריבן געוואָרן אין פרילינג 1926, ווען דער יוניאָן־קאַמף אין דער איצטיקער (דאָס מיינט פון יאָר 1927) פאָרם איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן אויסגעבראָכן. „זאָלן אָט די קאַפּיטלעך באַטראַכט ווערן אַלס אַ פאָראויסזאָג פון דעם איצטיקן שטור־רעם". און ער שרייבט אין אָט דער הערה: „די ווייטערדיקע אַרטיקלען זיינען אָפּקלאַנגען פון די פּאַסירונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן פעב־רואַר און יולי 1927. מאַנכע קאַפּיטלעך רעאַגירן ניט נאָר אויף די פּאַסי־רונגען אַליין, נאָר אויף דער צייט, ווען די פּאַסירונגען זיינען פאָרגעקומען".

אין דעם קאַמף פון די „רעכטע" קעגן די „לינקע" איז דעמאָלט אַריינ־געצויגן געוואָרן אויך די „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר", וואָס האָט אַקטיוו געהאָלפן דעם „רעכטן" צד צו באַקעמפן די „לינקע" עלעמענטן אין די רייען פון די קלאָוקמאַכער, דרעסמאַכער און אַנדערע נאָדל־פאַך אַרבעטער.

אָט ווי א. ש. זאַקס האָט רעאַגירט אויף אָט דער צייט־פּאַסירונג, וואָס האָט צעמישט און צעפלאָנטערט די אַמאָליקע באַציאונגען און מיינונגען אין די יידישע אַרבעטער־רייען בנוגע צו דער סאָציאַל־אָפּגעשטאַנענער אידעאָ־לאָגיע פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר":

אַרום די יידישע קלאָוק־ און דרעס־שעפער קומען ניט פאָר גע־שלעגן צווישן די אַרבעטער איבער דער חיונה, נאָר אַ קאַמף צווישן מאָסקווע און וואַשינגטאָן, צווישן לעניגען און דזשעפערסאָנען — אַזוי האָבן בפירוש געזאָגט מעק־גריידי, מעטיו וואָל און וויליאַם גרין,

מאָנטיק אָוונט, דעם 21טן מערץ (1927), אויף אַ מיטינג אין בעטהאָ־ווען האָל.

אַזוי גוט ווי די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז ליב און טייער די פירער פון דער „אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר", טאָ באַדאַרף מען דעריבער אויסשליסן פון די יוניאָנס אַט אַלע די יעניקע, וועלכע וואַרפן זיך ניט אונטער דער דיקטאַטור פון די אינטערנעשאָנאַל באַ־אַמטע. דאָס איז געווען דער קורצער זין פון די לאַנגע רעדעס.

הייליקע דעמאָקראַטיע — מעטיו וואָל איז דיין נאָמען![6]

טריי צו זיין נאַטור און כמעט 30־יאָריקער טראַדיציע פון קעמפן פאַרן אמת, זוכן דעם אמת און אַנטבלויזן די היפּאָקריטישע, זעלבסטצופרידענע און זאַטע איגנליבע, וואָס פאַרדעקט זיך אונטער דער מאַסקע פון סאָציאַ־ליזם און טובת־הכלל, ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין די קאַמפן וואָס דער „פאָרווערטס", רעדאַקטאָר אב. קאַהאַן און זיינע נאָכלויפער, האָט געפירט קעגן א. ש. זאַקסן אין 1909־1912 — האָט אויך איצט, אין 1927, זאַקס אומ־דערמידלעך אַנטפּלעקט די פאַלשקייטן און צווייזייטיקייט פון די כלומרשטע באַשיצער פון דעמאָקראַטיע.

אָט וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן איבער דעם אמתן „פּשט" פון דעם ברודער־קריג אין די יידישע אַרבעטער־רייען אין פרילינג פון יאָר 1927:

דער עצם פון דער איצטיקער מחלוקה איז אַ פּרינציפּ. אמת, דער ריינער עכטער פּרינציפּ זעט זיך ניט אַרויס, ער ווערט פאַרשריען פון די זידלערייען און באַשמוצט פון דער בלאָטע, אין וועלכער מען ליגט... אין פלוג ווייזט אויס, אַז דאָ קריגט מען זיך איבערן סאָ־ציאַליזם און קאָמוניזם. איין צד שטייט שטאָל און אייזן פאַרן סאָציאַ־ליזם, בעת דער צווייטער צד וויל פון סאָציאַליזם ניט הערן, ווייל ער, דער סאָציאַליזם, איז קאָנטר־רעוואָלוציאָנער. אין איין לאַגער איז מען שטאַרק געטריי דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, בעת אין דעם צווייטן לאַגער האָט מען געשוואוירן טרייהייט צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. איין צד טוט ניט אַ שריט אָן מאָסקווע, בעת ביי דעם צווייטן איז דער איינציקער אויטאָריטעט — אַמסטערדאַם.

מאָסקווע אָדער אַמסטערדאַם? דער צווייטער אָדער דריטער אינ־טערנאַציאָנאַל? סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם? דעמאָקראַטיע אָדער קלאַסן־הערשאַפט? דיקטאַטור אָדער פאַרלאַמענטאַריזם? — כ'לעבן שיינע שלאַג־ווערטער, גרויסע אישוס! אָבער לײדער ניט דער קאַמף אין די יידישע יוניאָנס דרייט זיך אַרום זיי. יעדנפאַלס ווערט דער פּשט ניט אויסגעטייטשט אַזוי ווי ער איז אמתן. ניט קאָמוניסטישע

און ניט סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען אָדער בייגונגען זיינען די לייט־מאָטיוון פון דעם איצטיקן סכסוך. דער געשריי קאָמוניזם עליך! די קאָונטרי אין געפאַר! די מאָסקווער אַגענטן ווילן פאַר־כאַפּן דעם ווייסן הויז! — זיינען, מילד, גערעדט, מאַניעוורעס פון קליינקעפּלדיקע דעמאַגאָגן, כדי אַרויפצואוואַרפן אַ מורא אויף דעם זייטיקן ניט־אינפאָרמירטן עולם. מען מוז צוגעבן, אַז די מאַניעווורע האָט זיך איינגעגעבן. אָבער אַז אַך און ווי צו אַזעלכע זיגן! נאָך אַ פּאָר אַזעלכע זיגן — און פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג וועט ווערן אַ תל. די זעלביקע וואָפן, וועלכע די סאָציאַליסטן ווענדן אָן דורך זייערע „ליגעס", צו באַקעמפן די קאָמוניסטן אין די יוניאָנס, קענען און וועלן אַנגעווענדט ווערן קעגן זיי גופא. דער וועג איז אַ גליטשיקער. די באַקעמפטע און אַרויסגעטריבענע קאָמוניסטן וועלן מיט זיך מיטשלעפּן די סאָציאַליסטן. מאַטיו וואָל און אַנדערע פירער פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָבן פיינט די סאָציאַ־ליסטן ניט ווייניקער ווי די קאָמוניסטן. זיי קענען בכלל ניט פאַר־טראָגן אַ פּראָגרעסיווע שטרעמונג. זיי האַלטן פאַר אַן אומגליק ניט נאָר דעם דריטן, נאָר אויך דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און פאַר די געוויינלעכע בירגער, צו וועלכע מען אַפּעלירט איצט, איז אַפילו די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר גופא א שרעק־בילד, פון וועלכן מען וואָלט וועלן פטור ווערן.[6]

עס וואָלט געווען פאַלש ביז גאָר צו מיינען, אַז א. ש. זאַקס האָט זיך אידענטיפיצירט אין אָט דעם קאַמף אײַנגאַנצן מיטן „לינקן" צד. ער האָט פּשוט געזוכט צו בלייבן נייטראַל אין העכערן זין פון דעם וואָרט, געטריי צום אמת און יושר, און אומדערשראָקן פאַר די תקיפישע, זעלבסטצופרי־דענע דעה־זאָגער איבער דעם יידישן אַרבעטער, וואָס האָבן זיך ניט אָפּ־געשטעלט פאַר קיינע דעמאַגאָגישע מיטלען און שמד־שטיק אַבי נאָר איינ־צוהאַלטן זייער מאַכט און איינפלוס. איז קיין וואונדער ניט, אַז פאַר זיינע „פריינט פון לינקס" פלעגט ניט איין מאָל זיין ערלעכע, אויפריכטיקע מיי־נונג קלינגען ווי ריינע אַפּיקורסות. טענהט ער זיך אַליין טאַקע אויס מיט זיי אין דעם נאָר וואָס ציטירטן אַרטיקל („דער פאַלשער פּשט") בזה הלשון:

איך פאַרשטיי גאַנץ גוט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. איך באַגרייף די יעניקע, וועלכע שטעלן דעמאָקראַטיע העכער פון דיקטאַטור, און זאָלן מיינע פריינט פון לינקס מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד, ווען איך וועל זאָגן, אַז מען קען זיין אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און ניט קיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנער; אַז מען קען ניט האַלטן פון דער קאָמוניס־

טישער טאַקטיק און דאָך זיין אַן אמתער, איבערגעגעבענער אַרבעטער־פריינט. איך פאַרשטיי אָבער ניט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע באַקעמפן זייערע קעגנער דורך אַנטי־דעמאָקראַטישע מיטלען. איך באַגרייף ניט די דעמאָקראַטן, וועלכע פאַרלאָזן זייער געליבטע מאַדאַם דעמאָקראַטיע און פלירטעווען — יאָ, טרייבן זנות — מיט דער גע־האַסטער דיקטאַטור, און נאָך מער איז מיר קשהדיק, ווי אַזוי מען קען דערביי נאָך מאַכן אַ פרומען פנים מיט פאַרגלאָצטע אויגן און וויינען און קלאָגן אויף די לינקע חוצפהניקעס פאַרוואָס זיי שענדן די צנועהדיקע דעמאָקראַטיע . . .

ווי אַ ביישפּיל פון אָט דער „טאָפּלטער בוכהאַלטעריע”, ברענגט זאַקס אַזאַ אינצידענט : דער יוריסקאָנסולט פון דער „אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַר־מענט וואָרקערס יוניאָן”, מאָריס הילקוויט, פירער פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, האָט ביי אַן אינדוסטריעלן סכסוך אָפּגעלייקנט דאָס רעכט פון דער „דזשאָינט באָרד” פון די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער צו ווירקן אַלס פאַר־טרעטערין פון די אַרבעטער, בעת די באַאַמטע פון אָט דער (לינקער) קער־פּערשאַפט, פון וועלכער לואיס היימאַן איז געווען פאָרזיצער, זיינען אויס־געקליבן געוואָרן דורך דעמאָקראַטישע וואַלן. אַגב, האָט שפּעטער, סוף זומער 1927, דער „אינטערנעשאָנאַל” פּרעזידענט, מאָריס זיגמאַן, געפאָדערט מ'זאָל אויף אַן אומגעזעצלעכן אופן, איינגאַנצן אויסשליסן די „דזשאָינט באָרד” מיטגלידער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. שרייבט וועגן ענין „היל־קוויט און דעמאָקראַטיע” זאַקס אָט וואָס :

דער פירער פון דער עס. פּי., גענאָסע מאָריס הילקוויט, איז געוויס אַ פּעאיקער מענטש. ער באַזיצט טאַקט און געשמאַק און טוט יעדע זאַך מיט ישוב־הדעת, מיט גרינטלעכער איבערלייגונג. איך וועל זיין דער לעצטער אים חושד צו זיין פאַר זיינע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע איבערצייגונגען און אים רופן „קאָנטער־רעוואָלוציאָנער”, פאַר־שטיי איך טאַקע ניט, ווי אַזוי האָט ער געקענט אויפטרעטן פאַר דעם אומפּאַרטייאישן טשערמאַן, ר. וו. אינגערסאָל, און טענהן און באַווייזן מיט פּשטלעך און דריידלעך, אַז דער פאַרטרעטער פונעם דזשאָינט באָרד, מר. קאַפּלאַן, האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו שליכטן אַ סכסוך מיטן אינדאָסטריעל קאָונסיל פון די קלאָוקמאַכער מאַנופעקטשורערס ?

ניט אַריינגיין טיף אין דער עצם־פראַגע, ווער עס האָט אין זינען די אמתע אינטערעסן פון די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער : זיגמאַן אָדער היימאַן ? די אינטערנעשאָנאַל, אָדער דער דזשאָינט באָרד ? מוזן דאָך אַלע — און געוויס גענאָסע הילקוויט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט

— מודה זיין, אַז דער דזשאָינט באָרד פאַרטרעט דאָ דעם ווילן פון די קלאָוקמאַכער, והא ראיה, זיי זיינען דערוויילט געוואָרן דורך די שטים־צעטלעך אויפן עכטן דעמאָקראַטישן שטייגער. ווי קען ער, גענאָסע הילקוויט, פאַרלאַנגען, אַז דער דעמאָקראַטיש־דערוויילטער זאָל ניט צוגעלאָזן ווערן צו דער אַרבעט, פאַר וועלכער מען האָט אים דערוויילט? ! וואו איז דאָ די דעמאָקראַטיע? [7]

אָט דער מאַסקאַראַד מיט שיינע פראַזעס און פאַרפירערישע לאָזונגען האָט, פאַרשטייט זיך, בלויז פאַרנעפּלט די אמתע „אישוס", די שטרייט־פּראַגעס, און האָט די כראָנישע קרענק פון די יידישע פאַכן, די שאַרפע אַר־בעטלאָזיקייט און דלות פון די אַרבעטער, נאָך מער פאַרשאַרפט און פאַר־ערגערט. פּאַרטיי־פּאָליטישע, פּראַקציאָנעלע חשבונות און אַמביציעס זיינען געלאָזן געוואָרן אין גאַנג אין נאָמען פון דער אַלטער שפּיל — איינצוהאַלטן די מאַכט און דערשטיקן, דערווייטערן אָדער טויט־שווייגן די ערלעכע קעג־נער, וואָס זיינען אַפילו אין זייער פאַרצווייפלונג דאַן אָנגעקומען צו אַ מין בונד, אַ מלחמה־שותפות, מיט דעם לינקן צד, וואָס אויך ביי אים איז מען מסתמא ניט געווען באַזונדערס אָפגעהיט און אויסקלייבעריש אין באַצוג צו קאַמף־מעטאָדן און טאַקטישע מיטלען. נאָר ווי ס'זאָל ניט זיין — אין דער קאַמף־סטראַטעגיע פון דעם רעכטן צד האָט דעמאַגאָגיע און פּוסטע פראַזע פאַרנומען דעם אויבן־אָן. באַשרייבנדיק דעם פריער־דערמאָנטן מאַסן־מי־טינג אין בעטהאָווען האָל דעם 21טן מערץ, 1927, האָט זאַקס געגעבן אַ זייער פיינע, שאַרפזיניקע כאַראַקטעריסטיק פון אָט די פאַרפירערישע מעטאָדן, פול מיט אַ פיינעם הומאָר, וואָס גייט דאָ און דאָרט אַריבער אין אַ שאַרפער סאַטירע:

וואָלטן אויפן מיטינג לכל־הפחות קלאָר פאָרמולירט געוואָרן די אישוס, וואָס זיינען פאַרוויקלט אין גאַנצן ברודער־קאַמף! וואָלט באַשטימט געוואָרן די קראַנקהייט, פון וועלכער די יוניאָנס אין נאָדל־טרייד ליידן! דאָס אויסגעפינען די קראַנקהייט איז שוין פאַר זיך אַליין אַ האַלבע רפואה. איז אָבער פון דעם קיין רייד ניט געווען. אָנשטאָט אויסצוגעפינען דעם וואָרצל פון דער אומנאָרמאַלער לאַגע זוכט מען עס נאָך מער צו פאַרדעקן; אָנשטאָט פעסטצושטעלן די קראַנקהייט, זוכט מען איר צו פאַרשטיקן, דער אַלטער מיטל צו אַ פאַרפלאָנטערטער, אויסגאַנגלאָזער לאַגע—באַטויבן מיט אַפּיום, ארויס־לאָזן אַ ליאַרעם, אַז די קאָונטרי האַלט ביים פאַרכאַפּט ווערן פון די פּלישתּים — פון די קאָמוניסטן, הייסט עס.

איין רעדנער נאָכן אַנדערן האָבן איבערגעחזרט איינמאָל און צוויי מאָל, אַז דער קאַמף דרייט זיך ניט אום דעם, וועך עס פאַרטרעט די

אינטערעסן פון די אַרבעטער — די דזשאָינט באָרד אָדער די אינטער־נעשאָנאַל, נאָר וועגן דעם, צי די סאָוועט־סיסטעם אין רוסלאַנד איז בעסער, אָדער די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז בעסער.

אָרעמער קלאָוקמאַכער! אַזוי האָט מען דיר אַכצן טויזנט אייל אין דער אדמה! מען מאַכט פון דיר חוזק אויף שריט און טריט, מען טרייבט איבער דיר קאַטאָוועס: דו אַליין ביסט אַ מוישע, דיין ווייב איז אַ יענטע, דיין טאָכטער איז אַ מויד. מען האַלט דיך פאַר מינ־דערוווערטיק פאַר אַן אומגעווינטשטן אימיגראַנט, פאַר אַ ווילדע, אומ־קולטורעלע און אומציוויליזירטע באַשעפעניש, וועמען מען טאָר ניט אַריינלאָזן צווישן מענטשן, ווייל דו קענסט נאָך באַפלעקן אונדזער הויכע קולטור, אָבער טאָמער זאָגסטו ניט „בים" ווען מאַנכע פון די, וואָס ווילן דיר לערנען דרך־ארץ, זאָגן „באָם", טאָמער האָסטו די העזה צו פאַרלאַנגען, אַז דער וועלכער רעדט אין דיין נאָמען, זאָל קריגן דיין הסכמה דערצו, אַז דו זאָלסט האָבן אַ רעכט אויסצוקלייבן פירער, ווייניקסטנס, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דיינע אייגענע אינ־טערעסן — טאָמער וואַגסטו אַזוינס צו פאָדערן — ווי דו וואַקסט־אויס אין אַ גרויסן מאַכט־פאַקטאָר אין דער וועלט־פּאָליטיק! פּלוצלינג ווערט פון דיר אָפּהענגיק, וואָס פאַר אַ רעגירונג עס זאָל הערשן אין דער וועלט: די סאָוועט־סיסטעם, אָדער די אַמעריקאַנער דע־מאָקראַטיע.[8]

אין זיין בוך שטעלט זיך זאַקס אײן פאַר דער געוויסנס־פרייהייט פון די מיטגלידער פון די יוניאָנס, וואָס איז פאַרגוואַלטיקט געוואָרן דורך דער יוניאָן אַדמיניסטראַציע, אין פרילינג 1927, דורך דער געצוואונגענער רעגיסטראַ־ציע ביי די קלאָוק און דרעסמאַכער און ביי די פאָריערס.

אין אַרטיקל „די אַנוסים" פירט זאַקס דורך אַ פּאַראַלעל צווישן דער גזרה אין דער אַלטער שפּאַניע, אַז אַלע יידן מוזן ווערן קאַטאָליקן, און די גזרה פון די „דיפּלאָמאַטן פונעם רעכטן לאַגער" אין די יוניאָנס, אַז מען מוז רעגיסטרירן איבערגעוואַלט דאָרט וואו די מאַסן ווילן ניט באַלאַנגען. דאָס ווערטל, וואָס ער האָט געשאַפן, „די מאָדערנע אנוסים", איז געוואָרן זייער פּאָפּולער ביי די יידישע אַרבעטער און ספּעציעל ביי די וואָס האָבן געפילט אין דער טיפקייט פון זייער נשמה, די גזרה פון געצוואונגענער רעגיסטראַציע, ווי ס'גיט איבער אין „טאָג" ל. פינקלשטיין, שרייבנדיק וועגן א. ש. זאַקסעס בוך.[9]

רופנדיק די קריגער אַוועקצולייגן די וואָפן און אָפּשטעלן דעם מער־דערלעכן ברודער־קריג, שרייבט זאַקס אין אַן אַרטיקל וואָס טראָגט דעם נאָמען „זאָל שוין זיין אַ סוף!"

די דעמאָראַליזאַציע איז געוואַלדיק גרויס, די מחלוקות אין דער באַוועגונג — און דאָ רעד איך אין אַלע טיילן פון אונדזער באַוועגונג — האָבן געפירט דערצו, אַז אַלערליי צווייפלהאַפטיקע עלעמענטן קוועטשן דורך זייערע מיאוסע פיזיאָנאָמיעס דורך די שפּאַלטן פון דעם געקראַכטן אַרבעטער־פראָנט. אַלערליי שרצים און רמשים האָבן זיך אָנגעהויבן צו פּרוכפּערן און פאַראומרייניקן דאָס וואַסער, וואָס מיר טרינקען. אַלץ איז פאַרמיאוסט געוואָרן. מען ווייסט ניט ווער איז ווער, מען איז פאַרשיכורט און באַרוישט פון די מחלוקות, אַז מען קאָן ניט אונטערשיידן פון מרדכי בין המן. אַלץ האָט זיך דורכגעמישט אין איין קאַשע. אַלערליי ווייסע און שוואַרצע חברהניקעס האָבן זיך אַריינגעמאַכט אין דער באַוועגונג און געפונען דאָ אַן אויסגעצייכנטן באָדן פאַר זיך.

שוין צייט צו מאַכן אַ סוף צו דעם גאַנצן טייוולשן שפּיל!

די מאַסע באַדאַרף נעמען איר מזל אין אירע אייגענע הענט.[10]

אין אַ צווייטן אַרטיקל („די אומפּאַרטייאישע געזעלשאַפט") לאָזט אויס זאַקס אַט אַזוי:

אין אונדזער סביבה קומען איצט פאָר פּאַסירונגען, וואָס באַדאַרפן אויפטרעסלען דעם סאַמע גלייכגילטיקן, אַפילו דעם עקסטרעם־קאַלטן, איבערגעלייגטן קאָפּ.

מ'שלאָגט, מ'ממיתט, מ'שפּאַלט קעפּ פון יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס — אָט פון די אייגענע מענטשן, פאַר וועלכע מיר שרייבן, וועמען מיר האַלטן לעקציעס און צו וועמען מיר ווענדן זיך נאָך הילף און שטיצע פאַר אַן אינסטיטוציע, אין וועלכער מיר זיינען פאַראינטערעסירט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי אונדז שלאָגט מען יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס אינם סאַמע האַרץ פון ניו־יאָרק, אין העלן טאָג, פאַר דעם חטא, וואָס זיי ווילן זיך ניט רעגיסטרירן, פאַר דעם פאַרברעכן, וואָס זיי פּיקעטן די שעפּער, אַז אַנדערע זאָלן ניט צונעמען זייערע דזשאָבס, אויף וועלכע זיי האָבן אַ חזקה.

און אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט שווייגט. עס שווייגן די, וועלכע ווילן זיך מפלפל זיין איבער אַ קוצו־של־יוד פון אַ געדיכט; עס שווייגן יענע וועלכע וועלן ניט עובר זיין כחוט השערה פונם שולחן ערוך „קולטור". עס פאַרמאַכן די אויגן אַלע אַנדערע, וועלכע וועלן

דרשענען תלי־תלים של הלכות עמעצנס אַ דרשה אויף עמעצנס אַ באַנ־קעט אָדער עמעצנס מעמאַריאַל.

און אַט דער אַרטיקל, געשריבן מיט אַ געזונטן, נאַטירלעכן פּאַטאָס — און אויסגעשריי פון אַ צעוויטיקט און פיל דורכגעליטן האַרץ — פאַרענ־דיקט זיך מיט אַ פּאָר זאַצן, וואָס דערגרייכן די עטישע הויכקייטן, צו וועלכע א. ש. זאַקס האָט זיך, מיט 10־12 יאָר פריער, דערהויבן שרייבנדיק זיינע „חרובע וועלט", אַרויסבריעגנדיק דערביי טיפזיניקע רעיונות און עטיק און מאָראַל בכלל און יידישער עטיק בפרט:

אַלע אונדזערע רעדערייען וועגן די הויכע, די גרויסע, די אומ־ערשעפּלעכע מענטשלעכע גייסטיקע אוצרות האָבן קיין ממשות ניט, אויב דער מענטש גופא איז געצוואונגען אָפּצוגעבן זיין מענטשלעכ־קייט פאַר אַ טאָפּ לינזן.

דער צענטער, דער מיטלפּונקט איז דער מענטש. אַ מענטש זיין הייסט — זיך האַלטן פעסט אָן זיין גלויבן, אָן זיין איבערצייגונג, האַנדלען אַזוי, ווי זיין וויסן און געוויסן דיקטירט אים. צווינגען מענטשן צו האַנדלען קעגן זייער ווילן, מיט געוואַלט אונטערדריקן אין זיי זייער געוויסן — הייסט, זיי מאַכן פאַר אוממענטשן.[11]

אָן מענטשן וועט פון אונדזער גאַנצער קולטור ווערן אַ תל.

דאָס בוך האָט געצויגן אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט גלייך נאָך זיין דערשיינען — אין יולי, 1927. די אינטעליגענטע אַרבעטער־לייענער האָבן אין דעם דאָזיקן ווערק דערזען אַ ליטעראַרישע אָפּשפּיגלונג פון זייערע ליידן און פּראָבלעמען אין יענעם קריטישן מאָמענט. דער רעצענזענט פון דעם בוך אין „טאָג", ל. פינקלשטיין, וואָס האָט געפירט די אַרבעטער־אָפּ־טיילונג אין דער דאָזיקער צייטונג (אונטער אַ מאָטאָ: „אַ יוניאָן פאַר טרייד־יוניאָן צוועקן, ניט פאַר פּאַרטיי־פּאָליטיק און ניט פאַר יוניאָן־קליקעס") האָט מיט אָט די ווערטער פאַרענדיקט זיין דערמאָנטן איבערבליק פון בוך:

די אַרטיקלען, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן פון צייט צו צייט, אין משך פון פרילינג 1926 ביז יולי 1927, אונטער פאַרשיידענע קעפּ־לעך, זיינען אָבער אין דער אמתן די קאַפּיטלעך פון איין באַנד... די לעזער האָבן פאַר זיך אַ גוטע פּאַנאָראַמע פון דעם ברודער־קריג אין די יוניאָנס אויף דער יידישער גאַס, אין אַלע זיינע פאַזן. עס איז אַ בוך וואָס לייענט זיך מיט אינטערעס, אַפילו פון די וואָס האָבן שוין פריער געלייענט די אַרטיקלען אין „טאָג". עס איז אַ בוך מיט אַן אינהאַלט, וואָס זאָגט דאָס נויטיקע וואָרט אין דער ריכטיקער צייט.

אין מאַי 1928 איז זאַקס געשיקט געוואָרן פון „טאָג" אַלס ספּעציעלער פאַרטרעטער צו דער קאָנווענשאָן פון דער „אַמאַלגאַמייטעד" (מענער־שניי־דער יוניאָן), וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין סינסינעטי, אָהייאָ. אין אַ ריי טעלעגראַפישע באַריכטן האָט ער געשילדערט די שטימונג אין די אַט־מאָספער, די פאַרהאַנדלונגען און די פּראָבלעמען פון יענער גרויסער קאָנ־ווענשאָן. דעם נייעם גייסט פון „קאָלאַבאָראַציע" צווישן די אַרבעטער און אונטערנעמער, וואָס האָט די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערע שניידער־יוניאָנס פאַרוואַנדלט אין איינע פון העכסט־קאָנסערוואַטיווע, כמעט־קאַפּיטאַליסטישע קערפּערשאַפטן, — האָט ער קלאָר באַמערקט פון דער ערשטער מינוט אָן. אין אַ טעלעגראַם פון 17טן מאַי, 1928, צום ביישפּיל, באַריכטעט ער וועגן אַ רעדע פון פּראָפעסאָר וויליאַם מ. לעיזערסאָן (אין 1941 מיטגליד פון „נאַציאָ־נאַלן לייבאָר רילייישאָנס באָרד" און געוועזענער „אימפּאַרשעל טשערמאַן" פון דער אַרביטריישאָן סיסטעם וואָס די „אַמאַלגאַמייטעד" האָט איינגע־פירט). וו. מ. לעיזערסאָן האָט געזאָגט, אַז די פּראָספּעריטעט פון דער קליי־דער־אינדוסטריע איז וויכטיק פאַר די אַרבעטער ווי פאַר די פאַבריקאַנטן און דערום טאָקע זיינען די אַרבעטער לעבעדיק פאַראינטערעסירט אין „עפישענסי", וואָס פירט צו פּראָספּעריטעט.

ווייטער באַריכטעט זאַקס וועגן ב. וולאַדעקס אַ פייערלעכער רעדע, אין וועלכער יענער האָט געזאָגט, אַז די באַנק־סיסטעם (אַמאַלגאַמייטעד באַנק" און אַנדערע) פון דער יוניאָן איז מער ווערט ווי אַלע ביכער פון קאַרל מאַרקס און לענין אינאיינעם.

נאָך אין יוני פון יאָר 1928, צוועלף חדשים זינט דעם אויסברוך פון דעם שאַרפן סכסוך צווישן דער ניו־יאָרקער דזשאָינט באָרד פון די קלאָוק־מאַכער און דער „אינטערנעשאָנאַל" (אין דער שפּיץ פון וועלכער ס'איז דעמאָלט שוין געשטאַנען בנימין שלעזינגער, דער אַמאָליקער הויפּט־פירער און לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פון דער יוניאָן, און זיין געהילף, דער איצ־טיקער פּרעזידענט ד. דובינסקי), איז דער ריס אין דער יוניאָן ניט פאַר־היילט געוואָרן. אין אַן אַרטיקל „דער וועג צו איין יוניאָן פאַר אַלע קלאָוק און דרעסמאַכער" אין „טאָג" פון 24טן יוני, 1928, האָט א. ש. זאַקס גע־שריבן צווישן אַנדערעס:

דער אמת איז, אַז ניט מר. זיגמאַן (און מיר דאַרפן דאָך ניט איבערחזרן אונדזער מיינונג וועגן מר. זיגמאַנס פעאיקייטן, גייסטיקן כוח און גבורה) אַלס אינדיווידואום, אַלס פּערזאָן, איז שולדיק אין דעם חורבן פון דער יוניאָן, נאָר דער סיסטעם, וואָס זיגמאַן האָט מיט זיך פאַרקערפּערט — דער סיסטעם פון קליקע־הערשאַפט, דער סיס־טעם פון דיקטאַטור, דער סיסטעם צו האָבן אַלעמען אין דער אדמה,

דער סיסטעם וואָס האַלט זיך אָן דער ציניש־ער מיינונג, אַז דאָס „פאָלק", די מאַסע איז אַ „באַנטש" פון „מוישעס" און „יענטעס" און אַז די אומצופרידענע זיינע „קאָמוניסטלעך און מוידן", ווען עס איז אַ מצווה צו פאַרטיליקן, ווייל עס איז אָסור לרחם. אויב די פיילן זיינען געפלויגן אין זיגמאַנען, איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל צופעליק איז ער געווען דער פאַרטרעטער פון דער סיסטעם. וואָלט אַנשטאָט זיגמאַנען געווען אַן אַנדערער, וואָלט מען יענעם, דעם אַנדערן, מכבד געווען מיט דיזעלבע פאַרציעס, מיט וועלכע מען איז איצט מכבד זיגמאַנען.

די אָפּאָזיציע וויל, אַז די יוניאָן זאָל זיך פירן אויף אַ דעמאָקראַטישן שטייגער, אַז די באַאַמטע זאָלן דערוויילט ווערן פון די מיטגלידער, אַז פאַרוואַלטן די יוניאָן זאָלן די וועלכע האָבן דעם צוטרוי פון דער מיטגלידערשאַפט, אַז די זעלבסט־געקרוינטע און אַרויפגעצוואונגענע באַאַמטע זאָלן פּאַקן זייערע קאָפערס און זיך אָפּטראָגן: זיי ווילן אַז קיינער זאָל ניט האָבן אַ חזקה אויף פירערשאַפט. די אָפּאָזיציע איז פאַר פאָלקס־הערשאַפט, פאַר דעמאָקראַטיע און קעגן דיקטאַטור.

און פאַרענדיקט ווערט אָט דער וויכטיקער אַרטיקל מיט אָט די קלאָרע ווערטער:

מר. שלעזינגער מעג זיך בלייבן דער העכסטער באַאַמטער, אָבער זיין מאַנדאַט אַלס פירער דאַרף ער קריגן פון די מיטגלידער ניט פון אַ קליקע. ער באַדאַרף וויסן, אַז די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע איז דערוויילט פון פאָלק, און אויב ער באַדאַרף ניט פאַר איר קאַפּיטולירן, טאָ באַדאַרף ער לכל־הפחות מיט איר פאַרהאַנדלען. יאָ, די באַסעס! (באַלעבאַטים). ווי קען מען דאָס ווייזן די באַסעס, אַז מען אָנערקענט די לינקע?

וועל, אויב עס וועט זיין אַ גאַנצע, אַ שטאַרקע, אַ פאַראייניקטע יוניאָן, וועלן זיך די באַסעס מער באַדאַרפן רעכענען מיט די אַרבעטער ווי די אַרבעטער — און אַפילו אַרבעטער־פירער — מיט די באַסעס.

ד

אין אָנהייב 1928 האָט א. ש. זאַקס אָנגעפאַנגען צו שרייבן אין „טאָג" אַ נייע סעריע אַרטיקלען — וועגן די מנהגים און סאָציאַלע פירונגען ביי יידן אין פאַרשיידענע פעריאָדעס. אין אַ קורצער איינלייטונג צו אָט דער

סעריע האָט די רעדאַקציע די דאָזיקע אַרבעט פאַרגעשטעלט פאַר די לייע־נער אָט אַזוי:

אונדזער יידיש פאָלק איז איינער פון די עלטסטע אין דער גע־שיכטע. ער האָט דורכגעמאַכט אַלערליי מדרגות אין זיין קולטורעלער אַנטוויקלונג. יידן זיינען אַמאָל געווען פּאַסטוכער, יעגער, פּיציכטער און זיי האָבן זיך אַרומגעטראָגן איבער דער וועלט ווי ציגיינער. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס דורכ־געמאַכט אין אַ סאָציאַלן און פּאָליטישן זין אַלערליי שטופעס פון אַנט־וויקלונג. אונדזער געשיכטע איז אַן אומדערשעפּלעכער אוצר פון דעם, ווי אַזוי יידן האָבן אַמאָל געלעבט.

און דאָס יידיש לעבן האָט אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען אין פאַרשיידענע צייטן. עס האָבן זיך געשאַפן מנהגים, וואָס זיינען מיט־געגאַנגען מיט דעם יידן איבער זיין גאַנצן גלות־וועג ביז דעם היינ־טיקן טאָג.

א. ש. זאַקס, דער באַרימטער יידישער שריפטשטעלער, האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו באַשרייבן די מנהגים פון יידן אין פאַר־שיידענע פּעריאָדעס. אַלע פון די מנהגים, וועלכע האָבן פאַרן היינ־טיקן לעבן קיין שום ווערט ניט, זיינען אָבער אַזוי ראָמאַנטיש אין זייער אויפפאַסונג, אַזוי אינטערעסאַנט אין זייער אופן, אַז עס וועט זיין באמת אַ פאַרגעניגן זיך צו באַקענען מיט זיי. יידישע מנהגים זיינען דורכגעפלאָכטן מיט די שענסטע און ריינסטע פעדים און דער העכ־סטער עטיק, וואָס ציט זיך פון תורת־משה ביז די יידישע פילאָזאָפן פון מיטלאַלטער און דער היינטיקער צייט.

עס איז אויסערגעוויינלעך וויכטיק, אַז מיר זאָלן זיך באַקענען מיט דער סאָציאַלער עטיק און מיט דעם יידישן סאָציאַלן לעבן, כדי צו קענען פאַרשטיין די יידישע מנהגים. די פאַרשיידענע מנהגים ביי יידן דריקן אויס די לעבנס־פאָרמען פון די יידן אין אַלע צייטן.

חרם, חליצה, כתובה, קבורת חמור, גטן און אַנדערע יידישע מנהגים וועלן באַשריבן ווערן פון א. ש. זאַקס, וועלכער איז אַן אוי־טאָריטעט אין דעם פּרט.

דער ערשטער אַרטיקל איז אַ מין הקדמה. דער צווייטער אַר־טיקל פאַרנעמט זיך מיט דעם דין פון חלוצה. דערנאָך וועט באַשריבן ווערן חרם, כתובה און אַנדערע מנהגים. דער ערשטער אַרטיקל וועט געדרוקט ווערן שבת, דעם 14טן פעברואַר.[12]

די יידישע לייענער וועלכע האָבן נאָך אַזוי גוט געדענקט א. ש. זאַקסעס „חרובע וועלט" מיט די פּרעכטיקע בילדער פון פאַרצייטיקן יידישן שטייגער,

האָבן מיטן גרעסטן אינטערעס אויפגענומען אַט די נייע און פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט זייער וויכטיקע אַרבעט זיינע, וואָס איר איז לײדער ניט באַשערט געווען צו דערשיינען אין בוך־פאָרם.

זומער 1928 האָט מרס. זאַקס געמאַכט אַ צווייטע רייזע קיין סאָוועט־רוסלאַנד, און אירע איינדרוקן און איבערלעבונגען זיינען, פאַרשטייט זיך, נאָכגעפאָלגט געוואָרן מיטן גרעסטן אינטערעס פון א. ש. זאַקסן, וואָס האָט לײדער, מחמת זיינע רעדאַקציע־פליכטן אין „טאָג״ ניט געקענט מיטפאָרן. זי איז פון ניו־יאָרק געפאָרן קיין לאָנדאָן און פון דאָרט אויף אַ סאָוועטישער שיף — קיין לענינגראַד. די דאָזיקע שטאָט האָט אויף איר געמאַכט שוין אַ פיל בעסערן איינדרוק ווי מיט פיר יאָר פריער. אומעטום, אַפילו אין די קליינע שטעט און שטעטלעך אַרום דער אַמאָליקער צאַרן־רעזידענץ, האָט מען שוין געקענט געפינען עלעקטרישע באַלייכטונג און טעלעפאָן. מענטשן זיינען געווען בעסער אָנגעטאָן, און הגם ס׳האָט זיך נאָך אַלץ געפילט אַ דוחק אין פּראָדוקטן, האָט מען שוין אָבער פאָרט ניט געזען די לאַנגע רייען פאַר די קראָמען, ווי בעת די זאַקסעס האָבן צום ערשטן מאָל באַזוכט סאָוועט־רוסלאַנד אין 1924. דער אַנאַלפאַבעטיזם איז געווען אַזוי גוט ווי אינגאַנצן פאַרשוואונדן. אויך פון אַנטיסעמיטיזם האָט מען קיין שפור ניט געזען, ווי ער וואָלט קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען. די שענקען זיינען געווען געשלאָסן און קיין שיכורים האָט מען אויף די גאַסן טאַקע ניט אָנגעטראָפן.

פון לענינגראַד איז מרס. זאַקס מיט אַן עקספּרעס־צוג אָפּגעפאָרן קיין טאָמסק אין סיביר, וואו ס׳האָט געלעבט איר שוועסטער. די רייזע האָט געדויערט 5 מעת־לעת. „אינדוסטריאַליזאַציע״, טעכנישער פּראָגרעס — דאָס זיינען דעמאָלט געווען די מאָטאָס, די שלאַג־ווערטער פון סאָוועט־רוסלאַנד: אָנצוכאַפּן און איבערצויאָגן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, באַזונדערס אַמעריקע. די שפורן פון „אינדוסטריאַליזאַציע״ האָט מען ווירקלעך געקענט באַמערקן אומעטום. אין סעפּטעמבער 1928 האָט מרס. זאַקס זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע, און גלייך אָנגעפאַנגען צו טראַכטן וועגן אַ דריטער רייזע קיין סאָוועט־רוסלאַנד, דעם מאָל שוין אין דער באַגלייטונג פון איר מאַן. זיי האָבן פאַרטראַכט אַ פּלאַן צו פאַרבלייבן אין נייעם רוסלאַנד כאָטש אַ זעקס חדשים צייט, כדי א. ש. זאַקס זאָל אויפן אָרט קענען גרינטלעך שטודירן דעם ברויזנדיקן, שטורמישן נייעם רוסישן לעבן. ער האָט געהאָפט אויפצוקלייבן, אין סאַמע קאָכקעסל פון דער נייער סאָציאַליסטיש־אינדוסטריאַליזירטער רוסישער ווירקלעכקייט, די מאַטעריאַלן פאַר גרעסערע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן מכוח דעם אויפבוי פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אויף די יסודות פון מאַרקסיזם און פון דעם אידעאַל פון אַ נייער, אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט. צום אומגליק איז אָבער זאַקסעס ערשטע רייזע קיין סאָוועט־רוסלאַנד אויך געווען די לעצטע. ער איז כמעט פּלוצלונג און

טראַגיש־אומגעריכט געשטאָרבן גראָד אין דעם יאָר, ווען אַלע פּלענער זיינע פאַר אַ לאַנגער שטודיר־רייזע קיין רוסלאַנד זיינען שוין געווען צוגע־גרייט און געשטאַנען ערב אַ לאַנג־דערוואַרטער און געהאָפטער פאַרווירק־לעכונג, ווי מיר וועלן עס וייטער אונטן זען.

## הערות צום קאַפּיטל 13

1. „טאָג", 29 מאַי, 1925.
2. „די פרעסע", 7 יולי, 1926.
3. דער קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס (אַ סעריע אַרטיקלען) פון א. ש. זאַקס, אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע יידישע אַרבעטער, ניו־יאָרק, 1927, 157 ז"ז.
4. „דער קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס", ז"ז 12־15.
5. דאָרטן, ז' 54.
6. דאָרטן, ז"ז 26־27.
7. דאָרטן, ז' 28.
8. דאָרטן, ז"ז 53־54.
9. ל. פינקעלשטיין, אין „טאָג", 9 אויגוסט, 1927.
10. „דער קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס", ז"ז 37־38.
11. דאָרטן, ז"ז 41־45.
12. "טאָג", 24 יאַנואַר, 1928.

XIV

# לערער פאַר דערוואַקסענע און חבר פון דער יוגנט

## א

ניט איין מאָל האָט א. ש. זאַקס אין דעם קרייז פון זיינע פריינט און תלמידים מיט וויטיק און האַרצן גערעדט וועגן דעם פאַקט, אַז אַמעריקע איז אפשר דאָס איינציקע לאַנד אין דער יידישער געשיכטע, וואו יידן האָבן, ניט קוקנדיק אויף זייער צאָלרייכן ישוב, ניט אויפגעבויט פאַר זיך קיין מקום־תורה.

די אמתע סיבה פון אָט דער טרויעריקער דערשיינונג האָט ער געזען אין דעם, אַז די יידישע אַמעריקע האָט צוליב פאַרשיידענע טעמים כמעט גאָרניט געזאָרגט פאַר דער דערציאונג פון דערוואַקסענע. די יידישע דער־ציאונג פון קינדער איז גענוג פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, שלעכט אָוועקגע־שטעלט געוואָרן, בלינד און אומוויסנדיק געפירט געוואָרן און איז מוראדיק אַרונטערגעבראַכט געוואָרן. אָבער פאַר איר האָט מען זיך דאָך געמיט, איר האָט מען אָוועקגעשענקט גרויסע ענערגיעס, פאַר איר האָט מען געקעמפט, צוליב איר האָבן זיך אידעאַליסטן (אמת — ניט קיין גרויסע גרופע) גע־אָפּפערט. און דער עקספּערימענט האָט אין די ערשטע יאָרן שוין (צווישן 1910 און 1920) געבראַכט דערמוטיקנדיקע רעזולטאַטן, אין דער פאָרם פון די נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע שולן.

„אָבער פון דער דערציאונג און בילדונג פאַר דערוואַקסענע האָט מען זיך אין אַמעריקע כמעט אינגאַנצן אָפּגעזאָגט: ביי דער זייט פון הונדערטער חדרים איז קיין איין ישיבה פאַר גרויסע ניט געבויט געוואָרן פאַר יאָרן, נעבן צענדליקער שולעס איז קיין איין הויך־שול אַפילו ניט געבוירן גע־וואָרן, שוין ניט צו רעדן פון אַקאַדעמיעס, קאָלעדזשעס, און אוניווערזיטעטן". אַזוי האָט אין יאָר 1922 געשריבן ד״ר יהודה קויפמאַן, אַ פריינט פון א. ש. זאַקס און, ווי ער אַ פּיאָנער פון דער דערציאונג פאַר דערוואַקסענע אין די יידישע ראַדיקאַלע קרייזן דאָ אין לאַנד.[1]

דעם פועל־יוצא פון אַזאַ דערשיינונג האָט זייער קלאָר און בילדלעך געשילדערט ד״ר יהודה קויפמאַן אין זעלבן צוזאַמענהאַנג אָט אַזוי:

אין די שעפער: ביי די מאַשינען, איז ניט איין חלום פון תורה לערנען פאַרשוואונדן געוואָרן. טויזנטער יונגע מענטשן זיינען מיט געוואַלט אָפּגעריסן געוואָרן פונם ספר. די ערשטע צייט פלעגן זיי נאָך אומלויפן דורשטיקע פון איין פאַרוואָסערטער לעקציע צו אַ צווייטער, אָבער נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעפונען, אַז אין די אַלע פאַפּוּלאַריזאַציעס און וואולגאַריזאַציעס איז נישטאָ קיין משהו, וואָס קען שטילן זייער דורשט, זיינען זיי אַוועק אויף ניט אומצוקערן זיך. אָבער זייער לעבן איז געבליבן צעבראָכן, זייער דערשטיקטע בענקשאַפט האָט זיי געמאַכט פאַר פרעמדע אומעטום, וואו די שיף פון לעבן האָט זיי פאַרפירט, און אָפטמאָל האָט זי זיי אַליין פאַרפירט אויף פאַלשע דרכים: אַזוי, למשל, איז געבוירן געוואָרן די גרויסע צאָל קאַריעריסטן, דאָקטוירים, דענטיסטן, לאָיערס, אינזשענערן, כעמיקער, וואָס זיינען אַוועק מיטן געדאַנק צו לערנען, צו שטודירן, צו פאָרשן, און מיט דער אַמביציע צו שאַפן, און געקומען זיינען זיי צוריק מיט דיפּלאָמען, מיט „בלעטלעך", מיט פאַטענטן צו „מאַכן אַ לעבן", און געבליבן, מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, פשוטע בעלי־מלאכות, יעדערער אויף זיין געביט.

טויזנטער אַנדערע יונגעלייט, וואָס האָבן אין דער היים קיינמאָל ניט געלערנט, דערפילן אין זיך דעם נאַטירלעכן דראַנג נאָך וויסן, נאָך בילדונג, נאָך דער וועלט פון ליכט. איר באַגעגנט זיי אָפט אין די ביבליאָטעקן, דורשטיקע זוכן זיי דאָס ליכט אין די אותיות פון די ספרים. זיי פעלט אָבער דאָס עלעמענטאַרסטע, זיי ווייסן ניט וואָס און ווען צו לערנען, זיי קענען זיך אַליין ניט אָריענטירן. און עלנדע פאַרלאָזן זיי זייער ווינקל אין ביבליאָטעק. און מיט אַ ניט־געשטילטער דורשט קערן זיי זיך צוריק צו זייער טאָג־טעגלעכקייט.

באַלד פון זיין ערשטן טאָג אָן אויפן היגן באָדן האָט א. ש. זאַקס, ווי מיר ווייסן, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, אַלס שרייבער און לעקטאָר, פון פאַרשפּרייטן ליכט און וויסן צווישן די דערוואַקסענע — די יידישע אַרבעטער. יאָרנלאַנג האָט ער געאַרבעט אויף אָט דעם געביט אין פאַרבינדונג מיט די פּאָפּולערע לעקציעס, וואָס דער בילדונג־דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער־רינג און דער בילדונג־אַמט (באָרד אָוו עדיוקיישאָן) פון דער שטאָט ניו־יאָרק האָבן געהאַט איינגעאָרנט און דורכגעפירט.

נאָך דער וועלט־מלחמה פון 1914־1918 האָט זאַקס אויך אָט די אַרבעט ניט פאַרנאַכלעסיקט, הגם אין יענע יאָרן — די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן — איז די הויפּט־ענערגיע זיינע אַוועקגעגאַנגען, ווי אויבן געוויזן, אויף פּובליציסטיק בכלל און אויף צוויי ממשותדיקע קאָנקרעטע אויפגאַבעס אויפן

געזעלשאַפטלעכן פעלד בפרט — צו דערהייבן די היגע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אויף אַ העכערע מדרגה און צו שטיצן דעם איבערבוי פון יידישן לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד אויף נייע, געזונטע און שעפערישע יסודות.

מיט א גרויסער באַגייסטערונג האָט א. ש. זאַקס געאַרבעט אין יענע יאָרן, זינט 1921, אין די ספּעציעלע אַנשטאַלטן פאַר אַרבעטער־בילדונג, ווי דער ניו־יאָרקער „פאָלקס־אוניווערזיטעט" און דער „יידישער אַרבעטער־אוניווערזיטעט".

דער „פאָלקס־אוניווערזיטעט" איז געגרינדעט געוואָרן נאָך דעם 3טן דעצעמבער, 1917, פון אַ גרופּע יידישע אַרבעטער וואָס זיינען דעם זעלבן יאָר געקומען פון פּאַריז, וואו זיי האָבן געהאַט באַזוכט פאָלקס־אוניווערזיטעטן.

„קומענדיק קיין אַמעריקע, האָבן זיי געזוכט פאַרצוזעצן זייער זעלבסט־בילדונג אויף דער יידישער שפּראַך. זיי האָבן זיך ניט געקענט באַנוגענען מיט די איינצלנע, צופעליקע לעקציעס — דאָס רוב פון זיי אינטעליגענטישע דרשות — וואָס האָבן אין יענער צייט געגאָלטן אַלס „בילדונג פאַרן פאָלק". האָבן זיי גענומען בויען אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, וועלכער זאָל געבן גרינטלעכע סיסטעמאַטישע בילדונג אויף דער יידישער שפּראַך פון לערער וואָס זיינען אויטאָריטעטן אויף זייערע פאַרשיידענע געביטן".[2]

עס איז געווען אַ שווערע פּיאָנערן־אַרבעט, אָבער דער „פאָלקס־אוניווערזיטעט" איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר, און אין 1922 האָט מען אים רעאָרגאַניזירט אויף אַ ברייטערן מאַסשטאַב מיט ב. צ. גאָלדבערג אַלס דירעקטאָר. אין יאָר 1922־1923 האָט דער פאָלקס־אוניווערזיטעט דורכגעפירט 15 פולע קורסן און עטלעכע סעריעס לעקציעס איבער פאַרשיידענע לימודים אין סאָציאַלע־ און נאַטור־וויסנשאַפטן, אין ליטעראַטור און געשיכטע. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אויך אַ מוזיקאַלישע סעקציע מיט אַ כאָר אונטער דער פירערשאַפט פון לאַזאַר וויינער און אַ דראַמאַטישע סעקציע אונטער דער לייטונג פון מאַרק שווייד. דער פאָלקס־אוניווערזיטעט האָט אין יענעם יאָר אַרויסגעגעבן אַן אויספירלעכן קאַטאַלאָג מיט אַ דעטאַליזאַציע פון זיינע קורסן — דער ערשטער פון דעם מין אויף יידיש אין אַמעריקע. די קורסן פלעגן געגעבן ווערן אין דעם פאָלקס־אוניווערזיטעט גופא — אויף 1387 וואַשינגטאָן עוועניו, אין די בראָנקס, און אין צוויי אָפּטיילונגען — אויף איסט 103טער און איסט 145טער גאַס. א. ש. זאַקס איז דאָרט געווען לעקטאָר פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן; און חוץ אים האָבן דאָרט געלערנט ד"ר י. א. מעריסאָן, ש. ניגער, ב. צ. גאָלדבערג, חיים שויס, א. גלאַנץ, ל. לעהרער, ד"ר מ. אָלגין, משה כץ, ק. מרמר און אַנדערע.

אין יאָר 1922־1923 זיינען די קורסן באַזוכט געוואָרן פון 360 מענטשן.

די שטורעמדיקע יאָרן פון דעם אַרבעטער־קאַמף אויף דער יידישער גאַס האָבן אויך פון אָט דער ריין־אַקאַדעמישער בילדונג־אינסטיטוציע אָפּ־

געצויגן אַ שפּאַר ביסל גייסטיקע ענערגיע און טעטיקע מענטשן. אַ מער קעמפּערישע, ראַדיקאַלע אינסטיטוציע פֿון אָט דעם מין איז אויף איר אָרט אויסגעוואַקסן אין 1925־1926. דאָס איז געווען דער „יידישער אַרבעטער־אוניווערזיטעט״. אין דעם פּראָספּעקט פֿון אָט דער אַנשטאַלט, וואָס איר לערער־ראַט איז באַשטאַנען פֿון ד״ר מ. אָלגין, ה. בורגין, א. גלאַנץ, ע. דזשייקאָבסאָן, א. ש. זאַקס, קאַרל מרמר, מלך עפּשטיין, שכנא עפּשטיין, און ד״ר י. מינדל (דירעקטאָר), לייענען מיר: „דער יידישער אַרבעטער־אוניווערזיטעט איז אַ נייע שול פֿאַר אַרבעטער, וואו א גרונטלעכער שטודיום פֿון אַלגעמיינע וויסנשאַפֿטן און באַלדיקע פּראָבלעמען פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וועלן אויפֿגענומען ווערן״. דער אַלגעמיינער קורס, וועלכער איז געווען פֿאַרטראַכט אויף צו געדויערן צוויי יאָר, האָט געזאָלט אַריינגעמען די פֿאָלגנדיקע קעגנשטאַנדן: געשיכטע, די דריי אינטערנאַציאָנאַלן, מאַרקסיזם און לעניניזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, טרייד יוניאָניזם, ליטעראַטור, יידיש, ענגליש, אַרבעטער־קאָרעספּאָנדענץ. אויך אַ דריטער יאָר פֿאַר לערער איז געווען אָנגעצייכנט אין דעם פּראָגראַם־אַנטוואורף פֿון דעם יידישן אַרבעטער־אוניווערזיטעט.

ביי דער פֿייערלעכער דערעפֿענונג האָבן אויך גערעדט א. ש. זאַקס און ד״ר קאַספּע. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף די גרויסע דערגרייכונגען און אויף דעם גרויסן פֿאָרשריט, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן דורכגעמאַכט פֿאַר די לעצטע עטלעכע יאָר און אויף דער גרויסער נויט, וואָס פֿילט זיך אין יונגע אינטעליגענטע פֿירער און טוער פֿאַר אַלע צווייגן פֿון די טעטיקייטן, וואָס האַלטן זיך אין איין אויסברייטן. מ׳האָט אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז דער אוניווערזיטעט וועט זיין די שול פֿאַר די יידישע אַרבעטער־מאַסן און וועט באַפֿרידיקן זייערע גייסטיקע און קולטורעלע באַדערפֿעניש.

אויף אָט די קורסן האָט א. ש. זאַקס געלערנט אַ היפּשע צייט.

## ב.

דער גרעסטער טייל פֿון זאַקסעס אַרבעט אויף דער לערער־קאַטעדרע, אַלס לעקטאָר און לערער פֿון דערוואַקסענע, איז אָבער אָפּגעגעבן געוואָרן צו זיין טעטיקייט אין יידישן לערער־סעמינאַר, מיט וועלכן ער איז געווען פֿאַרבונדן גאַנצע 12 יאָר כסדר, פֿון דעם ערשטן טאָג זינט אָט דער דאָזיקער אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן.

פּורים פֿון יאָר 1918 האָט מען דעם לערער־סעמינאַר געעפֿנט, גראָד אין אַ צייט, ווען די גאַנצע וועלט איז געווען פֿאַרוויקלט אין דער גרויסער וועלט־מלחמה און אויך דאָס יידיש לעבן דאָ אין לאַנד איז געווען צערודערט און צעבראָכן. דאָך האָט אַ גרופּע ענערגישע קולטור־עסקנים זיך ערנסט פֿאַרנומען מיט די פּראָבלעמען פֿון יידישער דערציאונג און מיט דער צוקונפֿט פֿון יידישער בילדונג אין אַמעריקע.[3]

מ׳שאַצט, אַז אין יענער צייט האָבן זיך שוין געפונען איבער 20 מאָדערנע יידישע קינדער־שולן אין נאָרד־אַמעריקע — אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. זיי אַלע האָבן געהערט צום טיפּ פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, וואָס די קרייזן פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי און פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד האָבן אָנגעפאַנגען צו בויען אין 1910־1911. דער אַרבעטער־רינג האָט נאָך דעמאָלט אָפיציעל ניט באַשלאָסן צו האָבן יידישע שולן, עס זיינען אָבער געווען אַ צאָל אַרבעטער־רינג ברענטשעס, וועלכע האָבן אַליין זיך גענומען בויען שולן. די „שלום־עליכם אינסטיטוט״ ריכטונג (בערך ווי די יידישע פאָלקס־פּאַרטיי אין מזרח־איראָפּע אין 1917־1919) איז שוין געווען אויסקריסטאַליזירט און האָט געהאַט עטלעכע שולן. רייף איז בכן געוואָרן דאָס פּראָבלעם ווי אַזוי צו קריגן די פּאַסיקע לערער פאַר די שולן.

אַ באַשלוס צו שאַפן אַן אינסטיטוט וואָס זאָל דערציען דעם פּאַסיקן לערער פאַר דער נייער שול איז אָנגענומען געוואָרן אויף איינעם פון די צוזאַמענפאָרן פון דעם דעמאָלטדיקן „פאַרבאַנד פון די יידישע פאָלקס־שולן״. דער פאַרבאַנד האָט אַרומגענומען אַלע יידישע פאָלקס־שולן. יואל ענטין, דער פאָרזיצער פון יענעם שול־פאַרבאַנד, האָט אַנגעוואָרפן דעם פּלאַן ווי אַזוי מען זאָל גרינדן דעם יידישן לערער־סעמינאַר. דער צווייטער שול־צוזאַמענפאָר האָט דעם פּלאַן אַקצעפּטירט און אויפגעפאָדערט זיין עקזעקוטיווע, אַז זי זאָל דעם פּלאַן פאַרווירקלעכן.

די עקזעקוטיווע פון שול־פאַרבאַנד האָט צו זיך צוגעצויגן צו צוויי פאָרשטייער פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פּועלי־ציון. אַזוי האָט מען קאָנסטיטואירט די ערשטע פאַרוואַלטונג פון סעמינאַר. באַלד איז צוגעצויגן געוואָרן דער יונגער געלערנטער ד״ר יהודה קויפמאַן פאַר אַ דירעקטאָר פון סעמינאַר, וואָס האָט געזאָלט זיין אַן אָוונט־שול מיט 12־16 שעה לימודים אַ וואָך. דער ערשטער קלאַס איז באַשטאַנען פון 13 סטודענטן: 9 מענער און 4 פרויען. דער לערער־שטאַב איז באַשטאַנען פון י. ענטין, חיים ליבערמאַן און יודא א. יאָפע (יידישע ליטעראַטור און פילאָלאָגיע); ד״ר יהודה קויפמאַן (העברעאישע ליטעראַטור); א. ש. זאַקס (סאָציאַלע וויסנשאַפט); ד״ר א. ב. קאַספּע און ד״ר י. א. מעריסאַן (נאַטור־וויסנשאַפטן); חיים שויס (יידישע געשיכטע), און ל. לעהרער, ס. הירזדאַנסקי און ב. צ. גאָלדבערג (פּעדאַגאָגיק).

דער וואויל־באַקאַנטער שרייבער און קולטור־עסקן, איינער פון די פּיאָנערן פון פּועלי־ציוניזם אין אַמעריקע, יואל ענטין, איז — ווי מיר זעען — געווען אפשר דער גייסטיקער טאַטע פון יידישן לערער־סעמינאַר, און אויך אַן אַלטער גוטער פריינד פון א. ש. זאַקסן, ער, פּונקט ווי דער ערשטער דירעקטאָר פון סעמינאַר, דר. יהודה קויפמאַן,

האָבן זאַקסן גוט געקענט און אים זייער געאַכט. ניט קיין וואונדער, אַז זיי ביידע האָבן אים מקרב געווען צו דער נייער וויכטיקער קולטור־אַנשטאַלט תיכף נאָך איר גרינדונג, אין 1918. און אויך אין די אַלע שפּעטערדיקע יאָרן איז יואל ענטין געווען פון זאַקסעס בעסטע פריינט און קאָלעגן. זיי זיינען באַקאַנט און באַפריינדעט געוואָרן כמעט גלייך נאָך זאַקסעס אָנקומען אין אַמעריקע, אין 1908.*

אויפן דריטן יאָר פון דער סעמינאַר־עקזיסטענץ האָט אַ גרופּע פאַר־וואַלטונג־מיטגלידער אָנגעהויבן צו פאָדערן שינויים אין דער לערן־פּראָג־ראַם. אָט די גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון ב. צ. גאָלדבערג (וועלכער איז יענעם יאָר נאָך ד״ר קויפמאַנס 10־חדשימדיקן אָוועקפאָרן געוואָרן דער פּראַקטישער דירעקטאָר), פון ד״ר י. א. מעריסאָן און ל. לעהרער, האָט גע־וואָלט פאַרקלענערן די צאָל לערן־שעה פון העברעאיש, תנ״ך, תלמוד, כדי צו פאַרברייטערן דעם לימוד פון יידיש און וועלטלעכע קעגנשטאַנדן. ד״ר י. קויפ־מאַן און י. ענטין האָט געטענהט, אַז די יידישע קולטור איז איין גאַנצע קייט וואו יעדער אַלטער און נייער רינג איז גלייך וויכטיק און דאַרף דער־פאַר ערנסט שטודירט ווערן.

דער דריטער צד איז באַשטאַנען פון עטלעכע פּעדאַגאָגן און קולטור־עסקנים און צו אים האָט אויך געהערט א. ש. זאַקס. זיי האָבן געשטרעבט צו אַזאַ אידעאַל: אי דער סעמינאַר זאָל בלייבן ביי דער גרינטלעכקייט פון די העברעאישע לימודים, און גלייכצייטיק זאָל ער זיין ענלעך צו די בעסטע קאָלעדזשעס פון לאַנד. די דיסקוסיעס האָבן זיך געצויגן אַ סך יאָרן און דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז מ׳האָט ביסלעכווייז אויסגעברייטערט די פּראָגראַם אַלץ מער און מער, כדי אויסצובילדן לערער וואָס זאָלן זיך פּאַסן פאַר יעדער שול־סיסטעם און יעדער שול־ריכטונג.

די אויסברייטערונג פון דער סעמינאַר־פּראָגראַם איז אויך פאָרגעקומען צוליב דעם, וואָס שוין אויפן צווייטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ זיינען צום סעמינאַר אָנגעקומען מענטשן, וואָס האָבן ניט געהאַט בדעה צו לערנען אויף דעם פולן לערער־קורס, נאָר די כוונה זייערע איז געווען זיך אויסבילדן אין יידישע און העברעאישע לימודים און זיך באַקענען מיט די סאָציאַלע וויסנשאַפטן. פון דריטן יאָר אָן איז די צאָל פון אַזעלכע סטודענטן געווען גרעסער פון דער צאָל סטודענטן וואָס האָבן געוואָלט ווערן לערער.

אַ רעזאָלוציע וואָס די פאַרוואַלטונג האָט אָנגענומען גלייך אין די ער־שטע יאָרן, האָט אַזוי כאַראַקטעריזירט די צילן פון סעמינאַר:

---

* זעט ארטיקל פון יואל ענטין אין „פרץ הירשביין יובליי־בוך״ (צו פ. הירשביינס 60 יאָר), ניו יאָרק 1941, ז. 259, וואו י. ענטין דערציילט, ווי ער איז דורך א. ש. זאקסן צום ערשטן מאָל, אין שלומס קאפע, באקאנט געוואָרן מיטן באַרימטן דראמאטורג און שרייבער פּ. הירשביין.

דער לערער־סעמינאַר איז אַ נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע העכערע אַקאַדעמישע אינסטיטוציע, וואָס גיט די סטודענטן אַ סיסטעמאַטישע יידישע און אַלגעמיינע בילדונג און אַ גרינטלעכע פּעדאַגאָגישע ביל־דונג צו די וואָס גרייטן זיך צו זיין יידישע לערער.

דער סעמינאַר שטרעבט צו שאַפן אַ טיפּ יידישן אינטעליגענט וואָס זאָל האָבן טיפע און ברייטע ידיעות און אַ לעבעדיקן אינטערעס אין דער וועלט־קולטור, און וואָס זאָל, אין דעם ליכט פון דעם דאָזיקן וויסן לערנען, פאַרשטיין און אָפּשאַצן אונדזער אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור; אַ יידישן אינטעליגענט, וואָס זאָל זיין גרינטלעך באַקאַנט מיט די סאָציאַלע נויטן און פּראָבלעמען פון דער צייט און וואָס זאָל פילן זיין חוב צו טראָגן ליכט און וויסן צו די יידישע מאַסן בכלל און צום יידישן קינד בפרט.

לויט זיין כאַראַקטער איז דער יידישער לערער־סעמינאַר אַ נאַ־ציאָנאַל־פּראָגרעסיווער אינסטיטוט. זייענדיק נאַציאָנאַל איז דער סע־מינאַר פאַראינטערעסירט אין אַלע פאַזן פון דער יידישער נייער און עלטערער קולטור ווי אויך אין די פּראָבלעמען פון טאָג־טעגלעכן לעבן און שאַפן. זייענדיק פּראָגרעסיוו אָדער ראַדיקאַל, באַקענט דער סעמינאַר זיינע תלמידים מיט די סאָציאַלע שטרעבונגען, סימפּאַטיעס און קאַמפן פון דער אַרבעטערשאַפט בכלל און פון דער יידישער אַר־בעטערשאַפט בפרט.

מ׳קען זען פון אָט דער פּראָגראַם־דערקלערונג, אַז דער יידישער לע־רער־סעמינאַר האָט געהאַט אויסצופירן אַן אייגנאַרטיקע און ספּעציפישע פונקציע, האָט אויסגעפילט אַ בלויז אין דער העכער יידישער בילדונג דאָ אין אַמעריקע. די פאַר יידישע אינסטיטוטן וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין לאַנד זיינען באַשטימט געווען מערסטנס פאַר די, וואָס האָבן געוואָלט ווערן רבנים, אָרטאָדאָקסישע, האַלב־אָרטאָדאָקסישע אָדער רעפאָרמירטע, — אינסטיטוטן מיט אַן אויסגעשפּראָכענער טעאָלאָגישער טענדענץ. אָבער וואו האָט מען געקענט קריגן יידישן וויסן, פריי פון אַלע טענדענצן און דאָגמעס, פריי פונם קאָנטראָל פו פאַרטייען און קלאַסן? וואו האָט מען געקענט הערן דאָס ניט־געצוימטע ריין־וויסנשאַפטלעך יידיש וואָרט?

ביז דער שאַפונג פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר, מיט אַ יאָר 26 צוריק, איז אַזאַ אינסטיטוט ניט געווען. און גלייך נאָך זיין גרינדונג האָט די סאָציאַלע פראַגע אין ברייטערן זין (דאָס מיינט איינשליסנדיק אויך די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען) פאַרנומען אין דעם לערן־פּלאַן אַ גאָר געהויבענעם פּלאַץ. ד״ר י. קויפמאַן, דער ערשטער דירעקטאָר פון סעמינאַר און גייס־טיקער פאָטער פון אָט דעם אינסטיטוט האָט, אין זיין אויבן־ציטירטן אַר־

טיקל, זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף אַט דער זייט פון לערן־פּראָבלעם, אַנוואַרפנדיק אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען און טעמעס, וואָס וועלן נאָך לאַנג באַשעפטיקן די מוחות פון יידישע לערנער און מלומדים, סטודענטן און לערער, און וואָס זייער שווערפּונקט, ווי מיר וועלן באַלד זען, ליגט דווקא אויפן געביט פון סאָציאָלאָגיע און קולטור־אַנטראָפּאָלאָגיע, דאָס מיינט ענינים וואָס האָבן אַ קרובהשן שייכות מיט זאַקסעס באַליבטע קעגנשטאַנדן — פּאָליטישע עקאָנאָמיע, קולטור־געשיכטע און נאַטור־וויסנשאַפטן. דאָס זיינען די ענינים וואָס ד״ר יהודה קויפמאַן האָט געהאַלטן פאַר נויטיק בפירוש אָנצורופן ביים פולן נאָמען, כדי פאַר די פריינט פון אַזאַ פּיאָנער־אינסטיטוציע, ווי דער יידישער לערער־סעמינאַר איז געווען אין יענער צייט, דייטלעך און אָפן אַרויסצושטעלן אירע וויכטיקסטע אויפגאַבעס — אַלס אַ צענטער וואָס גיט אַרויס אי ליכט, אי וואַרעמקייט, דאָס הייסט אי וויסן, אי דערמוטיקונג, באַגייסטערונג פאַר די וואָס לעבן מיט און פאַר די יידישע קולטור־אינטערעסן. מיר וועלן דאָ ווייטער ציטירן פון זיין אַרטיקל אין א. ש. זאַקסעס וואָכנשריפט „היינט״ (אין אָנהייב 1922):

> וואָס איז די קולטור־געשיכטלעכע באַדייטונג פון יידישער רע־ליגיע? וואָס איז דער ביישטייער פון דער יידישער נבואה צו דער וועלט־קולטור? ווי אַזוי ווערט דער יידישער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער באַשטימט דורך דער אגדה און הלכה? וועלכע געזיכט־פּונקטן פאַר־לירט דער ייד קיינמאָל ניט אין זיין פילאָזאָפיע? וואָס טרייבט דעם יידישן געדאַנק צו מיסטיק, קבלה און חסידות? וויפל פונם רעאַלן יידישן לעבן דריקט אויס די מוסר־ליטעראַטור? צו וועלכע האַרי־זאָנטן שטרעבט די יידישע פאָלקס־מעשה? וועלכע אינערלעכע וועלטן זיינען באַהאַלטן אין אונדזער פאָלקס־ליד? וואָס רופט אַרויס דעם רענעסאַנס פון דער העברעאישער ליטעראַטור? וועלכע גע־וואַלטיקע כוחות רופן אַרויס די אויפבליאונג פון דער יידישער לי־טעראַטור? וואָס טרייבט די יידישע פאָלקס־מאַסן צום סאָציאַלן קאַמף צו קרבנות פאַר דער סאָציאַלער גלייכהייט פון די מענטשן? וועלכע כוחות וועקן די יידן צו נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט? וואָס איז דער יידישער ביישטייער צו דער אַנטוויקלונג פון סאָציאָלאָגיע און סאָציאַלן קאַמף? אויף וועלכע געביטן אַרבעט דער דערוואַכטער וויסנשאַפט־לעכער געניוס פון יידישן פאָלק?
>
> וועלכע באַדייטנדע שאַפונגען האָבן מיר צו פאַרצייכענען אין דער וועלט פון קונסט?

פון אַט דער רשימה ווערט, אַגב, קלאָר, אַז ביי די גרינדער און בויער פון סעמינאַר האָט געהערשט אַ גאַנץ ברייטער, פול אַרומנעמענדיקער קוק

אויף זיינע אויפגאַבעס און צילן, ווי אַ שטודיר־ און פאָרשונג אַנשטאַלט פאַרן יידישן פאָלקס־אינטעליגענט און סטודענט. דעריבער טאַקע האָט דער סעמינאַר אַזוי באַגייסטערט זאַקסן פון ערשטן טאָג אָן. צום אויספיר פון ד״ר י. קויפמאַנס אַרטיקל וואָלט א. ש. זאַקס געוויס זיין הסכמה געגעבן אין דער פולסטער מאָס, און מיר וועלן דעריבער אויך דעם שלוס־טייל פון ד״ר קויפמאַנס אַרטיקל דאָ וואָרט אין וואָרט איבערגעבן:

אויף די און אויף ענלעכע פראַגעס זוכן טויזנטער יונגעלייט אַן ענטפער: עס איז די אייביקע פילאָזאָפישע דורשט צו „קענען זיך אַליין״, עס איז דער נאַטירלעכסטער, עלעמענטאַרסטער און העכסטער אינטעלעקטועלער פאַרלאַנג ביים מענטשן.

צו העלפן דער יידישער יוגנט קריגן אַזאַ ברייטע און טיפע אַלגעמיינע בילדונג; צו העלפן איר באַקענען זיך מיט אַלע געביטן פון יידישן דענקען און שאַפן; צו העלפן איר ווערן אַ באַדייטנדיקער פאַקטאָר אינם לעבן פון די מאַסן, דורך אַקטיוון באַטייליק זיך אין זייער טאָג־טעגלעכן קאַמף, און דורך אַ צילבאַוואוסטער און פּלאַנמע־סיקער, גרינדטלעכער און אויפריכטיקער קולטור־טרעגעריי; צו העלפן דעם יידישן קינד זיך איינוואָרצלען אין זיין יידישער סביבה און איינזאַפּן אַלע אירע לעבנס־זאַפטן, — דאָס זיינען די אויפגאַבעס פונם יידישן לערער־סעמינאַר.

דורך די 12 יאָר וואָס א. ש. זאַקס האָט געלערנט אין יידישע לערער־סעמינאַר האָבן הונדערטער יונגע מענטשן, זיינע תלמידים און צוהערער, געשעפּט וויסן און אויפקלערונג פון דעם טיפן ברונעם מיט פרישע וואַסערן פון זיין גייסטיקן קוואַל. ער איז געווען איינער פון די באַליבטסטע לערערס, אפשר דער סאַמע באַליבסטער לערער אין סעמינאַר. געקומען איז עס פון אַ טאָפּלטער אורזאַך — זאַקס דער אויסערגעוויינלעך־גוטער לערער און גלייכצייטיק — דער אויפריכטיקער פריינט און וועגווייזער, דער חבר און העלפער פון זיינע תלמידים.

דער איינדרוק פון זאַקס דעם לערער האָבן אַמבעסטן און אויפן קלאָרסטן אופן געשילדערט, פאַרשייט זיך, זיינע תלמידים גופא, און מיר וועלן דאָ בלויז ברענגען זייערע אייגענע ווערטער:

ס׳איז אַרום צען אַזייגער אין אָוונט. דער אַרבעטער־רינג סע־מינאַר (אין 143 איסט 103טער גאַס) איז העל באַלויכטן. אין איינעם פון די צימערן אויפן צווייטן שטאָק לערנט מען „פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע״.

אויף די שול־בענק זיצן אַרום דרייסיק סטודענטן: בחורים און מיידלעך. אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט אין שאַפּ, און איצט — אַנשטאָט צו גיין אָפּרוען זיך אָדער פאַרברענגען — איז מען געקומען לערנען.

אויבנאָן ביי אַ טישל זיצט דער לערער, א. ש. זאַקס. ער האַלט אַ לעקציע וועגן דער „מערווערט טעאָריע". ער רעדט איינפאַך, אי־לוסטרירט מיט ביישפּילן, גלעט אויס געוויסע סתירות, און קלאָר און דייטלעך ברענגט ער אַרויס די געניאַלע אויפטואונגען פון קאַרל מאַרקס.

די תלמידים שטעלן פראַגעס. ס'אַנטוויקלט זיך אַ דיסקוסיע. מען אַנאַליזירט די טעאָריע. די מוחות אַרבעטן שנעל. געדאַנקען לויפן איינע נאָך די אַנדערע. די גוטע סטודענטן ווייזן אַרויס חריפות און בקיות. און דער לערער קוקט מיט ליבשאַפט אויף זיינע תלמידים. זיינע אויגן שמייכלען. ער האָט הנאה...

און ווייטער מאַכט דער דאָזיקער סטודענט י. לאַזאַרסאָן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ באַקאַנטער יידישער פאָלקסשול־לערער, אַ פיינעם פּאַ־ראַלעל צווישן דעם מאָדערנעם לערער, א. ש. זאַקס, און דעם גמרא־לערער פון דער פאַרצייטיקער ליטווישער ישיבה. ער שרייבט:

איך קוק אויפן קלאַס און ס'דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז סלאָ־באָדקער ישיבה. די סטודענטן זיינען די ישיבה־בחורים און דער לערער איז דער ראש־ישיבה. נאָר אַנשטאָט דעם אַלטן תלמוד פלפּולט מען זיך אין דעם נייעם תלמוד פון קאַרל מאַרקס... אַזוי איז אַלץ דאָס זעלבע. אַפילו דער ניגון פון „אָמר אביי ורבא" הערט זיך דאָ גאַנץ אָפט, סיי ביי די תלמידים און סיי ביי דעם רבין אַליין...[4]

אַ גאָט־געבענטשטער לעקטאָר און פּאָפּולאַריזאַטאָר און צוגלייך אויך ערנסטער וויסנשאַפטלעכער דענקער און פאָרשער האָט זאַקס אַריינגעטראָגן אין זיינע סעמינאַר־לעקציעס אַלע מעלות און גוטע מעטאָדן פון מאָדערנער פּעדאַגאָגיק און דידאַקטיק, צוגעפּאַסט צו די ספּעציפישע (גייסטיקע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע) אומשטענדן פון זיינע תלמידים. זיי אַלע זיינען גע־ווען יונגע פאָלקס־אינטעליגענטן, מערסטנס האַרעפּאַשניקעס, וואָס פלעגן מוזן ברענגען שווערע קרבנות אין צייט און מי צו קאָנען אין די אָוונט־שעהן, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, זיך אָפּגעבן מיט דער אינטעלעקטועלער פאַר־פולקאָמונג און אַנטוויקלונג. ער פלעגט באַנוצן ספּעציעלע מעטאָדן צו מאַכן אַפילו די שווערסטע ענינים פאַרשטענדלעך און אינטערעסאַנט פאַר זיין

קלאַס. אָט ווי פּ. הערשטיין, אַ סטודענט וואָס האָט ביי אים געלערנט, האָט באַשריבן דעם איינדרוק פון זיין אייגנאַרטיקער לערן־מעטאָדע:

חבר זאַקס האָט ליב, אין זיין רעדן ווי אין זיין שרייבן, איבער־צוחזרן איין ענין אַ סך מאָל און אָפטמאָל אַפילו אָנצוגעבן די זעלביקע ביישפּילן. פלעג איך זיך אָפּט וואונדערן וועגן דעם, ווייל פון קאָמ־פּאָזיציע־שטאַנדפּונקט ווערט דאָס געוויינלעך באַטראַכט פאַר אַ חסרון. היינט אָבער, נאָכדעם ווי איך האָב שוין געהאַט אַזוי פיל דערפאַרונג מיט קינדער־קלאַסן און מיט האַלטן פאָרטראָגן פאַר דערוואַקסענע, זע איך ערשט איין, ווי נייטיק עס איז פאַרן לערער אינם לערן־פּראָ־צעס דאָס אָפטע איבערחזרן אַן ענין. ווייל דער מענטשלעכער מוח איז ניט אַלע מאָל פלינק גענוג אויף אויפצוכאַפּן מיטן ערשטן מאָל אַ נייעם געדאַנק אין זיין פולער גאַנצקייט.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס דער אייגענער חבר זאַקס, וועל־כער וועט ביים דערקלערן אַן ענין ניט שפּאָרן קיין ווערטער און ווי־דערהאָלונגען, ווערט אָבער אַ גרויסער מקפּיד פון קורצקייט, פון צמצום, ווען דער סטודענט דאַרף אים ענטפערן אויף אַ פראַגע וועגן אַן ענין, וואָס מ׳האָט שוין אָפּגעלערנט. ווייל קוים איז דער ענין שוין אַ פאַר־שטאַנענער, און אויסגעלערנטער, טאָר מען זיך אדרבא ניט וואַרפן מיט קיין איבעריקע ווערטער...

...פונקט ווי ביים אויפקלערן אַן ענין איז חבר זאַקס דער לע־לערער געווען מילד אין רייד, האָט ער ביים רעזומירן אַן אויפגע־קלערטן ענין געהאַלטן פון אַן אַנדער פּעדאַגאָגישן כלל, אַז דעם רייכסטן געדאַנק, אויב ער איז נאָר גענוג קלאָר, דאַרף מען קענען איבערגעבן אין געציילטע ווערטער, און אַז פאַרקערט, גאַנצע הויפנס ווערטער קענען אַמאָל זיין געדאַנקענלאָז, אויב עס פעלט נאָר אין זיי קלאָרקייט. אין שייכות דערמיט וואָלט מען אויך געקענט צורעכע־נען חבר זאַקסעס נייגונג צו סכעמאַטיזירן גאַנצע אָפּהאַנדלונגען, און זיין האַלטן שטאַרק פון דעפיניציעס, אַזוי אַז דער קאָמפּליצירטסטער ענין ווערט ביי אים רעדוצירט צו אַ פאָרמולע.[5]

און אָט דער תלמיד זיינער גיט אויך אין זעלבן אַרטיקל אַ פיינע כאַ־ראַקטעריסטיק פון זאַקס דעם חבר און אינטימען פריינט פון זיינע סטודענטן, וואָס איז אַ פונקט אויף וועלכן אַלע אָן אויסנאַם, וואָס האָבן געשריבן דער־אינערונגען פון זייערע סעמינאַר־יאָרן און באַרירונגען מיט א. ש. זאַקס, שטעלן זיך אויספירלעך אָפּ. אָט וואָס פּ. הערשטיין שרייבט:

ווי אייניקע אַנדערע לערער פון סעמינאַר, איז חבר זאַקס פאַר אונדז געווען עפּעס מער ווי אַ לערער: ער איז געווען אונדזערס אַ גוטער חבר. אויב דער אידעאַל פונם מאָדערנעם לערער איז אַפּצו־שאַפן די מחיצה, וואָס טיילט אים אָפּ פון זיינע תלמידים, האָט זיך דאָס חבר זאַקסן גוט איינגעגעבן. קודם־כל האָט חבר זאַקס זייער אָפּגעשאַצט די קרבנות, וואָס די סעמינאַריסטן פלעגן ברענגען פאַרן ביסל לערנען: כמעט אַלע סעמינאַריסטן האָבן דעם גאַנצן טאָג גע־אַרבעט אין די פאַבריקן, און לערנען דריי שעה יעדן אָוונט נאָך אַ ניו־יאָרקער טאָג אַרבעט איז טאַקע גאַנץ שווערלעך. פלעגט דערפאַר חבר זאַקס זיך שטענדיק באַציען מיט טיפן רעספּעקט צו די סעמינאַ־ריסטן. והשנית, האָט חבר זאַקס ניט איבערגענומען פון די אַקאַדע־מיקער די טבע אַנצואוואַרפן אויף די סטודענטן אַ מורא פאַרן קעגנ־שטאַנד. אדרבא, ער פלעגט אויף אַן אינטערעסאַנטן אופן דערמוטיקן מיטצוגיין מיט אים אין די טיפסטע ווינקלען פון מענטשלעכן געדאַנק. פלעגן מיר טאַקע אַוועקגיין פון זיינער אַ לעקציע, אַפילו אַ שווערע, ווי: וועגן פיכטן אָדער העגעלן גאַנץ קלאָר, פונקט ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ געוויינלעכער טאָג־פראַגע. אויך פלעגט חבר זאַקס אויסמיידן צו באַנוצן זיך מיט צופיל וויסנשאַפטלעכע טערמינען. און אויב ער האָט אונדז שוין יאָ געמוזט געבן אַ טערמין, האָט ער געזען פריער אים גוט קלאָר צו מאַכן. בכלל האָט חבר זאַקס ניט געוואָלט מאַכן אויף אונדז, סעמינאַריסטן, דעם איינדרוק פון דעם גרויסן געלערנטן, פאַר וועלכן ס'דאַרף ציטערן יעדער אבר, איידער מ'וויל אים עפּעס פרעגן אָדער דיסקוטירן מיט אים אַ פראַגע. ער האָט אונדז אויף אַן אומדירעקטן אופן ניט איינמאָל געגעבן אַנצוהערן, אַז ער איז אונדזעריקער אין פולן זין פון וואָרט און מיר קענען זיך פילן גאַנץ פריי אין זיין געזעלשאַפט. פלעגן זיינע לעקציעס כמעט שטענדיק באַגלייט ווערן מיט אַ דיסקוסיע פון די סעמינאַריסטן.

די חברשע פאַרבינדונגען צווישן דעם לערער און די סטודענטן פלעגן צוגעבן אַ גאַר באַזונדערן חן און גלאַנץ די באַציאונגען צווישן די דאָזיקע, געוויינלעך, אַזוי ווייט אָפּגעטיילטע צדדים — לערער און תלמיד. די „נאָך דעם לערנען באַציאונגען" שילדערט דער אויבן שוין ציטירטער י. לאַזאַרסאָן אויף אָט אַזאַ שטייגער:

נאָכן לערנען איילט זיך א. ש. זאַקס ניט אַהיים. ער שטעלט זיך אָפּ. ער שמועסט מיט די סטודענטן, פרעגט זיי אויס וועגן זייער לעבן, רעדט וועגן זייער אַרבעט, וועגן זייערע געזעלשאַפטלעכע טע־טיקייטן. און רעדן רעדט ער אַזוי האַרציק, אַזוי פריינטלעך, אַז

ס'ווילט זיך זיין אין זיין געזעלשאַפט וואָס מער . . .

און גייט מען אַראָפּ אין גאַס, האַלט מען נאָך אַלץ אין רעדן און ניט קוקנדיק אויף דער שפּעטער שטונדע, גייט מען נאָך אַריין אין אַ קאַפע און מען פאַרברענגט מיטן לערער נאָך אַ שעה אָדער צוויי ביי אַ גלעזל טיי . . .

ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס מיר האָבן אים אַזוי ליב געהאַט.

א. ש. זאַקס האָט זיך צו אונדז, סטודענטן, באַצויגן ווי אַן עלטערער ברודער. ער האָט פאַר יעדן איינעם פון אונדז אַלע מאָל געהאַט אַ גוט וואָרט. ער איז געווען אונדזער מליץ־יושר אינם בילדונגס־קאָ־מיטעט פון אַרבעטער־רינג. ער פלעגט אומעטום מלמד־זכות זיין אויף אונדז.

פון אָט די אויסצוגן לאָזט זיך קלאָר זען, אַז זאַקס איז ניט געווען פון דעם טיפּ „קאַזיאָנע" לערער, פון יענע נשמה־און האַרצלאָזע פּעדאַגאָגן, וואָס קומען אַריין אין אַ קלאַס, גיבן אָפּ זייער לעקציע און גייען אַוועק. ער איז געווען אַ דערציער, אַ חבר. ער פלעגט זיין אינטים מיט די שילער, פלעגט נעמען אַן אָנטייל אין זייערע פריידן און ליידן. איז טאַקע קיין שום וואונדער נישט, אַז פון ריין פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט האָט זיין אַרבעט געמוזט געקרוינט ווערן מיט אַ גרויסן דערפאָלג און יעדער איינער האָט זיך געפילט צוגעבונדן אויך צום קעגנשטאַנד, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן נאָמען פון באַליבטן לערער, פשוט ווייל די חברשע באַציאונגען האָט זיי צוגעבונדן ניט נאָר צום לערער פערזענלעך, נאָר אויך צו זיינע קעגנ־שטאַנדן. אַ פאַקט איז, אַז די סטודענטן פון לערער־סעמינאַר האָבן מיטן גרעסטן חשק געלערנט „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", „לערע פון סאָציאַליזם" און „ביאָלאָגיע". יעדער איינער פון די תלמידים האָט געוואָלט ווערן דער „בעסטער" אין קלאַס. זיי האָבן געוואָלט פאַרשאַפן פאַרגעניגן זייער גוטן לערער.

זאַקס פלעגט זיינע סטודענטן קיינמאָל ניט אָנצייכענען דעם וועג אויף וועלכן זיי זאָלן גיין שפּעטער, נאָכדעם, ווי זיי וועלן האָבן דעם סעמינאַר־קורס פאַרענדיקט, און וועלן ווערן קולטור־טוער אויף דער יידישער גאַס. פונדעסטוועגן, ווי ס'זיינען זיך מודה זיינע תלמידים, האָט ער די צוהערער זיינע באַאיינפלוסט מיט זיין מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויאונג, מיט זיין ליבע צו די קעמפער פאַר אַ גערעכטער וועלט־אָרדענונג.

פון זאַקסעס אַרטיקלען אין דער פּרעסע, פון זיינע ביכער און לעקציעס האָבן די סטודענטן זיך אויסגעלערנט אַליין צו דענקען, ניט נאָכצוטאַנצן דעם אָדער יענער פּאַרטיי, נאָר גיין מיטן אייגענעם וועג. עס איז געווען אַ גוטער ביישפּיל פאַר די תלמידים. ער האָט געדענקט מיטן אייגענעם קאָפּ

און האָט קיין מורא ניט געהאַט אַרויסצוזאָגן זיינע געדאַנקען אָפן און פריי.

די כאַראַקטעריסטיק וואָס זיינער אַ תלמיד, י. לאַזאַרסאָן, האָט געגעבן וועגן זיין באַליבטן רבין רעזומירט זייער גוט דעם גייסטיקן וועזן פון אָט דעם געלערנטן און קעמפער. מיר וועלן דאָ ווידער ציטירן דעם שלוס־טייל פון י. לאַזאַרסאָנס אַרטיקל.

זעלבסטשטענדיקייט און מוט! מיט אָט די צוויי מעלות האָט א. ש. זאַקס אָנגעשטעקט אַ גרויסע צאָל פון זיינע שילער. מיט אָט־אָ די געווער זיינען מיר, זיינע תלמידים, אריין אינעם לעבעדיקן לעבן. מיט אָט־אָ די געווער וועלן מיר קעמפן פאַר אונדזערע אידעאַלן פון עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלעכער גלייכהייט.

א. ש. זאַקס! אַ סינטעז פון דעם לאָגישן מתמיד און דעם האַר־ציקן חסיד, אַ לערער און אַ חבר, דער ר׳ עקיבא פון אונדזער צייט — אין איין האַנט אַ ספר צו לערנען די מאַסן און אין דער אַנדער האַנט אַ שווערד צו קעמפן פאַר יושר און אמת.

## הערות צום קאַפּיטל 14

1. ד״ר יהודה קויפמאַן, אין „היינט״, אונטער דער רעדאַקציע פון א. ש. זאַקס, נומ׳ 1, 1טער יאַנואַר, 1922.
2. פון אַ געדרוקטן פּראָספּעקט וועגן יענעם „פאָלקס־אוניווערסיטעט״.
3. די קורצע געשיכטע פון לערער־סעמינאַר, וואָס ווערט דאָ דערציילט איז גענומען געוואָרן פון פ. גינגאָלדס אַרטיקל „דער יידישער לערער סעמינאַר״, אין „שול־אַלמאַנאַך״ (די יידישע מאָדערנע שול אויף דער וועלט), אַרויסגעגעבן אין פילאַדעלפיע (צום 15־יאָריקן יובילייט פון די דאַרטיקע אַרב. רינג שולן) אין אַפּריל, 1935.
4. „א. ש. זאַקס דער לערער און דער חבר״ (דעראינערונגען פון זיינע סטודענטן) אין „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט״, אונטער דער רעדאַקציע פון ב. צ. גאָלדבערג — אַ זאַמלבוך לכבוד דעם 50סטן געבורטסטאָג פון א. ש. זאַקס, ניו־יאָרק, 1930, ז׳ 196.
5. דאָרטן, ז״ז 199־201.

XV

# דער יובל פון אַ קעמפער און קולטור־בויער

## א

מיר האָבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל דערציילט וועגן דער היסטאָרי־שער ראָלע, וואָס א. ש. זאַקס האָט געשפּילט אין דער גרינדונג, אין דער פאַר־געשיכטע אַזוי צו זאָגן, פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1926. ער איז געווען מיט לייב און לעבן אײַ־בערגעגעבן די וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן, און האָט מיט צופרידנקייט געזען, ווי דער זאָמען וועלכן ער האָט געהאָלפן צו פאַרפלאַנצן האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן און געדייען. אמת, אין זיין מחשבה האָט געלעבט אַן אַנדער וויזיע פון אַ יידישן אַקאַדעמישן אָדער וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — אַן אמתע אכסניה של תורה אין מאָדערנעם, אויפגעקלערטן און וועלטלעכן זין — אַ צענטער פון לערנען און פאַרשפּרייטן אַלע וויסנשאַפטן, ספּעציעל די סאָ־ציאַלע וויסנשאַפטן, אין יידיש, אין דער שפּראַך פון די ברייטע, פאָלקס־טימלעכע און האָרעפּאַשנע, אָבער צוגלייך אויך באַוואוסטזיניקע און גייס־טיק־שטרעבזאַמע מאַסן. וויניקער ווי אַנדערע איניציאַטאָרן פון וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט האָט אים אינטערעסירט דווקא אַ צענטער פאַר ריין־יידישער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און שטודיום. אָבער מיט אַ נעגאַטיווער באַציאונג אַפילו צו אָט אַזאַ ספּעציעלן מין פון אַקאַדעמישן אינסטיטוט האָט ער זיך קיינמאָל ניט פאַרהאַלטן צו דער נייער אָנשטאַלט.

גלייך נאָך דער אָרגאַניזירונג פון די ערשטע סעקציעס, די וויסנשאַפט־לעכע אָפּטיילונגען פון אינסטיטוט, אין אויגוסט, 1926, האָט דער באַקאַנ־טער עקאָנאָמיסט און סטאַטיסטיקער, יעקב לעשצינסקי, אין נאָמען פון „אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַר דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט" איינגע־לאַדן א. ש. זאַקסן זיך אָנצושליסן צו דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעק־ציע. ער האָט צו זאַקסן אַרויסגעשיקט אַזאַ בריוו:

בערלין, 5טער אויגוסט, 1926

די עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע סעקציע ביים יידישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט אין בערלין האָט דעם כבוד איינצולאַדן אייך אַלס איר שטענדיקן אַקטיוון מיטגליד. מיר ווייסן, אַז די אויפגאַבעס און

די פאָרשונג־געביטן פון דער סעקציע (יידישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע, קולטורעלע, דעמאָגראַפישע און סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָגעס) זיינען אייך נאָענט, און מיר צווייפלען ניט, אַז איר וועט אונדזער איינלאַדונג אָננעמען.

אין דעם גאַנג פון די שטורמישע אַנטוויקלונגען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין די נעקסטע צוואנציקער יאָרן, איז די גאַנצע צייט און ענער־גיע פון א. ש. זאַקסן אַוועק, פאַרשטייט זיך, אויף די לאָקאַלע ענינים, אין שייכות מיט זיין רעגולערער פּובליציסטישער און פּעדאַגאָגישער אַרבעט פאַר די פאָלקס־מאַסן. במילא האָט ער אַקטיוו און סיסטעמאַטיש אין דער טעטיקייט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט בכלל און פון זיין עקאָ־נאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע בפרט, ניט געקענט זיך באַטייליקן. אינ־צווישן איז געבויט געוואָרן דער אַמעריקאַנער אָפּטייל פון דעם יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס צווישן זיינע איניציאַטאָרן, ווי מיר ווייסן שוין, זיינען געווען דער היסטאָריקער ד״ר י. שאַצקי און דער פאָלקלאָריסט י. ל. כהן. ביידע זיינען זיי שטענדיק געווען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיט א. ש. זאַקסן און האָבן געהאָפט אויף זיין מיטאַרבעט אין די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פון דעם אינסטיטוט.

ערשט אין 1930 איז אָנגעקומען אַ געלעגנהייט צוציען א. ש. זאַקסן צו אַ נאָענטערער מיטאַרבעט. די קאָנפערענץ פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינ־סטיטוט (אַמעריקאַנער אָפּטייל) דעם 5טן אָקטאָבער, 1930, האָט אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן שטודירן דאָס יידיש לעבן אין אַמעריקע. אויף דער ער־שטער זיצונג פון ניי־אויסגעקליבענעם לאַנדראַט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיטע פון פינף מיטן צוועק אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן פאַר אַ גרויסער קאָלעקטיווער אַרבעט וועגן די לעצטע 50 יאָר יידישער געשיכטע אין אַמעריקע. די אַרבעט האָט געזאָלט אַרומנעמען אַלע געביטן פון יידישן לעבן — דעם סאָציאַלן, עקאָנאָמישן, קולטורעלן. אין דער קאָמיסיע פון 5, וואָס האָבן געדאַרפט אויסאַרבעטן אַזאַ פּלאַן זיינען אַריינגעגאַנגען: א. ש. זאַקס, יודא יאָפע, ד״ר מ. מאַרגאָשעס, ד״ר מ. סאָלטעס און ד״ר י. שאַצקי. דער פּלוצלינגער, אומגעריכטער טויט פון א. ש. זאַקסן, אין עטלעכע חדשים נאָך דער גרינדונג פון דער קאָמיסיע, האָט צונישט געמאַכט זיינע פּלענער פאַר אָט דער וויכטיקער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

* * *

די נאָענטע גייסטיקע פאַרבינדונגען מיט זיין אַלטער היים, וואָס א. ש. זאַקס האָט אָנגעהאַלטן אין משך פון זיין לעבן — דורך 30 יאָר צייט — אין דער פרעמד, האָבן, נאַטירלעך, זיך פאַרשטאַרקט באַזונדערס נאָך זיין באַזוך

אין ליטע און זאַגער אין יאָר 1924. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די רעליף (הילף)־ענינים פאַר דער ליטוויש־יידישער באַפעלקערונג בכלל און באַזונדערס מיט אירע קולטורעלע באַדערפענישן, ווי די נייע מאָדערנע שול־באַוועגונג אין יידיש, און האָט מיט ראַט און טאַט, פון ניו־יאָרק אויס, די דאָזיקע באַוועגונג אונטערשטיצט. אין די אינטערעסן פון דער ליטווי־שער שול־אָרגאַניזאַציע האָט, אין יאָר 1928, אַ וויכטיקער קאָוונער קולטור־עסקן און כלל־טוער, ד״ר מ. סודאַרסקי, באַזוכט ניו־יאָרק, און האָט פון א. ש. זאַקסן געהאַט די וואַרעמסטע קאָאָפּעראַציע. אויך נאָך זיין אָפּפאָר האָט א. ש. זאַקס זיך מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע אינטערעסירט.

די „יידישע בילדונגס־געזעלשאַפט אין ליטע״ האָט אין אָקטאָבער 1928, נאָך ד״ר סודאַרסקיס צוריקקומען אין קאָוונע, אַרויסגעשיקט צו א. ש. זאַקס אַזאַ בריוו:

קאָוונאַס, דעם 12טן אָקטאָבער, 1928

ה׳ א. ש. זאַקס
ניו־יאָרק

זייער חשובער פריינט!

די צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון דער יידישער בילדונגס־געזעל־שאַפט, אויסהערנדיק דעם באַריכט פון פריינט ד״ר מ. סודאַרסקי וועגן זיין אַקציע, וואָס ער האָט אונטערגענומען אין אַמעריקע פאַר די יידישע שולן אין ליטע, דאַנקט אייך, חשובער פריינט, גאָר האַרציק, פאַר אייער פריינטלעך מיטהעלפן דעם ד״ר סודאַרסקי אין זיין אַרבעט און פאַר די וואַרעמסטע סימפּאַטיעס און אַקטיווקייט, וואָס איר האָט אַרויסגעוויזן. אייער מיטהעלפן און סימפּאַטיע גיבן אונדז צו מוט און ענערגיע אין אונדזער שווערער אַרבעט אין קאַמף פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול אין ליטע. מיר שפּירן, אַז מיר זיינען דאָך ניט איינ־זאַם אין אונדזער אַרבעט און אַז אין די שווערע מינוטן פון אונדזער עקזיסטענץ וועט איר זיך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן פון אייער אונטער־שטיצונג.

מיר האָפן, אַז איר וועט ווייטער פאָרזעצן די אַקציע דורכן ניי־געגרינדעטן „קאָמיטעט צו אונטערשטיצן די יידישע שולן אין ליטע״ און וועט פירן ווייטער די אָנגעהויבענע אַרבעט אין אַמעריקע, וואָס זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט ממשיך צו זיין אונדזער אַרבעט דאָ אין ליטע.

אונדזער לאַגע איז אויסערסט קאַטאַסטראָפאַל. מיר ווילן אָבער האָפן, אַז צוזאַמען מיט אייך זאָל אונדז געלינגען ניט צו לאָזן אונ־טערגיין די יידישע שולן אין ליטע.

מיט פריינטלעכן דאַנק און האַרציקסטע גרוסן,

פאַרן פאַרזיצער: ט. בראַמסאָן

פאַרוואַלטונגס־מיטגליד: ל. לאמפערט

סעקרעטער: ל. מייעראָוויטש

סוף דעצעמבער, 1929, האָט ער פון ד"ר מ. סודאַרסקי, אין נאָמען פון דער „יידישער בילדונגס־געזעלשאַפט אין ליטע" באַקומען אָט אַזאַ בריוו:

קאָוונע, 23טן דעצ., 1929

טייערער פריינט א. ש. זאַקס,

האָפנטלעך עראינערט איר זיך וועגן אַ קאָמיטעט, וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן פאַראַיאָרן ביי אייך אין ניו־יאָרק פאַר די יידישע שולן אין ליטע. דאָס ביסל געלט, וואָס איז צוזאַמען געזאַמלט געוואָרן, איז גאַנץ גוט צונוץ געקומען. נאָר נאָך מיין אָפּפאָרן איז ווייניק וואָס אָפּגעטאָן געוואָרן.

עס וואָלט געווען אַ יושר גדול, ווען מען וואָלט געקאָנט אויך איצט מאַכן אַ ביסל געלט און שאַפן אַ שטיק פאַר די יידישע שולן אין ליטע, דערעיקרשט די יידישע רעאַל־גימנאַזיע אין ווילקאָמיר, וואָס זיינען צוליב די סיבות, וואָס זיינען טיילוויז אויסגערעכנט אין בייגעלייגטן אויפרוף, אויף גרויסע צרות.

רעדט זיך אפשר דורך מיט ה. גיטלסאָן און די אַנדערע פריינט. מיר ווייסן, אַז עס איז אין אַמעריקע איצט קיין גינסטיקע צייט פאַר אַזעלכע זאַמלונגען, דער קאָפּ איז ביי אַלעמען אַ ביסל פאַרדרייט (און אפשר אַ סך) מיט אייגענע געשעפטן, צרות וכדומה. נאָר וואָס עס לאָזט זיך טאָן, בעטן מיר אייך טאָקע צו טאָן.

וואָס מאַכט איר? וואָס מאַכן די אַלע אַנדערע פריינט? קומט נאָך צו אייך פריינט ז. שוסטער? פון אים איז אויך ניטאָ שוין לאַנג קיין ידיעה.

אַ גרוס אייך פון לעמכענען, פון אייער זשאַגערער לאַנדסמאַן. מען קלייבט זיך צו איבערזעצן אין ליטוויש אַ ריי יידישע ווערק, בתוכם אויך אייערע. געוויס וועט אייך לעמכען וועגן דעם שרייבן.

זייט האַרציקסט געגריסט

פון אייער איבערגעבענעם

מ. סודאַרסקי

א. ש. זאַקס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן ענין, וועגן וועלכן ד״ר מ. סודאַרסקי שרייבט אים, און האָט דער גאַנצער יידישער עפנטלעכקייט אין אַמעריקע דערציילט וועגן דעם שווערן קריזיס פון דעם יידישן שול־וועזן אין ליטע און באַזונדערס וועגן דער לאַגע פון דער יידישער גימנאַזיע אין ווילקאָמיר, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1920. זאַקס האָט דעם צוגעשיקטן אויפרוף אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „וואָך״ (נומ׳ 19 פון 7טן פעברואַר, 1930) צוזאַמען מיט אַן אויסצוג פון דעם אויבן־געדרוקטן בריוו.

* * *

דעם 24טן יוני, 1928, איז אין ניו־יאָרק (אין דעם אַלטן וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ האָטעל) פאָרגעקומען אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון אַן אָרגאַניזאַציע פון ליטווישע יידן אין אַמעריקע. דער צוועק פון דער אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט זיין אַזאַ: צו האָבן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די ברידער אין ליטע און צו קאָאָפּערירן מיט זיי אין דער לייזונג פון זייערע פּראָבלעמען. א. ש. זאַקס האָט אויך באַקומען אַן איינלאַדונג צו דער דאָזיקער גרינדונג־פאַרזאַמלונג.

דאָרט איז געגרינדעט געוואָרן אַ קערפּערשאַפט אונטערן נאָמען „פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער יידן פון ליטווישער אָפּשטאַמונג״, וועלכע איז אין די נאָענטסטע עטליכע חדשים קאָנסטיטואירט געוואָרן מיט אַלע אירע אָרגאַנען. צום פּרעזידענט איז דערוויילט געוואָרן אַן ענגליש־יידישער שריפטשטעלער און פירער פון דער סטודענטן־באַוועגונג „מנורה״ — הערי הורוויץ, און באַקאַנטע היגע קהלישע עסקנים און געזעלשאַפט־פירער זיינען געוואָרן וויים־פּרעזידענטן, צווישן זיי אויך בערנאַרד ריטשאַרדס, ישראל מאַץ, הערמאַן ל. וויינער און אַנדערע. א. ש. זאַקס איז אויסגעקליבן געוואָרן אין עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט זיין ערשטע זיצונג דעם 27טן נאָוועמבער, 1928, אין אָפיס פון הערמאַן ל. וויינער, אויף 420 לעקסינגטאָן עוועניו. ד״ר מרדכי קאַץ, אַ ניו־יאָרקער זשורנאַליסט, איז געוועזן סעקרעטער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. דורך דעם גאַנצן יאָר 1929 פלעגט זאַקס באַקומען איינלאַדונגען צו די זיצונגען, וואָס ווייזט קלאָר, אַז ער האָט דעם קאָנטאַקט מיט דער דאָזיקער קערפּערשאַפט קיינמאָל ניט איבערגעריסן.

דורך דעם ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די „פעדעראַציע״ דורכגעפירט אַ רעליף־קאַמפּאַניע פאַר 65 טויזנט ליטווישע יידן אין 37 שטעטלעך, וואָס זיינען געוועזן קרבנות פון אַ הונגער נאָך אַ יאָר פון מוראדיק שלעכטער געראָטעניש אויף די פעלדער. צען טויזנט דאָלער האָט די „פעדעראַציע״ געשיקט אַליין, און אַ פיל גרעסערע סומע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנדסמאַנשאַפט־חברות און יחידים דירעקט אונטער דעם איינפלוס פון דער ווירקונג אויף זיי פון דער „פעדעראַציע״.

ב

נאָך אין יאָר 1928־1929, ווען ס׳זיינען אָפּגעלאָפן פופציק יאָר פון זאַקסעס אומדערמידלעכן, קאָכיקן לעבן איז ביי זיינע אומצייליקע פריינט, תלמידים און פאַרערער רייף געוואָרן דער געדאַנק פון אַ ווירדיקער, אָנגע־לייגטער פאָרם פון פייערן זיין יובל. מ׳האָט ניט געוואָלט אָפּקומען פּראָסט־פשוט מיט באַנקעטן און פייערלעכע פאַרזאַמלונגען אויפן סקאַרבאָוון שטיי־גער. אָנשטאָט דעם האָט מען פאַרטראַכט אַ פיל פאַרנעמערן, געזינטערן אופן פון אָפּריכטן אָט דעם יום־טוב פון אַ געלערנטן און קולטור־בויער, אַ קעמפער פאַר דער אַרבעטער־באַפרייאונג און העכסט־באַגאַבטן שרייבער און פּובליציסט. ס׳איז אין קרייז פון זיינע נאָענטסטע פריינט געבוירן געוואָרן דער פּלאַן אַרויסצולאָזן אַ וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישן זאַמלבוך, אַ מין „פעסטשריפט" (אויפן שטייגער פון פּובליקאַציעס ביי ענלעכע געלעגנהייטן לכבוד גרויסע געלערנטע אין אייראָפּע), מיט אַרבעטן אויף געביטן, וואָס זיינען נאָענט צום הארצן פון בעל־יובל און מיט פּאַסיקע ביטראָגן וועגן דעם לעבן און שאַפן פון יובילאַר גופא. זאַקסעס לאַנגיאָריקער פריינט און חבר ב. צ. גאָלדבערג, איז באַשטימט געוואָרן צוזאַמענצושטעלן און רעדאַקטירן דעם דאָזיקן זאַמלבוך.

צום זומער 1930 איז דאָס בוך פאַרטיק געוואָרן — אַ באַנד פון איבער 200 זייטן, באַטיטלט „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט" לכבוד דעם פופציקסטן געבורטסטאָג פון א. ש. זאַקס, רעדאַגירט פון ב. צ. גאָלדבערג, אַרויסגעגעבן פון א. ש. זאַקס יובילײ־קאָמיטעט אין פאַרלאַג פון יידישן לערער־סעמינאַר אין ניו־יאָרק.

דער גרעסטער טייל פון די אַרבעטן אין זאַמלבוך זיינען ספּעציעל אָנ־געשריבן געוואָרן פון א. ש. זאַקסעס קאָלעגס און תלמידים. מיר גיבן דאָ איבער דעם פולן אינהאַלט פון בוך:

ב. צ. גאָלדבערג: א. ש. זאַקס; א. ד. פלעשלער: די וויסנשאַפט־לעכע אַרבעטן פון א. ש. זאַקס; ש. ניגער: א. ש. זאַקסעס „חרובע וועלטן"; ד״ר פ. שניאורסאָן: נייע וועגן פון דער סאָציאַלער פּסיכאָ־לאָגיע; ד״ר א. קאַראַלניק: סיבות און מאָטיוון; ל. לעהרער: סאָציאַ־לע גרופּירונגען און סאָציאַלע ספערעס אין זייער ווירקונג אויף אינ־דיווידועלע שייכות־סיסטעמען; אסתר ראַבינער: די באַפעלקערונג־פּראָגע; וו. נאַטאַנסאָן: וויטהעדס „וויסנשאַפט און די מאָדערנע וועלט אין ליכט פון דער גלייכוועַרטיקייט פון די קולטור־אויסדרוקן"; ד״ר י. נ. שטיינבערג: די יידישע עקאָנאָמיק אין פּוילן; חיים שויס: די אַנטשטיידונג און אַנטוויקלונג פון דער נבואת ביי יידן; ד״ר יהושע

בלאָך: יידישע סאָציאַלע געזעצמעסיקייט; יוחנן טווערסקי: אָנהייב און סוף; משה שטאַרקמאַן: ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון א. ש. זאַקס.

א. ש. זאַקס — דער לערער און חבר, א וואָרט פון די סעמינאַ־ריסטן וואָס האָבן ארויסגעגעבן דעם זאַמלבוך.

אין זיין איינפירונג־אַרטיקל שרייבט ב. צ. גאָלדבערג, דער רעדאַקטאָר פון זאַמלבוך, אַז דאָס בוך איז אַ „יחיד־במינו": „עס איז דאָס ערשטע מאָל אין דער יידישער אַמעריקע, וואָס מיט אַזאַ וויסנשאַפטלעכן זאַמלבוך ווערט געפייערט דער 50סטער געבורטסטאָג פון אַ שריפטשטעלער. עס איז אַ זכיה פאַרן געפייערטן און מיר, די פייערער, מעגן אויך זאָגן: „אשרינו שזכינו לכך!"

ווייטער, דאַנקט דער רעדאַקטאָר פון בוך, ב. צ. גאָלדבערג, די גרופּע סטודענטן פון יידישן לערער־סעמינאַר, וואָס האָבן פאַרטראַכט אָט אַזאַ פייערונג לכבוד איינעם פון זייערע לערער; און ספּעציעל — אין אַזוינע שווערע צייטן (סוף 1929 — אָנפאַנג 1930) צו שאַפן די פינאַנציעלע מיטלען האָט געוויס זיך געפאָדערט ניט ווייניק מי און אָפּפערוויליקייט. „די פון אונדז וואָס האָבן געהאָלפן בויען דעם יידישן לערער־סעמינאַר און דערציען זיינע תלמידים, מעגן אין דער אונטערנעמונג זען די שענסטע פרוכט פון אונדזער אַרבעט — די אינערלעכע געטריישאַפט צו דער יידישער קולטור און די שיינע באַציאונג צום קולטור־שאַפער און לערער". און דאָן גיט ער פאַרבנ־רייכע און קלאָרע כאַראַקטעריסטיק פון א. ש. זאַקסן דעם קולטור־בויער און דערציער:

א. ש. זאַקס איז אַ לערער פון די ברייטע יידישע מאַסן אַרום אַ פערטל יאָרהונדערט. ער האָט אָנגעהויבן זיי לערנען זייענדיק אַליין אַ לערנער, אַ סטודענט, און ער איז געבליבן זייער לערער ביזן היינ־טיקן טאָג. ער האָט זיי געלערנט אויף יענער זייט ים און ער האָט זיי ערשט געלערנט קומענדיק קיין אַמעריקע. דאָ האָט ער אַלע יאָרן געהאַלטן איינצלנע לעקציע, איידער „סעריעס", אָדער „קורסן" זיינען אַריין אין מאָדע, און גענומען געבן קורסן, ווען דער יידישער עולם איז צו דעם דערוואַקסן. ער האָט זיך אין דעם פרט באַזונדערס אויס־געצייכנט, ווען ער האָט אָנגעהויבן לערנען אין יידישן לערער־סעמינאַר, אין די אַרבעטער־רינג לערער־קורסן און אין יידישן אַרבעטער־אוני־ווערזיטעט. אין יעדער פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס איז ער געווען פון די אָנפירנדיקע און איינפלוסרייכסטע לערער. אין יידישן לע־רער־סעמינאַר איז ער געווען איינער פון די דירעקטאָרן.

ער איז ניט נאָר געווען אַ לערער פון קולטור, נאָר אויך אַ שאַ־פער פון קולטור. ער איז איינער פון די געציילטע צווישן אונדז, וואָס האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דעם אַמעריקאַנער שטראָם און ניט גע־לאָזט זיינע כוחות אונטערגיין אין דער אַרבעט פון צייטונג און לעקציע. ער האָט געאַרבעט, געפאָרשט און געשאַפן; אונדז געגעבן ווערק וואָס זיינען אַ ווירדיקער ביישטייער צו אונדזער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. זיי האָבן געמאַכט אַן אויפזען אין אַנדערע שפּראַכן אין וועלכע זיי זיינען איבערזעצט געוואָרן. זיי זיינען אונדז דאָפּלט אָנגעזען אין יידיש.

---

א. ש. זאַקס איז ערשט אַריבער די שוועלן פון די ערשטע פופציק. די גרעסטע טייל פון די ערשטע פופציק יאָר אין מענטשנס לעבן גייט אַוועק אין אויפוואַקסן און צוגרייטונג. דאָך האָט א. ש. זאַקס פאַר דער צייט זייער פיל אויפגעטאָן קוואַנטיטאַטיוו און קוואַליטאַטיוו. ער שטייט איצט אין מיטן פון זיין שאַפן. זאָל די ווידמונג פון דעם דאָזיקן זאַמלבוך אים דינען אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג — די העכסטע פאָרם פון אָנערקענונג, די וואָס קומט פון תלמידים פון איין זייט און פון אייניקע קאָלעגעס פון דער צווייטער זייט — און אַלס דערמוטי־קונג צו ווייטערער אַרבעט און ווייטערדיקן שאַפן.[1]

דער זאַמלבוך האָט געצויגן אַ פאַרדינטע אויפמערקזאַמקייט אין דער יידישער וויסנשאַפטלעכער וועלט און האָט געמאַכט אַ פּרעצעדענט, וואָס איז דערווייל נאָך ליידער ניט נאָכגעטאָן געוואָרן אויף אונדזער יידישער גאַס. דער בעל־יובל אַליין האָט געהאַט אַ נחת־רוח פון אָט דער גרויסער קולטור־רעלער אונטערנעמונג, וועלכע האָט סטימולירט, דורך עטלעכע זייער אינטע־רעסאַנטע אַרבעטן, דאָס זעלבסטשטענדיק דענקען און פאָרשן ביי די בעסטע פון זיינע תלמידים.

פונקט ערב דער דערשיינונג פון זיין בוך, האָט מען לכבוד דעם אָנדענק פון זאַקסעס יוגנט־חבר און לאַנדסמאַן, א. ש. פריידוס (געשטאָרבן אין 1922) אַרויסגעגעבן אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן זאַמלבוך מיט אַ סך ערנסטע אַר־בעטן אין ענגליש און העברעאיש און מיט אַן איינציקער אַרבעט אין יידיש — א. ש. זאַקסעס אויטאָביאָגראַפישע מעמואַרן — „פון אמונה צו השכלה", פון וועלכע מיר האָבן געשעפּט א סך מאַטעריאַלן פאַר דעם ערשטן קאַפּיטל פון דעם איצטיקן בוך. דאָס ווערק סטאַדיעס אין דזשואיש ביבליאָגראַפי און איבערהעם פריידוס האָט פאַרגעשטעלט אַ ווירדיקן מאָנומענט פאַר דעם לאַנג־יאָריקן און זייער באַליבטן דירעקטאָר פון דער יידישער אָפּטיילונג אין דער עפנטלעכער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק אויף דער 42טער גאַס, מיט וועלכן

זאַקס איז געווען אינטים באַפריינדעט און אויפגעטראָגן, ווי ער דערציילט עס אין זיין פּרעכטיקן פּרק זכרונות.

ג

די איניציאַטיוו צו פייערן א. ש. זאַקסעס 50־יאָריקן יובליי איז אַרויס־געגאַנגען פון אַ גרופּע סעמינאַריסטן, זיינע תלמידים, קאָלעגעס און פאַר־ערער, אַ סך פון זיי געוועזענע שילער און סטודענטן זיינע. דער איניציאַ־טיוו־קאָמיטעט האָט סוף 1929 אָדער אָנפאַנג 1930 אַרויסגעשיקט אַ צירקו־לאַר־בריוו צו אַ גרויסער צאָל פריינט און תלמידים פון א. ש. זאַקסן, אין וועלכן ס'איז געזאָגט געוואָרן צווישן אַנדערעס אָט וואָס:

אונדזער ליבער לערער און חבר א. ש. זאַקס איז לעצטנס געוואָרן 50 יאָר אַלט. פאַר אונדז, זיינע געוועזענע און איצטיקע תלמידים און פריינט, דאַרף אָט דער פאַקט זיין אַ גוטע געלעגנהייט צו אויס־דריקן אונדזער פריינטשאַפט און אַכטונג צו אים. ער האָט מיט זיין לאַנגיאָריקער איבערגעבענער און געטרייער אַרבעט, אַלס שרייבער, לערער און אַרבעטער־פירער, אַרבעטנדיק כסדר פאַר די אינטערעסן פון די ברייטע יידישע מאַסן, באמת פאַרדינט גרויס אָנערקענונג.

עס איז דעריבער לעצטנס אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון די סעמינאַריסטן אין יידישן לערער־סעמינאַר און עס איז דאָרטן איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן צו פייערן חבר א. ש. זאַקסעס 50־יאָריקן יובליי דורך אַ שיינעם פאַסיקן באַנקעט און ביי דער געלעגנהייט אויך אַרויסגעבן אַ בוך געווידמעט זיין שריפטשטעלערישער און געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. אין דעם בוך זאָלן אויך אַריינגיין עטלעכע לענגערע אַרטיקלען איבער וויכטיקע סאָציאַלע פראַגעס, געשריבן פון פראָמינענטע וויסנשאַפטלער.

דער צירקולאַר איז געווען אונטערגעשריבן פון ה. ווייך, אַלס פאָרזיצער, און ב. מאַרקוס, סעקרעטער. אין דעם איניציאַטיוו־קאָמיטעט זיינען אַריינ־געגאַנגען חוץ אָט די צוויי באַאַמטע אָט די 18 מיטגלידער: ר. דזשייקאָבסאָן, א. קאָדער, אַלטמאַן, פ. גינגאָלד, א. ראַבינער, ר. סמאָליענסקי, ח. נאָוויק, ר. ראָזמאַן, ס. עסמאַן, קראַווטשיק, א. ווייצמאַן, ש. פוקס, ח. שאַפּיראָ, ש. דייווידסאָן, ש. רוטענבערג, מ. פישמאַן, ג. ברעסלער, מ. פישער.

דער קאָמיטעט האָט זיין אַרבעט דורכגעפירט שנעל און גוט און איז געוואָרן פאַרטיק מיט דער בוך־אויסגאַבע, פאַר וועלכער מ'האָט געקליבן אַבאָנענטן דורך די מיטגלידער פון יובליי־קאָמיטעט, און האָט צוגעגרייט

אָן עפנטלעכע יובליי־פייערונג פאַר מאַי, 1930. אויס פאַרשיידענע אור־זאַכן איז די פייערונג אָפּגעלייגט געוואָרן ביז הערבסט און איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן ערשט אין נאָוועמבער. זי איז פאָרגעקומען שבת אָוונט, דעם 15טן נאָוועמבער, 1930, אינם זאַל פון יידישן לערער־סעמינאַר, 425 לאַפאַייעט גאַס (האַיאַס געביידע). אין אַ רייכער קינסטלערישער פּראָגראַם האָבן זיך באַטייליקט גרויסע מוזיקאַלישע־ און בינע־קינסטלער, ווי יוסף בעלאַרסקי, בעלאַ בעלאַרינאַ, פּנחס יאַסינאָווסקי, נח נאַכבוש, חיים קאָטליאַנסקי און אַנדערע. פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס האָבן באַגריסט דעם יובילאַר.

אַ סך פריינט און חברים פון יובילאַר, וואָס האָבן צום אָוונט ניט געקענט קומען, האָבן צום פאָרזיצער פון דער יובליי־פייערונג, דעם באַקאַנטן פּעדאַגאָג לייבוש לעהרער, צוגעשיקט בריוו און טעלעגראַמעס. אַזוי האָט, צום ביישפּיל, דער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון „טאָג" ס. רינגאָל, אין זיין באַגריסונג־בריוו אַזוי געשריבן:

> דורך די טעלעכע ווערטער וויל איך כאָטש שריפטלעך אויס־דריקן מיין האַרציקע באַגריסונג צום יובילאַר, און ווינטשן אים נאָך לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט פאַר דער יידישער קולטור, וועלכער ער האָט ביז איצט אַזוי טריי און ערלעך געדינט מיט וואָרט און שריפט.
>
> א. ש. זאַקס איז איינער פון אונדזערע בעסטע און באַשיידנסטע קולטור־טוער און קולטור־פאַרשפּרייטער צווישן דער יידישער יוגנט, און די היינטיקע פייערונג פון יידישן לערער־סעמינאַר איז דער בעס־טער עדות דערויף.
>
> לאַנג לעבן זאָל חבר א. ש. זאַקס.

פון קאָלעגן־שרייבער (דאַנציס, רעוואוצקי, א"אַנד) זיינען אָנגעקומען טעלעגראַמעס, אויך פון אָרגאַניזאַציעס, ווי פון דעם סעקרעטאַריאַט פון דער אַמעריקאַנער סעקציע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט א"אַנד. פאַרשטייט זיך, מען האָט ניט געקענט צווישן די באַגריסער און באַגריסונגען זען די, וואָס זיינען אָפיציעלע פאַרטרעטער פון דער רעכטער, ד"ה הערשנדיקער ריכטונג אין די יידישע אַרבעטער־אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן, ווי די טרייד־יוניאָנס אָדער דער אַרבעטער־רינג, פאַר וועלכע א. ש. זאַקס האָט אַזוי פיל אויפגעטאָן. נאָר יחידים, וואָס האָבן גוט געוואוסט און געדענקט זיין קאַמף און מי, האָבן זיך אָפּגערופן אין טאָג פון זיין כשר־פאַרדינטן יום־טוב. פון אַ כאַראַקטעריסטישער באַדייטונג איז דעריבער אָט די טעלע־גראַמעס, וואָס צוויי פון די עלטסטע און אינטעליגענטסטע מיטגלידער פון

אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק, זאַקסעס אַמאָליקע מיטקעמפער אין אַרבעטער־רינג (אין צד פון די „יונגע") האָבן צום יובילײ צוגעשיקט:

נעמט אָן אונדזער האַרציקן גליקוואונטש צו אײער 50־יאָריקער פײערונג. מיר געדענקען אײער גוטע אַרבעט פאַרן אַרבעטער־רינג אַלס רעדאַקטאָר פון „פרײנט" און אַלס לערער פאַר אונדזערע מעמבערס.

אײער פרײנט,

אהרן ראַפּאַלאָוסקי, א. בלאָק.

אַ סך אַרבעטער־רינג שול־לערער און גאַנצע שולן האָבן אויך צוגעשיקט באַגריסונגען, פון פאַרשײדענע טײלן פון לאַנד. אָבער פיל בעסער און קלאָרער ווי די סקאַרבאָווע טעלעגראַמעס און בריוו גיבן איבער די האַרציקע באַציאונגען צווישן די תלמידים און זײער לערער זאַקס, אָט די צוויי בריוועלעך, וואָס זײנען אָנגעקומען פון דער ווײטער סאַן־פראַנציסקאָ אין שײכות מיט דער יובילײ־פײערונג.

סאַן־פראַנציסקאָ, קאַליפ., נאָוו. 11, 1930

ליבער גוטער חבר זאַקס: —

מיר האָבן די וואָך דערהאַלטן אײער בוך, וועלכן די סטודענטן פון סעמינאַר האָבן אַרויסגעגעבן לכבוד אײער יובילײ, און איר קענט זיך קוים פאָרשטעלן אונדזער פרייד! ווי אַ לעבעדיקער גרוס פון אַ טײערן ליבן חבר און לערער!

מיר האָבן זיך די גאַנצע צײט געקליבן אײך שרײבן, נאָר די אַרבעט אין שול פאַרשלינגט אונדז אינגאַנצן און ס׳בלײבט ווייניק צײט פאַר זיך. מיר רעדן אָבער אָפט וועגן אײך און מיר דערמאָנען אײך אַלע מאָל און — אַז מיר בענקען נאָך אײך איז דאָך איבעריק אײך צו זאָגן. יאָ, מיר בענקען נאָך ניו־יאָרק — נאָך אַלע גוטע פרײנט און לערער און נאָכן סעמינאַר, כאָטש מיר האָבן זיך אויף קײן זאַך ניט צו באַקלאָגן דאָ.

וועגן אונדזער אַרבעט וואָלט איך אײך געקענט אַ סך שרײבן און איר וואָלט זיכער געהאַט נחת דערפון — אַ ביסל קען אײך דערצײלן י. חייקין, וועלכער איז דאָ בײ אונדז פאַראַיאָרן געוועזן. נאָר איך וויל זיך איצט ניט פאַרנעמען דערמיט.

כ׳וויל, אַז איר זאָלט אונדז גלויבן, דאָס אײער יום־טוב איז אונדזער יום־טוב, און מיר וועלן אים פײערן אויף אונדזער אײגענעם אופן מיט די קינדערלעך אין שול בײ אונדז.

ווינטשן מיר אייך איצט אַ סך געזונטע, גליקלעכע און פרוכט־באַרע יאָרן, זאָלט איר אונדז אויך אויף ווייטער בלייבן אונדזער ליבער טאַטע און חבר.

מיט גרויס ליבשאַפט און דרך־ארץ,

אייערע תלמידים

דבורה ראַטבאַרד און י. א. שוואַרץ

און מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די צוויי לערער צוגעשיקט צו זאַקסן אַט דעם באַגריסונג־בריוו:

סאַן־פראַנציסקאָ, קאַליפ., 15 נאָוו., 1930

ליבער חבר זאַקס: —

אינם טאָג פון אייער גרויסן יום־טוב פרייען מיר זיך צוזאַמען מיט אייך — ווייל אייער יום־טוב איז דאָך אונדזער — און כאָטש מיר זיינען אַזוי ווייט פאַרוואָרפן אין אַ קאַלטער, אַסימילירטער שטאָט פילן מיר זיך ניט אַליין, ווייל גייסטיק זיינען מיר אַלע מאָל פאַר־בונדן מיט די וועלכע זיינען יאָרן־לאַנג געווען אונדזערע לערער און וועגווייזער.

מיר ווינטשן אייך היינט אַ סך, אַ סך גליקלעכע און ליכטיקע יאָרן און אַ סך נחת פון אייערע „תלמידים־קינדער”, וועלכע באַ־טראַכטן אייך אַלע מאָל ניט נאָר ווי אַ חבר און אַ לערער, נאָר ווי אַ טאַטע, וועלכער זאָרגט זיך שטענדיק פאַר זייער גייסטיקן וואוילזיין.

מיט ליבשאַפט,

אייערע

דבורה ראַטבאַרד און י. א. שוואַרץ

אין פּראָווינץ־שטעט זיינען אויך פאָרגעקומען, אין די קרייזן פון יידישע לערער און אַרבעטער־טוער, פייערונגען פון זאַקסעס 50־יאָריקן יובילײ. אָט האָט דער ברענטש 128־„בי” פון אַרבעטער־רינג אין נאָרוויטש, קאָנעקטי־קוט, געהאַט דורכגעפירט דעם 30טן נאָוועמבער, 1930, אַ יובל־פייערונג לכבוד א. ש. זאַקסן און האָט, דעם 5טן דעצעמבער, אים אַרויסגעשיקט אַזאַ טעלעגראַם:

זונטיק, 30 נאָוועמבער, האָבן מיר געפייערט אייער פופציק־יאָריקן יובילײ. אונדזער ברענטש און שול שאַצן אָפּ אייער איבערגעבנקייט און אייער לאַנגיאָריקע און גוטע אַרבעט צו פאַרבעסערן די לאַגע פון

אַרבעטער־קלאַס בכלל און יידישן בפרט. מיר האָפן צו דערלעבן מיט
איך צו פייערן אייער 75־יאָריקן יובילײ.

י. סאָפּיאַן (בר. 128־ב, אַרבעטער־רינג)

אין טאָג פון דער פייערונג, שבת, דעם 15טן נאָוועמבער, האָט דער
„טאָג" געבראַכט אַ לענגערן אַרטיקל פון זיין שטענדיקן מיטאַרבעטער
מ. דאַנציס וועגן א. ש. זאַקסן. דאָרט איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן דער
וויסנשאַפטלעכער זאַמלבוך וואָס איז דערשינען לכבוד דעם יובילאַר. די
גאַנצע יידישע פּרעסע, און באַזונדערס „דער טאָג" האָבן גאַנץ אָפּט אינפאָר־
מירט זייערע לייענער וועגן דעם גאַנג פון דער אַרבעט, וואָס דער זאַקס־
יובילײ־קאָמיטעט האָט אויף זיך גענומען, ספּעציעל אין שייכות מיט דער
צוגרייטונג פון בוך לכבוד א. ש. זאַקס, דעם שריפטשטעלער, עקאָנאָמיסט
און סאָציאָלאָג. אויך אין דער ערנסטער יידיש־ענגלישער פּרעסע האָט דאָס
דערשיינען פון בוך געמאַכט אַן אויפזען. אין דעם זשורנאַל „דזשואיש
סענטער" האָט ד״ר מרדכי סאָלטעס זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף דער פּובלי־
קאַציע פון אַזאַ בוך, און עס אויסגעדריקט אַזוי:

די סטודענטן פון דעם יידישן לערער־סעמינאַר קומט אַ שבח פאַר
אַן איינציקאַרטיקן שטייגער אויף וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק
אויסצודריקן זייער ליבשאַפט און דויערנדיקע פאַרפליכטונג צו זייער
לערער.[2]

דער שרייבער פון אָט דעם אַרטיקל האָט באַזונדערס באַטאָנט די וויכ־
טיקייט פון דעם דאָזיקן בוך, ווי פון א. ש. זאַקסעס ווערק בכלל, פאַר די
טוערס אין די „יידישע צענטערס" און ענלעכע אָרגאַניזאַציעס.

דער האַרציקער, ווייט ניט סקאַרבאָוער און טרוקן־אָפיציעלער
כאַראַקטער פון דער יובילײ־פייערונג האָבן זאַקסן געשאַפן אַ סך נחת
און אים שטאַרק דערמוטיקט. אַזאַ דערמוטיקונג איז גראָד אין יענע
יאָרן (1928־1930) פאַר זאַקסן געווען באַזונדערס נויטיק מחמת אַזאַ
פיינלעכן אינצידענט, אַ פּאַסירונג וואָס איז געקומען פאַר זאַקסן ווי אַ
שווערער קלאַפּ.

ביזן יאָר 1927 איז, ווי ס'איז פריער, פאַרבייגייענדיק דערמאָנט
געוואָרן, זאַקס געווען לערער פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אויך אויף די
לערער־קורסן פון אַרבעטער־רינג. שפּעטער האָט זיין אָרט דאָרט פאַר־
נומען ל. פאָגעלמאַן. אין אָדער אַרום 1928 איז נאָך לאַנגע שקלא וטריא
פאַרגעקומען אַ פאַראייניקונג צווישן די לערער־קורסן פון א. ר. און דעם
יידישן לערער־סעמינאַר. עס האָט געהייסן, אַז דער א. ר. שליסט איין

זיינע קורסן אין יידישן לערער־סעמינאַר און דערפאַר צאָלט ער דעם סעמינאַר אַ באַשטימטע סומע געלט יערלעך. אין ערשטן יאָר האָט עס באַטראָפן אַרום 3000$. דער א. ר. האָט במילא באַקומען אַ געוויסע דעה בנוגע דאָס לערנען זיינע תלמידים.

געווען איז עס גראָד בעת דעם רעכטן קאַמף צווישן רעכטן און לינקן צד אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג (זעט אויבן, קאַפּ. 13); און דער אַרבעטער רינג האָט אויסגענומען אַ תנאי, אַז מיט זיינע סטודענטן טאָר א. ש. זאַקס ניט לערנען. אַזוי ווי זאַקסעס קורס איז געווען פּאָליטישע עקאָנאָמיע, האָט דער א. ר. אַריינגעשיקט זיינעם אַ לערער פאַרן דאָזיקן קורס — ל. פּאַגעלמאַנען, און זאַקס האָט אָנגעהאַלטן זיין קורס פאַר די איבעריקע סטודענטן.

דאָס האָט זאַקסן זייער ווי געטאָן, און מ'קען אויך לייכט פאַרשטיין פאַרוואָס. ער האָט אַלע זיינע בעסטע יאָרן אָפּגעגעבן דער באַוועגונג, פון וועלכער דער אַרבעטער רינג איז געווען אַ טייל. ער איז געווען אַ גייסטיקער פירער פון אַרב. רינג. דער אַרב. רינג האָט אַרויסגעגעבן זיינע ביכער, ווי מיר ווייסן שוין פון די פריערדיקע קאַפּיטלען. צווישן יענע ביכער איז אויך געווען די „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", ד. ה. דער זעלבער קורס, וואָס ער טאָר היינט מיט די צוקונפטיקע ארב. רינג לערער ניט לערנען. און ערשט מיט אַ 4־5 יאָר פריער האָט אים דער אַרב. רינג אויסגעקליבן צו שרייבן די אָפיציעלע געשיכטע פון דעם א. ר. און האָט די דאָזיקע געשיכטע אַרויסגעגעבן אין צוויי בענדער.

זאַקסעס חברים צווישן די לערער אין סעמינאַר, און באַזונדערס זיינע געטרייע תלמידים און תלמידות, האָט די דאָזיקע באַליידיקונג זאַקסעס אויך ווי געטאָן. און דער וואַרעמער אופן ווי דער יובילי איז געפייערט געוואָרן און די פיינע סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבע, וואָס די געטרייע פריינד און תלמידים האָבן אים צוגעטראָגן, כדי אויסצו־דריקן זייער אַכטונג און ליבשאַפט, האָבן אים אוודאי שטאַרק דערמוטיקט און אויפגעהויבן זיין שטימונג.

ד

צו דער געלעגנהייט פון זיין יובילי האָבן געוויסע קאָלעגן און קאַמף־חברים פון א. ש. זאַקס, נאַטירלעך, אונטערגעצויגן אַ סך־הכל פון זיין וויסנ־שאַפטלעכער און ליטעראַרישער אַרבעט פאַר איבער דרייסיק יאָר צייט. פון די פילע אָפּשאַצונגען זיינען, ווי געוויינלעך, נאָר אַ פּאָר געציילטע געווען איבערן דורכשניט, דאָס מיינט — האָבן אַרויסגעבראַכט נייע אָדער אינטע־רעסאַנטע געדאַנקען, וואָס פאַרדינען צו פאַרבלייבן אין זכרון אויף לאַנג,

לאַנג. די איבעריקע האָבן בלויז קאָנסטאַטירט די פּילפּאַכיקע און וויכטיקע אויפטוען פון איינעם וואָס האָט פון זיין יוגנט אָן כסדר געדינט די קולטור־אידעאַלן פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אויף די צוויי פון די אינטערע־סאַנטסטע, דאָס מיינט אָריגינעלע און סטימולירנדיקע אָפּשאַצונגען פון זאַקסעס לעבן און שאַפן איז כדאי דאָ זיך אָפּצושטעלן.

זיין סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע באַדייטונג האָט אויף אַ געלונגענעם אופן אַרויסגעפירט אין אַ רעדע ביי דער יובל־פייערונג דער לאַנגיאָריקער פריינט און מיטאַרבעטער פון א. ש. זאַקס — יעקב מילך. ער איז שטענדיק געווען אַ מאַרקסיסט, און איז אוודאי געווען גרייט ביי יעדער געלעגנהייט אונטער־צושטרייכן די פאַרדינסטן פון זאַקסן דעם באַדייטנדיקסטן טעאָרעטיקער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם אין דער יידישער וועלט. מיר וועלן איבערגעבן דאָ דעם גרעסטן טייל פון זיין רעדע:

. . . זאַקס פּרעדיקט וואָס ער גלויבט, און גלויבט וואָס ער פּרע־דיקט. און דאָס איז גאָרניט קיין קלייניקייט!

היינט צו טאָג האָבן מיר נאָר געציילטע מענטשן, וואָס אויף זיי קאָן מען זאָגן דעם שבח. די מייסטע גייען נאָך דער מאָדע. צי די מאָדע איז אינטערנאַציאָנאַליזם צי נאַציאָנאַליזם, בונדיזם, צי ציוניזם, פּועלי־ציוניזם, צי קאָמוניזם, — געפינט מען זיי אַלע מאָל געקליידט לויט דעם לעצטן פאַסאָן. געבענטשטע מענטשן! זיי זיינען קיינמאָל ניט אויסער דער מאָדע.

א. ש. זאַקס באַלאַנגט ניט צו יענער קאַטעגאָריע. מען קען זיין מיט אים איינפאַרשטאַנען אָדער ניט, מען ווייסט אָבער וואָס ער איז היינט, וואָס ער איז געווען נעכטן, און — אפשר — וואָס ער וועט זיין מאָרגן.

אין אַ געוויסן זין איז דאָס אַ טראַגעדיע. עס איז ניט אָנגענעם צו זיין דער „לעצטער פון די מאָהיקאַנער”, צו שטיין ביים „סוף” פון אַן עפּאָכע — מעג עס אַפילו זיין דער סוף פון אַ גרויסער עפּאָכע.

עס איז שוין באַמערקט געוואָרן, אַז געדאַנקען־גאַנגען האָבן, אַזוי צו זאָגן, זייערע מאָדעס, געדאַנקען־עפּאָכעס. דער פּעריאָד פון אַזאַ מאָדע איז צווישן 60 און 100 יאָר.

מאַרקס האָט אָנגעהויבן אַרום דעם יאָר 1845. פון דעמאָלט ביז היינט, נאָוועמבער 1930, איז אַ קיימא־לן פון 85 יאָר. עס איז דעריי־בער צייט ער זאָל אַרויס פון דער מאָדע . . .

. . . די מאָדע וועט צוריק קומען. מען דאַרף נאָר זען, וואָס האָט פאַרנומען איר פּלאַץ, און דאָס איז פּסיכאָלאָגיע.

עס איז קאָמיש צו זען, וואָס דעם עולם מאַכט היינט פון מאַרקסיזם. אַלע זיינען היינט גרויסע למדנים אין מאַרקסיזם. אַפילו די וואָס האָבן קיינמאָל אין מאַרקסן ניט אַריינגעקוקט, רעדן מיט גרויס אויטאָריטעט — קעגן מאַרקסן...

. . . עס איז דער ריינער אמת, אַז אין דער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע שפּילט דער מענטש די ערשטע פידל. די גאַנצע לערע דרייט זיך אַרום דעם מענטש, זיין לאַגע, און ווי אַזוי צו פאַרבעסערן זיין לאַגע... מען קען די גאַנצע לערע רעדוצירן צו איין זאַץ — „דאָס זיין באַשטימט דאָס באַוואוסטזיין". די ערשטע זאַך, די וויכטיקסטע זאַך, איז דאָס זיין. דאָס באַוואוסטזיין קומט שפּעטער.

זיינען געקומען די פּסיכאָלאָגן און האָבן געזאָגט פאַרקערט: דאָס וויכטיקסטע איז דאָס באַוואוסטזיין. אַזוי איז אָנגעגאַנגען דער סכסוך צווישן דעם „זיין" און דעם „באַוואוסטזיין".

אַצינד איז געקומען די זעלבע פּסיכאָלאָגיע און האָט זיך אַליין אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. מען האָט אַזוי לאַנג פילאָזאָפירט וועגן דעם באַוואוסטזיין, ביז מ'האָט עס אַרויסגעפילאָזאָפירט פון עקזיסטענץ. פון דעם באַוואוסטזיין איז מען געקומען צו דעם אונטערבאַוואוסטזיין. עס איז ניט מער דאָס באַוואוסטזיין, וואָס שפּילט די הויפּט־ראָל, עס איז דאָס אונטערבאַוואוסטזיין.

אַצינד פאַרמעסט זיך די פּסיכאָלאָגיע אויף סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע. מאַרקס, דאַרף מען וויסן, האָט אויך ניט באַהאַנדלט סתם אָדם — אַ מענטש, נאָר דעם מענטש אין זיין געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. אויך די פּסיכאָלאָגיע איז געקומען צום געדאַנק, אַז עס איז ניט סתם מענטש, נאָר דער מענטש אין זיין סאָציאַלן צוזאַמענלעבן. אויך די פּסיכאָלאָגיע איז געקומען צו דעם געדאַנק, אַז פּונקט ווי אַ געביידע איז מער ווי אַ סכום פון די פאַרשיידענע מאַטעריאַלן, אַזוי איז די געזעלשאַפט מער ווי אַ סכום פון יחידים.

נאָכפאָלגנדיק איר אייגענע לערע פון אונטערבאַוואוסטזיין, וועט די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע מוזן קומען צו זוכן דעם אונטערבאַוואוסטזיין אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. און ווען זי וועט קומען צו דעם פּונקט, וועט זי אויסגעפינען אויף וויפל מאַרקס איז געווען ווייטער פון איר. וואָס איז דען דאָס סאָציאַלע „אונטערבאַוואוסטזיין" אויב ניט די אומבאַוואוסטזיניקע געזעלשאַפטלעכע שייכותן, וואָס דריקן זיך אויס אין דער ערשטער ריי אין די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן, און ערשט שפּעטער אין די אַנדערע מענטשלעכע שייכותן?

און דווקא דאָס האָט מאַרקס אַנטדעקט. כדי צו לעבן מוזן די מענטשן פּראָדוצירן און אויסטוישן צווישן זיך פאַרשיידענע פּראָדוקטן. אָט דאָס שאַפט אַן אונטערבאַוואוסטזיין פון געזעלשאַפטלעכן שייכות. דער שוסטער וואָס אַרבעט פאַר דעם מאַרק האָט אַלע מאָל אין זינען עפּעס אַ קונה וועמען ער קען ניט און ווייסט ניט, וואָס געפינט אָבער זיך ערגעצוואו.

מאַרקס האָט דאָס גערופן מאַטעריאַליזם, ווייל דאָס איז געווען דאָס לשון פון זיין צייט. די גאַנצע וויסנשאַפט האָט זיך געדרייט אַרום דעם באַגריף מאַטעריאַליזם. די היינטיקע וויסנשאַפט ראַנגלט זיך מיט דעם באַגריף. זי האָט גאַרניט פאַרוואָרפן פון דעם וואָס די ביז איצטיקע וויסנשאַפט האָט דערגרייכט אונטער דעם באַגריף „מאַטעריאַליזם". זי האַלט זיך פעסט אָן דעם. אָבער זי זוכט אַן אַנדערן אויסדרוק פאַר דעם באַגריף מאַטעריע.

דאָס זעלבע וועט מוזן געטאָן ווערן מיט דער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע. מען דאַרף געפינען אַן אַנדער אויסדרוק. דאָס וועט זיכער קומען. און ווען דער טאָג וועט קומען, וועט מען אפשר געדענקען ביי אונדז, אַז א. ש. זאַקס איז געווען איינער פון די געציילטע וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי דער לערע בעת זי איז געווען אויסער מאָדע, און דאָס וועט זיין דער שכר זיינער.[3]

י. מילך האָט גערעדט וועגן זאַקסן דעם מאַרקסיסט און האָט געהאַט אין זינען זיינע פילאָזאָפישע מאַרקסיסטיש־סאָציאַליסטישע ווערק, מיט וועלכע מיר האָבן שוין באַקענט דעם לייענער. איז גאָר קיין וואונדער ניט, אַז פון אַזאַ שטאַנדפּונקט האָט די אָפּשאַצונג געמוזט זיין אַ דורך און דורך שמייכלענדיקע פאַרן בעל־יובל. אָבער נאָך מער חידוש איז, אַז אַפילו אַזאַ אויסגעשפּראָכענער אַנטי־מאַרקסיסט און עסטעטיש־ליטעראַרישער מבין, ווי א. אַלמי, האָט אויך מיט גרויסער באַגייסטערונג געשריבן וועגן דעם געלערנטן, שרייבער און דערציער א. ש. זאַקס אין שייכות מיט דעם יובליי סוף 1930.

דערביי דערציילט א. אַלמי, אַגב, אַ זייער אינטערעסאַנטן עפּיזאָד פון יאָר 1912, וואָס וואַרפט אַ קלאָרן שיין אויף דעם זייער חשובן ענין וועגן די באַציאונגען צווישן גרעסטן מייסטער פון דער מאָדערנער ליטעראַטור אין יידיש, י. ל. פּרץ, און א. ש. זאַקס. עס איז געוויס כדאי דעם דאָזיקן עפּיזאָד איבערצודערציילן וואָרט אין וואָרט. אָט וואָס א. אַלמי שרייבט.

אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן פון אָנהייב דעצעמבער, 1912, בין איך געקומען צו פּרצן זיך געזעגענען, פאַר מיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע. יעקב דינעזאָן איז אָנגעקומען און ביידע האָבן זיי מיר געוואונטשן

הצלחה אין דער נייער וועלט. בעת איך האָב שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָט דינעזאָן זיך פּלוצים באַרעכנט, אַז עס וואָלט זייער גוט געווען מיר מיטצוגעבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צו עטלעכע יידיש־אַמעריקאַנישע גדולים — און טאָן זאָל עס טאַקע פּרץ. אָבער פּרץ האָט זיך געדונגען, אַז שרייבן רעקאָמענדאַציע־בריוו זאָל דווקא דינעזאָן, מחמת ער שרייבט זיך איבער מיט דער גאַנצער וועלט און זיין וואָרט האָט מער וואָג. דינעזאָן האָט בשום אופן ניט מסכים געווען, אַז זיין וואָרט האָט ערגעץ מער וואָג, ווי פּרצעס... האָבן זיךביידע גוטמוטיק געאַמפּערט, ביז מיטאַמאָל רופט פּרץ אויס, ממש מיט פרייד:

— גוט, איך וועל שרייבן צו יהואשן! אָבער באַלד איז ער זיך מיישב:

און אפשר ניט... יהואש איז אַ יושב־אוהל. וואָס קאָן ער פאַר עמעצן טאָן? שאַט, ווייסט איר גאָר וואָס? איך וועל שרייבן צום ליטוואַק!

דינעזאָן האָט שוין קענטיק געוואוסט וועמען פּרץ מיינט, מחמת ער האָט תיכף מסכים געווען, אַז דאָס איז דער ריכטיקער אַדרעס.

— אַ טייערער ליטוואַק! — האָט פּרץ פרייזלעך זיך צו מיר אַ קער געטאָן, — אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש און שטענדיק גרייט צו טאָן אַ טובה. גיט אים איבער אַ האַרציקן גרוס פון מיר און דינעזאָנען.

ווער דער ליטוואַק איז, ווייס איך נאָך אַלץ ניט, כאָטש פון דער התפּעלות, מיט וועלכער פּרץ רעדט פון אים, פאַרשטיי איך, אַז ער איז מאנשי שלומנו. ענדלעך פרעג איך פּרצן וועמען ער מיינט.

— זאָג אים דו! — ווענדט ער זיך צו דינעזאָנען. און דינעזאָן איז מיר גלייך מגלה דעם סוד:

— א. ש. זאַקס!

דער נאָמען איז מיר געווען גוט באַקאַנט. אין די ראַדיקאַלע גרופּעס, צו וועלכע איך האָב געהערט, האָט מען געשלונגען א. ש. זאַקסעס אַרטיקלען און גרעסערע אַרבעטן איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, סאָציאַליזם און נאָך אַזוינע ענינים, אָבער אין אַ פאַרלעגנהייט בין איך. בטבע האָב איך פיינט זיך אַרומצוטראָגן מיט רעקאָמענדאַציעס און די אָמפּעריי צווישן פּרץ און דינעזאָן איז דעריבער געווען לחלוטין איבעריק. איך זאָג דאָס פּרצן און ער פּרואווט אַפילו ניט מיך אי־בערצוצייגן, אַז איך דאַרף יאָ רעקאָמענדאַציעס. אַנשטאָט דעם זאָגט ער מיר:

— אָבער זאַקסן זאָלט איר אויפזוכן באַלד ווי איר שטעלט אַראָפּ אַ פוס פון שיף.

דערנאָך פאַרפירט זיך אַ שמועס מכוח זאַקסן, זיינע וויסנשאַפט־לעכע אַרבעטן, און פּרץ, דער רבי, רעדט דאָס מאָל ווי אַ חסיד וועגן אַן אַנדערן. פּרץ דערוואַרט גאַר־גאַר אַ סך פון אַט דעם ליטוואַק. „דאָס איז", זאָגט ער, „אַ ליטוואַק מיט אַ האַרץ פון אַ פּוילישן חסיד". „וואו נעמט מען אַ סך אַזוינע ליטוואַקעס ?" — און אין פּרצן, דעם קינסטלער, וועקט זיך בעת־מעשה אויף דער אַמאָליקער פּרץ, דער אָנהייבער, וואָס איז אַרויס מיט זיין פּראָגראַם „בילדונג", בעת ער אַליין האָט געשריבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען, אויפצו־קלערן און באַלערנען דעם עולם.

דינעזאָן הערט זיך צו מיט הנאה צו פּרצן, שטעלט פון צייט־צו־צייט אַריין אַ באַמערקונג. מיטאַמאָל כאַפּט זיך פּרץ, אַז ער האָט אַ פאַרשלאָג. ער וואַרפט אויף זיך אַרויף די פאַלערינע און מיר לאָזן זיך אין גאַס אַיירן. אויפן גאַנצן וועג האַלט פּרץ אָן דעם שמועס וועגן זאַקסן.[4]

דאָ אין אַמעריקע האָט אַלמי זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט זאַקסן פּערזענלעך און זיינע איינדרוקן פון די 18 יאָר באַקאַנטשאַפט אויפן היגן באָדן זיינען זייער אינטערעסאַנט. אָט וואָס ער שרייבט (אין זעלבן אַרטיקל):

קיין אַמעריקע האָב איך געטראָגן אַ באַזונדערע, פון פּרצן איינ־ספּירירטע, באַוואונדערונג פאַר א. ש. זאַקסן, און מאָדנע: מיין איינ־דרוק איז געווען, אַז זאַקס איז שוין אַ ייד אין די יאָרן, מיט אַ לאַנגער „פאַרגאַנגענהייט" הינטער זיך. דער איינדרוק איז נישט אָפּגעווישט געוואָרן אַפילו ווען איך האָב זיך די ערשטע וואָך פון מיין אָנקומען אין ניו־יאָרק באַקענט מיט אים אין העמאָלטיקן יידישן ליטעראַטן־קלוב אויף העברי סטריט. זינט דעמאָלט זיינען אַריבער אַכצן יאָר און איך דערוויס זיך, אַז מען גרייט זיך צו פּייערן זאַקסעס 50־יאָריקן יובילי. ערשט איצט כאַפּ איך זיך, אַז דעמאָלט, מיט אַכצן יאָר צוריק, איז זאַקס געווען נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, סך־הכל 32 יאָר אַלט. אין זכרון וויל איך אַרויסרופן דעם „אַמאָליקן" זאַקסן און אים פאַרגלייכן מיט דעם איצטיקן אָבער מיר דאַכט זיך, אַז צווישן זיי איז קיין אונ־טערשייד ניטאָ. ער איז דעמאָלט געווען ניט ייִנגער און היינט — ניט עלטער. גיכער שוין איז ער לעצטנס ייִנגער, יעדנפאַלס ענערגישער, אַגרעסיווער און ליטעראַריש־פּראָדוקטיווער.

זיין „אויסגעהאַלטנקייט" אין אויסזען פירט מיך ניט ווילנדיק צו אַ פאַרגלייך מיט זיין פּאָליטישער פיזיאָנאָמיע. און אויך דאָ איז צו זען אַ פעסטע, פּרינציפּיעלע אויסגעהאַלטנקייט אין די אַכצן יאָר וואָס

איך קאָן אים זיינע איבער דער וועלט, ניט נאָר דער פיזישער, נאָר אויך דער גייסטיקער — די וועלט פון אידייעס — אַדורכגעגאַנגען מוראַדיקע שטורעמס, איבערקערענישן. פעסטונגען, גרויסע, שטאַרקע זיינען פאַנאַנדערגעפאַלן ווי קאָרטנטישלעך; פירנדיקע פיגורן זיינען געשטרויכלט געוואָרן. זאַקס אָבער איז געבליבן דער זעלביקער. ער האָט ניט פאַרראַט זיך און דערפאַר אויך קיינעם ניט. אַפילו קאָמוניסטן, וואָס דאָס וואָרט „פאַררעטער" גייט ניט אַראָפּ פון זייערע ליפּן, האָבן נאָך דאָס דאָזיקע, אַמאָל־שרעקלעך און איצט באַנאַל־געוואָרן וואָרט אויף אים ניט געשלײַדערט.

וואָרעם זאַקס איז דער מענטש פון קלאָרקייט, אַפילו דער שווערסטער, קאָמפּליצירטסטער ענין ווערט ביי אים קלאָר — און גאָרניט קאָן אים פאַרפלאָנטערן, אַראָפּציען פון וועג. ער ווייסט, וואָס סאָציאַליזם איז, און מעג מען אין די סאָציאַליסטישע בתי־מדרשים זיך פשטלען אַהין און אַהער, דרייען מיטן גראָבן פינגער, ווער צו לינקס, ווער צו רעכטס, בלייבט ער אויף זיין אָנגעצייכנטער פּאָזיציע, מחמת אין סאַמע אָנהייב פון זיין סאָציאַליסטישער אַרבעט האָט ער זיך אויסגעאַרבעט אַ קלאָר־פעסטע פאָרמולע פון סאָציאַליזם, און קיינער קאָן אים ניט פאַררעדן. ניט אומזיסט איז זיין בוך „די לערע פון סאָציאַליזם" אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג אין אַלע סאָציאַליסטישע קרייזן, אין די יידישע, ווי אין די דייטשישע און ענגלישע, ווען דאָס בוך איז אין די שפּראַכן איבערזעצט געוואָרן, און איז צווישן די פאַרשפּרייטסטע יידישע ביכער אין ראַטנפאַרבאַנד. כאָטש זאַקס איז ניט אין קאָמוניסטישן לאַגער.

אָבער זאַקסעס וויסנשאַפטלעכע ביכער, צי זיי זיינען וועגן סאָציאַליזם און פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועגן דער פּאַריזער קאָמונע, אָדער וועגן באָטאַניק, האָבן נאָך אַ גרויסע מעלה, וואָס ציט צו און געווינט דאָס האַרץ פון לעזער: — ניט נאָר זיינען זיי וויסנשאַפטלעך קלאָר, אויסגעהאַלטן און איבערצייגנדיק, נאָר זיי פאַרמאָגן אויך די דיכטערישע, קינסטלערישע וואַרעמקייט. זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט איז אַ סינטעז פון אינטעלעקט און נשמה, פון געדאַנק און עמאָציע. און דאָס מאַכט אים נאָענט אַפילו צו יענעם לייענער, וואָס איז ניט מסכים מיט זיינע מאַרקסיסטישע אויספירן, מיט זיין מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג.

און מיר האָבן שוין אויבן באַטאָנט, אַז א. אַלמי איז אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון מאַרקסעס שיטה, פון יעדן פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם בכלל.

דערום איז טאַקע זיין אָפּשאַצונג אַזוי אומגעווײנלעך אָביעקטיוו און זאַכלעך און פאַרדינט גאָר אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט, ווייל אין איר ווערן קלאָר אַרויסגעבראַכט א. ש. זאַקסעס סטיליסטישע, שרייבערשע מעלות און אויפטוען. אַט וואָס א. אַלמי זאָגט וועגן דעם גייסטיקן פּנים פון א. ש. זאַקס דעם דענקער און שרייבער:

איך האָב פריער דערמאָנט זאַקסעס מאַטעריאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג, אָבער עס איז אַ מאָדנער מאַטעריאַליזם ביי אים. ער האָט דעם מאַטעריאַליזם אָנגעטאָן אַן אידעאַליסטישע קאַפּאָטע — איך וואָלט אַפילו געזאָגט — אַ חסידישע קאַפּאָטע... איך מיין ניט דאָ אַרויסצוגיין אין אַ וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז פון זאַקסעס ווערק איבערן סאָציאַליזם און פּאָליטישע עקאָנאָמיע... איך רעד דאָ בלויז פון איינדרוק, — און אַזאַ איינדרוק האָבן געמוזט האָבן אַלע אָביעקטיווע לייענער פון זאַקסעס ביכער. סוף־כל־סוף זיינען זאַכן דאָס, וואָס און ווי מיר זעען זיי. אַזוי איז עס אויך מיט אידייען. אַ קאַלטער, טויטער פּסוק איז איין זאַך ביים מתנגיד און אַן אַנדער זאַך ביים חסיד. טויטע סובסטאַנץ ווערט לעבעדיק לייב, ווען מען בלאָזט דערין אַריין וואַרעמען אָטעם.

און זאַקס איז אַ חסיד. אפשר אַליין ניט ווייסנדיק, האָט ער זיך געראַנגלט קעגן דעם טרוקענעם מאַטעריאַליזם, וואָס זיין רבי מאַרקס האָט אים אונטערגעטראָגן. און דער מאַטעריאַליזם איז אין זיינע הענט געוואָרן גייסטיק־פּאַראיידלט. אַז זאַקס איז בטבע אַ חסיד איז נאָך בולטער צו זען פון זיין בוך „חרובע וועלטן”, וואו ער שילדערט אויף אַ האַלב־בעלעטריסטישן אופן דעם אונטערגאַנג פון זיין שטעטל, און וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג סיי אויף יידיש, סיי אין דער ענגלישער איבערזעצונג. אין דעם בוך אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז די רעליגיעזע נשמה פון מחבר, וואָס דאָס איז גאָרניט קיין געוויינלעכע זאַך פאַר אַ מאַטעריאַליסט. זיין אידעאַליסטישע טבע האָט אים אָפּ־געהיט געשטרויכלט צו ווערן אין מאַטעריאַליזם — צו דערגיין צום אַטעאיזם, צו יענער אַפּיקורסות וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די ערשטע לערער פון סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס. ער באַ־זינגט די שיינקייטן און הייליקייטן פון יידישן שטעטל און מיט טיפן ווייטיק באַקלאָגט ער זייער אונטערגאַנג. זיינע „חרובע וועלט” זיינען אַ מאָדערנער „איכה” אויפן יידישן לעבן אין אַ ליטווישער קהלה.

צום שלוס פון זיין פיינעם אַרטיקל אין אַ וואַרשעווער ליטעראַרישן זשורנאַל — „ליטעראַרישע בלעטער”, רעדט א. אַלמי מיט לויב וועגן די

„שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט", וואָס זיינען דערשינען לכבוד זאַקס דעם יובילאַר.

## הערות צום קאפיטל 15

1. „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט", ז"ז 9־11.
2. „דהי דזשואיש סענטער", וואָלום 13, נומ' 4, דעצעמבער, 1930'
3. אויסצוגן פון דער רעדע פון יעקב מילך זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין ניו־יאָרקער זשורנאַל „ליטעראַרישער חודש" (2טער יאָרגאַנג, נומ' 3־4), מערץ־אַפּריל, 1931, ז"ז 5־7.
4. „די ליטעראַרישע בלעטער", 12 דעצעמבער, 1930, נומ' 50 (345), ז"ז 949־950. איבערגעדרוקט אין א. אַלמיס בוך „מענטשן און אידייען" (וואַרשע, 1933).

# XVI

# די אומצעשטערבאַרע מצבה

## א

ווי ס׳האָט דערציילט דעם לעזער־עולם בן־ציון גאָלדבערג, איז ליטע־ראַריש זיינען די לעצטע פאָר יאָר פון זאַקסעס לעבן געווען די גליקלעכסטע אין זיין לעבן. ב. צ. גאָלדבערג איז דעמאָלט געווען זיין רעדאַקטאָר און אָט וואָס ער ווייסט אונדז איבערצוגעבן:

> מיר פלעגן אָפט רעדן וועגן זיין שרייבן, און וועגן זיינע שרייב־פלענער. ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו שרייבן וויפיל ער האָט געוואָלט און וועגן וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער — וואָרעם עס זיינען געווען יאָרן ווען א. ש. זאַקס האָט ניט געהאַט וואו צו שרייבן, ווען ער האָט ניט געקענט קריגן קיין שטעלע אין אַ צייטונג. ער, דער פרעזידענט פון י. ל. פרץ שרייבער־פאַראיין, האָט ניט געהאַט וואו אַן אַרטיקל אָפצודרוקן...[1]

און דעמאָלט, מיטאַרבעטנדיק אין „טאָג״, פלעגט זאַקס שטענדיק רע־אַגירן, ווי ב. צ. גאָלדבערג דערציילט, אויף די טעגלעכע פאַסירונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ ספעציעלן באַטייט. אָבער ער האָט מיט דעם אַליין זיך ניט באַנוגנט. ער האָט געוואָלט ניט נאָר מסביר זיין דעם היינט, נאָר אויך אויפקלערן דעם נעכטן און אַזוי האָבן זיי, גאָלדבערג און זאַקס, אויסגעאַר־בעט דעם פלאַן וועגן גאַנצע סעריעס אַרטיקלען, ווי „רעוואָלוציאָנערע גע־שטאַלטן״, „רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען״, „קאָלאָניזאַציע ביי יידן״, א״אַנד, וואָס אַ סך פון זיי האָבן שפּעטער, שוין מיט יאָרן נאָך א. ש. זאַקסעס טויט, די געטרייע תלמידים און פריינט זיינע איבערגעדרוקט אין בוך־פאָרם, ווי ס׳וועט ווייטער אונטן דערציילט ווערן.

אָבער, ניט קוקנדיק אויף אָט אַזאַ בערך זייער דאַנקבאַרער אַרבעט, האָט א. ש. זאַקס אין יענע יאָרן געלעבט אין אַ זייער געדריקטן געמיט־צושטאַנד, ווי ס׳דערציילט אונדז אַ צווייטער פריינט זיינער און לאַנגיאָריקער מיטאַד־בעטער אויף דעם קולטור־פעדאַגאָגישן געביט פון זאַקסעס טעטיקייט. ער, דער גוט־באַקאַנטער דערציער און לאַנגיאָריקער פריינט פון א. ש. זאַקס, לייבוש לעהרער, האָט נעמלעך אויסגעדריקט אַזאַ מיינונג:

> . . . די טראַגישע לינק־רעכט מלחמה אין דער וועלט בכלל און אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט צעשטערט זיין (זאַקסעס) גלייכגעוויכט און אין זיין האַרצן האָט זיך אַריינגעריסן די איינזייטיקייט און ביטערקייט פון האַלטן שטענדיק מיט איין איינציקן צד און, ממילא, פון פילן זיך מאָראַליש פאַרפליכטעט צו אים אונטער אַלע אומשטענדן. זאַקס, ווי באַקאַנט, האָט געהאַלטן מיטן לינקן צד, און דאָס איז געווען נאָך שמערצלעכער, ווייל אים איז אויסגעקומען צו באַקעמפן אַ כוח צו וועלכן ער איז געווען יאָרן פאַרבונדן.[2]

מ׳קען אפשר באַצווייפלען די פינקטלעכקייט פון אָט אַזאַ באַהויפּטונג — אַז זאַקס האָט „אונטער אַלע אומשטענדן זיך געפילט פאַרפליכטעט צום לינקן צד". מיר האָבן געזען, אַז ער האָט בפירוש באַטאָנט, אין זיינע אַרטיקלען, בעת דעם ברודער־קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, אַז „מ׳קען ניט האַלטן פון דער קאָמוניסטישער טאַקטיק און דאָך זיין אַן אמתער, איבערגעגעבענער ארבעטער־פריינט" (זעט אויבן, ז׳ 321), אָבער אין דער היץ פון פראַקציאָנעלן קאַמף, וואָס איז נאָך אַפילו אין יאָר 1931 ווייט ניט געווען פאַרגעסן, האָט מען לייכט געקענט אָט אַזאַ שטריך, הגם ער איז פון גאָר אַ וויכטיקער באַדייטונג פאַר דער פולער כאַראַקטעריזירונג פון א. ש. זאַקסן, לייכט פאַרזען. אָבער די צווייטע אומפינקטלעכקייט רייסט נאָך פיל מער אויף די אויגן. לייבוש לעהרער שרייבט, אַז „זאַקסן איז אויסגעקומען צו באַקעמפן אַ כוח (דעם רעכטן צד — ה. פ.), מיט וועלכן ער איז געווען יאָרן פאַרבונדן". אין זעלבן אַרטיקל, מיט אַ פּאָר שורות פריער, זאָגט ל. לעהרער, אַז „זאַקס איז בכלל ניט געווען און ניט געוואָלט זיין קיין געזעלשאַפטלעכער איש מלחמה, פאַר אים איז געווען וויכטיקער לערנען און דערקלערן", און דאָס שטימט מיטן אמת. במילא, שיקט זיך אפשר ניט צו זאָגן, אַז „זאַקס האָט געמוזט (ס׳איז אים אויסגעקומען) באַקעמפן אַ כוח מיט וועלכן ער איז געווען יאָרן פאַרבונדן". דער פולער אמת איז, אַז דער כוח וועלכן ל. לעהרער האָט אין זינען, דער רעכטער צד, האָט שטענדיק זאַקסן באַקעמפט. דאָס האָבן מיר געזען פון דער באַשרייבונג פון דעם שיקאַגער פּעריאָד. אין זאַקסעס לעבן, פון זיינע צוויי יאָר ווי דער פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר פון „צוקונפט", פון זיין אַקטיווער אַרבעט אַלס רעדאַקטאָר און קולטור־טוער אין דעם „אַרבעטער־רינג", און אין זיין טעטיקייט פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועט־רוסלאַנד ביי יעדער און אַלע אָט די געלעגנהייטן איז זאַקס אָפן און פאַרשטעלטערהייט באַקעמפט געוואָרן, דער עיקר אויס מאָטיוון פון פערזענלעכער תקיפות און דיקטאַטור, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פרעסע פון אירע ערשטע יאָרן אָן, און איז פאַרבליבן טאַקע ביזן היינטיקן טאָג. פאַרקערפּערט מערסטנס אין דער

פערזאָן פון דעם „דיקטאַטאָר פון איסט בראָדוויי״, דעם „פאָרווערטס״־רע־
דאַקטאָר, אב. קאַהאַן. אין די מערסטע פאַלן האָט א. ש. זאַקס געפירט
אַ פּאַרטיידיקונג־קאַמף מעשה שטילער, באַשיידענער קולטור־עסקן און
בויער, וואָס פּאַרטייאישע און פּראַקציאָנעלע אַמביציעס און פּניות שטייען
ביי אים אויפן סאַמע לעצטן פּלאַן, אויב זיי שפּילן בכלל אַ וועלכע ניט איז
ראָל. דער קאַמף איז אויף אים אַרויפגעצוואונגען געוואָרן, דורך אינעוויי־
ניקסטע מאָטיוון און טרייב־כוחות נאָך מער ווי דורך אויסערלעכע. אים
האָט געטריבן צו זיין קאַמף דער כעס קעגן דער סאָציאַלער אומגערעכטי־
קייט וואָס ער האָט געזען אַרום זיך, און וואָס האָט נאָך מער פאַרביטערט
זיין האַרץ, מחמת די עוולות פלעגן באַגיין ווערן פון די וואָס רעדן וועגן
זייער איבערגעבנקייט צום סאָציאַליסטישן אידעאַל, וואָס ווילן זיין כלומרשט
סאָציאַליסטישע וואָרטזאָגער און וועגווייזער. אַזאַ טאָפּלזייטיקייט פלעגט אין
אים אַרויסרופן אַ הייליקן גרימצאָרן, אַ פאַרבייזערונג קעגן דער וועלט פון
פאַלשקייט און רשעות, וואָס צו באַקעמפן זיי און אויסראָטן די שפּורן זייערע
פון געזעלשאַפטלעכן לעבן איז געווען דער העכסטער אידעאַל זיינער פון
דער פרישטער יוגנט.

און אין אַט אַזאַ שטימונג האָט זאַקס אָפּגעלעבט די לעצטע יאָרן. פאַר־
שטייט זיך, אַז דאָס האָט אונטערגעגראָבן זיין ענערגיע און לעבנס־מוט. דער
אויבן־ציטירטער פריינט זיינער, לייבוש לעהרער, האָט אין דעם פריער־
דערמאָנטן אַרטיקל אַרויסגעבראַכט, פון זיינע אייגענע זכרונות, נאָך אַ פּאָר
העכסט כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון זאַקסעס גייסטיקער פיזיאָנאָמיע, וואָס
וואַרפן אַ שטאַרקן שיין אויף זיינע אינעווייניקסטע איבערלעבונגען אין לעצטן
יאָר פון זיין לעבן. אָט וואָס לייבוש לעהרער דערציילט, מכוח דעם לינק־
רעכט־קאַמף אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס און ווי זאַקס האָט זיך גע־
האַלטן אין אָט דער סיטואַציע:

> ווי דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף זיין געמיט איז ניט שווער זיך
> פאָרצושטעלן. ערשט לעצטן ווינטער (1930־1931) איז מיר אויסגע־
> קומען צו שפּאַצירן מיט אים אין די אָוונטן און שמועסן וועגן די
> פאַרשיידענע פּאַסירונגען אין דער יידישער וועלט. תמיד האָט זיך
> ביי אים געפילט דער טאָן פון אַ מענטשן וואָס פילט זיך ניט היימיש
> געגנוג אין קיין ווינקל פון דער סביבה אין וועלכער ער האָט פאַר־
> בראַכט דאָס גאַנצע לעבן זיינס. אין יענע אָוונטן האָט ער כמעט תמיד
> צוגעפירט דעם שמועס צו דער איצטיקער לאַגע פון יידישן פאָלק
> בכלל. אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע, איז „אונדזער אומה״ —
> ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — ניט געווען אַרומגערינגלט מיט אַזוי

פיל געפּאָרן ווי איצט. ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער געדאַנק, האָט אים טיף געפּייניקט, ווען ער האָט אים אַזוי אָפט איבערגעחזרט. אַוועקגייענדיק פון אים, האָב איך נאָך שטאַרק דערפילט זיין גייס־טיקן צושטאַנד. אַ מענטש מיט אַזעלכע געדאַנקען און געפילן דאַרף, לויט זיינע איבערצייגונגען האַלטן מיט אַ צד ביי וועלכן דאָס סאַמע וואָרט „יידישע אומה" איז טריף, און די מענטשן וואָס פילן דעם צער פון אונדזער קיום דאַרטן ווערן פאַרלאַכט און פאַרהאַסט.

אויך דאָ ווערט זאַקס, אומדירעקט, באַשולדיקט אין דער חברשאַפט מיט די לינקע, דעם „צד וואָס וויל פון קיין יידישער אומה ניט וויסן". אָבער פון דעם וואָס איז אויבן דערציילט געוואָרן, מוז דאָך קלאָר ווערן, אַז פאַק־טיש איז אָט די חברשאַפט כמעט ווי אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף זאַקסן פון דעם צווייטן צד; און פון אינערלעכע פעדים וואָס זאָלן האָבן זאַקסן פאַרבונדן מיט דער לינקער אידעאָלאָגיע, און איר דעמאָלטיקער פאַזע פון שנאה צו יידיש־קולטורעלע אַרבעטן אין אַ נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיוון גייסט, האָט להלוטין קיין שום רייד ניט געקענט זיין.

און א. ש. זאַקס איז שטענדיק און איבעראַל געווען קודם־כל אַ קולטור־עסקן, אַ דערציער. „ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין פּאַרטיי־מענטש אין ענגן זין פון וואָרט, כאָטש ער האָט זיך גראָד אָפּגעגעבן מיט ענינים וועגן וועלכע עס זיינען אָנגעגאַנגען די היציקסטע מחלוקותן, שרייבט וועגן אים לייבוש לעהרער. וואָרעם לויט זיין טבע האָט ער זיך ניט אַזוי ווייט גע־ריסן צו פּאַרטיידיקן פּאָזיציעס, ווי מיטצוטיילן געדאַנקען, איבערצוגעבן אידייעס". און דאָ קומט ל. לעהרער, אַ קאָמפּעטענטער ריכטער, צו אורטיילן איבער דער פונקציע און ראָלע פון זאַקסן דעם לערער און דערציער. אָט וואָס ל. לעהרער שרייבט:

ווי געזאָגט, ער איז פריער פון אַלץ און איבער אַלץ געווען אַ לערער, אַ פאָלקס־לערער, און דאָס האָט אים געבראַכט ליכט און טרייסט אין זיינע לעצטע יאָרן. זיין איינציקע וואַרעמע געזעלשאַפטלעכע היים איז געווען דער יידישער לערער־סעמינאַר, וואו ער האָט לאַנגע יאָרן געלערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע, סאָציאַליזם און באָטאַניק. אַזאַ ליבע און געטריישאַפט צווישן לערער און תלמידים איז זעלטן צו געפינען. אינם קרייז פון זיינע תלמידים איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן די ווינקל־דיקייט און אומהיימישקייט וואָס האָט זיך אָפט געפילט אין זיינע רייד און האַלטונג. די ליבע פון זיינע תלמידים איז געווען זיין שענ־סטער שכר, און ער האָט אים באַקומען אין פולער מאָס. דאָס האָט געזען יעדער אין סעמינאַר. דאָס האָט זיך נאָך מער אַרויסגעוויזן אין

דער פּרעקטיקער מתנה — „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט״, וואָס זיינע תלמידים און פריינט האָבן אים צוגעטראָגן (מיט אַ יאָר פאַר זיין טויט). פון זינט איך האָב זיך דערוווייטערט פון ישיבות און בתי־מדרשים האָב איך ניט געזען אַזאַ ליבע, אַזאַ געטריישאַפט, אַזאַ טיפע אַכטונג פון תלמידים צו זייער לערער.

די לעצטע שורות זיינען זייער באַדייטונגספול — ווייל זיי קומען פון איינעם וואָס האָט זיין לעבנסווערק פאַרבונדן מיט פסיכאָלאָגיע און פעדאַגאָגיק און ווייסט, אַז דער לעבעדיקער קאָנטאַקט, די מענטשלעכע באַציאונגען, די חברשאַפט צווישן לערער און תלמיד, איז אין גרונט דער „א״ און „ת״ פון יעדער אמתער דערציאונג און פון דער גייסטיקער קולטור בכלל. קומט טאַקע, לייבוש לעהרער, צום שלוס פון זיין הספד־אַרטיקל אָט צו אַזאַ אויספיר:

עס איז טיף צו באַדויערן וואָס אונדזער יידיש־וועלטלעכע סביבה האָט נאָך דערוויל ניט געשאַפן גענוג שטעלפאַרטרעטער אויפן אָרט פון די אַמאָליקע תורה־לשמה אַנשטאַלטן. איז ממילא ניטאָ קיין פּלאַץ עס זאָלן אַרויסוואַקסן און זיך אַנטוויקלען אַזעלכע לערער־פּערזענלעכקייטן פון וועלכע זאַקס איז געווען אַן אידעאַלער פאַרשטייער. דאָס ווירקט, מען זאָל נאָך טיפער פילן דעם ווייטיק פון זיין פריצייטיקן טויט.

* * *

מיטן אָנקומען פון פרילינג פון יאָר 1931 האָבן די זאַקסעס זיך גענומען גרייטן צו אַ דריטער רייזע קיין סאָוועט־רוסלאַנד. פרוי זאַקס האָט זיך געקליבן ווידער צו באַזוכן אירע נאָענטע קרובים אין לענינגראַד און טאָמסק און זאַקס האָט געפּלאַנעוועט אַ שטודיע־רייזע, כדי זיך צו באַקענען מיט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון לאַנד אַזוי גוט ווי מיט די רעזולטאַטן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע. זיין פרוי האָט לייכט באַקומען אַ טוריסטן־וויזע, אָבער מיט דער וויזע פאַר זאַקסן גופא זיינען אַרויסגעקומען שוועריקייטן. די רעדאַקציע פון „טאָג״, פאַרטראָטן דורך ב. צ. גאָלדבערג, האָט אַפילו אינטערווענירט ביים אומאָפיציעלן סאָוועטישן פאַרטרעטער, ב. סקווירסקי, אין וואַשינגטאָן, אָבער דער רעזולטאַט איז געווען אַ נישטיקער — מ׳האָט אים בלויז דערקלערט, אַז די מניעה קומט פון אויבן — פון מאָסקווע.

נאָך וואָכנלאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָט ענדלעך זאַקס באַקומען אַן אָפּזאָג. דעם 30טן יוני 1931 האָט דער סאָוועטישער פאַרטרעטער אין וואַשינגטאָן, באָריס ע. סקווירסקי, אים צוגעשיקט אַזאַ בריוול:

Dear Dr. Sachs:

On the basis of information I have received from Moscow I would recommend you to postpone your contemplated trip. I expect to be in New York some time this week or perhaps next week, and shall discuss the matter with you in detail.

Sincerely yours,

*B. E. Skvirsky*

דער דאָזיקער אָפּזאָג איז געווען פאַר אים אַ שמערצלעכע אַנטוישונג. ער האָט ניט געוואָלט אָבער צוריקהאַלטן זיין פרוי פון אַ רייזע קיין רוסלאַנד און האָט אַלץ נאָך געהאָפט, אַז די מיספאַרשטייעניש, פון וועלכער די מניעה איז אַרויסגעקומען, וועט סוף־כל־סוף אויפגעקלערט ווערן, און ער וועט יענעם זומער דאָך פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן. די פרוי זאַקס איז אָפּגעפאָרן אין יולי 1931 און האָט געגלויבט זיך טרעפן מיט איר מאַן אין לענינגראַד אין א צוויי חדשים אַרום. זי האָט אים שוין אבער קיין לעבעדיקן נאָך דעם געזעגענען זיך מער ניט געזען: זונטיק, דעם 6טן סעפּטעמבער, 1931, איז זאַקס פּלוצלינג פון אַ האַרץ־אַטאַקע געשטאָרבן.

וועגן זיינע לעצטע טעג דערציילט זיין באַקאַנטער קאָלעגע און לאַנג־יאָריקער פריינט ב. צ. גאָלדבערג אָט וואָס:

> דאָנערשטיק האָט ער מיך אָפּגערופן, געלאָזט וויסן, אַז ער איז ניט מיט אַלעמען. און ווען כ׳האָב געגומען זיך דערפרעגן וואָס מיט אים איז, האָט ער זיך געחידושט: „ווייס איך וואָס, ס׳איז גאָרנישט, דאָקטוירים דרייען אַ מוח״.
>
> פרייטיק האָב איך אָפּגערופן זיין הויז און באַקומען די ידיעה, אַז ער דאַרף ליגן און רוען. שבת איז געווען שטיל. זונטיק, פיר אַזייגער, אַ טעלעפאָן מיט דער טרויעריקער בשורה...

דערביי דערציילט ב. צ. גאָלדבערג וועגן די פּלענער, וואָס זאַקס האָט געהאַט אין די לעצטע מאָנאַטן פון זיין לעבן: ער האָט געוואָלט אַוועקפאָרן אויף אַ האַלב יאָר, זיך אָפּרוען פון שרייבן אאַז״וו.

> א. ש. זאַקס האָט געהאַט פּלענער. ער האָט געוואָלט אַוועקפאָרן אויף אַ האַלב יאָר, זיך אָפּרוען פון שרייבן.
>
> — איר וועט דען זיך קענען איינהאַלטן ניט צו שרייבן אַ האַלב יאָר?

— שרייבן יאָ, אַמאָל פון צייט צו צייט, אָבער ניט דאַרפן שרייבן, זיך אָפּרוען, לייענען ביכער, זען אַ ביסל די וועלט.

אַפּריער האָט ער געפּלאַנט צו פאָרן קיין זיד־אַמעריקע, דערנאָך איז ביי אים געבליבן — רוסלאַנד. ער וועט צופאָרן אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך היינט אין רוסלאַנד, פאַרברענגען דאָרטן אַ חדשים אַכט, אַ יאָר.

וואָלט ער אפשר נאָך היינט געלעבט אין רוסלאַנד. אָבער מען האָט אים קיין וויזע ניט געגעבן.

די סאָוועטישע רעגירונג האָט איבערגעדרוקט זיינעם אַ בוך אויף רוסיש. די סאָוועטישע רעגירונג האָט אים אַריינגעלאָזט אין רוסלאַנד מיט זעקס יאָר צוריק, ווען מען איז געווען זייער שטרענג און פאַר־דעכטיק בנוגע באַזוכער.

ער האָט קיינמאָל קיין שלעכט וואָרט אויף סאָוועט־רוסלאַנד ניט געשריבן — געווען איר שטענדיקער פּאַרטיידיקער און אייביקער פריינט. אָבער קיין וויזע האָט מען אים ניט געגעבן.

— פאַרוואָס ?

— ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין „רעד־טעיפּ" פון דער סאָ־וועטישער ביוראָקראַטיע. ער האָט ניט געוואָלט אַריינפאָרן סתם אַזוי אַלס אַ ייד, וואָס הייסט זאַקס. ער האָט געוואָלט אַריין אַלס זשורנאַ־ליסט, אַלס קאָרעספּאָנדענט, האָט עס געדאַרפט גיין דורך ביוראָס. אין די ביוראָס קומען אַריין אונדזערע „יידן", אייגענע מענטשן, האָט עמעצער אַריינגעוואָרפן אַ שטיין, און ס'האָט זיך פאַרטשעפּעט.

אַ הויכער סאָוועטישער אָנגעשטעלטער אין אַמעריקע שרייבט קיין מאָסקווע: וואָס הייסט ? היתכן ? זאַקסן לאָזט איר ניט אַריין ?

ענטפערט מען אים: ס'האָט זיך עפּעס פאַרטשעפּעט, מען האָט שוין געפּסקענט, אַז ניין, קאָן מען ניט איבערבייטן. זאָל ער וואַרטן אַ האַלב יאָר און זיך ווענדן פון דאָס ניי, דעמאָלט וועט זיין אַנדערש.

— לאָכט פון זיי — פלעג איך אים זאָגן — פאָרט אַריין אַלס טוריסט און פּטור.

— ניין, — פלעגט ער ענטפערן, — דאָס פּאַסט מיר ניט, איצט אוודאי ניט. ניין, זיי מוזן מיר אַריינלאָזן, דאָרטן זיצן דאָך מיינע אייגענע תלמידים, אייגענע מענטשן...

און איך שרייב אַזויפיל וועגן דעם, ווייל איך ווייס וויפל געזונט דער מענטש האָט דערויף לעצטנס אָוועקגעלייגט, און די גרויסע פּלע־נער וואָס ער האָט אויף דעם געבויט.

ער וועט זען, ער וועט שטודירן, אויספאָרשן אַלצדינג און דאָס געהעריק אָפּשאַצן, אויסטייטשן, ער ווייסט דאָך דעם אמתן מיין — —

ער וועט — ער וועט — און ער ליגט אונטערן שוואַרצן טוך.[3]

די ידיעה פון זאַקסעס טויט, אין רעכטן מיטן פון זיין שאַפן אוןווירקן, האָט ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל געטראָפן און צעשמעטערט זיינע אומ־צייליקע תלמידים, פריינט און פאַרערער. אַ סך אָרגאַניזאַציעס און יחידים האָבן אַריינגעשיקט אין דער רעדאַקציע פון „טאָג" טרויער־רעזאָלוציעס, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג מיטוואָך, דעם 9טן סעפּ־טעמבער און אין וויטערדיקע נומערן — צווישן זיי רעזאָלוציעס פון דער „יידישער קולטור־געזעלשאַפט", פון „יידישן לערער־סעמינאַר", די זעצער פון „טאָג" און פיל אַנדערע.

מיט דער איינאָרדנונג פון דער לוויה האָט זיך פאַרנומען דער פּרץ שרייבער־פאַראיין. זי איז פאַרגעקומען מיטוואָך, 12 בייטאָג, דעם 9טן סעפּ־טעמבער, ווען ס'האָט זיך אין גאַרליקס טשאַפּל אויף גרענד סריט אויפגע־קליבן אַ גאָר גרויסער עולם פון שרייבער, אַרבעטער, סטודענטן פון לערער־סעמינאַר, לערער און לייענער פון דעם יידישן געדרוקטן וואָרט, וועמען זאַקס האָט 30 יאָר צייט געדינט. פון דעם טרויער־פאַרלאָר האָט מען דעם קערפּער געטראָגן אַריבערפירן אין גרויסן זאַל פון נאָענטן בנין פון עדיו־קעישאַנאַל עלאַיענס פאַר הספדים, אָבער די סטודענטן, זאַקסעס תלמידים, האָבן זייער לערער ניט געוואָלט לאָזן פירן, נאָר האָבן די מיטה געטראָגן, ווי מען איז זיך נוהג ביי די גרויסע רעליגיעזע פירער און צדיקים.[4]

הספדים זיינען געהאַלטן געוואָרן אין אודיטאָריום און אויפן בית־עולם — אויפן „הר־כרמל" פון אַרבעטער־רינג — פון זאַקסעס נאָענטע פריינט און חברים — ד"ר א. קאָראַלניק, אברהם רייזען, ב. צ. גאָלדבערג, ה. לייוויק, יוסף באָסקין, אַלעקסאַנדער זעלדין, וויליאַם עדלין, הלל ראָגאָף, מנחם באָריישאַ, ד"ר א. מוקדוני, פּ. גינגאָלד, ד"ר פּ. שניאורסאָן, און ד"ר י. שאַצקי. חזן פּנחס יאַסינאָווסקי האָט געמאַכט אַ הזכרה. די איינדרוקספולע לוויה האָט געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק אויף די הונדערטער אַנוועזנדיקע.

די טרויער־רעזאָלוציע פון לערער־סעמינאַר האָט זיך אויסגעלאָזן מיט די ווערטער: „מיר וועלן שטענדיק געדענקען דעם באַגייסטערטן און איבערגעגעבענעם לערער און חבר. היינט, צוזאַמען מיט זיינע פריינט און פאַרערער, באַווײנען מיר דעם פרי־איבערגעהאַקטן לעבן פון דעם לערער און שריפטשטעלער א. ש. זאַקס".

ב

די גאַנצע ניו־יאָרקער און פּראָווינצער יידישע פּרעסע האָט געהאַט אַר־טיקלען־נעקראָלאָגן וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם געלערנטן, שרייבער און

קולטור־טוער, וואָס איז אַזוי פרי, נאָך קוים 54 יאָר אַלט, אַוועק פון דער וועלט. פריש איז נאָך ביי אַלעמען געווען אין זכרון דער איינדרוקספולער אופן פון זיין יובל־פייערונג, ווען זיינע פריינט און פאַרערער האָבן לכבוד אים אַרויסגעגעבן דעם זאַמלבוך „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט". אין כמעט אַלע טרויער־אַרטיקלען גייט דורך, ווי אַ לייט־מאָטיוו, איין עיקר־דיקער געדאַנק, אַז זאַקס האָט געלעבט און איז געשטאָרבן ווי אַן אידעאַ־ליסט, אַזוי פרום און גלויביק אין זיין אידעאַל אין טאָג פון זיין טויט, ווי ער איז געווען ווען ער האָט זיך צוערשט באַקערט צו אים עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק. ער האָט זיין סאָציאַליסטישן אידעאַל קיינמאָל ניט פאַרראַטן, ער האָט אַנטקעגן זיין גלויבן קיינמאָל ניט געזינדיקט.

אויך איז באַטאָנט געוואָרן, אַז עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ פאַרטרעטער פון די שענסטע יידישע טראַדיציעס, פון די פיינסטע יידישע מדות, אַ מענטש וואָס האָט באַשיינט דאָס יידיש וואָרט און דערהויבן דעם יידישן מהות.

קיינער פון די פילצאָליקע שרייבער נאָך זאַקסעס טויט האָט אָבער אַזוי קינסטלעריש, פול און פילפאַרביק ניט געשילדערט דעם גייסטיקן פנים פון דעם פאַרשטאָרבענעם ווי דאָס האָט געטאָן ד״ר א. קאַראַלניק אין זיין אַר־טיקל: א. ש. זאַקס — פון די „חרובע וועלטן" אין „טאָג" פון מיטוואָך, דעם 9טן סעפּטעמבער. מיר דרוקן דאָ איבער זיין אַרטיקל אינגאַנצן.

## א. ש. זאַקס — פון די „חרובע וועלטן"

פון ד״ר א. קאַראַלניק

ביי זיין טיש, אין דער רעדאַקציע. ביי דעם טיש, וואו איך פלעג אים טרעפן כמעט טאָג־איין, טאָג־אויס — פאַר די לעצטע עטלעכע עטלעכע יאָר. אויפן טיש ליגן נאָך די „כלים", די אינסטרומענטן פון אַ שרייבער. ביכער, צייטונגען, פאַפּיר, וואָס וואַרט אויף דער באַפרוכפּערדיקער טינט.

אַ מערקווירדיקער געפיל. נאָענטקייט צו אים, וואָס איז מער ניטאָ — הגם דערווייטערטקייט ווען ער איז נאָך געווען. אַזוי איז דאָך דאָס לעבן. ווערט איז אויך אַ פראַגע פון דיסטאַנץ. ערשט פון דער ווייטנס געווינט מען דעם „בליק־פונקט" — די באַציאונג. ערשט ווען דיווירקלעכקייט ווערט באַגריף, אידייע, פאַרשטעלונג — ווערן אַלע היפוכים אין איר אויפגעלייזט און באַקומען אַ זין און אַ גאַנצקייט.

מיט אַ וואָך צוריק — ווען א. ש. זאַקס איז נאָך געזעסן אַט טאַקע ביי דעם טיש, אויף אַט דעם בענקל וואו איך זיץ איצט, וואָלט עס געווען פאַר מיר שווער, כמעט אוממעגלעך, צו פאָרמולירן זיין מהות.

דעמאָלט נאָך אַ שרייבער, אַ קאָלעגע, איינער פון אונדזער „כנופיא“, פון אונדזער דור. מיט אַלע אומלאָגישקייטן און צעריסנקייטן און פּאַראַדאָקסן פון אַ לעבעדיקן מענטשן, בפרט אַ מענטשן פון אונדזער צייט און אונדזער סביבה.

דעמאָלט — איינע פון די אומגעציילטע, הייסע, ליידנשאַפטלעכע דעבאַטעס, וואָס גייען אָן צווישן דער יידישער אינטעליגענץ — סאָציאַליזם און קאָמוניזם, רוסלאַנד — פּראָ־ און קאָנטראַ־יידנטום, זיין איצט און זיין מאָרגן.

אָט אַזוי אומבאַמערקט פלעגט זיך אָנהייבן דער שמועס. ווי אַ פאָדים, וואָס פאַרשפּינט זיך מיט אַנדערע. און באַלד איז געוואָרן אַ מין געפלעכט און געוועב פון ווערטער, געדאַנקען — אַ דיאַלעקטישער קאַמף. און — איז דאָס געווען אַ רוים־סיבה, איז דאָס געווען אַ סימבאָלישער אַקט — סוף־כל־סוף האָט זיך דער גאַנצער קאַמף קאָנצענטרירט אַרום דעם טיש וואו א. ש. זאַקס איז געזעסן — און העכער פון אַלע שטימען האָט זיך געלאָזט הערן זיין קול, דער הויך־סטרוביקער, מיט דער אייגנאַרטיקער זאַגאַרער — אָדער זשאַגערער — הברה.

סימבאָליש — ווייל אין זאַקסן אַליין איז שטענדיק פאָרגעקומען אָט דער צערייסנדער קאַמף פון אידייעס, וואָס זיינען אָקעגנגעזעצט.

ווייל אין אים אַליין איז געווען אַ וועלט אַ וועלט אויף אַ וועלט געטורעמט — די נייע וואָס בויט זיך אין ווייטיק און אין טומל, די איצטיקע וואָס צעפאַלט, און די אַמאָליקע וואָס איז שוין חרוב געוואָרן.

און אָט אַזוי איז די גאמא געווען, זיין גאמא: צוערשט דער פּאָזיטיווער „יאָ“ — יאָ צו דעם קומענדן, צו דעם וואָס ווערט; און צום סוף — אַ בענקשאַפט נאָך דעם וואָס איז שוין פאַרביי, אויף אייביק.

און אָפּט האָב איך ניט געוואוסט וואָס איז ביי אים שטאַרקער — דער ווילן צו דעם וואָס דאַרף זיין, אָדער די בענקשאַפט צו דעם וואָס איז געווען. וואו האָט ער זיך געפילט היימישער, זיכערער, רואיקער — אין דעם „שטאָט פון דעם נייעם מענטשן“, וואָס ער האָט מיט אַזאַ אימפּעט און ענטוזיאַזם פאַרטיידיקט, — אָדער אין דער „מלוכה פון דעם אַלטן גאָט“, וואָס ער האָט מיט אַזאַ לירישן שוואונג באַוויינט.

אָפּט געווען פאַר מיר אַ רעטעניש. ווי קאָן עס אַ מענטש, וואָס האָט זיך מיט אַלע זיינע געדאַנקען, מיט זיין גאַנצן ווילן געצויגן צו דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך געפילט אַזוי גייסטיק באָענט צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַפילו אין איר מאָסקווער פאָרם, — ווי אַזוי האָט ער געקאָנט ווערן אַזוי ליריש, אַזוי ווייך, ווען עס איז געקומען

אַ יידישער יום־טוב, ווען עס איז אַרויפגעשוואומען עפּעס אַ יידיש־רעליגיעזע פראַגע.

אַ מאַרקסיסט פון דער שטרענגסטער ליניע, אַ היסטאָרישער מאַ־טעריאַליסט, אַ דאַרוויניסט, אַ נאַטור־וויסנשאַפטלער און עקאָנאָמיסט — וואָס האָט אים אַזוי פאַרכישופט אין די בילדער פון אַמאָל, דאָס קליין שטעטל, דאָס אַלטע, אַ לעבנס־שטייגער וואָס איז טויט אָדער האַלט ביי גסיסה?

פון דער „פּאָליטישער עקאָנאָמיע", פון די ביכער און אַרטיקלען וועגן דער אַרבעטער־פראַגע, פון דעם קאַמף אַרום די אַקטועלסטע, די פּראַקטישסטע פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען אויף דער יידישער גאַס — צו די „חרובע וועלטן", פון דער קאָכעדיקער ניו־יאָרק צו דער שטילער און גראָז־פאַרוואַקסענער „זאַגער" — וואו איז די בריק? און וואו דער צוזאַמענבונד?

מען געפינט זעלטן אַזאַ אייגנאַרטיקע, אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלע פאַר־פלאָכטנקייט. וויניקער פון אַלע — ביי פּובליציסטן, ביי סאָציאָלאָגן, בפרט ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דער נאַטור־וויסנשאַפטלעכער שול. מענטשן מיט נאַטור־וויסנשאַפטלעכער בילדונג האָבן געוויינלעך אַזאַ אומגעהויערן רעספּעקט פאַר פאַקטן, פאַר „פּאָזיטיווע" דערשיי־נונגען, פאַר צאָל און רעכענונגען, אַז זיי לייקענען אַלצדינג וואָס איז ניט מאָס און צאָל, וואָס קאָן ניט געוואויגן ווערן און לאָזט ניט צו קיין עקספּערימענט. און זיי פאַרגעסן אָן דעם קלוגן וואָרט פון דעם אַלטן מייסטער לאָרד בייקאָן: „די מאַטעמאַטיק פאַרענדיקט די פיזיק, זי שטייט ניט ביי איר וויג". די מאַטעמאַטיק, די שטרענגע לאָגיק, דאָס העכסטע דענקען, איז בלויז אַ רעזולטאַט און אַ פאַרענדיקונג, ניט קיין אָנהייב און קוואַל — ניט פון דער פיזיק, און נאָך וויניקער פון דעם וויסן אַרום דעם מענטשן.

דאָרט איז געפיל, דאָרט איז שטימונג, דאָרט איז דער טאָן פון דורות וואָס קלינגט נאָך. מען מוז נאָר האָבן דעם מוט בודק צו זיין אין דער „אומלאָגישקייט". מען מוז וואַגן צו פילן.

און צווישן אַלע די וואָס איך האָב געקענט אויף דער יידישער גאַס, צווישן די ראַדיקאַלע שרייבער, צווישן די מאַרקסיסטישע — רעכטע אָדער לינקע, פּובליציסטן אָדער פּראָפּאַגאַנדיסטן — איז, דאַכט זיך מיר, א. ש. זאַקס געווען דער איינציקער, וואָס האָט געוואַגט צו זיין ניט אויסגעהאַלטן.

אַ דאַרוויניסט — וואָס הייסט דערפאַר זיין אַן אָנהענגער פון דער לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג, פון דער עוואָלוציע — אויך אין דעם סאָ־ציאַלן לעבן — ווערט ער אַ הייסער פאַרטיידיקער פון דער טעאָריע

פון רעוואָלוציע, שטעלט ער זיך אַוועק אויף דעם לינקסטן פליגל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דורך און דורך אַ דעמאָקראַט — „דער יידישער אַרבעטער איז דעמאָקראַטיש" — האָט ער תמיד געטענהט אין זיינע אַרטיקלען, אין זיין קאַמף־פּובליציסטיק אַקעגן דער „דיקטאַטור" פון די אַרבעטער־פירער — האָט ער אַנגענומען די „דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט" אין איר מאָסקווער אינטערפּרעטאַציע. און אין דער אייגענער צייט האָט ער געקאָנט שרייבן אַזעלכע ווערטער: „משה רבינו איז געווען דער גרעסטער מענטש פון דער געשיכטע — ניט נאָר ווייל ער האָט באַפרייט זיין פאָלק, נאָר ווייל ער האָט אים געגעבן די תורה".

פון איין זייט לעניך, פון דער צווייטער משה. וואָס פאַר א וואונ־דער, אַז קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען זיין געדאַנקענגאַנג, ניט די קעג־נער פון רעכטס, און נאָך ווייניקער אפשר זיינע שונאים פון לינקס, אַט די מענטשן וואָס ווייסן גאָרניט פון מענטשלעכע איבערלעבונגען, וואָס פאַרשטייען גאָרניט, אַז אַ מענטש איז ניט קיין מאַשין, ניט קיין „איינזאַמער זאַנג", נאָר אַ געזאַנג פון דורות, אַ געזאַנג וואָס ציט זיך איבער די צייטן.

אפשר אין אַן אַנדער סביבה, אונטער פאַרשיידענע באַדינגונגען, וואָלט אַזאַ מענטש ווי א. ש. זאַקס געפונען זיין וועג, אויסגעפילט זיין פּלאַץ. ער וואָלט געווען ווערן באמת אַ בריק צווישן צוויי וועלטן — דער חרוב־געוואָרענער און דער וואָס בויט זיך אויף אירע חורבות. פאַרבינדן דעם סאָציאַליזם — אין אַלע זיינע ניואַנסן — מיט דעם רעליגיעזן וועלט־געפיל, ראַטעווען פון דעם גרויסן מבול די „טויב", דאָס ווייסע, שטילע, נשמהדיקע, רעסטאַווירן און סטיליזירן דאָס פאַרגאַנגענע און באַהעפטן זיך מיט אים — דאָס איז די אַרבעט וואָס ליגט אויף דער אינטעליגענץ. דאָס איז די אויפגאַבע פון יעדן וואָס דענקט און ברפּט — ביי יידן, ביי אַ פאָלק וואָס איז דורכגעדרונגען מיט דעם טיף־מיסטישן געפיל, אַז ערגעץ־וואו צווישן חורבות זיצט משיח. ער וואָלט געקאָנט, ער וואָלט באַדאַרפט — אָבער...

איך געדענק — מיט יאָרן צוריק, אין בערלין, ווען א. ש. זאַקס האָט נאָר וואָס געענדיקט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַקאַדעמיע, געוואָרן אַן אַגראָנאָם. ער איז געקומען דעמאָלט צו מיר — האַלטן זיך אַן עצה. מען האָט אים, אַזוי האָט ער מיר דערציילט, איינגעלאַדן קיין אַמעריקע צו ווערן דער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". אָדער אפשר בלויז ווערן אַ מיטאַרבעטער פון דעם זשורנאַל — איך דערמאָן זיך שוין ניט אַזוי קלאָר. און ער האָט אַנטוויקלט אַ גאַנצן פּלאַן, אויס־געמאָלט אַ שימערירנדיק בילד: אַמעריקע, אַ נייע יידישע וועלט, צום

ערשטן מאָל אַ יידישע אַרבעטערשאַפט, אַ ברייט, רייך אַרבעט־פעלד. און ער — דער אַגראָנאָם — איז דאָך אַ מומחה אויף פעלדער, אויפרייסן זיי, מאַכן זיי פּרוכטבאַר. איך האָב געצווייפלט. איך האָב ניט גע־גלויבט. געוואָלט אים אָפּרעדן, ער זאָל בלייבן אין אייראָפּע — אויף דער אַלטער ערד. אמת, שוין באַלד אויסגעשעפּט — אָבער נאָך אַלץ גענוג פאַר דעם לעבן פון אַ דור — און כדאי. זאַקס אָבער האָט זיך ניט געלאָזט איבעררעדן. ער האָט געטראַכט פון די „חרובע וועלטן" אין זיין היים, און האָט ניט געוואָלט זיין ביי דעם אונטערגאַנג. עס האָט אים געצויגן צו דעם נייעם, צו דעם פרישן, דעם נאָך פּרימיטיוון לעבן אין אַמעריקע.

דער דאַרוויניזם האָט געהאַט די נייגיר צו זען די עוואָלוציע פון אַ געזעלשאַפט און פון אַ מענטשן־טיפּ.

און יאָרן שפּעטער — זיך געטראָפן אין דער גרויסער אכסניא — אַמעריקע. עלטער געוואָרןביידע — און אָרעמער אין אילוזיעס. ביי מיר קלענער געוואָרן די אייראָפּעאישע, ביי אים כמעט פאַר־שוואונדן און צערונען די אַמעריקאַנישע אילוזיעס.

„געראָטן אייער סאָציאַל־אַגראָנאָמישער עקספּערימענט?" — און זאַקס האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — און אין דער באַוועגונג האָב איך געזען אַ טיפן יאוש, אַ צוזאַמענברוך פון אַלע זיינע יוגנט־לעכע האָפענונגען.

און פון אַמעריקע, איבער די צעבראָכענע חלומות, איבער רישטאָ־וואַניעס פון אַ וועלט וואָס האָט קיינמאָל קיין צייט ניט צו ווערן רייף — האָט אים די כוואַליע פון בענקשאַפט צוריקגעטראָגן צו דער וועלט וואָס ער האָט לאָגיש פאַרניינט, צו אַ סביבה, וואָס ער האָט ביאָלאָגיש — פאַראורטיילט צום טויט.

געוואָלט שאַפן עפּעס אַ סינטעז — און ניט געראָטן.

בערנאַרד שאָו האָט איינמאָל אויף זיין לעבן געזאָגט אַ קלוג וואָרט: „ווען מיר וואָלטן געקאָנט לעבן מתושלחס יאָרן, וואָלט עפּעס פון אונדז געוואָרן". ווייל אַזוי ווי עס איז איצט — אײדער מיר טוען זיך אַ ריר זיינען מיר שוין פאַרטיק. אָדער, ריכטיקער, איידער מיר ווערן פאַרטיק מיט זיך, ווערט דאָס לעבן פאַרטיק מיט אונדז.

עס איז אויך פאַרטיק געוואָרן מיט א. ש. זאַקסן — גראָד אין דעם מאָמענט ווען ער האָט אָנגעהויבן אונטערציען רעזולטאַטן, ווען ער האָט זיך געגרייט צו שאַפן אַ סינטעז.

און פאַר אונדז נאָך אַ „חרובע וועלט" — אַ וועלט פון פראַגמענ־טאַרישע געדאַנקען, פון צעריסענע שטימונגען, וואָס זיינען ניט דער־

גאַנגען ביז צו זייער תיקון. פאַר אונדז די טראַגעדיע פון אַן איינ־זאַמען, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט באַהעפטן.

ווי מיר אַלע — פון דעם דור וואָס שטייט צווישן צוויי וועלטן.

ג

„זינט אונדזער ליבער חבר און לערער א. ש. זאַקס איז געשטאָרבן פילן אַ סך פון זיינע געוועזענע תלמידים, פריינט און נאָכפאָלגער, אַז עפּעס וואָלט געדאַרפט געטאָן ווערן כדי אויסצודריקן זייער אָנערקענונג צו זייער געוועזענעם לערער און פירער, וועלכער האָט אַ לעבן־לאַנג געלערנט, גע־וועקט און דערמוטיקט די יידישע מאַסן אין זייער קאַמף פאַר אַ שענערן און בעסערן לעבן".

אָט די ווערטער זיינען געשטאַנען אין אַן אויפרוף, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן סוף מאַי, 1932, אין דער פּרעסע, אין נאָמען פון אַן איניציאַטיוו־גרופּע צו באַשאַפן אַ „א. ש. זאַקס מעמאָריאַל־קאָמיטעט", מיט דער אויפ־גאַבע אויסצודריקן די געהעריקע אָנערקענונג צו א. ש. זאַקסן פאַר זיין יאָרן־לאַנגער אַרבעט. דער קאָמיטעט האָט איינגעלאַדן אַלע סימפּאַטיזירער צו אַ זיצונג וואָס זאָל פאָרקומען דעם 31טן מאַי, 1932, אין יידישן לערער־סעמינאַר. פאַר די וואָס וועלן זוכן אינפאָרמאַציע, האָט מען אָנגעוויזן דעם אַדרעס פון בנימין מאַרקוס, אַ לערער און געוועזענעם תלמיד פון לערער־סעמינאַר. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן סעקרעטער פון איניציאַטיוו־קאָמיטעט.

אינגיכן האָט דער סעקרעטער געקענט באַריכטן, אַז אינם קאָמיטעט זיינען שוין אָנגעשלאָסן 32 מיטגלידער — אָרגאַניזאַציעס, געוועזענע תלמידים פון א. ש. זאַקס, שרייבער פון דער יידישער פּרעסע און סתם פריינט זיינע.

די ערשטע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען: די יידישע קולטור־געזעלשאַפט, דער יידישער לערער־סעמינאַר, דער אַרבעטער־רינג לערער־פאַרבאַנד און דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידישן פאָלק־שולן. דער קאָמיטעט האָט פאָרמולירט אַזעלכע אויפגאַבעס: צו פאַרעפנטלעכן און פאַרשפּרייטן זאַקסעס ווערק, דורכפירן אַ יערלעכע הזכרה, שטעלן אַ פּאַסיקע מצבה אין אָנדענק פונם פאַרשטאָרבענעם. דער קאָמיטעט האָט געדאַרפט ציטוויייליק הייסן „איניציאַטיוו קאָמיטעט" פאַר א. ש. זאַקס געזעלשאַפט". די דאָזיקע געזעלשאַפט, ווען געגרינדעט זאָל פאַרבלייבן אַ פּערמאַנענטע איינ־סטיטוציע און זען דורכפירן די אויבן־באַצייכנטע אַרבעטן.

צום הערבסט פון זעלבן יאָר, 1932, איז שוין די א. ש. זאַקס־געזעלשאַפט געווען געגרינדעט. אַלס יערלעכער מיטגליד־אָפּצאָל איז באַשטימט גע־

וואָרן בלויז איין דאָלער אַ יאָר. די ערשטע אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט איז געווען צוצוגרייטן דעם הזכרה־אָוונט צום ערשטן יאָרצייט. דער אָוונט איז דורכגעפירט געוואָרן זונטיק, דעם 30טן אָקטאָבער, 1932, אין גרויסן אוידיטאָריום פון דער רעגד סקול. דער אָוונט האָט געהאַט אַן אימפּאָזאַנטע פּראָגראַם מיט אַרויסטרעטונגען פון מוזיקער און רעדנער. פּאָרזיצער איז געווען ב. צ. גאָלדבערג און גערעדט האָבן י. ענטין, פון יידישן לערער־סעמינאַר; א. רעוואוצקי, עקאָנאָמיסט און זשורנאַליסט; ל. לאָרע, געוועזענער רעדאַקטאָר פון דער דייטשישער סאָציאַליסטישער „פאָלקס־צייטונג״, און אַ. ד. פלעשלער און מ. פישער — אין נאָמען פון דער א. ש. זאַקס־געזעלשאַפט. אין מוזיקאַלישן טייל פון פּראָגראַם האָבן זיך באַטייליקט בעלאַ שומיאַטשער, פּנחס יאַסינאָווסקי און מיס מייטשיק.

צום אָוונט האָט די זאַקס־געזעלשאַפט אַרויסגעלאָזן אַ פלוגבלאַט פון 4 זייטן מיט זאַקסעס בילד און אַ קורצע ביאָגראַפיע און אַן אויפרוף מכוח דער זאַקס־געזעלשאַפט.

די אויפגאַבעס פון דער געזעלשאַפט זיינען אויסגעדריקט געוואָרן אויף אַזאַ אופן:

1) אַרויסגעבן די ניט־פאַרעפנטלעכע ווערק פון א. ש. זאַקס.

2) אָרגאַניזירן קורסן אויפן נאָמען פון א. ש. זאַקס איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, געשיכטע פון סאָציאַליזם, פון יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אד״גל.

3) צו יעדער יאָרצייט זיינעם דורכפירן אַ ספּעציעלן אָוונט לויט ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ געלעגנהייט.

זונטיק, דעם 4טן דעצעמבער, 1932, איז אויפגעדעקט געוואָרן די מצבה אויף זאַקסעס קבר. וועגן דעם אומפאַרגעסלעכן לערער און דערציער האָבן גערעדט פ. גינגאָלד און יואל ענטין, אויך יוסף באַסקין, סעקרעטער פון אַרבעטער־רינג, ד״ר לאַנדאַ, פון דער אַמאָליקער „צוקונפט״־רעדאַקציע, א״אַנד. אַ סטודענט פון סעמינאַר האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע אין נאָמען פון אַלע תלמידים. נאָך זיין רעדע האָט אַ פאַרטרעטער פון דער א. ש. זאַקס־געזעלשאַפט אַרויפגעלייגט בלומען אויפן קבר. אַלע אַנוועזנדיקע — אַן עולם פון איבער 100 מענטשן האָבן דערנאָך געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל. די מצבה, מיט אַ פיינעם באַרעליעף פון א. ש. זאַקס, האָט געמאַכט דער באַקאַנטער סקולפּטאָר צייטלין.

אין סעפטעמבער, 1933, ווען די געזעלשאַפט האָט שוין געציילט 60 מיטגלידער, האָט מען גענומען זיך גרייטן צום 2טן הזכרה־אָונט. אין דעם צירקולאַר, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די מיטגלידער, איז געשריבן געוואָרן צווישן אַנדערס:

עס איז אונדז לעצטן יאָר געלונגען דורכצופירן אַ זייער אייג־דרוקספולן הזכרה־אָונט, צו וועלכן עס זיינען געקומען איבער 500 תלמידים און תלמידות, פריינט און אָנהענגער פון אונדזער לערער און פירער, א. ש. זאַקס, צו ערן זיין אָנדענק. דאָס דאַרף פאַר אונדז זיין דער בעסטער באַוויז, אַז אונדזער אַרבעט פון דורכפירן אַזאַ אָונט איז זייער אָנגעלייגט ביי גאָר אַ גרויסער צאָל מענטשן. מיר קאָנען דעריבער דערוואַרטן, אַז אויך דאָס מאָל וועט אונדז געלינגען דורכצופירן די הזכרה אויף אַ דערפאָלגרייכן אופן.

דער צווייטער הזכרה־אָונט איז פאָרגעקומען זונטיק, דעם 5טן נאָ־וועמבער, 1933, אין רענד־סקול אוידיטאָריום. צו דער געלעגנהייט האָט אין יענעם טאָג ב. צ. גאָלדבערג זיין טעגלעכן קאָלום „אין גאַנג פון טאָג" אין „טאָג" אָפּגעגעבן דעם אָנדענק פון א. ש. זאַקס. ער האָט דאָרט געשריבן:

עס ווערט צוויי יאָר ווי א. ש. זאַקס איז אַזוי פּלוצים און אַזוי פרי אַוועקגענומען געוואָרן פון אונדז.

מיר האָבן אים ניט פאַרגעסן, און ער פעלט אונדז אויס.

איך טראַכט וועגן אים אָפט אין פאַרבינדונג מיט די גרויסע געשעענישן פון די לעצטע צוויי יאָר — די אויפלעבונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, „ניראַ", די אָנערקענונג פון סאָוועט־רוסלאַנד — און מיר דאַכט, אַז איך קען פילן דעם ענטוזיאַזם און די ענערגיע, מיט וועלכע ער וואָלט אויף די זאַכן רעאַגירט.

און איך ווייס וואָס די לעזער, וואָס די גרויסע מאַסן פּראָגרעסיווע אַרבעטער־לעזער האָבן פאַרלוירן.

איך זע נאָר איין טרייסט: דעם שיינעם נאָמען, וואָס א. ש. זאַקס האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט, די וואַרעמע באַציאונג און פריינטשאַפט אין די הערצער פון זיינע פריינט, פאַרערער און תלמידים.

וואָרים ניט געקוקט אויף די פולע געשעענישן פון די לעצטע צוויי יאָר — אַ צייט וואָס אין פּאַסירונגען זיינען זיי מער ווי צען — ניט געקוקט אויפן ווירוואַר פון די היינטיקע אומשטענדן, קומען זיך היינט צונויף עטלעכע הונדערט מענטשן אָפּצוהיטן זיין יאָרצייט.

ווייטער שטעלט זיך ב. צ. גאָלדבערג ספּעציעל אָפּ אויף א. ש. זאַקס דעם אַרבעטער־שרייבער, און מאַכט אַן אינטערעסאַנטע פּאַראַלעל צווישן זאַקסן און יצחק אייזיק הורוויצן. אָט וואָס ער זאָגט:

א. ש. זאַקס איז געווען פון די געציילטע, ווי מיר דאַכט, דער לעצטער יידישער „אַרבעטער־שרייבער" — דער שרייבער פאַרן אַר־בעטער.

מיר שרייבן אַלע פאַרן אַרבעטער אַזוי גוט ווי פאַר אַנדערע קלאַסן לעזער. די שרייבער אין דער „פרייהייט" שרייבן שוין, דאַכט זיך, בלויז פאַרן אַרבעטער, פונדעסטוועגן זיינען ניט קיין אַרבעטער־שרייבער פון דעם מין, וואָס א. ש. זאַקס איז געווען.

וואָרעם אַפילו אין דער "פרייהייט" זיינען די שרייבער צעטיילט: יודיטש שרייבט בלויז וועגן אַרבעטער־זאַכן, ווי אונדזער פינקעלשטיין, אַלס זיין ספּעציאַליטעט. די אַנדערע, אָבער שרייבן שוין בלויז סתם זשורנאַליזם, אַפילו בורזשואַז־קולטורעל־זשורנאַליזם, ווי אָלגין, משה כץ, בוכוואַלד.

טאָמער שרייבן זיי אַמאָל וועגן אַרבעטער־זאַכן, שרייבן זיי אויך ווי איך, למשל, ווי אַ זייטיקער, ניט ווי אַן אייגענער מענטש.

יצחק אייזיק הורוויץ און א. ש. זאַקס זיינען געווען ניט קיין אַר־בעטער און ניט קיין לייבאָר־עדיטאָרס, און דאָך האָבן זיי געשריבן וועגן אַרבעטער־פּראַגעס ווי אייגענע, אינעווייניקסטע מענטשן.

דער טיפּ שרייבער פעלט אונדז אויס. וואָרעם ס'איז אינטערע־סאַנטער און לייכטער צו שרייבן וועגן ליטעראַטור, טעאַטער, סאָציאַלע פּראַגעס און קאָלומס ווי צו שרייבן וועגן די ספּעציפישע פּראַגעס פון קלאָוקמאַכער, שניידער, דרעסמאַכער, פּרעסערס און קאַטערס.

מען דאַרף אָדער אַליין זיין אַן „עמך", אָדער זיין אַזוי פאַרטאָן, אַזוי פאַרליבט פערזענלעך אין „עמך", אריינצוגיין אין די האַרטע, טרוקענע, אָבער זייער וויכטיקע פאַזן פון לעבן פון „עמך".

אין יענער צייט האָבן שוין די אַקטיוועסטע טוערס פון דער זאַקס־גע־זעלשאַפט, ב. מאַרקוס, מ. פישער, א. ד. פלעשלער און אַנדערע, גענומען ערנסט טראַכטן וועגן אַרויסגעבן אַ באַנד שריפטן פון זאַקסעס ווערק, וואָס זיינען נאָך ניט געווען געדרוקט אין בוך־פאָרם. אין אָנפאַנג 1934, דעם 14טן יאַנואַר, איז פאָרגעקומען אַ מיטינג פון דער געזעלשאַפט, אויף וועלכן מ'האָט באַהאַנדלט „די מעגלעכקייטן פון ארויסגעבן אין בוך־פאָרם די אינ־טערעסאַנטסטע צייטונג־אַרטיקלען, וועלכע זיינען דערשינען אין סעריעס און האָבן איצט (1934) אַ באַזונדערע באַדייטונג אינם ליכט פון די לעצטע געזעלשאַפטלעכע פאַסירונגען" (ווי ס'ווערט געזאָגט אין אַ צירקולאַר וואָס

ב. מאַרקוס, דער סעקרעטער פון דער געזעלשאַפט, האָט צעשיקט אַלס איינ־לאַדונג צו יענעם מיטינג).

דער דריטער הזכרה־אָוונט איז פאָרגעקומען מיט אַ קליינער פאַרשפּע־טיקונג — דעם 6טן יאַנואַר, 1935, אויך אין רענד־סקול אודיטאָריום. אין די צייטונג־מעלדונגען וועגן אָט דער אונטערנעמונג איז געזאָגט געוואָרן:

א. ש. זאַקס, האָט זיך ביי זיין לעבן באַליבט געמאַכט ביי די היגע יידישע אַרבעטער־מאַסן און אינטעליגענץ דורך זיין געטרייער, אי־בערגעבענער אַרבעט, מיט וואָרט און שריפט, אויף דעם געביט פון אַרבעטער־לעבן און יידישער קולטור־טעטיקייט.

טויזנטער לעזער פון דער יידישער פּרעסע פלעגן מיט גרויס נייגעריקייט וואַרטן אויף זיינע אויסטייטשונגען און מיינונגען איבער די טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־שאַפט; אויך איבער דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג בנוגע די אַר־בעטער און איבער דער באַציאונג פון דער אויסערלעכער וועלט צו די יידישע פאָלקס־מאַסן.

ער האָט מיט זיינע אויסטייטשונגען און מיינונגען געלערנט די ליידנדע, געוואָרנט וועגן געפאַר און אָנגעוויזן דעם וועג, דורך וועלכן מען זאָל אויסמיידן אָדער אויסבעסערן דאָס, וואָס איז ניט גוט.

אַזאַ מענטש לאָזט זיך ניט פאַרגעסן. די פייערונג פון דעם אָנ־דענק פון אַזאַ פּערזאָן איז דער אויסדרוק פון דרך־ארץ און דאַנקבאַ־רער באַציאונג צו דעם לערער, שרייבער און פירער א. ש. זאַקס.

לאָמיר אַלע, זיינע געוועזענע פריינט און תלמידים, זיך פאַר־זאַמלען אין רענד־סקול, זונטיק, דעם 6טן יאַנואַר, אין אָוונט, און ערן זיין אָנדענק אויף אַ העכסט־איינדרוקספולן אופן.

עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ פּאַסיקער מוזיקאַלישער פּראָגראַם, אין וועלכן עס וועלן אָנטיילנעמען באַגאַבטע קינסטלער. פאָרזיצער פון דעם אָוונט וועט זיין דער גוט־באַקאַנטער לעקטאָר און שרייבער א. ד. פלעשלער.

ד

די א. ש. זאַקס־געזעלשאַפט האָט איבערגענומען די איבערגעבליבענע עקזעמפּלאַרן פון זאַמלבוך „שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט", וואָס דער א. ש. זאַקס יובליי־קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אין 1930, און מ'האָט די ביכער גוט פאַרשפּרייט. דאָס האָט צוגעגעבן מוט צוצוטרעטן צו דער נייער בוך־אויסגאַבע, וועגן וועלכער מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט. די צוגריי־

טונג־אַרבעט האָט זיך פאַרצויגן אויף אַ יאָר דריי־פיר און אין 1938 איז דאָס בוך דערשינען, רעדאַקטירט פון ב. צ. גאָלדבערג. עס האָט געטראָגן דעם קעפּל: „אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט" — געקליבענע כתבים וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען און רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייטן.

אין זיין פאָרוואָרט צום בוך שרייבט ב. צ. גאָלדבערג:

איך מוז דאָ זאָגן, אַז פאַר אַלע יאָרן, וואָס איך גיי אויף איסט־בראָדוויי האָב איך נאָך ניט געזען אַזאַ באַציאונג צו אַ פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער, אַזוי פיל צייט נאָך זיין טויט (זיבן יאָר), ווי די באַציאונג צו זאַקסן מצד די יונגעלייט פון דער א. ש. זאַקס־געזעלשאַפט.

זיי זיינען מענטשן אידעאַליסטן. איך ווייס ווי שווער זיי איז אָנגעקומען אַרויסצוגעבן דעם פריערדיקן בוך לכבוד זאַקסן, און מיט וויפל גרויסער מי אַט דאָס בוך איז זיי אָנגעקומען. נאָר אַ זעלטענע קאָמבינאַציע פון ליבע, געטריישאַפט און יראת־הכבוד, האָט די זאַך געקענט דערפירן צום ציל.

אַט דאָס אַליין — די באַציאונג פון זיינע תלמידים און פריינט — איז אַ מאָס פון דעם מענטשן א. ש. זאַקס און פון זיין ראָל אין אונדזער קולטור־וועלט. פון די שרייבער פון זיין דור, האָט א. ש. זאַקס זיך אויסגעצייכנט מיט אַ טיפן גלויבן אין דעם אידעאַל, צו וועלכן ער האָט געווידמעט זיין לעבן, מיט זיין קלאָרן דענקען, וואָס האָט אים געמאַכט פאַרן גרויסן מסביר, און מיט דער גרויסער מדה פון נעמען אָן אמתן אויפריכטיקן אינטערעס אין זיינע מיטמענטשן, פון דינען דעם יחיד אַזוי ווי דעם כלל... א. ש. זאַקס איז געווען בטבע אַ רבי, האָט ער איבערגעלאָזט נאָך זיך חסידים.

זיין פאָרוואָרט צום בוך פאַרענדיקט דער רעדאַקטאָר אַזוי:

פאַר אַלע פעלערן אין אויסוואַל, צי אין אויסשטעל פון די אַרטיקלען, און פון דרוק אד"גל בין איך פאַראַנטוואָרטלעך. איך האָב אַט די רעדאַקטאָר־אַרבעט איבערגענומען. אָבער דעם קרעדיט פאַר דער גוטער זייט פון דער אויסגאַבע קומט צום גרעסטן טייל אַנדערע: צו וועראַ ס. זאַקס, די אַלמנה פון גרויסן שריפטשטעלער, צו א. ד. פלעש־לער און בנימין מאַרקוס, מיט וועמעס כוחות איך האָב דערפירט די זאַך צום ענד.

דאָס בוך באַשטייט פון דריי טיילן: 1) רעוואָלוציאָנערע געשטאַלטן, 2) רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען און 3) קאָלאָניזאַציע ביי יידן, צוזאַמען 26 אַרטיקלען, דער גרעסטער און וויכטיקסטער טייל איז דער צווייטער, וואו

ס׳וועדט דערציילט די געשיכטע פון דער מאָדערנער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע און דער אָנהייב פון דער ידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג דאָ אין לאַנד. אין אַט דער אָפּטיילונג גייען אַריין צוועלף אַרטיקלען.

שבת־צו־נאַכט, דעם 3טן דעצעמבער, 1938, איז פאָרגעקומען אַ זאַקס־אָונט וואָס דער י. ל. פרץ שרייבער־פאַראיין האָט אַראַנזשירט לכבוד דער דערשיינונג פון זאַקסעס בוך „אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט״. ב. צ. גאָלדבערג איז געווען פאָרזיצער פון אָונט און צווישן די רעדנער זיינען געווען צבי׳ן, יעקב מילך און לודוויג לאָרע, וואָס איז דעמאָלט געווען פאָ־ליטישער קאָמענטאַטאָר פון דער „ניו יאָרק פאָסט״. פאַר לאַנגע יאָרן איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון דער דייטשישער סאָציאַליסטישער „ניו יאָרק פאָלקס־צייטונג״, אין וועלכער זאַקס האָט מיטגעאַרבעט אין 1921־1920 און אין 1926־1925. אויך פּערזענלעך איז ער געווען אַ גוטער פריינט פון א. ש. זאַקסן, און האָט אין זיין רעדע דערציילט וועגן די פּראָבלעמען און ענינים, וואָס האָבן זאַקסן בשעתו אַזוי ברענענדיק פאַראינטערעסירט. דער באַ־קאַנטער זינגער פון פאָלקס־לידער, סידאָר בעלאַרסקי, האָט ביים אָונט גע־זונגען ספּעציעל־צוגעגרייטע נומערן.

די פּרעסע האָט זיך גראָד אָפּגעשטעלט מער איף די אומשטענדן, אונ־טער וועלכע דער בוך איז דערשינען (די חברים און פריינט וואָס זיינען געבליבן טריי זאַקסעס אָנדענק) ווי אויפן אינהאַלט פון בוך גופא (אפשר ווייל די אַרטיקלען זיינען שוין דערשינען אין אַ טעגלעכער צייטונג פריער). ש. ניגער האָט באַזונדערס געלויבט דעם טייל, וואָס באַהאַנדלט די קאָלאָני־זאַציע ביי יידן. ער האָט ציטירט זאַקסעס מיינונג, אַז „...עס איז איינע פון די גרעסטע רכילותן, ווען מען וואַרפט די יידן פאָר, אַז זיי זיינען הענד־לער, סוחרים, מיטלמענטשן, וועלכע טוען ניט און ווילן ניט טאָן קיין ממשות־דיקע אַרבעט. יידן זיינען געוואָרן הענדלער קעגן זייער ווילן... ווייל מ׳האָט מיט געוואַלד אַוועקגענומען פון אונטער זייערע פיס דעם באָדן״.

קומט ש. ניגער צו אַזאַ אויספיר:

> אין דער איצטיקער צייט, אין אַ צייט, ווען צענדליקער און הונ־דערטער טויזנטער יידן זוכן אַ היים, אַ שטיקל ערד, וואו זיך איינצוואָ־וואָרצלען, איז עס כדאי צו געדענקען.

דערמיט ענדיקט ער זיין איבערבליק פון בוך, און אָנפאַנגען הייבט ער אָן אַזוי:

> צו אַלץ דאַרף מען האָבן מזל, אויך צו חברים און תלמידים. א. ש. זאַקס, דער געלערנטער פּובליציסט און פּאָפּולאַריזאַטאָר, וועל־כער איז געשטאָרבן מיט אַכט יאָר צוריק אין ניו־יאָרק, איז געווען

מזלדיק אינם פרט פון חברים און תלמידים. זיי האָבן אים נישט פאַרגעסן. זיי זיינען טריי געבליבן זיין אָנדענק.[5]

געוויס איז אַט די טריישאַפט, אַט די אייביקע ליבע דער שענסטער און ווירדיקסטער מאָנומענט וואָס א. ש. זאַקס האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט, אַ גייסטיקע אומצעשטערבאַרע מצבה...

צו די שלושים נאָכן קעמפער פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט, האָט זאַקסעס אַ געוועזענער תלמיד און שפּעטער אַ יידישער לערער אין אַ פּראָווינץ־שטאָט אויסגעגאָסן זיין צער און ווייטיק איבער דעם פּריצייטיקן טויט פון זיין געליבטן לערער און וועגווייזער — אין אַן אַרטיקל אין „טאָג״ פון 6טן אָקטאָבער, 1931. דער שלוס־טייל פון יענעם אַרטיקל דריקט אויס אין אַן איינפאַכער און קלאָרער פאָרם די באַציאונגען צווישן אומצייליקע יונגע יידישע פאָלקס־אינטעליגענטן צו זאַקסן, דעם לערער, חבר און קעמפער פאַר פרייהייט, און זיי, אַט די געפילן זיינען עס טאַקע יענער אייביקער דענקמאָל, וואָס זאַקס האָט מיט זיין פרייען גייסט, מיט זיין מיטפילנדיקער האַרץ און מיט זיין שטענדיק אַקטיוון זוכנדיקן מח זיך נאָך, ביים לעבן, אויפגעשטעלט. אַט דער האַרץ־אויסגוס פון אַ געטרייען תלמיד, ירחמיאל לאַזאַרסאָן, איז אויך אפשר אַ גוטער רעזומע פאַר אַ בוך וואָס באַהאַנדלט די לעבענס־געשיכטע פון איינעם וואָס זיין גאַנצע קאַריערע איז געווען — אַ לעבן פאַר אַן אידעאַל:

זעלבסטשטענדיקייט אין דענקען — זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון פאַרטייען, ניט נאָכצוטאָן דעם אָדער יענעם, גיין אַלע מאָל מיטן אייגענעם וועג — דאָס איז אייגנטלעך געווען זאַקסעס הויפּט־ליניע אין לעבן. אמת, ער האָט דערפאַר שטאַרק געליטן. מען האָט אים גערודפט פון אַלע זייטן. די „רעכטע״ האָבן אים פאַרשטויסן. די „לינקע״ האָבן אים ניט געוואָלט אָננעמען. זאַקס האָט אָבער אַלץ מקבל באהבה געווען און געבליבן טריי זיך אַליין, צו זיין אייגענעם אמת, צו זיינע פּרינציפּן און אידעאַלן.

אין מיין זכרון זיינען טיף איינגעקריצט די ווערטער וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט פאַר מיר איין וואָך פאַר זיין טויט: „איך קאָן ניט גיין אין שפּאַן און דעריבער בין איך אַלע מאָל אַליין, איינזאַם...״

יאָ, א. ש. זאַקס איז אַלע מאָל געווען איינזאַם. ביי זיין לעבן האָבן נאָר קליינע גרופּקעלעך דענקנדיקע אַרבעטער און אַ טייל פון זיינע שילער געוואוסט ווי אים אָפּצושאַצן. די גרויסע מאַסן זיינען מיט אים ניט געגאַנגען. ער איז געווען פאַר זיי אַ רעטעניש. ער שרייבט, דאַכט זיך, ווי אַ לינקער און איז דאָך קיין „לינקער״ ניט. ער פּרע־

דיקט, דאַכט זיך, סאָציאַליזם און באַלאַנגט דאָך ניט צום סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. ער רעדט מיט באַגייסטערונג וועגן יידישן פאָלק, יידישע ימים־טובים און מנהגים און איז דאָך ניט קיין מיטגליד פון אַ וועלכער עס איז נאַציאָנאַליסטישער פאַרטיי. די גרויסע מאַסן האָבן ניט געוואָלט אַריינקוקן טיפער אין דער נשמה פון א. ש. זאַקס. זיי האָבן ניט געזוכט צו פאַרשטיין דעם פשוטן אמת, אַז מען קאָן זיין אַ גוטער סאָציאַליסט און אַ גוטער ייד און דאָך ניט זיין איינשטימיק מיט אַלץ וואָס די אָפיציעלע פאַרטייען טוען און זאָגן. און פאַרטייען קאָנען ניט פאַרליידן קיין מענטשן מיט אייגענע מיינונגען...

יאָ, א. ש. זאַקס איז געווען אַ סאָציאַליסט. דער אידעאַל פון סאָציאַליזם איז ביי אים געווען הייליק, און דערפאַר האָט ער ניט געקאָנט צוזען ווי די פאַרטייען פון רעכטס און לינקס פאַרשוועכן גאַנץ אָפט זיין ספר תורה. און ס'איז ביי אים געווען רעכט צו בלייבן מחוץ למחנה איידער אויפצוגעבן עפּעס פון זיין גלויבן.

א. ש. זאַקס איז געווען אַ הייסער ייד. יידישקייט איז געווען איינגעוואָרצלט טיף ביי אים אין האַרצן. די נאַציאָנאַליסטישע פאַרטייען דינען געווען צו ענג פאַר אים. זיי האָבן אַרומגענומען נאָר איין ווינקל פון יידישקייט, און ער איז געווען אַ ייד דורך און דורך.

די מאַסן האָבן אָבער זאַקסן ניט פאַרשטאַנען. און די אָפיציעלע פירער האָבן אים ניט ליב געהאַט, ווייל ער האָט זיך ניט געלאָזט גיין אין שפּאַן. און ער האָט אַ גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט איינזאַם.

געלעבט איינזאַם און געשטאָרבן איינזאַם. ניט באַשערט איז אים געווען אַפילו צו האָבן לעבן זיך פאַרן טויט זיין נאָענטסטן פריינט, זיין פרוי (זי איז דאַן אין איראָפּע געווען). איינער אַליין האָט ער געליטן די שרעקלעכע ווייטיקן, געליטן ביז וואַנען ער איז אויסגעגאַנגען.

געשטאָרבן א. ש. זאַקס. זיין אָרט איז געבליבן ליידיק. עס וועט זיך מער ניט הערן דאָס מוטיקע וואָרט פון דעם קעמפער פאַרן אמת. ער וועט אויספעלן אומעטום, אין אַלע ווינקעלעך פון דעם יידישראַדיקאַלן לעבן. דער פאַרלוסט איז אַ גרויסער. שטאַרקער אָבער פון אַלעמען פילן זיינע שילער די אבידה. ס'איז אַוועקגענומען געוואָרן פון זיי אַ האַרציקער חבר. זיי וועלן שוין מער ניט זען זיין פריינטלעכן פּנים, ניט הערן זיינע גינציגע ווערטער.

שטיל, מיט געבראָכענע געמיטער, האָבן די שילער געטראָגן די מיטה, אין וועלכער זאַקס איז געלעגן אַ טויטער. מיט אַ ווייטיק אין האַרצן האָבן זיי באַגלייט זייער זאַקסן צו זיין אייביקער רו. מיט געבויגענע קעפּ און מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי זיך געזעגנט מיט זייער לערער און חבר א. ש. זאַקס.

און ס'דאַרפֿן דערמאָנט ווערן צום שלוס די קלוגע ווערטער פֿון י. ל. פּרץ, געזאָגט נאָך אין יאָר 1912 (ווי איבערגעגעבן אין דעם פֿאַריקן קאַפּיטל), אַז א. ש. זאַקס איז געווען אַ „ליטוואַק מיט אַ האַרץ פֿון אַ פּוילישן חסיד". און ווי אַן אמתן רבי איז אים באַשערט געווען צו האָבן באַגייסטערטע, ענטוזיאַסטישע חסידים, יונגע אידעאַליסטישע מענער און פֿרויען, וואָס האָבן דאָס לעבנס־ווערק פֿון א. ש. זאַקסן פֿאַרגעזעצט. ער האָט אינספּירירט הונדערטער יוגנטלעכע, האָט אין זיי פֿאַרפֿלאַנצט דאָס שטרעבן צום אמת, דעם חשק צו דינען דעם יושר און די גרייטוויליקייט צו אַרבעטן פֿאַר אַ שענערן, ליכטיקערן מאָרגן. דערמיט האָט דער דאָזיקער אומדערמידלעכער קולטור־בויער, דענקער און קעמפֿער זוכה געווען צו פֿאַרבלייבן אויף לאַנג, לאַנג אין דעם אָנדענק פֿון זיינע פֿילצאָליקע פֿריינט און פֿאַרערער; און דערצו נאָך וועט ער מיט דאַנק דערמאָנט ווערן פֿון אַלע די וואָס האָבן אים פֿון נאָענטן ניט געקענט, אָבער האָבן געלייענט זיינע שריפֿטן און האָבן געלערנט פֿון זיינע ווערק.

דער גרעסטער שבח, וואָס קען אויף אים געזאָגט ווערן, ווי די לייענער פֿון זיין לעבנס־געשיכטע האָבן געזען, איז, אַז שטענדיק און אומעטום האָט ער דערצויגן, מיט ווערטער און מעשׂים, יידישע פֿאָלקס־אינטעליגענטן. און דאָס איז, אוודאי, די פּאַסיקסטע פֿונקציע פֿאַר א גייסטיקן אַרבעטער און פֿרייהייט־קעמפֿער, וואָס זיין העכסטער אידעאַל איז געווען די יידישע פֿאָלקס־אויסלעבונג.

## הערות צום קאַפּיטל 16

1. א. ש. זאַקס: אין קאַמף פֿאַר אַ בעסערער וועלט, ניו־יאָרק, 1938, מיט פֿאָרוואָרט פֿון ב. צ. גאָלדבערג, ז' 2 פֿון „פֿאָרוואָרט".

2. לייבוש לעהרער: א. ש. זאַקס (אויפֿן פּרישן קבר), „צוקונפֿט", אָקטאָבער, 1931, ז' 631.

3. „דער טאָג", 8טער סעפּטעמבער, 1931.

4. אַט דעם עפּיזאָד האָט איבערגעגעבן אין אַ רעדע פּ. גינגאָלד ביי דער אָנדענק־פֿאַרזאַמלונג, געווידמעט דעם אָנדענק פֿון א. ש. זאַקס, צען יאָר נאָך זיין טויט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דעם 7טן מערץ, 1942, דורך דער א. ש. זאַקס געזעלשאַפֿט אין דעם פּרץ שרייבער־פֿאַראיין, אין „לייבאָר טעמפּל" אין ניו־יאָרק. ס'האָבן ביי דער פֿאַרזאַמלונג אויך געהאַלטן רעדעס וויליאַם עדלין, פֿון דער „טאָג"־רעדאַקציע און אַ געוועזענער תּלמיד פֿון א. ש. זאַקס, ה. רובין. אַ פּאַסיקע מוזיקאַליש־וואָקאַלישע פּראָגראַם איז דורכגעפֿירט געוואָרן ביים אָוונט, וואו ד"ר ה. פֿראַנק איז געווען פֿאָרזיצער. אַן עולם פֿון איבער 200 פּערזאָן האָט בייגעוואוינט די אָנדענק־פֿאַרזאַמלונג.

5. „דער טאָג", זונטיק, 12טן פֿעברואַר, 1939.



קאַרטון פון א. ש. זאַקס

(געצייכנט פון ש. ראַסקין פאַרן „קונדס")

# זוכצעטל

## פון פערזענלעכע נעמען

### א



### ב



### ג

## נ



## ס



## ע



## פּ



## פֿ

קויפמאַן, דר. יהודה 239, 331, 335, 336, 337, 339, 344

## פריערדיקע אויסגאַבעס

**שטודיעס אין סאָציאַלער וויסנשאַפט**

רעדאַקטירט פון ב. צ. גאָלדבערג

א. ש. זאַקס יובילײ־קאָמיטעט; ניו יאָרק, 1930

**א. ש. זאַקס: אין קאַמף פאַר א בעסערער וועלט**

א. ש. זאַקס געזעלשאַפט; ניו יאָרק, 1938



# אין אָנדענק פון א. ש. זאַקס

רויִק שלאָף, אומפאַרגעסלעכער פרײַנד מײַנס, שלאָף!
ווי פּלוצלינג שנעל ער איז אַוועק פון אָט דער טויערן־וועלט....
ער האָט פאַרהערלעכט גוטס זײַן גאַנצן לעבן
מיט דעם וואָס ער האָט מיטגענומען און אויך דאָ געלאָזט.
מיט מי און פלײַס האָט ער מענטשן געהאָלפן . . .
עס וועט אונדז אַלעמען אויך אײביק שלאָף פאַרכאַפן,
דאָך הערט נישט אויף דערווײַל דאָס האַרץ בײַ אונדז צו קלאַפּן;
און ווײטיקדיק אַזוי איז צוצוגעבן,
אַז ס'איז זײַן שמייכל מער נישטאָ מיט אונדז, ווי בײַ זײַן לעבן!

**וועראַ ס. קיסין זאַקס**

די עקזעקוטיווע פון דער „א. ש. זאַקס געזעלשאַפט" (מאַי, 1945):

י. אלמאַן
ר. בערנשטיק
דר. ס. גימבער
ש. האָפמאַן
ב. טשייסין
דר. מ. טשייסין
ב. מארקוס
ה. נאָוויק

ע. נקדימון
מרס. א. סודאַרסקי
דר. מ. סודאַרסקי
ב. סטאַדאַלסקי
ל. ראַבינס
ש. ראָזענבערג
ח. רודענקאָ
ש. שטילער

די עקזעקוטיווע דאַנקט די אונטן־באַצייכנטע פריינט, וואָס האָבן איר געהאָלפן ארויס־צוגעבן דאָס בוך:

ז. באַטווין, ל. בערקאָוויטש, פ. בערקאָוויטש, י. דיליס, דר. מ. ג. לאנדא ע"ה, ל. מאַיסעיעוו ע"ה, ש. מייקעלסאָן, ב. צ. מילער (סיראקיוז, נ. י.), פ. מינאָוויטש, דזשאָן סטארק, ח"ח טטרונסקי, סלאבאָדניק, דר. י. פאַאסען (קראָסאָן אָן האָדסאָן, נ. י.), א. פיליפס, דר. ס. פלעשלער (דזשוירזי סיטי, נ. דזש.), דר. פראָמאָן, ש. צימבאַליסט, ח"ח קאלקאָ, שאול קאספע, דר. י. ראָזען.

●

## יזכור

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן צום אייביקן אָנדענק די נעמען פון אונדזערע געטרייע און איבערגעבענע מיטגלידער **אברהם חזן**, **אסתר ראַבינער** און **שרה שערמאַן**, וואָס זיינען פריצייטיק אוועק פון דער וועלט און האָבן ליידער ניט דערלעבט צו זען דאָס בוך געדרוקט. מיר וועלן זיי שטענדיק געדענקען צום גוטן.

א. ש. זאַקס געזעלשאַפט

A. S. GESELLSCHAFT
321 Washington Street
Hoboken, New Jersey

## ווערק פון מחבר, דר. הערמאַן פראַנק

דריי יאָר ביאַליסטאָקער קאָנסום־קאָאָפּעראַציע
ביאַליסטאָק, 1918

באַוועגונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק
במשך פון די יאָרן 1909—1919
(מיטפאַרפאַסער: ס. בלאַנקשטיין)
ביאַליסטאָק, 1920

גריכישע חכמים
בערלין, 1923

יידישע טיפּאָגראַפיע און בוך־אויסאַרבעטונג קונסט
ניו יאָרק, 1938

צווישן חורבן און אויפבוי (פּאָליטישער און סאָציאַלער
וועלט־קריזיס און די יידישע לאַגע)
ניו יאָרק, 1940

א. ש. זאַקס: קעמפער פאַר פאָלקס־אויפלעבונג
ניו יאָרק, 1945

## איבערזעצונגען

פון דייטש אין ידיש:

מאַרטין בובער: דריי רעדן איבער יידנטום
בערלין, 1921

גוסטאַוו לאַנדויער: אויפרוף צום סאָציאַליזם
(מיטאיבערזעצער: ב. ראָזענטאַל)
בערלין, 1921

פון רוסיש אין ענגליש:

M. Gershenson: The Key to Faith
New York, 1925

פון דייטש אין ענגליש:

F. Schneersohn: Studies in Psycho-Expedition
New York, 1929

HERMAN FRANK, Ph. D.

# THE LIFE AND WORKS OF A. S. SACHS

(1877—1931)

CHAMPION OF JEWISH PEOPLE'S RENAISSANCE



A. S. SACHS GESELLSCHAFT
NEW YORK
1945